זשול ווערן.

# געזאַמעלטע ווערק

פינפטער באַנד.

היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני

83–85 קאַנאַל סטריט, ניו יאָרק.

## 1טעס קאפיטעל.

# דיא ענגלישע באַנק ווערט בעראויבט אויף 55 טויזענד פונט סטערלינג.

דעם 29טען סעפּטעמבער 1872 אום 2 אוהר נאכמיטאָג האט זיך אין לאָנדאָן פערברייטעט דיא נאכריכט, אז פון דער ענגלישע באַנק האט מען אין מיטען העלען טאג ארויסגעגנב׳עט א פעקעל באנק נאטען פון 55 טויזענד פונט סטערלינג.

דיעזע נאַכריכט האט אויפגערעגט דיא וועלט־שטאדט לאָנדאָן. אין אלע גאסען, אין אלע סקווערס, אין אלע עקען און אין אלע ווינקעלעך האט מען גע־רעדט פון דיעזען זאנדערבארען רויב.

דיא ענגלישע באַנק Bank of England איז דאס גרעסטע באנק געשעפט אין דער גאנצער וועלט. אין דער ענגלישער באַנק ליעגען שטענדיג טויזענדער מיליאָנען אין שטיקער גאלד, שטיקער זילבער, אלערליי ענגלישע און אויסלענ־דישע גאלדענע און זילבערנע מינצען און אלערליי סארטען פאַפּיער געלד. אין דער ענגלישער באַנק זיינען שטענדיג דא איבער צוויי טויזענד קאסירער, בוכ־האלטער, שרייבער און אנדערע בעאמטע. אין דער ענגלישער באנק געפינען זיך שטענדיג א גרויסער הויפען מענשען. טויזענדער מענשען געהן, קומען, נעהמען און גיבען געלד טעגליך אין דער ענגלישער באנק.

— וויא אזוי האט מען געקענט אוועקגנב׳נען א פעקעל באנק נאטען פון 55 טויזענד פונט סטערלינג פון דער ענגלישער באַנק? האט איינער דעם אנ־דעזין געפרעגט אין דיא גאסען. — וואו זיינען געוועזען דיא קאסירער, בוכהאלטער און שרייבער? — וואו איז געוועזען דאס פובליקום, ווען מען האט ארויסגעגנב׳עט דאס פעקעל געלד? וואו זיינען געוועזען דיא דעטעקטיווס און שפיאנען פון דער באנק און פון דער פאָליציי?

אויף אלע דיעזע פראגען האט קיינער ניט געקענט געבען קיין אנטווארט.

— עס וועט געוויס באלד זיין אן „עקסטרא“ דאריבער, וועלען מיר זעהן, וואס דארט איז געשעהן.

דאס איז געוועזען דיא איינציגע אנטווארט, וואס איינער האט געקענט געבען דעם אנדערען איבער דיעזע זאנדערבארע גנבה.

אלע האבען געווארט מיט אונגעדולד אויף דיא אבענד צייטונגען, ריכטיגער געזאגט, אויף אן „עקסטרא“, אין וועלכער זיי וועלען לעזען, וויא אזוי עס האט געקענט געשעהן אזא גנבה פון דער ענגלישער באנק.

ליידער, האבען זיך דיעזעס מאל דיא צייטונגען עפעס פערשפעטיגט און ערשט געגען 5 אוהר האט מען געהערט שרייען אין דיא גאסען:

# א רייזע אַרום דיא וועלט אין 80 טעג.

— עקסטראַ!! מען האט בערויבט דיא באנק אָף ענגלאנד!

אין א מינוט האט מען צוחאַפּט אלע צייטונגען. יעדער איז געוועזן נייגיעריג און האט געוואלט וויסען, וויא אזוי מען האט בערויבט דיא באנק אָף ענגלאנד אויף 55 טויזענד פונט סטערלינג.

דאס מאל אבער האבען דיא נייגיעריגע זיך אפּגענאַרט. אין דער עקסטרא איז געשטאנען גאַנץ קורץ, אז אום איינס אוהר איז אריינגעקומען א מאן אין דער באנק, איז צוגעקומען צום הויפּט קאסירער און האט איהם געגעבען א טשעק אויף 5 פונט סטערלינג. אין דער צייט, וואס דער קאסירער האט בעטראַכט דעם טשעק און האט אויסגעצאהלט דיא 5 פונט, האט דער מאן צוגענומען פון'ם טיש א פעקעל באנק נאטען פון 55 טויזענד פונט און איז זיך גאַנץ רוהיג אוועקגעגאנגען.

דיעזע ערקלערונג האט זעהר וועניג בעפרידיגט דאס לאנדאנער פובליקום

— מיר מוזען ווארטען אויף דיא מארגען צייטונגען, האט יעדער געזאגט דיא רעפּארטערס פון דיא אבענד צייטונגען וויסען גאר נישט. מען האט זיי ניט געוואלט דערצעהלען, וויא אזוי דיעזער רויב איז געשעהן.

אויף דער נאכט האט מען אין דיא קאַפע הייזער, רעסטאראנס, טהעאטערע און ביער סאלונען גערעדט נור פון דיעזען רויב. יעדער האט געזאגט זיין מיינונג, יעדער האט עס ערקלערט, וויא ער האט פערשטאנען, יעדער האט צוגעלעגט א שטיקעל ליגען. פון 55 טויזענד פונט איז באלד געווארען פינף הונדערט טויזענד פונט; פון איין מענשען איז באלד געווארען א גאנצע באנדע רויבער און מערדער, וועלכע זיינען אנגעפאַלען אויף דער באנק, האבען געשאָסען, געקוילעט געשטאכען און צוגענומען וויאפיעל זיי האבען געקענט.

עס האבען זיך געפונען נייגיעריגע, וועלכע האבען געווארט פאר דעם גרויסען הויז, וואו עס דרוקט זיך דיא גרעסטע צייטונג אין דער וועלט, „דהי טיימס", זיי זאלען זיא נעהמען, ווען מען וועט זיא נור ארויסשיקען און זאלען לעזען, וואס איז היינט געשעהן אין דער באנק אף ענגלאנד.

אום 2 אוהר נאך האלבע נאכט איז פערטיג געווארען דיא צייטונג. מען האט זיא צוכאַפּט.

דיא „טיימס" איז א גאַנץ ערנסטע צייטונג. זיא האט א גרויסען ווערטה ניט נור אין ענגלאנד, זאנדערן אין דער גאנצער וועלט.

אין דער „טיימס" איז געוועזן געדרוקט א לאנגער ארטיקעל איבער דען רויב פון דער באַנק אף ענגלאנד.

אין דיעזען ארטיקעל האט דיא צייטונג בעשולדיגט דיא בעאמטע פון דער באַנק, אז זיי האבען צופיעל צוטרויען צום פובליקום; זיי זיינען ניט פארזיכטיג; אין דער באַנק זיינען ניטא קיין אייזערנע גראטעס, הינטער וועלכע געלד דארף ליעגען און דיא בוכהאלטערס און שרייבערס קוקען זיך ניט אום אויפ'ן פובליקום.

דער שרייבער פון'ם ארטיקעל דערצעהלט, אז איין מאל, ווען ער אליין איז געוועזן אין דער באנק אף ענגלאנד, איז ביים הויפט קאסירער אויפ'ן טיש גע-

לעגעז א הויפּען מיט שטיקער גאלד, דארונטער איז געלעגען א שטיק גאלד פון צוואנציג אונצען. אזא גרויס שטיק גאלד האט ער נאך קיין מאל ניט געזעהן. ער איז געווארען נייגיעריג און האט עס גענומען בעטראכטען. ווען ער האט עס גענוג בעטראַכט און האט עס געוואָלט צוריקלעגען, האט עס ביי איהם צוגענומען א מאן, וואס איז געשטאנען לעבען איהם. ער האט עס אויך געוואלט בעטראכטען.

ווען דער מאן האט עס גענוג בעטראַכט, האט עס ביי איהם צוגענומען א צווייטער. דער צווייטער האט עס איבערגעגעבען אַ דריטען; דער דריטער — אַ פיערטען. דאס שטיק גאלד איז ארומגעגאנגען פון האנד צו האנד, ביז עס איז געקומען צו דער טהיר, פון דארט האט מען עס ערשט צוריקגעבראכט און אניעדערגעלעגט צוריק אויפן טיש לעבען קאסירער.

— דאס איז זעהר א שלעכטע ווירטהשאַפט, האט דיא צייטונג געשריעבען. אין דער באנק אָף ענגלאנד קומען מאַקע נור דשענטעללייט, וועלכע גנבענען ניט, זיי קענען אבער זעהר לייכט עפּעס צונעהמען.

צום שלום האט דיא צייטונג דאך פערטהיידיגט דיא בעאמטע פון דער באנק דערמיט, אז דאס מאל זיינען זיי ניט אין גאנצען שולדיג. דאס מאל איז ווירקליך געקומען א פּאָלקאָמענער דזשענטעלמען, האט געגעבען דעם קאסירער א טשעק און, איידער דעם קאסירער האט נאך צייט געהאט אויסצוצאהלען דעם טשעק, איז דער מאן פערשוואונדען.

קיינעם וואלט ניט איינגעפאלען אין קאפּ, אז אזא דזשענטעלמען, אזא עדעלמאן, זאל זיין א גנב.

מיט דיעזע ערצעהלונג איז דאס פובליקום געווען פאלשטענדיג צופריעדען. מען האט נאך גערעדט דערפון א קורצע צייט און מען האט אויפגעהערט. מען האט עס באלד פערגעסען.

אין דער פערוואלטונג פון דער באנק אבער האט מען עס ניט געקענט אזוי גיך פערגעסען. עס איז געווען א שאנדע פאר אלע בעאמטע, אז ביי זיי זאל זיך גאר טרעפען אזא פאל.

מען האט צונויפגערופען אלערליי שפּיאנען, דעטעקטיווס און אגענטען פון דער געהיים פּאָליציי, וועלכע זיינען דאמאלס געווען אין לאנדאן, און מען האט צוגעזאגט צו געבען צוויי טויזענד פונט סטערלינג און צעהן פראצענט פון דיא 55 טויזענד פונט יעדען, ווער עס וועט חאַפּען דעם פרעכען רויבער.

מען האט זיי געשיקט אין אלע גרויסע שטעדט אין דער וועלט, אין אלע גרויסע פארטען פון דער וועלט, וויא ליווערפול, גלאזגא, האוור, סועץ, ברינדיזי, ניו יארק, סאן פראנציסקא, שאַנחאַי און יאָקאָהאַמאַ. יעדען דעטעקטיוו האט מען בעשריעבען, וויא עס האט אויסגעוויעזען דער דזשענטעלמען, וואס האט צוגענומען דיא 55 טויזענד פונט.

עס וואלט געווים בעסער געווען, ווען מען זאל געווען קענען געבען יעדען דעטעקטיוו א פאטאגראפישעס בילד פון'ם רויבער. דער דזשענטעלמען אבער-

וואס האט צונעמומען דאס געלד, האט געפֿונען, אז עס איז ניט נעטהיג, ער זאל איבערלאזען זיין בילד אין דער באנק אף ענגלאנד. עס איז איז זעהר מעגליך, אז ער האט געפֿונען, אז דיא באנק אף ענגלאנד האט נאך ניט פֿערדיענט דיא עהרע, אז זיין בילד זאל דארט הענגען.

מען האט זיך געמוזט בעגניגען מיט דער בעשרייבונג פֿון דיזען דשענ־טעלמען און דיא קענצייכען (פרימעטעס), וואס דער הויפט קאסירער האט אנ־געגעבען.

אין לאנדאן, וויא אין פֿיעלע אנדערע גרויסע שטעדט, זיינען דא גרויסע געשעפֿטען, וועלכע האלטען מענשען נור פֿאר אזעלכע פֿעלע. עס געפֿינען זיך דעטעקטיווס און שפיאנען, וועלכע זיינען בעריהמט אין דער וועלט פֿאר זייער געשיקטליכקייט און פֿעהיגקייט אויסצושפירען א פֿערברעכער פֿון אונטער דער ערד.

דיא פֿערוואלטונג פֿון דער באנק האט בעשלאסען, אז מען זאל ניט קוקען אויף קיין געלד, עס מעג קאסטען, וויא פֿיעל עס איז, אום נור אויסצוגעפֿינען דעם רויבער.

— מיר מוזען ווייזען, אז דיא באנק אף ענגלאנד איז ניט אזוי לייכט צו בערויבען, האט געזאגט גאַטיע ראַלף, דער וויצע דירעקטאר פֿון דער באַנק. — איך אליין גיב צוואַנציג טויזענד פונט אויף הוצאות, צו געפֿינען דעם רויבער.

ער און דער דירעקטאר פֿון דער באנק זיינען געוועזען פֿעסט איבערצייגט, אז דער רויבער וועט זיך ניט אויסגעהן פֿון זייערע הענד. זיי וועלען איהם קריעגען. זיי מוזען איהם קריעגען! זייט דיא באנק אף ענגלאנד עקסיסטירט, האט מען זיא נאך קיין מאל ניט בעגנב׳עט.

דאס איז געשעהן אבענדס דעם 29טען סעפטעמבער. דיא דעטעקטיווס און שפיאנען פֿון דער געהיים פּאָליציי האבען ערהאלטען געלד אויף הוצאות און אינסטרוקציאנען (בעלעהרונגען) וואס זיי זאלען טהאן, און זיינען זיך צופֿאה־רען, יעדער אין דער שטאדט, וואס מען האט איהם אנגעוויעזען.

## 2טעס קאפיטעל.

## מיסטער פילעאַס פאָגג נעהמט אויף א נייעם דיענער.

אין דער שטראסע סעוויל ראו, בורלינגטאן גארדענס, נומער 7 האט דא־מאלס געוואינט א מאן מיט׳ן נאמען פֿילעאַס פֿאָגג.

פֿילעאַס פֿאָגג איז געוועזען א זאנדערבארער מענש. ער איז געוועזען א מיט־גליעד פֿון׳ם דאמאלס אין לאנדאן זעהר בעריהמטען רעפֿאָרם קלוב, א פֿעראיין, וועלכער האט געהאט צום צוועק, אז מען זאל איינפֿיהרען אין ענגלאנד בעסערע געזעצע און א בעסערע אַרט רעגיערונג.

דיא מיטגליעדער פֿון׳ם רעפֿארם קלוב זיינען געוועזען דיא גרעסטע און אנ־געזעהנסטע מענער פֿון ענגלאנד, שאטלאנד און אירלאנד. אריינצוטרעטען אין רעפֿארם קלוב איז געוועזען זעהר שווער. מען האט אויפֿגענומען נור מענשען, וועלכע זיינען בעקאנט אין דער וועלט דורך זייער רייכקייט אדער דורך זייער

מאלאנט. מען האט געמווט האבען גאנץ גוטע רעקאמענדאציאנען אום צו ווערן א מיטגליעד פון'ם רעפארם קלוב.

ווער אבער איז געוועזן פילעאַס פאָגג? פון וואנען איז ער? מיט וואס בעשעפטיגט ער זיך? — איז ער רייך? איז ער א געלערנטער?

דאס האט קיינער ניט געוואוסט.

איז ער א באנקיער? — ניין! קיינער האט איהם קיין מאל ניט געזעהן אין א באנק אדער אויף דער בירזע. איז ער א קויפמאן? — ניין! ער האט קיין געשעפט ניט און קיינער האט איהם קיין מאל ניט געהערט רעדען פון געשעפטען.

פיעללייכט האט ער שיפען אויפן מעער? — ניין! קיינער האט איהם קיין מאל ניט געזעהן אויף דיא דאָקס און קיינער האט ניט געקענט זאגען, אייר פילעאַס פאָגג האט א מאל ארויסגעשיקט א שיף אדער אויב עס איז א מאל אנגעקומען א שיף אויף פילעאַס פאָג'ס נאָמען.

איז ער א בעריהמטער אדוואקאט, אדער א פאליטיקער? — ניין! קיינער האט איהם קיין מאל ניט געזעהן ניט אין א געריכט און ניט אין א פארלאמענט.

אלזא, ווער איז פילעאַס פאָגג? — דאס האט קיינער ניט געוואוסט. פילעאַס פאָגג איז געוועזן פאר אלעמען א רעטעניש.

אבער וויא אזוי האט מען איהם אויפגענומען אין רעפארם קלוב, ווען קיינער האט איהם ניט געקענט? וועט געווים יעדער פרעגען.

זעהר איינפאַך. דאס גרעסטע באנק הויז אין דער גאנצער וועלט, בארינג בראָס, האט איהם רעקאמענדירט. אויף אזא פירמא, וויא בארינג בראָס קען מען זיך פערלאזען.

איז פילעאַס פאָגג געוועזן רייך? — געוויס! ווען בארינג בראָס רעקאמענדירט א מענשען, איז ער געוויס רייך. אויסער דעם פלעגט פילעאַס פאָגג אויסשטעלען זיינע טשעקס נור אויף דיא באנק פון בארינג בראס און דיא באנק האט זיי יעדעס מאל פינקטליך איינגעלעזט.

פילעאַס פאָגג פלעגט ניט פערשווענדען קיין געלד. עד האט געלעבט רייך, אבער זעהר עקאנאמיש, נור ווען מען האט געדאַרפט, ווען עס האט זיך ערגעץ געטראפען אן אונגליק: א פייער אין טענעמענט הייזער, אן אונגליק אין דיא קוילען גרובען, וואו ארימע ארבייטער זיינען פערשאטען געווארען, אדער זאנסט אן אונגליק ביי ארימע מענשען — דאמאלס פלעגט פילעאַס פאָגג געבען געלד מיט בוידע הענד. ווען א רייכער ענגלישער לארד פלעגט געבען אין אזא פאל 50 פונט, האט פילעאַס פאָגג געגעבען פינף הונדערט פונט. ער האט אבער פיינט געהאט, אז מען זאל ארויסשטעלען זיין נאמען, אז ער האט עס געגעבען און וויפיעל ער האט געגעבען. מייסטענס פלעגט ער הייסען פערשרייבען, אז אן אונבעקאנטער האט עס געגעבען.

אלזא, פילעאַס פאָגג איז געוועזן רייך. פון וואנען אבער האט זיך גענומען זיין רייכקייט? — דאס האט קיינער ניט געקענט זאגען אויסער איהם אליין. ער אליין אבער האט קיין מאל ניט געוואלט רעדען פון זיך. ער איז געוועזן א

בעריהמטער רעדנער. ווען מען האט גערארפט פערהאנדלען עפעס א וויכטיגע פראגע, דאמאלס פלעגט ער רעדען מיט פייער, מיט איבערצייגונג און פלעגט ארויסווייזען, אז ער איז א גרויסער געלערנטער. קוים אבער האט ער געענדיגט זיין רעדע, וועלכע האט שטענדיג געמאכט דעם בעסטען איינדרוק אויף זיינע צוהערער און האט שטענדיג געווירקט, איז ער געווארען דער שטילסטער און שוויינזאמסטער מענש אויף דער וועלט.

האט פילעאס פאגג א מאל געררייזט אויף דער וועלט? דאס האט קיינער ניט געוואוסט און קיינער האט עס ניט געקענט זאגען.

מען האט נור אזוי פיעל געוואוסט, אז איהם זיינען בעקאנט אלע ווינקעלעך איף דער ערד קוגעל. קוים האט מען אנגעהויבען צו רעדען פון א ווייט לאנד, האט פילעאס פאגג געגעבען איבער איהם דיא בעסטע און ריכטיגסטע ערקלערונג.

פלעגט מען רעדען פון א בעריהמטען רייזענדען און פרעגען, וואו קען ער יעצט זיין און פאר וואס מען האט פון איהם קיין נאכריכטען ניט, פלעגט פילעאס פאגג געבען אזעלכע זיכערע און פינקטליכע ערקלערונגען איבער דיא ווילדעסטע לענדער אין אפריקא, אזיען, אויסטראליען און אמעריקא, אז אלע פלעגען שטוינען.

איינינע האבען איהם אנפאנגס ניט געוואלט גלויבען. זיי האבען זיך אבער באלד איבערצייגט, אז וואס פילעאס פאגג האט געזאגט און ערקלערט, איז פאלקאמען ריכטיג.

איז ער געוועזען אין דיעזע לענדער, וועלכע ער האט אזוי ריכטיג און אזוי גוט בעשריעבען? — דאס האט קיינער ניט געקענט זאגען און ער אליין האט ניט געוואלט זאגען.

מען האט געוואוסט, אז ער איז א לאנגע צייט ניט געוועזען אין לאנדאן, אבער וואו ער איז געוועזען, האט קיינער ניט געוואוסט.

דיא מיטגליעדער פון'ם רעפארם קלוב האבען נור געוואוסט, אז אין דיעזע מינוט, זאגאר אין דיעזע סעקונדע, וועט פילעאס פאגג קומען אין קלוב; אין דיעזע מינוט וועט ער זיך זעצען עסען; אין דיעזע מינוט וועט ער לעזען דיא צייטונגען; אין דיעזע מינוט וועט ער זיך זעצען שפיעלען אין קארטען און אין דיעזע מינוט וועט ער געהן א היים.

פילעאס פאגג איז ווירקליך געווען א רעטעניש. ער איז געוועזען פינקטליך אין יעדער זאך ביז צו דער סעקונדע. אלעס איז ביי איהם געווען אפגעוואוגען, אפגעמאסטען און בערעכענט, וויא אין א מאשין.

ער פלעגט שפיעלען אין קארטען. ער פלעגט אבער שפיעלען נור דיא שכלדיגע שפיעלען און פלעגט זיין העכסט צופריעדען, ווען ער פלעגט דארפען מאכען עפעס אן אויפטהו, א שכל זאך. ער פלעגט ניט שפיעלען אום צו געווינען; ער פלעגט שפיעלען נור אום צו שארפען זיך דעם קאפ.

דאס שפיעלען אין קארטען איז פאר איהם געווען א קאמפף, א ספארט.

א געלעגענהייט צו טראכטען און צו ברעכען זיך דעם קאפּ. פלעגט ער פערשפּיע־לען, פלעגט ער באלד בעצאהלען מיט באארעס געלד אדער מיט א טשעק אויף באַרינג בראָס; פלעגט ער געווינען, פלעגט ער אוועקגעבען דאס געלד אן אַרי־מער פאמיליע אדער צו גונסטען פון דיא ארימע אירלענדישע פארמערס.

האט פילעאס פאָגג געהאט א פאמיליע? א פרוי? קינדער?—ניין! ער האט געלעבט גאנץ אליין און האט אליין בעוואינט א הויז, נומער 7 סעוויל ראָו, וואוהין קיינער איז ניט געקומען. ער פלעגט ניט געהן צו קיינעם און קיי־נער איז צו איהם ניט געקומען.

אין גאנצען הויז האט ער געהאט נור איין דיענער. פאר איהם איז איין דיענער געווען גענוג. ער פלעגט עסען אין קלוב. פלעגט זיך יעדען טאג זעצען ביי דעמזעלבען טיש, אויף דעמזעלבען שטוהל און פונקט צו דער זעלבער סע־קונדע עסען זיין פריהשטיק אדער זיין מיטאג.

ער פלעגט קיין מאל ניט איינלאדען קיינעם צום עסען און פלעגט זיך אפזאגען, ווען מען האט איהם איינגעלאדען.

פונקט צוועלף אוהר ביי נאכט פלעגט ער געהן א היים שלאפען. ער וואלט געקענט שלאפען אין קלוב, אזוי וויא אין קלוב זיינען געווען איינגעריכ־טעט איניגע צימער צום שלאפען און עס פלעגט זעהר אפט פארקומען, אז מיטגליעדער, וועלכע זיינען זיך פערזעסען שפּעט אין קלוב, האבען דארט גע־נעכטיגט.

פילעאס פאָגג האט קיין מאל ניט בענוצט דיעזע שלאף צימער. עס האט געמעגט דונערן און בליצען, עס האט געמעגט רעגענען און שנעען, פונקט צוועלף אוהר האט ער געמוזט געהן א היים.

זיין הויז איז געווען איינגעריכטעט מיט דער גרעסטער ארדנונג. עס איז ניט געווען שטארק רייך פערציערט, אבער אלעס איז געווען שעהן, בעקוועם און זעהר ריין. יעדע זאך האט געמוזט שטעהן אויף זיין ארט. יעדע זאך איז געשטאנען און געלעגען אין דער בעסטער ארדנונג, וואס קען נור געבען. ער איז געווען פינקטליך אין אלעם: אין עסען, טרינקען, שלאפען, לערנען, לעזען און שרייבען. יעדע זאך האט געמוזט געטהאן ווערן פונקט צו דער סעקונדע.

א גרויסע, טהייערע וואנד אוהר איז געווען פעראייניגט מיט אן עלעק־טרישען דראטה מיט דער גרויסער אסטראנאמישער אוהר אין גרינוויטש. ווען דיא אוהר אין גרינוויטש האט געשלאגען צוועלף, האט זיין אוהר אויך געמוזט שלאגען צוועלף.—זיין איינציגער דיענער האט גערארפט אכטונג געבען, אז דיא אוהר זאל געהן ריכטיג.

פילעאס פאָגג פלעגט זעהר גוט בעצאהלען זיין דיענער, ער פלעגט אבער פון איהם פארדערן, ער זאל אויך זיין פונקטליך און ריכטיג, וויא דיא וואנד אוהר.

עס איז געווען ניט אזוי לייכט צו דיענען ביי פילעאס פאָגג. ער האט גערעדט וועניג. ווען א דיענער פלעגט צו איהם אנקומען, פלעגט ער איהם

ערקלערן אין קורצע ווערטער, וואס ער האט צו טהאן, קוים האט דער דיענער געמאכט דעם קלענסטען פעהלער, האט ער איהם באלד אפגעזאגט.

היינט איז דער 2טער אקטאבער. פילעאס פאגג זיצט אין זיין עלעגאנטען ראקינג טשער פאר זיין שרייב טיש פון ראזען האלץ און ערווארטעט דעם נייען דיענער.

ערשט נעכטען האט ער אפגעזאגט זיין אלטען דיענער פאר א קליינינ־קייט. ער איז געווען געוואינט צו וואשען זיך יעדען טאג מיט וואסער, וועלכע האט געהאט 75 גראד ווארימקייט. זיין דיענער האט געדארפט ארייגשטעלען א טהערמאמעטער אין וואסער און זעהן, אויב עס האלט 75 גראד. איז עס גע־ווען קעלטער, האט ער געדארפט צוגיסען ווארים וואסער; איז עס געווען הייסער, האט ער גדארפט צוגיסען קאלט וואסער.

נעכטען האט זיין דיענער געמאכט א פעהלער. דאס וואסער האט מעהר נים געהאלטען, וויא 72 גראד. פילעאס פאגג האט איהם באלד אפגעזאגט און האט באלד אנגעשריעבען זיין אגענט, ער זאל איהם שיקען א נייעם דיענער. ביז דער נייער וועט קומען, האט דער אלטער געמוזט בלייבען.

יעצט זיצט פילעאס פאגג און ערווארטעט דעם נייעם דיענער. אלע, וואס האבען געהאט צו טהאן מיט פילעאס פאגג, האבען געוואוסט, אז מיט איהם מוז מען זיין פינקטליך ביז צו דער סעקונדע. קוים האט דיא אוהר אויסגעשלאגען האלב נאך עלף אין דער פריה, פלעגט פילעאס פאגג זיך אויפהייבען און געהן אין זיין רעפארם קלוב. קיין זאך אין דער וועלט האט איהם נים געקענט אפ־האלטען.

דיא אוהר האט יעצט אויסגעשלאגען איין פיערטעל נאך עלף.

דאס עלעקטרישע גלעקעל אין דער טהיר האט אנגעהויבען צו קלינגען. פילעאס פאגג'ס אלטער דיענער איז אריינגעקומען און האט געמעלדעט:

— דער נייער דיענער, סער!

באלד איז אריינגעקומען א יונגער מאן פון א יאהר דרייסיג און האט זיך זעהר העפליך פערנייגט.

— דוא ביסט א פראנצויז און הייסט דזשאן? האט פילעאס פאגג איהם געפרעגט און האט איהם בעטראכט פון קאפ ביז אין דיא פיס.

— איך הייס זשאן, נים דזשאן, האט דער יונגער פראנצויז געענטפערט. מען רופט מוך זשאן פאספארטו (א מענש, וואס געפינט זיך אומעדום), מיין וואהרער נאמען איז זשאן לאטארע, מען האט מיר אבער געגעבען א צונאמען פאס פאר טו, ווייל איך האב שוין איבערגעטהאן אלע ארבייטען אין דער וועלט; איך האב שוין איבערפראבירט אלע בעשעפטיגונגען אין דער וועלט. איך בין געווען א לעהרער פון טאנצען, א לעהרער פון פעכטען, א לעהרער פון רייטען; איך בין ארומגעפאהרען מיט א צירק און האב געטאנצט אויף א שטריק, איך האב גערימען אויף א פערד און געשפרונגען דורך רייפען; איך האב מיך גע־בראכען גאנץ הויך אויף א טראפעז אין צירק. ענדליך בין איך גאר געווען א

לעהרער פֿון גימנאסטיק. מיט א פאר יאהר צוריק בין איך געווען א פֿייערמאן. איך קען אייך ווייזען אין מיינע דאקומענטען, אז מען איז מיט מיר געווען זעהר צופֿריעדען, ווען איך בין געווען א פֿייערמאן. איך האב פֿיעלע מענשען גערע-טעט פֿון פֿייער.

זשאַן פּאַספּאַרטו איז געווען אן עכטער פֿראנצויז. קוים האט ער אנגע-הויבען צו רעדען, האט ער ניט געוואוסט, ווען אויפֿצוהערן. פֿילעאַס פֿאָגג איז זיך געזעסען גאנץ רוהיג און האט זיך זעהר ווענינ געקימערט, וואס זיין נייער דיענער רעדט. פּאַס פּאַר טו האט געמיינט, אז ער איז צופֿריעדען, וואס ער דער-צעהלט איהם זיין לעבענסגעשיכטע און האט ווייטער געזאגט.

— איך האב אלזא פּראבירט אלע בעשעפֿטיגונגען און איך גלויב, אז איך בין געבליעבען אן עהרליכער מאן. ענדליך איז מיר נמאס געווארען דאס ארום-פֿאהרען און וואלגערן זיך. איך האב מיך ענטשלאסען מיר צוזוכען א רוהיגע בע-שעפֿטיגונג און האב געפֿונען, אז זיין א דיענער אין א קליינער פֿאַמיליע אדער ביי איין מענשען איז פֿאר מיר א זעהר פּאַסענדע בעשעפֿטיגונג. געסטערן האט מען מיר געזאגט, אז מיסטער פֿילעאַס פֿאָגג דארף האבען א דיענער. מען האט מיר צוואר געזאגט, אז מיסטער פֿילעאַס פֿאָגג איז זעהר פּינקטליך, זעהר אקוראט און שטרענג. איך האף אבער, אז איך וועל ביי איהם קענען לעבען גאנץ שטיל און רוהיג. איך וועל מיך בעמיהען, איך זאל אויך זיין פּינקטליך און אקוראט. איך וואלט שוין געוואלט א מאל פֿערגעסען מיין צונאמען פּאַספּאַרטו. —

— דער נאמען פּאספּארטו געפֿעלט מיר, האט פֿילעאַס פֿאָגג געזאגט רוהיג. ווייסט דוא מיינע בעדינגונגען?

— יא, סער, האט פּאס פּארטו געענטפֿערט. מען האט מיר אלעס געזאגט און אלעס ערקלערט. איך ווייס, אז יעדער דיענער בעקומט פֿון אייך א בעשריע-בענעם בויגען פּאַפּיער, וואו עס איז בעשריעבען אלעס, וואס ער האט ביי אייך צו טהאן פֿון אין דער פֿריה ביז אויף דער נאכט. איך ווייס, וויפֿיעל איהר צאהלט א מאנאט און וויא פּינקטליך און אקוראַט אייער דיענער מוז זיין. איך ווייס אלעס און איך נעהם מיך אונטער אלעס צו טהאן.

— וויפֿיעל איז יעצט דיא אוהר? האט פֿילעאַס פֿאָגג געפֿרעגט.

זשאַן פּאַספּאַרטו האט ארויסגענומען פֿון דער קעשענע אן אלטע, גרויסע זילבערנע טאשענאוהר — א ציבעלע, וויא מען רופֿט זיא זעהר אָפֿט — האט זיא געעפֿענט און האט געזאגט:

— יעצט איז צוויי און צוואנציג מינוט נאך עלף.

— דיין אוהר פֿערשפּעטיגט זיך, האט פֿילעאַס פֿאָגג געזאגט.

— דאס איז אונמעגליך, סער! האט פּאַספּאַרטו אויסגערופֿען. דיעזע אוהר האב איך א ירושה פֿון מיין זיידען. זיא פֿלעגט ביי איהם געהן ריכטיג, דאן פֿלעגט זיא ביי מיין פֿאטער געהן ריכטיג און שוין פֿונפֿצעהן יאהר זייט איך האב זיא און זיא געהט ריכטיג.

— דיין אוהר געהט ניט ריכטיג אויף פֿיער מינוט, האט פֿילעאַס פֿאָגג

גענאגט. דוא וועסט זיא שטעלען נאך מיין עלעקטרישער אוהר. — אבער דאס מאכט ניט אויס.

ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל און האט געוויעזען אויף זיין עלעקטרישע אוהר.

— אלזא, פון איצט אן, ניין און צוואנציג מינוט נאך עלף מיטוואך דעם 2טען אקטאבער 1872, ביסט דוא אריינגעטרעטען צו מיר אלס דיענער.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אנגעטהאן זיין הוט, האט גענומען זיין שטעקען און איז ארויסגעגאנגען. ער האט מעהר ניט גערעדט צו זיין נייען דיענער, האט איהם מעהר קיין ווארט ניט געזאגט, גלייך וויא זיי קענען זיך גאר ניט, און איז זיך ארויסגעגאנגען לאנגזאם, רוהיג און מיט א פעסטען שריט.

אין א פאר מינוטען ארום האט זשאן פאספארטו געהערט, וויא דיא טהיר פון קארידאר האט זיך צוגעמאכט. דאס איז פילעאס פאגג, זיין נייער הערר, ארויסגעגאנגען פון דער שטוב. — באלד האט זיך ווידער געהערט, אז דיא דרויסען טהיר האט זיך צוגעמאכט. — דאס איז דער פריהעריגער דיענער זיך אוועקגעגאנגען.

זשאן פאספארטו איז געבליעבען אליין.

8טעם קאפיטעל.

## פילעאס פאגג זאגט א ווארט, וועלכעס קאסט איהם זעהר טהייער.

פון זיין היים אין סעוויל ראו איז פילעאס פאגג געגאנגען אין זיין קלוב. עס איז ביי איהם זאגאר געווען אויסגערעכענט, וויפיעל שפאן ער דארף מאכען פון זיין היים ביזן קלוב.

ער איז אריינגעקומען אין רעפארם קלוב. דיא דיענער און לאקייען פון דיעזען קלוב האבען איהם שוין גוט געקענט און האבען געוואוסט, וואו זיי דארפען איהם בעגעגענען, וואו זיי דארפען ביי איהם צונעהמען זיין הוט און זיין שטאק, וואו זיי דארפען אויפהענגען זיין הוט און וואו זיי דארפען אוועקשטעלען זיין שטאק. — אלעס האט געמוזט געטהאן ווערן פינקטליך און אקוראט, וויא א גוט אנגעשטעלטע מאשין.

ווען פילעאס פאגג איז לויז געווארען פון זיין הוט און זיין שטאק, האט ער זיך געזעצט לעבען זיין טיש און אויף זיין שטוהל. דאס איז געווען א צייכען, אז מען דארף איהם געבען פריהשטיק. דיא דיענער האבען שוין געוואוסט, וואס פאר א שפייזען ער האט ליעב און וואס פאר א ויינען ער טרינקט.

ער האט געהאט בעזונדער געשיר פאר זיך. איהם האט מען געמוזט געבען עסען אויף זיינע אייגענע טעלער און מיט זיינע אייגענע לעפעל.

זיין פריהשטיק האט געדויערט פונקט דרייסיג מינוט, ניט מעהר, ניט ווע-ניגער. ווען ער האט אפגעגעסען זיין פריהשטיק און אויסגעטרונקען א גלאז װײַן,

פיינסטען מהעע, וואס מען קען נור קריעגען אין לאנדאן, איז אריינגעגאנגען אין לעזעצימער.

דארט האט א לאקיי איהם געדראפט ברענגען ציימונגען. דיא ערשטע ציימונג, וואס פילעאס פאגג פלעגט טעגליך לעזען, איז געווען דיא „טיימס“. דריי שטונדע נאך אנאנד פלעגט פילעאס פאגג לעזען דיא „טיימס“.

דאס איז קיין וואונדער. דיא „טיימס“ איז זעהר א גרויסע ציימונג און פילעאס פאגג פלעגט זיא דורכלעזען פון אנפאנג ביז צו ענדע.

ווען ער פלעגט ענדיגען דיא „טיימס“, פונקט אין דריי שטונדען ארום פלעגט צוקומען א לאקיי און איהם דערלאנגען דעם „מארנינג קראניקל“, אנאנדערע ציימונג, וועלכע פילעאס פאגג פלעגט לעזען. דיעזע ציימונג פלעגט ער דורכלעזען אין האלבע שטונדע. דאן פלעגט מען איהם דערלאנגען דעם „סטענדארד“, א דריטע ציימונג.

ער פלעגט לעזען נור דיעזע דריי ציימונגען, קיין אנדערע פלעגט ער נים נעהמען אין דער האנד.

אום זעקס אוהר פלעגט ער עסען מיטאג, אימער ביים זעלבען טיש, אויפ'ן זעלבען שטוהל און אין דעמזעלבען צימער. דיא דיענער פון'ם קלוב האבען איהם שוין אזוי גוט געקענט, אז ווען עס פלעגט קומען דיא צייט פון זיין מיטאג, פלעגען זיי שוין קיינעם נים לאזען זיך זעצען לעבען זיין טיש, גלייך וויא ער וואלט איהם אפגעקויפט.

דער מיטאג פלעגט ביי איהם דויערן א שטונדע. נאכ'ן מיטאג פלעגט ער אריינגעהן אין דעם גרויסען זאל פון'ם קלוב. דארט פלעגען שוין געוועהנליך זיין פערזאמעלט דיא אנדערע מיטגליעדער פון'ם קלוב און מען פלעגט זיך זעצען שפיעלען אין קארטען.

דיא מיטגליעדער פון'ם קלוב, מיט וועלכע פילעאס פאגג פלעגט געוועהנליך שפיעלען אין קארטען, פלעגען זיין: אנדריו סטיוארט, א רייכער ארכיטעקטאר און אינזשעניר; דשאן סולליוואן און סעמועל פאלענטין, צוויי רייכע באנקירען; טהאמאס פלאנאגאן, א ביער ברויער און גאטיע ראלף, דער צווייטע דירעקטאר אדער צווייטער דירעקטאר פון דער באנק אף ענגלאנד.

עס איז געווארען שפעט. א געדיכטער נעבעל, וויא א רויך, האט בעדעקט דיא הויפט שטאדט פון ענגלאנד. דיא דיענער אין רעפארם קלוב האבען זיך געאיילט אנצוצינדען דיא עלעקטרישע לאמפען און לעמפעלעך. איינער נאכ'ן אנדערן זיינען זיך צונויפגעקומען דיא מיטגליעדער פון'ם קלוב. אייניגע האבען זיך גענומען לעזען ציימונגען, אנדערע זיינען געגאנגען אין דיא עס-צימער און האבען זיך געזעצט עסען; ווידער אנדערע האבען זיך געזעצט רעדען איבער פאליטיק און אנדערע זאכען.

אום זעקס אוהר זיינען אריינגעקומען אין גרויסען שפיעל זאל אנדריו סטיוארט, דשאן סולליוואן, סעמיועל פאלענטין און גאטיע ראלף. זיי האבען זיך באלד געזעצט לעבען א קארטען טישעל און האבען געהייסען זיך געבען קארטען.

פילעאַס פאָגג האט שוין געענדיגט לעזען זיינע ציימונגען און איז געזעסען פרלעגט דיא הענד אויף דער ברוסט. ער האט געווארט אויף זיינע קאמעראדען.

— לאמיר שפיעלען א פארטי וויסט, האט אנדריו סטיוארט געזאגט צו פילעאַס פאָגג.

פילעאַס פאָגג האט ניט געענטפערט. ער האט גענומען דיא טאליע קאר-טען און האט זיא אנגעהויבען צו מישען. דאן האט ער אויסגעווארפען צו איינ-ציגע קארטען פאר יעדען.

— איהר דילט (איהר גיט קארטען), ראלף, האט ער געזאגט צום וויצע דירעקטאר פון דער באנק אף ענגלאנד.

גאָטיע ראַלף האט אויסגעטהיילט דיא קארטען און מען האט אנגעהויבען צו שפיעלען. זיי זיינען אלע געווען זעהר רייכע מענשען און האבען אלע גע-שפיעלט נור צום צייט פערטרייב. קיין געלד אויפ'ן טיש האט מען ניט געזעהן. ביי אזעלכע רייכע מענשען שפיעלט דאס געלד קיין ראלע ניט.

זיי האבען אוועקגעשפיעלט איינינע צייט שטילערהייט. פלוצלונג האט זיך טהאמאס פלאַנאַגאַן געווענדעט צום וויצע דירעקטאר פון דער באנק אף ענגלאנד און האט איהם געפרעגט:

— נו, ראַלף? וואס הערט זיך עפעס מיט דער גניבה אין דער באַנק אַף ענגלאנד?

— דיא באנק אף ענגלאנד וועט נעבעך פערליערן 55 טויזענד פונט סטער-לינג, האט אנדריו סטיוארט געענטפערט מיט א געלעכטער.

— ווער זאגט עס, אז דיא באנק וועט פערליערן? האט דער וויצע דירעק-טאר פון דער באנק אף ענגלאנד געפרעגט. איך בין זיכער, אז מיר וועלען חאַ-פען דעם רויבער. מיר וועלען איהם אויסגראבען פון אונטער דער ערד. מיר האבען ארויסגעשיקט דיא בעסטע דעטעקטיווס אין אלע פאָרטען און אין אלע גרויסע שטעדט. זיי וועלען איהם שוין אויסזוכען!

— איהר האט דאך אבער קיין בילד פון'ם רויבער? האט אנדריו סטיואַרט געפרעגט. — איהר קענט דאך איהם זאגאר ניט אויסמאלען, ווייל איהר קענט ניט זיינע קענצייכען (פרימעטעס)?

— מיינע הערען, האט גאָטיע ראַלף געזאגט, אין ערשטע ליניע מוז איך אייך זאגען, אז דער מאן, וואס האט צוגענומען דאס געלד פון דער באַנק, איז קיין רויבער —

— וואס רעדט איהר? האט דשאן סולליוואן געלאכט. דער מאן, וואס האט צוגענומען 55 טויזענד פונט סטערלינג פון דער באנק אף ענגלאנד, איז ניט קיין רויבער? —

— ניין! האט ראַלף געענטפערט ערנסט.

— וואס דען איז ער, א פאַבריקאנט? האט דשאן סולליוואן ווייטער געלאַכט

— ער איז א דזשענטעלמען, אזוי שרייבט דיא „טיימס", האט פיליאַס פאָגג זיך אפגערופען.

— ער מעג זיין, וואס ער איז, האט אנדריו סטיוארט געזאגט, דאס געלד איז פערפאלען.

— דאס געלד איז ניט פערפאלען! האט געקלאפט מיט דיא הענד אויפ'ן טיש גאטיע ראלף. עס איז ניטא איין לאנד אויף דער גאנצער וועלט, וואו ער זאל זיך קענען אויסבעהאלטען פון אונזערע דעטעקטיווס.

— עס דאכט זיך אייך, האט טהאמאס פלאנאגאן געענטפערט.

— וואס מיינט איהר דען, וואוהין קען ער אנטלויפען מיט'ן געלד? האט ראלף געפרעגט.

— דאס קען איך אייך ניט זאגען, האט טהאמאס פלאנאגאן געענטפערט. איך ווייס ניט, וואוהין ער קען אנטלויפען. דיא וועלט איז גענוג גרויס—

— א מאל איז דיא וועלט געווען גרויס, האט פילעאס פאגג בעמערקט און האט זיך געווענדעט צו דשאן סולליוואן:

— איך האב דעם קעניג פיק און שלאג אייער דאמע.

דשאן סולליוואן האט א קוק געטהאן אין זיינע קארטען. ער האט געוואלט זעהן, וויא אזוי ער זאל ווייטער שפיעלען. דער ארכיטעקטאר אנדריו סטיוארט אבער האט אניעדערגעלעגט זיינע קארטען אויפ'ן טיש און האט געפרעגט פי-לעאס פאגג.

— וואס הייסט, א מאל איז דיא וועלט געווען גרויס? — נו, און היינט איז זיא קלענער געווארען?

— געוויס איז דיא וועלט קלענער געווארען, האט גאטיע ראלף געענט-פערט. איך בין פאלקאמען איינפערשטאנדען מיט הערר'ן פילעאס פאגג, אז א מאל איז דיא וועלט געווען זעהר גרויס, היינט אבער ניט. ריכטיג געזאגט, א מאל האבען מיר ניט געהאט דיא מיטעל. וויא צו פאהרען שנעל און זיכער פון איין ארט צום אנדערן. מען פלעגט פאהרען וואכען לאנג פון לאנדאן קיין עדינ-בורג, היינט פאהרען מיר איין דיזען שטרעקע אין אייניגע שטונדען. א מאל פלעגט א רייזע ארום דער וועלט געדויערן יאהרען לאנג, היינט קען מען זיא מאכען אין אייניגע מאנאטע.

דערפאר זאג איך, אז מיר וועלען געוויס קריגען דעם מאן, וואס האט צוגענומען דאס געלד. אונזערע שפיאנען קענען איהם זעהר לייכט נאכיאגען —

— דער רויבער קען דאך אבער אויך זעהר לייכט אנטלויפען, האט פילעאס פאגג בעמערקט.

— ענטפערט אויף מיין טויז דיימאנד, האט ער ווייטער געזאגט צו אנדריו סטיוארט.

אנדריו סטיוארט האט אויסגעשפיעלט דיא קארטען, וואס ער האט גע-האלטען אין דער האנד. ער האט פיינט געהאט איבערצורייסען זיין שפיעל. ווען ער האט געענדיגט שפיעלען, האט ער זיך געווענדעט צו גאטיע ראלף:

— איך פערשטעה אייך ניט. איהר זאגט, אז היינט קען מען ארומפאה-

רען דיא גאנצע וועלט אין איינינע מאנאטע. אין וויפיעל מאנאטע קען מען עס היינט ארומפאהרען דיא גאנצע וועלט?

אין דריי מאנאטען קען מען מאכען א רייזע ארום דיא וועלט, האט דער וויצע דירעקטאר פון דער באנק אף ענגלאנד געענטפערט.

— אין אכציג טעג, האט פילעאס פאַגג זיך אפגערופען.

— פילעאס פאַגג האט רעכט, האט דשאן סולליוואן געזאגט. אט האט איהר א רעכנונג פון דעם „מארנינג קראניקל“:

פון לאנדאן איבער פאריז און ברינדיזי, אין איטאַליען, קיין סועץ קען מען פאהרען אין.......................... 7 טאג.
פון סועץ ביז באמביי אין אינדיען געהט דער סטימער ........ 13 טאג.
פון באמביי קיין קאלקוטא פער אייזענבאהן ................ 3 טאג.
פון קאלקוטא קיין האנג קאָנג אין כינא מיט'ן סטימער....... 13 טאג.
פון האַנג קאָנג קיין יאָקאָהאַמאַ אין יאפאן מיט'ן סטימער .. 6 טאג.
פון יאָקאָהאַמאַ קיין סאן פראנציסקא מיט'ן סטימער ........ 22 טאג.
פון סאן פראנציסקא קיין ניו יארק מיט'ן אייזענבאהן ........ 7 טאג.
פון ניו יארק קיין לאנדאן מיט'ן סטימער און מיט'ן אייזענבאהן אין ענגלאנד.................................. 9 טאג.
צוזאמען....... 80 טאג.

— אויפ'ן פאַפיער איז עס זעהר שעהן אויסגערעכענט! האט אנדריו סטיו-ארט אויסגערופען מיט א געלעכטער. פראבירט נור פאהרען, וועט איהר שוין זעהן, וויא שנעל מען פאהרט. דער גרויסער קאפ, וואס האט געמאכט דיא רעכ-נונג, האט גאר פערגעסען, אז אויפ'ן מעער קען זיין א שטורם ווינד, אויף דער אייזענבאהן קען זיך טרעפען, אז דער וועג איז פערשאטען מיט שנעע, איך וויל שוין ניט רעדען דערפון, אז אן אייזענבאהן צוג קען א מאל אראפקריכען פון דיא רעלסען, עס קען פלאצען א רייף, א שרויבע זאל זיך צוברעכען און נאך אנדערע שטערונגען.

— נאך דיא אלע שטערונגען קען מען מאכען א רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג, האט פילעאס פאַגג געזאגט גאנץ רוהיג און האט ווייטער אויס-געטהיילט קארטען.

— און וואס וועט איהר טהאן, ווען דיא ווילדע וועלען אויפרייסען דיא רעלסען, אדער זיי וועלען אנפאלען אויפ'ן צוג און וועלען בערויבען דיא פאסא-זשירען, וועט איהר דאמאלס אויך קענען מאכען א רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג? —

— עס מעג זיין, וואס עס וויל זיך, האט פילעאס פאַגג געענטפערט, היינט איז זעהר לייכט צו מאכען אזא רייזע אין אכציג טאג. — שיפע (פיק) איז טרומפף (קאזיר), דיא טויז דארף געהן.

— אויפ'ן פאַפיער, הערר פילעאס פאַגג, האט דער הארטנעקיגער סטיו-

ארט געזאגט. איך פאפיער קענט איהר אלעס אויספיהרען, ווען עס זאל אבער קומען צום פאהרען, וואלט איהר שוין אנדערש געזאגט.

— ווען עס זאל קומען צום פאהרען, וואלט איך געפאהרען, האט פילעאס פאגג געענטפערט.

— איך וואלט א בעלן געווען עס צו זעהן, הערר פילעאס פאגג.

— איהר קענט עס זעהר לייכט זעהן. ווילט איהר, לאמיר ביידע פאהרען.

— גאט זאל מיך אפהיטען! האט סטיוארט אויסגערופען און האט געמאכט מיט דיא הענד, גלייך וויא ער האט געוואלט אוועקטרייבען פון זיך זאגאר דעם געדאנק פון אזא רייזע. — איך וויל בעסער בלייבען אין לאנדאן און בויען פא־לאצען. איך וויל מיך ניט לאזען אין אזא ריזיקירטע רייזע. איך וואלט געוועט פינף טויזענד פונט סטערלינג, אז מאכען א רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג איז אונמעגליך.

— עס איז זעהר מעגליך, האט פילעאס פאגג געענטפערט.

— אלזא, פראבירט עס מאכען.

— איך וועל פראבירען און וועל עס מאכען.

— ווען?

— זאגאר שוין, האט פילעאס פאגג געזאגט. — איך מוז אייך אבער זאגען, אז איך וועל מאכען דיעזע רייזע אויף אייערע קאסטען.

— הערט אויף צו רעדען נאררישקייטען? האט דשאן סולליוואן אויסגע־רופען. לאמיר בעסער שפיעלען. וואס האט איהר זיך פלוצלונג צורעדט פון א רייזע ארום דיא וועלט? איהר שטערט אונזער שפיעל. — ווער גיט קארטען?

— פילעאס פאגג דארף געבען קארטען.

פילעאס פאגג האט גענומען דיא טאליע קארטען, האט זיי גוט אויסגע־מישט און האט אויסגעטהיילט דיא קארטען. אנדריו סטיוארט אבער האט שוין ניט געקענט איינזיצען. דאס איז געווען א פערברענטער ספארטסמאן און וועטען זיך איז געווען זיין לעבען.

ער האט גענומען דיא קארטען אין דער האנד, האט אבער אויף זיי ניט געקוקט. ער האט זאגאר ניט געוואוסט, וועלכע קארט איז טרומפף.

— הערר פילעאס פאגג, האט ער געזאגט און האט אניעדערגעלעגט דיא קארטען אויפ'ן טיש. איך נעהם מיין ווארט ניט צוריק. איך האב געזאגט, אז איך וועט פינף טויזענד פונט סטערלינג. איך האלט עס!

— ליעבער סטיוארט, האט סעמיועל פאלענטין אנגעהויבען צו בעטען, בערוהיגט אייך! עס איז געווען נור א שפאס. קיינער האט עס ניט געמיינט ערנסט.

— ניין! ווען איך זאג: איי בעט! (איך וועט!) איז עס ערנסט. איך שפאס קיין מאל ניט, ווען איך וועט מיך.

— איך האלט דיא וועט, האט פילעאס פאגג געענטפערט. איך האב פופ־ציג טויזענד פונט סטערלינג ביי באַרינג בראס און איך וויל זיי איינשטעלען —

— וואס רעדט איהר, הערר פאגג? האט דשאן סולליוואן אויסגערופען.

איהר ווילט ריסקירען מיט פֿופֿציג טויזענד פֿונט? פֿערגעסט ניט, אז עס קען זיך מאכען א סיבה, אן אונפֿאראויסגעזעהנער צופֿאַל —

— איך וויים ניט פֿון קיין סיבה און קען ניט קיין אונפֿאראויסגעזעהענעם צופֿאַל, האט פֿילעאַס פֿאָגג געענטפֿערט גאַנץ רוהיג.

— איבערלעגט אייך, הערר פֿאָגג, האט דער פֿארזיכטיגער גאָטיע ראַלף געבעטען. ווען דער „מארנינג קראניקל" האט אויסגערעכענט, אז מען קען מאַכען א רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג, האט ער געמיינט, אז עס איז מעגליך, ווען מען זאל זיך גוט פֿארבערייטען און פֿאראויס בעשטעלען דיא שיפֿען און בעזארגען אייזענבאהן בילעטען. דאן איז עס אויך נור מעגליך, אבער ניט זיכער.

— ווען עס איז נור מעגליך, איז עס שוין זיכער, האט פֿילעאַס פֿאָגג גע-ענטפֿערט.

— בערעכענט אבער, אז קוים וועט איהר וועלען געווינען אייער וועטע, וועט איהר מוזען פונקט, צו דער סעקונדע, שפּרינגען פֿון שיף אויפֿ'ן אייזענבאהן און פֿון דער אייזענבאהן אויפֿ'ן שיף.

— וועל איך שפּרינגען.

— דאס איז א שפּאַס! האט גאָטיע ראַלף אויסגערופֿען.

— אן עכטער ענגלענדער שפּאסט קיין מאל ניט, ווען ער וועט זיך, האט פֿילעאַס פֿאָגג געזאגט גאנץ רוהיג. — איך וועט פֿופֿציג טויזענד פֿונט סטערלינג געגען יעדען, ווער עס זאגט, אז מען קען ניט מאכען א רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג, אדער אין טויזענד ניין הונדערט און צוואנציג שטונדען, אדער אין הונ-דערט פֿונפֿצעהן טויזענד און צוויי הונדערט מינוט. — נעהמט איהר אן מיין וועט?

סטיואַרט, פֿאלענטין, סולליוואן, פֿלאנאגאן און ראַלף זיינען אוועקגעגאַנ-גען אין א זייט, האבען זיך בעראַטהען איניגע מינוט, זיינען דאן צוגעקומען צום קארטען טיש און האבען געזאגט:

— מיר נעהמען אן דיא וועטע.

— גוט! האט געזאגט פֿילעאַס פֿאָגג. דער צוג נאך דאָוור, קיין פֿראַנק-רייך, געהט אפּ פונקט אכט אוהר און פֿינף און פֿערציג מינוט. איך פֿאהר מיט דיעזען צוג.

— שוין היינט ביי נאכט?

— שוין היינט ביי נאכט, האט געענטפֿערט פֿילעאַס פֿאָגג.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען פֿון דער קעשענע א קליינעם קאלענדער, האט געקוקט אין איהם עטליכע מינוט און האט דאן געזאגט, גלייך וויא ער וואלט געלעזען א פּראָטאָקאָל.

— היינט איז מיטוואך, דער צווייטער אקטאבער, איך דארף זיין צוריק אין לאנדאן אין רעפֿארם קלוב זאמסטאג דעם 21טען דעצעמבער פֿינף און פֿער-ציג מינוט נאך אכט אוהר אבענדס. וועל איך ניט קומען צו דער מינוט, געהערן צו אייך מיינע פֿופֿציג טויזענד פֿונט סטערלינג, וועלכע איך האב אין באנק היינ

פון באהרינג בראס. אט האט איהר א טשעק אויף דיעזע סומע. וועל איך אבער קומען פונקט צו דער מינוט, דארף יעדער פון אייך מיר געבען צעהן טויזענד פונט, אדער צוזאמען פופציג טויזענד פונט.

— אנגענומען! האבען אלע פינף אויסגערופען.

מען האט זיך באלד געהייסען געבען טינט און פעדער און מען האט אנ־געשריעבען א מעמאראנדום (א זכרון דברים) איבער אלע בעדינגונגען פון דער וועטע. פילעאס פאגג האט אנגעשריעבען א טשעק אויף זיינע פופציג טויזענד פונט. יעדער פון זיינע קאמעראדען האט אנגעשריעבען א טשעק אויף צעהן טויזענד פונט.

דאס מעמאראנדום און דיא טשעקס האט מען איינגעלעגט ביים קאסירער פון'ם קלוב.

פילעאס פאגג איז געבליעבען רוהיג און קאלטבלוטיג, גלייך וויא עס וואלט גאר ניט געשעהן. זיינע פארטנער דאגעגען זיינען געוועזען אונרוהיג און אויפגע־רעגט. עס האט זיי ניט געהארט דאס געלד; זיי זיינען געוועזען גענוג רייך, אז צעהן טויזענד פונט האט ביי יעדען פון זיי קיין ראלע ניט געשפיעלט. עס איז זיי געוועזען אונאנגענעהם צוצונעהמען ביי פילעאס פאגג, א בעקאנטען און א מיט־גליעד פון זייער קלוב, זיין גאנצעס פערמעגען.

זיי זיינען געוועזען זיכער, אז פילעאס פאגג וועט פערשפיעלען דיא וועטע. דאס האט זיי פערדראסען.

דיא וואנד אוהר האט אויסגעשלאגען זיעבען אוהר. פילעאס פאגג האט אויסגעווארפען דיא קארטען און האט געזאגט רוהיג:

— קרייץ איז טרומפף (קאזיר).

— ווען איהר ווילט נאך היינט פאהרען, האט גאטיע ראלף בעמערקט, מוזען מיר אויפהערען צו שפיעלען. איהר מוזט דאך געהן א היים זיך פארבערייטען צו דער רייזע.

— איך בין שטענדיג פארבערייטעט, האט פילעאס פאגג געענטפערט רו־היג. — שפיעלט וויטער!

זיי האבען וויטער געשפיעלט, ביז זיי האבען געענדיגט דאס שפיעל.

פונקט פינף און דרייסיג מינוט נאך זיעבען האט זיך פילעאס פאגג אויפ־געהויבען פון'ם קארטען טישעל. ער האט געוואונען צוואנציג פונט, וועלכע זיינע קאמעראדען האבען איהם באלד בעצאהלט. דאן האט ער גענומען זיין הוט און זיין שטאק און האט געזאגט:

— דשענטעלמען! איך האף, אז איהר וועט קומען אויפ'ן וואקזאל נעהמען אבשיעד פון מיר.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען.

---

4טעס קאפיטעל.

## פאספארטו ווערט אזוי איבערראשט, אז ער עפענט מויל און אויערן.

מיר האבען געזעהן, וויא פילעאס פאגג איז ארויסגעגאנגען פון דער היים און האט איבערגעלאזען זיין נייען דיענער פאספארטו גאנץ אליין.

איינינע מינוטען איז פאספארטו געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. דער לוסטיגער פראנצויז האט אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, וויא אזוי קען עס א מענש לעבען אזוי פינקטליך, וויא א מאשין. ער האט זיך אומגעקוקט און האט דערזעהן אויפ'ן טיש א בעשריעבענעם בויגען פאפיער. אלס נייגיערי־גער פראנצויז האט ער געוואלט זעהן, וואס עס שטעהט אין דיעזעם פאפיער. ער האט עס גענומען לעזען. דיא ערשטע ציילע האט זיך אנגעהויבען:

פאר מיין דיענער.

דאן איז געגאנגען א גענויע בעשרייבונג, וואס דער דיענער האט צו טהאן, ווען ער דארף ערוואַרטען זיין הערר, וואס ער דארף איהם דערלאנגען, ווען ער קומט א היים; און וואס פאר אן ארדנונג ער דארף האלטען דאס הויז, ווען ער דארף עס רייניגען און וויא אזוי ער דארף עס רייניגען און נאך אזעלכע זאכען, וועלכע דער דיענער דארף טהאן פונקט צו דער סעקונדע; ווען ער טהוט עס ניט, קען ער ניט זיין קיין דיענער ביי פילעאס פאגג.

ווען פאספארטו האט איבערגעלעזען אלעס, וואס ער האט צו טהאן, האט ער אויסגערופען:

— אויף מיין ווארט! דיא וואקס פיגורען אין מוזעאום, וואו איך בין גע־ווען, זיינען אויך אזוי פינקטליך, וויא מיין נייער הערר. אבער וואס הארט דאס מיך? — וויא איך זעה, וועל איך האבען ביי איהם זעהר ווענים ארבייט. איך קען א גאנצען טאג ארומשפּאַציערן אין דיא גאסען פון לאנדאן און טהאן, וואס איך וויל. איך דארף נור זיין אין דער היים אין דער פריה ביז עלף אוהר און אבענדס אום צוועלף אוהר. עס איז אלץ בעסער, וויא צו זיין א קלאָון (פּאַ־יאַץ) אין א צירק.

ער האט זיך אנגעהויבען אומצוקוקען אין הויז. אלעס איז געווען אין דער בעסטער ארדנונג. אין אלע צימערן זיינען געווען עלעקטרישע גלעקלעך, טע־לעפאנען, רעהרען און אלערליי נייעסטע און בעסטע איינארדנונגען און ערפינ־דונגען. ער האט באלד אויסגעפונען דאס צימער, וועלכעס איז געווען בעשטימט פאר איהם. דאס איז געווען ניט קיין גרויס צימער, אבער זעהר ריין און זעהר שעהן איינגעריכטעט.

אין דער מיט צימער איז געשטאנען א גרויס בעט מיט א ווייכען מאטראץ. אויפ'ן מאטראץ זיינען געלעגען קישענס מיט שנעע ווייסע ציכען. לעבען בעט איז געשטאנען א טיש, איבער וועלכען עס איז געהאנגען א גאז רעהריל. וויא עס ווייזט אוים, האט פילעאס פאגג געוואלט פערזארגען זיין דיענער מיט ליכט,

אין פאל ער וועט וועלען לעזען אדער שרייבען ביי נאכט. א וואש טיש, א קאָמאָד און אייניגע שטוהלען זיינען אויך געשטאנען אין צימער אין א גוטער אָרדנונג.

— איך וואלט דאָ געקענט וואוינען מיט א פרוי און מיט א פאר קינדערלעך, האט פאספארטו געזאגט צו זיך אליין. דאָס צימער איז זעהר שעהן און זעהר בעקוועם. — פילעאס פאגג איז א גוטער הערר ! איך בלייב ביי פילעאס פאגג ! —

מיט דיעזע ווערטער האָט ער זיך אנידערגעלעגט אויף'ן שעהנעם גרויִמיגען בעט און האט זיך אויסגעצויגען, גלייך ווי ער האט זיך יעצט געוואָלט אויסרוהען פאר די לאנגע יאָהרען, וואס ער האָט ארומגעוואנדערט און זיך ארומגעוואלגערט אין דער וועלט.

ער איז אזוי געלעגען עטליכע מינוט שטיל און רוהיג.

— פאר וואָס זאָל איך ניט געהן בעזוכען מיין ראזא ? האָט ער פלוצלונג געפרעגט.

ראזא איז געוועזן זיין געליעבטע. זיא איז אויך געוועזן ערגעץ אין א צירק.

— היינט ניט ! האָט ער געזאָגט אין אייניגע מינוט ארום. עס איז היינט דער ערשטער טאָג, וואָס איך בין איינגעטרעטען צום נייען העררן. היינט מוז איך א גאנצען טאָג בלייבען אין דער היים. מאָרגען אָדער איבערמאָרגען וועל איך געהן צו איהר. מיסטער פילעאס פאגג איז א מאשין, ער איז אָבער א גוטע מאשין. עס איז זעהר מעגליך, אז ער וועט מיר ערלויבען צו הייראטהען מיין ראזא. זיא וועט אויך דיענען ביי איהם אלס קעכין און מיר וועלעןביידע לעבען גליקליך.

מיט דיעזע פרעהליכע געדאנקען איז פאספארטו אויפגעשטאנען און איז ארומגעגאנגען אין שטוב. ער האָט זיך יעדעס מאָל צוגעקוקט צו זיין פראָגראם, דעם בויגען פאפיער, אויף וועלכען עס איז געוועזן אנגעשריעבען אלעס, וואָס ער האָט צו טהאָן, און האָט באלד אָפגעטהאָן זיין ארבייט.

דער טאָג איז פערגאנגען זעהר שנעל. עס איז געוואָרען נאכט. פאספארטו איז ארויפגעגאנגען אין זיין צימער, האָט אנגעצונדען די געז און האָט זיך געזעצט לעזען א פראנצויזישען ראמאן. ער האָט אלץ געטראכט פון זיין ראזא און וויא גליקליך זיי וועלען ביידע לעבען, ווען פילעאס פאגג וועט איהם ערלויבען זי צו הייראטען און צו וואוינען מיט איהר אין דיזעם שעהנע און ריינע צימער.

אזוי וויא ער איז געזעסען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, האָט ער פלוצלונג דערהערט קלינגען דעם טעלעפאָן.

— וואס זאָל דאס זיין ? האָט ער געפרעגט זיך אליין. לויט דער פראָגראם דארף מיין הערר קומען ערשט אום צוועלף אוהר א היים. יעצט אָבער איז ערשט האלב נאָך זיעבען.

ער איז צוגעגאנגען צום טעלעפאָן און האָט צוגעלעגט דעם אויער.

— פאספארטו ! האָט ער געהערט דייטליך פילעאס פאגג'ס שטימע.

פּאַספּארטו האָט ניט געענטפערט. ער דארף זיין פּינקטליך. נור אום צוועלף אוהר דארף איהם זיין הערר רופען.

— פּאַספּארטו, קום אהער! האָט נאָך א מאָל גערופען פילעאס פאָגג.

פּאַספּארטו איז ארונטערגעגאנגען אין זיין שרייב צימער.

— איך האָב דיך גערופען צוויי מאָל, האָט פילעאס פאָגג געזאָגט מיט א פאָרוואורף.

— עס איז נאָך ניט צוועלף אוהר, האָט פּאַספּארטו געענטפערט שטאָלץ.

— איך ווייס עס און מאך דיר קיין פאָרוואורף דערפאר, האָט פילעאס פאָגג ווייטער געזאָגט רוהיג און קאַלטבליטיג, וויא א מאשין. — אין צעהן מינוט ארום וועלען מיר אוועקפאָהרען אין קאַלע.

דאָוור איז א שטאָדט אין ענגלאנד. קאַלע איז א שטאָדט אין פראנקרייך. צווישען דיעזע ביידע שטעדט, ריכטיג געזאָגט, צווישען פראנקרייך און ענגלאנד געפינט זיך א שמאָלער פאַס מעער, וועלכער הייסט פאַ־דע־קאַלע. ווען מען פאָהרט פון לאָנדאָן קיין פאַריז, פאָהרט מען קיין דאָוור מיט'ן באהן, אין דאָוור זעצט מען זיך אויף א שיף ביז קאַלע. פון קאַלע פאָהרט מען ווידער מיט'ן באהן קיין פאַריז.

ווען פּאַספּארטו האָט דערהערט, אז זיי פאָהרען נאָך היינט ביי נאכט קיין קאַלע, האָט ער אויסגעגלאָצט א פּאָר אויגען. ער האָט ניט פערשטאַנען, וואָס מען רעדט צו איהם.

— איהר ווילט ערגעץ פאָהרען? האָט ער געפרעגט ערשטוינט.

— מיר וועלען מאכען א רייזע ארום דיא וועלט, האָט פילעאס פאָגג געענטפערט רוהיג.

— א רייזע ארום דיא וועלט? האָט אויסגערופען דער ערשטוינטער פראנצויז.

— אין אכציג טעג, האָט פילעאס פאָגג צוגעזעצט. מאך שנעל, פּאַספּארטו! דער צוג קיין דאָוור געהט אָפּ א פיערטעל צו ניין. מיר מוזען באלד פאָהרען אויפ'ן וואקזאַל.

ווען דיא ערד וואָלט זיך געעפענט אונטער איהם און וואָלט איהם געוואָלט פערשלינגען, וואָלט פּאַספּארטו ניט געוועזען אזוי איבערראשט, אלס ווען פילעאס פאָגג האָט איהם געמעלדעט, אז זיי ווילען מאכען א רייזע ארום דיא וועלט. ער האָט געעפענט מויל און אויערן און איז געבליעבען שטעהן, וויא א לעהמענער גולם.

— איך האָב דאָך ניט קיין קאַסטענס? האָט ער ענדליך אויסגערופען.

— מען דארף ניט קיין קאַסטענס און קיין באַגאַזש, האָט פילעאס פאָגג איהם געזאָגט. נעהם מיין רענצעל און לעג אין איהם אריין צוויי וואָלענע העמדער און דריי פּאָר זאָקען פאר מיר, דאָס זעלבע פאר זיך. ווען מיר וועלען נאָך עפּעס דארפען, וועלען מיר קויפען אויפ'ן וועג. ברענג אראָפּ מיין רעגענמאַנטעל און מיינע קאַלאָשען. — געה!

דאס לעצטע ווארט איז געוועזן א בעפעהל. פאספארטו האט געוואלט אנהויבען צו רעדען און צו ערקלערען פילעאס פאגג, אז עס איז אונמעגליך צו מאכען א רייזע ארום דיא וועלט מיט אזוי ווענינ באגאזש, אז מען מוז זיך פארבערייטען וועניגסטענס א פאאר טאג. פילעאס פאגג אבער האט ארויסגעזאגט דאס ווארט: גענוג! אזוי שארף, אז דער ארימער פראנצויז האט ניט געקענט ענטפערן א ווארט.

ער איז באלד ארויסגעגאנגען פון צימער מאכען דיא פארבערייטונגען, וואס זיין הערר האט איהם געהייסען. ער האט האט זיך אבער אלץ ניט גע־קענט איינהאלטען און האט געמורמעלט אונטער דער נאז:

— איך האב שוין געטרוימט פון מיין ראזא, פון ליעבע, פון גליק, פלוצלונג, נא דיר א רייזע ארום דיא וועלט! ער איז וואהנזיניג, מיין נייער הערר — מעגליך, אז ער שפאסט. — איך קען איהם נאך ניט גוט. פיעל־לייכט האט ער ליעב צו שפאסען מיט זיינע דיענער.

פיעללייכט וויל ער מיך שטעלען אויף א פראבע. ער וויל זעהן, אויב איך בין א גוטער דיענער און בין בערייט צו פאהרען מיט איהם אין עק וועלט.

ער האט צונויפגעלעגט דיא וואלענע העמדער און דיא זאקען.

— ער שפאסט געוויס, האט ער וייטער געזאגט צו זיך אליין. ער פאהרט געוויס אויף אייניגע טעג קיין פאריז. — נו, דאס קען ניט שאדען! — איך בין שוין לאנג ניט געוועזן אין פאריז און וועל זיין זעהר צופריעדען, ווען איך וועל האבען דיא געלעגענהייט א ביסעל ארומצושפאצירען איבער דיא בולווארען פון פאריז.

אבער, וויא קומט עס, וואס הערר פילעאס פאגג, וועלכער פלעגט קיין מאל אין ערגעץ ניט פאהרען, זאל פלוצלונג פאהרען קיין פאריז און גראדע אין דעם טאג, וואס איך בין אייננעטרעטען צו איהם אלס דיענער? — דאס איז א רעטעניש! — דאס פערשטעהע איך ניט.

ער האט אלעס צונויפגעלעגט און פערפאקט. אום אכט אוהר איז ער אראפגעקומען אין פילעאס פאגג'ס שרייב־צימער.

— האסט דוא אלעס צונויפגעלעגט, וויא איך האב דיר געהייסען? האט פילעאס פאגג געפרעגט.

— אלעס, וויא איהר האט מיר געהייסען, האט פאספארטו געענט־פערט.

— האסט דוא גאר ניט פערגעסען?

— איך האב גאר ניט פערגעסען.

— וואו איז מיין רעגענמאנטעל?

— אט איז ער.

— גיב מיר דאס רענצעל.

פאספארטו האט איהם דערלאנגט דאס רענצעל.

פילעאס פאגג האט עס געעפענט, האט אריינגעלעגט א גרויסען פאק ענגלישע באנקנאטען, האט עס צוריק פערשלאסען און האט עס געגעבען זיין דיענער.

— זיי פארזיכטיג מיט'ן רענצעל, האט ער איהם געזאגט, איך האב אריינ־

געלעגט אין איהם צוואנציג טויזענד פונט סטערלינג אויף רייזע קאסטען.

זשאן פאספארטו האט א ציטער געטהאן און האט צוגעפרעסט דאס רענ-צעל צום הארצען. אזא סומע געלד, וויא צוואנציג טויזענד פונט סטערלינג, האט ער נאך אין זיין לעבען ניט געזעהן און יעצט גיט מען איהם אזא גרויסע סומע געלד ער זאל עס אפהיטען.

פילעאס פאָגג האט ווייטער ניט גערעדט א ווארט. ער האט נור גע-נומען פון זיין שרייב טיש א קליין ביכעלע „בראדשאוס גייד”, — א בוך, אין וועלכען עס זיינען פערציייכענט, ווען עס קומען אן און ווען עס געהען אוועק דיא באהנ-ציגע און דיא פאכט-דאמפפער אין אלע גרויסע שטעדט פון דער וועלט. דיעזעס בוך האט ער אריינגעלעגט אין קעשענע, האט אויסגעלאשען דיא עלעק-טערישע לאמפע און איז ארויסגעגאנגען פון צימער.

פאספארטו איז איהם נאכגעגאנגען, וויא א לעהמענער גולם. ווען זיי זיי-נען ארויסגעקומען אין דרויסען, האט פילעאס פאָגג אליין פערשלאסען דיא טהיר פון זיין וואינונג אויףביידע שלעסער און האט געהייסען זיין דיענער צורופען א קעב (אזא סארט דראשקע).

פילעאס פאגג און זיין דיענער האבען זיך אריינגעזעצט אין קעב און פי-לעאס פאָגג האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען אויף דעם טשערינג קראָס וואָקזאל.

צוואנציג מינוט נאך אכט אוהר איז דיא דראָשקע געבליעבען שטעהן פארן וואקזאל. פאספארטו איז אראפגעשפרונגען פון דער דראשקע. פילעאס פאָגג איז לאנגזאם אראפגעגאנגען און האט בעצאהלט דעם קוטשער.

אין דיעזע מינוט איז צו איהם צוגעקומען אן ארימע פרוי. זיא איז געגאנ-גען אפגעריסען, האט געציטערט פאר קעלט און האט געהאלטען א קינד אויף דיא הענד, וועלכעס האט געוויינט און געבעטען ברויט.

— גיט מיר עפעס, גוטער מאן, האט דיא ארימע פרוי געבעטען מיט א הערצרייסענדע שטימע. איך האב א גאנצען טאג ניט געגעסען. מיין קינד איז שרעקליך הונגעריג.

דער אנבליק פון דער פרוי איז ווירקליך געווען א שרעקליכער און א שוידערהאפטער.

פילעאס פאָגג האט ארויסגענומען פון דער קעשענע דיא צוואנציג פונט סטערלינג, וועלכע ער האט היינט געוואונען אין קארטען און האט זיי דערלאנגט דער פרוי.

— נאט אייך, ליעבע פרוי, האט ער געזאגט. עס איז גוט, וואס איהר זייט געראדע יעצט געקומען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויפגעגאנגען אויף דיא ברייטע טרעפ פונ׳ם וואקזאל. פאספארטו איז איהם נאכגעגאנגען. ער האט געזעהן, וויא זיין הער האט געגעבען דער ארימער פרוי א סומע געלד. דאס האט איהם א ביסעל אי-בערראַשט.

— ער איז טאקע א מאשין, א לעהמענער גולם, האט ער זיך געטראכט, אבער אין דיעזער מאַשין שלאגט דאך א מענשליכעס הערץ, — א הערץ, וועלכעס פיהלט און האט מיטלייד מיט אן ארימען און א נויטבעדירפטיגען. — ניין! דאס טהוט נים קיין מאשין, האט ער אויסגערופען אין דער הויך.

— פאספארטו! האט צו איהם אין דיעזע מינוט געזאגט זיין הערר, געה צו דער קאסע און נעהם צוויי בילעטען ערשטער קלאסע קיין פאַריז. — נאַ דיר געלד!

פאספארטו איז געגאנגען נעהמען בילעטען. ווען ער איז צוריקגעקומען, האט ער געזעהן, וויא זיין הערר שטעהט מיט פינף אנדערע און רעדט מיט זיי גאנץ ערנסט.

דאס זיינען געווען פילעאַס פאָגג׳ס פארטנער, מיט וועלכע ער האט זיך געוועט. זיי האבען געהאלטען ווארט און זיינען געקומען אויפ׳ן וואקזאל פון איהם אבשיעד נעהמען.

— מיינע הערנען, האט פילעאַס פאָגג געזאגט צו זיינע קאמעראדען, איך הייב יעצט אן מיין רייזע ארום דיא וועלט. אין יעדער שטאדט, וואס איך וועל קומען, וועל איך לאזען מיין פאספארט וויזירען ביים ענגלישען קאנסול. דאס וועט אייך דיענען אלס בעווייז, אז איך בין ווירקליך געווען אין דיא שטעדט און אין דיא לענדער, אין וועלכע מען דארף זיין, ווען מען פאהרט ארום דיא וועלט.

— דאס איז נים נעטהיג, הערר פילעאַס פאָגג! האט גאטיע ראַלף זיך אפגערופען. מיר וועלען אייך אזוי אויך גלויבען. ביי דשענטעללייט איז א ווארט הייליג.

— עס איז אבער דאך בעסער, ווען מען האט בעווייזע, האט פילעאס פאָגג געענטפערט רוהיג.

— פערגעסט נור נים, האט אנדריו סטיואַרט בעמערקט, אז איהר דארפט זיין צוריק—

— אין אכציג טעג, האט פילעאַס פאָגג געענדיגט. — איך דארף זיין צוריק זאמסטאג דעם 21טען דעצעמבער 1872 איין פיערטעל פאר ניין אוהר אבענדס. —

— אויף וויעדערזעהן, מייגע הערנען!

מיט דיעזע ווערטער האט זיך פילעאַס פאָגג מיט זיין דיענער אריינגעזעצט אין וואגאן.

פונקט פינף און פערציג מינוטען נאך אכט האט דער צוג געריהרט. אונ־זערע רייזענדע האבען אנגעפאנגען זייער רייזע ארום דער וועלט.

דיא נאכט איז געווען זעהר א פינסטערע און א קאלטע. עס איז געגאנגען א פיינער, דינער הערבסט רעגען. ארויסקוקען דורכ׳ן פענסטער פון׳ם וואגאן איז געווען נוצלאז.

פילעאַס פאָגג האט זיך אניעדערגעזעצט אין א ווינקעל פון׳ם וואגאן, האט פערלעגט ביידע הענד אויף דער ברוסט און איז געזעסען וויא א סטאַטוע.

פאַספאַרטו האט גאר נים געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם. ער האט נאך אלץ נים געגלויבט, אז ער האט יעצט אנגעפאנגען א רייזע ארום דיא

וועלט. עס האט איהם זעהר געקרענקט, פאר וואס ער האט קיין אבשיעד ניט גענומען פון זיין ראזא. ער האט היינט געוואלט געהן צו איהר און האט עס אפ־געלעגט אויף מארגען.

פון צייט צו צייט פלעגט ער צוקוועטשען צו זיך דאס רענצעל. ער פלעגט זיך דערמאנען, אז ער האלט אין דיא הענד אזא גרויסע סומע געלד און פלעגט אנהייבען צו ציטערן.

דער צוג איז אונטערדעסען געפלויגען אלץ ווייטער און ווייטער. ער איז שוין געווען ניט ווייט פון דאָווער. פלוצלונג האט פאספאַרטו א געשריי געטהאן.

— אך! וואס האב איך געטהאן?

— וואס איז מיט דיר, פאספארטו? האט פילעאַס פאָגג געפרעגט.

— אין איילעניש — האב איך — איך בין ניט שולדיג — איך האב — איך האב פערגעסען —

— וואס האסט דוא פערגעסען?

— איך האב פערגעסען — איך האב פערגעסען — אפצודרעהן דאס גאז רעהריל אין מיין צימער, האט פאספארטו קוים אויסגערעדט. — אין דער איילע, איך בין ניט שולדיג —

— א מענש טאר זיך קיין מאל ניט איילען, האט פילעאַס פאָגג גענענט־פערט קאלטבלוטיג. דער גאז וועט ברענען אויף דיין רעכנונג; וויא פיעל עס וועט קאסטען דער גאז, וועל איך אפציעהען פון דיין געהאלט.

פטעס קאפיטעל.

## אין לאנדאן קומט אַרויס א נייע אקציע מיט'ן נאמען פילעאַס פאָגג.

ווען פילעאס פאָגג איז ארויסגעפאהרען פון לאנדאן, האט ער געוויס ניט געטרוימט, וואס פאר א רעש זיין רייזע וועט מאכען אין לאנדאן און אין גאנץ ענגלאנד. ער האט געוואוסט, אז זיינע פארטנערס וועלען ניט שווייגען און וועלען געוויס דערצעהלען פון דיעזער זאנדערבארער וועטע. ער האט אבער ניט געקענט פאראויסזעהען, אז דיעזע וועטע וועט אויפריהרען ניט נור גאנץ לאנדאן, זאנדערן גאנץ ענגלאנד.

קוים איז מען דעם אנדערן טאג געוואהר געווארען פון דיעזער וועטע, זיינען אלע צייטונגען, וואס געהן ארוים אין לאנדאן, פול געווען מיט ארטיקלען איבער פילעאַס פאָגג און איבער דיא פראגע: אין וויפיעל טעג קען מען אין היינטיגער צייט מאַכען א רייזע ארום דיא וועלט?

אין דיא גאסען, אין דיא קאפע סאלונען, אין דיא ביער סאלונען, אין דיא קלובס, אין דיא טהעאטערע אין יעדען ארט, וואו עס פערזאמלען זיך מענשען, האט מען גערעדט נור פון פילעאַס פאגג און פון א רייזע ארום דיא וועלט.

איינינע האבען געזאגט, אז פילעאַס פאָגג וועט געווינען דיא וועטע און האבען געבראכט הונדערטער בעווייזע, אז עס איז זעהר לייכט צו מאַכען א רייזע

אַרום דיא וועלט אין אַכציג טעג; אַנדערע האַבען וויעדער בעוויזען, אַז דאָס איז אַן אונמעגליכקייט, אַז נור אויף פּאַפּיער קען מען עס פאַרשטעלען, אין דער וואהרהייט אָבער איז עס נאָך אַ זאַך דער אונמעגליכקייט אין היינטיגער צייט, ביי דיא מיטעל, וועלכע מיר האָבען צו פאָהרען פון איין אָרט צום אַנדערן.

דיא גרעסטע ענגלישע צייטונגען, וויא דיא „טיימס", דער „סטענדארד", דער „מאָרנינג קראָניקל" און פיעלע אַנדערע האָבען בעוויעזען, וויא צוויי מאָל צוויי איז פיער, אַז פילעאַס פאָגג מוז פערשפּיעלען. עס האָבען זיך אָבער געפונען צייטונגען, וויא דער „דיילי טעלעגראַף" און אַנדערע, וועלכע האָבען וויעדער בעוויעזען, אַז אַזאַ פּינקטליכער, מענש וויא פילעאַס פאָגג איז, וועט זעהר לייכט מאַכען דיא רייזע.

עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ גאַנצע ליטעראַטור איבער פילעאַס פאָגג. אייניגע צייטונגען האָבען איהם בעשריעבען אַלס אַ נאַרר, אַ משוגענער, אַן עקסצענטריק (טשודאַק) און האָבען געמאַכט פאָרווירפע זיינע פּאַרטנערס, פאַר וואָס זיי האָבען דערלאָזען אַזאַ וואהנזיניגע וועטע.

מען איז זאָגאַר אָנגעפאַלען אויפ'ן רעפאָרם קלוב און מען האָט איהם געזידעלט, פאַר וואָס דיא מיטגליעדער האָבען עס דערלאָזען, אַז מען זאָל אין קלוב האָבען אַזאַ וועטע.

דאַגעגען האָט אַן אילוסטרירטער לאָנדאָנער זשורנאַל ארויסגעגעבען פּי־לעאס פאָגג'ס בילד און האָט אָנגעשריעבען אַ לאַנגען אַרטיקעל, אין וועלכען ער האָט בעוויעזען, אַז פילעאַס פאָגג איז אַ גרויסער העלד, אַן אייזערנער כאַראַקטער, אַ געלערנטער מאַן און וועט געוויס געווינען דיא וועטע.

ווי הונגעריגע וועלף וואַרפען זיך אַרויף אויף אַ שעפּס, אַזוי האָט זיך דאָס לאָנדאָנער פּובליקום אַרויפגעוואָרפען אויף דיא צייטונגען, וועלכע האָבען געשריעבען איבער פילעאַס פאָגג. ווער עס האָט נור געקענט לעזען, דער האָט געקויפט צייטונגען און האָט פערשלונגען דיא אַרטיקלען איבער פילעאַס פאָגג.

בעזאָנדערס פעראינטערעסירט האָבען זיך אין פילעאַס פאָגג און זיין רייזע אַרום דיא וועלט דיא ענגלישע דאַמען. עס איז ניט געוועזען איין הויז, וואו מען זאָל ניט רעדען פון פילעאַס פאָגג.

— עס זיינען דאָ פיעלע זאַכען, וואָס אַ מאָל האָט מען עס געהאַלטען פאַר אונמעגליך און היינט איז עס אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך, האָט געזאָגט דיא הערצאָגין מאַרלבאָראָ, דיא ערשטע דאַמע פון ענגלאַנד נאָך דער קעניגין. ווען מען זאָל געוועזען זאָגען מיט פופציג יאָהר צוריק, אַז מענשען וועלען פאָה־רען שנעל אָהן פערד, וואָלט מען געוויס געוועזען געלאַכט און מען וואָלט גע־האַלטען דעם מענשען, וואָס וואָלט עס געזאָגט, פאַר אַ משוגענעם. היינט פליעהען מיר אויף אונזערע אייזענבאַהנען שנעל, וויא דער ווינד, און קיינער וואונדערט זיך דאַריבער ניט.

אַזוי ווי די ענגלענדער זיינען אַלע גרויסע ספּאָרטס־מענער—זיי האָבען שטאַרק ליעב זיך צו וועטען—האָט מען זיך אָנגעהויבען צו וועטען. ווער עס

וועט געווינען: פילעאס פאגג אדער זיינע פארטנער. מען האט געוועט גרויסע סומען, מען האט געוועט קליינע סומען. מען האט געוועט אויף עטליכע שיללינג און מען האט געוועט אויף צעהן טויזענדער פונט.

עס האט זיך זאגאר געבילדעט אן אקציען געזעלשאפט, וועלכע האבען ארויסגעלאזען אקציען (שערס) מיט'ן נאמען „פילעאס פאגג אקציען". יעדע אקציע האט געקאסט צעהן פונט. ווען פילעאס פאגג וועט געווינען, וועט מען פאר יעדע אקציע בעצאהלען הונדערט פונט.

דיא אקציען זיינען געשטיעגען זעהר שנעל, ווייל דיא הערצאגין מארלבאראָ איז געווען דיא ערשטע, וועלכע האט געקויפט צוויי הונדערט אקציען. אלע גרויסע אריסטאקראטישע דאמען האבען איהר נאכגעטהאן און האבען געהאפט דיא פילעאס פאגג אקציען, וויא הייסע באבקעס.

אבער ניט נור דיא גרויסע און דיא רייכע, זאגאר דיא ארימע מענשען האבען ריסקירט זייערע לעצטע שיללינגע אום צו וועטען פאר פילעאס פאגג אדער געגען איהם.

פלוצלונג איז ארויסגעטרעטען דיא קעניגליכע געאגראפישע געזעלשאפט פון ענגלאנד אין דעם זשורנאל, וואס זיא גיט ארויס מיט אן ארטיקעל, אין וועלכען זיא האט ארויסגעזאגט פריי און אפען, אז מאכען א רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג איז אונמעגליך. אונזערע אייזענבאהנען זיינען נאך ניט זיכער גענוג. עס מאכט זיך זעהר אפט, אז דיא ציגע פערשפעטיגען זיך. אויף א שיף קען מען זיך געווים ניט פערלאזען. זעהר זעלטען קומט אן א שיף פונקט צו דער צייט.

אויסער דעם דארף פילעאס פאגג פאהרען דורך לענדער, וועלכע זיינען בעוואינט פון גאנץ ווילדע אדער האלב ווילדע מענשען. זא, צום ביים ביישפיעל, רעכענט פילעאס פאגג איינצופאהרען פון באמביי קיין קאלקוטא אין דריי טעג. דיא אייזענבאהנען אין אינדיען אבער זיינען נאך אזוי ניי און אזוי אונזיכער, אז מען קען קיין מאל ניט זאגען, ווען דער צוג וועט אנקומען, ווייל ער איז נאך קיין מאל ניט אנגעקומען פינקטליך אין זיין צייט.

בעזאנדערס אונזיכער זיינען דיא אייזענבאהן ציגע אין אמעריקא, פון סאן פראנציסקא קיין ניו יארק. דיא אייזענבאהן געהט דארט דורך גאנץ וויסטע געגענדען. אין ווינטער ווערן אפט דיא וועגען פערשנייעט און שטעהן אוועק עטליכע טעג אין שנעע. זעהר אפט פאלען אן ווילדע אינדיאנער אויף דיא ציגע, צונעהמען דיא רעלסען און בערויבען דיא פאסאזשירען.

דיעזער ארטיקעל האט געמאכט א שטארקען איינדרוק אויף אלעמען, וואס האבען געוועט פאר פילעאס פאגג. ווען דיא קעניגליכע געאגראפישע געזעלשאפט זאגט שוין, אז א רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג איז אונמעגליך, איז עס געווים אונמעגליך.

דיא אקציען „פילעאס פאגג" האבען מיט א מאל אנגעהויבען צו פאלען.

זיי זיינען שוין געשטאנען, איידער דער ארטיקעל איז ארויס, ביי זעכציג פונט אן אקציע. קוים איז ארויס דער ארטיקעל, זיינען זיי דעם ערשטען טאג אראפגעפאלען אויף זייער ערשטען פרייז — 10 פונט. דעם אנדערן טאג זיינען זיי אראפגעפאלען אויף איין פונט. דעם דריטען טאג האט מען שוין געקענט קויפען צוויי אקציען פאר א פונט. דעם פיערטען טאג האט זיי שוין קיינער ניט געוואלט נעהמען אין דיא הענד אריין.

פילעאס פאגג'ס פריינד זיינען געווארען אלץ וועניגער און וועניגער. יעדער האט איהם געהאלטען פאר א וואהנזיניגען און יעדער איז געווען פעסט איבערצייגט, אז ער וועט פערלירען זיין וועטע.

נור איין פריינדין האט נאך פעסט געהאלטען זיך אן פילעאס פאגג, דאס איז געווען דיא הערצאגין מארלבארא. זיא האט נאך געקויפט דיא פילעאס פאגג אקציען, וויפיעל זיא האט געקענט.

— ווען עס איז נור מעגליך צו מאכען אזא רייזע, פלעגט זיא זאגען, וועט עס פילעאס פאגג געוויס מאכען. לאז דיא וועלט וויסען, וואס אן ענג־לענדער קען מאכען.

פון וועטען איז שוין יעצט קיין רעדע ניט געווען. מען פלעגט וועלען וועטען הונדערט פופציג געגען איינעם, אז פילעאס פאגג וועט פערשפיעלען, און עס האבען זיך ניט געפונען קיין וועטער.

אויפ'ן פינפטען טאג נאך פילעאס פאגג'ס אפרייזע פון לאנדאן איז צום שעף פון דער לאנדאנער פאליציי אנגעקומען אזא טעלעגראמע:

סועץ דען 7טען אקטאבער 1872.

דעם שעף פון דער פאליציי, סקאטלאנד סקווער. העד קווארטערס.
איך האב אויסגעפונען דעם רויבער, וועלכער האט צוגענומען 55 טויזענד פונט פון דער באנק אף ענגלאנד. ער הייסט פילעאס פאגג.
שיקט מיר אונגעזוימט א ווארראנט איהם צו ארעסטירען קיין באמביי אין אינדיען.

פיקס, דעטעקטיוו.

ווען א דונער פון א פרייען, קלאהרען הימעל זאל פלוצלונג געווען אראפגעפאלען אין דער מיט פון לאנדאן, וואלטען דיא איינוואוינער ניט געווען אזוי איבערראשט, וויא פון דיעזער טעלעגראמע.

— אזוי? — פילעאס פאגג איז גאר ניט קיין העלד! ער איז זאגאר ניט קיין דזשענטעלמען, ער איז גאנץ איינפאך א רויבער, א גנב! האט מען געהערט רעדען אין דיא גאסען.

מען איז באלד ארומגעלאפען צו אלע פאטאגראפען אין לאנדאן און מען האט אויסגעזוכט דעם פאטאגראף, וואו ער האט אראפגענומען זיין בילד. מען האט גענומען זיין פאטאגראפישעם בילד און מען האט עס געוויזען דעם הויפט קאסיר פון דער באנק אף ענגלאנד.

— איך קען ניט זאגען פאר געוויס, האט דער קאסירער ערקלעהרט,

מיר דאכט אבער, אז דאס איז דער מאן, וועלכער האט ביי מיר צוגענומען דאס פעקעל באנק־נאטען.

יעצט ערשט האט מען זיך ארומגעקוקט, אז פילעאס פאגג פלעגט לע־בען זעהר רייך און פלעגט קיין געשעפטען ניט מאכען. יעצט ערשט האט מען אנגעהויבען צו פערשטעהן, פאר וואס ער האט אזוי שטארק זיך אנגע־שלאגען צו מאכען דיא רייזע ארום דיא וועלט. — ער האט גאנץ איינפאך געוואלט אנטלויפען.

יעצט ערשט האט מען זיך אנגעהויבען צו דערמאנען, אז פילעאס פאגג איז שטענדיג געווען א רעטעניש פאר אלעמען. קיינער האט איהם ניט גע־קענט, קיינער האט פון איהם ניט געוואוסט. — פון וואנען האט זיך גענומען זיין פערמעגען ? האט מען געפרעגט.

— ער איז א גנב, א רויבער, האט מען געענטפערט. ער פערשטעלט זיך פאר א דזשענטעלמען, אום ער זאל בעסער קענען גנב'ענען און רויבען. ער איז א גנב פון פראפעסיאן. דאס איז זיין בעשעפטיגונג, זייט ער לעבט.

דיא וועלט־שטאדט לאנדאן האט ווידער אנגעהויבען צו קאכען. דיא מיטגליעדער פון רעפארם קלוב האבען זיך געשעהמט צו ווייזען אויף דער גאס. גאטיע ראלף, דער צווייטער דירעקטאר פון דער באנק אף ענגלאנד, האט געמוזט אוועקפאהרען אויף א געוויסע צייט פון לאנדאן.

ער האט צוואר ניט געגלויבט, אז פילעאס פאגג איז א רויבער, ער האט איהם גוט געקענט און האט זאגאר ניט געוואלט צולאזען דעם געדאנקען, אז פילעאס פאגג איז קיין עהרליכער מאן. ער האט זיך אבער ניט געקענט ווייזען אויף דער גאס, מען האט געדייטעט אויף איהם מיט דיא פינגער:

— אט געהט דער צווייטער דירעקטאר פון דער באנק אף ענגלאנד, וועלכער האט אליין געהאלפען דעם באנק־רויבער אנטלויפען.

דיא אנדערע מיטגליעדער פון'ם רעפארם קלוב האבען אויך ניט גע־גלויבט אז פילעאס פאגג איז א רויבער. עס איז זיי אבער געווען העכסט אונאנגענעהם דיא גאנצע געשיכטע.

## 6טעס קאפיטעל.

## דעטעקטיוו פיקס ווערט אונגעדולדיג.

מיר זיינען אין סועץ, דיא נייע שטאדט אין עגיפטען, וועלכע איז אויסגעבויט געווארען ערשט ניט לאנג, ווען עס האט זיך געעפענט דער סועץ קאנאל; ווען דער פראנצויזישער אינזשעניר לעסעפס האט געפונען, אז עס איז מעגליך אויסצוגראבען א קאנאל צווישען מיטעללענדישען מעער און דעם רויטען מעער.

עס איז אין דער פריה, מיטוואך דען 9טען אקטאבער. אום צוועלף אוהר דארף אנקומען אין סועץ דער גרויסער אייזערנער דאמפפער „מאנגאליא" פון דער אריענטאל קאמפאני.

דיא „מאנגאליא" פלעגט פאהרען נור פון ברינדיזי אין איטאליען קיין

באמביי אין אינדיען. דאס איז געוועזן איינע פֿון דיא בעסטע און שנעלסטע שיפֿען פֿון דער קאמפאני. זייט זיא האט אנגעהויבען צו מאַכען איהרע רייזען ביז אויף היינטיגען טאג, האט זיא נאך קיין מאל ניט פֿערשפּעטיגט.

אויפֿ'ן ברעג פֿון'ם קאַנאַל האט זיך פֿערזאמעלט אן אונגעהייער גרויסע מעננע מענשען. דיא איינוואוינער פֿון סועץ לעבען נור פֿון דיא שיפֿען, וואס פֿאהרען דורך דעם קאנאל. יעדעס שיף מוז בלייבען שטעהן אין סועץ. דיא פּאסאזשירען געהן אראפּ און קויפֿען זיך פּראוויאנט און אנדערע ארטיקעל, וואס מען דארף האבען אין דיא הייסע געגענדען.

קוים איז ניטא קיין שיף אויפֿ'ן קאנאל, איז אין סועץ שטיל און רוהיג, וויא אויף א טויטען פֿעלד. דיא היץ ברענט, דאס רויטע זאמד אונטער דיא פֿיס ברענט, אין גאנצען שטעדטעל איז ניטא קיין בוים, וואו זיך צו שיצען פֿון דער היץ. דיא איינוואוינער בעהאלטען זיך אין זייערע הייזער. דיא שטאדט בלייבט, וויא אויסגעשטארבען.

קוים ווייזט זיך אבער א שיף, ווערט דאס שטעדטעל לעבעדיג, וויא דורך א צויבער. אלע הייזער עפֿענען זיך, עס עפֿענען זיך פֿענסטער פֿון מאגאזינען און עס ווערן ארויסגעלעגט אלערליי סחורות.

היינט אום עלף אוהר דארף אנקומען דיא „מאָנגאָליאַ“, איינע פֿון דיא גרעסטע שיפֿען. זיא ברענגט שטענדיג א פאר טויזענד פּאַסאזשירען. יעדער וויל אראפּגעהן און עפּעס קויפֿען. דאס איז דיא אורזאכע, וואס היינט האבען זיך פֿערזאמעלט אזא גרויסע מעננע אויפֿ'ן ברעג פֿון'ם קאנאל.

דיא אראבער זיינען געקומען מיט זייערע סחורות: פֿריכטע און אייניגע אראבישע ארטיקעל. דיא אייראפּעער האבען געבראַכט אייראפּעאישע ארטיקעל, מייסטענס פֿון פּאריז. אלע ערוואַרטען דאס שיף. יעדער וויל לעזען געלד, יעדער וויל פֿערדיענען — יעדער וויל לעבען.

צוויי מענשען פֿון דער מעננע האבען זיך רוהיג ארומשפּאציערט אויפֿ'ן ברעג פֿון'ם קאנאל. ביידע זיינען געגאנגען לייכט, אבער זעהר עלעגאנט געקליי־דעט. עס איז געוועזן דייטליך, אז זיי זיינען קיינע קויפֿלייטע און זיינען געקומען אהער ניט אום צו פֿערקויפֿען זייערע סחורות.

איינער פֿון זיי איז א הויכער, שטארקער מאן פֿון א יאהר פֿופֿציג. דאס איז דער ענגלישער קאנסול אין סועץ. ער איז אן עכטער געבארענער ענגלענ־דער. ער האט פֿיינט סועץ, ער האט פֿיינט דעם קאנאל, ווייל עס האט איהם געגראבען א פֿראנצויז, לעססעפּס. ער מוז אבער צוגעבען, אז דורך דיזען קאנאל ווערט דער וועג פֿון אייראפּא קיין אינדיען פֿערקירצט אויף דיא העלפֿט.

אלס קאנסול מוז ער זיך געפֿינען אויפֿ'ן ברעג יעדעס מאל, ווען עס קומט אן אַן ענגלישע שיף. ער מוז זיך געפֿינען אויפֿ'ן ברעג אום צו שיצען און פֿער־טהיידיגען זיינע לאנדס לייט, דיא אונטערטהאנען פֿון איהרער בריטאנישען מאַ־יעסטעט, דיא קעניגין וויקטאריא, געגען דיא ווילדע אראבער.

דער מאן, וועלכער איז געגאנגען מיט איהם, איז א ניעדעריגער, מאגערער,

נערוועזער מענש. ער קען ניט איינשטעהן אויף איין ארט און מאכט שטארק מיט דיא הענד, ווען ער רעדט.

ער הייסט פיקס און איז אן אגענט פון דער ענגלישער געהיים פאליציי. ווען מען האט בעגנבעט דיא באנק אף ענגלאנד אויף 55 טויזענד פונט, האט דער שעף פון דער געהיים פאליציי איהם געשיקט קיין סועץ מיט א בעפעהל, ער זאל זיך גוט צוקוקען צו אלע פאסאזשירען, וואס וועלען אנקומען קיין סועץ. קוים וועט ער האבען דעם קלענסטען פערדאכט (חשד) אויף איינעם, זאל ער איהם באלד ארעסטירען.

דערביי האט איהם דער שעף פון דער לאנדאנער פאליציי געגעבען א גענויע בעשרייבונג פון'ם באנק רויבער, אזוי וויא דער הויפט קאסירער פון דער באנק האט איהם אויסגעמאלט.

פיקס האט זעהר פיעל געהאלטען פון זיך. ער האט געמיינט, אז ער איז דער גרעסטער און דער קליגסטער דעטעקטיוו אין דער וועלט. מען מוז איהם געבען אזוי וויט גערעכטיגקייט. אז ער האט ווירקליך אויסגעפונען אין לאנדאן איינינע פערברעכער, וועלכע דיא לאנדאנער פאליציי האט אויף קיין פאל ניט געקענט אויסגעפינען.

יעצט, ביי דיעזען באנק רויב, האט ער געוואלט בעווייזען, אז ער איז ווירקליך איינער פון דיא בעסטע דעטעקטיוו'ס אין דער וועלט. דערצו האט איהם נאך גערייצט דיא גרויסע סומע געלד, וואס דיא באנק אף ענגלאנד האט פערשפראכען צו געבען דעם מענשען, וואס וועט אויסגעפינען דעם רויבער. אזא סומע געלד פערדיענט מען ניט אזוי לייכט.

אין דער איילע האט פיקס פערגעסען מיטצונעהמען א ווארראנט — א פערהאפטונגס בעפעהל —. ער האט זיך דערמאנט, ווען ער איז שוין געווען אויפ'ן שיף, און ער האט זיך ניט געוואלט אומקעהרען צוליעב אזא קלייניגקייט.

ביי איהם איז עס געווען א קלייניגקייט, ווייל ער האט גערעכענט, אז ער קען טעלעגראפירען קיין לאנדאן, מען זאל איהם ארויסשיקען א ווארראנט.

פיקס איז ארויסגעפאהרען פון לאנדאן דעם דרייסיגסטען סעפטעמבער, אלזא, מיט דריי טעג פריהער פאר פילעאס פאגג. ער איז שוין דעם צווייטען טאג אין סועץ. אין דיעזע צוויי טאג איז אבער קיין ענגלישעס שיף ניט אנגעקומען קיין סועץ. היינט ערווארטעט ער דיא „מאנגאליא", דאס בעסטע ענגלישע שיף.

ער איז זעהר אונגעדולדיג. ער וואלט שוין גערן דערזעהן דיא פאסאזשירען פון דער „מאנגאליא". ווען דער באנק רויבער איז אנטלאפען קיין אינדיען, וועט ער געוויס קומען אויף דער „מאנגאליא".

— אלזא, דענקען זיא, קאנסול, אז דיא „מאנגאליא" קען זיך ניט פערשפעטיגען? האט ער שוין צום צעהנטען מאל געפרעגט דעם ענגלישען קאנסול.

— ניין, מיסטער פיקס, האט דער קאנסול געענטפערט. דיא „מאנגאליא" איז איינע פון דיא בעסטע שיפען. זיא איז נאך נעכטען אנגעקומען קיין פארט סאאיד. אזא גוטעס שיף קען זיך ניט פערשפעטיגען, בעזאנדערס אויף אזא קליינע

שטרעקע פון א פאר הונדערט מייל פֿון פאָרט סאַיד קיין סועץ. — איך האב אייך שוין געזאגט, מיסטער פֿיקס, אז דיא „מאָנגאָליאַ" האט שוין איינינע מאל געוואונען א פרייז פֿאר איהר שנעלקייט און איהר פינקטליכקייט. איך בין זיכער, אז זיא וועט קומען שלאג עלף אוהר.

— קומט דיא „מאָנגאָליאַ" דירעקט פֿון ברינדיזי? האט פֿיקס ווייטער געפֿרעגט.

— זיא קומט דירעקט פֿון ברינדיזי, האט דער ענגלישער קאנסול געענט־פֿערט. זיא איז א פאסט דאמפּפער. אין ברינדיזי האט זיא אויפֿגענומען דיא פאסט פֿון אייראפא קיין אינדיען. זאמסטאג איז זיא ארויסגעפאהרען פֿון ברינדיזי. זיא האט זיך אין ערגעץ ניט אפגעשטעלט און וועט געווים באלד אנקומען. — אלזא, גערולד, מיסטער פֿיקס!

דער ענגלישער קאנסול האט געטראכט א פאר מינוט. פלוצלונג האט ער זיך געווענדעט צום דעטעקטיוו און האט איהם געזאגט:

— איך מוז אייך זאגען דיא וואהרהייט, מיסטער פֿיקס, אז איך הייב ניט אן צו פֿערשטעהן, וויא אזוי קענט איהר דערקענען דעם רויבער, ווען איהר האט ניט זיין בילד? איהר האט דאך זאגאר קיינע און ריכטיגע גענויע קענצייכען (פרימעטעס) פֿון איהם. וויא אזוי וועט איהר איהם דערקענען, ווען ער זאל שוין זיין אויף דער „מאָנגאָליאַ"?

— איהר האט רעכט, קאנסול, האט פֿיקס געענטפֿערט. מיר, דעטעקטיווס, דערקענען ניט דעם פֿערברעכער — מיר דערפֿיהלען איהם; מיר דערשמעקען איהם. מיר האבען שוין אין זיך אזא טאלאנט, אז מיר טאפּען אן דער פֿערברע־כער, זאגאר ווען מיר האבען קיין ריכטיגע בעשרייבונג פֿון איהם.

איך האב שוין אין מיין לעבען ארעסטירט הונדערטער אזעלכע פֿייגעל. איך האב זיי דערשפּירט. ווען דער באנקרויבער געפֿינט זיך נור אויף דער „מאָנ־גאָליאַ", וועט ער זיך פֿון מיינע הענד ניט אויסדרעהען. איהר קענט זיך שוין אויף מיר פֿערלאזען, קאנסול.

— ווען דיא לאנדאנער פאליציי האט אייך געשיקט, קען מען זיך שוין אויף אייך פֿערלאזען, האט דער ענגלישער קאנסול בעמערקט. — איך וואלט געווים געווען צופֿריעדען, איהר זאלט איהם חאַפּען דא, אין סועץ. דאס איז ווירקליך א פֿרעכער רויב.

— א פֿרעכער רויב! האט אויסגערופֿען דער אגענט פֿון דער געהיימע פא־ליציי. שטעלט אייך פֿאר, קאנסול, אין מיטען העלען טאג ארייננעהן אין דער באנק אף ענגלאנד און פֿאר אלעמען אין דיא אויגען צונעהמען פֿינף און פֿופֿציג טויזענד פֿונט סטערלינג! — איז דאס געהערט געווארען אין דער וועלט? — מיר האבען געוועהנליך צו טהאן מיט טאשענדיעבע, וועלכע גנבענען עטליכע שילינג. מיר יאגען זיי נאך ביז מיר קריעגען זיי. אזא פֿיש קומט מיר פֿאר צום ערשטען מאל אין מיין לעבען. איך מוז פֿאנגען אזא פֿיש אין מיין נעץ, ווען ניט, הייס איך ניט מעהר דעטעקטיוו פֿיקס!

— איך ווינש אייך געווים דעם בעסטען ערפאָלג, מיסטער פיקס, האט דער קאנסול געזאגט ערנסט, איך מוז אייך אבער זאגען נאך א מאל, אז איך קען מיר אויף קיין פאל ניט ערקלערן, וויא אזוי וועט איהר דערקענען צווישען אזוי פיעל פאסאזשירען אויף דער „מאָנגאָליא“ אדער אויף אנאנדער שיף, וועלכער עס איז דער רויבער?

זא ווייט איהר האט מיר געוויזען דיא בעשרייבונג פון'ם רויבער, ווייזט ער אויס צו זיין א פאלשטענדיגער דשענטעלמען. נו, וויא אזוי נעהמט מען א דשענטעלמען, וואס איך קען איהם ניט און וויים איהם ניט און מען ארעסטירט איהם אלס באנק רויבער? — איך פערשטעהע עס ניט!

— קאנסול! האט דער אגענט פון דער געהיים פאָליציי אויסגערופען, דיא גרויסע פערברעכער ווייזען שטענדיג אויס, וויא עהרליכע לייט און וויא דשענ-טעללייט. ווען זיי זאלען אויסזעהן, וויא פערברעכער; ווען אויף זייערע געזיכ-טער זאל שטעהן אנגעשריעבען, אז זיי זיינען פערברעכער, וואלט מען זיי שוין לאנג ארעסטירט. — דאס איז דאך דיא שווערע אויפגאבע פון א דעטעקטיוו: ער דארף דערקענען דעם פערברעכער אונטער דער מאסקע פון אן עהרליכען מאן. עס איז ניט לייכט, קאנסול, צו זיין א דעטעקטיוו. דאס איז ניט קיין גע-שעפט, קיין האנדעל — דאס איז א קונסט און א גרויסע קונסט. דער דעטעקטיוו מוז זיין א קינסטלער.

מיסטער פיקס איז געווען פאלקאמען איבערצייגט, אז ער איז דער גרעס-טער קינסטלער אין דער וועלט אויסצוגעפינען פערברעכער. אלס קינסטלער איז ער געווען ערגעבען צו זיין זאך און איז געווען בערייט צו אפפערן אלעס אין דער וועלט אום אויסצופיהרען זיינע אידעען און צו בעווייזען, אז דער און דער איז ווירקליך א פערברעכער.

דער ברעג פון'ם קאנאל איז געווארען אלץ פרעהליכער. נייע הויפען מענ-שען זיינען אלע מאל צוגעקומען צום קאנאל. פיעלע גרעסערע און קלענערע שיפלעך און באָטע זיינען אנגעקומען. אין איינעגע זיינען געווען פישער פון'ם רויטען מעער, וועלכע האבען אנגעבראכט פרישע פיש פאר דיא פאסאזשירען.

מיסטער פיקס איז ארומגעגאנגען צווישען דער מענגע און האט זיך צוגע-קוקט צו יעדען מענשען. ער האט צוואר זעהר גוט געוואוסט, אז דער באנק רויבער קען זיך ניט געפינען צווישען דער מענגע, וואס האט זיך פערזאמעלט אויפ'ן ברעג. ער איז אבער געווען א געבארענער שפיר הונד, וועלכער מוז א שמעקן טהאן אומעדום.

ער האט ארויסגענומען זיין אוהר און האט א קוק געטהאן, וואו זיא האלט דיא אוהר האט געוויזען האלב נאך צעהן.

— וואס איז אזעלכעס מיט דער „מאָנגאָליא“? האט ער אויסגערופען אונ-געדולדיג. וועט זיא שוין קיין מאל ניט אנקומען?

— זיא איז שוין גאר ניט ווייט, האט דער ענגלישער קאנסול געענטפערט רוהיג.

— וויא לאנג וועט זיא בלייבען אין סועץ? האט מיסטער פיקס ווייטער געפרעגט.

— פיער שטונדען, האט דער קאנסול געענטפערט. זיא וועט דא אויפנעה־מען קוילען אויף איהר רייזע נאָך אַדען. פון סועץ קיין אַדען איז א שטרעקע פון דרייצעהן הונדערט און צעהן מייל. דאס איז דיא לענג פון'ם רויטען מעער. אויף אזא שטרעקע מוז א שיף זיך אנגרייטען קוילען. אונזערע רעגיערונג האט עס זעהר גוט איינגעריכטעט. זיא האט געמאַכט אויף אלע מעערע קוילען סטאַציאָ־נען, וואו יעדעס שיף קען בעקומען קוילען פאר א געוויסען פרייז. דיא רעגי־ערונג מאכט דערביי א גוטעס געשעפט און דיא שיפען זיינען צופריעדען. זיי דארפען ניט שלעפען מיט זיך צופיעל קוילען. — סועץ געפינט זיך ביי איין עק פון'ם רויטען מעער און אדען געפינט זיך ביים אנדערן עק. ביידע שטעדט זיינען קוילען סטאַציאָנען.

— פון אדען געהט שוין דאס שיף גלייך קיין באמביי? האט דער דעטעק־טיוו ווייטער געפרעגט.

— יא, האט דער קאנסול געענטפערט. זיא שטעלט זיך שוין אויפ'ן אין וועג ערגעץ ניט אפ.

— אלזא, האט פיקס געזאגט, וויא צו זיך אליין, ווען דער באנק רויבער געפינט זיך ווירקליך אויף דער „מאָנגאָליאַ“, וועט ער געוויס אפשטייגען אין סועץ. ער וועט דא בלייבען א פאר טאג, אום ער זאל זיך אויפזעצען אויף א פראנצייזישעס אדער האלענדישעס שיף. ער וועט געוויס ניט פאהרען קיין אינ־דיען, ווייל אינדיען געהערט דאך צו ענגלאנד און דיא ענגלישע פאליציי וועט איהם ארעסטירען. ווען ער פאהרט אבער אויף א פראנצייזישער שיף אין דיא לענדער אין אזיען, וואס געהערן צו פראנקרייך אדער צו האללאנד, קען איהם דיא ענגלישע פאליציי גאר ניט טהאן.

— איך מיין אנדערש, האט דער קאנסול זיך אפגערופען. איך רעכען, אז אן ענגלישער פערברעכער איז אין ערגעץ ניט אזוי זיכער פאר דיא פאָליציי, וויא אין לאנדאן. עס איז גאר אומזיסט דיא גאנצע ארבייט פון דער לאנדאנער פא־ליציי, וואס זיא האט צושיקט דעטעקטיווס אין אלע גרויסע פארטען. לאז זיא בעסער זוכען אין לאנדאן, דארט וועט זיא געוויס געפינען דעם באנק רויבער.

איך זאג אייך נאך א מאל, הערר פיקס, אז איך פערשטעה ניט דיא לאנ־דאנער פאליציי. דער באנק רויבער איז געוויס א קלוגער, דורכגעטריבענער מענש. ווען ער איז אנטלאפען פון לאנדאן, איז ער געוויס אנטלאפען ערגעץ קיין אמעריקא און ניט קיין אינדיען.

מיט דיעזע ווערטער איז דער קאנסול אוועקגעגאנגען אין זיין אָפיס, וועל־כעס געפינט זיך גאנץ נאהענט לעבען קאַנאַל.

אלס שטאלצער ענגלענדער האט ער געוואלט זיין אין אָפיס, ווען דיא שיף וועט אנקומען. ווען איינער פון דיא פאסאזשירען וועט איהם דארפען, וועט ער

זעהן דיא ענגלישע פֿאהן, וועלכע וועהט הויך אין דער לופֿט איבערן ענגלישען קאנסולאַט.

פֿיקס איז געבליעבען אליין. דיא לעצטע ווערטער פֿון׳ם קאנסול האבען אויף איהם געמאכט אן איינדרוק. וואלט ער געווען מעהר מענש, אלס דעטעקטיוו, וואלט ער באלד איינגעזעהן, אז דער קאנסול האט פֿאלקאמען רעכט. ער איז אבער געווען א פֿערברענטער דעטעקטיוו. דיא פאליציי האט איהם געשיקט זוכען דעם באנק רויבער — ער מוז איהם געפֿינען!

ער איז ארומגעגאנגען אונגעדולדיג אויפֿ׳ן ברעג, האט געמאכט מיט דיא הענד און גערעדט צו זיך אליין. יעדע פֿינף מינוט האט ער ארויסגענומען זיין אוהר און האט אויסגערופֿען:

— גאָדדעם! זיא קומט נאך אלץ ניט!

פלוצלונג האט מען דערהערט א לאנגען פֿייף. — דיא „מאָנגאָליא“ האט געגעבען א צייכען, אז מען זאל מאכען פֿאר איהר פלאַץ. אויפֿ׳ן דאָק איז געוואָרען א רעש, א ליארם, א געדרענגעניש, א געשטופעניש, א געשריי און א גוואלד. אראבער, פֿאַללאַכען, פֿרוכט הענדלער און אנדערע הענדלער האבען זיך גע־דרענגט צום ברעג. יעדער האט געוואלט זיין דער ערשטער צו שטעהן ביים ברעג און צו בעגעגענען דיא פאסאזשירען.

א גאנצע פֿלאטע פֿון קליינע שיפֿלעך און באָאָטע האט זיך געלאזען אין מעער ענטגעגען פֿאהרען דיא „מאָנגאָליא“. יעדער האט געוואלט חאפען א ביין. יעדער האט געוואלט זיין דער ערשטער צו חאַפּען דעם ביין.

באלד האט זיך געוויעזען דער גרויסער, שווארצער קערפער פֿון דעם ריעזען שיף, דיא „מאָנגאָליא“. זיא איז געגאנגען לאנגזאם און האט געפֿייפֿט — געווארנט, אז מען זאל איהר ארויסטרעטען פֿון׳ם וועג. פֿינף מינוטען צו עלף איז זיא צוגע־קומען צו איהר דאָק און איז געבליעבען שטעהן. פונקט עלף אוהר האבען דיא פאסאזשירען אנגעהויבען אראפצוגעהן פֿון איהר. יעדער איז געווען נייגיעריג צו זעהן דיא נייע שטאדט, סועץ, אין דער וויסטע פֿון אפֿריקא.

פֿיקס האט זיך דורכגעדרענגט דורך דיא מענגע און איז צוגעקומען ביז צום בריקעל, וואס מען האט ארויסגעווארפֿען פֿון דער „מאָנגאָליא“ פֿאר דיא פאסאזשירען. ער האט זיך צוגעקוקט צו יעדען מענשען, וואס איז אראפגעגאנ־גען אויפֿ׳ן בריקעל. איינער פֿון דיא פאסאזשירען, מיט א רענצעל אונטערן ארים, האט איהם בעמערקט און האט דערקענט, אז ער איז ניט קיין קרעמער און ניט קיין סוחר.

— ליעבער פֿריינד! האט זיך דער מאן צו איהם געווענדעט, קענט איהר מיר ניט זאגען, וואו עס וואינט דער ענגלישער קאנסול?

— וואס דארפֿט איהר דעם ענגלישען קאנסול? האט פֿיקס געפֿרעגט. האט איהר עפעס א קלאגע געגען דעם שיפֿס קאפיטאן?

— ניין, איך וויל וויזירען מיין פאספארט, האט דער פאסאזשיר געענט־פֿערט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען א פאספארט און האט איהם געוויעזען. פיקס האט געעפענט דעם פאספארט און האט אנגעהויבען צו לעזען דיא קענצייכען (פרימעטעס). זיין געזיכט איז געווארען פון אלערליי קאלירען. דיא קענצייכען זיינען פונקט דיזעלבע, וואס דער שעף פון דער לאנדאנער פאליציי האט איהם געגעבען פון'ם באנק רויבער.

ער איז אונטערגעשפרונגען פאר פרייד. ער האט שוין דעם באנק רויבער! ער האט שוין פערדיענט א גרויסע סומע געלד און דערצו וועט ער נאך בעקומען א מעדאליע פון דער קעניגין.

ווען ער האט אבער בעטראכט דעם פאסאזשיר, וואס האט איהם געגעבען דעם פאספארט, און האט איהם פערגלייכט מיט דיא קענצייכען, איז ער ווידער געווארען בלייך. — דאס איז גאר ניט דערזעלבער. אין פאספארט שטעהט, אז ער האט רויטע האר און דער פאסאזשיר האט גאר שווארצע האר, אין פאספארט שטעהט א הויכער און פאר איהם שטעהט גאר א ניעדעריגער מאן.

— דער פאספארט איז ניט אייערער! האט ער אויסגערופען.

— אה, ניין! האט דער פאסאזשיר געענטפערט. דער פאספארט געהערט צו מיין העררן.

— וואו איז אייער העדר?

— ער איז געבליעבען אויף דער שיף.

פיקס האט אויפגעאטהעמט פרייער. — אלזא האט ער טאקע דעם באנק רויבער. דאס איז אבער א דורכגעטריבענער גנב, וועלכער האט אומיסטען מיטגענומען א דיענער, ער זאל איהם קענען שיקען, וואוהין ער וועט דארפען און אליין וועט ער זיך בעהאלטען אויפ'ן שיף.

— מיין ליעבער פריינד, האט פיקס געזאגט צום דיענער, אין וועלכען דער לעזער האט שוין געוויס דערקענט דעם פראנצויז פאספארטו. — מיין ליעבער פריינד, ווען איהר ווילט וויזירען אייער פאספארט ביים ענגלישען קאנסול, מוז אייער העדר אליין געהן צום קאנסול, אום דער קאנסול זאל זיך איבערצייגען, אז דיא קענצייכען (פרימעטעס) אין פאספארט זיינען ריכטיג.

— איז דאס דען נאטהווענדיג? האט פאספארטו געפרעגט. קען עס גאר ניט אנדערש זיין?

— ניין! דער אייגענטהימער פון'ם פאספארט מוז אליין קומען צום קאנסול. האט פיקס געזאגט מיט א מינע פון א געזעץ געבער.

— וואו וואינט דער ענגלישער קאנסול?

— אט דא, גאר ניט וויים, דארט וואו עס וועהט דער ענגלישער פלאג. פאספארטו האט זיך פערנייגט און איז צוריקגעלאפען אויפ'ן שיף.

7טעס קאפּיטעל.

## א פּאספּארט קען זאגאר פאר דער פּאליציי קיינע נוצען ניט ברענגען.

קוים האט זיך פּאספּארטו אוועקגעקעהרט, איז פּיקס געלאָפען צום ענג־לישען קאנסול. ער איז געלאָפען, וויא א וואהנזיניגער, האט איבערגעקעהרט אויפ׳ן וועג א פּאר פּרוכטען פֿערקייפֿער מיט זייערע קערב מיט פּרוכטען און האט זיך ניט אומגעקוקט, ביז ער איז אריינגעלאָפען צום קאנסול אין אפּיס.

— קאנסול! האט ער אויסגערופֿען פֿערסאפּעט, איך האב איהם! איך האב דעם באנק רויבער! ער איז אנגעקומען אויף דער „מאָנגאָליא“!

דער קאנסול איז געווען א רוהיגער, איבערלעגטער מענש. ער האט זיך פּיינט געהאט צו איילען און האט זעהר ניט געוואלט, אז פֿרעמדע זאלען זיך אריינמישען אין זיינע געשעפֿטען. פּיקס האט איהם אבער געבראכט א בעפֿעהל פֿון לאנדאן און ער האט איהם געמוזט אויסהערן.

— פֿון וואנען ווייסט איהר שוין אזוי גיך, אז דאס איז דער באנק רויבער? האט ער געפֿרעגט גאנץ געלאסען.

פּיקס האט איהם דערצעהלט, וויא ער האט בעגעגענט דעם דיענער פֿון׳ם באנק רויבער מיט זיין פּאספּארט און וויא דיא קענצייכען פֿון׳ם פּאספּארט שטימען אין גאנצען מיט דער בעשרייבונג, וואס דער שעף פֿון דער לאנדאנער פּאליציי האט איהם געגעבען.

— מיין ליעבער פּיקס, האט דער קאנסול געזאגט רוהיג, ווען דער דעטעק־טיוו האט געענדיגט זיין ערצעהלונג, איך בין געווים נייגיעריג צו זעהן אזא דורכ־געטריעבענעם באנק רויבער. איך גלויב אבער ניט, אז ער זאל קומען אין מיין אפּיס און זאל לאזען ביי מיר וויזירען זיין פּאספּארט. איך ווייס, אז א גנב זוכט צו בעהאלטען זיין שפּור, ניט ער זאל עס פֿערשרייבען ביי יעדער קאנסול. אויסער דעם, מיין איך, אז יעדער דורכגעטריעבענער גנב ווייס גאנץ גוט, אז אן ענגלי־שער אונטערטהאן איז ניט געצוואונגען צו וויזירען זיין פּאספּארט. אין ענגלאנד איז מען שוין געקומען צו דער איבערצייגונג, אז דיא גאנצע געשיכטע מיט דיא פּאספּארטען איז איבעריג און נוצלאז.

— ניין, קאנסול! האט פּיקס אויסגערופֿען. ווייל ער איז א דורכגעטריע־בענער און געשיקטער גנב, וועט ער קומען צו אייך וויזירען זיין פּאספּארט.

— דאס פֿערשטעה איך ניט, האט דער קאנסול געענטפֿערט. וואס געהער זיך אן א פּאספּארט מיט א באנק רויבער? — דיא ענגלישע רעגיערונג האט רעכט, ווען זיא האט ערקלערט, אז א פּאספּארט איז נור אן אונבעקוועמליכקייט פֿאר אן עהרליכען מאן און דיענט קיין מאל ניט צו חאַפּען א גנב.

— אבער, קאנסול, איהר וועט זיין פּאספּארט ניט וויזירען? איהר וועט איהם אויפֿהאלטען? האט פּיקס אויסגערופֿען אונגעדולדיג.

— מיין ליעבער פּיקס, האט דער קאנסול געענטפֿערט, ווען זיין פּאספּארט

איז אין ארדנונג, מוז איך איהם וויזירען. איך האב קיין רעכט ניט איהם אויפ־צוהאלטען. איהר מוזט מיר ווייזען א ווארראנט — א פערהאפטונגס בעפעהל פון לאנדאן — דאן ערשט קען איך אויפהאלטען א מענשען, וואס איך קען ניט און וויים ניט.

פיקס האט געטאנצט, וויא א וואהנזיניגער.

— קאנסול! איהר מוזט איהם אויפהאלטען! איך טעלעגראפיר גלייך קיין לאנדאן, מען זאל מיר ארויסשיקען א ווארראנט.

— דאס איז אייער געשעפט, הערר פיקס! האט דער קאנסול געענטפערט ערנסט. — איך קען איהם ניט אויפהאלטען און וועל איהם ניט אויפהאלטען.

פיקס האט זיך געביסען דיא ליפען פאר פערדרוס.

אין דיעזע מינוט האט מען געהערט א לייכטען קלאפ אין דער טהיר און אויפ׳ן קאנסולס איינלאדונג: „קאַם אין!" זיינען צוויי מענשען אריינגעקומען אין אפיס. פיקס האט באלד דערקענט איינעם פון זיי. דאס איז געווען דער מאן, מיט וועלכען ער האט גערעדט אויפ׳ן דאָק.

אלזא, דאס איז דער דיענער. ווען איינער איז דער דיענער, איז דער אנ־דערער דער הערר. ווען ער איז דער הערר פון׳ם דיענער, איז ער דער באנק רויבער.

פיקס האט געהאט רעכט. דאס איז ווירקליך געווען פילעאַס פאָגג און זיין דיענער פאספארטו.

פילעאַס פאָגג איז צוגעקומען צום קאנסול און האט איהם געבעטען, ער זאל וויזירען זיין פאספארט. דער קאנסול האט גענומען דעם פאספארט, האט איהם דורכגעלעזען פון׳ם אנפאנג ביז צו ענדע און האט געפונען, אז דער פאס־פארט איז פאלשטענדיג ריכטיג. עס איז אן ענגלישער פאספארט מיט דער אונ־טערשריפט פון׳ם ערשטען מיניסטער, לארד ביקאנספיעלד־דיזראַעלי.

— זייט איהר עס אליין פילעאַס פאָגג, עסקוואיער? האט דער קאנסול געפרעגט.

— איך הייס פילעאַס פאָגג.

— און דיעזער מאן איז אייער דיענער?

— יעס, סער.

— איהר קומט דירעקט פון לאנדאן?

— יעס, סער.

— און וואוהין פאהרט איהר?

— קיין באמביי.

— איהר ווילט, אז איך זאל וויזירען אייער פאספארט, האט דער קאנסול געזאגט ערנסט. איך וועל עס געווים טהאן. איך מוז אייך אבער בעמערקען, אז עס איז גאנץ איבעריג. לארד ביקאנספיעלד האט דורכגעפיהרט א געזעץ, אז ענגלישע אונטערטהאנען דארפען אין ערגעץ ניט וויזירען זייערע פאספארטען.

— איך וויים עס, האט פילעאַס פאָגג געענטפערט. איך האב אבער א

גערויסע אורזאכע, פאר וואס איך וויל, אז מיין פאספארט זאל זיין וויזירט אין סועץ.

— אלל רייט! האט דער קאנסול געזאגט און האט אנגעשריעבען זיין וויזא.

ווען ער האט געענדיגט זיין שרייבען, האט ער עס אונטערגעשריעבען, האט אויפגעדריקט זיין זיעגעל אלס ענגלישער קאנסול און האט איהם צוריקגעגעבען פילעאס פאגג.

פילעאס פאגג האט בעצאהלט, וויא פיעל עס קומט פאר א וויזא, האט זיך פערנייגט העפליך און איז זיך רוהיג ארויסגעגאנגען מיט זיין דיענער פון ענגלישען קאנסולאט.

פיקס איז דיא גאנצע צייט געשטאנען אין א ווינקעלע און האט פערשלונגען פילעאס פאגג מיט דיא אויגען. ער זאל געוועזען קענען, וואלט ער איהם געווען געשטאכען אדער געשאסען. ווען פילעאס פאגג איז ארויסגעגאנגען, האט ער זיך געווענדעט צום קאנסול.

— נון, קאנסול, וויא געפעלט אייך דער באנק רויבער?

— ער ווייזט מיר אוים צו זיין אן עהרליכער מאן, האט דער קאנסול געענטפערט.

— דאס איז געוויס מעגליך, האט פיקס אויסגערופען. פערגלייכט אבער דיא בעשרייבונג פון'ם באנק רויבער, וואס דער שעף פון דער לאנדאנער פאליציי האט מיר געגעבען, מיט דיא קענצייכען (פרימעטעס) פון דיעזען מענשען און איהר וועט זיך איבערצייגען, אז ער איז ווירקליך דער באנק רויבער.

— וואס רעדט איהר, מיסטער פיקס? האט דער קאנסול געלאכט, קענצייכען (פרימעטעס)! בעשרייבונגען! קען מען דען דערקענען א מענשען נאך פרימעטעס? איז עס דען מעגליך צו בעשרייבען א מענשליכעס געזיכט? איך קען מיך מיט אייך וועטען, אז ווען א שלעכטער פאטאגראף וועט אראפנעהמען דאס בילד פון אייער אייגענע מוטער, וועט איהר אייער אייגענע מוטער ניט דערקענען.—איך זאג אייך נאך א מאל, שלאגט עס אייך ארוים פון קאפ! דיעזער מאן איז ניט דער באנק רויבער!

— ניין, קאנסול! איך קען עס ניט! איך מוז נאכפאהרען דעם מאן, איך מוז איהם ארעסטירען. איך זעה, אז דער דיענער איז א פראנצויז, וועלכער האט ליעב צו רעדען. איך וועל ביי איהם ציעהען א צונג. איך וועל שוין פון איהם אלעס אויספארשען.

— איהר האט דאך אבער קיין ווארראנט? האט דער קאנסול געפרעגט.

— איך וועל שוין האבען א ווארראנט, האט פיקס געענטפערט, האט זיך פערנייגט און איז ארויסגעגאנגען פון קאנסולאט.

ער איז גלייך געגאנגען אויף דיא טעלעגראף סטאציאן און האט אוועקגעשיקט קיין לאנדאן דיא טעלעגראמע, וועלכע מיר האבען געלעזען אין פאריגעם קאפיטעל.

פילעאס פאגג מיט זיין דיענער איז ארויסגעגאנגען פון קאנסולאט און איז געגאנגען גלייך צום שיף. אויפ'ן וועג האט ער געהייסען פאספארטו קויפען

איינינע קלייניגקייטען, וועלכע ער האט געדראפט אויף דיא רייזע אויפין רויטען מעער.

פאספארטו איז געוועזען העכסט צופריעדען, וואס זיין הערר האט איהם ערלויבט ארומצוגעהן אין שטאדט. ער איז געוועזען אן עכטער פראנצויז און עס האט איהם זעהר אינטערעסירט צו זעהן אלעס אין דיזער האלב ווילדען אפרי־קאנישען שטאדט.

פילעאס פאגג דאגעגען איז ארויפגעגאנגען אויף דער „מאנגאליא", איז גלייך אריינגעגאנגען אין זיין קאיוטע און האט ארויסגענומען זיין נאטיץ בוך, אין וועלכען עס זיינען געוועזען פערשריעבען פאלגענדע נאטיצען:

פון לאנדאן בין איך ארויסגעפאהרען דעם 2טען אקטאבער אכט אוהר פינף און פערציג מינוט אבענדס.

קיין פאריז בין איך געקומען דעם 3טען אקטאבער זיעבען אוהר צוואנ־ציג מינוט אבענדס.

קיין טורין, אין איטאליען, בין איך געקומען דעם 4טען אקטאבער זעקס אוהר פינף און דרייסיג מינוט אבענדס.

קיין ברינדיזי בין איך געקומען דעם 5טען אקטאבער 5 אוהר 4 מינו־טען אבענדס.

אויף דער „מאנגאליא" האב איך מיך אויפגעזעצט דעם 6טען אקטא־בער 5 אוהר מארגענס.

צו דיזע נאטיצען האט ער יעצט צוגעשריעבען:

קיין סועץ בין איך געקומען דעם 9טען אקטאבער עלף אוהר מארגענס.

פון לאנדאן ביז סועץ האט ביי מיר געדויערט הונדערט אכט און פופ־ציג און האלבע שטונדע, אדער זעקס מיט א האלבען טאג.

דאס נאטיץ ביכעל, וועלכעס פילעאס פאגג האט געהאלטען אין דיא הענד איז געוועזען א געדרוקטעס. עס זיינען געוועזען געדרוקט אין בעזונדערע ציילען דיא נעמען פון אלע גרויסע שטעדט פון דער וועלט, דורך וועלכע ער דארף פאהרען. עס האט זיך אנגעהויבען מיט פאריז, דאן איז געגאנגען ברינדיזי, סועץ, באמביי, קאלקוטא, סינגאפור, האנג קאנג, יאקאהאמא, סאן פראנציסקא, ניו יארק, ליווער־פול און לאנדאן.

געגען יעדער שטאדט איז געוועזען א לעדיגע ציילע, וואו פילעאס פאגג האט צוגעשריעבען מיט א בליישטיפט דיא שטונדע און דיא מינוט, ווען ער איז אהין געקומען און ווען ער איז פון דארט אוועקגעפאהרען.

דאס נאטיץ ביכעל איז געוועזען אזוי איינגעריכטעט, אז פילעאס פאגג האט שטענדיג געקענט אונטערציעהען זיין רעכנונג און וויסען, אויב ער האט אנגע־יאגט איניגע שטונדען אדער ער האט פערשפעט׳גט. היינט איז ער אנגעקומען קיין סועץ פינקטליך, ניט צו פריה און ניט צו שפעט. עס איז פונקט, וויא אין „מארנינג קראניקל" איז אויסגערעכענט.

ווען ער האט אונטערגעצויגען זיינע ביכער, האט ער זיך געהייסען געבען

זיין פֿריהשטיק. געהן אין שטאדט, אנקוקען דיא איינוואינער און זעהן, וואס פֿאר א מענשען עס לעבען דא, האט ער ניט געוואלט. דיעזעס פֿערגניעגען האט ער איבערגעלאזען זיין דיענער, פאספארטו.

8טעס קאפּיטעל.

## פאספארטו רעדט מעהר, וויפיעל ער וואלט געדארפט.

קוים האט פֿיקס אוועקגעשיקט זיין טעלעגראם, איז ער געלאָפֿען אויפֿין ברעג. ער האט געוואלט גלייך ארויפֿגעהן אויף דער „מאָנגאָליא“. ער האט אבער דערזעהן דעם לוסטיגען פֿראנצויז, וויא ער שטעהט און קוקט אויף דיא מענגע. ביי איהם איז אלעס געוועזן ניי. ער איז קיין מאל ניט געוועזן אין אנדערע לענדער אויסער פֿראנקרייך און ענגלאנד און האט קיין מאל ניט געזעהן קיין טערקען און קיין אראבער.

פֿיקס איז צוגעגאנגען צו איהם און האט איהם ארויפֿגעלעגט דיא האנד אויף דער פלייצע.

— נו, מיין פֿריינד! האט ער איהם געזאגט פֿריינדליך, וויא צו אן אלטען בעקאנטען. האט איהר וויזירט אייער פאספארט?

— אה! איהר זייט עס? האט פאספארטו זיך אומגעקוקט. — יא, מיר האָבען וויזירט אונזער פאספארט. עס איז אלעס אין ארדנונג.

— יעצט ווילט איהר געוויס א ביסעל אנקוקען סועץ? האט דער דעטעקטיוו ווייטער געפרעגט.

— געוויס! האט דער פֿרעהליכער פֿראנצויז אויסגערופֿען. מיר פֿאהרען אזוי שנעל, אז איך האב גאר קיין צייט ניט מיך ארומצוקוקען. — ווייסט איהר, אז איך וויים זאגאר ניט, וואו איך בין יעצט?

— איהר זייט אין סועץ.

— סועץ איז דאכט זיך אין עגיפטען?

— געוויס אין עגיפטען.

— און עגיפטען איז אין אפֿריקא? האט דער פֿראנצויז זיך געוואונדערט.

— געוויס איז עגיפטען אין אפֿריקא, האט דער דעטעקטיוו געענטפֿערט.

— צום טייפֿעל! האט דער פֿראנצויז אויסגעשריען. איך גלויב עס גאר ניט, אז מיר זיינען שוין אזוי גיך אין אפֿריקא! — שטעלט אייך פֿאר, מיין ליעבער הערר, איך האב געמיינט, אז מיר וועלען פֿאהרען נור קיין פֿאריז. איך האב געוואלט א ביסעל שפּאַציערן אין דיא גאסען פֿון פאריז, זיך זעהן מיט א פאר אלטע בעקאנטע, טרינקען א פאר שנעפּסלעך פֿון עכטען פאריזער אַבסינטהע — לאזט זיך אויס, אז איך האב זאגאר ניט אנגעקוקט מיין ליעבעס, טהייערעס פאריז! מיר זיינען געקומען אויפֿין באהנהאף, האבען דארט פֿערבראכט א פאר שטונדען און זיינען ווייטער געפֿאהרען! — מיר האבען זיך זאגאר ניט אפגערוהט אין פאריז!

— וואהרשיינליך, איילט איהר זיך ; וואהרשיינליך, האט איהר קיין צייט ניט, האט פיקס בעמערקט.

— איך אייל מיך גאר ניט, האט פאספארטו געענטפערט. איך האב גענוג צייט, מיין הערר אבער איילט זיך. —

פלוצלונג האט ער זיך עפּעס דערמאנט.

— אך ! איך האב גאר פערגעסען ! מיין הערר האט דאך מיר געהייסען קויפען איינינע זאכען ! איך בין אין א פרעמדער שטאדט, איך וויים ניט, וואו צו קויפען. ווילט איהר זיין אזוי גוט און מיר ווייזען, וואו איך קען קויפען א פאר העמדער ?

— מיט פערגניגען ! האט פיקס אויסגערופען. איך בין שטענדיג בעריים צו ערווייזען א מענשען א געפעליגקייט. — איך פערשטעה אבער ניט, פאר וואס איהר דארפט קויפען העמדער אין סועץ ? האט איהר דען ניט מיטגענומען קיין העמדער פון לאנדאן ?

— ניין ! האט פאספארטו געענטפערט. מיין הערר האט זיך אזוי געאיילט צו פאהרען, אז מיר האבען גאר קיין באגאזש ניט מיטגענומען.

— אלזא, קומט, איך וועל אייך ווייזען, וואו צו קויפען און וועל זיין אייער דאלמעטשער. איהר קענט דאך געוויס קיין אראביש ניט.

— וויא קומט צו מיר אראביש ? האט דער פראנצויז געלאכט.

ביידע זיינען אוועקגעגאנגען איינקויפען דיא זאכען, וואס פילעאס פאגג האט גערארפט. אויפ'ן וועג האט פאספארטו גערעדט אהן אן אויפהער. ער איז געוועזען העכסט צופריעדען, וואס ער האט ענדליך געפונען א מענשען, מיט וועמען ער קען רעדען, וויפיעל ער וויל.

— מיר מוזען זיך א ביסעל איילען, האט ער ענדליך געזאגט. איך האב מורא, איך זאל ניט פערזאמען דאס שיף.

— איהר האט דאך א אוהר, האט איהם פיקס געענטפערט. קוקט אייך אום. עס איז ערשט צוועלף אוהר.

פאספארטו האט ארויסגענומען זיין גרויסע זילבערנע אוהר און האט א קוק געטהאן.

— וואס זאגט איהר צוועלף ? האט ער אויסגערופען. עס איז ערשט א פיערטעל נאך צעהן !

— אייער אוהר איז ניט ריכטיג. עס איז שוין צוועלף.

— מיין אוהר איז ניט ריכטיג ? האט דער פראנצויז אויסגערופען. ווייסט איהר, אז איך האב דיעזע אוהר א ירושה פון מיין גרויספאטער ? — מיין אוהר געהט שטענדיג ריכטיג. זיא איז בעסער וויא א כראנאמעטער ! זיא איז געגאנגען ריכטיג ביי מיין פאטער און זי געהט ריכטיג ביי מיר.

פיקס האט א שמייכעל געטהאן.

— מיין ליעבער פריינד, האט ער איהם געזאגט, איך זאג ניט, אז אייער אוהר געהט ניט ריכטיג, איך זאג, אז זיא איז ניט ריכטיג אין סועץ. ווען אין

לאנדאן צייגט דיא אוהר א פֿיערטעל נאך צעהן, איז אין סועץ צוועלף. ניט אין אלע שטעדט אין דער וועלט שלאגט דיא אוהר צוועלף אין דערזעלבער צייט. אין סועץ איז יעצט צוועלף אוהר, אין קאלקוטא איז שוין יעצט א פֿיערטעל נאך איינס, אין ניו יארק איז גאר זעקס אוהר פֿאר נאַכט. — איך ראטה אייך אלס גוטער פֿריינד, אז אין יעדער שטאדט זאלט איהר שטעלען אייער אוהר נאך דער צייט פֿון יענער שטאדט, זאנסט וועט איהר שטענדיג מאכען פֿעהלער.

— וואס דערצעהלט איהר מיר געשיכטען? האט פאספארטו געלאַכט. מיין אוהר איז ריכטיג און פינקטליך.

— ויא שטימט אבער דאך ניט מיט דער זון, האט פֿיקס בעמערקט.—זעהט דיא זון שטעהט יעצט פונקט אין דער מיט הימעל. עס איז יעצט פונקט צוועלף.

— אלזא, געהט דיא זון אין סועץ ניט ריכטיג! האט זיך דער פֿראנצויז איינגעשפארט. מיין אוהר איז ריכטיג!

פֿיקס האט געשמייכעלט. ער האט געזעהן, אז עס וועט איהם זיין זעהר שווער אויסצולערנען זיין נייען בעקאנטען דיא ערשטע לעקציאן פֿון געאָגראַפֿיע. ער האט דאהער געפֿונען, אז עס איז פֿאר איהם גלייכער צו רעדען מיט איהם איבער זיין הערר. דאס איז דאך דער הויפט צוועק, צו וואס ער געהט מיט איהם.

— אלזא, זייט איהר ארויסגעפֿאהרען פֿון לאנדאן אין דער גרעסטער איי־לעניש? האט ער געפֿרעגט דעם פֿראנצויז.

— יא, מיין הערר, האט פאספארטו געענטפֿערט. איך האב מיך אייגענט־ליך גאר ניט געאיילט. איך האב בעסער געוואלט בלייבען אין לאנדאן. מיין הערר אבער האט זיך געאיילט. אום אַכט אוהר איז הערר פֿילעאַס פֿאָגג פלוצ־לונג א היים געקומען פֿון זיין קלוב און א פֿיערטעל צו ניין אוהר זיינען מיר שוין געזעסען אין וואגאן און זיינען שוין געפֿאהרען.

— אבער וואוהין פֿאהרט איהר דען?

— מיר פֿאהרען גלייך, פֿארווערטס! אלץ ווייטער און ווייטער!

— דאס איז אלץ רעכט. איהר מוזט דאך אבער ערגעץ פֿאהרען?

— מיין הערר וויל מאכען א רייזע ארום דיא וועלט, האט ענדליך דער פֿראנצויז אויסגעפלאצט.

— א רייזע ארום דיא וועלט? האט דער דעטעקטיוו געפֿרעגט פֿערוואונ־דערט. דאס קען ניט זיין!

— פֿאר וואס קען עס ניט זיין? ער האט זיך געוועט, אז ער וועט מאַכען א רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג, אזוי האט ער מיר געזאגט. — צווישען אונז גערעדט, איך גלויב איהם ניט. וואס פֿאר א זינן האט עס צו מאַכען א רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג?

— וויא עס ווייזט אויס, איז אייער הערר א קלוגער קאפּ, האט דער דע־טעקטיוו בעמערקט.

— געוויס! האט אויסגערופֿען דער פֿראנצויז. ער איז א גאנץ קלוגער. אין איין וועג האט ער געוואלט א ביסעל אויסלויבען זיין הערר.

— איז ער רייך? האט דער דעטעקטיוו ווייטער געפֿרעגט.

אה, ער איז זעהר רייך! האט זיך דער פֿראנצויז בעריהמט. ער האט מיט זיך זעהר פֿיעל געלד, אזעלכע נייע, קנאקענדיגע באנק נאטען, אז עס איז א פֿערגניגען זיי אנצוקוקען. איך מוז אייך זאגען, אז ער איז ניט קארג מיט זיין געלד. ער האט צוגעזאגט צו געבען א שעהנעם פרעזענט דעם שיפֿס קאפּיטאן פֿון דער „מאָנגאָליא", ווען ער וועט קומען קיין באמביי פֿריהער מיט א טאג אדער צוויי פֿון דער בעשטימטער צייט.

— זייט איהר שוין לאנג ביי איהם אין דיענסט? האט פֿיקס ווייטער גע־פֿרעגט.

— איך? — איך בין אריינגעטרעטען צו איהם פונקט אין דעם טאג, ווען עס איז איהם אנגעקומען דער שיגעון צו מאַכען א רייזע ארום דיא וועלט, האט דער פֿראנצויז געענטפֿערט מיט א זויערער מינע.

פֿון דיא אנטווארטען, וואס דער פראנצויז האט געגעבען אויף זיינע פֿראַ־גען, האט דער דעטעקטיוו זיך אלץ מעהר בעפֿעסטיגט אין זיין איבערצייגונג, אז פֿילעאַס פֿאָגג איז ווירקליך דער באנק רויבער.

ער איז אוועקגעפֿאהרען אין דער גרעסטער איילעניש פֿון לאנדאן, ער פֿיהרט מיט זיך א גרויסע סומע געלד אין נייע, קנאקענדיקע באנק נאטען,— דאס איז געוויס דאס געלד, וואס ער האט צוגענומען פֿון דער באנק אף ענגלאנד. — ער לויפֿט אין פֿרעמדע לענדער און זאגט צו דעם שיפֿס קאפּיטאן א בעלוינונג, ווען ער וועט פֿאהרען שנעלער.

פֿיקס איז ווירקליך געוועזן א פֿעהיגער דעטעקטיוו. ער האט געוואוסט, וויא צו שלעפּען דעם פֿראנצויז ביי דער צונג, און איז פֿון איהם געוואהר געווארען, אז ער קען גאר ניט פֿילעאַס פֿאָגג און אז פֿילעאַס פֿאָגג וויל ניט אפּשטייגען אין סועץ, זאנדערן פֿאהרט גלייך קיין באמביי.

— איז באמביי ווייט פֿון היער? האט דער נייגיעריגער פּאספּארטו גע־פֿרעגט.

— באַמביי איז זעהר ווייט, האט פֿיקס געענטפֿערט. צעהן טאג געדויערט דיא רייזע פֿון סועץ קיין באַמביי.

— וואו ליעגט ערגעץ באַמביי?

— אין אינדיען.

— מיר דאַכט, אז איך האב געהערט, אז אינדיען געפֿינט זיך אין דעם וועלט טהייל, וואס הייסט אזיען?

— געוויס, מיין פֿריינד! אינדיען איז א לאנד אין אזיען.

— אך, דוא טייפֿעל! האט אויסגערופֿען דער פֿראנצויז. יעצט זיינען מיר אין עגיפּטען, אין אפֿריקא, און באלד וועלען מיר שוין גאר זיין אין אזיען? דאַ־רויף האב איך מיך אין מיין לעבען ניט גערעכט! — עס וואלט מיר שוין גאר ניט געהארט מיין רייזע, אבער דער גאַז —

— וואס פֿאר א גאַז? האט פֿיקס געפֿרעגט פֿערוואונדערט.

— אך, מיין הערר! מיר האבען זיך אזוי געאיילט אוועקצופאהרען פון לאנדאן, אז איך האב פערגעסען אויסצולעשען דעם גאז אין מיין צימער. מיין הערר זאגט, אז ער וועט מיר אפּרעכענען פאר'ן גאז. ווען מיר וועלען פאהרען אכציג טעג, וועל איך מוזען בעצאהלען פאר'ן גאז מעהר, וויפיעל מיין געהאלט וועט בעטרעפען.

פיקס האט אריינגעפיהרט פאספארטו אין א מאגאזין און האט איהם געזאגט, אז דא מעג ער קויפען, וואס ער דארף. דא וועט מען איהם ניט אפּנארען. ער זאל אבער ניט פערגעסען, אז דאס שיף געהט אוועק פונקט אום דריי אוהר.

ער אליין איז צוריקגעגאנגען צום ענגלישען קאנסול.

— הערר קאנסול! האט ער געזאגט, ווען ער איז נור אריינגעקומען, דאס איז דער באנק רויבער! יעצט בין איך שוין פעסט איבערצייגט, אז ער האט בעגנבעט דיא באנק אָף ענגלאנד!

ער האט דערצעהלט דעם קאנסול אלעס, וואס ער האט אויסגעפארשט ביי פאספארטו. דער קאנסול האט זיך פערטראכט. פאספארטו'ס דערצעהלונג איז איהם אויך פארגעקומען זאנדערבאר. ער האט זיך אבער באלד איבערלעגט, אז אם ענדע קען עס דאך זיין, אז א מענש האט זיך געוועט צו מאכען דיא רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג.

— הערט, מיסטער פיקס, וואס איך וועל אייך זאגען. מיר ווייזט אויס, אז פילעאַס פאָגג איז אן עהרליכער מאן. איז ער אבער א גנב, איז ער אַזאַ דורכגעטריבענער גנב, אז איהר וועט איהם ניט חאַפּען. ער וועט זיך אויסדרעהן פון אלע דעטעקטיווס פון דער וועלט.

— נו! דאס וועלען מיר שוין זעהן! האט פיקס געענטפערט שטאלץ.

— איבערלעגט אייך, מיסטער פיקס, האט איהם דער קאנסול נאך א מאל געוואָרנט. — ווען ער איז ווירקליך דער באנק רויבער, צו וואס האט ער וויזירט זיין פאספארט ביי מיר?

— דאס ווייס איך ניט, האט פיקס געענטפערט. איך פרעג אייך, וויא אזוי פאהרט א מענש ארויס אויף א רייזע ארום דיא וועלט און נעהמט נים מיט קיין העמדער?

יעצט האט שוין דער קאנסול געשוויעגען.

— אלזא, וואס דענקט איהר צו טהאן, מיסטער פיקס? אהן א ווארראנט קענט איהר איהם דאך ניט ארעסטירען.

— איך האב שוין טעלעגראפירט קיין לאנדאן, אז מען זאל מיר ארויסשיקען א וואַרראַנט קיין באמביי, האט מיסטער פיקס געענטפערט. איך וועל מיך אויפזעצען אויף דער „מאָנגאָליאַ“ און וועל פאהרען מיט איהם ביז באָמביי. דארט וועל איך אפּשטייגען אין דעמזעלבען האטעל, וואו ער וועט אפּשטייגען. דאן וועל איך לויפען אויף דער פאליציי, וועל נעהמען מיין ווארראנט און א פאר פאליסלייט, וועל קומען אין האטעל און וועל איהם ארויפלעגען דיא האנד

אויף דער פלייצע מיט דיא העפליכע ווערטער: מיין ליעבער הערר פילעאַס פאָגג, איהר זייט א באנק רויבער און איך ארעסטיר אייך אים נאמען דעם געזעצעס!

— טהוט, וויא איהר פערשטעהט. האט דער קאנסול געזאגט.

פיקס האט גענומען אבשיעד פון'ם קאנסול, איז געגאנגען אין זיין האטעל, האט צונויפגעפאקט זיינע זאכען און אום איינס אוהר איז ער געגאנגען צום ברעג נעהמען א שיפס קארטע פון סועץ קיין באָמביי.

באלד איז פאספארטו אויך אנגעקומען מיט דיא זאכען, וואס ער האט געקויפט.

פינף מינוטען צו דריי אוהר האט דיא „מאָנגאָליאַ" אנגעהויבען צו פייפען. זיא איז ארויסגעפאהרען פון סועץ.

9טעס קאפיטעל.

## דיא רייזע אויפ'ן רויטען מעער און דעם אינדישען וועלט מעער.

פון סועץ, וואו דאס רויטע מעער הייבט זיך אן, ביז אַדען, וואו דאס רויטע מעער פעראייניגט זיך מיט'ן אינדישען וועלט מעער — אָצעאַן — איז א שטרעקע פון דרייצעהן הונדערט און צעהן מייל. דיא „פענאינסולאַר ענד אריענטאל קאמפאני" האט אויסגערעכענט, אז איהרע שיפען דארפען מאכען דיעזע שטרעקע אין א צייט פון 138 שטונדען אדער 6 טאג און 4 שטונדען.

דיא „מאָנגאָליאַ" איז א גוטעס שיף און מאכט דיעזע שטרעקע אין א קירצערע צייט, ווען זיא וויל. זיא האט זיך אויך יעצט געגליטשט זעהר שנעל אויף דיא וואסערן פון'ם רויטען מעער.

דאס רויטע מעער איז א לאנגער פאס גלענצענדעס וואסער דרייצעהן הונדערט און צעהן מייל דיא לענג און זיעבעציג ביז נײַנציג מייל דיא ברייט.

פאר וואס הייסט עס דאס רויטע מעער? איז דאס וואסער אין איהם רויט? ניין. דאס וואסער אין רויטען מעער איז אזוי רויט, וויא דאס וואסער אין שווארצען מעער איז שווארץ, וויא דאס וואסער אין ווייסען מעער איז ווייס אדער וויא דאס וואסער אין געלען מעער איז געל.

דאס וואסער אין רויטען מעער איז בלוי און קלאר, וויא דאס וואסער אין אלע אנדערע מעערע. — פאר וואס אלזא הייסט עס דאס רויטע מעער?

איינינע ערקלערן, אז דאס זאמד פון זיינע ברעגעס איז רויט, דערפאר הייסט עס דאס רויטע מעער. אנדערע ערקלערן, אז עס הייסט דאס רויטע מעער, ווייל פאר א שטורם ווייזט זיך דארויף א רויטליכעס פייער.

דאס רויטע מעער איז איינס פון דיא מערקווירדיגע מעערן אין דער וועלט. עס איז א היסטארישעס מעער. ביי דיא ברעגעס פון'ם רויטען מעער זיינען געבארען געווארען פיעלע רעליגיאנען. ווען מען פאהרט אויפ'ן רויטען מעער זעהט מען דעם אלטען בערג סיני מיט זיינע שרעקליכע שטיינער. ניט ווייט פון סועץ ווייזט מען דעם ארט, וואו דיא אידען זיינען אריבערגעגאנגען דאס מעער אין דער טריקעניש און דיא עגיפטער זיינען דערטרונקען געווארען.

פאהרט מען ווייטער אויפ'ן רויטען מעער, זעהט מען דיא ערטער, וואו

מאחמעד, דער געזעצגעבער פֿון דיא טערקען, האט געלעבט און וואו ער האט ארויסגעגעבען זיין תורה, דעם קאָראַן.

אויף יעדען שריט זעהט מען מאנומענטען, געדעכטנישע פֿון אן אלטער וועלט, וועלכע איז שוין לאנג בעגראבען און פֿערשאטען מיט'ן זאמד פֿון דער וויסטע. מען זעהט שפּורען פֿון אלטע פֿעלקער און פֿון אן אלטער אויסגעשטאר־בענער ציוויליזאציאן.

דאס רויטע מעער איז שטענדיג געווען דער גרויסער טראקט, אויף וועלכען מען פֿלעגט פֿאהרען פֿון אייראפּא און אפֿריקא קיין אינדיען און ביז אויף היינ־טיגען טאג פאהרט מען אויף איהם קיין אינדיען.

דיא פאסאזשירען אויף דער „מאָנגאָליאַ" זיינען כמעט אלע געפֿאהרען קיין באמביי, דיא ערשטע סטאציאן אין אינדיען. מיר זאגען כ מ ע ט, ווייל אין פארט סאַאיד און אין סועץ האבען זיך אויפֿגעזעצט אויף דער „מאָנגאָליאַ" פֿיעלע טערקען און אַראַבער. וועלכע זיינען געפֿאהרען קיין מעקקאַ, א שטאדט, וועלכע איז היילינ פֿאר אלעמען, וועלכע גלויבען אין מאַחמעד, ווייל דארט ליעגט ער בעגראבען און יעדער פֿרומער מאַחמעדאנער מוז וועניגסטענס איין מאל אין זיין לעבען פֿאהרען בעזוכען דעם הייליגען גראב פֿון זייער פּראָפֿעט, זייער נביא, זייער געזעצגעבער.

דער גרעסטער טהייל אבער פֿון דיא פאסאזשירען אויף דער „מאָנגאָליאַ" זיינען געווען ענגלענדער. צווישען זיי זיינען געווען פֿיעלע בעאַמטע, אפֿיציערן און גענעראלען, וועלכע זיינען געפֿאהרען צו דער ארמעע; פֿיעלע פֿרויען זיינען געפֿאהרען צו זייערע מענער, וועלכע דיענען אין דער ענגלישער ארמעע אין אינדיען. עס זיינען אויך געווען פֿיעלע יונגע קויפֿלייטע, וועלכע זיינען געפֿאהרען וועגען זייערע געשעפֿטען קיין באמביי אדער קיין קאַלקוטאַ.

אויף דער „מאָנגאָליאַ" איז עס געווען גאנץ פֿרעהליך. דער שיפֿס קאפּי־טאַן, זיינע אפֿיציערן און זיינע מאטראזען האבען געוואוסט, אז זיי פֿיהרען אנגע־זעהנע און רייכע מענער און האבען זיי בעהאנדעלט אזוי העפֿליך, וויא עס איז נור מעגליך.

דאס רויטע מעער האט זיינע קאפּריזען. אייגענטליך איז עס דאס הייסעסטע מעער אין דער וועלט. עס איז אויך דיא הייסעסטע געגענד אין דער וועלט. עס איז אבער זעהר אפֿט שטירמיש, וויא אלע מעערע, וועלכע זיינען לאנג און שמאל. עס קומען אפֿט פֿאר דיא שרעקליכסטע שטורמווינדען אויפֿ'ן רויטען מעער.

דאס מאל אבער איז דאס רויטע מעער געווען זעהר פֿריינדליך. דער שיפֿס קאפּיטאַן האט ערלויבט זיינע פאסאזשירען זיך צו באדען צוויי מאל אין טאג. פֿארנאכט פֿלעגט מען ארויפֿנעהמען א פֿאָרטאָפּיאַנאָ אויפֿ'ן דעק און מען פֿלעגט געבען קאנצערטע און בעלער. ביי טאג, ווען עס פֿלעגט זיין שטארק הייס, פֿלעגט מען איבערציעהען דעם דעק פֿון דער „מאָנגאָליאַ" מיט א לייוואנד, דיא פאסא־שירען זאלען קענען זיצען אויפֿ'ן דעק.

וואס האט געטהאן פֿילעאַס פֿאָגג דיא גאנצע צייט פֿון דער רייזע? האט

ער זיך אומגעקוקט צו דיא ברעגעס פֿון'ם רויטען מעער און האט בעטראכט דיא ערטער, וועלכע זיינען בעריהמט אין דער געשיכטע פֿון דיא אלטע פֿעלקער?— ניין! ער האט זיך בעקענט אויף דער רייזע מיט איינינע העכערע אָפֿיציערען, וועלכע זיינען געפֿאהרען קיין באמביי אדער קאלקוטא און האט געפֿונען צווישען זיי איינינע, וועלכע האבען אויך ליעב געהאט צו שפּיעלען אין קארטען. ער פֿלעגט זיצען מיט זיי און שפּיעלען דורך דיא טעג אין קארטען. — אויפֿ'ן דעק האט מען איהם קיין מאל ניט געזעהן.

צווישען דיא פאסאזשירען אויף דער „מאָנגאָליאַ" איז געווען איינער, וועלכען דיא ענגלישע רעגיערונג האט געשיקט אלס גובערנאַטאָר קיין גאָאַ, א גייסטליכער, וועלכער איז צוריקגעפֿאהרען קיין באמביי און א גענעראל פֿון דער ענגלישער ארמעע, וועלכעס איז צוריקגעפֿאהרען צו זיין קארפּוס קיין בענארעס.

דיעזע דריי מענשען האבען זיך בעקענט נאך אויף דער רייזע פֿון ברינדיזי קיין סועץ מיט פֿילעאַס פֿאָגג. זיי האבען אויך שטארק ליעב געהאט צו שפּיעלען אין קארטען און האבען געפּאסט פֿאר פֿילעאַס פֿאָגג. זיי זיינען שוין עטליכע מאל געפֿאהרען אויפֿ'ן רויטען מעער און עס איז שוין ביי זיי קיין נייעס ניט געווען. זיי זיינען געווען העכסט צופֿריעדען, וואס זיי האבען געטראָפֿען אזא מענשען, מיט וועלכען מען קען אזוי אנגענעהם פֿערברענגען דיא צייט.

וואס האט געטהאן פאספּארטו דיא גאנצע צייט? ער האט געלעבט, וויא א קייסער. ער האט געגעסען, געטרונקען, געשלאָפֿען, זיך געבאדען און ארומגעגאנגען אויפֿ'ן דעק זוכען איינע, וועלכע זאל איהם טרייסטען נאך זיין ראַזא, וועלכע ער האט נעביך אזוי אונגעריכט געמוזט איבערלאזען אין לאנדאן.

דעם ערשטען טאג איז ער נאך געווען א ביסעל בעשעפֿטיגט מיט דיא זאכען, וואס ער האט איינגעקויפֿט. אויסער דעם איז געווען אויפֿ'ן שיף א ליאַרם, א רעש און א געוואלד פֿון דיא נייע פאסאַזשירען, וועלכע זיינען צוגעקומען אין סועץ. דעם אנדערן טאג אבער איז אויפֿ'ן דעק שוין געווען רוהיג. קוים האט ער אפגעגעסען זיין פֿריהשטיק, איז ער ארויסגעגאנגען אויפֿ'ן דעק בעטראַכטען דיא נייע פאסאזשירען. אלס עכטער פֿראַנצויז, איז ער געווען זעהר נייגיעריג און האט געוואלט אלעס זעהן.

וויא איבערראשט איז ער געווארען, ווען ער האט דערזעהן אויפֿ'ן דעק דעם דעטעקטיוו פֿיקס! ער האט איהם באלד דערקענט, אז דאס איז דערזעלבער וועלכער איז געווען אזוי פֿריינדליך געגען איהם אין סועץ. ער איז באלד צוגעשפּרונגען צו איהם, האט זיך פֿאר איהם פֿערנייגט, וויא אן עכטער טאנצמייסטער און האט איהם געזאגט:

— ווען איך האב ניט קיין טעות, האבען מיר זיך שוין געזעהן אין סועץ? איהר זייט געווען אזוי פֿריינדליך און האט מיך געפֿיהרט אין א מאַגאַזין, וואו איך האב איינגעקויפֿט איינינע זאכען.

— אך, יא! האט אויסגערופֿען פֿיקס. איך דערמאן מיך שוין! איהר זייט

דער דיענער פון דעם ענגלענדער, וועלכער האט געוואלט וויזירען זיין פאַספארט ביים ענגלישען קאנסול.

— יא, יא! איך בין עס! ערלויבט מיר צו פרעגען, וויא הייסט איהר?

— איך היים פיקס.

— אלזא, הערר פיקס, עס פרעהט מיך זעהר אייך צו טרעפען דא אויף דער שיף. מעג איך פרעגען, וואוהין איהר פאהרט?

— איך פאהר קיין באמביי, האט דער דעטעקטיוו געענטפערט גאנץ אונשולדיג.

— אלזא פאהרט איהר דאך אויף דעמזעלבען וועג, וואס איך! האט פאספארטו אויסגערופען פרעהליך. דאס איז שעהן! דאס איז גוט! מיר וועלען דעם גאנצען וועג פאהרען צוזאמען.

— יא, מיין פריינד, מיר וועלען דעם גאנצען וועג פון סועץ ביז באמביי פאהרען צוזאמען.

— זייט איהר שוין א מאל געווען אין באמביי? האט דער נייגיעריגער פראנצויז געפרעגט.

— איין מאל? איך בין שוין דארט געוועזן עטליכע מאל! איך בין אן אגענט פון דער שיפס קאמפאני, אויף וועלכער מיר פאהרען און איך פאהר זעהר אפט קיין באמביי.

— אלזא, קענט איהר דאך אינדיען! האט דער פראנצויז ווייטער געזאגט. מען זאגט, אז אינדיען איז איינע פון דיא וואונדערבארסטע לענדער אין דער וועלט.

פיקס איז קיין מאל ניט געווען אין אינדיען און האט ניט געוואוסט, וואס אין אינדיען שהוט זיך. ער האט אבער געוואלט איינרעדען פאספארטו, אז ער איז בעקאנט אין אינדיען, וויא אין לאנדאן. ער האט איהם דאהער געענטפערט:

— אינדיען! אינדיען איז איינע פון דיא וואונדערבארסטע לענדער אין דער וועלט! וואוהין איהר געהט זעהט איהר מעטשעטען (קירכען פון דיא מאחמעדאנער), פאַגאדען (קירכען פון דיא אינדיאנער), טעמפלען, פאַקירס (הייליגע מענשען) און באַיאַדערען (מעדכען, וועלכע טאנצען פאר פרעמדע). אין אינדיען איז א פארגניגען צו לעבען. עס איז דא זעהר פיעל נייעס צו זעהן. — איך מיין, אז איהר וועט זיך אויפהאלטען א לענגערע צייט אין אינדיען, אום איהר זאלט האבען צייט אנצוקוקען אלע וואונדער פון אינדיען.

— איך מיין אויך אזוי, האט פאספארטו געענטפערט. שטעלט אייך פאר, הערר פיקס, אז א מענש איז אויף א רייזע, דארף ער דאך עפעס זעהן דיא וועלט. וואס פאר א זינן האט עס צו שפרינגען פון שיף אויפ׳ן אייזענבאהן און פון אייזענבאהן אויפ׳ן שיף? וואס הייסט מאכען א רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג, ווען מען קען דיא וועלט גיט זעהן? — אה, ניין! דאס ארומשפרינגען מוז אויפהערן אין באמביי! איך מוז מיך א ביסעל צוקוקען צו דיא נייע מענשען אין באמביי.

— וואס מאכט עפּעס הערר פֿיליאַס פֿאָגג? האט פּלוצלונג דער דעטעקטיוו א פֿרעג געטהאן גלייכגילטיג. איז ער געזונד?

— אה, ער איז געזונד! האט פּאספּארטו געענטפֿערט. איך עס וויא א וואלף, הערר פילעאַס פֿאָגג עסט און טרינקט מיט'ן גרעסטען אפּעטיט. דאס קומט פֿון דער זעע לופֿט.

— איך זעה איהם אבער קיין מאל ניט אויפֿ'ן דעק, האט פֿיקס ווייטער בעמערקט.

— אזוי איז ער — וויא א מאשין. ער איז ניט נייגיעריג.

— וויא מיינט איהר, הערר פּאַספּאַרטו? זאל ניט אייער הערר אייך אָפּנארדען, ווען ער זאגט אייך, אז ער וויל מאכען א רייזע ארום דיא וועלט? מעגליך, אז ער האט עפּעס א סעקרעט? מעגליך, אז דיא קעניגין וויקטאריא האט איהם געשיקט ערגעץ צו א קייסער אין אינדיען אדער אין כינא? — הא? וואס דענקט איהר?

— איך ווייס ניט, הערר פֿיקס! — איך וועל אייך זאגען דיא וואהרהייט, עס אינטערעסירט מיך גאר ניט צו וויסען, צו וואס ער פֿאהרט.

— דאס איז ניט גלייך פֿון אייך, הערר פּאספּארטו! ווען מען דיענט ביי איינעם, דארף מען וויסען אלעס, וואס ער טהוט און וואוהין ער פֿאהרט. אזעלכע זאכען קומען אָפֿט יעהר גוט צו נוץ.

פּאספּארטו און פיקס זיינען געווארען דיא בעסטע פֿריינד. זיי פֿלעגען אָפֿט פּלוידערן צוזאמען, נאך אָפֿטער פֿלעגען זיי זיך טרעפֿען אין רעסטאראן פֿון דער „מאָנגאָליאַ“, וואו מען האט געקענט קריעגען א גוטע, קאלטע גלאז ביער אדער א גוטען שנאפּס, וועלכע פֿיקס האט זעהר ליעב געהאט און פֿלעגט זעהר אָפֿט טראקטירען זיין פֿריינד פּאַספּאַרטו.

דער לוסטיגער פֿראנצויז האט געפֿונען, אז מיסטער פֿיקס איז א גאנץ גוטער און אנשטענדיגער מאן. מיט אזא מענשען איז א פֿערגניגען צו פּלוידערן. מיט איהם קען מען זיך וועניגסטענס דורכרעדען. ער האט איהם דערצעהלט אלע זיינע געהיימניסע. זאגאר פֿון זיין ליעבע צו ראָזאַ.

אזוי זיינען פֿערגאנגען אייניגע טעג. דיא „מאָנגאָליאַ“ איז אונטערדעסען געגאנגען איהר וועג. דאס רויטע מעער איז געוועזן רוהיג, דאס וועטער איז געוועזן שעהן. פּאספּארטו און פֿיקס פֿלעגען פערברענגען גאנצע טעג אויפֿ'ן דעק.

דעם 13טען אקטאבער איז דיא „מאָנגאָליאַ“ פארביי געפֿאהרען דיא בעריהמטע שטאדט מאָקאַ, פֿון וואנען עס קומט דער בעסטער סארט קאפֿע אין דער וועלט. פֿיעלע פּאסאזשירען זיינען ארויסגעגאנגען אויפֿ'ן דעק בעטראכטען דיעזע וואונדערבארע אלטע אראבישע שטאדט. פּאספּארטו איז אויך געוועזן צווישען דיא נייגיעריגע. זיין פֿריינד פֿיקס האט איהם ערקלערט, פֿאר וואס דיעזע שטאדט איז אזוי בעריהמט.

צוריק מיט עטליכע הונדערט יאהר איז דער קאפֿע געוואקסען גאנץ ווילד

ארום דער שטאדט. דיא איינוואינער האבען ניט געוואוסט, וואס צו טהאן מיט דיא קערנער קאַפֿע. זיי האבען פּראבירט זיי עסען — זיי האבען קיין שום שעם נים; זיי האבען פּראבירט זיי קאכען — זיי קאכען זיך ניט איין. זיי האבען געפֿו־נען, אז דיא קערנער טויגען צו גאר נישט און פֿלעגען זיך אויף זיי ניט אומקוקען.

ניט ווייט פון דער שטאדט האט געוואינט א הייליגער מאן. ער האט גע־וואינט אין א הייל און האט געהאט א פּאר ציעגען, וועלכע ער פֿלעגט מעלקען. איינמאל האט ער דערזעהן, אז ווען דיא ציעגען עסען דיא גרינע קאַפֿע קערנער, ווערן זיי פֿרעהליכער און שפרינגען ארום לוסטיג און מונטער.

ער האט אויך פּראבירט עסען דיא קאַפֿע קערנער און האט געפֿיהלט, אז ער ווערט אויך לעבעדיגער און קען ניט שלאָפֿען.

— דאס איז דאך א גוטע זאך! האט ער אויסגערופֿען. דיא הייליגע מענער אין דער מעדרעסע (א סארט מאנאסטיר) פֿערברענגען אפֿט גאנצע נעכט אין בעטען גאט און אין לערנען דעם קאָראַן. זיי ווילען זעהר שלאפֿען און ווערן א אנטשלאפֿען אויפֿ'ן הייליגען קאָראַן. איך וועל זיי געבען דיעזע קערנער, וועלען זיי ניט שלאפֿען.

ער האט זיי געגעבען דיא קאַפֿע קערנער. דיא הייליגע מענער אין מעד־רעסע האבען באלד אויסגעפֿונען, וויא אזוי צו מאַכען און צו בענוצען דעם קאַפֿע. פֿון דיעזע הייליגע מענער זיינען אנדערע, ניט הייליגע מענער, געוואהר געווא־רען פון קאַפֿע און האבען איהם איינגעפֿיהרט אין אייראפא אין 1652.

פאספארטו האט אויסגעגלאצט א פאר אויגען. ער האט געמיינט, אז קאַפֿע טרינקט מען, זייט דיא וועלט שטעהט. יעצט ערשט האט ער זיך גוט צוגעקוקט צו דער שטאדט מאָקאַ. ער האט אבער געזעהן נור גרויסע הויפֿען שטיינער — מויערן ארום מאָקאַ — און איבער דיעזע שטיינער האבען ארויסגעשטעקט עטליכע פאַלמען (טייטעל ביימער).

— וואו וואקסט דער גוטער קאַפֿע, פֿון וועלכען איהר האט מיר דערצעהלט? האט ער געפֿרעגט זיין פֿריינד.

— זעהט נור דארט, ווייטער, אויף דיא בערג זיינען דא גאנצע וועלדער. דאס זיינען וועלדער פֿון קאַפֿע ביימער.

פאספארטו האט געטאנצט פֿאר פֿרייד. זייט ער לעבט, האט ער ניט גע־זעהן, וויא דער קאַפֿע וואקסט.

דעם 14טען אקטאבער גאנץ פֿריה איז דיא „מאָנגאָליאַ“ צוגעקומען צו א גאנץ שמאלען פּאַס וואסער. דא ענדיגט זיך דאס רויטע מעער. באלד הייבט זיך אן דאס אינדישע וועלט מעער, אָצעאַן. דיעזער שמאלער פּאַס וואסער הייסט „באַב־על־מאַנדעב“ אויף אַראַביש. דאס הייסט, דיא טויערן פֿון טרערין. א מאל פֿלעגט זיין זעהר געפֿעהרליך צו פֿאהרען אויף דיעזען שמאלען פאס וואַ־סער. דאס מעער איז דארט זעהר אונרוהיג. עס קומען זיך צונויף דיא וואסערן פֿון ביידע מעערן. דיא קליינע אראבישע שיפֿלעך פֿלעגען זעהר אפֿט אונטער־

געהן אויף דיעזען ארט. דערפאר האבען זיי עס א נאמען געגעבען באב-על-מאַנדעב — דיא טויערן פון טרערין.

דיא „מאָנגאָליאַ“ אבער האט פאר אזעלכע וואסערן קיין מורא ניט געהאט. זיא איז זיך רוהיג דורכגעפאהרען דיא טויערן פון טרערין און האט זיך זאגאר ניט אפגעשטעלט. זיא האט זיך געאיילט צו קומען קיין אַדען, וואו זיא האט געדארפט ווידער אויפנעהמען קוילען גענוג ביז באמביי.

אין אַדען האט דיא „מאָנגאָליאַ“ ווידער געדאַרפט שטעהן פיער שטונדען. פון אַדען ביז באמביי איז א שטרעקע פון טויזענד זעקס הונדערט און פופציג מייל. אויף אזא שטרעקע מוז מען זיך אנגרייטען מיט קוילען.

פילעאַס פאָגג האט געוואוסט דערפון. עס האט איהם אבער ווייניג געקימערט, וויל דיא „מאָנגאָליאַ“ איז אנגעקומען מיט 15 שטונדען פריהער קיין אַדען, אלס זיא האט געדארפט אנקומען. ער האט אלזא געוואונען גאנצע פופצעהן שטונדען!

קוים איז דיא „מאָנגאָליאַ“ געבליעבען שטעהן ביי איהר דאָק, איז פילעאַס פאָגג מיט זיין דיענער אראפגעגאנגען קיין אַדען. פילעאַס פאָגג איז גלייך געגאנגען צום גובערנאטאר און האט וויזירט זיין פאספארט. אין א האלבע שטונדע איז ער געווען פערטיג און איז צוריקגעגאנגען אויפ'ן שיף. פאספארטו אבער איז געווען נייגיעריג צו בעטראכטען דיא צווייטע אראבישע שטאדט, וואס ער האט געזעהן אין זיין לעבען.

ער איז ארומגעלאפען א פאר שטונדען אין דיא גאסען פון אַדען. דיא שטאדט איז איהם ניט געפעלען. דיא שטאדט אַדען געפינט זיך אויף א נאקעטען שטיין. אין דער גאנצער שטאדט קען מען ניט געפינען ניט איין ביימעלע, ניט איין גרעזעלע. דיא היץ איז שרעקליך. אַדען איז א וואַהרער גיהנם. דיא זון ברענט, וויא פייער און דערהיצט דיא שטיינער אזוי שטאַרק, אז זיי ברענען, גלייך וויא מען וואלט זיי ארויסגענומען פון אונטערן קעסעל אין אַ באָד. אין דער גאנצער שטאדט איז ניטא ניט איין ברונען, ניט איין ביסעל וואסער. מען פיהרט וואסער אין לאָגלען (פעל פון ציעגען) פון א ברונען, וועלכער געפינט זיך א פאר מייל ווייט פון דער שטאדט.

— צום טייפעל מיט אזא שטאדט! האט פאספארטו אויסגערופען. מען קען דאך דא פערברענט ווערן!

ער וואלט געוויס באלד צוריקגעלאפען אויפ'ן שיף, ווען עס זאלען איהם נים געווען אויפהאלטען דיא זאנדערבארע איינוואינער פון אַדען. ער האט דארט געזעהן אזוי פיעל פערשידענע פעלקער, וועלכע ער האט נאך אין זיין לעבען ניט געזעהן.

דא זיינען געגאנגען דיא האלב ווילדע סאָמאַנלי, אן אראבישער פעלקער שטאם (שבט). זיי זיינען געגאנגען אין דיא קליידער, וועלכע אדם האט געטראַגען אין גן עדן. אין אזא הייסער געגענד דארף מען קיין קליידער ניט. ווייטער האט ער געזעהן פּאַרסים, א פאלק, מיט וועלכען מיר וועלען זיך שפעטער בעַ-

קענען אין אינדיען. דארט האט ער געזעהן אידען אין זייערע לאנגע אראבישע קליידער. ווייטער האט ער געזעהן באַניאַנער, אויך א האלב ווילדעס פאלק.

— אך! וויפיעל פעלקער געפינען זיך אויף דיעזען הייסען שטיין! האט ער אויסגערופען. דאס איז ווירקליך א זאנדערבארע שטאדט.

וויא ערשטוינט איז ער ווייטער געווען, ווען ער האט דערזעהן, וויא דיא שטאדט איז בעפעסטיגט; וויא אויף דיא מויערן שטעהן קאנאנען און דראהען מיט זייערע אייזערנע מיילער. ער האט געטראפען אן ענגלישען סאלדאט, מיט וועלכען ער האט זיך צורעדט.

דער סאלדאט האט איהם דערצעהלט, אז אַדען איז געווען א בעריהמטער פארט שוין זייט מעהר אלס צוויי טויזענד יאהר. דער אידישער קעניג סאלאמאן (שלמה המלך) פלעגט דא האלטען זיינע שיפען. יעצט געהערט עס צו ענגלאנד.

— יעצט זעה איך טאקע, אז עס איז זעהר ניצליך צו רייזען אויף דער וועלט, האט פאספארטו געזאגט צו זיך אליין. וואס זעהט מען אין פאַריז? פראַנ־צויזען און ווידער פראנצויזען! דא זעהט מען וועניגסטענס אלערליי מענשען און מען הערט פון א אידישען קעניג סאלאמאן. מיין הערר, פילעאַס פאָגג האט רעכט, וואס ער מאכט א רייזע ארום דיא וועלט. מען זעהט עפעס, ווען מען רייזט!

ער וואלט געווען ארומשפאַצירט אין אדען נאך א לאנגע צייט, אבער דיא היץ איז געווען שרעקליך. ער האט געמוזט צוריקגעהן אויף דער „מאָנגאָליאַ“.

אום 6 אוהר פאר נאכט האט דיא „מאָנגאָליאַ“ אנגעהויבען שטארק צו פייפען און איז לאנגזאם ארויסגעפאהרען פון אַדען. באלד איז זיא אריינגעקומען אין אינדישען וועלט מעער. דא האבען דיא פאסאזשירען גאר אפגעלעבט.

צוואר איז אויפ'ן אינדישען וועלט מעער אויך הייס, אבער ניט אזוי וויא אויפ'ן רויטען מעער. אויפ'ן אינדישען וועלט מעער בלאזען בעשטענדיג קיהלע ווינטען און קיהלען א ביסעל אפ דיא היץ. גאנץ פריה און פאר נאכט איז א פערגניגען צו זיין אויפ'ן דעק.

אויף דער „מאָנגאָליאַ“ איז ווידער געווארען פרעהליך. דיא דאמען פלע־גען ארויסקומען אין ווייסע קליידער אויפ'ן דעק, פלעגען זינגען אדער שפיעלען אויף דער פיאַנאָ. מען פלעגט שפיעלען, טאנצען און זעהר פרעהליך פערברענ־גען דיא אבענדע.

דיא רייזע איז געווען זעהר א גליקליכע. דאס מעער איז געווען רוהיג און גלאט, וויא א שפיעגעל. דאס וועטער איז געווען שעהן און דיא פאסאַזשירען זיינען געווען לוסטיג. פאספארטו איז געווען גליקליך, וואס גאט האט איהם בע־שערט אזא קאַמפאַניאָן, וויא מיסטער פיקס, מיט וועמען ער האט געקענט אוועקרעדען שטונדען לאנג.

דעם 20טען אקטאבער אום צוועלף אוהר אין דער פריה האט דער מאַט־ראז, וואס שטעהט אויף דער וואך, אויסגערופען: לאנד! — דיא „מאָנגאָליאַ“ איז צוגעקומען קיין אינדיען. אום צוויי אוהר איז צוגעקומען א שיפעל מיט א פילאָט (פילאָט הייסט דער מאן, וועלכער פיהרט אריין דיא שיפען אין פארט).

אלע פאסאזשירען זיינען ארויסגעקומען אויפ'ן דעק. זייער רייזע האט זיך געענדיגט. זיי זיינען שוין אין באָמביי! באלד האט מען דערזעהן בערגלעך בע־דעקט מיט ווערלדער פון אלערליי זעלטענע און אונבעקאנטע ביימער.

פון אלע זייטען האט מען געזעהן גרינע אינזלען. דיא „מאָנגאָליאַ“ איז אריינגעגאנגען צווישען דיזע אינזלען און איז געפאהרען זעהר לאנגזאם. פון אלע זייטען האבען זיא ארומגערינגעלט קליינע שיפלעך, אין וועלכע עס זיינען געזעסען האלב נאקעטע אדער גאנץ נאקעטע מענשען און האבען געבאטען צו פערקויפען פרוכטען און אנדערע ארטיקעל.

ארום דעם שיף האט מען געהערט א רעש, א ליארם, א געשריי. פרעמדע מענשען, פרעמדע געזיכטער און פרעמדע שפראַכען.

פילעאַס פאָגג מיט זיינע קאמעראדען האבען גאנץ רוהיג געשפיעלט אין קארטען, ביז דיא „מאָנגאָליאַ“ איז צוגעקומען צו איהר דאָק. דאן האבען זיי זיך אפגערעכענט, האבען איינער דעם אנדערן בעצאהלט און זיינען ארויס אויפ'ן דאַק.

דיא „מאָנגאָליאַ“ האט געדארפט אנקומען קיין באמביי דעם 22טען אק־טאבער. זיא איז אנגעקומען דעם 20טען. זיא איז אנגעקומען מיט צוויי טאג פריהער. פילעאַס פאָגג האט ארויסגענומען זיין נאטיץ בוך און האט פערצייכענט דיא שטונדע און דיא מינוט, אין וועלכע זיי זיינען אנגעקומען קיין באמביי. ער האט זיך ניט געקימערט, וואס עס טהוט זיך ארום איהם; ער האט זיך ניט צו־געקוקט, ניט צו דיא נייע זאנדערבארע מענשען, ניט צו זייערע קליידער, ניט צו זייער שפראַכע.

ער האט זאגאר גיט בעטראכט דאס שעהנע, הערליכע לאנד, וואס האט זיך יעצט אויסגעשפרייט פאר דיא רייזענדע. וואס געהן איהם אן דיזע אלע זאכען? ער פאהרט נור אום צו בעווייזען, אז עס איז מעגליך צו מאַכען א רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג. ער פאהרט ניט אנקוקען דיא וועלט, ער קען זיא שוין.

פאספארטו איז דיא גאנצע צייט געשטאנען אויפ'ן דעק און האט געהאל־טען אפען מויל און אויערן. אזא וועלט האט ער נאך קיין מאל ניט געזעהן, פון אזעלכע מענשען האט זיך איהם קיין מאל ניט געטרוימט. דאס איז ניט פאַריז, ניט לאנדאן, ניט ניו יארק — דאס איז באמביי! דאס איז אינדיען!

10טעס קאפיטעל.

## פאספארטו איז נאך גליקליך, וואס ער האט פערלארען נור זיינע שיך.

אינדיען איז ווירקליך א וואונדער לאנד. אלע גרויסע הערשער האבען געשטרעבט קיין אינדיען. אלעקסאנדער דער מאַקעדאָניער (אלכסנדר מוקדן) איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט אפגענומען אינדיען. אינדיען איז דאס לאַנד פון גאלד און טהייערע שטיינער. מעגליך, אז דערפאר איז דאס פאלק דארט

אזוי ארים. ווען דיא העררשער האבען צופיעל גאלד און בריליאַנטען, האט דאס פאלק קיין ברויט ניט.

ווען מיר בעטראַכטען דיא לאנד קארטע פון אינדיען, זעהן מיר א גרויסען דרייעק ▽ דיא ברייטע זייט איז פעראייניגט מיט אזיען. דיא צוויי שמאלע זייטען ווערן בעוואשען פון'ם אינדישען וועלט מעער. אויף דיעזעם שטיק לאנד לעבען צוויי הונדערט מיליאָן מענשען.

א מאל האבען דיעזע צוויי הונדערט מיליאן מענשען געהאט זייערע פירסטען, זייערע קעניגע און זייערע קיסריים. היינט האט ענגלאנד אלעם אפגענומען. עס האט אפגענומען אינדיען ניט מיט א מאל, זאנדערן צו ביסלעך ווייס. אייניגע אינדיאנער פירסטען און קעניגע זיינען געווארען גאנץ איינפאַך ענגלישע בעאַמטע. ענגלאנד צאהלט זיי א יעהרליכעס געהאלט פון אזוי פיעל און אזוי פיעל פונט סטערלינג. אנדערע האבען ניט געוואלט איינבייגען זייערע קעפ אונטערן ענגלישען יאך, האבען זיך גראַנגעלט זעהר לאנג און זיינען געבליעבען העררשער אין זייערע לענדער.

ענגלאנד האט יעצט הונדערט און צעהן מיליאן אונטערטהאנען אין אינדיען. ניט אומזיסט האט זיך דיא ענגלישע קעניגין א נאמען געגעבען קייזערין פון אינדיען. זיא איז דארט ווירקליך דיא קייזערין איבער פיעלע פירסטען און קעניגע. וויא א שפין ציעהט אויס זיינע פעדים און בעדעקט דאס גאנצע הויז מיט זיינע נעצען, אזוי האט ענגלאנד צו ביסלעכווייס אפגענומען איין שטיקעל לאנד נאכ'ן אנדערן, איין פירסט נאכ'ן אנדערן, איין קעניג נאכ'ן אנדערן און האט אריינגעזעצט איהרע גובערנאטארען און איהרע בעאַמטע.

יעצט איז דאס ענגלישע אינדיען איינגעטהיילט אין פינף גרויסע פראווינצען אדער גרויסע לענדער, אין וועלכע עס הערשען ענגלישע גובערנאטארען. דער גענעראל גובערנאטאר אדער וויצע קעניג וואינט אין קאַלקוטאַ. גובערנאַטאָרען וואינען אין מאַדראַס, באַמביי, בענגאַל און אַגראַ.

דיא ענגלישע רעגיערונג האט איינגעפיהרט אין אינדיען אלע נייע פערבעסערונגען און ערפינדונגען פון דער אייראפעאישען ציוויליזאציאָן: אייזענבאהנען, טעלעגראפען, דאמפף שיפען און עלעקטערישע בעלייכטונג.

אין דער צייט פון אונזער ערצעהלונג, אין 1872, איז אין אינדיען ערשט געענדיגט געווארען דיא ערשטע אייזענבאהן, פון באַמביי קיין קאַלקוטאַ. דיעזע אייזענבאהן שניידעט דורך גאנץ אינדיען. ווען דיא באהן זאל געהן גלייך פון באַמביי קיין קאלקוטא, וואלט דער וועג געדארפט געדויערן נור איינִיגע שטונדען. זיא געהט אבער ניט גלייך, ווייל זיא בעריהרט אויפ'ן וועג פיעלע גרויסע שטעדט, וואו דער האנדעל בליהט, דערפאר געדויערט דער וועג גאנצע 3 טעג.

פון דיא גרעכטע שטעדט, וועלכע דיעזע אייזענבאהן בעריהרט וועלען מיר אנרופען דיא בעריהמטעסטע, וויא אללאַהאַבאַד, בענאַרעס, בורדיוואן און טשאַנדערנאַגאָר. דאס זיינען אלע גרויסע און רייכע האנדעלס שטעדט, יעדע פון זיי

איז בעריהמט דורך דיא ארטיקעלען, וואס ווערן דארט פאבריצירט, אדער דורך דיא הייליגע טעמפלען, וועלכע געפינען זיך דארט.

דאס ווארט אללאהאבאד הייסט, דיא שטאדט פון גאט — עיר אלוהים —. אללאהאבאד איז א הייליגע שטאדט. ניט ווייט פון אללאהאבאד קומען זיך צו־נויף צוויי גרויסע טייכען: דער גאנגעס און דיא דשומנא.ביידע טייכען זיינען הייליג. ווען אזעלכע צוויי הייליגע וואסערן קומען זיך צונויף, איז דער ארט געוויס דיא הייליגקייט פון דיא הייליגקייטען — קודש קדשים.

דיא אינדיאנער גלויבען, אז ווער עס באדעט זיך אין דעם ארט, וואו דיעזע צוויי הייליגע וואסערן גיעסען זיך צונויף, דער ווערט אליין הייליג. ער ווערט ריין פון זיינע זינד און זיין נעבעט געהט ארויף גלייך צו גאט.

דאס איז דיא אורזאכע, וואס אין אללאהאבאד זיינען שטענדיג דא עטליכע צעהנדליג טויזענדער פרעמדע מענשען, פרומע אינדיאנער, וועלכע קומען זיך באדען אין דיא הייליגע וואסערן. יעדער ברייננט מיט זיך עפעס אן ארטי־קעל סחורה, וועלכען ער פערקויפט אדער פערבייט פאר אנדערע זאכען. פרומ־קייט מיט געשעפט געהער זיך ניט אן. מען מעג זיך זיין גאנץ פרום און דערביי מאכען דיא בעסטע געשעפטען מיט דיא הייליגסטע זאכען פון'ם מענשליכען גלויבען.

בענארעס איז ווידער זעהר א הייליגע שטאדט. דארט ליעגען בעגראבען פיעלע אינדישע הייליגע. דערפאר איז זיא אויך א גרויסע האנדעל שטאדט.

דאס איז אינדיען! אלעס איז א סחורה. דאס הייליגע וואסער פון'ם טייך גאנגעס אדער גאנגא, איז א סחורה. דאס מיסט פון דער הייליגער קוה איז א סחורה. הילצערנע שניצערייען פון דיא געטער איז געוויס א סחורה. אלעס, אן וואס דער מענש גלויבט און צו וואס ער דיענט, איז א סחורה.

דיא ענגלישע רעגיערונג מישט זיך ניט אריין אין רעליגיאנס זאכען פון דיא אינדיאנער. נור דארט, וואו דיא אינדישע רעליגיאן פארדערט מענשען לע־בען, האבען דיא ענגלענדער עס פערבאטען. זיי מאכען זיך אבער ניט וויסענדיג, ווען אזא ווילדע און אונמענשליכע רעליגיאנס צערעמאניע קומט פאר ערגעץ אין א וואלד, ווייט פון דער שטאדט.

זיי וואלטען פיעללייכט אלעס ערלויבט, ווען דיא אינדישע רעליגיאן זאל ניט פארדערן אפט אזעלכע שרעקליכע מענשען אפפער, וויא צום ביישפיעל, דיא בעקאנטע צערעמאניע, אז ווען דער מאן שטארבט, דארף מען פערברענען זיין פרוי לעבעדיגערהייט מיט איהם.

מיר וועלען נאך האבען א געלעגענהייט בייצוואוינען אזא צערעמאניע. דארט וועלען מיר זיא גענויער בעשרייבען. מיר וועלען דארט עפעס מעהר בע־שרייבען דיא זאנדערבארע אינדישע רעליגיאנען.

אום פיער אוהר איז דיא „מאנגאליא" אנגעקומען קיין באמביי. דער צוג פון באמביי קיין קאלקוטא געהט אפ אום אכט אוהר אבענדס.

פילעאס פאגג האט פערשריעבען אין זיין נאטיץ בוך דיא שטונדע און דיא

מינוט, ווען ער איז אנגעקומען קיין באמביי. דאן האט ער אבשיעד גענומען פֿון זיינע בעקאנטע, האט געהייסען זיין דיענער צונויפֿנעהמען זיינע זאכען און איז מיט איהם אראפגעגאנגען פֿון דער „מאָנגאָליא“.

ער איז געגאנגען אין פאספארט אַפּיס וויזירען זיין פאספארט. אויפֿ'ן וועג האט ער געהייסען פאספארטו קויפֿען איינינע זאכען, וואס ער האט געדארפֿט.

— ווען דוא וועסט אלעס איינקויפֿען, זאלסט דוא גלייך צוקומען צום באהנ־האף, האט ער איהם נעזאגט. פֿערגעס ניט, אז דער צוג געהט אפּ פונקט אכט אוהר.

פאספארטו איז זיך אוועקגעגאנגען.

פֿילעאַס פֿאָגג האט געפֿרעגט א פאליסמאן, וואו עס געפֿינט זיך דיא פאס־פארט אַפּיס און איז אהין געגאנגען. דער גובערנאטאר האט וויזירט זיין פאס־פארט אהן יעדע שוועריגקייט. פֿילעאַס פֿאָגג האט גענומען אן אינדישע דראשקע — גהאַררי, וויא זיא הייסט אויף אינדיש — און איז געפֿאהרען צום באהנהאף.

דיא גהאַררי איז ניט גאנץ שעהן און ניט גאנץ אנגענעהם. דאס איז א פֿיערעקיגער קאסטען אויף צוויי רעדער מיט א קליין דעבעל איבערן קאפּ. פֿי־לעאַס פֿאָגג האט זיך ווענינ געקימערט, וואס דיא גהאַררי איז ניט שעהן.

ער האט זאגאר ניט געוואלט אנקוקען דיא וואונדער פֿון באַמביי. ער האט ניט געוואלט זעהן דיא בעריהמטע ביבליאָטהעק, דאס וואונדער פֿון אינדיען. ער האט ניט געוואלט בעטראכטען דיא מאהאמעדאנישע מעטשעטען, ניט דיא קריסטליכע קירכען, ניט דיא אידישע סינאַגאָגען, ניט דיא אינדישע פּאַגאָדען.

יעדער טאג פֿון דער וואך איז א פֿייערטאג ביי איינעם פֿון דיא פֿערשיע־דענע פֿעלקער אין באמביי. ביי דיא אידען איז שבת דער טאג פֿון רוה, ביי דיא קריסטען איז זונטאג, ביי דיא פארסים איז מאנטאג, ביי דיא אינדיאַנער איז דאָ־נערשטאג און ביי דיא מאחמעדאנער איז פֿרייטאג.

דיא גרעסטע וואונדער פֿון באמביי אבער זיינען דיא צוויי קליינע אינזלען: עלעפֿאנטא און סאַלסעט. אויף דער אינזעל עלעפֿאַנטאַ געפֿינט זיך אויסגעהאקט אין שטיין אונטער דער ערד אן אונגעהייער גרויסער טעמפעל, וואו דיא אינדיא־נער דיענען צו זייערע געטער. אין אַ גרויסען זאַל אונטער דער ערד געפֿינען זיך דריי גרויסע בילדער פֿון שטיין פֿון דיא דריי הויפט געטער פֿון דער אינדי־שען רעליגיאן: בראַהמאַ, סיוואַ און ווישנו.

פֿאר דעם ארייננאנג אין טעמפעל שטעהט א שרעקליך גרויסער עלעפֿאנט אויסגעהאקט פֿון איין שטיין. פֿון דיזען עלעפֿאנט האט דיא אינזעל ערהאלטען איהר נאמען — עלעפֿאנטאַ.

דיא אנדערע וואונדערבארע אינזעל איז סאלסעט. אויף דיזער אינזעל געפֿינט זיך אויך הייליגע טעמפעל אונטער דער ערד, אבער פֿון אנאנדערן גאט — בודדהאַ. דאס איז א גאנץ אנדערער גאט און א גאנץ אנדערע רעליגיאן.

שעהן איז ווייטער אין באמביי דיא פֿארשטאדט מיט'ן נאמען „מאלאבאר־הילל“. דארט וואינען אלערליי קויפֿלייטע פֿון באמביי. דארט האבען זיי זייערע

ווילאַ׳ס (דאַטשעס) אדער בונגאַלאָ׳ס, וויא עס הייסט אויף דער אינדישער שפּראַ־כע. א גאנצען טאג געפינען זיי זיך אין זייערע מאגאזינען און אין זייערע גע־שעפטען אין באמביי. פארנאכט פאהרען זיי ארויס קיין מאלאבאר הילל, וואו די לופט איז ריין און זעצען זיך אויף די באַלקאָנ׳ס פון זייערע הייזער געניסען דעם שעהנעם, ווארעמען אבענד.

פילעאַס פאָגג האט די אלע זאכען ניט געוואלט זעהן. ער האט געהאט נור איין זארג, ער זאל וואס שנעלער ארויספאהרען קיין קאלקוטא.

ער איז געקומען אויפ׳ן באהנהאף, איז אריינגעקומען אין רעסטויראַנט און האט זיך געהייסען געבען א מיטאג, אבער דאס בעסטע, וואס דער ווירטה האט. דער ווירטה האט איהם געוואלט איבערראַשען און האט איהם אויפגעגעבען א געבראטענעם האז, אבער אן אינדישען האָז.

פילעאַס פאָגג האט איהם פערזוכט און האט געפונען, אז די אינדישע האזען זיינען אבשייליך. מען קען זיי אין מויל ניט נעהמען. ער האט באלד גע־רופען דעם ווירטה און האט איהם געפרעגט:

— מיסטער, וואס האט איהר מיט דא אייפגעגעבען?

— א געבראטענעם האז.

— איז דאס ווירקליך א האז?

— געוויס, מיין הערר, דאס איז א האָז פון די דשונגלי׳ס.

די דשונגלי׳ס אין אינדיען הייסען ניעדעריגע געגענדען, מייסטענס זומפיגע, וועלכע זיינען בעדעקט מיט גאנץ הויכעם גראז און מיט באַמבוק (טראסט). די דשונגלי׳ס זיינען אזוי געדיכט, אז מען מוז זיך אויסהאקען א וועג אין זיי מיט א האק אדער מיט א גרויס מעסער. אין די דשונגלי׳ס האלטען זיך אויף אלע ווילדע טהיערע. אין די דשונגלי׳ס געפינט זיך דער געפעהרליכסטער פון אלע ווילדע חיות, דער קעניגס טיגער. מען מוז זיין א גוטער יעגער אום זיך צו יאגען נאך חיות אין די דשונגלי׳ס.

ווען פילעאַס פאָגג האט דערהערט, וויא דער ווירטה זאגט איהם אזוי רו־היג, אז ער האט איהם אויפגעגעבען א האז פון די דשונגלי׳ס, האט ער אויף איהם געווארפען א פעראכטענדען בליק און האט איהם געפרעגט גאנץ רוהיג:

— האט דיעזער האז געמאַכט מיא־או, ווען מען האט איהם געחאַפּט?

— א האז זאל מאכען מיא־או? וואס רעדט איהר, מיין הערר? — איך שווער איך —

— שווערט ניט, הערר ווירטה, האט פילעאַס פאָגג רוהיג געזאגט. איך ווייס גאנץ גוט, אז א מאל זיינען די קעץ געווען הייליג ביי די אינדיער. דאמאלס זיינען געווען גוטע צייטען.

— פאר די קעץ.

— ניין, פאר די רייזענדע, האט פילעאַס פאָגג געענטפערט און האט אוועקגערוקט פון זיך דעם טעלער מיט׳ן געבראטענעם האז.

# א רייזע ארום דיא וועלט אין 80 טעג.

ער איז געוועזן זיכער, אז מען האט איהם געגעבען א געבראטענע קאץ פאר א האז.

דער דעטעקטיוו פיקס איז אראפ פון דער „מאָנגאָליאַ" איינינע מינוטען שפעטער נאך פילעאס פאגג. ער איז איהם נאכגעגאנגען און האט געהערט, וויא ער האט געזאגט צו זיין דיענער, אז ער זאל קומען אויפ'ן באהנהאף פונקט אום אכט אוהר.

פיקס האט אויך גענומען א דראשקע און איז גלייך געפאהרען אויף דיא פאָליציי. ער האט זיך פארגעשטעלט פארן שעף פון דער פאליציי פון באמביי, האט איהם געזאגט, ווער ער איז און וויא אזוי ער האט אויסגעפונען דעם באנק רויבער. דאן האט ער געפרעגט, אויב עס איז אנגעקומען פון לאנדאן א וואר־ראנט צו ארעסטירען איהם.

דער שעף פון דער פאליציי האט געענטפערט, אז ער האט קיין ווארראנט ניט ערהאלטען און האט איהם ערקלערט, אז עס קען נאך גאר קיין ווארראנט ניט אנקומען אזוי גיך, ווייל ער האט טעלעגראפירט נאך א ווארראנט מיט זיע־בען טעג שפעטער, ווען דער רויבער איז שוין געוועזן אויפ'ן רויטען מעער.

פיקס איז געבליעבען שטעהן, וויא איינער, וואס מען האט איהם אפגעגא־סען מיט אן טמער קאלטעס וואסער.

— פיעללייכט קענט איהר איהם דערווייל ארעסטירען, ביז עס וועט אנ־קומען דער ווארראנט פון לאנדאן? האט ער געבעטען.

— דאס איז אונמעגליך, האט דער שעף פון דער פאליציי געענטפערט. ער פאהרט מיט אן ענגלישען פאספארט. דער פאספארט איז ריכטיג און וויזירט ביי דיא ענגלישע קאנסולען. וויא קען איך אַרעסטירען אַ מענשען גלאַט אַזוי, אהן אן אורזאכע? איך מוז דארויף האבען א בעפעהל פון דער לאנדאנער פא־ליציי אדער א ווארראנט פון א ריכטער. אנדערש קען איך איהם גאר ניט טהאן.

פיקס האט געשוויגען. ער האט געוואוסט, אז דער שעף פון דער באמ־בייער פאָליציי האט רעכט. ער איז ארויסגעגאנגען פון דער פאליציי פערטראַכט.

— עס וועט מיר גאר ניט העלפען, האט ער געזאגט צו זיך אליין. איך מוז איהם נאכשפירען. איך טאר איהם ניט אפלאזען פון'ם אויג. ער איז א גע־פעהרליכער רויבער.

פאַספאַרטו איז געבליעבען שטעהן אין דער מיט פון א לעבעדיגער גאס פון באמביי און האט זיך אויך פערטראכט. ביז אהער האָט ער נאך אלץ ניט געגלויבט, אז ער מאכט א רייזע ארום דיא וועלט. יעצט אבער, ווען פילעאס פאגג האט איהם אנגעזאגט, ער זאל ניט פערזוימען דעם צוג קיין קאלקוטא, וועל־כער געהט אפ פונקט אום אכט אוהר, האט ער געפונען, אז עס איז טאקע מעגליך, אז זיין הערר האט זיך געוועט, ער זאל מאכען א רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג.

ער איז געווארען זעהר טרויעריג. ער האט זיך שוין גענוג אנגעפלאגט אויף דער וועלט און האט זיך שוין געוואלט א ביסעל אפרוהען. פלוצלונג, גא

דיר! לויף! פאהר און שלעפ זיך ארום דיא וועלט. — און ראזא? —

ער האט אבער קיין צייט ניט געהאט לאנג צו טראכטען. באמביי איז א פרעהליכע, רוישענדע שטאדט. דיא גאסען קאכען פון טויזענדער מענשען, וועלכע געהען און פאהרען.

ער האט געזעהן מענשען, וועלכע ער האט אין זיין לעבען ניט געזעהן און קליידער, פון וועלכע ער האט זאגאר קיין מאל ניט געטרוימט.

דא זיינען געגאנגען מאהמעדאנער מיט טורבאנס אויף דיא קעפ, דארט — פערזער מיט הויכע, שפיציגע היט; דארט סינדען (אזא פאלק) מיט פיערקיגע היט, ווייטער האט מען געזעהן ארמעניער אין לאנגע, ווייסע קליידער, נאך ווייטער פארסים אין שווארצע, שפיציגע יארמאלקעס.

דיא פארסי זיינען א זאנדערבארעס פאלק. זיי דיענען צום פייער. ביי יעדען פארסי אין שטוב ברענט א לעמפעל טאג און נאכט — א נר תמיד — ביי זיי איז אבער הייליג ניט נור דאס פייער אליין, זאנדערן אויך דאס וואסער, דיא ערד און דיא לופט. זיי עסען ניט קיין לעבעדיגע זאך. זיי גלויבען, אז יעדע זאך, וואס לעבט, האט אין זיך א זעעלע, וועלכע איז הייליג.

זיי זיינען געבילדעט און האבען גרויס מיטלייד מיט יעדער זאך, וואס לעבט. דערפאר האבען זיי אויסגעבויט גרויסע שפיטאלען פאר קראנקע טהיערע. קראנקע הינד, קעץ, מייז, [illegible]ערד, בהמות און פייגעל ווערן אויפגענומען אין דיעזע שפיטעלער און מען היילט זיי דארט אויס. גאנץ אלטע און שוואכע טהיערע האלט מען דארט, ביז זיי דערגעהן.

דער אייראפעער ווערט איבערראשט, ווען ער זעהט, וויא קלוגע, געבילדעטע מענשען געהן ארום דיא קראנקע הינט, קעץ, מייז און אנדערע טהיערע און בעהאנדלען זיי מיט אזוי פיעל מילדע, מיט אזוי פיעל מיטלייד און מיט אזא ערגעבענהייט, אז דיא קראנקענוועכטער אין דיא שפיטאלען פון לאנדאן, פאריז און ניו יארק מעגען זיך שעהמען.

דאס וואונדערבארסטע אין דער רעליגיאן פון דיא פארסים איז דיא ארט, וויא זיי בעגראבען זייערע טויטע. מען טאר זיי ניט פערברענען, ווייל דאס פייער איז דאך גאט אליין. וויא קען מען מאכען גאט פאר א טויטען גרעבער? — מען טאר זיי ניט בעגראבען, ווייל דיא ערד איז הייליג; מען טאר זיי ניט אריינווארפען אין וואסער, ווייל דאס וואסער איז הייליג. — אלזא, וואס טהוט מען מיט דיא טויטע?

מען בויט אויס א הויכען טורעם. אין דער מיט טורעם איז דא א פרייער פלאץ, וואו עס איז אויסגעבויט א סארט גאנץ הויבע ביהנע. אונטער דער ביהנע געפינט זיך א גאנץ טיעפער גרוב. דעם טויטען לעגט מען ארויף אויף דער ביהנע און מען געהט אוועק. קוים געהט מען אוועק, קומען צופליעהן אדלערס און אנדערע רויב פייגעל און צורייסען דעם טויטען אויף שטיקער. עס בלייבען פון איהם נור דיא ביינער, וועלכע פאלען אליין אריין אין גרוב אונטער דער ביהנע.

פאספארטו איז געשטאנען איניגע צייט און האט געקוקט אויף דיא זאנ-

דערבארע מענשען, וועלכע זיינען געלאָפען, געגאנגען, געטאנצט, געשפרונגען, געברומט און געזוממט ארום איהם, וויא דיא ביענען.

פלוצלונג האט זיך געוויעזען אן אונגעהייערע מענגע מענשען. עס איז אנגעקומען א פראצעסיאן פון פארסי'ס. ביי זיי איז אין דעם טאג געווען א גרויסער יום־טוב און זיי זיינען געגאנגען אין דיא גאסען מיט זייערע גייסטליכע, מיט זייערע פאהנען, מיט זייער מוזיק. פאר דער מוזיק זיינען געגאנגען יונגע מעדכען געקליידעט אין לייכטע ראזא קליידער, אויסגעשטיקט מיט גאלד און זילבער. דיעזע יונגע מערכען האבען געטאנצט א הייליגען טאנץ פאר דער פראצעסיאן.

מען קען זיך לייכט פארשטעלען, וויא דיעזע הייליגע צערעמאניע האט פעראינטערעסירט דעם נייגעריגען פראנצויז. ער האט געעפענט מויל און אויערן און איז געבליעבען שטעהן, וויא צוגעוואקסען צו דער ערד. דיא מענגע איז געווארען אלץ געדיכטער. ווען פאספארטו איז געקומען א ביסעל צו זיך, האט ער שוין ניט געקענט ארויסגעהן פון דעם קנויל מענשען, וועלכער האט איהם געשלעפט אלץ וויימער און וויימער. ענדליך איז מען אנגעקומען קיין מאלאבאר הילל. דארט איז זיך דיא מענגע צוגאנגען.

פאספארטו האט זיך דערמאנט, אז ער דארף נאך קויפען אייניגע זאכען און מוז זיין אין באהנהאף פאר אכט אוהר. ער האט געפרעגט א פאליסמאן, וואו דער באהנהאף געפינט זיך. דער פאליסמאן האט איהם געוויעזען, וויא אזוי צו געהן און פאספארטו האט אנגעהויבען האסטיג צו געהן צום באהנהאף.

פלוצלונג האט ער דערזעהן א הויכע געביידע, וועלכע ער האט נאך אין זיין לעבען ניט געזעהן. אין דיעזע געביידע זיינען געגאנגען פיעלע מענשען.

— איך מוז זעהן, וואס דאס איז, האט ער געזאגט צו זיך אליין און איז אריינגעגאנגען אין דאס זאנדערבארע געביידע.

ער האט ניט געוואוסט, אז ער געפינט זיך פאר דער הייליגער פאגאָדע פון מאלאבאר הילל. דאס איז א טעמפעל פון דיא אינדיער, וועלכער איז ביי זיי זעהר הייליג. ער האט וויימער ניט געוואוסט, אז אין אייניגע הייליגע טעמפעל טאר קיין אייראפעער ניט אריינגעהן. עס איז פערבאטען זאגאר פון דער ענגלישער רעגיערונג, וועלכע וויל ניט בעליידיגען דיא רעליגיאן פון'ם לאנד.

ער האט וויימער ניט געוואוסט, אז אין אינדיען טאר מען ניט אריינקומען אין קיין טעמפעל מיט דיא שיך אויף דיא פיס. פאספארטו האט געוואוסט, אז אין א טעמפעל דארף מען אויסטהאן דעם הוט. אין אייראפא איז דאס דיא עהרע, וואס מען גיט אפ דעם טעמפעל. אין אינדיען אבער איז דאס גאר א בעליידיגונג פארן טעמפעל.

ער איז דאהער אריינגעגאנגען אין טעמפעל מיט זיינע שטיוועל אויף דיא פיס און האט אראפגענומען דעם הוט. דערמיט האט ער דאפעלט בעליידיגט דעם אינדישען טעמפעל און דעם אינדישען גאט.

ער איז זיך ארומגעגאנגען גאנץ רוהיג און האט בעטראַכט דעם טעמפעל מיט זיינע געטער. פלוצלונג האבען זיך אויף איהם ארויפגעווארפען דריי בראה-

מינען — אינדישע גייסטליכע — האבען איהם אנגעהויבען צו שלאגען, האבען פון איהם אראפגעריסען דיא שיך מיט דיא זאקען און האבען דערביי געשריען, גע-שימפפט און איהם געזידעלט.

ער האט צוואר ניט פערשטאנען, וואס זיי האבען גערעדט; דערפאר אבער האט ער געפיהלט דיא קלעפ, וואס זיי האבען איהם געגעבען. צום גליק, איז פאספארטו א מאל געוועזען א לעהרער פון פעכטען. ער האט זיך יעצט דערמאנט אן זיין אלטער קונסט, האט צונויפגעלעגט זיינע פויסטען און האט אויסגעטהיילט פעטש און קלעפ אין אלע זייטען. דיא בראהמינען זיינען געווארען איבעראשט און האבען איהם אפגעלאזען. אין דיעזע מינוט איז ער ארויסגעלאפען פון דער פאגאדע און איז אנטלאפען בארפוס אויפן וועג צום באהנהאף.

ער איז אנגעקומען אויפן באהנהאף פונקט אכט מינוט צו אכט. ער איז געוועזען בארפוס, אהן א הוט און מיט א צושלאגענעם געזיכט.

דער צוג איז שוין געשטאנען בערייט, ווען פאספארטו איז אנגעקומען. ער האט געטראפען פילעאס פאגג פונקט אין דער מינוט, ווען ער האט זיך געוואלט ארייננזעצען אין א וואגאן.

— וואס איז מיט דיר געשעהן? וויא קומסט דוא צו זיין אהן שטיוועל און אהן א הוט?

פאספארטו האט איהם דערצעהלט, וואס מיט איהם האט פאסירט.

— דאס אנדערע מאל זאלסט דוא ניט זיין נייגיעריג אין א פרעמדער שטאדט, האט פילעאס פאגג געענטפערט רוהיג און קאלטבלוטיג.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אריינגעגאנגען אין א וואגאן. פאספארטו איז איהם נאכגעגאנגען.

ווען פילעאס פאגג מיט זיין דיענער וואלטען זיך געוועזען אומגעקוקט, וואל-טען זיי געזעהן, וויא דער דעטעקטיוו פיקס שטעהט הינטער זיי און הערט אויס אלעס, וואס זיי רעדען. פאספארטו וואלט פיעללייכט געוועזען זעהר צופריעדען צו בעגעגענען זיין אלטען פריינד, מיט וועלכען ער האט אזוי אנגענעהם פער-בראכט דיא צייט אויף דער „מאנגאליא". פאספארטו אבער איז געוועזען אזוי טרויעריג און אזוי ניעדערשלאגען פון דעם אונגליקליכען צופאל, וואס האט איהם היינט געטראפען, אז ער האט זיך גאר ניט אומגעקוקט.

פילעאס פאגג האט ניט געקענט דעם דעטעקטיוו. ער האט איהם זאגאר נאך ניט געזעהן. ער האט זיך זעהר ווייניג געקימערט, וואס הינטער איהם שטעהט איינער און הערט זיך צו, וואס ער רעדט מיט זיין דיענער. ער רעדט דאך מיט איהם קיינע געהיימניסע.

פיקס האט אויך געוואלט אריינגעהן אין א וואגאן. פלוצלונג האט ער זיך עפעס דערמאנט און איז געבליעבען שטעהן אויפן ארט.

— דער דיענער האט בעגאנגען א פערברעכען אין אינדיען, האט ער גע-זאגט צו זיך אליין. ער איז אריינגעגאנגען אין א הייליגע פאגאדע אין דיא שטי-וועל און האט אראפגענומען דעם הוט. ער האט געשלאגען בראהמינען. פאר

אַזאַ פֿערברעכען קומט אַ שטרענגע שטראַפֿע. אזוי וויא ער האָט בעגאַנגען דאס פֿערברעכען אין אינדיען, קען איך איהם אַרעסטירען. זיין הערר, דער באנק רויבער, וועט מוזען בלייבען אַ פּאָר טעג, ביז דער ריכטער וועט אורטהיילען, וואס פֿאר א שטראַפֿע עס קומט איהם. — דערוויילי וועט אנקומען דער ווארראנט פֿון לאנדאן און איך וועל פֿערדיענען מיין בעלוינונג.

אזוי וויא ער האט אזוי גערעדט צו זיך אליין, האט דער לאָקאָמאָטיוו אנגעהייבען צו פֿייפֿען. דער צוג האט געריהרט און איז באלד פֿערשוואונדען געווארען אין דער דונקעלער נאכט.

11טעס קאפיטעל.

## פילעאָס פאָנג בעצאָהלט אַ גרויסע סוממע געלד פאר דורכפאָהרען א קליין שטיקעל וועג.

דער צוג איז ארויסגעפֿאהרען פֿון באָמביי פונקט אַכט אוהר. באהנ־ציגע פֿאָהרען שטענדיג ארוים זעהר פינקטליך, אויב זיי קומען אָן פינקטליך, איז אַ גאַנץ אַנדערע פֿראַגע.

אויפֿ'ן צוג זיינען געפֿאָהרען פֿיעלע פּאַסאַזשירען; מייסטענס, זיינען עס געוועזען אָפֿיציערן און בעאַמטע, וועלכע זיינען געפֿאָהרען קיין קאלקוטאַ, אללאהאַבאַד, בענאַרעס און אַנדערע ערטער, וואוהין דיא רעגיערונג האט זיי געשיקט. עס זיינען אויך געוועזען פֿיעלע קויפֿלייטע, אינדיער און ענגלענדער, וועלכע זיינען געפֿאהרען אין דיא הויפט שטאדט פֿון אינדיען, קאלקוטא, וועגען זייערע געשעפֿטען.

דיא וואגאנעס אויף דיא באַהנציגע אין אינדיען זיינען אזוי איינגעריכטעט, אז אין יעדער אבטהיילונג זיצען נור דריי ביז פֿיער פּאַסאַזשירען, ניט מעהר. אין אַזאַ הייסע געגענד, וויא אינדיען, קען מען ניט אנפאַקען דיא פּאַסאַזשירען, וויא הערינג אין א פֿעסעל, וויא עס מאַכט זיך אפֿט אויף דיא אייראפעאישע באַהנען. אין יעדער אבטהיילונג געפֿינט זיך אַ קליין צימערל מיט אַ דוש פֿון קאלט וואסער. ביי טאָג, ווען דיא היץ ברענט, מוז זיך יעדער פּאסאַזשיר עטליכע מאל אין טאג אפגיעסען מיט וואסער.

פּאַספּאַרטו איז געזעסען מיט פֿילעאָס פֿאָגג אין איין קופּעע. ווען דער צוג האט געריהרט, האט פֿילעאָס פֿאָגג דערזעהן, אז אין זיין קופעע זיצט נאך אַ פּאַסאַזשיר. וויא פֿרעהליך איבערראַשט איז ער געוואָרען, ווען ער האט דערקענט אין דעם נייען פּאַסאַזשיר זיין אַלטען בעקאַנטען פֿון דער „מאָנגאָליאַ“, דעם גענעראַל, סער פֿראַנסיס קראָמאַרטי, וועלכער איז געפֿאָהרען צו זיין קארפּוס אין בענאַרעס.

סער פֿראַנסיס קראָמאַרטי איז פֿון קינדוויים אן געוועזען אין אינדיען. ער האט זיך אויסגעצייכענט אין פֿיעלע שלאכטען מיט דיא אינדיער. ער אליין איז שוין געוועזען אַ האלבער אינדיער. דיא פֿארב פֿון זיין הויט איז געוועזען ברוין, פֿערברענט פֿון דער אינדישען זון. ער האט גערעדט אלע אינדישע שפראַכען.

וויא א געבארענער אינדיאנער און איז געוועזן בעסער בעקאנט מיט אינדיען, וויא מיט ענגלאנד.

ער וואלט געקענט געבען אויסקונפט און ערקלערונגען איבער אינדיען, דיא פערשיעדענע פעלקער, וואס וואינען אין אינדיען, זייערע זיטען (מנהגים) זייער ארט צו לעבען און זייערע אויפפיהרונגען.

ווען פילעאס פאגג זאל איהם געוועזן עפעס פרעגען איבער אינדיען, וואלט דער גענעראל איהם געקענט געבען דיא בעסטע ערקלערונגען. פילעאס פאגג אבער האט פיינט געהאט צו פרעגען. ער האט געוואוסט נור איין זאך, אז ער דארף פאהרען ארום דער וועלט. ער דארף זיין אין אינדיען, ניט ווייל אינדיען איז א זאנדערבארעס לאנד, זאנדערן ווייל אינדיען געפינט זיך אויפ'ן וועג, וועלכען ער דארף דורכפאהרען. ווען דער צוג האט געריהרט, האט ער ארויסגענומען זיין נאטיץ בוך און האט נאטירט דיא שטונדע און דיא מינוט, ווען ער איז ארויסגעפאהרען פון באמביי.

ער איז געוועזן העכסט צופריעדען, וואס ער איז ארויסגעפאהרען מיט צוויי טאג פריהער, וויא דיא רעכנונג האט געוויעזען. ער וואלט זיך געוועזן געריעבען דיא הענד פאר פערגניגען, ער האט אבער ניט געוואלט ריהרען מיט דיא הענד אומזיסט.

סער פראנסיס קראמארטי האט געוואוסט, וואוהין פילעאס פאגג פאהרט און צו וואס פאר א צוועק ער פאהרט. ער האט פערשטאנען, אז פילעאס פאגג איז קיין געוועהנליכער מענש. ביי קארטען שפיעלען קען מען דערקענען א מענשען. ביים שפיעלען וועיזט זיך אייך ארויס זיין כאראקטער, וויא זיין געזיכט אין א שפיעגעל. ער האט געזעהן, אז ביי פילעאס פאגג איז אלעס איינגעארדענט, וויא אין א גוטער מאשין. ער האט פערשטאנען, אז פילעאס פאגג קימערט זיך וועניג אום אינדיען אדער אום אנאנדער לאנד, וועלכע ער פאהרט דורך. ער האט פאר זיך נור איין ציעל—דיא רייזע ארום דיא וועלט אין 80 טעג.

דיא שטאדט באמביי שטעהט אויף אן אינזעל. דיא אייזענבאהן ליניע הייבט זיך אן אין באמביי, געהט אויף איין אייזערנער בריק פון באמביי ביז דער אינזעל סאלסעט; דאן געהט זיא אויף א צווייטע בריק פון דער אינזעל סאלסעט ביז אויפ'ן פעסטען לאנד. הונדערט מייל ווייט פון באמביי בייגט זיך אום דיא ליניע און פיהרט אריין אין דיא בערג — גהאטס —. דיעזע בערג זיינען בעדעקט מיט געדיכטע וועלדער. אין דיא טהאלען געפינען זיך דשונגלי׳ס, וועלכע מיר האבען שוין פריהער בעשריעבען.

פילעאס פאגג און סיר פראנסיס קראמארטי, האבען דיא גאנצע צייט וועניג גערעדט צווישען זיך. ווען דער צוג איז אריינגעפאהרען אין דיא בערג און דיא ליניע האט זיך אנגעהויבען צו דרעהן, וויא א שלאנג, האט סער פראנסיס זיך אפגערופען:

—זעהט איהר, הערר פאגג, היינט פאהרען מיר גאנץ רוהיג אין דיזע געגענד. מיט א פאר יאהר צוריק איז דא געוועזן ניט אזוי לייכט צו פאהרען. ווען איהר

וואלט דאמאלס געדאַרפט דורכפאהרען דיעזע געגענד, וואלט איהר ניט געקענט זיין זיכער, אז איהר וועט געווינען אייער וועטע.

— פאַר וואס איז, סער פראַנסיס?

— ווייל דאמאלס פלעגט דער צוג בלייבען שטעהן דא, וואו מען פאהרט אריין אין דיא בערג. דא פלעגען דיא פאסאזשירען מוזען אויסשטייגען און דורך פאהרען דיא גאנצע שטרעקע רייטענדיג אויף א פערד אדער אין אַ פאַלאַנקין.

אַ פאַלאַנקין איז א כארט שטוהל אויף צוויי שטאנגען. דער פאַסאזשיר זעצט זיך אין שטוהל און פיער מענשען טראגען איהם. עס זיינען דא זעהר רייכע פאַלאַנקינען, אין וועלכע עס שפאַציערען דיא רייכסטע און פאהרנעהמסטע דאמען. אזעלכע פאַלאַנקינען האבען א דעכעל איבערן קאפ און זיינען פערהאנגען מיט טהייערע פאָרהאַנגען.

— איך וואלט אלץ געוואונען מיין וועטע, האט פילעאַס פאָגג געענטפערט. איך וואלט פריהער מיך פערזארגט מיט אלעמען נעטהיגען. מיין מארשרוט וואלט דאך געבליעבען דערזעלבער.

— ווייסט איהר, הערר פאָגג, האט סער פראַנסיס ווייטער געזאגט, אז איהר קענט האבען אונאנגעהמליכקייטען דורך אייער דיענער? ער האט בעליידיגט א טעמפעל און האט געשלאגען דיא בראַהמינען.

— וואס געהט עס מיך אַן?

— דיא ענגלישע רעגיערונג איז זעהר שטרענג אין דיעזער בעציעהונג, האט סער פראַנסיס ווייטער געזאגט. זיא וויל ניט בעליידיגען דיא רעליגיאנען פון'ם לאנד און רעספעקטירט אלע רעליגיאנען. אייער דיענער האט בעגאנגען א גרויס פערברעכען. ווען מען זאל איהם געוועזן חאַפּען אין באָמביי—

— ווען מען זאל איהם געוועזן חאַפּען, האט פילעאַס פאָגג געענטפערט, וואלט מען איהם געוועזן בעשטראַפט. ער וואלט געוועזן ארעסטירט, וואלט זיך אפגעזעסען זיין צייט אין א געפענגניס און וואלט דאן צוריקגעפאהרען קיין אייראפא. איך זעה ניט איין, פאר וואס איך וואלט געדאַרפט מיך אויפהאלטען אין מיין רייזע צוליעב איהם.

פאַספּאַרטו איז אונטערדעסען גאנץ רוהיג געשלאפען. ער האט ניט געוואוסט, אז מען רעדט פון איהם און עס האלט דערביי, אז מען זאל איהם ארעסטירען און ער זאל צוריקפאהרען קיין לאנדאן.

דער צוג איז אונטערדעסען געפלויגען אלץ ווייטער און ווייטער. פילעאַס פאָגג האט זיך צורעכט געמאַכט זיין געלעגער און האט זיך געלעגט שלאפען. סער פראַנסיס קראָמאַרטי איז אויך אנטשלאפען געווארען. קיינער האט זיך ניט צוגעקוקט צו דער שעהנער געגענד, דורך וועלכען זיי זיינען יעצט געפאהרען.

אויב עס איז דא ערגעץ א פאַראַדיז (גן עדן) אויף דער וועלט, איז עס אינדיען. דיא לופט איז ווארים און שמעקט פון מיליאנען בלומען, וועלכע בליהען א גאנץ יאהר. פון קיין ווינטער ווייס מען ניט אין יענע געגענדען. דער ווינטער איז, וויא ביי אונז א שעהנער טאג אין מאַי. אין דיא וועלדער וואקסען אלערליי

פריכטע. אלעס איז פריש, אלעס איז גרין, אלעס בליהעט, אלעס לעבט און גע־ניעסט דאס לעבען.

איז עס אבער ווירקליך א גן עדן? האט דער מענש, דער ערגסטער און ווילדעסטער פון אלע ווילדע טהירע, ניט געמאכט א העללע (גיהנם) פון דיעזען פאראדיז?

ליידער! מיר מוזען זאגען: יא! דער מענש איז ניט ווערטה צו לעבען אין א פאראדיז! ווען ער קען שוין יא דארט לעבען, מאכט ער זיך אליין א העללע.

אין דער פריה איז דער צוג אנגעקומען אויף א סטאציאן מיט'ן נאמען „מאלליגום". דארט איז ער געשטאנען אייניגע מינוט. דיא מאשין האט אנגע־נומען וואסער.

פילעאס פאגג, פאספארטו און דער גענעראל, סער פראנסיס זיינען אויפ־געשטאנען. פאספארטו איז ארויסגעלאפען אויף דער סטאציאן א ביסעל בע־טראכטען דיא געגענד.

— אך, וויא שעהן! וויא גרויסארטיג! האט ער אויסגערופען, ווען ער איז צוריק אריינגעקומען אין וואגאן.

— ווייסט איהר, אין וואס פאר א געגענד מיר געפינען זיך יעצט? האט סער פראנסיס געפרעגט. — אין דער שרעקליכער געגענד פון פארינגהעא! אין דער געגענד, וואו עס האט א מאל געהערשט דיא בלוטיגע געטין קאלי, אדער באהאוואני!

פאספארטו האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. אזעלכע ווערטער האט ער גאך קיין מאל ניט געהערט. וואס איז דאס? א געטין קאלי־באהאוואני? פאר וואס איז זיא א בלוטיגע?—סער פראנסיס האט איהם פערשטאנען און האט איהם ערקלערט: —

— דיא אינדישע רעליגיאן האט דריי הויפט געטער: בראהמא, דער בע־שאפער. ער האט בעשאפען אלעס, וואס איז דא אויף דער וועלט.—ווישנו, דער ערהאלטער. ער גיט דאס לעבען און האלט אויף אלעס, וואס איז דא אויף דער וועלט.—סיווא, דער פערניכטער. ער צערשטערט און פערניכטעט אלעס, וואס געפינט זיך אויף דער וועלט.

יעדער גאט האט איין פרוי, אדער עטליכע פרויען, געטינען, וועלכע העל־פען איהם אין זיין ארבייט, וויא יעדער געטרייע פרוי דארף העלפען איהר מאן. סיווא, דער גאט פון צערשטערונג און פערניכטונג, האט אויך א פרוי, דיא געטין קאלי, דיא געטין פון'ם טויט. סיווא איז טאקע א גאט, ער איז אבער דאך ניט אים שטאנד צו פערניכטען אלעס, וויא גראזען, בלומען, ביימער, טהיערע און מענשען. ער האט דאהער אבגעגעבען דיא פערניכטונג פון מענשען זיין ליעבער פרוי, קאלי אדער באהאוואני.

זיא טהוט איהר ארבייט זעהר געטריי און טויטעט מענשען וויא פיעל זיא קען און וואו זיא קען. צו אזא געטין דארף מען דיענען. מען דארף איהר

ברענגען אפפער און בעטען צו איהר, זיא זאל ניט אויסהרגענען אלע מענשען. וואס פאר אן אפפער אבער קען מען איהר ברענגען? וואס דארף זיא דאס בלוס פון אקסען, שעפסען און ציעגען, ווען זיא וויל פערניכטען נור מענשען?—מען מוז איהר ברענגען מענשען אפפער. אין איהר טעמפעל פלעגט שטענדיג שטעהן א גאלדענע שיסעל פול מיט פרישעס, ווארעמעס מענשענבלוט.

וויפיעל מענשען מען פלעגט אפפערן יעדען טאג דיעזער שרעקליכער גע־טין אין דיא אלטע צייטען, ווייסען מיר ניט. מיר ווייסען נור, אז זיינט פרעמדע פעלקער, בעזאנדערס אראבער, זיינען געקומען קיין אינדיען און האבען אפגע־נומען א גרויסען טהייל דערפון, האט מען עס פערבאטען. דיא פרומע אבער, דיא געטרייע דיענער פון דער בלוטיגער געטין, ברענגען איהר נאך היינט מענ־שען אפפער אין איהרע טעמפלען אין דיא בערג.

דאס ערגסטע איז געווען א געהיימע געזעלשאפט מיט'ן נאמען „טהוגס“, וועלכע פלעגען זיך בעשעפטיגען אויסשליסליך מיט מארדען מענשען. זיי פלע־גען א מאל וואכען לאנג נאכפאהרען רייזענדע, ביז זיי האבען זיי פערפיהרט אין אן ארט, וואו קיינער איז ניטא, און דארט פלעגען זיי אויסווארגען זיי מיט א הייליגען שטריק.

דיא „טהוגס“ פלעגען ווארטען, ביז דער מענש איז אנטשלאפען געווארען, דאן פלעגען זיי איהם אויפוועקען און קוים האט ער געעפענט דיא אויגען, האט איהם א גאנץ דינע, זיידענע שנור צוזאמענגעצויגען דעם האלז. נאך איידער מען האט איהם געטויטעט, איז שוין געווען אויסגעגראבען א גרוב ערגעץ ניט ווייט, וואו מען האט איהם בעגראבען. דאס געלד און דיא זאכען, וואס דער רייזענדער האט געהאט ביי זיך, פלעגען דיא „טהוגס“ צונעהמען און פלעגען עס איינטהיילען אין צוויי גלייכע טהיילען. איין טהייל האט געהערט דער געטין קאלי און דעם אנדערן טהייל פלעגען זיי זיך צונעהמען.

אין דיא יאהרען 1854—1860 איז געווען געפעהרליך פאר אן אייראפעער צו פאהרען אהן א וואך אין יענע געגענדען, וואו דיא „טהוגס“ פלעגען זיך אויפ־האלטען. עס זיינען פערשוואונדען געווארען רייכע קויפלייטע, לארדען, גענע־ראלען, אפיציערען און זאגאר איין גובערנאטאר פון א פראווינץ. מיט שווערע מיה איז עס ענדליך געלונגען דער ענגלישער רעגיערונג צו ערפאהרען דאס געהיימניס פון דיא „טהוגס“.

עס איז ניט דא דער ארט צו בעשרייבען דיא גאנצע געשיכטע פון דיא „טהוגס“. זיא דארף פערנעהמען א גאנצעס בוך. מעגליך, אז עס וועט זיך מיר א מאל פארשטעלען דיא געלעגענהייט, וועל איך דאריבער אנשרייבען א בע־זאנדערעס בוך.

יעצט וויל איך נור דערצעהלען אין קורצען, אז אין 1860 האט ענדליך דיא ענגלישע רעגיערונג געכאפט עטליכע און פופציג „טהוגס“. איינער פון זיי האט אויסגעזאגט. ער האט געוויעזען דעם ארט, וואו זיי האבען מיט א קורצע צייט פריהער אויסגעווארגען א גאנצע פארטיע ענגלענדער. דיא פריעסטער און דיא

אנגפיהרער פון דיא „טהוגס“ האט מען אויפגעהאנגען. דיא איבעריגע האט מען פעראורטהיילט צו הארטע ארבייט אין געפענגניס און לעבען לאנג.

פון יענער צייט איז ווירקליך שטיל געווארען אין יענער געגענד. דיא ענגלישע רעגיערונג גלויבט, אז זיא האט שוין דיא „טהוגס“ אין גאנצען פערניכטעט. עס איז נאך אבער ניט גאנץ געוויס. דיעזע שרעקליכע געהיימע געזעלשאפט עקזיסטירט נאך. זיי זיינען אבער שוין פארזיכטיגער און מען וועט זיי אזוי גיך ניט חאפען.

פאספארטו האט אויסגעהערט דיעזע געשיכטע גאנץ אויפמערקזאם. זיא איז איהם פארגעקומען ניי, ווילד און זאנדערבאר. ער האט קיין מאל ניט געהערט פון דער אינדישער רעליגיאן, פון זייערע געטער און פון זייערע בלוטיגע מענשענאפפער.

אונטערדעסען איז דער צוג געלאפען אלץ ווייטער און ווייטער. פון דיא פענסטער פון דיא וואגאנעס האט מען געזעהן בערג, וועלדער, דזשונגל׳ס, דערפער און שטעדט.

— אינדיען איז דאך ווירקליך א וואונדער־לאנד! האט פאספארטו אויסגע־ופען. — אך, הערר! דערצעהלט מיר נאך עפעס פון אינדיען!

סער פראנסיס האט בעטראכט פאספארטו אלס קינד, וועלכער איז נייגיעריג אלעס צו וויסען. ער איז געוועזען א גוטער מענש און האט געוואלט בעפרידיגען זיין נייגיערדע.

— גוט! ווען איהר ווילט עפעס וויסען איבער אינדיען, וועל איך אייך דערצעהלען, האט ער געזאגט. קוקט נור ארויס פון׳ם פענסטער. מיר פאהרען יעצט צו א באהנסטאציאן מיט׳ן נאמען אוראנגא באד. דא האט א מאל געהערשט א גרויסער קייסער מיט׳ן נאמען אורינג זעב. אין 1667 איז ער געווארען קעניג פון דיעזעם לאנד, דאס קעניגרייך ניזאם. ער איז אבער געוועזען א גרויסער העלד, האט געפיהרט קריעג מיט אלע לענדער ארום, האט זיי אפגענומען און איז געווארען קייסער פון אינדיען.

איהר זייט א פראנצויז, מיסטער פאספארטו, און וויסט געוויס דיא געשיכטע פון אייער קייזער, נאפאלעאן דעם ערשטען.

— אה, געוויס! האט פאספארטו אויסגערופען. מיין פאטער האט געדיענט אין דער ארמעע, ווען נאפאלעאן איז געגאנגען קיין רוסלאנד. מיין פאטער איז געוועזען אין מאסקווא!

— גאנץ גוט, האט סער פראנסיס געזאגט. אורונג זעב איז געוועזען דער נאפאלעאן פון אינדיען. ער האט געגרינדעט א גרויסע קייזערטהום און האט פערציג יאהר רעגיערט מיט גלאנץ און פראכט. ער איז געשטארבען אין פעברואר 1707. זיינע קינדער האבען ניט געהאט זיין מוטה, ניט זיין קלוגהייט און זיין קייזערטהום איז זיך ווידער צופאלען. יעצט איז נאך זיינער אן אור־אור אייניקעל קעניג אין לאנד ניזאם. ער איז אבער נור דער שאטען פון א קעניג. ער טאר קיין זאך ניט טהאן אהן ערלויבניס פון׳ם ענגלישען גובערנאטאר. דיא

שטאָדט אויראַנגאַ באַד איז יעצט אַ קליינע שטאָדט, וועלכע האָט קיין בעדייטונג. זיא איז ניט קיין האַנדעלס־שטאָדט, ניט קיין היילינע שטאדט, ניט קיין אָרט, וואו עס וואָינט אַ גרויסער הערשער.

— איך דאַנק אייך, הערר! האָט פּאַססאַרטו אויסגערופען. איהר קענט דאָך אזעלכע שעהנע געשיכטען פון אינדיען.

פילעאַס פאָגג איז דיא גאַנצע צייט געזעסען גאַנץ רוהיג און האָט זיך ניט צוגעהערט צו דיא געשיכטען, וועלכע סער פראַנסיס קראָמאַרטי האָט דערצעהלט.

אום צוועלף אוהר איז דער צוג געבליעבען שטעהן ביי דער סטאַציאָן בור־האַמפּור. ער בלייבט דאָרט שטעהן פופצעהן מינוט. פּאַססאַרטו איז ארויסגעלאָפען און האָט זיך געקויפט אַ פּאָר אינדישע פאַנטאָפעל אויסגעשטיקט און אויסגענעהט מיט פאַלשע פערל. דיא פאַנטאָפעל זיינען איהם שטאַרק געפעלען און ער פלעגט זיי ווייזען ביי יעדער געלעגענהייט.

פילעאַס פאָגג און סער פראַנסיס האָבען זיך געהייסען אריינגעבען אין וואַגאָן אַ פריהשטיק. פּאַססאַרטו איז געוועזען הונגעריג און האָט געגעסען מיט'ן בעסטען אַפּעטיט. פילעאַס פאָגג האָט געמאַכט אַ פּאָר בעמערקונגען, אַז דאָס עסען איז שלעכט.

דער צוג האָט וויעדער גערוהרט און דאָס אייזערנע פערד האָט וויעדער אָנגעהויבען צו פייפען און ארויסלאָזען פון זיך אַ ווייסען וואָלקען רויך. פּאַספּאַרטו איז ניט אָפּגעטרעטען פון סער פראַנסיס. ער האָט איהם יעדעס מאָל געבעטען, ער זאָל איהם עפּעס דערצעהלען פון אינדיען.

ביז אהער האָט פּאַססאַרטו אלץ געצווייפעלט. ער האָט נאָך אלץ ניט געגלויבט, אַז ער מאַכט אַ רייזע ארום דיא וועלט. יעצט האָט ער זיך איבערציינט, אַז ער מאַכט ווירקליך אַ רייזע ארום דיא וועלט. דיא זאַך האָט איהם אָנגעהויבען צו אינטערעסירען. ער זעהט דאָך פאַר זיך אַ גאַנץ נייע וועלט און הערט זאַכען, פון וועלכע ער האָט קיין מאָל ניט געטרוימט.

ער האָט אויך אָנגעהויבען מורא צו האָבען, אַז זיי זאָלען זיך ניט פערשפּעטיגען. ער האָט אָנגעהויבען צו צעהלען, וויפיעל טעג זיי זיינען שוין אין וועג און וויפיעל טעג זיי דאַרפען נאָך פאַהרען. איהם האָט פערדראָססען, פאַר וואָס פילעאַס פאָגג האָט ניט צוגעזאָגט אַ בעלוינונג דעם מאַשיניסט פון'ם צוג, אַז ער זאָל פאַהרען שנעלער, אזוי וויא ער האָט געטהאָן אויף דער „מאָנגאָליא". פּאַססאַרטו האָט ניט געוואוסט, אַז אויף אַ שיף איז עס מעגליך. אַ שיף מעג אָנקומען פריהער מיט אַ טאָג אָדער צוויי אָדער שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג. פאַר אַן אייזענבאַהן צוג אָבער איז עס אונמעגליך. ער מוז קומען פּונקט צו דער מינוט. ער פאָהרט אויף אַ געוויסען וועג און יעדע מינוט איז אויסגערעכנט.

אזוי איז פערגאַנגען דער צווייטער טאָג. סער פראַנסיס קראָמאַרטי פלעגט ווייזען אויף אַ טעמפּעל, אַ געביידע, אַ שטאָדט אָדער אַ דאָרף און פלעגט דערצעהלען דיא געשיכטע פון דיעזען טעמפּעל אָדער פון דיעזער שטאָדט.

סער פראַנסיס איז געוועזען בעזאָנדערס גוט בעקאַנט מיט דער געשיכטע פון

דער גרויסער רעוואָלוציאָן אין אינדיען אין 1857, ווען גאַנץ אינדיען איז אויפגעשטאַנען, וויא איין מענש, געגען דיא ענגלישע רעגיערונג. נענא סאהיב, דער גרויסער אנפיהרער פון דיא סיפּאיס, דיא אינדישע רעוואָלוציאָנערען, האָט פערגאָסען טייכען בלוט פון דיא ענגלענדער. עס איז דאָ אין אָן אָרט א גרויסע און טיעפע גרוב, וועלכע הייסט דער „בלוט ברונען". נענא סאהיב האָט אָנגעגאָסען דיעזע גרוב פול מיט בלוט פון ענגלישע סאָלדאַטען און אָפיצירען.

ווען זיי זיינען דורכגעפאָהרען אַנאַנדער שטעדטעל — אבדאלאפור, האָט סער פראנסיס געוויעזען אויף א בערגעל.

— דאָ, אויף דיעזען בערגעל, האָט ער געזאָגט, האָבען זיך דיא ענגלענדער נוקם געווען אָן דיא אינדיער פאַרן „בלוט ברונען". דאָ האָבען זיי אויסגעשטעלט עטליכע טויזענד אינדישע רעוואָלוציאָנערען און האָבען אויף זיי אויסגעשאָסען מיט קאַנאָנען. קעפּ, הענט, פיס, פערבלוטיגטע גליעדער זיינען געפלויגען אין אלע זייטען. אויפ'ן בערגעל איז געלעגען א הויפען מענשען פלייש.

פאַספּארטו אלס אַן עכטער פראנצויז האָט זעהר ליעב געהאט רעוואָלוציאָנען. דיא געשיכטע פון דער גרויסער אינדישער רעוואָלוציאָן האָט איהם שטארק פעראינטערעסירט. ער האָט געעפענט מויל און אויערען און האָט אויסגעהערט, וואָס סער פראנסיס האָט איהם דערצעהלט.

דעם אַנדערן טאָג אין דער פריה איז פאַספּארטו אויפגעשטאַנען פריהער פאַר אַלעמען און האָט זיך אומגעקוקט אין דער געגענד אַרום. סער פראנסיס האָט זיך אויפגעכאַפּט און האָט געפרעגט:

— וויא שפּעט איז שוין?

פאַספּארטו האָט אַרויסגענומען זיין גרויסע גאָלדענע אוהר און האָט געענטפערט:

— עס איז יעצט פונקט דריי אוהר.

— דאָס קען נים זיין! האָט סער פראנסיס אויסגערופען. איך זעה, אז דיא זון איז שוין הויך אין הימעל.

ער האָט אַרויסגענומען זיין אוהר און האָט א קוק געטהאָן, וואו זיא האַלט.

— יעצט איז א פיערטעל נאָך זיעבען.

פאַספּארטו האָט אָנגעהויבען אויסצולויבען זיין אוהר. זיא איז שוין אַלט און געהט שטענדיג ריכטיג. עס קען גאָר ניט זיין, אז זיין אוהר זאָל ניט זיין ריכטיג.

סער פראנסיס האָט באַלד פערשטאַנען, אז פאַספּארטו האָט נים איבערגעשטעלט זיין אוהר. זיא געהט נאָך אַלץ נאָך לאָנדאָנער צייט. ער האָט איהם געזאָגט דאָס זעלבע, וואָס פיקס האָט איהם ערקלערט אין סועץ, אז ווען א מענש רייזט פון וועסט קיין אָסט (פון מעריב קיין מזרח) וועט איהם מיט יעדען טאָג צוקומען אייניגע מינוטען. זיין אוהר וועט זיך שטענדיג פערשפּעטיגען; פאָהרט אָבער איינער פון אָסט קיין וועסט, פערליערט ער מיט יעדען טאָג אייניגע מינוטען. זיין אוהר וועט שטענדיג לויפען.

פאספארטו האט אבער פון אזעלכע זאכען ניט געוואלט וויסען. עס איז שווער געווען צו זאגען, אויב ער האט עסווירקליך ניט פערשטאנען, אדער ער האט עס ניט געוואלט פערשטעהן. סער פראנסיס האט געזעהן, אז ער קען מיט איהם גאר נישט מאכען און האט אויפגעהערט צו רעדען דערפון.

סער פראנסיס און פילעאס פאגג זיינען אויפגעשטאנען, האבען זיך אפגע־באדען און האבען זיך אנגעטהאן. דער צוג איז אונטערדעסען אריינגעפאהרען אין א טיעפען אויסשניט צווישען דיא בערג. פון ביידע זייטען וועג האט מען געזעהן געצעלטען פאר דיא ארבייטער און אייניגע בונגאלא׳ס (פארמס, ווילּ־לאס, דאטשעס.)

פלוצלונג איז דער צוג געבליעבען שטעהן און א קאנדוקטאר איז ארומגע־גאנגען אין דיא וואגאנעס און האט געהייסען דיא פאסאזשירען ארויסגעהן.

— אלל אויט! האט ער אויסגערופען אין יעדען וואגאן און אין יעדער אבטהיילונג.

פילעאס פאגג האט געפרעגט מיט דיא אויגען סער פראנסיס, וואס דאס זאל בעדייטען, וואס דער צוג איז פלוצלונג געבליעבען שטעהן אין דער מיט וועג, ניט לעבען א סטאציאן. פאספארטו איז אויך געווען זעהר איבערראשט, וואס מען הייסט זיי אזוי פלוצלונג ארויסגעהן. ער איז ארויסגעשפרונגען פון׳ם וואגאן און האט זיך אומגעקוקט. באלד איז ער צוריקגעקומען בלייך און דער־שראקען.

— הערר פילעאס פאגג! האט עס אויסגערופען.—עס איז מעהר ניטא קיין אייזענבאהן ליניע!

— וואס מיינט איהר דערמיט? האט סער פראנסיס געפרעגט.

— איך מיין דערמיט, אז ווייטער געהט קיין צוג ניט!

סער פראנסיס האט ניט געקענט פערשטעהן, וואס דא איז. ער האט זיך אויפגעהויבען און איז געגאנגען אליין זעהן, וואס דארט איז געשעהן. פילעאס פאגג איז איהם נאכגעגאנגען.ביידע זיינען צוגעקומען צום קאנדוקטאר. סער פראנסיס האט איהם געפרעגט

— וואו זיינען מיר יעצט?

— אין דארף חאלבי, האט דער קאנדוקטאר געענטפערט.

— פאר וואס זיינען מיר דא געבליעבען שטעהן?

— ווייל דיא אייזענבאהן ענדיגט זיך דא.

— וואס הייסט זיא ענדיגט זיך?

— פון חאלבי ביז אללאהאבאד, א שטרעקע פון פופציג מייל, איז דיא אייזענבאהן ליניע נאך ניט געענדיגט. אין אללאהאבאד הייבט זיך דיא ליניע ווייטער אן און געהט שוין גלייך קיין קאלקוטא.

—אלע צייטונגען האבען דאך געמעלדעט, אז דיא גאנצע ליניע איז שוין געענדיגט? האט סער פראנסיס געפרעגט מיט כעס.

— דיא צייטונגען האבען געמאכט א פעהלער, האט דער קאנדוקטאר גע־ענטפערט גלייכגילטיג.

— אבער וויא אזוי פערקויפט איהר בילעטען פון באמביי קיין קאלקוטא? האט סער פראנסיס געפרעגט.

ער איז געווען אויסער זיך פאר פערדרוס.

— מיר פערקויפען בילעטען, ווייל מיר האבען זיי געדרוקט. דיא פאסא־זשירען ווייסען שוין אליין, אז דיעזע קליינע שטרעקע פון האלבי קיין אללאהא־באד מוזען זיי פאהרען דורך אנדערע מיטעל, וויא דיא אייזענבאהן.

סער פראנסים איז געווען אויסער זיך פאר פערדרוס. פאספארטו איז געווען בערייט אנצופאלען אויפ'ן קאנדוקטאר און צוברעכען איהם דיא ביינער. ער האט מורא געהאט א קוק צו טהאן אויף זיין הערר, ווייל ער האט געמיינט, אז פילעאס פאגג איז אין דער גרעסטער פערצווייפלונג.

— סער פראנסים, האט פילעאס פאגג געזאגט גאנץ רוהיג. מיר מוזען זוכען א מיטעל, וויא צו פאהרען קיין אללאבאהאד. זייט אזוי גוט און העלפט מיר זוכען אזא מיטעל, איהר זייט היימיש אין אינדיען. איהר קענט זייערע שפרא־כען און וועט עס גיכער אויסגעפינען.

— הערר פאגג, איך וועל אייך געווים העלפען זוכען. איך האב אבער מורא, אז איהר וועט פערליערען פיעל צייט דאדורך.

— ניין, סער פראנסים! איך האב פאראוים געזעהן —

— איהר האט געוואוסט, אז דיא אייזענבאהן ליניע איז אין דער מיט אונ־טערבראכען?

— ניין, איך האב עס ניט געוואוסט. איך האב אבער געוואוסט, אז פריי־הער אדער שפעטער וועט זיך טרעפען א שטערונג, א הינדערניס, און איך האב מיך בעווארנט. איך האב געוואונען צוויי טעג אויפ'ן שיף. ווען איך זאל יעצט פערליערען א טאג אדער צוויי, מאכט עס מיר גאר ניט אוים. היינט האבען מיר דעם 23טען אקטאבער. דאס דאמפף שיף—סטימער—פון קאלקוטא קיין האנג קאנג געהט אפ דעם 25טען. איך וועל אנקומען פונקט צום שיף.

סער פראנסים איז געווען איבערראשט צו הערען, וויא פילעאס פאגג איז אזוי זיכער, אז ער וועט אנקומען פינקטליך.

דיא אייזענבאהן ליניע האט זיך ווירקליך געענדיגט ביי דיעזען דארף. פיעלע פון דיא פאסאזשירען האבען עס געוואוסט. קוים איז דער צוג געבליעבען שטעהן, זיינען זיי אראבגעשפרונגען פון דיא וואגאנעס און זיינען געלאפען אין דארף זוכען וועגען מיט פערד אדער מיט אקסען, אויף וועלכע זיי זאלען קענען פאהרען קיין אללאהאבאד.

אויפ'ן צוג זיינען געווען פיעלע פאסאזשירען, מייסטענס מענשען, וועלכע זיינען גוט בעקאנט מיט אינדיען. זיי האבען צונעמומען אלע וועגען, וויפיעל עס זיינען געווען אין דארף. אזוי וויא עס זיינען דאמאלס געראדע געווען ווענינ וועד גען, האבען פיעלע גענומט דינגען פאלאנקין'ס מיט טרעגער, אנדערע האטען

נעדונגען פערד. פיעלע זיינען שוין ארויסגעפאהרען, אייניגע, דיא לעצטע, האַבען זיך פאַרבערייטעט ארויסצופאהרען. פילעאס פאָגג האָט ניט געפונען קיין וואַגען, קיין פאַלאנקין, קיין פערד.

— איך וועל געהן צו פוס! האָט ער געזאָגט צו סער פראנסיס.

פאַספּארטו איז אויך ארומגעלאָפען אין דאָרף זוכען א פוהר, א וואַגען אָדער א פערד. ער האָט געקנאקט אויף אלע שפּראַכען, וואָס ער האָט געקענט און האָט אומעדום געוויעזען זיינע נייע פּאנטאָפעל. ענדליך איז ער געקומען צו־לויפען גערארדע אין דער מינוט, ווען פילעאס פאָגג האָט געזאָגט, אז ער וויל געהן צו פוס קיין אללאהאַר.

— איך האָב געפונען! האָט ער אויסגעשריען פון דערוויטענס.

— וואָס האָסט דו געפונען? האָט פילעאס פאָגג געפרעגט רוהיג.

— איך האָב געפונען א מיטעל, וויא אזוי צו פאהרען קיין אללאהאבאד.

— א פערד, א פּאַלאנקין אָדער עטוואָס אנדערש?

— ניין, — אַן עלעפאַנט! — דאָרט אין עק דאָרף וואָינט אַן אינדיער, וועל־כער האָט אַן עלעפאַנט.

— קומט, סער פראנסים! האָט פילעאס פאָגג געבעטען. לאָמיר זעהן דעם עלעפאַנט.

אין אינדיען געהן דיא עלעפאנטען ניט ארום לעדיג. זיי טהוען עפּעס אַן ארבייט. זיי דרעהען דיא רעדער פון א מיהל, שלעפּען שווערע זאכען—ארבייטען, וויא אין אייראָפּא ארבייטען פערד. רייכע מענשען בויען אוים אויף דיא ברייטע פלייצעס פון דיא עלעפאנטען אַן ארט געצעלט און פאהרען אויף איהם פון איין שטאָדט אין דיא אַנדערע. אייניגע בענוצען דעם עלעפאַנט אום נאָכצויאָגען זיך נאָך ווילדע טהיערע. זיי פאהרען ארוים אויף עלעפאנטען אין דיא דזשונגל'ם און יאָגען זיך נאָך דעם געפּהרליכסטען פון אלע ווילדע טהיערע — דעם טיגער. דיא יעגער זיצען אין דעם געצעלט אויפ'ן רוקען פון'ם עלעפאַנט און שיעסען אראָפּ אויפ'ן טיגער. עס איז דאָרט קיין וואונדער, אז א בויער אין א דאָרף זאָל האָבען אַן עלעפאַנט. ער פערדיענט מיט איהם געלד.

סער פראנסים און פילעאס פאָגג זיינען געגאַנגען זעהן דעם עלעפאַנט. פּאַספּארטו האָט זיי צונעפיהרט צום הויז, וואו עס האָט געוואָינט דער אייגענ־טהימער פון'ם עלעפאַנט. דער אינדיער האָט זיי אריינגעפיהרט אין דעם הויף, וואו דער עלעפאַנט איז געשטאַנען און האָט זיי דערצעהלט, אז ער האַלט דעם עלעפאַנט ניט אום צו פאהרען אויף איהם, זאָנדערן ער לערנט איהם געהן אויף דיא יאגר. אזא עלעפאַנט מוז מען אָפט רייצען און איהם מאַכען בייז. אויף דער יאגד קומט ער אָפט אין דער רציחה. ער איז דאַן געפעהרליך. ער וואַרפט זיך ארויף אויף א לייב אָדער א טיגער און צוטרעט איהם מיט דיא פיס.

ער האָט זיי ווייטער דערצעהלט, אז דער עלעפאַנט קען זעהר לייכט דורכ־געהן דיא שטרעקע פון'ם דאָרף ביז אללאהאבאד אין אייניגע שטונדען. ער וויל

איהם אבער ניט פערדינגען. ער לערנט איהם צור יאגד און וויל איהם ניט גע־ברויכען צו קיין אנדער זאך.

אין אינדיען זיינען צוואר דא פיעלע עלעפאנטען. זיי ווערען אבער פון יאהר צו יאהר זעלטענער און טהייערער. דער עלעפאנט פערמעהרט זיך נור, ווען ער לעבט ווילד אין וואלד. קוים פאנגט מען איהם, הערט ער אויף זיך צו פערמעה־רען. דערצו קויפט מען זעהר פיעל עלעפאנטען אין אייראפא פאר דיא צירקען און מענאזשעריעען. בעזאנדערס ווערט געזוכט אן ער, ווייל ער איז שטארקער און קען בעסער אויסהאלטען א לאנגע רייזע אויף'ן מעער. דיא עלעפאנטען אין אינדיען ווערען דאדורך אלץ זעלטענער און טהייערער און ווען איינער האט אן עלעפאנט, איז עס ביי איהם א גאנץ רייכקייט.

פילעאס פאגג האט געבאטען א הויכען פרייז פאר'ן עלעפאנט. דער אינ־דיער האט ניט געוואלט הערען. ער האט געוואלט געבען צעהן פונט סטערלינג א שטונדע. דער אינדיער האט איהם ענטזאגט. — צוואנציג פונט א שטונדע. — דער אינדיער האט געשאקעלט מיט'ן קאפ ניין! — פערציג פונט! — דער אינ־דיער האט זיך געהאלטען פעסט ניין און ניין!

פאספארטו איז אונטערגעשפרונגען יעדעס מאל, ווען ער האט געהערט, וואס פאר א שרעקליך הויכען פרייז זיין הערר וויל צאהלען פאר א שטונדע פאהרען אויף אן עלעפאנט. ער האט ניט געקענט פערשטעהן, פאר וואס דער אינדיער וויל ניט פערדיענען אזוי פיעלד געלד. ער קען דאך פאהרען א צעהן — צוועלף שטונדען און פערדיענען פינף הונדערט פונט.

— אלזא, פערקויף מיר דעם עלעפאנט! האט פילעאס פאגג ענדליך גע־זאגט צום אינדיער. איך גיב דיר פאר איהם טויזענד פונט.

דער אינדיער האט ווידער געשאקעלט מיט'ן קאפ: ניין! מעגליך, אז ער האט דערשמעקט, אז פילעאס פאגג מוז פאהרען קיין אללאהאבאד און האט גע־וואלט ארויסציעהען פון איהם מעהר געלד. דיא אינדיער זיינען דורכגעטריבענע קויפלייטע. זיי ווייסען, וויא אזוי אויסצוניצען א געלעגענהייט צופערדיענען געלד.

סער פראנסים האט עס זעהר גוט פערשטאנען. ער האט אוועקגערופען פילעאס פאגג אן א זייט און האט איהם געזאגט, אז טויזענד פונט פאר דיעזען עלעפאנט איז זאגאר א הויכע פרייז. דער עלעפאנט איז עס ניט ווערטה.

— איך וויים, וואס איך טהו, האט פילעאס פאגג געענטפערט. איך פער־געס ניט, אז איך האב געוועט פופציג טויזענד פונט. איך מוז האבען דעם עלע־פאנט. ער מעג מיך קאסטען צוואנציג מאל אזוי פיעל, וויפיעל ער איז ווערטה.

פילעאס פאגג איז ווידער צוגעקומען צום אינדיער און האט איהם געבאטען צוועלף הונדערט, פופצעהן הונדערט, אכטצעהן הונדערט פונט — ענדליך צוויי טויזענד פונט. דיא אויגען פון'ם אינדיער האבען אנגעהויבען צו ברענען, וויא דיא אויגען פון א ווילדען טיגער. — ער האט נאכגעגעבען.

— צום טייפעל מיט דיא אינדיער! האט פאספארטו אויסגערופען. צוויי טויזענד פונט פאר אזא שטיק פלייש!

דאס געשעפט איז באלד געשלאסען געווארען. פילעאס פאגג האט בע־צאהלט דיא צוויי טויזענד פונט. סער פראנסיס איז געוועזען אן עדות און אלעס איז געווען אבגעמאכט. יעצט אבער האט זיך פארגעשטעלט א נייע שוועריגקייט: וואו נעהמט מען א פיהרער? עס איז ניט אזוי לייכט צו פאהרען אויף אן עלע־פאנט. מען מוז האבען אן אנטרייבער — א מענשען, וועלכער זעצט זיך ארויף ביים עלעפאנט אויפ׳ן קאפ מיט א קליינעם האמער אין דיא האנד. מיט דיעזען האמער קירעוועט ער דעם עלעפאנט, וויא מען קירעוועט א פערד מיט דיא ציגעל. דאס מוז מען אבער קענען.

דער אינדיער האט זיי באלד אויסגעזוכט אן אנטרייבער אדער א פיהרער. דאס איז געווען א יונגער פארסי מיט א גאנץ קלוגע פאר אויגען. פילעאס פאגג האט איהם צוגעזאגט א גוטע בעלוינונג, ווען ער וועט טרייבען דעם עלעפאנט און זיי וועלען אנקומען שנעל קיין אללאהאבאד. דער יונגער פארסי האט באלד ארויסגעפיהרט דעם עלעפאנט און האט צורעכט געמאכט אויף זיין ברייטען רו־קען דריי זיץ פאר דיא דריי פאסאזשירען. מען האט באלד געזעהען, אז ער איז א גוטער עלעפאנט אנטרייבער — „מאהוט“, וויא עס הייסט אויף אינדיש.

ער האט אנגעבעט אויפ׳ן רוקען פון׳ם עלעפאנט דעקען און אויף דיא דע־קען האט ער ארויפגעשטעלט א געצעלט, „האודאך“.

פילעאס פאגג האט איינגעלאדען סער פראנסיס, ער זאל מיט איהם פאה־רען אויפ׳ן עלעפאנט. סער פראנסיס האט אנגענומען דיא איינלאדונג.

זיי האבען נאך געקויפט אין דארף פראוויאנט אויפ׳ן וועג און האבען זיך אויפגעזעצט, אדער ריכטיגער געזאגט, ארויפגעקראכען אויפ׳ן עלעפאנט. גע־וועהנליך פיהרט מען מיט זיך א לייכטען לייטער, ווען מען פאהרט אויף אן עלע־פאנט. אויף דיעזען לייטער קריכט מען ארויף אויף זיין רוקען.

אום ניין אוהר איז דער עלעפאנט ארויסגעגאנגען פון חאלבי און איז באלד אריינגעפאהרען אין א געדיכטען וואלד פון פאלמען און אנדערע בוימער, וועלכע וואקסען נור אין דיא הייסע געגענדען.

## 12טעם קאפיטעל.

### פילעאס פאגג און זיינע קאמעראדען שטעלען זיך אונטער צו פאהרען אין דיא געדיכטע וועלדער פון אינדיען.— וואס זיי האבען דארט געזעהען.

פילעאס פאגג האט געבעטען דעם אנטרייבער, ער זאל פאהרען קיין אללא־באהאד אויפ׳ן קורצעסטען וועג. דער יונגער מאן האט איהם ערקלערט, אז דער נאהענטסטער וועג איז דורכ׳ן וואלד. דיא אייזענבאהן ליניע געהט אויף א גאנץ אנדערן וועג, ווייל זיי דארפען אויסקומען אין א שטאדט, וואו עס וועט זיין א סטאציאן. דורכ׳ן וואלד אבער קענען זיי פערקירצען דעם וועג אויף גאנצע צוואנ־ציג מייל.

מיט צוואנציג מייל נעהענטער! דאס דארף דאך פילעאס פאגג.. ער האט

גור איבערגעפרעגט דעם אַנטרייבער, אויב ער קען גוט דעם וועג. דער יונגער פּארסי האָט איהם פערזיכערט, אז ער קען דעם וועג, וויא זיינע פינף פינגער. פילעאס פאָגג האָט איהם געהייסען נאָך א ביסעל צוטרייבען דעם עלעפאַנט.

פאספּארטו האָט געמאַכט א זויערע מינע, ווען דער עלעפאַנט האָט אָנגע־הויבען צו געהן שנעלער. עס איז ניט גאַנץ אַנגענעהם צו זיצען אויפ'ן רוקען פון אַן עלעפאַנט, ווען ער געהט שנעל. ער טרייסעלט ארוים דיא געדערים פון בויך. סער פראַנסיס איז געוועזען געוואוינט צו אזעלכע שפּאַציערגענג. פילעאס פאָגג איז געזעסען אויפ'ן עלעפאַנט רוהיג און גלייכגילטיג. אויף זיין געזיכט האָט מען ניט געקענט לעזען, אויב עס איז איהם אַנגענעהם אָדער אונאַנגענעהם צו רייטען אויפ'ן עלעפאַנט.

— האַלט ניט דיא צונג צווישען דיא צעהנער, האָט פילעאס פאָגג געזאָגט צו זיין דיענער.

פאספּארטו האָט ארומגעטאַנצט אויפ'ן ברייטען רוקען פון'ם עלעפאַנט. ער האָט אָבער דערביי געשפּאַסט און געלאַכט. ענדליך איז איהם זאָגאר געפעלען אזא ארט פאָהרען. ער האָט געפרעגט, וויא דער עלעפאַנט הייסט.

— ער הייסט קיאוני, האָט איהם דער אַנטרייבער געענטפערט.

— וואָס עסט ער? האָט דער נייגיעריגער פראַנצויז געפרעגט.

— וואָס מען גיט איהם.

פאספּארטו האָט פּראָבירט געבען דעם עלעפאַנט שטיקלעך צוקער. דער עלעפאַנט פלעגט זיי ביי איהם צונעהמען מיט זיין לאַנגע נאָז און פלעגט זיי פערשלינגען מיט פערגניגען.

צוויי שטונדען נאָך אַנאַנד איז דער עלעפאַנט געגאַנגען האַסטיג. דאַן האָט דער אַנטרייבער ערקלערט, אז מען מוז איהם לאָזען זיך אָפּרוהען א שטונ־דע. סער פראַנסיס און פאספּארטו זיינען געוועזען זעהר צופריעדען, וואָס זיי האָ־בען ענדליך געקענט זיך אָפּרוהען א ביסעל. דאָס פאָהרען אויפ'ן עלעפאַנט האָט זיי זעהר מיעד געמאַכט.

פילעאס פאָגג דאַגעגען איז געבליבען פריש, גלייך וויא ער וואָלט אויס־געשטיעגען פון אַן אייזענבאַהן וואַגאָן.

— דער מאַן איז געמאַכט ניט פון פלייש און ביינער, זאָנדערן פון אייזען, האָט סער פראַנסיס בעמערקט, ווען ער האָט געזעהן, וויא רוהיג פילעאס פאָגג קריעכט אראָב פון'ם עלעפאַנט.

— ניט פון אייזען, זאָנדערן פון שטאָהל, האָט זיך פּארספּארטו אָבגערופען.

דער אַנטרייבער האָט צוגעפיהרט דעם עלעפאַנט צו א טייך און האָט איהם געלאָזען זיך אָנטרינקען. דאַן האָט ער איהם אָפּגעלאָזען אין וואלד. דער עלע־פאַנט האָט באַלד אָנגעהויבען אָפּצורייסען גרינע בלעטער און צווייגען פון בוימער וועלכע ער האָט פערשלונגען מיט'ן גרעסטען אפּעטיט. ער איז הונגעריג געוואָרען אויפ'ן וועג.

אונזערע רייזענדע האבען זיך אויף אנידערגעזעצט אונטער א געדיכטען בוים און האבען געגעסען זייער פריהשטיק.

אום צוועלף אוהר האט דער אנטרייבער ווידער אנגעזאטעלט דעם עלעפאנט און האט געהייסען זיך אויפזעצען. דיא רייזע האט זיך ווידער אנגעהויבען. זיי זיינען באלד ארויסגעפאהרען פונ'ם געדיכטען וואלד און זיינען געפאהרען דורך א גאנץ וויסטע געגענד. וויא ווייט דאס אויג האט געקענט גרייכען, האט מען געזעהן הייסען, ברענענדען זאמד, אין וועלכען עס זיינען געלעגען צוואוארפען גרויסען שטיינער. זיי זיינען יעצט געווען אין א ווילדער געגענד, ווייט פון דער אייראפעאישער ציוויליזאציאן.

זעהר זעלטען קומען רייזענדע אין דיעזע געגענד. זיי האבען דא ניט וואס צו טהון. דיא ענגלישע רעגיערונג געפינט עס ניט פאר נעטהיג צו האלטען אין אזא ארט בעאמטע און סאלדאטען. דיא אינדיער זיינען דא גאנץ פריי און דיענען זייערע געטער נאך זייערע אייגענע צערעמאניען. עס קומען פאר פעלע, ווען שטארק פרומע אינדיער — פאנאטיקער, וועלכע קענען ניט אויספיהרען צו דיענען זייערע געטער, וויא זיי ווילען, אין דיא גרויסע שטעדט, וואו עס איז דא א פאליציי און פיעלע אייראפעער — פאהרען אוועק אהער, אין דיעזע ווילדע געגענד, וואו זיי קענען טהון, וואס זיי ווילען.

מיר האבען צוואר געזאגט, אז דיא ענגלישע רעגיערונג מישט זיך ניט אריין אין רעליגיאנס זאכען פון דיא אינדיער. זייער רעליגיאן האט אבער אין זיך אזעלכע ווילדע און אונמענשליכע צערעמאניען, אז דיא ענגלישע רעגיערונג האט זיי געמוזט פערבאטען. מיר וועלען דא ברענגען נור איין ביישפיעל.

דער גאנגעס איז א הייליגער טייך, וויא מיר האבען שוין געשריעבען. אין גאנגעס געפינען זיך זעהר פיעל קראקאדילען. אזוי וויא זיי לעבען אין א הייליגען טייך, זיינען זיי אויך הייליג, און ווען א קראקאדיל פערשלינגט א מענשען, ווערט דער מענש הייליג.

מען פלעגט א מאל קענען זעהן, וויא א מוטער איז געקומען מיט א קינד צום ברעג פונ'ם טייך גאנגעס. קוים האט א קראקאדיל ארויסגעשטעקט זיין אבשייליכען קאפ פונ'ם וואסער, האט איהם דיא מוטער צוגעווארפען דאס קינד און האט געזאגט א געבעט אין דער צייט,, וואס דער קראקאדיל האט פערשלונגען דאס קינד. ווען א מוטער האט געבראכט אזא אפפער, איז זיא געווארען הייליג. זעהר פיעלע פרומע מוטער פלעגען עס טהאן אום צו ווערען הייליג.

אזא הייליגקייט האט דיא ענגלישע רעגיערונג געמוזט פערביעטען. דיא פרומע אינדיער זיינען דערמיט ניט צופריעדען און פאהרען אפט זעהר ווייט אין א שטילען ארט, וואו זיי זאלען קענען רוהיג דיענען זייערע געטער.

דער אנטרייבער האט אונטערגעטריעבען דעם עלעפאנט. ער האט אויסגעזוכט דיא ווילדעסטע ערטער און דיא איינזאמסטע געגענדען. ער האט ריכטיג בערעכענט, אז זיי זיינען דאך נור 4 מענשען, מען קען אויף זיי אנפאלען

און זיי בערויבען. אן עלעפאנט קען מאכען גרויסע שפאנען, ער קען אבער ניט לויפען.

אום דריי אוהר זיינען זיי ווידער געבליעבען שטעהן און האבען געלאזען דעם עלעפאנט זיך אבּרוהען. זיי אליין האבען זיך געזעצט אונטער א קליין בערגעל, וועלכער איז געווען בעוואקסען מיט באנאנא־בוימער. דער עלעפאנט־אנטרייבער האט זיי געריהמט דיא באנאנא'ס (בענענע'ס).

— זיי זיינען אזוי זעטיג וויא ברויט און אזוי זאפטיג, וויא סמעטענע (קרים), האט ער זיי געזאגט אויף זיין קלינגענדע שפּראכע.

אזוי וויא פאספארטו האט ניט פערשטאנען קיין אינדוסטאניש, האט ער עס איהם ערקלערט אויף ענגליש. פאספארטו האט אנגעריסען פרישע באנאנעס און האט זיי געגעסען מיט'ן גרעסטען אפּעטיט. סער פראנסים האט זיי אויך געגעסען מיט פערגניגען. נור פילעאס פאגג איז געזעסען שטיל און האט קיינע באנאנעס געגעסען.

זיי האבען זיך אבגערוהט נעגען א שטונדע און זיינען ווייטער געפאהרען. יעצט זיינען זיי אריינגעפאהרען אין א גאנץ געדיכטען וואלד. ביז אהער איז זייער רייזע געווען גליקליך. עס האט זיי גאר נישט פאסירט. זיי זיינען אוועקגעפאהרען נעגען א האלבע שטונדע. פלוצלונג איז דער עלעפאנט געוואָרען אונרוהיג. ער האט אויפגעהויבען זיינע גרויסע אויערן, האט זיך צוגעהערט און איז ענדליך גאר געבליעבען שטעהן.

— וואס איז דארט אזעלכעס? האט סער פראנסים קראמארטי געפרעגט דעם אנטרייבער.

— איך ווייס ניט, האט דער יונגער פארסי געענטפערט. — איך הער עפּעס שטימען פון דערווייטען.

סער פראנסים און פילעאס פאגג האבען זיך אויפגעשטעלט אויף'ן עלעפאנט און האבען זיך צוגעהערט. זיי האבען געהערט דייטליך שטימען פון מענשען אויסגעמישט מיט שטימען פון מוזיק. מען וואלט געקענט זאגען, אז דארט גיט מען א קאנצערט, ווען עס זאל ניט געווען זיין אזא זאנדערבאר ווילדער קאנצערט.

פאספארטו האט געעפענט מויל און אויערן און איז געשטאנען אויפ'ן עלע־פאנט, וויא פערשטיינערט. אזא מוזיק האט ער נאך אין זיין לעבען ניט געהערט.

דער יונגער פארסי איז אראבגעשפרונגען פונ'ם עלעפאנט און איז פער־שוואונדען געוואָרען צווישען דיא געדיכטע ביימער פונ'ם וואלד. אין איינינע מינוט ארום איז ער צוריקגעקומען און האט געזאגט:

— עס קומט אן א פּראצעסיאן פון בראהמינען — אינדישע גייסטליכע — איך וויל זיי אויסמיידען. ליידער איז דא דער וועג אזוי שמאל, אז עס איז נימא קיין פלאץ, וואו זיך אויסצומיידען. מיר וועלען מוזען אריינפאהרען אין געדיכטען וואלד און איבערווארטען, ביז דיא פּראצעסיאן וועט פאראיבערגעהן.

פילעאס פאגג און סער פראנסים האבען איינגעוויליגט. דער אנטרייבער האט אריינגעפיהרט דעם עלעפאנט אין וואלד און האט אויסגעזוכט אן ארט

וואו זיי זאלען קענען איבערוואַרטען דיא פראצעסיאָן, אז מען זאל זיי ניט זעהן.

„דיא פארסים האבען פיינט דיא בראהמינען מיט זייער ווילדער, בלוטיגער רעליגיאָן. זיי ווייסען, אז ווען דיא אינדישע פאנאטיקער ווערען ווילד, זיינען זיי געפעהרליך. זיי קענען א מאָל כאפען א רייזענדען און ברענגען איהם פאר אן אָפּפער צו זייערע ווילדע געטער. דאס איז געווען דיא אורזאכע, וואס דער פארסי האט אזוי געוואָלט אויסמיידען דיא פראצעסיאָן.

דיא ווילדע מוזיק איז געקומען אַלץ נעהנטער און נעהנטער. ווילדעס געזאנג און געבעט זיינען געווען אויסגעמישט מיט א געקלאפּעריי פון פויקען און צימבלען. באלד איז דיא פראצעסיאָן אָנגעקומען גאנץ נאָהענט צו דעם אָרט, וואו אונזערע רייזענדע זיינען געזעסען אויפ'ן עלעפאנט. זיי האבען אלעס געקענט זעהן.

צוערשט איז אָנגעקומען א באנדע בראהמינען אין הויכע, ווייסע, שפּיציגע הימלען אויף דיא קעפּ, אין לאנגע, ווייסע קליידער בעלעגט מיט שטיקערייען פון גאָלד און זילבער. ארום זיי זיינען געגאנגען מענער, פרויען און קינדער. וועלכע האבען געזונגען א לאנגעס, טרויעריגעס ליעד — א טויטען ליעד. פון צייט צו צייט האבען דיא צימבלען און פויקען געקלאפּט צום טאקט.

הינטער זיי איז אָנגעקומען א וואגען, אין וועלכען עס זיינען געווען איינגעשפּאנט אין זעהר רייכען געשירר צוויי פּאָר זעבו'ס — זעבו איז אן אינדישער אָקס. ער איז פיעל קלענער פון אונזערע אָקסען און האט א הויקער אויפ'ן רוקען. מען קען איהם זעהן אין סענטראל פּארק אין ניו יאָרק. — דער זעבו איז א הייליגעס טהיער ביי דיא אינדיער. זאָגאר זיין מיסט איז הייליג. איידער דער בראהמין הייבט אן צו זאָגען זיין געבעט, רייבט ער זיך אָן דיא הענד מיט'ן מיסט פון א זעבו. דאן זיינען זיינע הענד ריין.

דיא רעדער פונ'ם וואָגען זיינען געווען אזוי אויסגעדרעהט, און אזוי אויסגעפלאָכטען, אז עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז זיי זיינען ארומגעוויקעלט מיט שלאנגען.

אויפ'ן וואָגען האט מען געזעהן דעם שרעקליכען, ווילדען, אבשייליכען גאָט. דאס איז געווען א סטאטוע פון א שטיין אָדער פון האָלץ מיט א שרעקליך גרויסען קאָפּ, מיט פיער הענד, מיט אן אָפענעם מויל, פון וועלכען עס האט ארויסגעשטעקט א לאנגע צונג פון א שלאנג. דער גאנצער קערפּער פונ'ם גאָט איז געווען געפארבט דונקעל רויט — דיא פארב פון בלוט. אויפ'ן האלז האט דער גאָט געטראָגען א האלזבאנד פון מענשען־קעפּ, ארום גארטעל איז געהאנגען א קראנץ פון מענשען־הענד. דער גאָט איז געזעסען אויף א מענשען אָהן א קאָפּ, גלייך וויא ער וואָלט איהם נור וואס אָבגעהאקט דעם קאָפּ.

דאס גאנצע בילד איז געווען שרעקליך, אבשייליך און עקעלהאפט אנצוקוקען.

סער פראנסיס האט באלד בערקענט, וואס פאר א גאָט דאס איז.

— דאָס איז דיא שרקליכע געטין קאַלי - באהאוואני, דיא בלוטיגע. דאָס איז דיא געטין פון טויט, האָט ער געזאָגט און האָט א ציטער געטהאָן.

ער האָט געוואוסט, אַז ווען מען פיהרט אַרום דיעזע געטין, וועט מען איהר געווים ברענגען מענשען־אָפּפער. דער גרעסטער טעמפּעל פון דער שרעקליכער געטין קאַלי איז אַ מאָל געוועזן אין קאַלקוטאַ. דאָס וואָרט קאַלקוטאַ, דער נאָמען פון דער הויפּטשטאָדט פון אינדיען, שטאַמט אָב פון דער געטין קאַלי. אויף אינדוסטאַניש האָט דיא שטאָדט געהייסען: „קאַלי גהאַט“, — דער באַרג פון קאַלי (הר אלוהים). דיא ענגלענדער האָבען דערפון געמאַכט קאַלקוטאַ.

— וואָס איז דאָס פאַר א טייפעל! האָט פּאַספּאַרטו אויסגערופען. אָט דאָס הייסט ביי זיי א גאָט? דאָס קען ניט זיין! עס איז דאָך אבשייליך אויף איהם צו קוקען.

דער פּאַרסי האָט איהם אָנגעכאַפּט ביי דער האַנד און האָט ארויפגעלעגט א פינגער אויפ׳ן מויל, א צייכען, ער זאָל שווייגען.

ארום דעם וואָגען פון דער געטין האָבען געטאַנצט, געשפּרונגען, זיך געקרימט, זיך געשטאָכען און געשניטען דאָס לייב, ביז דאָס בלוט האָט זיך פון זיי געגאָסען, א באַנדע פאַקירם.

דיא פאַקירם זיינען הייליגע, פרומע דיענער פון דיא אינדישע געטער. מען קען טרעפען א פאַקיר, וועלכער האָט א נדר געטהאָן, ער זאָל צוואַנציג יאָהר האַלטען איין האַנד אין דער הויך. ער האַלט זיין וואָרט. דיא האַנד ווערט איינגעדאַרט און פערגליווערט, אַז נאָך דיא צוואַנציג יאָהר בלייבט זיא אויף אין דער הויך. אַנאַנדערער האָט א נדר געטהאָן, ער זאָל צעהן יאָהר שטעהן אויף איין אָרט. ער האַלט זיין נדר, ריהרט זיך ניט פונ׳ם אָרט, לעבט נור דערפון, וואָס גוטע מענשען דערלאַנגען איהם, ביז ער האַלט אויס זיין צייט. א דריטער האָט א נדר געטהאָן, אַז מען זאָל איהם צעהן מאָל ארויפציעהען אויף א הויכען שטאַנג. מען שטעכט איהם אריין אַן אייזערנעם הוק טיעף אין לייב. צום הוק איז צוגעבונדען אַ שטריק. אויף דיעזען שטריק שלעפּט מען איהם ארויף אויפ׳ן שטאַנג. דאָס בלוט גיסט זיך פון זיין קערפּער און ער זינגט דערביי הייליגע ליעדער. ער טאָר ניט שרייען פאַר שמערץ. ער טאָר ניט ווייזען זאָגאָר, אַז עס טהוט איהם וועה. ווען ער האַלט אויס זיין נדר, ווער ער א הייליגער.

דאָס זיינען דיא אינדישע פאַקירם. קיין רעליגיאָן אין דער וועלט האָט ניט אַזעלכע ווילדע, אונמענשליכע, שרעקליכע און אבשייליכע צערעמאָניען, וויא דיא אינדישע רעליגיאָן. דאָס איז א רעליגיאָן פון מענשליכע ליידען, און מענשליכע שמערצען.

הינטער דער באַנדע פאַקירם האָבען עטליכע בראַהמינען געשלעפּט א יונגע פרוי, וועלכע האָט זיך קוים געהאַלטען אויף דיא פיס.

דיא יונגע פרוי איז געוועזן שעהן, וויא דיא זון. איהר געזיכט איז געוועזן קלאָר וויים, וויא דאָס געזיכט פון אַן אייראָפּעאישע פרוי. איהר קאָפּ, איהרע אויערן, איהר האַלז, איהרע הענד און איהרע פיס זיינען געוועזן בעהאַנגען מיט

פערל, בריליאנטען און דיא טהייערסטע שטיינער. זיא איז געווען אנגעטהאן אין טהייערע קליידער בעלעגט מיט גאלד און זילבער.

דיא פרוי איז געווען בלייך, וויא דער טויט און האט געציטערט. עס איז געווען דייטליך, אז זיא געהט ניט מיט'ן גוטען ווילען.

הינטער דער יונגער פרוי איז געגאנגען א וואך פון עטליכע שטארקע מענשען מיט בלויזע שווערדען אין דער האנד און מיט געלאדענע פיסטאלעטען אין גארטעל. צווישען דער וואך האבען פיער מענשען געטראגען א פאלאנקין, אויף וועלכען עס איז געלעגען א טויטער קערפער.

דער טויטער איז געווען אן אלטער מאן מיט א לאנגער ווייסער בארד. ער איז געווען אנגעטהאן אין טהייערע זיידענע קליידער. לעבען איהם איז געלעגען זיין שווערד אין א גאלדענער שייד אנגעזעצט מיט בריליאנטען. אויפ'ן שטערן האט מען געזעהן דיא בורלאה — א קיילעכדיג שטיקעל גאלד, וויא א מינצע, אויף וועלכער עס זיינען אויסגעדריקט געהיימע צייכענס. דיא בורלאה איז א זיכערער צייכען, אז דאס איז א פרינץ אדער א פירסט. קיינער טאר אין אינדיען ניט טראגען דיא בורלאה אויסער אן עכטער פרינץ אדער פירסט.

הינטער דעם טויטען איז ווידער געגאנגען א גרויסער הויפען פון פאקירס, וואכען און מוזיקאנטען, וועלכע פלעגען אפט מאכען א שרעקליכען ליארם. — דערמיט האט זיך דיא פראצעסיאן געענדיגט.

סער פראנסיס קראמארטי האט זיך צוגעקוקט צו דער פראצעסיאן. ער איז געווען גוט בעקאנט אין אינדיען און האט געוואוסט, וואס דאס איז פאר א פראצעסיאן.

— איז דאס א סוטי? האט ער געפרעגט דעם אנטרייבער.

דער אנטרייבער האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ, אז דאס איז ווירקליך א „סוטי". דערביי האט ער ארויפגעלעגט א פינגער אויף זיינע ליפען, א צייכען, אז מען דארף שווייגען.

לאנגזאם איז דיא פראצעסיאן פאראיבערגעגאנגען. לאנגזאם איז דיעזער אונאנגענעהמער קאנצערט פערשטומט געווארען. ענדליך איז ווידער געווארען שטיל. מען האט נור געהערט פון דער ווייטען א שוואכעס רוישען און מורמלען. דער אנטרייבער האט ווידער ארויפגעפיהרט דעם עלעפאנט אויפ'ן וועג און האט געוואלט ווייטער פאהרען.

פילעאס פאגג האט געהערט, וויא סער פראנסיס האט געזאגט: „א סוטי", אווארט, וועלכעס ער האט ניט פערשטאנען. ווען זיי זיינען ווידער ארויפגעקומען אויפ'ן וועג, האט ער זיך געווענדעט צו סער פראנסיס און האט איהם געפרעגט:

— וואס הייסט א „סוטי"?

— א סוטי הייסט א מענשענאפפער צו דער געטין קאלי, אבער ניט מיט געוואלט, זאנדערן פרייוויליג. דער מענש אפפערט זיך מיט'ן גוטען ווילען, האט סער פראנסיס ערקלערט. דיא יונגע פרוי, וועלכע דיא בראהמינען האבען

געפיהרט, וועס מען מארגען גאנץ פריה פערברענען לעבעדיגערהייט.

— דיא טייפעל! דיא טויגעניכטסע! האט אויסגערופען פאספארטו און האט געטאנצט אויפ׳ן עלעפאנט. פערברענען לעבעדיגערהייט א מענשען און נאך אזא שעהנע און יונגע פרוי! — דיא מערדער!

— ווער איז דער טויטער, וואס איז געלעגען אין פאלאנקין? האט פילעאס פאגג ווייטער געפרעגט.

— דאס איז געווען איהר מאן, דער פירסט פונ׳ם לאנד בונדעלקונד. דיעזעס לאנד געהערט ניט צו ענגלאנד. דער הערשער איז דערוייל נאך אונאבהענגיג.

— איך פערשטעה נים! האט אויסגערופען פילעאס פאגג. איז דאס מעגליך, אז דיעזע ווילדע און אונמענשליכע צערעמאניע, אז ווען דער מאן שטארבט, מוז מען פערברענען זיין פרוי מיט איהם לעבעדיגערהייט, עקזיסטירט נאך אין דיעזע לענדער און דיא ענגלישע רעגיערונג זעהט עס צו און שווייגט?

זייט סער פראנסיס האט זיך בעקענט מיט פילעאס פאגג, האט ער איהם צום ערשטען מאל געהערט רעדען אזוי הויך און מיט אזא געפיהל. פילעאס פאגג איז יעצט ניט קיין מאשין. ער איז געווארען א מענש מיט א געפיהל, מיט מיטלייד אין הערצען.

— אין פיעלע לענדער אין אינדיען איז דער ענגלישער רעגיערונג געלונגען צו פערביעטען דיעזע שרעקליכע צערעמאניע, האט סער פראנסיס ערקלערט. אינדיען איז אבער א גרויס לאנד. עס זיינען דא ווילדע געגענדען, וואו דיא ענגלישע רעגיערונג האט קיין מאכט ניט. זיא קען נים האלטען קיין ארמעען אין אזעלכע ווילדע געגענדען. דאס לאנד בונדעלקונד געהערט נאך ניט צו ענגלאנד. וואס קענען מיר טהון אין אזא פאל?

פאספארטו האט ניט געקענט איינזיצען. ער האט זיך געווארפען, וויא א וואהנזיניגער.

— פערברענען לעבעדיגערהייט? האט ער יעדעס מאל אויסגערופען אין דער גרעסטער פערצווייפלונג. אזא יוגענד! אזא שעהנהייט! פערברענען לעבעדיגערהייט? דאס איז שרעקליך! דאס איז שוידערהאפט! דאס איז אונמענשליך!

— זיא מוז זיך לאזען פערברענען, האט סער פראנסיס ווייטער ערקלערט. ווען זיא טהוט עס ניט, וועט איהר לעבען ערגער זיין, וויא דער טויט. מען וועט איהר אפגאלען דיא האר פונ׳ם קאפ און מען וועט זיא האלטען פערשפארט אין א שטאל פון שווינע. קיינער וועט ניט וועלען מיט איהר רעדען. מען וועט איהר זאגאר ניט געבען קיין עסען. מען וועט זיא טרייבען און יאגען פון אלע זייטען, ביז זיא וועט ערגעץ שטארבען פאר הונגער און נויט. — דיא אונגליקליכע פרוי מוז אויסוועהלען איינס פון דיא צוויי: ענטוועדער זיא זאל זיך לאזען פערברענען מיט איהר טויטען מאן, אדער זיא זאל הייסען אונריין (טמא), פעראכטעט

פון יעדען, פערשפאטעט פון אלעמען, פעריאגט, פערטריעבען, ערניעדעריגט און אויסגעשטויסען פון דער מענשליכער געזעלשאפט.

וויא מיר ווייזט אויס, געהט דיא יונגע פרוי, וואס מיר האבען נור וואס געזעהן, ניט מיט איהר גוטען ווילען צום טויט. עס קומען אבער פאר אזעלכע פעלע, ווען א פאנאטישע פרוי, וויל ווירקליך שטארבען מיט איהר מאן צוזאמען. דיא ענגלישע רעגיערונג טהוט אלעס מעגליכע אום עס ניט צו דערלאזען.

מיט עטליכע יאהר צוריק, ווען איך בין געשטאנען מיט מיין בריגאדע אין באמביי, איז געקומען אזא וויטווע צום גובערנאטאר פון באמביי און האט איהם געבעטען, ער זאל איהר ערלויבען, זיא זאל זיך פערברענען מיט איהר טויטען מאן. דער גובערנאטאר האט איהר ניט ערלויבט. זיא איז אוועקגעפאהרען אין א לאנד, וואס געהערט ניט צו ענגלאנד און האט זיך דארט געלאזט פערברענען מיט דער גרעסטער צערעמאניע, וויא מיר האבען עס נור געזעהען.

אלע האבען אויסגעהערט דיא ערצעהלונג פון סער פראנסיס זעהר אויפמערקזאם. ווען ער האט געענדיגט זיין ערצעהלונג, האט דער אנטרייבער זיך אבגערופען:

— דיעזע יונגע פרוי, וואס מיר האבען נור וואס געזעהן, צווינגט מען מיט געוואלט, זיא זאל זיך לאזען פערברענען.

— פון וואנען ווייסט דו עס?

— עס איז א געשיכטע פון וועלכער מען רעדט אין גאנצען לאנד, האט דער אנטרייבער געזאגט.

— פאר וואס האט זיא ניט געשריען, ניט געבעטען? האט סער פראנסיס געפרעגט.

— ווייל מען האט איהר אריינגעגעבען אפיום און האשיש, אזא מעדיצין, וואס מאכט דעם מענשען בערוישט, אז ער ווייס ניט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם. דיא בראהמינען ווייסען שוין וויא צו בעהאנדלען זייער אפפער.

— אלזא, ווייסט דו פון דיעזער געשיכטע?

— יעדעס קינד אין דיעזער געגענד ווייס פון דיעזער געשיכטע.

— אבער וואוהין האט מען זיא יעצט געפיהרט? האט פלוצלונג פילעאס פאגג געפרעגט.

— מען האט זיא געפיהרט אין דיא פאגאדא (טעמפעל) פון פילאדש, צוויי מייל וויט פון דאנען. דארט וועט מען דיא גאנצע נאכט זינגען הייליגע ליעדער, טאנצען און בעטען דיא געטין קאלי.

— און ווען וועט מען זיא פערברענען? האט פילעאס פאגג ווייטער געפרעגט.

— מארגען גאנץ פריה, ווען דיא זון וועט ארויס.

איינינע מינוטען האבען אלע געשוויעגען. דער אנטרייבער האט געגעבען א זעץ דעם עלעפאנט מיט זיין האמער, אז ער זאל ווייטער געהן. פילעאס פאגג

האט איהם געהייסען בלייבען שטעהן און האט זיך געווענדעט צו סער פראנסיס קראמארטי:

— פיעללייכט איז מעגליך צו רעטען דיעזע פרוי?

— האט איהר דען צייט דערצו? האט סער פראנסיס געפרעגט.

— צו רעטען א מענשען האב איך שטענדיג צייט.

— הערר פאגג, איז זייט א גוטער און עדעלער מענש! האט סער פראנסיס אויסגערופען.

— ווען איך האב אבגעשפארט א ביסעל צייט אויפ'ן שיף, פאר וואס זאל איך ניט טהון א זאך, וואס יעדער מענש מוז טהון — רעטען א מענשען? —

## 13טעם קאפיטעל.

### פאספארטו בעווייזט, אז דאס אלטע שפריכווארט: „ווער מוטה האט, דער האט גליק", איז גאנץ ריכטיג.

סער פראנסיס קראמארטי האט ערקלערט, אז צו רעטען דיעזע אונגליקליכע פרוי איז ניט אזוי לייכט. מען ריסקירט דערביי מיט'ן לעבען.

— איהר האט אליין געזעהן, וויא ארום דער פרוי איז געגאנגען א שטארקע וואך פון פאנאטיקער מיט בלויזע שווערדען און מיט געלאדענע פיסטאלעטען. קוים וועט זיך איינער אונטערשטעלען זיא צו בעפרייען, וועט מען איהם טייטען. ווען מען וועט איהם ניט טייטען, וועט מען איהם ארעסטירען און מען וועט איהם אריינווארפען אין געפענגניס.— וויא קענט איהר נעהמען אויף זיך אזא ריסק?

— איך מוז טהון אלעס, וואס איך קען, אום ניט צו דערלאזען, אז מען זאל פערברענען א מענשען לעבעדיגערהייט, האט פילעאס פאגג געענטפערט רוהיג און ענטשלאסען.

— מיין הערר האט רעכט! האט זיך אריינגעמישט פאספארטו. מיר, פראנצויזען און ענגלענדער, מיר געבילדעטע מענשען, זאלען צוזעהן גלייכגילטיג, וויא מען פערברענט לעבעדיגערהייט אזא יונגע און אזא שעהנע פרוי? — דאס איז אונמעגליך.

ער האט זיך דערמאנט, אז ער איז א מאל געווען א לעהרער פון פעכטען און האט צונויפגעלעגט ביידע הענד, גלייך וויא ער שטעהט שוין געגען דיא בראהמינען און וויל מיט זיי פעכטען.

סער פראנסיס האט אויך איינגעוויליגט צו העלפען רעטען דיא אונגליקליכע פרוי. אלס גענעראל האט ער זיך איבערלעגט, וויא אזוי זיא צו בעפרייען.

— מיר זיינען דריי ענטשלאסענע מענשען, וועלכע וועלען אלעס ריסקירען אום זיא צו בעפרייען. יעצט איז נור דיא פראגע וועגען אונזער אנטרייבער. וואס וועט ער טהון? וועט ער האלטען מיט זיינע לאנדסלייט דיא אינדיער, אדער וועט ער צושטעהן צו אונז?—דאס איז זעהר א וויכטיגע פראגע. ווען ער שטעהט צו צו אונז, דאן האבען מיר אן עלעפאנט, און קוים וועט אונז געלינגען זיא צו בעפרייען, וועלען מיר וועקפאהרען קיין אללאהאבאד אויפ'ן עלעפאנט. וועט

ער אבער צושטעהן צו זיינע לאנדסלייט, וועלען מיר זיין אין זעהר א שלעכטע לאגע. מיר וועלען מוזען זוכען אנאנדער אנטרייבער. וואו נעמט מען אזא מענשען?

— לאמיר איהם אליין פרעגען, האט פאספארטו געזאגט.

סער פראנסיס האט דערצעהלט דעם אנטרייבער, אז זיי זיינען ענטשלאסען צו רעטען דיעזע פרוי און האט איהם געפרעגט, אויב ער וועט זיי מיטהעלפען.

— גענעראל, האט דער אנטרייבער געענטפערט, איך בין א פארסי, איך האב פיינט דיא בראהמינען. דיעזע אונגליקליכע פרוי איז אויך א פארסי. בעפעהלט! איך וועל טהון אלעס, וואס איהר וועט מיר הייסען.

— דאס איז רעכט, יונגער מאן! האט פילעאס פאגג בעמערקט.

— איך מוז אייך אבערווארענען, האט דער אנטרייבער געזאגט, אז איהר נעהמט אייך אונטער צו טהון א געפעהרליכע זאך. דיא בראהמינען בעשטראפען זעהר שטרענג יעדען, ווער עס שטערט זיי אין זייערע אונמענשליכע צערעמאניען. עס קען אייך קאסטען אייער לעבען.

— איך וויים עס, האט פילעאס פאגג געזאגט. — איך רעכען, אז מיר זאלען דאווארטען, ביז עס וועט ווערען נאכט, ערשט דאן אין דער פינסטער זאלען מיר זוכען א מיטעל זיא צו בעפרייען.

— איך מיין אויך אזוי, האט דער אנטרייבער מיטגעשטימט.

עס איז געבליעבען, אז זיי זאלען אבווארטען דא אויפ'ן ארט, ביז עס וועט ווערן נאכט. אום צו פערטרייבען דיא צייט האט דער פארסי דערצעהלט דיא געשיכטע פון דער אונגליקליכער פרוי.

— דיא יונגע פרוי, האט דער עלעפאנט-אנטרייבער דערצעהלט, איז דיא טאכטער פון א רייכען קויפמאן אין באמביי. איהר פאטער איז אויך א פארסי און א געבילדעטער מאן. זיא הייסט אאודא. זיא האט געלערנט אין איינע פון דיא בעסטע ענגלישע שולען אין באמביי, רעדט עטליכע שפראכען, זינגט זעהר שעהן און שפיעלט פארטרעפליך אויף א פיאנא.

איהר מוטער איז געשטארבען, ווען זיא איז נאך געוועזען א קינד. איהר פאטער האט געהייראטהעט א יונגע פרוי, וועלכע האט אאודא פיינט בעקומען. עס פלעגט זיא קרענקען, ווען זיא פלעגט הערען, וויא מען לויבט אאודא, אז זיא איז דאס שעהנסטע מעדכען אין באמביי. זיא האט זיך ענטשלאסען לויז צו ווערען פון איהר צו-שעהנער שטיעף-טאכטער.

מיט איינינע מאנאטע צוריק איז דער אלטער, שוואכער און קראנקער ראדשאה (פירסט, קעניג) פון בענדעלקונד געקומען קיין באמביי בעזוכען א הייליגען טעמפעל. ער איז איינגעשטאנען ביי אאודא'ס פאטער, וועלכער פלעגט מיט איהם האנדלען. דער אלטער ראדשאה האט דערזעהן דיא שעהנע אאודא און האט זיך אין איהר פערליעבט. אאודא'ס שטיעף-מוטער האט בענוצט דיעזע געלעגענהייט און האט איינגערעדט איהר מאן, אז אזא הייראטה מיט א ראדשאה, א קעניג, איז א גליק פאר אאודא. דער פאטער האט איינגעוויליגט און האט זיא אוועקגעגעבען דעם אלטען ראדשאה.

אין אינדיען פרעגט מען ניט דיא מעדכען, אויב זיי ווילען דעם מאן, וואס מען גיט זיי. מען פערהייראטהעט זיי געגען זייער ווילען.

אאודא האט געהייראטהעט ערשט מיט צוויי מאנאט צוריק. דער אלטער ראדשאה איז באלד געשטארבען. זיא האט געוואוכט וואס פאר א שיקזאל עס ערווארטעט זיא און איז אנטלאָפען געווארען. דיא בראהמינען און דיא יורשים פונ׳ם ראדשאה זיינען איהר נאכגעלאפען און האבען זיא מיט געוואלט צוריק־געבראכט.

— צו וואס האבען זיי עס געטהאן? האט פאספארטו געפרעגט. וואס וואלט זיי געהארט, אז דיא שעהנע אאודא זאל בלייבען לעבען?

דער אנטרייבער האט אויף איהם א קוק געטהאן און האט זיך צולאכט.

— צו וואס זיי האבען עס געטהאן? איהר מיינט — פון גאט׳ס וועגען? ניין! דיא פרומע בראהמינען האבען ליעב געלד. ווען מען פערברענט זיא מיט איהר מאן, בלייבט איהר גאנץ פערמעגען פאר דיא יורשים און דיא בראהמינען. ווען זיא בלייבט אבער לעבען, געהערט דאס קעניגרייך און דאס גאנצע פערמעגען פון ראדשאה צו איהר. — היינט פערשטעהט איהר שוין, פאר וואס זיי האבען אנגעווענדעט אלע מעגליכע מיטעל, אז מען זאל זיא פערברענען צוזאמען מיט איהר טויטען מאן?

דער פראנצויז איז געשפרונגען פון דער הויט.

— דיא מערדער! דיא רויבער! האט ער געשריען. איך וועל זיי ווייזען, וויא אזוי צו פערברענען א פרוי לעבעדיגערהייט!

עס האט אנגעהויבען פינסטער צו ווערען. פילעאס פאגג האט געהייסען דעם אנטרייבער פיהרען דעם עלעפאנט צו דער פאגאדא פון פאלידש. לאנגזאם און פארזיכטיג זיינען זיי צוגעפאהרען צו דער פאגאדא. זיי זיינען געבליעבען שטעהן אונטער א געדיכטען בוים, פון וואנען זיי האבען צוואר ניט געקענט זעהן דיא פאגאדא, זיי האבען אבער דייטליך געהערט דאס זינגען און ליארמען פון דיא פאקירס.

יעצט זיינען זיי אראבגעגאנגען, האבען זיך געזעצט אויפ׳ן גראז און האבען אנגעהויבען זיך צו בעראטהען, וויא אזוי זיי זאלען רעטען דיא אונגליקליכע. דער יונגער אנטרייבער איז זיי יעצט זעהר ניצליך געווען. ער איז געוועזן זעהר גוט בעקאנט מיט דער פאגאדא. ער האט געזאגט, אז דיא יונגע פרוי איז יעצט פערשפארט אין דער פאגאדא. א שטארקע וואך היט זיא אב.

— איך מיין, אז מיר זאלעןווארטען ביז גאנץ שפעט אין דער נאכט, האט סער פראנסים געזאגט. דיא פאנאטיקער זיינען דאך מענשען. זיי וועלען מיעד ווערען. זיי וועלען זיך לעגען שלאפען. דאן וועלען מיר צוקומען שטילערהייט, וועלען אויסברעכען א פענסטער, אדער מאכען א לאך אין דער וואנד און בעפרייען דיא פרוי. מיר וועלען זיא דאן צופיהרען אהער, וועלען זיך אויפזעצען אויף אונזער עלעפאנט און וועלען זיך אוועקפאהרען.

— געוויס, מוזען מיר זיא בעפרייען ביינאכט, האט פילעאס פאגג

בעמערקט. ניט גאנץ פריה, ווען דיא וואכען וועלען שטעהן ארום איהר. דאמאלס וועלען מיר — פיער מענשען, גאר ניט קענען טהון געגען אזא באנדע.

אזוי איז עס געבליעבען. ווען עס איז געוואָרען שטארק פינסטער, זיינען זיי ארויסגעגאנגען פון אונטער'ן בוים און זיינען שטילערהייט צוגעגאנגען צו דער פאגאָדא. דער יונגער פארסי האט זיי געפיהרט. ער איז געווען א געבאָרענער פון דיעזער געגענד און האט זיא זעהר גוט געקענט.

ער האט זיי געפיהרט ניט אויפ'ן טראקט צו דער גרויסער טהיר פון דער פאגאָדא, זאָנדערן דורכ'ן וואלד, זיי זאָלען אויסקומען פון דער זייט פאגאָדא, וואו עס איז ניטאָ קיין טהיר. ער האט גאנץ ריכטיג בערעכענט, אז פון יענער זייט פאגאָדא שטעהט קיין וואך ניט. דיא בראהמינען זיינען זיכער, אז קיינער וועט פון יענער זייט ניט אָנקומען.

ער האט זיי געפיהרט דורכ'ן וואלד און האט זיי צוגעפיהרט צו א קליין טייכעל. דאָרטען האָבען געברענט פאקעלן אויף אייזערנע געשטעלען, אריינ־געשטעקט אין דער ערד. ביים שיין פון דיעזע פאקעלן האָבען זיי דערזעהן א גרויסען הויפען האָלץ. דאָס איז געווען דער הויפען האָלץ, אויף וועלכען מען האט געדאַרפט מאָרגען פריה פערברענען דיא יונגע פרוי.

דער אָנטרייבער האט זיי דערצעהלט, אז דאָס איז קיין געוועהנליך האָלץ, דאָס איז א זעהר טהייערער סאָרט האָלץ — סאנדעל האָלץ, וועלכע שמעקט זעהר שעהן, ווען עס ברענט. א'ן איינפאכען מענשען וואָלט מען פערברענט מיט געוועהנליכען האָלץ. עס איז אבער א ראדשאה, א פירסט, א קעניג, און קעניגע מוז מען פערברענען מיט סאנדעל האָלץ, אויף וועלכען מען גיסט נאָך ארויף פערפומען און שמעקעדיגעס אייל.

אויפ'ן הויפען סאנדעל האָלץ איז געלעגען דער טויטער קערפער פונ'ם ראדשאה אויף א רייכען פאלאנקין. געוועהנליך לעגט מען ארויף דיא לעבעדיגע פרוי לעבען איהר טויטען מאן אויפ'ן פאלאנקין. זיא לעגט ארונטער דיא רעכטע האנד אונטער זיין קאָפּ און דיא לינקע האנד לעגט זיא אויף זיין הערץ. דאן ציגדעט מען אונטער דעם הויפען האָלץ און דיא לעבעדיגע מיט'ן טויטען ווערען פערברענט.

פאספארטו האט געציטערט, וויא אין פיעבער, ווען מען האט איהם דערצעהלט דיעזע איינצעלהייטען. פילעאס פאָגג איז געשטאנען רוהיג און האט בעטראכט דיעזע שרעקליכע פאָרבערייטונגען. דער אָנטרייבער איז פערשוואונדען געוואָרען אויף איניגע מינוט. באלד איז ער צוריקגעקומען און האט געזאָגט גאנץ שטיל:

— קומט! יעצט איז דיא צייט.

ער האט זיי געפיהרט גלייך צו דער פאגאָדא. ארום דער פאגאָדא זיינען געלעגען מענער, פרויען און קינדער און זיינען געשלאָפען.

דיא אינדיער טרינקען פאר אזא צערעמאָניע זייער „האנג"—אזא געטרענק, וואָס איז געמישט מיט אָפּיום און מיט נאָך א שטארקע זאך. פון דיעזען

געטרענק זיינען זיי בערוישט און אנטשלאָפען געוואָרען. אבער ניט אלע זיינען געשלאָפען. דיא וואכען זיינען ארומגעגאנגען פאר דער טהיר און האָבען זיך צוגעהערט צו יעדען גערויש.

פילעאס פאָגג און סער פראנסיס האָבען געזעהן, אז עס איז ניט אזוי לייכט צוצוגעהן צו דער פאגאָדא און אויסברעכען א פענסטער אָדער מאכען א לאָך אין דער וואנד, וויא זיי האָבען פריהער געמיינט.

— לאָמיר נאָך ווארטען, האָט סער פראנסיס געזאָגט. עס איז נאָך פריה. מעגליך, אז שפעטער, ווען עס וועט ווערען קיהלער און דיא וואכען וועלען זעהן, אז קיינער איז ניטאָ, וועלען זיי אנטשלאָפען ווערען.

קיין אנדערע עצה איז דערווייל ניט געווען. פילעאס פאָגג און זיינע קאמעראדען האָבען אויסגעזוכט א געדיכטען בוים און האָבען זיך דערווייל אונטער איהם אנידערגעזעצט. זיי האָבען זיך אזוי אנידערגעזעצט, אז זיי זאָלען קענען זעהען אלעס, וואָס דיא וואכען וועלען טהון.

דיא צייט איז פערגאנגען לאנגזאם, שרעקליך לאנגזאם. יעדע שטונדע האָט זיך זיי אויסגעוויעזען א יאהר. דיא וואכען זיינען זיך געגאנגען רוהיג פאר דער טהיר פונ'ם טעמפעל און האָבען גאָר ניט געדענקט זיך צולעגען שלאָפען.

עס איז געוואָרען האלבע נאכט. דיא וואכען שלאָפען נאָך אלץ ניט. אלעס ארום איז שטיל און רוהיג, נור דיא וואכען מיט בלויזע שווערדען אין דער האנד און מיט פיסטאָלעטען אין גארטעל געהען ארום און היטען אָב דיא פאגאָדא. פילעאס פאָגג מיט זיינע קאמעראדען האָבען איינגעזעהן, אז זיי האָבען זעהר ווייניג האָפענונג, אז דיא וואכען זאָלען אנטשלאָפען ווערען.

— עס העלפט ניט, מיר מוזען זוכען אנאנדער מיטעל, האָט פילעאס פאָגג געזאָגט. זיי ווילען ניט אנטשלאָפען ווערען.

זיי האָבען זיך ווייטער בעראטהען און זיינען ווידער ארומגעגאנגען הינטער דיא פאגאָדא. דאָרט איז אלעס געווען שטיל און רוהיג. דאָרט אבער זיינען ניט געווען ניט קיין פענסטער, ניט קיין טהירען.

אלזאָ, וואָס טהוט מען? — מאכען א לאָך אין דער וואנט. דערצו מוז מען האָבען אינסטרומענטען. פילעאס פאָגג און זיינע קאמעראדען האָבען מיט זיך געהאט נור טאשען־מעסערלאך. וואָס קען מען מאכען מיט א קליין מעסער'ל?

דעננאָך זיינען זיי צוגעקומען צו דער וואנט, האָבען זיא בעטראכט און האָבען אָנגעהויבען זיא צו קראצען מיט זייער מעסערליך. דיא וואנד איז געווען פון ציעגעל. זיי האָבען גערעכענט, אז קוים וועט זיי געלינגען ארויסצונעהמען איין ציעגעל, וועט זיי שוין לייכט זיין צו מאכען א גרויסען לאָך.

זיי האָבען זיך גענומען צו דער ארבייט. קוים אבער האָבען זיי אָנגעהויבען ארומצוגראָבען דעם קאלך און דעם צעמענט פון איין ציעגעל, האָבען זיך געוויעזען אייניגע אינדיער מיט פאקעלן. דאָס איז געווען א טהייל פון דער וואך וועלכע איז פון צייט צו צייט ארומגעגאנגען דיא פאגאָדא פון אלע זייטען.

פילעאס פאגג מיט זיינע קאמעראדען האבען קוים צייט געהאט צו בעהאלטען זיך הינטער א גרויסען בוים, וועלכער איז געשטאנען ניט ווייט.

יעצט האבען זיי זיך איבערציינגט, אז מאכען א לאף אין דער וואנט איז אויך אונמעגליך. דיא בראהמינען שלאפען ניט. זיי בעוואכען זייער אפפער זעהר גוט. זיי ווייסען, אז ווען דיזע פרוי איז ניטא, וועלען זיי פערליערען פיעל געלד.

— וואס טהוט מען יעצט? האט סער פראנסים געפרעגט. איהר זעהט דאך, אז דיא אונגליקליכע פרוי איז פערלארען. — וויא קען מען זיא רעטען?

— מיר מוזען אוועקגעהן, האט דער אנטרייבער זיך אבגערופען. מיר קענען דא גאר ניט העלפען.

— לאמיר ווארטען, האט פילעאס פאגג געזאגט רוהיג. עס וועט מיך ניט הארען, ווען איך וועל אנקומען קיין אללאהאבאד מארגען אום צוועלף אוהר.

— וואס פאר א האפנונג האט איהר דען? האט סער פראנסים געפרעגט. עס איז שוין ניט ווייט צו טאג. ווען מיר האבען ביי נאכט אין דער פינסטער גאר ניט געקענט העלפען, וואס וועלען מיר טהון, ווען עס וועט זיין ווייסער טאג?

— מיר מוזען ווארטען ביז אין דער לעצטער מינוט, האט פילעאס פאגג געענטפערט. מעגליך, אז אין דער לעצטער מינוט וועט אונז עפעס א צופאל אויסהעלפען.

סער פראנסים האט אין דיזע מינוט געוואלט זעהן פילעאס פאגג'ס געזיכט. ער האט געוואלט זעהן, וואס פאר א מיענע ער האט געמאכט ביי דיא לעצטע ווערטער. ליידער, איז דיא נאכט געווען א פינסטערע און סער פראנסים האט גאר ניט געקענט זעהן.

— וואס האט דיעזער זאנדערבארער מענש? האט זיך סער פראנסים געטראכט. וואס וויל ער טהון? וויל ער אין דער לעצטער מינוט זיך ארויפ־ווארפען אויף דיא בראהמינען, טוידטען דיא וואכען און בעפרייען דיא אונגליק־ליכע פרוי מיט געוואלט?

דאס איז וואהנזין! דאס איז א זאך דער אונמעגליכקייט!

דעננאך האט זיך סער פראנסים בעשלאסען צו ווארטען. דער אנטרייבע־ער איז אויך געבליעבען מיט זיי. זיי זיינען שטילערהייט אוועקגעגאנגען פון דער הינטער זייט פון דער פאגאדא און זיינען וויעדער אויסגעקומען פון פארענט. זיי האבען זיך געשטעלט אין אזא ארט, וואו זיי האבען געקענט זעהן אלעס. דיא טהיר פון דער פאגאדא און דער גרויסען הויפען סאנדעל האלץ, אויף וועלכען דער טוידטער ראדשאה איז געלעגען.

קיינער האט מעהר ניט גערעדט קיין ווארט. יעדער האט זיך אויסגעזוכט אן ארט, וואו ער זאל קענען בעקוועם זיצען און ווארטען ביז עס וועט טאג ווערען.

פאספארטו איז ארויפגעקראכען אויף א בוים, האט אויסגעזוכט א גראבען צווייג און האט זיך אויף איהם אויסגעצויגען. ער האט געטראכט, וויא אזוי

צו רעטען דיעזע אונגליקליכע פרוי. אלס פראנצויז האט ער עס ניט געקענט דערלאזען, אז מען זאל א פרוי פערברענען לעבעדיגערהייט. ער האט זיך דערמאהנט אלע זיינע שטיק, וואס ער האט געקענט אלס טענצער אויפ'ן שטריק, אלס רייטער אין א צירק און אלס פייערמאן. ער האט זיך געבראכען דעם קאפ און האט געזוכט מיטעל און וועגען וויא אזוי אבצונארען דיא פאנאטיקער און דיא בראהמינען.

פלוצלונג איז איהם עפעס איינגעפאלען אין קאפ. ער האט זיך אויפ־געזעצט אויף זיין צוויג און האט אנגעהויבען צו רעדען צו זיך אליין אויף זיין מוטער־שפראכע, אויף פראנצויזיש.

— דאס איז אונזין! דאס איז וואהנזין! האט ער געטראכט אין דער הויך. — פאר וואס ניט? פיעללייכט וועט עס דאך העלפען. — איך זעה ניט קיין אנדער וועג. — מיר מוזען אלעס פראבירען. — דאס איז דאס איינציגע מיטעל. — זיי זייגען דאך האלב־ווילדע—פאנאטיקער—פערד—עזלען איך וועל זיי אבנארען!

ער האט ניט ארויסגעזאגט, וואס ער וויל טהון. ער האט זיך אבער באלד אראבגעגליטשט פונ'ם בוים, וויא א שלאנג, און איז ערגעץ פערשוואונדען געווארען. קיינער האט ניט בעמערקט, אז ער איז ערגעץ אוועקגעגאנגען. קיינער האט איהם ניט געזעהן און קיינער האט איהם ניט געהערט.

לאנגזאם האבען זיך געצויגען דיא שטונדען פון דער נאכט. עס איז געווארען פינסטערער און פינסטערער, א צייכען, אז דער יונגער טאג וועט באלד אנקומען און וועט פערטרייבען דיא פינסטערע נאכט. באלד האט זיך געוויעזען אין דער אסט־זייט (מזרח זייט) א בלייכער פאס ליכטיגקייט.

לעבען דער פאגאדא האט מען אנגעהויבען צו פויקען אויפ'ן טאם־טאם (א סארט פויק פון אן אויסגעהוילטעם שטיק האלץ) דאס איז געווען א צייכען, אז אלע זאלען אויפשטעהן. דיא שרעקליכע צערעמאניע וועט זיך באלד אנהייבען.

אלע, וואס זיינען ביז אהער געשלאפען ארום דער פאגאדא, זיינען אויפ־געשפרונגען. עס האבען זיך וויעדער אנגעהויבען געשרייען, געוואלדען און ווילדע געזאנג. דיא פאקירם האבען געשפרונגען, געטאנצט און זיך געדרעהט פאר דער טהיר פון דער פאגאדא, וויא דיא וואהנזיניגע.

באלד האבען זיך געעפענט דיא הויכע און ברייטע טהירען פון דער פאגאדא, א שטראם ליכט האט זיך אויסגעגאסען און האט בעלייכטעט דעם פרייען פלאץ ארום. פילעאס פאגג און סער פראנסיס האבען געקענט זעהן פינקטליך דאס אפפער פון מענשליכען פאנאטיזמוס און שלעכטיגקייטען.

דיא יונגע פרוי איז געשטאנען אין דער מיט פון דער פאגאדא. צוויי שטארקע בראהמינען האבען זיא געהאלטען פעסט און האבען זיא געשלעפט צו דער טהיר. וויא עס האט אויסגעוויעזען, האט זיא זיך איבער נאכט א ביסעל אויסגעניכטערט פון דיא שטארקע זאכען, וואס מען האט איהר געבטען איינ־געגעבען. זיא האט אנגעהויבען צו פערשטעהן איהר שרעקליכע לאגע און האט

זיך געריסען און געוואָרפען אין איהר גרעסטער פערצווייפלונג, וויא עס רייסט זיך דער אָקס, וועלכען מען פיהרט צו דער שלאַכט-באַנק.

פילעאס פאָגג און סער פראַנסיס האָבען געציטערט ביי דיעזען שרעקליכען אנבליק. צופעלינערווייזע האָט סער פראַנסיס אָנגעריהרט פילעאס פאָגג'ס האנד און האָט דערזעהן, אז ער האלט א מעסער אין זיין שטארקען פויסט.

דיא בראַהמינען וויסען אָבער, וויא אַזוי ארומצוגעהן מיט זייערע מענשען־אָפּפער. זיי האָבען באַלד אָנגעהויבען שטארק צו רויכערן ארום דער יונגער פרוי מיט אינדישען האנף (קאַנאַפּליעס), א שטארקער גיפט, פון וועלכען דער מענש ווערט בעטייבט און פערליערט דעם בעוואוסטזיין. ער ווערט שטארק פער'שכור'ט.

דיא יונגע פרוי האָט זיך באַלד בערוהיגט. זיא איז פער'שכור'ט געוואָרען פון'ם שרעקליכען רויך. דיא מענגע האָט זיך יעצט אויסגעשטעלט אין צוויי רייהען פון דער טהיר פון דער פּאַגאָדא ביז אין שייטערהויפען. דיא בראַהמינען האָבען זיא גענומען אונטער דיא אָרעמס און האָבען זיא אָנגעהויבען צו פיהרען צום הויפען האָלץ, וואו דער טוידטער ראדשאה איז געלעגען.

פילעאס פאָגג און זיינע קאמעראַדען זיינען ארויסגעגאַנגען פון אונטערן בוים, וואו זיי זיינען געשטאַנען, און האָבען זיך געשטעלט הינטער דער מענגע.

פון דער פּאַגאָדא ביז צום שייטערהויפען איז געווען ניט וויים. עס האָט געדויערט נור איינינע מינוטען און דיא בראַהמינען האָבען אהין צוגעפיהרט זייער אָפּפער. ווען זיי זיינען צוגעקומען צום הויפען, האָבען זיי אויפגעהויבען דיא יונגע פרוי און האָבען זיא אנידערגעלעגט לעבען איהר טויטען מאַן. זיא איז געווען אַזוי בעטייבט, אז זיא האָט געלאָזען טהון מיט זיך, וואָס דיא בראַהמינען האָבען געוואָלט.

מען האָט גענומען איהר רעכטע האנד און מען האָט זיא ארונטערגעלעגט אונטערן טויטענס קאָפּ. איהר לינקע האנד האָט מען געלעגט דעם טויט'ן אויפ'ן הארצען. באַלד האָט א בראַהמין געבראַכט א פאקעל און האָט אונטער־געצונדען דעם הויפען האָלץ.

פילעאס פאָגג האָט זיך געריסען צום הויפען מיט'ן מעסער אין דער האנד. סער פראַנסיס האָט איהם געמוזט צוריקהאַלטען מיט געוואַלד. סער פראַנסיס האָט געוואוסט, אז יעצט איז אַלעס פערלאָרען. יעצט קען שוין קיינער ניט רעטען דיא אונגליקליכע. מען וועט זיא שוין פערברענען. פילעאס פאָגג איז אבער געווען א שטארקער מענש. ער האָט זיך אויסגעריסען פון סער פראַנסיס און איז געלאָפען צום שייטערהויפען.

פּלוצלונג האָט מען געהערט א שרעקליכען געשריי, וויא פון ווילדע טהיערע. אַלע אינדיער זיינען געפאַלען מיט זייערע געזיכטער צו דער ערד.

דער אַלטער ראדשאה איז גאָר ניט געווען טויט. קוים האָט דער בראַהמין אונטערגעצונדען דעם הויפען טרוקענעס האָלץ, וועלכעס האָט באַלד אָנגעהויבען צו ברענען, האָט זיך דער טויטער אויפגעהויבען. האָט געכאַפּט דיא יונגע פרוי

מיםביידע הענד, איז אראבגעשפרונגען פונ'ם הויפען האלץ און האט אנגעהויבען צו לויפען מיט איהר גלייך צו דעם ארט, וואו פילעאס פאגג און סער פראנסיס זיינען געשטאנען.

דיא בראהמינען, דיא פאקירס און דיא מענגע האבען זיך אזוי דערשראקען און זיינען געווען אזוי איבערראשט, וואס דער טויטער איז לעבעדיג געווארען, אז זיי זיינען געלעגען אויף דר'ערד, וויא דיא טויטע.

פילעאס פאגג, סער פראנסיס און דער עלעפאנט-אנטרייבער זיינען אויך געשטאנען, וויא פערשטיינערט. זיי האבען אויך ניט געוואוסט, וואס דא טהוט זיך, ווען דער טויטער מיט דער יונגער פרוי אויף דיא הענד איז צוגעלאפען צו זיי און האט געזאגט:

— יעצט, שנעל! לאמיר אוועקפאהרען!

פילעאס פאגג און סער פראנסיס האבען דערקענט פאספארטו'ס שטימע.

דאס איז געווען דיא אידעע, וואס איז איהם איינגעפאלען אין קאפ. ער איז שטילערהייט אראבגעקראכען פונ'ם בוים, וואו ער איז געזעסען. אין דער פינסטער איז ער צוגעגאנגען צום הויפען האלץ, האט אראבגעווארפען דעם טויטען ראדשאה אונטער'ן פאלאנקין און האט זיך געלעגט אויף זיין ארט. ער האט זיך אזוי פערדעקט דאס געזיכט, אז דיא בראהמינען האבען איהם ניט דערקענט. ווען מען האט אונטערגעצונדען דאס האלץ, איז ער אויפגעשפרונגען און האט מיטגענומען דיא יונגע פרוי.

פילעאס פאגג, סער פראנסיס, דער אנטרייבער און פאספארטו מיט זיין פעקעל אויף דיא הענד זיינען יעצט געלאפען, וויא שנעל זיי האבען געקענט צו דעם ארט, וואו דער עלעפאנט איז געשטאנען. זיי האבען זיך שנעל אויפגעזעצט אויפ'ן עלעפאנט און דער אנטרייבער האט איהם אנגעהויבען צו קלאפען אין קאפ מיט זיין קליינעם האמער, ער זאל לויפען שנעלער.

קוים זיינען זיי אוועקגעפאהרען עטליכע הונדערט שריט, האבען זיי נעהערט געוואלדען, געשרייען און שיסען. דיא בראהמינען האבען זיך אומגעקוקט און האבען דערזעהן, אז דער טויטער ראדשאה ליעגט אונטער'ן פאלאנקין און ברענט, וויא גאט האט געבאטען.

זיי האבען יעצט פערשטאנען, אז מען האט זיי אבגענארט, אז איינער האט ביי זיי ארויסגעריסען זייער אפפער. זיי האבען זיך געלאזט לויפען אין וואלד, האבען געשריען און האבען געשאסען. איין קוגעל האט געטראפען א בוים גאר ניט ווייט פון אונזערע רייזענדע.

דער עלעפאנט האט געמיינט, אז דאס איז א יאגד און איז געלאפען נאך שנעלער. ער איז געווען געלערנט צו א יאגד. אין א האלבע שטונדע ארום איז אלעס שטיל געווארען. אונזערע רייזענדע זיינען געווען גאנץ ווייט פון דער פאגאדא. קיינער האט זיי שוין מעהר ניט נאכגעיאגט.

---

14טעס קאפיטעל.

## פילעאס פאגג רייזט לעבען בעריהמטען טייך גאנגעס און קוקט זיך זאגאר צו איהם ניט צו.

קוים האבען זיי זיך עטוואס בערוהיגט און האבען זיך איבערצייגט, אז זיי זיינען אין זיכערהייט, מען פערפאלגט זיי שוין ניט, האט פאספארטו אנגעהויבען צו לאכען, אז דער גאנצער וואלד האט געקלונגען פון זיין געלעכטער.

סער פראנסיס קראמארטי האט איהם געדריקט דיא הענד. פילעאס פאגג איז געבליבען רוהיג און ערנסט וויא ביז אהער. ער האט נור געזאגט אייןווארט:

— דאס איז געווען גוט!

ביי פילעאס פאגג איז דאס געווען דיא גרעסטע לויב, וואס ער האט געקענט אויסלויבען א מענשען.

— איך האב גאר ניט געטהאן, האט פאספארטו געזאגט און האט זיך געהאלטען ביי דיא זייטען פון געלעכטער. איך האב נור אבגענארט דיא דומע בראהמינען און דיא פאקירס. איך האב מיך דערמאהנט אין דיא אמאליגע יאהרען ווען איך בין געווען אין צירק און פלעג אבנארען דאס פובליקום מיט אלערליי קונסט־שטיק.

ער האט ארויסגעזאגט דיזע ווערטער און האט ווייטער געלאכט. יעדע מינוט פלעגט ער זיך דערמאהנען, וויא דיא בראהמינען האבען זיך דערשראקען, ווען זיי האבען דערזעהן, וויא דער טויטער ראדשאה איז פלוצלונג לעבעדיג געווארען, וויא זיי זיינען געפאלען מיט זייערע געזיכטער צו דער ערד און האבען אנגעהויבען צו בעטען זייער גאט; וויא זיי האבען געציטערט; וויא ער איז געלאפען מיט דער יונגער פרוי אויף דיא הענד — הא! הא! הא! הא!

דיא יונגע פרוי איז געלעגען וויא א שטיק האלץ. זיא איז געווען בעוואוסט־לאז פונ'ם אפיום מיט דיא אנדערע שטארקע זאכען, וואס מען האט איהר איינ־געגעבען און מען האט געררייכערט ארום איהר. פילעאס פאגג האט ארויפגעוואר־פען אויף איהר א מאנטעל און זיא געלאזט ליעגען אויפ'ן עלעפאנט.

— דיא פרישע לופט וועט אויף איהר ווירקען, האט סער פראנסיס געזאגט. זיא וועט באלד קומען צו זיך און וועט עפענען דיא אויגען.

אונטערדעסען איז דער עלעפאנט געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער. באלד זיינען זיי ארויסגעפאהרען פונ'ם וואלד און זיינען אריינגעפאהרען אין א גרויסען טהאל, בעדעקט מיט גראזען און בלומען.

— דא זיינען מיר שוין אין גאנצען זיכער, האט דער אנטרייבער געזאגט, ווייל דיזע געגענד געהערט שוין צו ענגלאנד. דיא בראהמינען וועלען מורא האבען אונז צו פערפאלגען אין א געגענד, וואו מען קען טרעפען ענגלישע סאלראטען.

געגען אכט אוהר זיינען זיי געבליעבען שטעהן. דער עלעפאנט האט זיך געמוזט אברוהען. דיא יונגע פרוי איז נאך אלץ געלעגען בעוואוסטלאז, וויא א

שטיק האָלץ. דער אַנטרייבער האָט פּראָבירט איהר אריינגיסען אין מויל איינינע טראָפּען קאָניאַק. עס האָט אבער ניט געהאָלפען.

— מעגליך, אז זיי האָבען זיא פערגיפטעט, האָט פילעאס פאָגג געזאָגט בעזאָרגט.

— ניין, האָט סער פראַנסיס געענטפערט. זיי האָבען איהר נור געגעבען א שטארקען דאָזיס „האַנג". עס מוז געדויערן א געוויסע צייט, ביז זיא וועט זיך אין גאַנצען אויסניכטערן. מען דארף גאָר ניט טהון. מען דארף זיא נור לאָזען צורוה. זיא וועט אליין קומען צו זיך.

מען האָט זיא געלאָזען ליעגען אויפ'ן עלעפאַנט און מען האָט זיך געזעצט עסען פריהשטיק. אלע זיינען געוועזען הונגעריג. זיי האָבען א גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען און ניט גערוהט. ביים עסען האָט מען גערעדט פון דער געראַטעטער פרוי. ערשט יעצט האָבען זיי זיך ארומגעקוקט און האָבען אָנגעהויבען צו טראַכטען, וואָס זיי זאָלען מיט איהר טהון. וואוהין זאָלען זיי זיא פיהרען?

— מיר האָבען זיא געראַטעט פון א שרעקליכען טויט, האָט סער פראַנסיס געזאָגט, דאָס איז אבער ניט גענוג. זיא איז אין אינדיען ניט זיכער, ווען מיר לאָזען זיא אָב אין באָמביי זאָגאַר, וועלען זיא דיא פאַנאַטיקער געפינען און וועלען זיא ווידער ברענגען קיין פילאַדשי, אז מען זאָל זיא פערברענען.

עס זיינען שוין פאָרגעקומען אזעלכע פעלע, וויא אַן אונגליקליכע האָט זיך זאָגאַר געווענדעט צו דער ענגלישער רעגיערונג און האָט געבעטען, אז מען זאָל זיא בעשיצען. דיא פּאָליציי האָט געטהאָן אלעס מעגליכע. עס האָט אָבער גאָר ניט געהאָלפען. דיא בראַהמינען האָבען אונטערגעשיקט שפּיאָנען, האָבען זיא פערנאַררט, פערפיהרט ערגעץ אין א ווילדער געגענד, און האָבען זיא דאָרט פערברענט. דיעזע אונגליקליכע פרוי איז יעצט ניט זיכער, ניט אין באָמביי, ניט אין מאַדראַס, זאָגאַר ניט אין קאַלקוטאַ.

פילעאס פאָגג האָט אלעס אויסגעהערט זעהר אויפמערקזאַם. וויא עס האָט אויסגעוויזען, איז עס ביי איהם געוועזען א נייעס.

— איך דאַנק אייך, גענעראַל, פאַר דיעזע ערקלערונג, האָט ער געזאָגט. איך וועל מיך איבערלעגען וואָס צו טהון.

מעהר האָט ער ניט גערעדט. פּאַספּאַרטו האָט אויפגעהערט צו לאַכען. ער האָט זיך אויך פערטראַכט.

—איך האָב איינגעשטעלט מיין לעבען אום דיעזע פרוי צו ראַטען, האָט ער געזאָגט אין דער הויך, און יעצט וועלען דיעזע טייפעל זיא ווידער כאַפּען און וועלען זיא פערברענען? — ניין! דאָס וועל איך שוין ניט דערלאָזען!

וויא אזוי אבער קען ער עס ניט דערלאָזען? וואו וועט ער בעהאַלטען דיא אונגליקליכע? דאריבער האָט דער לייכטזיניגער פראַנצויז ניט געטראַכט.

דער אַנטרייבער האָט געגעבען א צייכען, אז מען זאָל ווייטער פאָהרען. אלע זיינען ווידער ארויפגעקראָכען אויפ'ן עלעפאַנט און דער אַנטרייבער האָט

איהם ווידער אנגעהויבען צו קלאפען אין קאפ, ער זאל געהן שנעלער. אום צעהן אוהר זיינען זיי אנגעקומען קיין אללאהאבאד און זיינען גלייך פערפאהרען אויף דער באהן־סטאציאן.

דער צוג איז אוועקגעגאנגען קיין קאלקוטא אום צוועלף אוהר. אין צוואנציג שטונדען ארום וועלען זיי אנקומען קיין קאלקוטא. עס וועט זיי נאך בלייבען גענוג צייט איינצוקויפען דיא נעטהיגע זאכען, וואס זיי דארפען, און זיך אויפזעצען אויפ'ן דאמפף־שיף, וועלכעס געהט ערשט אום צוויי אוהר אוועק קיין האנג־קאנג אין כינא.

אויף דער באהן־סטאציאן האט מען אראבגענומען דיא יונגע פרוי פונ'ם עלעפאנט און מען האט זיא אריינגעטראגען אין זאאל פאר דאמען. זיא איז נאך אלץ געווען בעוואוסטלאז.

פילעאס פאגג האט געגעבען פאספארטו א גאנץ פעקעל באנקנאטען און האט איהם געהייסען געהן אין שטאדט אריין קויפען איינינע זאכען פאר זיך און אלערליי קליידער פאר אאודא, דיא יונגע פרוי, וועלכע זיי האבען גערעטעט.

— קוק ניט אויף געלד, האט ער איהם אנגעזאגט. קויף דיא בעסטע און דיא שעהנסטע קליידער, שאלען, מענטעלעך און א הוט פאר דיא דאמע. פערגעס אבער ניט, אז דער צוג געהט אב פונקט פינף און צוואנציג מינוט נאך צוועלף.

פאספארטו איז אוועקגעלאפען אין דיא גאסען פון דיזער גרויסער און ביי דיא אינדיאנער הייליגער שטאדט. ער האט דערהערט ערגעץ פון דער ווייטען א שרעקליכען ליארם און איז געלאפען אהין זעהן, וואס דארט טהוט זיך. ער איז אנגעקומען צו דער „מעלא“. דאס איז א הייליגער פלאץ אויפ'ן ברעג טייך, וואו טויזענדע פרומע קומען זיך צונויף בעטען זייערע געטער און זיך באדען אין דיא הייליגע וואסערן פונ'ם גאנגעס.

איינענטליך הייסט „מעלא“ א פייערטאג, א יום טוב, וועלכער געדויערט א גאנצען מאנאט. עס קומען זיך צו־פאהרען פרומע אינדיער פון דיא וויטעסטע געגענדען, בויען זיך געצעלטען (סוכות) אויפ'ן ברעג פונ'ם טייך, באדען זיך צוויי מאל אין טאג אין גאנגעס, זינגען הייליגע ליעדער און בעטען דיא געטער.

דיא מעלא איז אן ארט מארק, א יריד, וואו עס ווערען פערקויפט צעהנער טויזענדער ארטיקלען, מייסטענס אבער זאכען, וואס געהערען זיך אן מיט רעליגיאן. קליינע סטאטועס פון דיא געטער, הייליגע קמעות, שטיקלעך פארמעט, אויף וועלכע עס זיינען אויפגעשריבען ווערטער, וועלכע קיינער פערשטעהט ניט; הייליגע שטיינדלעך, זאגאר זעקעלעך מיט ערד פון א הייליגער פאגאדא.

פאספארטו איז ארומגעלאפען אויף דיזען זאנדערבארען מארק און האט אלעס בעטראכט מיט שטוינען.

— דיא עזלען! דיא פערד! האט ער געשריען. צו וואס טויג זיי דיא נארישקייטען? אין וואס גלויבען זיי, דיזע ווילדע מענשען?

אויף דיזען גרויסען מארק האט ער ניט געקענט געפינען, וואס ער האט געדארפט—פרויען־קליידער. דא זיינען געווען נור פרומע זאכען. ער האט געמוזט

פרענען א פאליסמאן, וואו מען קויפט ערגעץ קליידער. דער פאליסמאן האט איהם געהייסען געהן אין רידשענט סטריט, א האנדעלס גאס, וויא דער בראדוויי אין ניו יארק. דארט וועט ער געפינען, וואס ער דארף.

פאספארטו איז נעלאפען אויף דעם וועג, וואס דער פאליסמאן האט איהם געוויעזען און איז באלד אנגעקומען אין רידשענט סטריט. ער איז אריין אין ערשטען מאגאזין פון קליידער און האט דערזעהן מיט שטוינען, אז דער אייגענטהימער פונ'ם מאגאזין, וויא אלע זיינע מענשען, זיינען אידען. דאס האט איהם איבערראשט.

— וויא קומט דיעזעס פאלק אהער? האט ער זיך געטראכט. זיינען זיי ווירקליך צוזעעט און צושפרייט אויף דער גאנצער וועלט? איז ווירקליך ניטא איין לאנד אין דער וועלט, וואו זיי זאלען ניט זיין? קען מען זיי שוין גאר ניט אויסמיידען? זיינען זיי ווירקליך דער אויסוואורף פון דער וועלט?

פאספארטו איז געווען א קאטאליק און האט פיינט געהאט א אידען, וויא אלע קאטאליקען, ריכטיגער געזאגט, וויא אלע פאנאטיקער האבען פיינט א מענשען, וועלכער גלויבט ניט אין וואס זיי גלויבען. ער איז שוין צוואר געווען אויף דער וועלט און האט זיך שוין א ביסעל ציוויליזירט. דער קאטאליק איז אבער אין איהם נאך אלץ געבליעבען. ווען ער האט דערזעהן, אז ער איז אריינ־געגאנגען אין א אידישען מאגאזין, האט ער באלד געוואלט אנטלויפען.

דער איד אבער און זיינע מענשען האבען באלד דערקענט, אז ער איז א פרעמדער, א „גרינער", וויא דער אמעריקאנער זאגט, און זיינען איהם בעפאלען, וויא דיא היישערעקען. מען האט איהם אנגעהויבען צו ווייזען אזוי פיעל פערשיעדענע קליידער, אז דער ארימער פראנצויז האט שוין גאר ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם.

ער האט אויסגעקליבען א מאסע ארטיקעל, וועלכע ער האט גאר ניט געדארפט, וויא, צום ביישפיעל, א טהייערען מאנטעל פון סויבעל און נאך אזעלכע זאכען. וויא עס פיהרט זיך אין דער וועלט, האט מען איהם אבגעשונדען — „סקינגד", וויא דער ענגלענדער זאגט. ער וואלט זיך פיעללייכט ניט געלאזט אזוי שינדען, ווען ער זאל ניט געווען א קוק טהון אויף דער אוהר און דערזעהן, אז עס איז שוין באלד צוועלף. ער האט נאך פינף און צוואנציג מינוט צייט צו לויפען אויפ'ן באהנ־האף. ער האט פערלארען צופיעל צייט אויף דער „מעלא". יעצט מוז ער זיך איילען.

ער האט בעצאהלט, וויפיעל מען האט געהייסען, ער האט געכאפט זיינע פעקלעך און איז נעלאפען, וויא אן אבגעבריהטער. ער איז אנגעקומען פונקט אייניגע מינוטען, איידער דער צוג איז אבגעגאנגען.

אונטערדעסען האט אאודא אנגעהויבען צו קומען צו זיך. זיא איז נאך ניט געווען ביי איהר גאנצען קלארען פערשטאנד; איהרע אויגען האבען נאך געקוקט ווילד און ערשטוינט. זיא האט נאך ניט געוואוסט, וואו זיא איז און אויב זיא לעבט אדער זיא איז געשטארבען.

פילעאס פאגג האט פראבירט מיט איהר רעדען. זיא האט גערעדט זעהר גוט ענגליש. זיא האט אבער נאך ניט אין גאנצען פערשטאנען, וואס ער רעדט צו איהר. זיא איז נאך אלץ געווען פער׳שכור׳ט. דעננאך האט זיא אויף אזוי פיעל פערשטאנען, אז מען בעט, זיא זאל זיך איבערטהון. פילעאס פאגג האט אנידערגעלעגט דיא קליידער, וואס פאספארטו האט געבראכט, און איז ארויסגעגאנגען פון צימער. אאודא האט ארויפגעווארפען אויף זיך, וואס זיא האט געקענט.

— דער צוג וועט באלד אבגעהן, טהוט אייך אן שנעל, מיסיס אאודא, האט פילעאס פאגג זיא געבעטען.

אין א פאר מינוט ארום איז זיא געווען איבערגעטהאן. פילעאס פאגג האט זיא גענומען אונטערן ארעם און האט זיא ארויסגעפיהרט אויף דער פלאטפארמע. דארט האט ער דערזעהן דעם יונגען פארסי, דעם עלעפאנטען אנטרייבער.

פילעאס פאגג האט איהם בעצאהלט, וויפיעל עס קומט איהם, ניט איין סענט מעהר. פאספארטו האט עס פערדראסען. דער יונגער פארסי האט זיי זעהר פיעל געהאלפען צו רעטען דיא אונגליקליכע אאודא. וויא אזוי איז פילעאס פאגג אזוי קארג און שענקט איהם עפעס ניט דערפאר? פאספארטו האט זעהר גוט געוואוסט, אז קוים וועלען דיא בראהמינען געוואהר ווערען, אז דער פארסי האט זיי געהאלפען רעטען מיסיס אאודא, איז ער ניט זיכער מיט׳ן לעבען.

נאך א פראגע איז איהם געלעגען אויף דיא ליפען: וואס וועט זיין מיט׳ן עלעפאנט? דער עלעפאנט קאסט צוויי טויזענד פונט, א גרויסע סומע געלד.— וואס טהוט מען מיט איהם? פיהרען איהם מיט זיך? מאכען מיט איהם א רייזע ארום דיא וועלט? פאספארטו האט זיך געבראכען דעם קאפ אומזיסט. אין דיעזער מינוט האט פילעאס פאגג געזאגט צום פארסי:

— יונגער מאן, דו ביזט מיר געווען געטריי און האסט מיר געוויעזען א גרויס געפעליגקייט אויפ׳ן וועג. איך האב דיר בעצאהלט פאר דיין ארבייט, אבער ניט פאר דיין טרייהייט. — ווילסט דו האבען דיעזען עלעפאנט? — נעהם איהם! איך שענק איהם דיר.

דער פארסי האט אויסגעגלאצט א פאר אויגען. ער האט ניט געגלויבט זיינע אויערן.

סער! האט ער אויסגערופען. איהר שענקט דאך מיר א גאנץ פערמעגען!

— נעהם דעם עלעפאנט, יונגער מאן, האט פילעאס פאגג געענטפערט רוהיג. דו ביזט מעהר ווערטה.

— נעהם איהם! האט זיך יעצט פאספארטו אריינגעמישט. דאס איז א פארטרעפליכער עלעפאנט. ווען איך האב איהם אין א צירק אין לאנדאן אדער פאריז, וואלט איך מיט איהם פערדיענט פיעל געלד.

ער איז צוגעלאפען צום עלעפאנט, האט איהם אנגעהויבען צו גלעטען און האט איהם דערלאנגט א שטיק ברויט, וועלכעס ער האט געקויפט אויף דער „מעלא". דער עלעפאנט האט איינגעשלונגען דאס שטיק ברויט און האט געוואלט ווייזען, אז ער איז צופריעדען. ער האט אנגענומען פאספארטו מיט זיין

לאַנגער נאַז, האָט איהם אויפגעהויבען אין דער הויך און האָט איהם אַ ביסעל דורכגעטרייסעלט. אויף עלעפאַנטען שפּראַכע האָט עס געהייסען דאַנקבאַרקייט. פּאַספּאַרטו איז אָבער ניט געווען שטאַרק צופריעדען פון אַזאַ סאָרט דאַנקבאַרקייט. דער אַנטרייבער האָט געמוזט געבען דעם עלעפאַנט אַ צייכען, ער זאָל אַראָפּלאָזען דעם דערשראָקענעם פראַנצויז.

דער צוג איז אונטערדעסען צוגעקומען. מען האָט געגעבען אַ צייכען, אַז מען זאָל אַריינגעהן אין דיא וואַגאָנען.

פילעאַס פאָגג, אַאודאַ, סער פראַנסיס און פּאַספּאַרטו זיינען אַריינגעגאַנגען אין אַ קופּע און האָבען זיך אַניעדערגעזעצט. אַאודאַ האָט מען געזעצט לעבען אַ פענסטער. דיא פרישע לופט זאָל אויף איהר ווירקען, זיא זאָל זיך אין גאַנצען אויסניכטערן. אין אַ מינוט אַרום איז דער צוג געפלויגען אויפ'ן וועג קיין בענאַרעס.

פון אַללאַהאַבאַד קיין בענאַרעס איז אַכציג מייל. דאָס אייזערנע פערד מיט'ן לאַנגען האַלז, פון וועלכען עס געהט אַרויס פייער און רויך איז דורכגעלאָפען דיעזע שטרעקע אין צוויי שטונדען.

דיא יונגע פרוי איז ענדליך געקומען צו זיך. זיא האָט זיך אָנגעהויבען אַרומצוקוקען און האָט דערזעהן מיט שטוינען, אַז זיא איז אָנגעטהאָן אין אייראָפּעאישע קליידער און זיצט אין איין קופּע מיט אייראָפּעאישע רייזענדע.

— וויא קום איך אַהער? האָט זי געפרעגט. ווער זייט איהר, מיינע הערען?

ערשט יעצט האָט מען געקענט זעהן, וויא שעהן זיא איז, וויא אַנמוטהיג (מלא חן) זיא איז און וויא ליעבליך איהר שטימע האָט געקלונגען.

דיא שטימע פון'ם מענשען איז איינער פון דיא בעסטע צייכענס, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער דער מענש האָט. אין דער שטימע קען מען דערקענ'ען דעם מענשען, וויא אין זיין געזיכט. דיא שטימע פון'ם מענשען וועיזט אונז זיין כאַראַקטער, זיינע בילדונג און זיין שטעלונג אין דער געזעלשאַפט.

פּאַספּאַרטו איז אונטערגעשפּרונגען, ווען ער האָט דערהערט צום ערשטען מאָל דיא זיסע, ליעבליכע און פריינדליכע שטימע פון מיסיס אַאודאַ.

סער פראַנסיס קראָמאַרטי האָט איהר דערצעהלט אין קורצע ווערטער, וויא אַזוי פילעאַס פאָגג האָט געזעהן, וויא מען פיהרט זיא צום פערברענען און האָט זיך ענטשלאָסען זיא צו רעטען; וויא זיין דיענער פּאַספּאַרטו, האָט אויסגעטראַכט אַ קלוגען און לוסטיגען פּלאַן, וויא אַזוי זיא צו רעטען און וויא אַזוי ער האָט זיין פּלאַן אויסגעפיהרט.

פילעאַס פאָגג איז זיך געזעסען אין זיין ווינקעל גאַנץ רוהיג און האָט נעלאָזען סער פראַנסיס רעדען, וואָס ער האָט געוואָלט. פּאַספּאַרטו איז געוואָרען רויט, וויא פייער, ווען סער פראַנסיס האָט דערצעהלט, וואָס ער האָט געטהאָן.

— אך! רעדט ניט אַזוי פון מיר! האָט ער אויסגערופען. — לויבט מיך ניט! איך האָב געמאַכט אַ שפּאָס מיט דיא פאַנאַטיקער. עס איז ניט ווערטה, מען זאָל דערפון רעדען.

אַאודאַ האט אלעס אויסגעהערט זעהר אויפמערקזאַם און האט אנגעהויבען צו גיעסען מיט טרערין. דאס זיינען געוועזען טרערין פון פרייד און דאנקבארקייט. זיא האט ניט געהאט קיין ווערטער, מיט וועלכע צו דאנקען דיא פרעמדע מענשען פאר זייער פריינדליכקייט און גוטסקייט. זיא האט זיי געדאנקט מיט טרערין.

ערשט יעצט האט זיא פערשטאנען, וואו זיא איז און וויא וואונדערבאר זיא איז גערעטעט געווארען פון א שרעקליכען טויט. ערשט יעצט איז זיא געקומען צום פולען פערשטאנד, ערשט יעצט האט זיא איינגעזעהן, וויפיעל דיא פרעמדע מענשען האבען ריזקירט אום זיא צו רעטען.

פון צייט צו צייט פלעגט זיא אויפהייבען דיא אויגען צו פילעאַס פאָגג און פאַספאַרטו, פלעגט א ציטער טהאן און פלעגט אנהייבען צו וויינען.

ווען זיא האט זיך אין גאנצען בערוהיגט, האט פילעאַס פאָגג געבעטען, זיא זאל אויסטרינקען א ביסעל וויין און זאל עפעס עסען. אַאודאַ האט איהם צוליעב געטהאן און האט עפעס געגעסען, דאס האט זיא געשטארקט.

נאכ'ן עסען האט מען אנגעהויבען צו רעדען. אַאודאַ האט זעהר גוט געוואוסט, אז זיא איז ניט זיכער אין אינדיען. זיא האט עס געגעבען צו פערשטעהן אלעמען. זיא האט עס ניט ארויסגעזאגט, אבער פילעאַס פאָגג האט עס פערשטאנען.

אַאודאַ האט אנגעהויבען זיך ארומצוזוכען דעם האלז און דיא הענד. זיא האט געוואוסט, אז זיא האט געטראגען אויף זיך ציערונג, טהייערע שטיינער און ברילליאַנטען. — אלעס איז פערשוואונדען. דיא בראַהמינען האבען ביי איהר אלעס צוגענומען. צו וואס זאלען זיי לאזען פערברענען דיא בריליאנטען און דיא ציערונג? דאס זיינען זאכען, וועלכע האבען א ווערטה פאר א לעבעדיגען, אבער ניט פאר א טויטען.

פילעאַס פאָגג האט פערשטאנען, אז זיא זוכט איהרע בריליאנטען, זיא זאל האבען מיטעל צו אנטלויפען.

— וואוהין ווילט איהר פאהרען, מיסיס אַאודאַ?

— איך האב א רייכען פערוואנדטען אין האָנג-קאָנג. ער איז אויך א פארסי. ביי איהם בין איך זיכער. האָנג-קאָנג איז אין כינאַ, עס געהערט אבער צו ענגלאנד. אהין וועלען דיא בראַהמינען זיך ניט אונטערשטעלען צו קומען מיך זוכען.

— גוט! איך וועל אייך מיטנעהמען קיין האָנג-קאָנג, האט פילעאַס פאָגג געענטפערט רוהיג. איך אליין פאהר אויך קיין האָנג-קאָנג. מאָרגען דעם 25טען דעצעמבער וועלען מיר זיך אויפזעצען אויפ'ן שיף.

אַאודאַ האט איהם געדאנקט מיט טרערין אין דיא אויגען.

פאַספאַרטו איז געוועזען דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט. ער פאהרט יעצט מיט א דאמע און נאך מיט אזא בילד שעהנער דאמע. יעדעס מאל, ווען אַאודאַ פלעגט א קוק טהאן אויף איהם און פלעגט א שמייכעל טהאן,

פֿלעגט דער פֿראנצויז אונטערשפּרינגען פֿאר פֿרייד און פֿערגניגען. אזא שעהנע דאמע, אזא ליעבליכע דאמע האט ער נאך אין זיין לעבען ניט געזעהן.

אונטערדעסען איז דער צוג אנגעקומען קיין בענארעס. דא איז ער געשטאנען א פֿיערטעל שטונדע.

סער פֿראנסיס קראָמאַרטי איז געפֿאהרען נור ביז בענארעס. זיין בריגאַדע איז געשטאנען אין א לאגער עטליכע מייל ווייטער פֿון בענאַרעס. ער האט אבשיעד גענומען פֿון פֿילעאַס פֿאָגג, האט איהם געווינשען פֿיעל גליק אויף דער רייזע און ער זאל געווינען זיין וועטע. ער זאל אנקומען צוריק קיין לאנדאן אין עטליכע און זיעבעציג טעג.

פֿילעאַס פֿאָגג האט איהם קוים גענעבען דיא פֿינגער פֿון דער האנד.

דאן האט סער פֿראנסיס גענומען אבשיעד פֿון מיסיס אַאודאַ. זיא האט איהם זעהר געדאנקט פֿאר אלעס, וואס ער האט פֿאר איהר געטהאן און האט פֿערגאסען טרערין, ווען ער איז ארויסגעגאנגען פֿון׳ם וואגאן.

פֿון פּאַספּארטו האט סער פֿראנסיס אבשיעד גענומען אויף אנאנדער אַרט. דער לוסטיגער פֿראנצויז האט מיט איהם „געשעקט הענדס", וויא אן עכטער ענגלענדער. ער האט איהם געדריקט דיא הענד און זיי געטרייסעלט אזוי שטאַרק, גלייך וויא זיי וואלטעןביידע געווען לייבליכע ברידער. וויא ערנסט סער פֿראַנסיס איז געווען, איז איהם דאך געפֿעלען דיא פֿרעהליכקייט און פֿריינדליכקייט פֿון׳ם יונגען פֿראנצויז.

סער פֿראנסיס איז אוועקגעפֿאהרען. פּאַספּארטו איז געבליעבען שטעהן אויפֿ׳ן פּעררַאן פֿאר דיא וואגאנעס. ער האט זעהר געוואלט זעהן בענארעס. סער פֿראנסיס האט איהם דערצעהלט, אז בענארעס איז א בעריהמטע שטאָדט אין אין אינדיען, וויא רוים איז אַ הייליגע שטאָדט פֿאַר דיא קאַטהאָליקען, ירושלים איז אַ הייליגע שטאָדט פֿאַר אידען און קריסטען, מעקקאַ איז אַ הייליגע שטאָדט פֿאַר מאַהאַמעדאנער, אזוי איז בענאַרעס הייליג פֿאר דיא אינדיער.

אין בענאַרעס זיינען דא שולען, וואו מען לערנט נור דיא אינדישע רעליגיאָן און איהרע טויזענדער געבאטע (מצות). אין בענארעס זיינען דא פּאַגאָדאָ׳ס פֿון אלע אינדישע געטער. פּאַספּאַרטו האָט זעהר געוואלט זעהן דעם בעריהמטען מאָנקי טעמפּעל (אַפֿען פּאַגאָדאַ) אין בענאַרעס. דאָרט דיענען דיא אינדיער צו לעבעדיגע אַפֿען (מאָנקי׳ס). אין אַ גרויסען, געדיכטען גאָרטען געפֿינען זיך הונדערטער לעבעדיגע אַפֿען. זיי קלעטערן אויף דיא ביימער, שרייען, שלאגען זיך, רייסען זיך, בייסען זיך, שפּרינגען, טאַנצען און מאַכען גרימאַסען, וויא געוועהנליכע אַפֿען טהוען. דיא אינדיער האָבען אבער אויסגעפֿונען, אַז דאָס זיינען דיא גייסטער פֿון הייליגע מענשען. זיי היטען אפּ דיא הייליגע אַפֿען, ברענגען זיי יעדען טאג קרבנות פֿון רייז, מעהל און אנדערע זאַכען, וואס מאָנקי׳ס האָבען ליעב. דערביי פֿאלען זיי פֿאַר זיי אויף דיא קניע און בעטען צו זיי.

— דאס איז אינטערעסאנט! האט פּאַספּאַרטו אויסגערופֿען, ווען סער פֿראַנסיס האט איהם דערצעהלט פֿון דיעזע לעבעדיגע געטער. איך מוז זיי זעהן.

יעצט, ווען ער איז אין בענאַרעס, און וואלט געקענט זעהן דיעזע געטער מאר ער ניט אוועקגעהן פֿון'ם באהן האף. ער זאל ניט אנווערן דעם צוג!

ער האט זעהר געוואלט זעהן דיא בעריהמטע פאַגאָדאַ פֿון דער געטין דורגגאַ, פֿון וועלכער סער פֿראנסיס האט איהם דערצעהלט שעהנע זאַכען. דאס איז א שווארצע געטין מיט א רויט מויל. זיא איז אבער דיא געטין פֿון לעבען. קיין פֿרעמדער טאר ניט ארייננעהן אין איהר טעמפעל. מען מוז שטעהן אין דרויסען אוןווארטען, ביז דיא בראַהמינען הייבען אויף א פֿארהאנג און ווייזען פֿון דער וויטען דיא אבשייליכע, שווארצע געשטאלט פֿון דער געטין. דערביי שטרעקען זיי אויס די הענד און בעטען, מען זאל זיי עפּעס געבען פֿאר די געטין. זיי אליין דארפֿען קיין געלד, דיא געטין דארף געלד.

ווען דער ענגלישער קראנפּרינץ האט בעזוכט אינדיען, איז ער געווען אין דער פאַגאָדאַ פון דער געטין דורגגאַ און האט איהר געשענקט הונדערט רופּיען (אזא זילבערנע מינצע).

זייט פאספארטו האט זיך איבערצייגט, אז ער מאַכט ווירקליך א רייזע ארום דיא וועלט, איז ער געווארען נייגיעריג צו זעהן עפּעס פֿון דער וועלט. ער האט געוואלט ארומלויפֿען אין יעדער שטאדט און זעהן אלע מערקווירדיגע זאַכען, וועלכע געפֿינען זיך אין שטאדט.

ליידער, האט ער אין בענארעס גאר ניט געקענט זעהן. ער האט געמוזט זיין צופֿריעדען מיט דעם, וואס סער פֿראנסיס האט איהם דערצעהלט פֿון בענארעס.

באלד האט דער לאָקאָמאָטיוו אנגעהויבען צו פֿייפֿען. פאספארטו האט געמוזט אריינשפּרינגען אין וואגאָן. דארט איז פֿילעאַס פאָגג געזעסען גאנץ רוהיג און האט גערעדט מיט אַאודאַ.

דער צוג האט געריהרט. דיא בעריהמטע שטאדט בענארעס איז פֿערשוואונדען. דער צוג איז ווידער געפֿלויגען צווישען גרינע וועלדער, געדיכטע דשונגל'ס, פֿעלדער פֿון רייז, האבער, גערשטען און אנדערע אייראָפּעאישע און אינדישע גראזען. מען האט געזעהן דערפֿער, פאַגאָדאַ'ס, שטעדט און פֿעסטונגען. עס איז אבער ניט געוועזען קיינער, ווער עס זאל ערקלערן, וואס פֿאר א שטעדט דאס זיינען. פאַספאַרטו האט יעצט געדאַרפֿט האבען סער פֿראנסיס. דער גענעראַל אבער איז יעצט געווען ווייט פֿון איהם.

דער צוג איז פֿארבייגעפֿאהרען דיא גרויסע האנדעלס שטאדט פאַטנאַ, פֿון וואנען עס קומט דער בעסטער רייז אין דער וועלט. פאַספאַרטו האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט אויסגערופֿען:

— וואס איז דאס פֿאר א שטאדט? וויא הייסט דיעזע שטאדט?

אַאודאַ האט געזעהן, וויא נייגיעריג דער פֿראַנצויז איז און האט זיך ענטשלאסען איהם צו ערקלערן אייניגע זאַכען איבער אינדיען, וועלכעס זיא האט זעהר גוט געקענט.

— דאס איז דיא גרויסע שטאדט פאַטנאַ, האט זיא איהם ערקלערט. דיעזע שטאדט איז בעריהמט דורך איהר האנדעל און דורך איהרע פֿאבריקען. אין דער

פראווינץ ארום וואקסט זעהר פיעל רייז. פאטנא איז דער גרויסער מארק פון רייז און אפיום. פאטנא איז א רייכע שטאדט, א גרויסע שטאדט, א שטאדט פון לעבען און טהעטיגקייט.

ווייטער האט גערוישט דער צוג, ווייטער און ווייטער איז געלאפען דאס גרויסע און שווערע אייזערנע ריזען פערד און האט ארויסגעשיקט שווארצע וואלקענס רויך צום הימעל, וואו דער גרויסער אינדישער גאט בראהמא, אדער מיט זיין גאנצען טיטול, פארא בראהמא האט א מאל געהערשט גאנץ אליין, א זעלבסטהערשער.

דער שווארצער רויך האט געזאגט דעם אינדישען גאט: דיין צייט איז פאראיבער, דיין הערשאפט מוז פערשווינדען פאר דער הערשאפט פון אייזען, דאמפף און עלעקטריציטעט, דריי נייע געטער, וועלכע וועלען איבערנעהמען דיא גאנצע וועלט.

דער גרויסער גאט פארא בראהמא האט ניט געענטפערט, ער איז געוועזען צו שטאלץ אום צו ענטפערן דיא מענשען. ער האט זיך געטראכט: ווארט א ביסעל, איהר נאררישע מענשען. א מאל פלעגט איהר בייגען אייער קאפ פאר מיר, יעצט בייגט איהר אייערע קעפ פאר דיא נייע געטער: אייזען, דאמפף און עלעקטריציטעט. עס וועט אבער קומען א צייט, ווען איהר וועט אויסלאכען אייערע נייע געטער, וויא איהר לאכט יעצט פון מיר.

ווייטער און ווייטער איז געפלויגען דער צוג, האט געסאפעט, געקרעכצט און געווארפען שטיקער פייער אין אלע זייטען. ער איז ווייטער געבליעבען שטעהן לעבען א גרויכער שטאדט.

— וואס איז דאס פאר א שטאדט? האט געפרעגט דער נייגיעריגער פאספארטו.

— דאס איז מינגהאר, האט אאודא געענטפערט. דאס איז דיא גרעסטע פאבריק שטאדט פון אייזען און אייזענוואארען אין אינדיען. דאס איז דאס אינדישע בירמינגהאם. דא ווערן געמאכט דיא בעסטע מעסערס, דיא בעסטע שווערדען און דיא בעסטע אייזען ארטיקעל אין גאנץ אינדיען. אין דיעזער שטאדט האט זיך אינדיען אויפגעכאפט פון זיין שלאף און האט אנגעהויבען צו קלאפען און צו האמערן. מען וויל פערטרייבען דיא אלע געטער דורך דאס קלאפען פונ'ם האמער און דאס רוישען פון דיא מאשינען.

דער צוג איז געפאהרען ווייטער. עס איז געווארען נאכט. אין דיא וואגאנעס האט מען געקענט הערן דאס היילען פון וועלף, דאס ברומען פונ'ם טיגער און דאס קרעכצען פונ'ם שאקאל. שנעל איז דער צוג דורכגעפאהרען דיא שטעדט מורשהאבאד, בורדוואן, האוגלי. ער איז געבליעבען שטעהן נור פינף מינוט אין דער שטאדט טשאנדערנאגאר.

ווען פאספארטו וואלט געוואוסט, אז אין דער מיט פון אינדיען, אין דער מיט פונ'ם ענגלישען קייזערטהום געפינט זיך א שטאדט, וועלכע געהערט צו פראנקרייך, וואלט ער געוויס געוועזען ארויסגעשפרונגען פונ'ם צוג. טשאנדערנא-

גאָר געהערט צו פראנקרייך. דיא גאנצע געגענד ארום געהערט צו ענגלאנד. נור אין דיעזער איינער שטאדט וועהט אין דער הויך דיא פראנצייזישע פאהן; נור אין דיעזער איינער שטאדט רעדט מען פראנצייזיש.

טשאנדערנאָגאָר איז זעהר א וויכטיגע שטאדט. דארט איז דער גרעסטער מארק פון סאנדעל האלץ און פון סאנדעל האלץ אייל Oleum Santalini, וועל־בעס ווערט געברויכט אין דער מעדיצין.

אונזערע רייזענדע זיינען געווען מיעד פון דער פאריגער נאכט און זיינע באלד אנטשלאפען געווארען. זיי האבען זיך אויפגעכאפט ערשט אום זיעבען אוהר אין דער פריה, ווען דער צוג איז אנגעקומען קיין קאלקוטא, דיא הויפט שטאדט פון אינדיען.

דער קאנדוקטאר איז דורכגעגאנגען דיא וואגאנעס און האט געמעלדעט, אז מען איז אנגעקומען אויף דער סטאציאן קאלקוטא. פילעאַס פאָגג האט ארויס־גענומען זיין נאטיץ בוך און האט זיך פערצייכענט דיא שטונדע און דיא מינוט ווען ער איז אנגעקומען קיין קאלקוטא. ער האט אונטער געצויגען זיין רעכנונג — געמאַכט א בילאַנץ — און האט געפונען, אז ער האט ניט געוואונען און ניט פערלארען. דיא צוויי טעג, וואס ער האט געוואונען אויף דער „מאָנגאָליאַ", ער האט געדארפט אנקומען דעם 22טען אקטאבער און איז אנגעקומען דעם 20טען, האט ער פערלארען אויף דער רייזע קיין קאלקוטא.

יעצט איז 7 אוהר אין דער פריה דעם 25טען אקטאבער. וויא זיין בוך ווייזט, געהט היינט אום איינס אוהר אפ א דאמפף שיף קיין האָנג־קאָנג אין כינאַ. אלזא, איז ער געקומען פונקט צו דער צייט. ער וועט נאך האבען צייט איינצוקויפען איינינע זאכען אויף דער רייזע און אנקומען אויף דער שיף פונקט צו דער צייט.

ער האט געהייסען פאספארטו צונויפנעהמען זייערע זאַכען, האט גענומען אַאודאַ אונטערן ארים און איז מיט איהר ארויס פון'ם וואגאן. פאספארטו איז זיי נאכגעגאנגען מיט דיא בינטלעך און פעקלעך.

15טעס קאפיטעל.

## פילעאַס פאָגג'ס פעקעל באנקנאטען ווערט אלע מאל לייכטער און קלענער.

פילעאַס פאָגג האט גערעכענט צו געהן פון דער באהן סטאציאן גלייך צום דאמפף שיף. ער האט זיך ניט געוואלט אפשטעלען אין קאלקוטא. ער האט גע־וואלט פערהאַפען א גוטע קאַיוטע פאר אודאַ.

ווען ער איז ארויסגעגאנגען פון באהן האף, איז צו איהם צוגעקומען א פאליסמאן און האט געפרעגט:

— זייט איהר מיסטער פילעאַס פאָגג?

— איך בין עס.

— איז דיעזער מאן מיט דיא בינטלעך אייער דיענער?

— ער איז מיין דיענער.

— איהר וועט זיין אזוי גוט און געהן מיט מיר, האט דער פאליסמאן געזאגט. איהר און אייער דיענער.

פילעאס פאגג האט גאר ניט געענטפערט. ער איז געוועזן אן עכטער ענגלענדער און האט געוואוסט, אז ווען א פאליסמאן הייסט, מען זאל געהן מיט איהם, מוז מען געהן. ער איז ניט מעהר, ווי א דיענער, וועלכער טהוט נור וואס מען הייסט איהם.

פאספארטו אבער האט זיך געוואלט א ביסעל אויסטענה'ן מיט'ן פאליסמאן. ער האט זיך געוואלט א ביסעל אנשארפען דיא צונג. דער פאליסמאן האט אבער קיין לוכט ניט געהאט צו רעדען. ער האט געוויזען זיין לאנגען און גראבען שטעקען — קלאב — און פילעאס פאגג האט געגעבען א צייכען, אז זיי געהן מיט גומען. —

— קען איך מיטנעהמען דיעזע יונגע דאמע? האט פילעאס פאגג געפרעגט דעם פאליסמאן.

— איהר קענט זיא מיטנעהמען, האט דער וועכטער פון געזעץ געענטפערט.

דער פאליסמאן האט זיי צוגעפיהרט צו א פאלקי־גהארי, אזא סארט פאליציי וואגען, און האט זיי געהייסען זיך זעצען. פילעאס פאגג, אאודא און פאספארטו האבען זיך אריינגעזעצט אין וואגען, דער פאליסמאן איז זיי נאכגעגאנגען און האט געהייסען דעם קוטשער פאהרען. דער קוטשער האט ניט געפרעגט, וואוהין ער זאל פאהרען. ער האט שוין געוואוסט, וואס פאר א סארט פאסאזשירען ער פיהרט.

דער פאליציי וואגען איז דורכגעפאהרען דיא „שווארצע שטאדט“, דעם קווארטאל פון קאלקוטא, וואו עס וואינען אינדיער און אנדערע פעלקער מיט ברוינע אדער שווארצע געזיכטער. דאן זיינען זיי דורכגעפאהרען דיא אייראפעאישע שטאדט מיט איהרע ברייטע גאסען, מיט איהרע פאלאצען, מיט איהרע גרויסע הייזער.

ענדליך איז דער וואגען געבליעבען שטעהן פאר א גרויס הויז מיט זאנדערבארע גרויסע פענסטער. דער פאליסמאן האט געהייסען דיא ארעסטאנטען — פילעאס פאגג און פאספארטו זיינען יעצט געווען ארעסטאנטען — ארויסגעהן פון'ם וואגען. ער האט זיי אריינגעפיהרט אין א גרויס צימער מיט א שווערער אייזערנער טהיר מיט א קליין פענסטעריל אין דער מיט און האט זיי דארט איבערגעלאזען.

— האלב נאך אכט אוהר וועט זיינע האכווירדען, דער ריכטער אבאדיא קומען אין קארט. האט ער זיי געזאגט, איך וועל אייך דאן ברענגען פאר איהם.

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען און האט פערשלאסען דיא טהיר.

— צום טייפעל! האט פאספארטו אויסגערופען. מיר זיינען דאך ארעסטאנטען.

אודא איז אויך געוועזן זעהר איבערראשט. וואס מען האט זיי אגו פאלי־

לונג, אזוי אונערווארטעט ארעסטירט. זיא האט זיך געווענדעט צו פילעאס פאגג און האט געזאגט מיט טרערין אין דיא אויגען.

— איהר ליידעט יעצט דורך מיר. אייך האט מען ארעסטירט דערפאר וואס איהר האט מיך גערעטעט. דיא בראהמינען זיינען אונז נאכגעלאפען און האבען אונז דא ארעסטירט. — לאזט מיך דא, עדעלער פריינד! מיין שיקזאל איז שוין אזעלכער. מיר איז שוין בעשערט צו שטארבען. זיי וועלען מיך ניט אפלא-זען. ווארפט ארויף דיא גאנצע שולד אויף מיר און לאזען זיי מיט מיר טהאן, וואס זיי ווילען.

— ניין, אאודא! דאס קען ניט זיין, האט פילעאס פאגג געענטפערט. איך קען עס ניט גלויבען, אז דיא בראהמינען זאלען עס וואגען צו קומען קיין קאל-קוטא און אייך פערקלאגען. דיא ענגלישע רעגיערונג האט פערבאטען דיא „סוטי“, (מען זאל פערברענען דיא אלמנה מיט איהר טויטען מאן). אויסער דעם, איז עס אונמעגליך, אז זיי זאלען קומען פריהער פאר אונז. ווען א פאליסמאן האט אונז ארעסטירט, האט ער געווים געהאט א ווארראנט פון א ריכטער.

ניין, אאודא! איך וועל אייך ניט לאזען אין דיא הענד פון דיעזע ווילדע מענשען. איך וועל אייך ברענגען קיין האנג-קאנג צו אייער פערוואנדטען. דארט וועט איהר זיכער זיין.

— מיר וועלען דאך אבער פערשפעטיגען דאס שיף! האט פאספארטו אויסגערופען אין דער גרעסטער פערצווייפלונג.

— מיר וועלען ניט פערשפעטיגען, האט פילעאס פאגג געענטפערט פעסט און זיכער. נאך פאר צוועלף אוהר וועלען מיר זיין אויפ'ן דעק פון'ם סטימער.

פאספארטו האט זיך בערוהיגט, ווען ער האט געזעהן, אז זיין הערר איז אזוי זיכער, אז נאך פאר צוועלף וועלען זיי זיין אויפ'ן שיף. ווען פילעאס פאגג זאגט, ווייס ער געווים, וואס ער זאגט.

דיא צייט איז פערגאנגען לאנגזאם פאר פאספארטו. עס איז איהם זעהר ניט געפעלען צו זיצען פערשפארט אין א געפענגנים אין א שטאדט, וועלכע ער האט נאך גאר ניט געזעהן. פונקט האלב נאך אכט אוהר איז געקומען דער זעל-בער פאליסמאן און האט גענומען דיא ארעסטאנטען אין אנאנדער צימער, וואו עס איז געווען א ביהנע א פארן ריכטער און בענק פאר דיא ארעסטאנטען. אין דיעזען צימער זיינען שוין געווען פיעל מענשען.

באלד איז אריינגעקומען א דיקער און גראבער, ניעדעריגער מאן מיט א הויבען, ווייכען קראגען. דאס איז געווען זיינע עהרען, דער ריכטער אבאדיא אליין. הינטער איהם איז נאכגעגאנגען א הויכער און דארער מאן מיט א פאק פאפיערן אונטערן ארים. דאס איז געווען זיין שרייבער.

ביידע מענער זיינען ארויפגעגאנגען אויף דער ביהנע. דער ריכטער און זיין שרייבער האבען אראפגענומען צוויי פאריקען מיט לאנגע האר און האבען זיך בעדעקט דיא קעפ.

דאס איז אן אלטע מאדע אין ענגלאנד, אז דער ריכטער און זיין שרייבער

דארפֿען טראגען פֿעריקען אויף זייערע קעפּ, ווען זיי זיצען אין געריכט. אין ענגלאנד האט מען שוין דיזע מאדע אפגעשאפֿט. אין דיא ווייטע לענדער אבער, וועלכע געהערן צו ענגלאנד, איז דיזע מאדע נאך געבליעבען.

דער ריכטער האט זיך געזעצט אויף זיין שטוהל און האט אויסגערופֿען:

— דיא ערשטע קייז! דער ערשטער פראצעס.

דער שרייבער האט צולעגט זיינע פּאפּירען און האט געוואלט ענטפֿערן. פלוצלונג האט זיך דער ריכטער א טאפּ געטהאן ביים קאפּ.

— מיין גאט! האט ער אויסגערופֿען. דאס איז דאך גאר ניט מיין פּאריק!

דער שרייבער האט זיך אויך א חאפּ געטהאן ביים קאפּ און האט גענטפֿערט:

— איהר האט רעכט, האַכווירדיגער ריכטער אָבאַדיאַ! איהר האט אנגעטהאן מיין פּעריק.

— וויא קען א ריכטער אורטהיילען איבער פֿערברעכער, ווען ער טראגט אויפֿין קאפּ א פּעריק פֿון א שרייבער? האט זיינע האָכווירדען, דער קלוגער און יערעכטער ריכטער אָבאַדיאַ אויסגערופֿען.

דער ריכטער און זיין שרייבער האבען זיך אומגעביטען מיט זייערע פּעריקען. פּאסםפּארטו איז געזעסען אויף שפּילקעס דיא גאנצע צייט, וואס דער ריכטער האט זיך פֿארבערייטעט צום פּראצעס. ער האט זיך געביסען דיא פֿינגער, ער זאל זיך ניט צולאכען איבערן גאנצען זאַל. דער גראבער ריכטער און זיין דינער שרייבער זיינען איהם פֿארגעקומען אזוי קאמיש און אזוי לעבערליך, אז ער האט אנגעשטרענגט אלע זיינע קרעפֿטע, ער זאל ניט לאכען.

ענדליך האט דער ריכטער זיך אנגעטהאן זיין אייגענעם פּעריק און האט שוין געקענט אורטהיילען איבער פֿערברעכער.

— דיא ערשטע קייז! דער ערשטער פראצעס! האט ער אויסגערופֿען נאך א מאל!

— פֿילעאַס פֿאָגג! האט דער שרייבער געענטפֿערט.

— אט בין איך! האט פֿילעאַס פֿאָגג געזאגט און האט זיך אויפֿגעשטעלט.

— פּאַסםפּאַרטו! האט דער שרייבער ווייטער אויסגערופֿען.

— אט בין איך! האט פּאַסםפּאַרטו געזאגט און האט זיך אויפֿגעשטעלט.

— גוט! האט דער ריכטער געזאגט און האט זיך געווענדעט צו זיי.

ער האט זיך נאך א מאל אנגעריהרט ביים קאפּ און האט געפֿונען, אז ער טראגט זיין אייגענעם פּעריק.

— ארעסטאנטען! האט ער זיי געזאגט, מיר זוכען אייך שוין זייט צוויי טאג. מיר האבען אייך ערוואַרטעט אויף אלע באַהנציגע פֿון באמביי. —

— וואס האבען מיר דען פֿערבראכען? האט דער אונגעדולדיגער פּאסםפּארטו געפֿרעגט.

— איילט אייך ניט, איהר וועט באלד אלעס וויסען, האט דער ריכטער געזאגט.

— אייער האָכווירדען! האט פילעאס פאָגג זיך אפגערופען, איך בין אן ענגלישער בירגער און האב דאס רעכט —

— האט מען אייך בעליידיגט? האט דער ריכטער געפרעגט. האט מען אייך שלעכט בעהאנדעלט?

— ניין, דאס קען איך ניט זאגען.

— אלזא, ווארט! איך בין א גערעכטער ריכטער. — לאזען אריינקומען דיא אנקלעגער!

אין דיעזע מינוט האט זיך געעפענט א טהיר און דריי בראהמינען אין זייערע ווייסע קליידער, מיט זייערע הויכע ווייסע יארמאלקעס אויפ'ן קאפ זיינען אריינגעקומען אין זאל.

פאספארטו איז אויפגעשפרונגען, ווען ער האט זיי דערזעהן.

— דאס זיינען דיא שארלאטאנעס, וועלכע האבען געוואלט פערברענען דיא שעהנע אַאודאַ! האט ער אויסגערופען.

צום גליק, האט קיינער אין זאל ניט פערשטאנען, וואס ער האט גערעדט, וויל ער האט גערעדט פראנצייזיש.

דיא דריי בראהמינען זיינען צוגעקומען צו דיא גראטעס, וואו דער ריכטער איז געזעסען. דער שרייבער האט זיך אויפגעשטעלט און האט פערלעזען א לאנגע קלאגע געגען פילעאס פאָגג און זיין דיענער פאספארטו. זיי האבען בעליידיגט דיא אינדישע רעליגיאן און זיי האבען געשענדעט א הויז, וועלכעס איז הייליג פאר דיא אינדיער.

— האט איהר געהערט דיא קלאגע געגען אייך, מיסטער פאָגג? האט דער ריכטער געפרעגט, ווען דער שרייבער האט געענדיגט זיין לאנגע מגלה.

פילעאס פאָגג האט ארויסגענומען זיין טאשען אוהר, האט א קוק געטהאן, וואו זיא האלט און האט געזאגט.

— איך האב געהערט דיא קלאגע און איך געשטעה (איך בין מיך מודה). אז איך האב געטהאן א פעהלער.

— אזוי? איהר זייט זיך מודה? האט דער ריכטער געפרעגט.

— יא, איך געשטעה, אז איך האב געמאכט א פעהלער. איך וויל אבער, אז דיא בראהמינען זאלען זאגען, וואס זיי האבען געוואלט טהאן לעבען דער פאגאדא פון פילאדשי?

דיא בראהמינען האבען זיך אומגעקוקט איינער צום אנדערן. זיי האבען ניט פערשטאנען, וואס פילעאס פאָגג מיינט.

— געוויס! האט זיך פאספארטו אריינגעמישט. זיי האבען געוואלט פערברענען א יונגע דאמע לעבען דער פאגאדא פון פילאדשי.

דער ריכטער און דיא בראהמינען האבען זיך אומגעקוקט מיט שטוינען. זיי האבען ניט פערשטאנען, וואס דיא ארעסטאנטען רעדען.

— ארעסטאנטען! וואס רעדט איהר? האט ענדליך דער גראבער ריכטער

געפרעגט. וואס פערברענגען? וועמען האט מען געוואלט פערברענגען? אויף מאלאבאר היל אין באמביי האט מען געוואלט פערברענגען?

— אין באמביי? ! האט אויסגערופען פאספארטו און האט אויפגעאטהעמט פרייער.

— געוויס אין באמביי, האט דער ריכטער געזאגט. ווער רעדט דען פון פילאדעלפיע? איהר זייט ארייגגעגאנגען אין א הייליגע פאגאדא אין באמביי מיט דיא שטיוועל אויף דיא פיס — וואו איז דער בעוויז?

דער שרייבער האט ארויסגענומען פון א קאסטען א פאר שטיוועל און האט זיי אניעדערגעלעגט אויפ'ן טיש.

— מיינע שטיוועל! האט אויסגערופען פאספארטו. דאס זיינען מיינע שטיוועל!

פילעאס פאגג און פאספארטו האבען אין גאנצען פערגעסין אין דער געשיכטע פון באמביי, ווען מען האט פאספארטו געבראכען דיא ביינער און מען האט ביי איהם אראפגעריסען דיא שטיוועל פון דיא פיס און דעם הוט פון דיא הענד. —

ווען פאספארטו וואלט זיך געוועזען אומקוקען אין געריכטס זאל, וואלט ער דערזעהן, וויא זיין אלטער גוטער פריינד, דער דעטעקטיוו פיקס, שטעהט אין א ווינקעלע און הערט אויס דעם גאנצען פראצעס.

פיקס האט געוואלט אויפהאלטען פילעאס פאגג אין קאלקוטא, ביז עס וועט איהם אנקומען פון לאנדאן א ווארראנט, ער זאל איהם ארעסטירען אלס באנק רויבער. ער האט געפונען, אז דאס איז דאס איינציגע מיטעל איהם אויפצוהאלטען. ער האט אנגערעדט דיא בראהמינען פון באמביי, זיי זאלען ארויסנעהמען א ווארראנט און איהם נאכפאהרען קיין קאלקוטא.

ער האט זיי דערצעהלט, אז פילעאס פאגג איז זעהר רייך, זיי וועלען קענען שלעפען ביי איהם פיעל געלד, ווען זיי וועלען אנהויבען א פראצעס געגען איהם מיט זיין דיענער. זיי דארפען נור זאגען, אז פילעאס פאגג האט געשיקט זיין דיענער אומיכטען, ער זאל בעליידיגען דיא פאגאדא. ער האט אזוי ווייט געווירקט אויף זיי, אז זיי האבען אויסגעווירקט ביים גובערנאטאר פון באמביי ער זאל טעלעגראפירען קיין קאלקוטא, מען זאל ארעסטירען דעם העדר מיט זיין דיענער.

פיקס איז געפאהרען מיט דיא בראהמינען קיין קאלקוטא. זיי זיינען ארויסגעפאהרען מיט'ן אנדערן צוג. ווען פילעאס פאגג זאל ניט געוועזען פערשפעטיגען זיך אויפ'ן וועג אום צו רעטען אאודא, וואלט ער געוועזען אנגעקומען קיין קאלקוטא פריהער פון זיי.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא פיקס האט געציטערט, ווען ער איז געקומען קיין קאלקוטא און איז געוואהר געווארען, אז פילעאס פאגג אין נאך ניטא. דיא פאליציי האט ערהאלטען דיא טעלעגראמע, אבער אזעלכע צוויי פאסאזשירען זיינען נאך ניט אנגעקומען. פיקס איז געוועזען אויסער זיך.

— דאס איז א געפעהרליכער רויבער! האט ער אויסגערופען. ער האט

מיך אפגענארט. ער איז גאר ניט געפאהרען קיין קאלקוטא. ער איז ערגעץ אפגעשטיגען אין איינער פון דיא גרויסע שטעדט און איז ערגעץ אנטלאפען. מיין מיה, מיין צייט און מיין גוטער נאמען אלס דעטעקטיוו זיינען פערלארען!

פיקס האט זיך געריסען ביים קאפ פאר פערדרוס. אזוי וויא ער האט ניט געקענט וויסען, אין וואס פאר א שטאדט פילעאס פאגג איז אפגעשטיגען, האט ער זיך ענטשלאסען צו בלייבען אייניגע טעג אין קאלקוטא און אפהיטען יעדען צוג, וואס איז אנגעקומען אהין.

היינט אין דער פריה איז ער געשטאנען אויפ'ן באהן האף און האט זיך צוגע־קוקט צו דיא פאסאזשירען, וואס זיינען אנגעקומען. ער האט געטאנצט פאר פרייד, ווען ער האט דערזעהן, וויא פילעאס פאגג און פאספארטו זיינען ארויס פון א וואגאן, ער האט באלד צוגערופען א פאליסמאן און האט איהם געהייסען זיי ארעסטירען.

יעצט איז ער געשטאנען אין זאל און האט ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון'ם ריכטער. ער האט געוואוסט, אז דיא ענגלישע ריכטער אין אינדיען בע־שטראפען זעהר שטרענג פאר א בעליידיגונג פון דער אינדישער רעליגיאן.

זיינע האכווירדען, דער ריכטער אָבאַדיאַ האט גאנץ גוט געהערט, וויא פאספארטו האט אויסגערופען: מיינע שטיוועל! דאס איז דער בעסטער בעוויז, אז ער איזווירקליך אריינגעגאנגען אין פאגאָדאַ אין דיא שטיוועל.

— אלזא, זייט איהר זיך מודה, אז איהר האט בעליידיגט אן אינדישען טעמפעל? האט דער ריכטער געפרעגט.

— איך בין מיך מודה, האט פילעאס פאגג געענטפערט קאלט בלוטיג.

דער ריכטער האט צורעכט געמאכט זיין פעריק אויפ'ן קאפ און האט אנ־געהויבען צו זאגען זיין אורטהייל:

— אזוי וויא ענגלישע גועצע פערטהיידיגען און בעשיצען אלע רעליגיאנען פון לאַנד; אזוי וויא דיא ענגלישע גועצע בעשטראָפען זעהר שטרענג יעדען, וועלכער בעגעהט א פערברעכען געגען דיא אינדישע רעליגיאן; און אזוי וויא מיכטער פאספארטו האט בעגאנגען א שרעקליכעס פערברעכען געגען א הייליגען טעמפעל, וויא ער אליין האט אויסגעזאגט, אז דעם 20טען אקטאבער 1872 איז ער אריינגעגאנגען אין דער פאַגאָדאַ אין מאַלאַבאַר היללס אין באָמביי מיט דיא שטיוועל אויף דיא פיס און מיט'ן הוט אין דער האנד — פעראורטהייל איך איהם צו פונפצעהן טאג ארעסט און צו א שטראפע פון דריי הונדערט פונט סטערלינג. ווען ער האט ניט דאס געלד, דארף ער אפזיצען פאַר אַ שיללינג א טאָג. —

— דריי הונדערט פונט סטערלינג! האט אויסגערופען פאספארטו אין דער גרעסטער פערצווייפלונג. וואו וועל איך געהמען אזוי פיעל געלד? איך בין דאך נור א דיענער!

— נו, וועט איהר אפזיצען, א שיללינג א טאג, האט דער שרייבער איהם ערקלערט.

# א רייזע ארום דיא וועלט אין 80 טעג.

— אזוי וויא עס ווייזט אויס, אז פילעאס פאגג האט אפגערעדט מיט זיין דיענער, ער זאל בעליידיגען דיא פאגאדא, האט דער ריכטער ווייטער געלעזען; און אזוי וויא יעדער הערר איז פעראנטווארטליך פאר אלעס, וואס זיינע דיענער טהוען; און אזוי וויא פילעאס פאגג אליין האט זיך „מודה געווען, אז ער איז שולדיג — פעראורטהייל איך מיסטער פילעס פאגג צו אכט טעג געפענגניס און א שטראפע פון הונדערט און פופציג פונט. — שרייבער, וואס איז דער צווייטער פראצעס?

פיקס האט געטאנצט פאר פערגניגען. פילעאס פאגג וועט מוזען זיצען אכט טעג, דערווייל וועט אנקומען דער ווארראנט פון לאנדאן און ער וועט איהם ארעסטירען דערפאר, וואס ער האט בערויבט דיא באנק אף ענגלאנד.

פאספארטו איז געוועזן אויסער זיך. דורך זיין נארישקייט האט ער אונגליקליך געמאכט פילעאס פאגג. ער וועט יעצט מוזען זיצען אין געפענגניס אכט טעג און יועט פערליערען זיין וועטע פון פופציג טויזענד פונט. ער האט שוין פערלארען צוויי טעג ביים רעטען פון אאודא און יעצט וועט ער נאך פערליערן אכט טעג אין געפענגניס, איז שוין צעהן טעג. וויא וועט ער קענען מאכען דיא רייזע ארום דער וועלט אין אכציג טעג?

פילעאס פאגג איז געבליעבען רוהיג און גלייכגילטיג, ווען דער ריכטער האט ארויסגעזאגט זיין אורטהייל. ער האט זיך אויפגעהויבען און איז לאנגזאם צוגעגאנגען צום ריכטער.

— איך וויל געבען קויציאן (בייל, זאלאג), האט ער געזאגט רוהיג.

— דאס קענט איהר טהאן, האט דער ריכטער געענטפערט.

פיקס האט א ציטער געטהאן, ווען ער האט דערהערט, אז פילעאס פאגג וויל ארויס אויף בייל (ערבות) און דער ריכטער האט אנגענומען זיין פארשלאג. איידער ער האט נאך צייט געהאט זיך אומצוקוקען, האט ער שוין געהערט, וויא דער ריכטער האט פארגעלעזען:

— אזוי וויא מיסטער פילעאס פאגג און פאספארטו זיינען פרעמדע, זיי וואינען ניט אין קאלקוטא און קיינער קען זיי ניט, בעשטים איך דעם בייל אויף טויזענד פונט סטערלינג פאר יעדען פון זיי. ווען איהר וועט געבען צוויי טויזענד פונט, וועט איהר זיין פריי אויף בייל. וועט איהר ניט קומען אפזיצען אדער וועט איהר ניט אפעלירען צום וויצע קעניג פון אינדיען. וועלען אייערע צוויי טויזענד פונט זיין פערפאלען.

— איך גיב דיא צוויי טויזענד פונט איןבאאר געלד האט פילעאס פאג געזאגט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען פון זיין רייזע טאש א פעקעל ענגלישע באנקנאטען, האט אפגעצעהלט צוויי טויזענד פונט און האט זיי געגעבען דעם ריכטער.

— ווען איהר וועט אפזיצען אייער צייט, מעגט איהר קומען צו מיר, וועל איך אייך צוריקגעבען אייערע צוויי טויזענד פונט, האט דער ריכטער געזאגט העפליך.

— קום, שנעל! האט פּילעאַס פאָגג געזאגט צו זיין דיענער.

— לאזען זיי מיר אפּגעבען מיינע שטיוועל! האט פאספּארטו אויסגערופען. פאר וואס האבען זיי ביי מיר צוגענומען מיינע שטיוועל?

דער ריכטער האט געהייסען, אז מען זאל איהם אפּגעבען זיינע שטיוועל. פאספּארטו האט זיי בעטראַכט פון אלע זייטען.

— אט דאס זיינען א טהייערע פּאר שטיוועל! האט ער געזאגט. זיי קאָסטען מעהר אלס טויזענד פונט א שטיוועל און דערצו קוועטשען זיי מיר נאך.

פילעאַס פאָגג האט יעצט גענומען אַאודאַ אונטערן ארים און איז מיט איהר ארויסגעגאנגען פון געריכט. פאספּארטו איז זיי נאכגעגאנגען. אין דרויסען האט פילעאַס פאָגג צוגערופען א גהאַרי, א אינדישע דראשקע, האט זיך אויפגעזעצט מיט אַאודאַ און האט געהייסען פאהרען צום פּארט. פאספּארטו האט ער געהייסען קויפען איינינע זאכען און באלד צוקומען צום פּארט, צום דאמפּף שיף „ראַנגון", וועלכעס וועט אום צוועלף אוהר ארויספאהרען קיין האָנג-קאָנג.

ווען פיקס האט דערזעהן, אז פילעאַס פאָגג איז ארויס אויף בייל, איז ער געשפּרונגען פון דער הויט. אלע זיינע פּלאנען איהם צו ארעכטירען האבען ניט געהאלפען.

— איך מוז איהם נאכגעהן, האט ער געזאגט צו זיך אליין. — דער רויבער! דער גנב! ער ווארפט מיט טויזענדער! ער האט ניט געארבייט אויפ'ן געלד. ער האט עס זעהר לייכט פערדיענט. וואס הארט עס איהם? מיר אבער טהוט ער א שאדען. מיך קאסט עס געלד, מיה און צייט און דער רויבער ווארפט ארויס דאס געלד. ער וועט געוויס לאזען פערפאלען דיא צוויי טויזענד פונט און וועט אנטלויפען. אזא רויבער איז אויף אלעם פּעהיג.

ער איז נאכגעגאנגען פילעאַס פאָגג און האט געזעהן, וויא ער מיט אַאודאַ האבען זיך אויפגעזעצט אויף אַ גהאַרי. ער האט גענומען אנאנדער גהאַרי און איז זיי נאכגעפאהרען ביז צום פּאָרט.

אויפ'ן דאמפּף שיף „ראַנגון" האט געוועהט דיא ענגלישע פאהן לעבען דער פאהן פון דער קאמפּאני, צו וועלכען זיא געהערט, א צייכען, אז זיא פאהרט היינט ארויס. ארום איהר זיינען געשטאנען פיעלע קליינע שיפלעך און שלעפּ דאמפער, וועלכע האבען צוגעבראכט פּאסאזשירען און באגאזש.

פיקס האט געזעהן, וויא פילעאַס פאָגג און אַאודאַ האבען זיך געזעצט אויף א קליין שיפעל און זיינען צוגעפאהרען צו דער „ראַנגון".

— ער אנטלויפט, דער רויבער! — ווארט נור, דוא גנב! איך וועל דיר נאכפאהרען ביז אין עק וועלט; איך וועל דיך ניט אראפּלאזען פון'ם אויג, ביז איך וועל האבען דיא געלעגענהייט דיך איינצושמידען אין קייטען און דיך איבערגעבען אין דיא הענד פון דער לאנדאנער פּאליציי.

ער האט גענומען אנאנדער שיפעל און איז אויך געפאהרען אויפ'ן שיף.

פאספּארטו איז אינטערדעסען ארומגעלאפען אין דיא גאסען פון קאַלקוטאַ. ער האט דאך געוואלט א ביסעל אנקוקען קאלקוטא. עס איז דאך איינע פון דיא

גרעסטע שטעדט אין אזיען. עס געפינען זיך אין איהר 200 פאגאָדען, 100 מעט־שעטען, פיעלע קירכען און א צעהנדליג סינאגאגען.

ער איז געוועזען זעהר נייגיעריג צו זעהן דיא גרעסטע מערקווירדיגקייט פון קאלקוטא, דעם טשאורינגהי ראוד און דעם מאידאַן, פון וועלכע סער פראַנסיס האט איהם דערצעהלט.

דער טשאורינגהי ראוד Chowringhee road איז דיא שעהנסטע און גרעסטע גאס אין קאלקוטא. דארט געפינען זיך דיא גרעסטע און שעהנסטע פאלאצען און רעגיערונגס געביידען.

דער מאידאַן איז אן אַרט גארטען, א פארק. דאס מערקווירדיגסטע פון'ם מאידאַן איז דער גרויסער בוים, the big tree, דאס איז איינע פון דיא גרעסטע און זעלטענסטעביימער אין דער וועלט. דאס איז א פייגענבוים, וועלכע מען האט געלאזען וואקסען. ער האט זיך יעצט צוואוואקסען אזוי גרויס און אזוי גע־דיכט, אז זעקס טויזענד מענשען קענען זיך שיצען אין זיין שאטען. ער פערדעקט א גאנצען בערג און שטעלט פאר א גאנצען וואלד. איינינע פון זיינע צווייגען האבען זיך אראפגעלאזען אויף דער ערד און זיינען דארט איינגעוואקסען געווא־רען. זיי זיינען יעצט צווייגען און ביימער צוגלייך. זיי ווייזען אוים וויא זיילען, וועלכע האלטען אונטער דעם גרויסען בוים.

ווען מען שפאציערט אונטערן גרויסען בוים, מיינט מען, אז מען שפאַציערט אין אַ קיהלען זיילען גאנג. דער גרינער דאך איבערן קאפ שיצט פון דער שרעק־ליכער היץ און דיא צווייגען, וועלכע זיינען איינגעוואקסען אין דער ערד, שטעלען פאר דיא ווענד פון א גריעכישען טעמפעל.

דער גרויסער בוים אין קאלקוטא איז איינער פון דיא גרעסטע וואונדער אין דער וועלט. אין אינדיען זיינען צוואַר דאַ פיעלע אזעלכע גרויסע ביימער. מייסטענס זיינען אזעלכע ביימער הייליג. דיא אינדיער פערזאמלען זיך אונטער דיעזע ביימער און דיענען אונטער זיי צו זייערע געטער. אבער ניט איינער פון דיעזע ביימער איז אזוי גרויס און אזוי שעהן, וויא דער גרויסער בוים אין קאל־קוטא. דיא ענגלישע רעגיערונג היט איהם אפ און ער וואקסט אלץ ווייטער און ווייטער.

וויא אלט איז אזא בוים? — דאס קען קיינער ניט זאגען. דיא בראַהמינען דערצעהלען וואונדער געשיכטען פון'ם גרויסען בוים. איהם האט געפלאַנצט א גאט פון זיין אייגענעם געברויך וועגען. ער האט דארט א מאל געוואוינט, ביז עס זיינען געקומען דיא פאַרינגהי'ם — דיא פרעמדע — דיא אפיקורסים, און האבען איהם פערטריעבען.

פאַספאַרטו איז געוועזען איבערראַשט, ווען ער האט דערזעהן דעם גרויסען בוים. ער האט זיך ניט געקענט אפרייסען פון איהם. א וואלד פון איין איינציגען בוים האט ער קיין מאל ניט געזעהן. ער וואלט אוועקגעשטאנען לעבען איהם שטונדען לאנג, ווען ער זאל זיך ניט געוועזען דערמאנען, אז ער דארף לויפען צום פארט, ער זאל ניט פערזאמען דאס שיף.

אויסער דעם האט איהם זעהר געפלאגט דיא שרעקליכע היץ. אין קאל־קוטא איז זעהר אפט א היץ פון 120 גראד (פארענהייט) אין שאטען, אויף דער זון ווייזט דער טערמאמעטער 150 ביז 170 גראד. אזא היץ קען קיין איירופּעער ניט אויסהאלטען.

ער האט דאהער גענומען א גהארי און איז געפאהרען צום פארט. ער איז געקומען פונקט צו דער צייט, ווען דאס שיף האט געדארפט אפגעהן.

16טעס קאפיטעל.

## פיקס הייבט ניט אן צו פערשטעהן, וואס מען רעדט צו איהם.

דיא „ראנגון" איז א גרויסער דאמפפער, וועלכער געהערט אויך צו דער פענאינסולאר און אריענטאל קאמפאני. זיא געהט אבער נור צווישען אינדיען, כינא און יאפאן. זיא געהט אויך זעהר שנעל און זעהר רעגעלמעסיג, וויא דיא „מאנגאליא", זיא איז אבער ניט אזוי בעקוועם, וויא דיא „מאנגאליא".

פילעאס פאגג איז געווען זעהר אונצופריעדען, וואס ער האט ניט געקענט קריעגען קיין גוטע קאיוטע פאר אאודא. פון קאלקוטא קיין האנג־קאנג געדויערט דיא רייזע געוועהנליך 13 טעג. אויפין מעער איז 13 טעג א לאנגע צייט, בעזאנדערס פאר א מענשען, וועלכער איז ניט געוואינט צום מעער. ער האט געמוזט צופריעדען זיין מיט דער קאיוטע, וואס מען האט איהם געגעבען.

אאודא האט זיך אבער געוויעזען אלס שטילער און רוהיגער פאסאזשיר. זיא איז געווען צופריעדען מיט אלעס און האט יעדעס מאל געדאנקט פילעאס פאגג פאר זיין פריינדליכקייט. ער איז געווען געגען איהר העפליך, פלעגט קומען צו איהר צוויי־דריי מאל אין טאג פרעגען, וואס זיא מאכט, אויב זיא דארף עפעס, אויב זיא פערלאנגט עפעס. דערביי אבער איז ער געבליעבען ערנסט און רוהיג. ער איז געבליעבען דיא מאשין, וואס ער איז געווען ביז אהער.

אנפאנגס איז אאודא געוועזען ערשטוינט איבער אזא גלייכגילטיגקייט און פינקטליכקייט. זיא האט ניט געקענט זיך ערקלערן, וויא אזוי א מענש קען אזוי שווייגען און נור פרעגען דיא נעטהיגע פראגען, קיין ווארט מעהר. פאספארטו אבער האט איהר באלד ערקלערט דעם זאנדערבארען כאראקטער פון זיין הערר.

פאספארטו האט ניט אויסגעלאזט איין געלעגענהייט צו זעהן אאודא און צו רעדען מיט איהר. קוים האט זיא זיך געוויעזען אויפ'ן דעק פון'ם „ראנגון", איז ער שוין געווען לעבען איהר און האט שוין גערעדט און געפלוידערט מיט איהר. ער האט איהר דערצעהלט, אז פילעאס פאגג האט זיך געוועט אויף א גרויסע סומע געלד, ער זאל מאכען א רייזע ארום דיא וועלט אין 80 טעג. ער האט איהר דערצעהלט, וויא ער קומט צו פילעאס פאגג, וויא זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון לאנדאן, וואס עס האט זיי פאסירט אויפ'ן וועג ביז באמביי; וויא אויפ'ן וועג פון סועץ קיין באמביי האט ער זיך בעקענט מיט א גוטען פאסאזשיר מיט'ן נאמען פיקס, מיט וועלכען ער פלעגט פערברענגען גאנצע טעג.

ער האט איהר דערצעהלט, וואס עס האט מיט איהם פאסירט אין באמביי,

זיא זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון באמביי; וויא זיי זיינען געבליעבען שטעהן אויפ'ן וועג און פילעאס פאגג האט געקויפט אן עלעפאנט פאר צוויי טויזענד פונט סטערלינג.

אאודא האט אלעס אויסגעהערט אויפמערקזאם. פון צייט צו צייט פלעגט זיא א שמייכעל טהאן. פאספארטו איז געווען ענטציקט. עס איז זעהר מעגליך, אז ער וואלט זיך אין איהר פערליעבט, ווען ער זאל ניט געוועז הערן, וויא זיא האט א מאל דערצעהלט פילעאס פאגג איהר געשיכטע.

זיא איז ווירקליך דיא טאכטער פון זעהר א רייכען פארסי אין באמביי. איהר פאטער איז א גרויסער סוחר און האט געמאכט א גרויס פערמעגען פון'ם האנדעל מיט בוימוואלל. איהר אנקעל, סער דשיימס דשי דשיבהאי איז אויך זעהר רייך. ער וואינט אין האנג-קאנג. דיא ענגלישע רעגיערונג האט איהם געשענקט דעם טיטול באראנעט.

זיא האפט, אז ווען זיא וועט קומען צו איהם קיין האנג קאנג, וועט ער זיא געהמען צו זיך און וועט זיא שיצען און פערטהיידיגען געגען איהרע פערפאלגער, דיא בראהמינען. דאס שלעכטע איז, זיא קען איהם ניט און האט איהם קיין מאל ניט געזעהן.

פילעאס פאגג האט פערשטאנען, אז זיא איז ניט גאנץ זיכער, אז זיא וועט געפינען שוץ און א גוטע אויפנאהמע ביי איהר אנקעל.

— זייט רוהיג, מיסיס אאודא, האט ער איהר געזאגט, איך וועל שוין איינריכטען אלעס, אזוי וויא עס דארף זיין.

דיא יונגע פרוי האט איהם פערשטאנען. זיא האט געקוקט אויף איהם מיט איהרע שעהנע, קלארע אויגען און האט איהם געדאנקט פון גאנצען הערצען. — האט ער זיא פערשטאנען? האט ער וועניגסטענס זיך צוגעקוקט צו איהר און געזעהן, אז זיא איז שעהן, וויא דיא זון און ליעבליך, וויא א שעהנער מארגען אין מאי? — ווער קען עס וויסען?

דיעזער מאן איז שטענדיג געבליעבען רוהיג, העפליך און קאלטבליטיג. ער האט קיין מאל ניט גערעדט קיין איבעריגעס ווארט.

דיא „ראנגון“ איז אונטערדעסען געשוואומען אלץ ווייטער און ווייטער. דאס וועטער איז געווען שעהן און אנגענעהם. זיא איז פארבייגעפאהרען דיא גרויסע אינזלען מיט'ן נאמען אנדאמאנען. דיא פאסאזשירען האבען געזעהן גאנץ דייטליך דעם הויכען בארג „זאטעל-פיק“. ער ווייזט אוים פון דער ווייטען, וויא אן אונגעהייער גרויסער זאטעל פון א פערד.

פיעלע פאסאזשירען זיינען געשטאנען א גאנצען טאג אויפ'ן דעק. זיי האבען געוואלט זעהן דיא ווילדע מענשען, וועלכע בעוואינען דיעזע אינזעל. דיעזע מענשען זיינען אזוי ווילד, אז זיי שטעהן ניט פיעל העכער פון א בהמה. זייער שפראכע איז ניט מעהר, וויא א סארט ברומען און מעקען. ליידער, האבען זיך דיעזע ווילדע ניט געוואלט ווייזען.

דיא פאסאזשירען האבען געזעהן, וויא דיזע אינזלען זיינען בעדעקט מיט אלערליי ביימער ·מיט אלערליי פרוכטען און מיט אלערליי געווירצען, עס האט געשמעקט פון דער ווייטען, גלייך וויא מען וואלט געשפריצט מיט פערפומען. מען האט געזעהן גאנצע וועלדער פון פאלמען, פון מושקאט ניס, צימרינג, ענג־לישען פעפער און אנדערע טהייערע אונזעלטענע ביימער. מוטער נאטור האט אויסגעגאסען איהר רייכקייט מיטביידע הענד אויף דיזע עטליכע אינזלען.

טויזענדער פויגעל מיט דיא שעהנסטע פעדערן זיינען ארומגעפלויגען אין דער לופט, זיינען צוגעקומען גאנץ נאהענט צום שיף און האבען זיך געזעצט אפרוהען אויף דיא מאכט ביימער. זייערע פעדערן האבען געגלאנצט און געפונ־קעלט אויף דער זון, וויא טויזענדער רובינען און סמאראגדען.

אאודא און פאספארטו זיינען אויך געשטאנען א גאנצען טאג אויפן דעק. פאספארטו האט זיך ניט געקענט אפרייסען פון דיזער גראסארטיג שעהנער סצענע. איהם האט אינטערעסירט יעדער נייער בוים, יעדער אונבעקאנטער פויגעל.

— וואס איז דאס? וויא הייסט דיזער בוים? וויא הייסט דיזער פויגעל? האט ער אויסגערופען איין מאל נאכ'ן אנדערן.

דיא אנדערע פאסאזשירען האבען געקוקט אויף איהם, וויא אויף א וואונ־דערליכען. צו זיין גליק אבער איז אאודא געשטאנען לעבען איהם און האט איהם אלעס ערקלערט.

איין מאל האט ער געזעהן, וויא עטליכע שוואלבען דרעהן זיך, שפיעלען זיך, פליהען ארום אין פלוצלונג זיינען זיי פערשוואונדען געווארען אין א גרויסען שטיין, וועלכער איז געהאנגען איבערן וואסער.

— וואס איז דאס? וואו זיינען דיא שוואלבען פערשוואונדען געווארען? האט ער אויסגערופען. איך וויים, אז שוואלבען מאכען זייער נעסט אונטער א דאך פון א הויז אדער אויף א בוים. איך זעה צום ערשטען מאל, אז שוואלבען זאלען מאכען זייער נעסט אונטער א שטיין.

— דאס איז א גאנץ אנדערער סארט שוואלבען, האט איהם אאודא ער־קלערט. זיי מאכען א גאנץ אנדערן סארט נעסט. זייער נעסט קען מען עסען. —

— עסען א נעסט פון א פויגעל? האט פאספארטו אויסגערופען. דאס קען ניט זיין! א נעסט פון א פויגעל קען מען ניט עסען!

— נון. זעהסט דוא, פריינד, דעם נעסט פון דיזע שוואלבען קען מען יא עסען. מען מאכט פון איהם זעהר א גוטעס געריכט. א נעסט פון דיזע שוואל־בען איז ווערטה איינינע שיללינג.

— אבער וויא קען מען עסען א נעסט פון א פויגעל?

— דיזע שוואלבען מאכען זייערע נעסטער פון א סארט גראז, וואס וואקסט אין מעער. ווען דער נעסט ווערט אויסגעטריקענט און מען וויים, וויא אזוי איהם צו קאכען, איז ער זעהר געשמאק. דיא כינעזען צאהלען זעהר טהייער פאר דיזע נעסטער. נור דיא מאנדארינען און דיא גאנץ רייכע קויפלייטע קענען זיך ער־לויבען צו עסען אזא געריכט.

פאספארטו האט נאך אלץ ניט געקענט פערשטעהן, וויא אזוי מענשען קענען עסען דעם נעסט פון א פויגעל.

דאס שיף איז אונטערדעסען געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער. באלד זיינען דיא אנדאמאן אינזלען פערשוואונדען געווארען. דיא „ראנגון" איז יעצט אריינגעקומען אין דער מעער ענגע פון מאלאקקא. — א מעער ענגע הייסט א שמאלער פאס וואסער, וועלכער פעראייניגט צוויי מעערע. — דיא מעער ענגע פון מאלאקא פעראייניגט דעם אינדישען וועלט מעער מיט'ן כינעזישען מעער.

וואס האט דער דעטעקטיוו פיקס געטהאן דיא גאנצע צייט אויפ'ן „ראנגון"? וועט דער לעזער געווים פרעגען. מיר האבען געזעהן, אז ער האט זיך אויפ־געזעצט אויפ'ן שיף. מיר האבען איהם אבער דיא גאנצע צייט מעהר ניט געזעהן. וויא קומט עס?

פיקס האט זיך אנפאנגס ניט געוואלט ווייזען פאר פאספארטו. ער האט מורא געהאט, אז דער פראנצויז זאל איהם עפעס ניט חושד זיין. ער קען נאך דער־ראטהען, אז ער פאהרט זיי נאך. ער האט דאהער געזוכט אויסצומיידען פאס־פארטו, וויא ווייט ער האט געקענט. דאס איז געוועזען ניט שווער אויפ'ן „ראנגון", וואו דיא פאסאזשירען ערשטער קלאסע האבען געהאט א בעזונדערן דעק פאר זיך.

פאספארטו איז צוואר געפאהרען צווייטער קלאסע. ער איז אבער גאנצע טעג געזעסען אויפ'ן דעק ערשטער קלאסע, ווייל ער האט געמוזט בעדיענען זיין הערר און מיסיס אאודא. אויסער דעם זיינען אין דער צווייטער קלאסע געפאה־רען פיעלע כינעזען, מיט וועלכע ער האט ניט געקענט זיך צונויפרעדען. ער פלעגט דאהער נור עסען און שלאפען אין דער קאיוטע צווייטער קלאסע, א גאנ־צען טאג אבער פלעגט ער פערברענגען אויפ'ן דעק פון דער ערשטער קלאסע.

דאס האט פיקס געדארפט. איידער ער איז אוועקגעפאהרען פון קאלקוטא, האט ער געבעטען דעם שעף פון דער פאליציי, אז קוים וועט אנקומען דער וואַ־ראנט פון לאנדאן, זאל ער איהם באלד איבערשיקען קיין האנג־קאנג. ער האט צוואר געוואוסט, אז דיא „ראנגון" וועט בלייבען שטעהן אויף א קורצע צייט אין סינגאפור, א שטאדט אויף אן אינזעל אין דער מעער ענגע פון מאלאקקא. אין סינגאפור אבער האט ער גאר ניט געקענט טהאן. אין סינגאפור וואוינען זעהר ווייניג אייראפעער. דער גרעסטער טהייל פון דיא איינוואוינער זיינען כינעזען. דיא פא־ליציי זאגאר בעשטעהט פון כינעזען. מיט דיעזע אזיאטען וועט ער גאר ניט מאכען.

ער מוז ווארטען, ביז זיי וועלען קומען קיין האנג קאנג. דארט איז דא א שטרענגע ענגלישע פאליציי, וועלכע וועט איהם העלפען ארעסטירען דעם באנק רויבער. פילעאס פאגג וועט מוזען אפשטייגען אין האנג קאנג, ווייל דארט וועט ער מוזען זיך זעצען אויף אנאנדער שיף. ער וועט מוזען בלייבען אין האנג־קאנג עטליכע טעג. דערווייל וועט אנקומען דער ווארראנט און ער וועט איהם ארעס־טירען.

פיקס האט זעהר גוט געוואוסט, אז האנג־קאנג איז דיא לעצטע סטאציאן, וואו עס וועהט נאך דער ענגלישער פלאג און עס הערשען נאך דיא ענגלישע

געזעצע. ווייטער פֿון האָנג-קאָנג געפֿינען זיך שוין פֿרעמדע לענדער, וואו עס איז ניט אזוי לייכט צו ארעסטירען א פֿערברעכער. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז קוים קומט דער באנק רויבער קיין אמעריקא, וועט איהם שוין זיין זעהר שווער איהם צו ארעסטירען. דארט העלפֿט שוין ניט א געוועהנליכער ווארראנט. דארט מוז זיך שוין אריינמישען דיא ענגלישע רעגיערונג. זיא מוז שוין פֿאררערן, אז מען זאל ארויסגעבען דעם פֿערברעכער. דאס איז א לאנגע געשיכטע.

דאס בעסטע און זיכערסטע וועט זיין, ווען ער וועט איהם קענען פּאַקען אין האָנג-קאָנג. ער מוז אלזא אנווענדען אלעס מעגליכע, ער זאל איהם אפּהאלטען אין האָנג-קאָנג, ביז עס וועט איהם אנקומען דער וואָררּאַנט.

— אין באמביי איז עס מיר ניט געראטהען, אין קאלקוטאַ איז עס מיר אויך ניט געראטהען, האט פֿיקס געזאגט צו זיך אליין, אין האנג-קאָנג מוז איך איהם פּאַקען. דא מוז איך איהם ארעסטירען. איך מוז ווייזען, אז איך בין דער בעסטער דעטעקטיוו אין דער וועלט. דער רויבער טאר זיך ניט ארויסדרעהן פֿון מיינע הענד!

אין אייסערסטען פֿאל וועל איך ארויסזאגען דעם פֿראנצויז, זיין דיענער, אז זיין הערר איז א באנקרויבער. איך וועל איהם זאגאר צוזאגען א פּאר טויזענד פֿונט, ער זאל אויפֿהאלטען זיין הערר עטליכע טעג אין האָנג-קאָנג. — דער פֿראנצויז איז ארים. צוויי טויזענד פֿונט איז ביי איהם א גאנץ פֿערמעגען. וואס וועט ער האבען, ווען ער וועט נאך ווייטער פֿאהרען מיט'ן רויבער? — ער וועט איהם נאך זיין ארים געהאלט אויך ניט בעצאהלען. אזא גנב, אזא באנק רויבער איז אויף אלעס פֿעהיג.

אזוי האט פֿיקס א גאנצען וועג געמאַכט פּלאַנען, וויא אזוי אויפֿצוהאלטען פֿילעאַס פֿאָגג אין האָנג-קאָנג. איין זאַך האט איהם בעאונרוהיגט און ער האט עס אויף קיין פֿאל ניט געקענט פֿערשטעהן. — ווער איז דיא שעהנע יונגע פֿרוי, מיט וועלכע פֿילעאַס פֿאָגג פֿאהרט יעצט ארום? וואו האט פֿילעאַס פֿאָגג גענומען אויפֿ'ן וועג אזאַ שעהנע דאמע? וויא קומט עס, וויאַזוי פֿאהרען צוזאמען? עס איז געווים, אז זיי האבען זיך בעגעגענט ערגעץ אויפֿ'ן וועג צווישען באמביי און קאַלקוטאַ. פֿון באמביי איז ער ארויסגעפֿאהרען אהן איהר — וואו האבען זיי זיך בעגעגענט? פֿיעללייכט איז דער באנק רויבער אומיסטען געפֿאהרען קיין אינדיען אום דארט צו טרעפֿען זיין געליעבטע? זיי קענען זיך שוין פֿון לאנג, זיא האט איהם אבער ניט געוואלט הייראטהען, ווייל ער איז געווען ארים. יעצט איז ער רייך, — ער האט דאך בערויבט דיא באנק אף ענגלאנד אויף 55 טויזענד פֿונט — און ער איז אומיסטען געפֿאהרען קיין אינדיען נעהמען זיין געליעבטע און מיט איהר אוועקפֿאהרען קיין אמעריקא, וואו ער האט פֿאר קיינעם קיין מורא ניט. דארט וועט ער זיא הייראטהען און פֿערשווענדען דאס געלד, וואס ער האט גערויבט!

ווידער איז מעגליך, אז ער האט גאר פֿערנאררט און פֿערפֿיהרט דיעזע שעהנע פֿרוי. וואס קען דען ניט אזא גנב, אזא רויבער? עס איז זעהר מעגליך,

ער האט אוועקגערויבט דאס ארימע מעדכען פון איהרע עלטערן, וועלכע זכען זיא יעצט.

פיקס האט געטראכט, געקלערט, זיך געבראכען דעם קאפ און געזוכט מי־טעל, וויא אזוי צו פערוויקלען פילעאס פאגג אין אזא פראצעס, אז ער זאל זיך נים אויסקויפען מיט בייל (ערבות), וויא ער האט געטהאן אין קאלקוטא.

— ווען איך זאל נור וויסען, וויא אזוי ער האט פערפיהרט דיעזע יונגע דאמע, וואלט איך איהם שוין געפאקט. וויא אזוי אבער ווערט מען געוואהר, ווער זיא איז און וויא ער קומט צו איהר?

נאך לאנגען טראכטען און קלערן איז ער געקומען צום בעשלוס, אז דער איינציגער מענש, וועלכער קען איהם אלעס ערקלערן, איז דאך פאספארטו.

— עס העלפט ניט! איך מוז זעהן דעם פראנצויז! ביי איהם וועל איך דאך אלעס געוואהר ווערן. ביי א גוטע פלאש פראנצייזישען וויין, וועט דער פראנצויז אלעס אויספלוידערן.

דיא „ראנגון" איז ארויסגעפאהרען פון קאלקוטא דעם 25טען אקטאבער. דעם 30טען אקטאבער אין דער פריה האט זיך ערשט פיקס ענטשלאסען צו ווייזען זיך פאר פאספארטו און מיט איהם צו רעדען.

פיקס האט פיינט געהאט צו ציעהען א זאך אין דער לענג. קוים האט ער זיך ענטשלאסען צו ווייזען זיך פארן פראנצויז, האט ער עס געוואלט שוין טהאן. ער האט געוואוסט, אין וואס פאר א קאיוטע פאספארטו שלאפט און האט אנגע־הויבען ארומצוגעהן ארום דיעזע קאיוטע.

ער האט ניט לאנג געווארט. פאספארטו איז ארויפגעקומען פון דער קא־יוטע און האט געוואלט לויפען אויפ'ן דעק פון דער ערשטער קלאסע זעהן, וואס מאכט אאודא, ווען ער האט זיך אנגעשלאגען אן דעם דעטעקטיוו. ער האט אויסגעגלאצט א פאר אויגען און האט געפרעגט מיט שטוינען:

— איהר זייט עס, מיסטער פיקס? וויא קומט איהר אהער? וואס טהוט איהר אויפ'ן „ראנגון"?

— אך, איהר זייט עס, הערר פאספארטו? האט פיקס געפרעגט פערוואונ־דערט. איהר זייט אויך דא אויפ'ן „ראנגון"? וואס טהוט איהר דא?

— איך האב דאך אייך שוין דערצעהלט, אז מיין הערר מאכט א רייזע ארום דיא וועלט, האט פאספארטו גענטפערט. מיר פאהרען יעצט קיין האנג־קאנג. —

— אזוי? האט פיקס אויסגערופען. איהר פאהרט קיין האנג־קאנג? איך פאהר אויך קיין האנג־קאנג.

— איהר האט דאך מיר דערצעהלט, אז איהר פאהרט נור קיין באמביי? האט פאספארטו איבערגעפרעגט.

— איך האב אייך געזאגט, אז איך בין אן אגענט פון דער שיפס קאמפאני, האט פיקס ערקלערט. איך האב געמיינט, אז איך וועל פון באמביי צוריקפאהרען קיין סועץ, דיא קאמפאני אבער האט מיך געשיקט קיין האנג־קאנג.

— פֿאַר וואס אבער האב איך אייך ניט געזעהן דיא גאנצע צייט, זייט מיר זיינען ארויסגעפֿאהרען פֿון קאַלקוטא ביז היינט? איך געה יעדען טאג ארום אויפֿ'ן דעק און האב אייך ניט געזעהן.

— איך בין קראנק געוועזן. איך האב געהאט דיא זעע קראנקהייט און בין דיא גאנצע צייט געלעגען אין מיין קאַיוטע. ערשט היינט בין איך ארויסגעגאנגען אויפֿ'ן דעק. — וואס מאַכט איהר, פֿריינד פּאַספּאַרטו? וואס מאַכט עפּעס אייער הערר, פֿילעאַס פֿאָגג?

— איך בין געזונד און פֿריש. הערר פֿילעאַס איז א מאַשין, וויא ער איז געוועזן. אלעס איז ביי איהם פּינקטליך ביז צו דער מינוט, וויא ביז אהער.

פלוצלונג האט ער זיך עפּעס דערמאַנט.

— מיר האבען א נייעס מיט זיך. — מיר האבען אַ יונגע דאמע מיט אונז.

— אַ יונגע דאמע? האט אויסגערופֿען פֿיקס ערשטוינט, גלייך וויא ער וויים גאר ניט, פֿון וועמען מען רעדט. וואו האט איהר גענומען א יוגגע דאמע אויפֿ'ן וועג?

דער פֿראנצויז האט איהם דערצעהלט אלעס. וואס מיט איהם האט פּאַסירט אין באמביי; וויא ער איז ארויסגעפֿאהרען פֿון באמביי אהן שטיוועל און אהן א היטעל: וויא זיי זיינען געקומען אין אן ארט, וואו דיא אייזענבאהן ליניע האט אויפֿגעהערט. דארט האט פֿילעאַס פֿאָגג געמוזט קויפֿען אן עלעפֿאַנט, פֿאַר וועלכען ער האט בעצאהלט זעהר טהייער; וויא זיי זיינען געפֿאהרען אויפֿ'ן עלעפֿאַנט און האבען בעגעגענט בראַהמינען, וועלכע האבען געפֿיהרט א יונגע פֿרוי צום פֿערברענען; וויא ער האט גערעטעט דיעזע יונגע פֿרוי.

דערביי האט ער זיך דערמאנט, וויא דיא בראַהמינען האבען זיך דערשראַקען, ווען זיי האבען דערזעהן, אז דער אלטער ראַדשאַה איז פלוצלונג לעבעדיג געווארען, און האט אנגעהויבען צו לאכען.

פֿיקס האט איהם געלאזען זיך אויסלאכען, וויפֿיעל ער האט געוואלט. פּאַספּאַרטו האט איהם דאן דערצעהלט, וויא מען האט זיי ארעסטירט אין קאַלקוטאַ און וויא פֿילעאַס פֿאָגג האט געגעבען צוויי טויזענד פֿונט בייל. דאס האט פֿיקס זעהר גוט געוואוסט. ער האט זיך נור פֿערטראַכט, אויב ער וועט קענען ארעסטירען פֿילעאַס פֿאָגג דערפֿאַר, וואס ער האט אוועקגערויבט א פֿרוי אין א לאנד, וועלכעס לעבט מיט ענגלאנד אין פֿריעדען.

— וואס דענקט פֿילעאַס פֿאָגג צו טהאן מיט דער יונגער פֿרוי? האט ענדליך פֿיקס געפֿרעגט. וויל ער זיא מיטנעהמען מיט זיך אויף זיין רייזע ארום דיא וועלט?

— ניין! זיא האט אן אנקעל אין האָנג-קאָנג. ער וויל זיא אוועקפֿיהרען צו איהר אנקעל און זיא דארט איבערלאזען.

— אזוי וויא מיר פֿאהרען צוזאמען, הערר פּאַספּאַרטו, וויל איך, אז מיר זאלען ווייטער טרינקען צוזאַמען א פֿלאַש וויין. וויא מיר האבען געטרונקען אויף דער מאַנגאַליאַ, האט פֿיקס געזאגט אין דער הויך.

ביי זיך אבער האט ער געטראכט:

— וועגען דער יונגער דאמע קען מען איהם ניט ארעסטירען. ער האט דא ניט בעגאנגען קיין פערברעכען. איך מוז נאך עפעס געוואהר ווערן פון'ם דיענער.

ביידע אלטע פריינד זיינען אריינגעגאנגען אין בופעט פון'ם שיף און פיקס האט געהייסען געבען א פלאש וויין.

17טעס קאפיטעל.

## אויף דער רייזע פון סינגאפור ביז האנג־קאנג רעדט מען איבער פערשיעדענע זאכען.

פאספארטו איז ניט געווען אזא נארר, וויא אייניגע לעזער קענען מיינען. ער האט ליעב געהאט פיעל צו רעדען, דערפאר איז ער געוועזען א פראנצויז. ער איז אבער געווען גאנץ קלוג און איהם איז שטארק ניט געפעלען זיין גוטער פריינד פיקס, ווען ער האט איהם בעגעגענט אויפ'ן „ראנגון".

ווען זיי האבען זיך בעגעגענט אויף דער „מאנגאליא" און פיקס האט איהם דערצעהלט, אז ער פאהרט אייך קיין באמביי, האט ער איהם נאך געקענט גלויבען. ווען ער האט איהם אבער בעגעגענט אויף דער „ראנגון" אויפ'ן פינפטען טאג נאך זייער אברייזע פון קאלקוטא, האט פאספארטו אנגעהויבען צו טראכטען, אז זיין גוטער פריינד, מיסטער פיקס, האט עפעס א צוועק זיי נאכצופאהרען.

איהם איז ניט געפעלען, וואס פיקס האט זיך בעהאלטען דיא ערשטע פינף טאג. ער האט איהם ניט געגלויבט, אז ער האט געליטען פון דער זעע קראנקהייט, וויל אן אגענט פון א שיפס קאמפאני דארף שוין זיין געוואינט צום מעער. איבער דעם איז דאס וועטער געווען גאנץ שעהן, דאס מעער איז געווען רוהיג און דיא פאסאזשירען אויפ'ן „ראנגון" זיינען אלע געווען געזונד.

— וואס פאר אן אינטערעס זאל דיעזער גוטער מיסטער פיקס האבען אונז נאכצופאהרען? האט פאספארטו געפרעגט זיך אליין. זאל ער זיין א שפיאן פון דיא מענשען, וואס האבען זיך געוועט מיט פילעאס פאגג? — דאס קען ניט זיין. פילעאס פאגג מעלדעט זיין פאספארט אין יעדער שטאדט, וואוהין ער קומט. ער האט עס ניט געטהאן אין קאלקוטא, וויל ער האט דארט קיין צייט ניט געהאט. דאס מאכט דאך אבער גאר ניט אויס! ער האט געמעלדעט זיין פאס אין באמביי און יעצט וועט ער איהם מעלדען אין האנג־קאנג. — אלזא, ווער איז דיעזער מיסטער פיקס און פאר וואס פאהרט ער זיי נאך?

דער ארימער פראנצויז האט זיך געבראכען דעם קאפ, האט געקלערט, געטראכט און האט גאר ניט געקענט אויסטראכטען. ער האט צוואר געהערט אין לאנדאן, אז מען האט בעגנבעט דיא באנק אף ענגלאנד אויף א גרויסע סומע געלד. איהם האט אבער קיין מאל ניט געקענט איינפאלען אין קאפ, אז פיקס איז א דעטעקטיוו און איז חושד פילעאס פאגג, אז ער איז דער באנק רויבער.

ער האט בעשלאסען, ער זאל אפט זיך צונויפקומען מיט'ן גוטען מיסטער

פיקס און זאל איהם אויספארשען, ווער ער איז און וואוהין ער פאהרט. ער פלעגט זוכען יעדעס מאל א געלעגענהייט איהם צו בעגעגענען און מיט איהם צו טרינ-קען א פלאש וויין אדער א גלעזעל קאניאק. דערביי פלעגט ער רעדען אזוי פיעל, וויפיעל א פראנצויז קען נור רעדען. ער האט זעהר געוואלט, אז פיקס זאל איהם עפעס דערצעהלען, פיעללייכט וועט ער זיך ארויסכאפען מיט א ווארט.

דא אבער האט דער פראנצויז ניט געטראפען. פיקס איז ווירקליך געווען א גוטער דעטעקטיוו און האט געוואוסט, וויפיעל ער דארף טרינקען און ווען ער דארף רעדען. פאספארטו האט זיך אלס מעהר איבערצייגט, אז פיקס איז פאר איהם א רעטעניש.

פיקס האט דערשמעקט, אז פאספארטו וויל איהם אויספארשען און האט אנגעהויבען איהם אויסצומיידען. ער פלעגט ארויסגעהן אויפ'ן דעק נור דאמאלס, ווען פאספארטו פלעגט זיין לעבען פילעאס פאגג, אדער לעבען מיסיס אאודא. ער פלעגט נור זעהן, אויב פילעאס פאגג איז געזונד און איז אין ערגעץ ניט אנטלאפען.

אזוי איז פערגאנגען דיא צייט. פילעאס פאגג האט ניט געוואוסט פון דיא אלע זאכען. ער פלעגט פערברענגען דיא צייט אין קארטען שפיעלען אדער אין געשפרעכען מיט מיסיס אאודא. וואס ווייטער ווי זיינען געפאהרען צוזאמען, איז פילעאס פאגג געווארען אלס לעבעדיגער און ריהרעוודיגער. ער פלעגט שוין א מאל אוועקרעדען מיט מיסיס אאודא שטונדען לאנג. זיי פלעגען שוין א מאל שפאצירען צוזאמען אויפ'ן דעק. דיא מאשין האט אנגעהויבען צו ווערן א מענש.

ווען פיקס פלעגט דערזעהן, וויא פילעאס פאגג שפאצירט ארום מיט זיין דאמע, פלעגט ער שפרינגען פון דער הויט.

— ער פיהרט זיא אויף דאס געלד, וואס ער האט אוועקגערויבט פון דער באנק אף ענגלאנד! פלעגט ער אויסרופען. עס איז איהם ווייניג, וואס ער אליין פאהרט ערשטער קלאסע, האט ער נאך זיא אויך גענומען ערשטער קלאסע. ער ווארפט מיט געלד אין דיא גאסען! ער קויפט פאר צוויי טויזענד פונט אן עלע-פאנט און שענקט איהם דערנאך אוועק אן ארימען פארסי. דאס איז א רויבער! וואס וועל איך אבער האבען, ווען ער וועט פערשווענדען אין גאנצען דאס געלד, וואס ער האט אוועקגערויבט?

דיא באנק אף ענגלאנד האט צוגעזאגט צו געבען צוואנציג פערצענט פון'ם געלד, וואס מען וועט געפינען ביים רויבער. ווען מען וועט אבער ביי איהם גאר קיין געלד ניט געפינען, וועל איך דאך גאר ניט האבען.

פיקס האט געקריצט מיט דיא צעהנער פאר צארן און פערדרוס, יעדעס מאל, ווען ער האט געזעהן, אז פילעאס פאגג גיט אויס געלד. פון יעדע הונדערט פונט, וואס פילעאס פאגג גיט אויס, בערויבט ער איהם, דעם ארימען פיקס, אויף צוואנציג פונט. — צוויי טויזענד פונט האט ער אוועקגעגעבען פאר אן עלעפאנט. צוויי טויזענד פונט האט ער איבערגעלאזען ביים ריכטער אין קאלקוטא. צוזאמען

פיער טויזענד פונט. פון דיעזע סומע וואלט פיקס געקענט האבען אכט הונדערט פונט. —

— דער רויבער! האט ער אויסגערופען. ער בערויבט מיך! ער פערשווענדעט דאס געלד, וואס געהערט מיר! — אויסער דעם קאסט מיך דיא רייזע געלד. איך מוז יעדעס מאל טראקטירען דעם דיענער. אויפ'ן שיף קאסט אלעס שהייער.

אזוי האבען געטראכט און גערעדט צו זיך דיעזע צוויי פערשיעדענע מענשען: דער דעטעקטיוו פיקס און פאספארטו. דיא „ראנגון" איז אונטערדעסען געשוואומען אין דער מעער ענגע פון מאלאקקא.

פון איין זייט האט מען געזעהן דיא הויכע בערג און דיא געדיכטע וועלדער פון דער גרויסער אינזעל, סומאטרא, איינע פון דיא גרעסטע אינזלען אין דער וועלט. א גרויסער טהייל פון דיעזען אינזעל געהערט צו האללאנד. ווען דיא פאסאזשירען פון דער „ראנגון" האבען דערזעהן פון דער וויטען דיא הויפט-שטאדט פון דער האללענדישער רעגיערונג אויף דיעזער אינזעל, האט זיך פאספארטו ניט געקענט איינהאלטען.

— וואס איז דאס פאר א שטאדט? האט ער געפרעגט נייגיעריג. וויא הייסט דיעזע שטאדט? ווער וואינט אין דיעזער שטאדט?

אאודא האט איהם ערקלערט.

— דיעזע שטאדט הייסט פאלעמבאנג. זיא איז דיא הויפטשטאדט פון סומאטרא. אין איהר איז דער גרעסטער מארק פון פעפער. סומאטרא פערזארגט דיא גאנצע וועלט מיט פעפער. עס וואקסט צוואר פעפער אויף אנדערע אינזלען ארום אויך. סומאטרא אבער איז זעהר גרויס. אין איהר געפינט זיך גאנצע וועלדער, אויף מיילען ווייט דיא לענג, אין וועלכע דיא ביימער זיינען ארומגעוויקעלט מיט א דינער פלאנצע, וועלכע דרעהט זיך אין דער הויך. דיא פרוכט פון דיעזע פלאנצע איז דער פעפער.

דעם 31טען אקטאבער גאנץ פריה איז דיא „ראנגון" צוגעקומען צו דער שטאדט סינגאפור. דא איז זיא געבליבען שטעהן פיער שטונדען. זיא האט זיך פערזארגט מיט קוילען אויף דער רייזע. פילעאס פאגג האט ארויסגענומען זיין נאטיץ בוך און האט פערצייכענט, אז דיא „ראנגון" איז אנגעקומען קיין סינגאפור מיט א האלבען טאג פריהער. דאן האט ער גענומען אאודא אונטער'ן ארים און איז געגאנגען מיט איהר שפאצירען אין שטאדט.

יעדער, ווער עס איז געפאהרען אויף א שיף, קען דעם פערגניגען, ווען מען קען זיך אראפכאפען פון'ם שיף און געהן א ביסעל שפאצירען אויפ'ן לאנד.

פיקס האט ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון פילעאס פאגג. ווען ער האט דערזעהן, אז פילעאס פאגג געהט אראפ פון'ם שיף, האט ער אויסגערופען:

— דער רויבער! ער וויל אנטלויפען! ער וויל פערשווענדען מיין געלד! איך מוז איהם נאכלויפען, איך מוז זעהן, וואוהין ער געהט.

ער איז שטילערהייט אראפגעגאנגען פון'ם שיף און איז פון דער וויטען נאכגעגאנגען פילעאס פאגג. פאספארטו האט יעצט אנדערש געקוקט אויף זיין

גוטען פריינד, מיסטער פיקס. ער האט איהם יעצט מעהר אפגעהיט. ער געזעהן, וויא פיקס איז נאכגעגאנגען פילעאס פאגג און האט זיך געטראכט:

— יעצט ווייס איך זיכער, אז פיקס איז אַ שפיאָן. דיא מיטגליעדער פון'ם רעפארם קלוב, וועלכע האבען זיך געוועט מיט פילעאס פאגג, האבען איהם אומיסטען נאכגעשיקט, ער זאל זעהן, אויב פילעאס פאגג מאכט ווירקליך דיא רייזע ארום דיא וועלט.

פלוצלונג איז איהם אריינגעפאלען אנאנדער געדאנק אין קאפּ.

— פיעללייכט האבען דיא מענשען, וואס האבען זיך געוועט מיט פילעאס פאגג, אומיסטען געשיקט דעם מיסטער פיקס, ער זאל שטערן פילעאס פאגג אין זיין רייזע? — דיא ענגלענדער זיינען פערברענט נאכ'ן געלד. זיי ווילען געווינען דיא וועטע. פופציג טויזענד פונט סטערלינג איז א גרויסע סומע געלד. דיא ענגלענדער ווילען ניט פערליערן אזא סומע. זיי ווילען עפּעס אפטהאן פילעאס פאגג, ער זאל פערליערן.

דיעזער געדאנק האט איהם ניט געלאזט לעבען. עס איז געווים אזוי. דער פאר האט זיך פיקס בעהאלטען פון איהם אין דיא ערשטע פינף טאג פון זייער רייזע אויף דער „ראנגון"; דערפאר געהט ער יעצט נאך נאך פילעאס פאגג: ער זוכט א געלעגענהייט איהם אויפצוהאלטען; ער זוכט א מיטעל, וויא אזוי פילעאס פאגג זאל ניט קענען קומען צו דער צייט אויפ'ן שיף. דאס שיף וועט זיך אוועקגעהן; פילעאס פאגג וועט בלייבען אין סינגאפור און וועט פערשפיעלען זיין וועטע.

— איך מוז איהם נאכגעהן! האט פאספארטו אויסגערופען. איך מוז העלפען מיין גוטען הערר, פילעאס פאגג!

דיא שטאדט סינגאפור געפינט זיך אויף אן אינזעל, וועלכעס הייסט אויך סינגאפור. דיא אינזעל איז זעהר קליין, אבער אין גאנצען בעוואקסען מיט וועלדער פון פאלמען און אנדערע זעלטענע ביימער. דיא גאנצע אינזעל איז א שעהנער גארטען, אַ גרויסער פארק, געדיכט בעפלאנצט מיט קאקאס נוס ביימער, מושקאט נוס ביימער און פיעלע אנדערע הויכע און שעהנע ביימער, פון וועלכע עס העגגען אראפ, וויא גירלאנדען, דיא פעפער פלאנצען. עס שמעקט אין יעדען ווינקעלע, אבוואהל דיא בינעזען און דיא מאלאיען, וועלכע וואינען דארט, זיינען זעהר שמוציג.

דיא נאטור אליין אבער גיסט אוים אויף דיעזע אינזעל איהרע פערפומען עמער וויים. ווען אַ פרישער מענש, בעזאנדערס אן אייראפעער, קומט אהין אין דער צייט, ווען דער מושקאט בוים בליהט, איז איהם שווער אויסצוהאלטען דעם שעהנעם גערוך. ער ליידעט אן קאפשמערצען און מוז אנטלויפען פון דער אינזעל.

וויא שעהן און וויא רייך דיא אינזעל סינגאפור איז און וויא אנגענעהם עס איז אויף איהר צו שפאציערן, איז זיא דאך ניט זיכער. אין דיא וועלדער קען מען זעהר אפט טרעפען דעם שרעקליכסטען און געפעהרליכסטען פון אלע ווילדע טהיערע — דעם טיגער.

דיא ענגלישע רעגיערונג האט אנגעווענדעט אלע מעגליכע מיטעל אום צו פערטילינען און צו פערניכטען דיזען שרעקליכען רויבער און מערדער. עס האט אבער גאר ניט געהאלפען. מען מאכט אויף זיי א יאגד און מען פערניכטעט זיי. א קורצע צייט איז שטיל אויף דער אינזעל. באלד קומען זיי ווידער, פאלען אן אויף א דארף, רויבען אוועק א פאאר קינדער, אפט דערוואקסענע מענשען, און צורייסען זיי.

א לאנגע צייט האט מען ניט געקענט פערשטעהן, פון וואנען זיי נעהמען זיך. אט האט מען געמאכט אויף זיי אן אלגעמיינע יאגד. דאכט זיך, אז מען האט שוין אויסגעהרגט דעם לעצטען טיגער. אויף דער אינזעל איז שטיל און רוהיג. פלוצלונג קומען צולויפען דיא איינוואינער פון א דארף אדער א פלאנטאציא און דערצעהלען, אז דער טיגער האט זיי ווידער געמאכט א בעזוך!

ענדליך איז מען געוואהר געווארען, אז דיא טיגער קומען צושווימען קיין סינגאפור פון דיא וועלדער פון מאלאקקא און זאגאר פון סומאטרא. דער טיגער איז א גוטער שווימער. ער קען שווימען א שטרעקע פון עטליכע מייל. צווישען סינגאפור אין מאלאקקא געפינט זיך נור א גאנץ שמאלער פאס וואסער. דער טיגער שווימט איהם אריבער זעהר לייכט.

פילעאס פאגג האט געדונגען א שעהנע קארעטע און איז זיך דורכגעפאהרען א ביסעל מיט אאודא אין דער אינזעל. דער ארימער פיקס האט נעביך אויך געמוזט דינגען א קארעטע און זיי נאכפאהרען פון דער ווייטען. ער האט זיך געביסען דיא פינגער. עס האט איהם זעהר לייד געטהאן אויסצוגעבען געלד — אין סינגאפור קאסט דאס פערגניגען צו פאהרען אין א קארעטע זעהר טהייער — ער האט אנדערש ניט געקענט מאכען.

— ווען ער דינגט א קארעטע, וויל ער געוויס אנטלויפען, האט דער ארימער פיקס געטראכט. איך טאר עס ניט דערלאזען. איך מוז איהם נאכפאהרען.

צוויי שטונדען נאכאנאנד זיינען אויף דיא שעהנע וועגען פון סינגאפור ארומגעלאפען צוויי קארעטעס. אין איינער איז געזעסען פילעאס פאגג מיט אאודא, אין דער אנדערער — מיסטער פיקס, דעטעקטיוו פון דער לאנדאנער געהיים פאליציי.

אאודא איז געווען העכסט צופריעדען מיט'ן שפאציער. זיא איז ניט געווען געוואינט צו פאהרען אויף מער און האט זיך יעצט געפיהלט ערפרישט און געשטארקט פון דעם צוויי שטונדיגען שפאציער.

באלד זיינען זיי צוריקגעקומען צו דער שטאדט סינגאפור. פילעאס פאגג האט געוואלט א ביסעל שפאצירען אין דיא גאסען. עס איז אבער ניט געווען פיעל וואס צו זעהן אין דיא גאסען פון סינגאפור. דיא הייזער זיינען ניעדעריג, האבען נור איין שטאק. יעדעס הויז שטעהט בעזונדער. ארום יעדעס הויז געפינט זיך א גרויסער גארטען מיט אלערליי פריכטע, בעזאנדערס אבער מיט אנאנאסען (פיין עפעל).

אין קיין לאנד אין דער וועלט איז ניטא אזוי פיעל אנאנאסען, וויא אין

סינגאַפור. דיא אַנאַנאַסען זיינען גרויס, שעהן, זאַפטיג, געשמאַק און שמעקען צום ענטציקען. סינגאַפור איז דאס פאַטערלאנד פון דיא אַנאַנאַסען (פיין עפּעל).

אום צעהן אוהר איז פילעאַס פאָגג מיט אַאודאַ צוריקגעגאַנגען צום שיף. זיי האבען שוין געזעהן אלעס, וואס איז דא צוזעהן אין סינגאַפור. פאַספּאַרטו האט שוין אויף זיי געוואַרט. ער איז אויך געווען אין סינגאַפור, איז ארומגעלאָפען אין דיא גאסען, האט אנגעקויפט אַנאַנאַסען און פיעלע אנדערע פריכטע, וועלכע וואַקסען נור אין יענע געגענדען, און איז צוריקגעקומען.

איינגע פריכטע האט ער זאגאר ניט געוואוסט, וויא אזוי צו עסען. ער האט געבראַכט צו מיסיס אַאודאַ אלעס, וואס ער האט אנגעקויפט. זיא האט שוין געוואוסט, וואָס פאַר אַ פריכטע דאס זיינען און וויא אזוי מען עסט זיי. זיא האט איהם געדאנקט פאַר זיין פריינדליכקייט. פאַספּאַרטו איז געווען גליקליך: מאדאַם אַאודאַ האט איהם געדאנקט!

אום עלף אוהר האט דער קאפיטאן פון דער „ראַנגון" געגעבען א צייכען, אז עס איז צייט ווייטער צו פאהרען. דיא מאשין האט אנגעהויבען צו פייפען און צונויפצורופען דיא פאסאזשירען. אין איינגע מינוט ארום איז סינגאַפור שוין גע-ווען הינטער זיי.

פילעאַס פאָגג האט ארויסגענומען זיין נאטיץ בוך און האט פערצייכענט דיא שטונדע און דיא מינוט, ווען זיי זיינען ארויסגעפאהרען. דאן האט ער גענו-מען זיין וועגווייזער און האט נאכגעזעהן, אין וואס פאַר אַ טאג א פאסט דאמפ-פער פאהרט ארויס פון האָנג-קאָנג קיין יאָקאָהאַמאַ, דער גרעסטער פארט אין יאפאן.

ער האט אויסגעפונען, אז דעם 5טען נאוועמבער געהט אפּ אַ פאסט דאמפף שיף פון האָנג-קאָנג קיין יאָקאָהאַמאַ. אלזא, מוז ער זעהן צו קומען קיין האָנג-קאָנג פונקט צום שיף.

אין סינגאַפור האבען זיך אויפגעזעצט פיעלע נייע פאַסאזשירען אויף דער „ראַנגון". אינדיער, כינעזען, צייילאָניער, מאַלאַיען און פון אנדערע אזיאַטישע פעלקער. אויסער דעם האט דיא „ראַנגון" אויפגענומען פיעלע שווערע סחורות און שטיין קוילען. זיא איז געווען שווער אנגעלאדען און איז געגאנגען זעהר לאנגזאם.

דאס וועטער, וועלכעס איז דיא גאנצע צייט פון קאַלקוטאַ ביז סינגאַפור געווען זעהר שעהן, האט זיך געענדערט אין כינעזישען מעער. עס זיינען דא מעע-ערע, וועלכע זיינען שטענדיג זעהר אונרוהיג. דיא וועלען (כוואַליעס) זיינען אויף זיי שטענדיג זעהר הויך. דאס מעער רוישט און קאכט בעשטענדיג.

דאס כינעזישע מעער, אדער ריכטיגער געזאגט, דיא כינעזישע מעערע, ווייל עס זיינען דא צוויי כינעזישע מעערע: דאס זיד כינעזישע און דאס נארד כינעזישע מעער — דאס געלבע מעער, — זיינען זעהר אונרוהיג. זעהר אָפט קומען אויף זיי פאַר שרעקליכע שטורמווינדען, וועלכע זיינען בעקאַנט אונטערן נאמען „טיפון" „טייפון". זיי זיינען זעהר געפערליך. מען מוז האבען א געניטען און

געשיקטען שיפס קאפיטאן אום צו פיהרען א שיף אין אזא שטירמישען און אונ-רוהיגען מעער.

דיא פאסאזשירען פון „ראנגון" האבען געליטען זעהר פיעל פון דער זעע קראנקהייט. עס האט געווארפען דאס שיף פון איין זייט אויף דער אנדערער און קיינער האט ניט געקענט איינשטעהן אויפ'ן דעק. פאספארטו האט זעהר געוואלט א בליק טהאן אויף דיא לענדער וועלכע, מען איז פארבייגעפאהרען. בעזאנדערס האט ער געוואלט זעהן דאס לאנד קאטשין-כינא, וועלכעס שטעהט אונטער פראנצייזישען שוץ. פראנקרייך זאגט, אז דאס לאנד געהערט צו איהר אין גאנ-צען. דיא ענגלענדער ווילען עס ניט אנערקענען. ער האט א מאל געהערט דער'פון רעדען און ער האט זעהר געוואלט זעהן דיא פראנצייזישע פאהן.

ליידער, איז עס געוועזען אונמעגליך. ער האט צוואר ניט געליטען פון דער זעע קראנקהייט, ער האט אבער ניט געקענט איינשטעהן אויפ'ן דעק. אאודא פלעגט אויך ליעגען אין איהר קאיוטע. זיא האט ניט געקענט ארויסגעהן אויפ'ן דעק אין אזא אונרוהיגעס וועטער, וואו עס האט געווארפען מיט דער „ראנגון", וויא מיט'ן שאלעכץ פון א נוס.

פאספארטו איז געוועזען אונגליקליך. ער האט ניט געהאט מיט וועמען צו רעדען. עס איז ניט געוועזען קיינער, ווער עס זאל איהם ערקלערן, וואס פאר א לענדער עס געפינען זיך ארום דעם מעער, אין וועלכען זיי זיינען געפאהרען. ער האט געהערט פון דיא פאסאזשירען, אז זיי וועלען פארבייפאהרען א קעניגרייך מיט'ן נאמען אנאם, פון וועלכע דיא הויפטשטאדט הייסט טאנקין. ער האט גע-וואוסט, אז דיא פראנצויזען פיהרען קריעג מיט דעם קעניגרייך אנאם און האבען אפגענומען דיא הויפטשטאדט טאנקין.

דאס איז אבער געוועזען וועניג פארן נייגיעריגען פראנצויז. ער האט געוואלט וויסען עפעס מעהר איבער דיזע לענדער, וועלכע געהערן צו פראנקרייך.

דאס שיקזאל פון אזיען איז ווירקליך מערקווירדיג. פון איין זייט האט רוס-לאנד ארויפגעלעגט איהרע לאפעס און האט זיך צוגענומען סיביר, דאס לאנד פון אמור, קאמטשאטקא און סאכאלין. דערביי איז עס אבער ניט געבליעבען. רוסלאנד נעהמט אפ אנדערע לענדער, וויא כיווא, בוכארא, קאקאנד, יארקאנד און סאמארקאנד.

פון דער אנדערער זייט רייסען דיא ענגלענדער, זיי האבען אפגענומען אינדיען און אלע בעסטע אינזלען אין כינעזישען מעער.

פון דער דריטער זייט צופט פראנקרייך. עס האט אפגענומען קאטשין-כינא, אנאם און אנדערע. צו פראנקרייך געהערן פיעלע אינזלען.

פילעאס פאגג איז געזעסען אין זיין קאיוטע און האט געשפיעלט אין קאר-טען. איהם האט זעהר וועניג געהארט, וואס דאס מעער איז אונרוהיג און וואס דיא פאסאזשירען קענען ניט ארומשפאציערן אויפ'ן דעק. ער פלעגט רעגעלמע-סיג דריי מאל אין טאג, געהן בעזוכען מיסיס אאודא און פרעגען, אויב זיא ד'ארף ניט עפעס.

פאספארטו דאגעגען איז געוועזן בייז און אויפגערעגט. איהם האט זיך אויסגעוויזען, אז דיא „ראנגון" געהט זעהר לאנגזאם. ער האט מורא געהאט, זיי זאלען ניט פערשפעטיגען דאס שיף אין האנג-קאנג. ער האט געזיפצעט און געשאלטען דעם שיפס קאפיטאן פון דער „ראנגון", דיא מאשיניסטען און דיא קאמפאני, פאר וואס זיי האבען אזעלכע שלעכטע שיפען, וועלכע ווארפען זיך, שאקלען זיך, טרייסלען און געהן נאך זעהר לאנגזאם.

ער האט ניט פערגעסען, אז ער האט פערגעסען אויסצולעשען דעם גאז אין זיין צימער אין סעוויל ראו אין לאנדאן. דער גאז ברענט אויף זיין רעכנונג. וואס לאנגזאמער זיי פאהרען, אלץ מעהר וועט ער האבען צו בעצאהלען פארן גאז.

איין מאל, ווען דאס וועטער איז געוועזן א ביסעל רוהיגער און ער איז ארויסגעגאנגען אויפ'ן דעק, האט ער זיך אנגעשלאגען אן דעטעקטיוו פיקס.

— אה! איהר זייט עס, פריינד פאספארטו? האט פיקס אויסגערופען. — וואס מאכט איהר? וויא געהט עס אייך?

— צום טייפעל מיט דיא ענגלענדער און מיט זייערע שיפען! האט זיך פאספארטו געבייזערט. זיי געהן אזוי לאנגזאם, וויא דיא שנעקען (טשערעפאכעס).

— אזוי, פריינד פאספארטו! איהר איילט זיך? איהר וואלט זעהר געוואלט אנגקומען קיין האנג-קאנג, וויא צום גיכסטען?

— געוויס! האט פאספארטו אויסגערופען. מיר ווילען געוויס אנקומען קיין האנג-קאנג, וויא אם שנעלסטען.

— וואס קענט איהר דען פערזאמען?

— וואס רעדט איהר, מיסטער פיקס? מיר קענען פערזאמען דעם פאסט דאמפפער, וועלכער געהט קיין יאקאהאמא? מיר קענען פערליערן פיעל צייט. מיר קענען פערשפיעלען אונזער וועטע.

— גלייבט איהר נאך אלץ, אז מיסטער פילעאס פאגג מאכט א רייזע ארום דיא וועלט?

— עס קען גאר אנדערש ניט זיין. — וואס דענקט איהר דען, מיסטער פיקס?

— איך דענק, אז דיא גאנצע געשיכטע איז א ליגען.

— איהר זייט צו קלוג, מיסטער פיקס! האט פאספארטו אויסגעפלאצט און איז אנטלאפען געווארען.

פיקס איז געבליבען שטעהן אויפ'ן ארט און האט זיך פערטראכט. פאספארטוס לעצטע ווערטער האבען איהם א ביסעל איבערראשט.

— זאל דער נארישער פראנצויז האבען דערראטהען, ווער איך בין? האט ער זיך געטראכט. דאן וועל איך האבען זעהר א שווערע ארבייט, אדער א הארטען דזשאב, וויא דער ענגלענדער זאגט. ער וועט דערצעהלען זיין הערר, פילעאס פאגג, אז א דעטעקטיוו פאהרט איהם נאך. דער גנב, דער באנקרויבער וועט דאן שוין געוויס אנטלויפען מיט'ן געלד. דאן בין איך פערלארען. דאן איז פערפאלען מיין געלד, מיין מיה און מיין צייט.

וויא אזוי אבער האט דער פראנצויז געקענט געוואהר ווערן, ווער

איך בין? קיינער אויף דער „ראַנגון" קען מיך ניט; קיינער ווייס ניט, וואס איך בין; קיינער האט עס איהם ניט געקענט זאגען.— אלענפאלס מוז איך זיין פאר־זיכטיג מיט דיעזען פלווידערזאק, מיטן פראנצויז.

פאספארטו פון זיין זייט האט זעהר גוט פערשטאנען, אז פיקס האט מיט איהם אנגעהויבען צו רעדען ניט אומזיסט. ער האט שוין איינגעזעהן, אז דאס איז א שפיאָן. עס האט איהם זעהר פערדראסען אויף דיא מענשען, וואס האבען זיך געוועט מיט פילעאס פאגג, פאר וואס זיי האבען איהם נאכגעשיקט א שפיאָן.

— איך מוז געבען אנצוהערן דיעזען שפיאָן, אז איך ווייס, ווער ער איז, האט פאספארטו זיך בעשלאסען.

דעם אנדערן טאג האט ער שוין אויפגעזוכט דעם דעטעקטיוו. ער איז או־מיסטען אויסגעגאנגען אלע קאַיוטען, ביז ער האט איהם געפונען.

— גוט מארגען, מיסטער פיקס!

— גוט מארגען, מיסטער פאספארטו!

— זאגט נור, גוטער מיסטער פיקס, ווען מיר וועלען קומען קיין האָנג־קאָנג, וועט איהר דארט בלייבען, אדער איהר וועט נאך ערגעץ ווייטער פאהרען?

פיקס האט זיך ניט געריכט אויף אזא פראגע און האט ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערן.

— פערשטעהט איהר מיך — איך ווייס ניט — איך בין אן אגענט — איך קען ניט וויסען, האט ער געשטאמעלט.

— איך וואלט געווען אזוי גליקליך, איהר זאלט ווייטער פאהרען מיט אונז, האט פאספארטו געזאגט מיט אן אונשולדיגער מינע, איך וואלט זעהר געוואלט איך האבען פאר א קאָמפאניאן אויפ'ן וועג.— אן אגענט פון א שיפס קאמפאני דארף ארומפאהרען אויף אלע שיפען.— וואס איז דאס פאר א געוואלד? — מיר וועלען פאהרען צוזאמען קיין יאָקאָהאַמאַ אין יאַפּאַן, פון דארט וועלען מיר פאה־רען קיין סאן פראנציסקא אין אַמעריקא. פון אמעריקא קיין אייראפא איז דאך ניט מעהר, וויא איין שפאַן.— לאמיר פאהרען צוזאמען, מיסטער פיקס! מיר מאכען א רייזע ארום דיא וועלט, איהר וועט אויך מאכען א רייזע ארום דיא וועלט.

פיקס האט איהם אויסגעהערט זעהר אויפמערקזאַם. ער האט זיך שוין יעצט איבערצייגט, אז דער פראנצויז איז איהם עפעס חושד. ער האט זיך אבער ניט געוואלט נאכגעבען.

— וואס זאגט איהר, גוטער פריינד פאספארטו? מיינט איהר, אז איך פאהר ארום צום פערגניגען? דאס איז מיין בעשעפטיגונג. איך עס דערפון ברויט. איך פאהר נור, וואוהין דיא קאמפאַני שיקט מיך.

— איהר האט א זאנדערבארע בעשעפטיגונג, מיסטער פיקס! האט פאס־פארטו איהם א שטאך געגעבען. פערדיענט איהר וועניגסטענס פיעל געלד פון אייער בעשעפטיגונג? — עס קאסט דאך אייך פיעל געלד אייערע רייזען. גיט אייך דיא קאמפאַני וועניגסטענס א גוטעם געהאלט?

— איך ווייס נים, וויא אזוי אייך צו ענטפערן. עס איז וויא א מאל. עס מאכט זיך א גוטעס געשעפט און איך פערדיען פיעל געלד. א מאל פערדיען איך זעהר ווייניג.

— אבער דיא רייזע קאסטען? האט פאספארטו געפרעגט.

— איך פאהר נים אויף מיינע קאסטען. דיא קאמפאני גיט מיר אויף רייזע קאסטען.

— דאס ווייס איך! האט פאספארטו געזאגט מיט א געלעכטער.

מעהר האבען זיי נים גערעדט. פיקס איז באלד אראפגעגאנגען אין זיין קאיוטע, האט זיך אניעדערגעזעצט אויף זיין געלעגער און האט זיך פערטראכט.

— דער פראנצויז ווייס, ווער איך בין און וואס איך בין, האט ער געטראכט, דאס איז שוין זיכער. יעצט איז דיא פראגע, אויב ער האט עס שוין דערצעהלט זיין הערר, אדער נים. ווען פילעאס פאגג ווייס שוין דערפון, איז זעהר שלעכט. אזא דורכגעטריעבענר באנק רויבער וועט שוין געפינען א מיטעל, וויא אזוי צו אנטלויפען. ווען פילעאס פאגג ווייס אבער נים דערפון, קען איך נאך האבען א האפנונג איהם צו ארעסטירען. וויא אזוי אבער ווערט מען געוואהר, אויב פילעאס פאגג ווייס שוין דערפון?

וואס מעהר ער האט געטראכט, אלץ טרויעריגער איז ער געווארען. זיין לאגע איז געוועזן א פערצווייפעלטע. ער זעהט דעם באנק רויבער, ער פאהרט מיט איהם אויף איין שיף און קען איהם דאך נים ארעסטירען. ער קען פערדיענען א גרויסע סומע געלד, ער קען האבען דיא גרעסטע עהרע, וואס א דעטעקטיוו קען האבען — אלעס איז איהם גאנץ נאהענט, ער קען עס דערגרייכען מיט דער האנד און, ווען ער וויל עס אננעהמען, פערשווינדעט עס, וויא זיין שאטען.

א לאנגע צייט איז ער אזוי געזעסען פערטראכט. — וואס טהוט מען? וואס טהוט מען? האט ער געפרעגט פון צייט צו צייט. ענדליך איז ער אויפגעשטאנען. — ער האט געפאסט א בעשלוס.

— איך מוז מיך ענטדעקען צום דיענער! האט ער געזאגט. איך מוז איהם אלעס זאגען. איך מוז איהם ערקלערן, וויא פיעל ער קען דערביי פערדיענען. — איינס פון דיא צוויי: ענטוועדער פאספארטו ווייס פון אלעמען, דאן איז ער אויך א גנב און א רויבער, וויא זיין הערר. דאן מוז איך טהאן אלעס מעגליכע אום זיי ביידען צו ארעסטירען אין האנג-קאנג. אדער פאספארטו ווייס פון גאר נישט. ער איז נור א דיענער און מיינט, אז זיין הערר מאכט ווירקליך א רייזע ארום דיא וועלט. דאן, ווען איך וועל איהם אלעס דערצעהלען און וועל איהם זאגען, וויפיעל געלד ער קען דערביי פערדיענען, וועט ער אליין מיר העלפען ארעסטירען דעם רויבער.

אזוי האבען געטראכט ביידע מענשען, וועלכע שפיעלען אזא גרויסע ראלע אין אונזער ערצעהלונג. פילעאס פאגג האט נים אנגעהויבען צו וויסען, אז עס איז גאר דא אויף דער וועלט א מיסטער פיקס. ער האט געשפיעלט אין קארטען און פלעגט בעזוכען רעגעלמעסיג, דריי מאל אין טאג, מיסיס אאודא.

— ליעבט ער זיא? פֿלעגט פאספארטו פֿרעגען זיך אליין. פֿיהלט ער וועניגסטענס, אז זיא איז שעהן? אז זיא איז ליעבענסווירדיג? זעהט ער וועניגסטענס, אז זיא האט שעהנע אויגען, אין וועלכע עס פֿונקעלן ערדעלע, מענשליכע געפֿיהלע? — ניין! האט ער זיך אליין געענטפֿערט. פֿילעאַס פאָגג האט אלערליי מענשליכע געפֿיהלע — אבער ניט דאס געפֿיהל פֿון ליעבע. ער האט א ווייכעס הערץ; ער האט מיטלייד מיט אַ מענשען; ער קען זאגאר איינשטעלען זיין לעבען אום צו רעטען א מענשען — ליעבען אבער, בעזאנדערס ליעבען א פֿרוי, קען ער ניט.

פאספארטו איז געוועזן פֿערליעבט אין דער שעהנער אַאודאַ ביז איבער דיא אויערן. ער האט זאגאר פֿערגעסען זיין ראָזאַ, ער האט אבער ניט געקענט דערקענן, אז דיא שעהנע אַאודאַ זאָל איהם אויך ליעבען. זיא איז געשטאנען צו הויך פֿאר איהם. זיא איז דאך געוועזן דיא פֿרוי פֿון אַ ראַדשאַה — אַ קעניגין!

ער האט דאהער געוואלט, אז זיי זאלען אנקומען וואס צום גיכסטען אין האָנג-קאָנג. דארט וועלען זיי איבערלאזען אַאודאַ ביי איהר אנקעל און זיי וועלען וויטער פֿאהרען ענדיגען זייער רייזע ארום דיא וועלט.

איינמאל, ווען ער איז געשטאנען אויפֿ'ן דעק, האט ער דערזעהן, וויא דער שיפֿס קאפיטאן גיט א בעפֿעהל דעם מאשיניסט, ער זאל ניט געברויכען אזוי פֿיעל דאמפף, דיא שרויבע קען פלאצען.

— צום טייפֿעל מיט דיא ענגלענדער! האט ער אויסגערופֿען אין גרעסטען צארן. דער שיפֿס קאפיטאן אליין הייסט פֿאהרען לאנגזאם. ער האט מורא פֿאר דער שרויבע. ווען מיר וואלטען געפֿאהרען אויף אן אמעריקאנישע שיף, וואלטען צעהן שרויבען געפּלאַצט, מיר וואלטען פֿיעללייכט אלע דערטרונקען געווארען — אבער מיר וואלטען געפֿאהרען שנעל.

18טעס קאפיטעל.

## פֿילעאַס פאָגג, פאַספּאַרטו און פיקס געהן זיך יעדער זיין וועג.

דיא לעצטע טעג פֿון זייער רייזע קיין האָנג-קאָנג איז דאס וועטער געוועזן זעהר שלעכט. עס האט געווארפֿען דיא „ראַנגון" פֿון אלע זייטען, אז עס איז געוועזן אונמעגליך איינצושטעהן אויפֿ'ן דעק. דיא פאסאזשירען האבען געמוזט בלייבען פֿערשפּאַרט אין זייערע קאיוטען.

דעם 4טען נאוועמבער האט זיך זאגאר אויפֿגעהויבען א שרעקליכער שטורמווינד. דער שיפֿסקאַפּיטאן האט געהייסען איינציעהען אלע זעגעל און איינהאלטען דיא מאשין. ער האט מורא געהאט, אז דיא שרעקליכע קראפֿט פֿון דיא וועלען (כוואַליעס) זאל ניט צוברעכען דיא שרויבע פֿון דער „ראַנגון".

פֿאר דיא פאסאזשירען פֿון דער ערשטער קלאסע האט ער זיך אויסגעדריקט, אז ווען דער שטורם וועט אנהאלטען, וועט דיא „ראַנגון" זיך פֿערשפּעטיגען אויף צוואַנציג שטונדען. פֿילעאַס פאָגג האט עס אויסגעהערט גלייכגילטיג. ער איז ארויסגעגאנגען אויפֿ'ן דעק, האט זיך אנגעהאלטען אן אַ שטריק און האט געקוקט, וויא דאס מעער רוישט און שוימט, גלייך וויא ער וויל קעמפֿען געגען איהם.

ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז קוים קומט ער אן מיט צוואנציג שטונ־דען שפעטער אין האָנג־קאָנג, וועט ער פערליערן דעם פאסט דאמפּפער קיין יאָקאָהאַמאַ. וואס וועט ער דאן טהאן אין האָנג־קאָנג? — דאס האט ער דערווייל ניט געוואוסט.

מיסיס אַאודאַ איז ארויסגעקומען אויף א מינוט אויפ'ן דעק און האט אריינ־גערופען פילעאַס פאָגג אין איהר קאיוטע.

— עס איז א שלעכטעס וועטער, האט זיא געזאגט אונרוהיג. איך האב מורא, אז איהר וועט פערשפּעטיגען דעם פאסט דאמפּפער, און איך בין שולדיג אין אלעמען. דורך מיר האט איהר זיך פערשפעטיגט.

— ניט דורך אייך, האט פילעאַס פאָגג געענטפערט גלייכגילטיג. איך האב אלעס פאראויסגעזעהן און אלעס פאראויסגערעכענט. ווען איך וועל יעצט פער־ליערן א טאג אדער צוויי, וועל איך זיי געווינען ערגעץ אנדערש.

פיקס איז געווען העכסט צופריעדען מיט'ן שטורם. ווען ער זאל געווען קענען, וואלט ער געדונגען אַ שטורמווינד אויף עטליכע טעג, אום דיא „ראַנגון" זאל אנקומען מיט אַכט אדער מיט צעהן טעג שפעטער. דערווייל וועט אנקומען פון לאנדאן דער וואַררא:ט און ער וועט קענען ארעסטירען דעם באנק רויבער. עס איז איהם צוואר געווען אונאנגענעהם דער שטורם, ווייל ער האט בעקומען דיא זעע קראנקהייט און האט אויסגעבראכען, וואס ער האט נאך געגעסען אין לאנדאן. דאס האט איהם אבער ווייניג געקימערט. ער איז געווען צופריעדען צו ליידען דיא זעע קראנקהייט אום צו דערגרייכען זיין ציעל.

פאספּארטו דאגעגען האט זיך געבייזערט, האט געזידעלט און געשאל־טען דעם שיפס קאפיטאן, זיינע אפיציערן, זיינע מאטראזען און אלע ענגלענדער דערפאר, וואס זיי מאכען אַ שטורמווינד און פאהרען לאנגזאם. ער איז אויך געשטאנען אויפ'ן דעק און האט געקוקט זעהר בייז אויפ'ן ווילדען מעער מיט זיינע בערגהויכע כוואַליעס.

ער האט זיך ניט געפוילט און האט געפרעגט דעם שיפס קאפיטאן און דיא מאטראזען, וויא לאנג דער שטורם קען געדויערן. זיי האבען איהם אויסגעלאַכט. זיי האבען איהם געשיקט צום באראמעטער, ער זאל זעהן, אויב דער באראמע־טער שטייגט אדער פאלט.

דער באראָמעטער איז אן אינסטרומענט, וויא דער טהערמאמעטער. ווען דער קוועקזילבער אין באראמעטער שטייגט, איז עס אַ בעוויי, אז עס וועט זיין אַ שעהנעס וועטער; ווען דאס קוועקזילבער פאלט, איז עס אַ בעוייז, אז עס וועט זיין אַ שטורמווינד.

פאספּארטו איז געגאנגען זעהן, וויא דער באראָמעטער האלט. דער ארי־מער פראנצויז אבער האט ניט געוואוסט, וויא אזוי ארומצוגעהן מיט דיעזען אינסטרומענט. ער האט ניט געוואוסט, וואס דיא צייכענס און דיא ציפערן אויף איהם בעדייטען און ער האט געשיקט דעם באראָמעטער מיט אלע אינסטרומענ־טען צום טייפעל.

אבענדס דעם 4טען נאוועמבער האט דער שטורם אויפגעהערט. דאס מעער איז געווארען רוהיגער. עס האט אנגעהויבען צו בלאזען א גוטער ווינד און דער שיפס קאפיטאן האט געהייסען צו לאזען דיא זעגעל. פאספארטו האט געטאנצט פאר פרייד. ער איז געווארען אַ רייזענדער און האט זיך שטארק אינטערעסירט אין פילעאַס פאָגגס רייזע.

דער שיפס קאפיטאן האט געטהאן, וואס ער האט געקענט, ער זאל אנקו־מען קיין האָנג־קאָנג פונקט צו דער צייט. עס האט אבער גאר ניט געהאלפען. דיא „ראַנגון" האט געדארפט אנקומען קיין האָנג־קאָנג דעם 5טען נאוועמבער, אבער ערשט אום פינף אוהר אין דער פריה דעם 6טען נאוועמבער האט דער מאַטראָז, וואס איז געשטאנען אויף דער וואַך, אויסגערופען:

— לאַנד!

ער האט דערזעהן דעם פיק פון האנג־קאָנג, אַ הויכער בערג, אויף וועל־כען עס איז געבויט א הויכער טהורם. ווען מען דערזעהט פונ'ם טורם, אז אַ שיף קומט אן, ציעהט מען אויף דיא ענגלישע פאהן. דאן פאהרט ארויס אַ פילאָט, א מענש, וועלכער איז גוט בעקאנט מיט'ן פארט, און פיהרט אריין דאס שיף אין פארט פון האָנג־קאָנג.

דער פילאָט איז אויך באלד אנגעקומען צו דער „ראַנגון". מען האט איהם אראפגעלאזען א שטריק לייטער. ער איז ארויפגעקומען און האט זיך געשטעלט אויפ'ן בריקעל ביים רעדעל.

פאספארטו האט זעהר געוואלט פרעגען דעם פילאָט, אויב דער פאסט ראמפפער איז שוין ארויסגעפאהרען קיין יאָקאָהאַמאַ. ער האט עס אבער ניט געטהאן, ווייל ער האט מורא געהאט, מען זאל איהם ניט שיקען נאך א מאל צום באַראָמעטער.

פילעאַס פאָגג האט איהם דאס מאל אויסגעלעזט, ער איז צוגעגאנגען צום פילאָט און האט איהם געפרעגט גאנץ רוהיג:

— ווען געהט אפ דער פאסט דאמפפער קיין יאָקאָהאַמאַ.

— מארגען גאנץ פריה, האט דער פילאָט געענטפערט.

פילעאַס פאָגג האט ארויסגענומען זיין וועג ווייזער — אַ בוך, וואו עס שטעהט פערשריעבען, ווען דיא פאסט שיפען געהן אפ פון דיא גרעסטע פאר־טען — האט אויפגעמישט דאס בלעטעל האָנג־קאָנג, האט א קוק געטהאן און האט געפרעגט דעם פילאָט:

— וויא הייסט דער דאמפפער, וועלכער געהט אפ מארגען קיין יאקאָהאַמאַ?

— ער הייסט: דער „קאַרנאַטיק".

— פאר וואס איז ער נעכטען ניט אפגעגאנגען? לויט פארשריפט האט דאך דער „קאַרנאַטיק" געדארפט ארויספאהרען דעם 5טען נאוועמבער?

— דאס איז גאנץ ריכטיג, האט דער פילאט געענטפערט, דער קעסעל איז אבער געווען עפעס ניט אין ארדנונג, האט מען איהם געמוזט רעפארירען, דע־ריבער האט ער זיך פערשפעטיגט און וועט ערשט מארגען אין דער פריה אפגעהן.

— דאנקן האט געזאגט פילעאַס פאָגג.

פאספארטו, וועלכער איז געשטאַנען דערביי און האט אויסגעהערט אלעס, וואס פילעאַס פאָגג האט גערעדט מיט'ן פילאט, האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. ער האט געחאפט דעם פילאָט'ס האנד, האט זיא געדריקט און האט אויסגערופען אין דער הויך:

— פילאָט! דוא ביסט אַ גוטער ברודער!

דער פילאָט האט אויסגעגלאצט אַ פאר אויגען. ער האט ניט געוואוסט, אויב פאַספארטו איז וואהנזיניג, אדער ער האט איהם געמעלדעט אַ גוטע נאכריכט, אז ער איז וואהנזיניג געווארען. דער דעטעקטיוו פיקס איז אויך געשטאַנען דערביי און האט אויך געהערט דיא נאכריכט, אז דער פאסט דאמפפער געהט אפ ערשט מארגען.

איהם איז דיעזע נאכריכט געווען זעהר אונאנגענעהם. ער האט גערעכענט, אז דער פאסט דאמפפער איז נעכטען אוועקגעגאנגען. דאַן וועט פילעאַס פאָגג מוזען ווארטען עטליכע טעג. דערווייל וועט ער קענען עפעס טהאָן. יעצט אבער וועט פילעאַס פאָגג מארגען אוועקפאהרען. ער האט אלזא נור איין טאג צייט.

דער פילאָט האט אונטערדעסען געפיהרט דיא „ראַנגון“ אין פארט פון האָנג-קאָנג. ער האט געמוזט זיין זעהר פאָרזיכטיג, ווייל אין פאָרט פון האָנג-קאָנג געפינען זיך שטענדיג הונדערטער שיפען פון אלערליי פעלקער: רוסישע, דייטשע, פראנצייזישע, עסטערררייכישע און אמעריקאַנישע. האָנג-קאָנג איז א פרייער פארט, מען מעג אריינפיהרען אהין אלערליי וואארע פריי אהן צאָלל (פאָשלינע). קויפלייטע פון אלע פעלקער בענוצען זיך דערמיט און שיקען אהין זייערע וואארע.

לאַנגזאַם האט דער פילאָט דורכגעפיהרט דיא „ראַנגון“ דורך אַ מענגע קליינע שיפלעך, באָאָטע, כינעזישע דשונקאַ'ס, אַ מאַרט שיפעל, און אלערליי פישער סקונערס, וועלכע בעדעקען דעם פאָרט פון האָנג-קאָנג. ענדליך האט ער זיא צוגעפיהרט צום דאָק, וואו מען האט זיא בעפעסטיג און דיא פאַסאַזשירען האבען אנגעהויבען אראפצוגעהן.

פילעאַס פאָגג האט געפרעגט אן ענגלישען בעאַמטען, ווען דיא פאסט שיפען געהן און וויא אזוי זיי שליעסען זיך אן איינס אן דעם אנדערן. דער בעאַמטער האט איהם ערקלערט, אז דיא פּאָסט שיפען פון האנג-קאָנג געהן איין מאל אין דער וואך קיין יאָקאָהאַמאַ און גיבען איבער דיא פאסט אויף א שיף, וועלכע געהט פון יאָקאָהאַמאַ קיין סאן פראנציסקא, אין קאליפארניען.

דאס פאסט שיף פון יאָקאָהאַמאַ געהט ניט אוועק, ביז עס קומט אן דאס שיף פון האָנג-קאָנג. איין שיף ווארט אויף דער אנדערער.

ווען דער „קאַרנאַטיק“ זאל ניט געווען דארפען רעפארירען זיין קעסעל, וואלט ער נאך נעכטען געווען אוועקגעפאהרען און פילעאַס פאָגג וואלט געדארפט ווארטען אין האָנג-קאָנג גאנצע אכט טעג. ער וואלט פיעללייכט געפונען אנאנדער שיף קיין יאָקאָהאַמאַ, דאס וואלט אבער וועניג געהאָלפען, ווייל דאס פאסט

שיף פֿון יאָקאָהאַמאַ געהט נור איין מאל אין וואך. יעצט אבער קען ער פֿאהרען מארגען מיט׳ן „קארנאַטיק“. ער וועט אנקומען מיט דער פאסט און וועט זיך באלד אויפֿזעצען אויפֿ׳ן שיף קיין סאן פֿראנציסקא.

אזוי וויא דיא רייזע פֿון יאָקאָהאַמאַ קיין סאן פֿראנציסקא דויערט צוויי און צוואנציג טעג, האט פֿילעאַס פֿאָגג געהאָפֿט, ער זאל צוזאגען דעם שיפֿס קאַפּי־טאן א סומע געלד, ער זאל קומען קיין סאן פֿראנציסקא מיט א פאר טאג פֿאר דער צייט, וויא ער האט געטהאן מיט׳ן שיפֿס קאפּיטאַן פֿון דער „מאָנגאָליאַ“. דאן וועט ער אויפֿ׳ן וועג קיין סאן פֿראנציסקאָ געווינען דיא צייט, וואס ער האט פֿערלארען אויף דער „ראַנגון“.

פֿילעאַס פֿאָגג האט ארויסגענומען זיין נאטיץ בוך און האט זיך אלעס נאָ־טירט. ער האט פֿערצייכענט דיא שטונדע און דיא מינוט, ווען ער איז אנגעקומען קיין האָנג־קאָנג.

אזוי וויא דער „קאַרנאַטיק“ וועט אוועקגעהן ערשט מארגען אום 5 אוהר אין דער פֿריה, האט ער נאך גאנצע זעכצעהן שטונדען צייט צו פֿערברענגען אין האנג־קאָנג. אין דיעזע צייט וועט ער פֿערזארגען מיסיס אַאודאַ. ער האט גע־פֿרעגט, וועלכער איז דער בעסטער האטעל אין האָנג־קאָנג און מען האט איהם געזאגט, אז דער קלוב האטעל איז דער בעסטער.

ער האט גענומען אַאודאַ אונטערן ארים און איז מיט איהר אראפגעגאנגען פֿון׳ם שיף. אזוי וויא האָנג־קאָנג איז אַ כינעזישע שטאדט, איז דארט ניטא קיין דראָשקעס און קיין קאַרעטעס. רייכע מענער, בעזאנדערס דאמען, לאזען זיך טראגען אין אַ פּאַלאַנקין. פֿילעאַס פֿאָגג האט צוגערופֿען פֿיער כינעזען, וועלכע האבען געטראגען אַ פּאַלאנקין און האט אין איהם אריינגעזעצט מיסיס אַאודאַ. ער אליין און פּאַספּאַרטו זיינען נאכגעגאנגען נאכ׳ן פּאַלאַנקין צו פֿוס. אין אַ פּאַלאַנקין קען זיצען נור איין מענש.

אין צוואנציג מינוט ארום זיינען זיי צוגעקומען צום קלוב האטעל. פֿילעאַס פֿאָגג האט זיך געהייסען געבען דאס בעסטע צימער אין האטעל. ער האט ארייג־געפֿיהרט אַאודאַ אין צימער, האט געהייסען געבען אַ פֿריהשטיק און טהעע.

— איהר וועט בלייבען דא אין צימער, האט ער געזאגט צו אַאודאַ. איך וועל געהן זוכען אייער אנקעל.

ער האט געוואלט געהן צום גובערנאַטאָר פֿון האָנג־קאָנג מעלדען זיין פּאספּארט און איהם פֿרעגען, וואו אַאודאַ׳ס אנקעל וואינט. דער גובערנאַטאָר וועט געוויס וויסען, וואו עס וואינט אַזאַ רייכער קויפֿמאן און אַזאַ אנגעזעהענער מענש, וויא דער באַראָנעט, סער דשיימס דשי דשיבהאָי.

פֿארן אוועקגעהן האט ער אנגעזאגט פּאספּארטו, ער זאל בלייבען אין האטעל און זאל אין ערגעץ ניט געהן, ביז ער — פֿילעאַס פֿאָגג — וועט צוריקקומען. ער האט ניט געוואלט, אַז אַאודאַ זאל בלייבען אליין אין האטעל אין א פֿרעמדע שטאדט און צווישען פֿרעמדע מענשען.

פֿילעאַס פֿאָגג איז געגאנגען צום גובערנאַטאָר, האט אונטערגעשריעבען

זיין פאספארט און האט איהם געפרעגט, וואו עס וואינט דער רייכער קויפמאן, באראנעט דשי דשיבהאי.

— דשי דשיבהאי וואינט שוין ניט אין האנג=קאנג זייט צוויי יאהר, האט דער גובערנאטאר געענטפערט. איך קען ניט זאגען אויף געוויס, מיר דאכט אבער, אז ער איז געפאהרען קיין האללאנד, ווייל ער האט אין אמסטערדאם א באנק הויז. מען האט מיר געזאגט, אז ער וואינט יעצט אין אמסטערדאם.

פילעאס פאגג האט געדאנקט דעם גובערנאטאר פאר דיא אויסקונפט, וואס ער האט איהם געגעבען און איז צוריקגעגאנגען אין קלוב האטעל. ער איז באלד ארייגעקומען צו אאודא און האט איהר דערצעהלט, אז איהר אנקעל וואינט שוין ניט אין האנג=קאנג זייט צוויי יאהר. מען זאגט, אז ער וואינט אין אמסטערדאם.

אאודא איז געבליעבען זיצען, וויא פערשטיינערט, ווען זיא האט דערהערט דיעזע טרויעריגע נאכריכט. איהרע איינציגע האפנונג איז געוועזען דיעזער אנקעל. ביי איהם וועט זיא געפינען שוץ און זיכערהייט פון איהרע פערפאלגער. פלוצלונג וואינט גאר דער אנקעל ניט אין האנג=קאנג און מען ווייס גאר ניט, וואו ער וואינט יעצט. מען זאגט, אז ער וואינט אין אמסטערדאם; קיינער אבער ווייס עס ניט פאר געוויס.

— וואס זאל איך יעצט טהאן? האט זיא עגדליך געזאגט טרויעריג.

— גאנץ איינפאך, האט פילעאס פאגג געענטפערט. איהר וועט פאהרען מיט מיר קיין אייראפא. איך וועל אייך מיטנעהמען קיין אמסטערדאם, וואו אייער אנקעל וואינט.

— איך שטער אייך אין אייער רייזע, האט אאודא זיך אפגערופען, איך קען ניט מיסברויכען אייער גוטסקייט.... איך וואג ניט....

— איהר שטערט מיר ניט, האט פילעאס פאגג געענטפערט רוהיג, און איהר האט אייך ניט, וואס צו שעמען. — פאספארטו!

— וואס פערלאנגט איהר?

— נעה צום פאסט דאמפפער „קארנאטיק" און בעזארג צוויי קאיוטען ערשטער קלאסע און איין קאיוטע צווייטער קלאסע.

פאספארטו האט געטאנצט פאר פרייד. ער וועט ווייטער פאהרען מיט דער שעהנער דאמע! ער וועט ווייטער האבען מיט וועמען צו רעדען! ער וועט ווייטער האבען איינעם, ווער עס זאל איהם ערקלערן אלעס, וואס ער וועט זעהן אויף דער רייזע. ער איז ארויסגעלאפען, וויא א וואהנזיניגער און איז גלייך געלאפען צום דאק קויפען דריי שיפסקארטען.

19טעס קאפיטעל.

## פאַספּאַרטו איז צו טריי זיין הערר, פילעאַס פאָגג, און שאדעט איהם דערמיט.

האָנג-קאָנג איז אַ קליינע אינזעל אין דעם ארט, וואו דער טייך קאנטאן פאַלט אריין אין מעער. זיא איז ניט מעהר, וויא עטליכע און צוואנציג מייל דיא לענג און דיא ברייט. נאכ'ן קריעג, וועלכען ענגלאנד האט געפיהרט מיט כינא אין 1842 האט כינא אפגעטרעטען דיעזע אינזעל צו ענגלאנד.

דיא ענגלענדער האבען אויסגעבויט דיא שטאדט וויקטאריא און האבען געמאכט אַ גוטען פּארט, אין וועלכען עס געפינען זיך שטענדיג שיפען פון אלע פעלקער. דער גאנצער האנדעל פון דער גרויסער שטאדט קאנטאן געהט צו ביסלעך ווייס איבער קיין האָנג-קאָנג.

זעכציג מייל ווייטער פון האָנג-קאָנג געפינט זיך אַ קליינע אינזעל מאַקאַאָ מיט דער הויפּט שטאדט מאַקאַאָ. דיעזע אינזעל געהערט צו פּארטוגאַל. איידער דיא ענגלענדער האבען אפגענומען האָנג-קאָנג איז מאַקאַאָ געוועזן דער איינציגער פּארט, פון וואנען מען פלעגט פיהרען כינעזישע וואַארען קיין איירָאפּא. מאַקאַאָ איז געוועזן אַ בליהענדע און א רייכע שטאדט. זייט דיא ענגלענדער האבען געעפענט דעם פּארט וויקטאריא אויף האָנג-קאָנג, האבען זיי צוגעצויגען צו זיך דעם גאַנצען האנדעל פון מאַקאַאָ.

וואס מען זאל זאגען שלעכטעס פון דיא ענגלענדער, איין זאך מוז מען צוגעבען — זיי זיינען דיא בעסטע קאָלאָניסטען אין דער וועלט. ווען זיי נעהמען אפּ אַ שטיקעל לאנד מאכען זיי דערפון אַ האנדעלס פּונקט.

דיא קליינע, האלב וויסטע אינזעל האנג-קאָנג איז יעצט א גאנצע וועלט פאַר זיך. עס קאכט און רוישט אין איהר דער האנדעל, עס לעבט און עס איז פרעהליך אין יעדער ווינקעלע. דיא שטאדט וויקטאריא איז אַ קליינעס לאנדאן. דאָקען, שפּיטעלער, מאַגאַזינען פול מיט אלערליי וואארען, א בירזע, א גרויסער פּאלאַץ פאַרן גובערנאטאר, אנדערע שעהנע און רייכע הייזער, שעהנע, ברייטע גאסען מיט אַ גוטען שאָסע — דאס אלעס האבען געמאַכט דיא ענגלענדער. פון אַ וויסטער אינזעל איז געווארען אַ פרעהליכע שטאדט.

פאַספּאַרטו איז ארומגעגאנגען מיט דיא הענד אין דיא קעשענעס און האט בעטראַכט דיא נייע שטאדט. אין האָנג קאָנג רעכענט מען הונדערט פינף און זעכציג טויזענד איינוואינער, דארונטער געפינען זיך נור פינף טויזענד איירא-פּעער, דיא איבעריגע — זיינען כינזען און יאַפּאַנעזען. עס איז אַ כינעזישע שטאדט אונטער דער ענגלישער רעגיערונג.

פאספּארטו האט זיך צוגעקוקט צו יעדער זאך, אלעס איז פאַר איהם געוועזן נייע. אלעס איז ביי איהם געוועזן פרעמד און אומבעקאנט. מען דארף ניט פאהרען ווייט קיין כינא אום זיך צו בעקענען מיט'ן כינעזישען פאָלק — מען קען עס זעהן אין האָנג-קאָנג.

פאספארטו האט געזעהן, וויא אייניגע אלטע מענשען טראגען געלע קליידער. ער האט ניט געוואוסט, וואס דאס איז. ער איז אריינגעגאנגען צו אַ בארביער זיך אָפּראזירען און האט זיך צורעדט מיט איהם.

דער בארביער איז געווען אַ כינעזע. ער האט אבער גערעדט זעהר גוט ענגליש. דער פרעהליכער פראנצויז איז איהם געפעלען.

— פאר וואס געהן נור דיא אלטע מענשען אין געלע קליידער האט פאספארטו געפרעגט.

— דאס איז אן עהרע, האט דער בארביער געענטפערט. נור גאַנץ אלטע מענשען האבען דיא עהרע צו טראגען דיא געלע פארב, וועלכע איז דיא פארב פון'ם קייסער פון כינא. מען מוז אלט זיין ווענינגסטענס אכציג יאהר, מען זאל האבען דיזע עהרע.

פאספארטו האט זיך צולאכט.

— וואס לאכט איהר, מיסטער? האט דער בארביער געפרעגט. פאר וואס זאל מען ניט אפגעבען עהרע אן אלטען מענשען? ווען א מענש האט אפגעלעבט אכציג יאהר, האט ער שוין עפעס געזעהן אין זיין לעבען. ער האט שוין עפעס דורכגעלעבט. ער האט שוין ערפאהרונג. פאר וואס קומט איהם ניט אן אויסצייכענונג, אן עהרע?

פאַספאַרטו האט געשוויעגען. ער האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן דעם כינעזישען בארביער, וועלכער האט זיך געוויס אויך געווינשט דיא עהרע צו טראגען א מאל געלע קליידער.

— ווער זיינען דיא מענשען, וועלכע טראגען בלויע, געלע אדער רויטע קוגלען אויף זייערע היטלען? האט דער נייגיעריגער פראנצויז ווייטער געפרעגט.

— דאס זיינען מאַנדאַרינען, בעאַמטע, האט דער בארביער ערקלערט. דיא פארב פון דיא באללס אויף זייערע היטלען צייגט אן דעם גראד פון זייער אמט. ביי אייך, אייראפעער, טראגט דער בעאַמטער זיין צייכען אויף דיא פלייצעס. אן אפיציער האט קלענערע עפאלעטען אלס א גענעראל. ביי אונז טראגט דער בעאַמטער זיין צייכען אויפ'ן קאפ. א געלער באל אויפ'ן הוט איז א צייכען פון אַ גענעראל. א רויטער — פון אַ הויכען אפיציער, א גרינער — פון אַ ניעדעריגען אפיציער.

דאס מאל האט שוין פאספארטו ניט געלאכט. עס איז איהם צוואַר פארגעקומען רעכט קאָמיש, וואס א געלער באלל אויפ'ן הוט איז אַ צייכען פון אַ גענעראַל, ער האט שוין אבער מורא געהאט צו לאכען.

ווען ער האט זיך אָפּראַזירט, איז ער געגאנגען צום פארט. ער האט געפרעגט א פאליסמאן, וואו עס געפינט זיך דיא אפיס פון'ם „קאַרנאַטיק". דער פאליסמאן האט איהם געוויזען, וויא אזוי צו געהן. ווען ער איז צוגעקומען צו דער אָפּיס, האט ער געזעהן, וויא פיקס שפאצירט זיך ארום פאר דער אפיס. ער איז געווען זעהר אונרוהיג. עס איז געווען דייטליך, אז עס איז איהם עפעס ניט געראטהען.

— גוט! האט פאספּארטו אויסגערופען. לאזען וויסען דיא מיטגליעדער פון'ם רעפאָרם קלוב, וויא אזוי נאכצושיקען אַ שפּיאָן, ווען זיי וועטען זיך אויף פופציג טויזענד פונט.

ער איז צוגעגאנגען צום דעטעקטיוו גאנץ פרעהליך און האט איהם גע־גריסט. — פיקס איז ווירקליך געוועזען זעהר אונרוהיג. ווען ער איז אראפּגעגאנגען פון דער „ראַנגון", איז ער באלד געלאָפען צום שעף פון דער ענגלישער פאליציי און האט געפרעגט, אויב עס איז אנגעקומען אַ וואררעאַנט צו ארעסטירען א באנק רויבער מיט'ן נאמען פילעאַס פאָגג. דער שעף פון דער פאליציי האט ניט גע־וואוסט פון וואס צו זאגען.

— האָנג־קאָנג איז דיא לעצטע סטאַציאָן אויף'ן וועג, וואו מען קען נאך ארעסטירען א מענשען מיט אַ וואררעאַנט פון לאָנדאָן, האט זיך פיקס געטראַכט. ווען איך ארעסטיר איהם ניט אין האָנג־קאָנג, וועט ער ארויספאהרען פון דיא לענדער, וועלכע געהערען צו ענגלאַנד. אין פרעמדע לענדער וועט מיר זיין זעהר שווער איהם צו ארעסטירען.

מיט דיעזע טרויעריגע געדאנקען איז ער ארומגעגאנגען פאָרן אָפיס פון'ם „קאַרנאַטיק". ער האט געוואוסט, אז פילעאַס פאָגג אדער זיין דיענער וועלען קומען קויפען שיפס קארטען און ער האט געזוכט אַ מיטעל, וויא אזוי זיי אויפצו־האלטען אין האָנג־קאָנג.

— נו, וואס מאכט איהר, מיסטער פיקס? האט פאספּארטו געפרעגט אין דער הייך. ווילט איהר פיעללייכט פאהרען מיט אונז צוזאמען ביז אַמעריקא?

— עס איז זעהר מעגליך, האט דער אונגליקליכער דעטעקטיוו געענטפערט מיט אַ זויערער מינע.

— זעהר גוט! האט פאספּארטו געלאכט. דאס פרעהט מיך! איך געה יעצט קויפען שיפס קארטען, קומט מיט מיר! לאמיר צוזאמען קויפען, פיעללייכט וועט מען אונז לאזען ביליגער.

ביידע זיינען אריינגעגאנגען אין טיקעט אָפיס. דער שרייבער, וועלבער האט פערקויפט דיא שיפס קארטען, האט זיי ערקלערט, אז אזוי וויא דיא רעפּאַ־ראַטורען אויף'ן „קאַרנאַטיק" זיינען שוין אין גאנצען פערטיג, וועט ער ארויס־פאהרען ניט מארגען אין דער פריה אום פינף אוהר, וויא מען האט פריהער גערעכענט, זאנדערן היינט אבענדס אום אכט אוהר.

פאַספּאַרטו איז געוועזען העכסט צופריעדען מיט דיעזע נאכריכט. זיין הערר וועט געווינען גאנצע ניין שטונדען!

— גוט! האט ער אויסגערופען. איך מוז לויפען און זאגען עס מיין הערר, פילעאַס פאָגג.

פיקס איז געווארען אויסער זיך. דיעזע נאכריכט האט איהם גאר אין גאנ־צען דערשלאגען. אין אייניגע שטונדען ארום וועט דער באנקרויבער ארויספאה־רען פון לאנד, וואס געהערט צו ענגלאַנד! ער האט זיך ענטשלאסען צו רעדען אָפענהערציג מיט פאספּארטו, איהם אלעס דערצעהלען און איהם איבררעדען,

אז ער זאל אפּנארען זיין הערר. ער זאל איהם ניט זאגען, אז דער „קאַרנאַטיק“ פֿאהרט ארויס היינט אכט אוהר אבענדס, זאנדערן מארגען אום פֿינף אוהר אין דער פֿריה. דער „קאַרנאַטיק“ וועט אוועקפֿאהרען און פֿילעאַס פֿאָגג וועט בלייבען אויף אכט טעג אין האָנג־קאַנג.

ווען זיי זיינען ארויסגעגאנגען פון טיקעט אָפֿיס, האט ער איינגעלאַדען פאספּארטו אין אַ ביער סאלון טרינקען אַ פֿלאַש פֿראנצייזישען וויין, פֿון וועלכען פאספּארטו פֿלעגט זיך קיין מאל ניט אפּזאגען. יעצט האט ער גענוג צייט. וואס הארט עס איהם, וואס דער שפּיאָן פֿון'ם רעפֿארם קלוב וועט בעצאהלען עטליכע שיללינג? — לאז ער ניט זיין קיין שפּיאָן!

אויף דער גאס פֿאר דיא דאָקס זיינען געוועזן פֿיעלע שענקען און ביער סאלונס. פֿיקס האט אויסגעקליעבען איינעם פֿון דיא שעהנסטע.ביידע פֿריינד זיינען אריינגעגאנגען אין סאַלון. דאס איז געווען אַ גרויס צימער, זעהר שעהן פֿערציערט. ביי דער הינטערסטער וואנד איז געשטאנען א לאנגער און ברייטער דיוואן, אויף וועלכען איינינע מענשען זיינען געלעגען און געשמאק געשלאָפֿען.

פאספּארטו האט זיך צוואר געוואונדערט, וויא עס קומט, אז מענשען זאלען שלאָפֿען אין מיטען טאג אין אַ שענק, ער האט אבער מורא געהאט צו פֿרעגען. אין כינא איז אלעס אנדערש, וויא אין פאריז אדער לאנדאן.

אין דעם גרויסען צימער זיינען געזעסען עטליכע און צוואנציג ביז דרייסיג מענשען לעבען קליינע טישעלעך און האבען געטרונקען ביער, אייל, וויין און אנדערע געטרענקע. ניט אלע אבער האבען געטרונקען, איינינע האבען גערויכט פֿון לאנגע, רויטע, לעהמענע פּייפּ'ס (לולקעס). ווען זיי האבען ארויסגעלאזען דעם רויך פֿון'ם מויל, האט מען געהערט דעם גערוך פֿון ראזען.

פֿון צייט צו צייט פֿלעגט איינער פֿון דיא, וואס האבען גערויכערט, אנט־שלאָפֿען ווערן און אראפּפֿאלען אונטערן טיש. דיא קעלנער פֿלעגען באלד צוגעהן צו איהם, איהם אויפֿהייבען און איהם אוועקטראגען אויפֿ'ן לאנגען דיוואן, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער הינטערסטער וואנד פֿון'ם סאַלון.

ווען פֿיקס און פאספּאַרטו האבען זיך געזעצט לעבען א קליין טישעלע, האבען דיא קעלנער נור וואס אוועקגעטראגען פֿון דארט איינעם.

פֿיקס האט געוואוסט, וואוהין ער האט אריינגעפיהרט זיין פֿריינד. דאס איז געווען אַ פּלאַץ, וואו מען האט גערויכערט אָפּיום, איינעם פֿון דיא געפֿעהר־ליכסטע גיפֿטען. ווער עס געוועהנט זיך צו רויכען אָפּיום, דער קען זיך שוין אויף קיין פֿאל ניט אפּגעוועהנען. ווען מען רויכערט אויס אַ ליולקע אפּיום, ווערט מען געשמאַק אנטשלאָפֿען און מען טרוימט פֿון אזעלכע שעהנע און גוטע זאַכען, אז עס ווילט זיך גאר ניט אפּרייסען פֿון זיי. ווען דיא ווירקונג פֿון'ם אפּיום הערט אויף און מען חאַפּט זיך אויף, קומט דיא וועלט פֿאָר אזוי שרעקליך, אזוי אב־שייליך, אזוי ניעדעריג, אזוי טרויעריג, אז מען איילט זיך ווידער צו רויכען און ווידער צו זעהן דיא שעהנע זאכען, וואס מען זעהט אין טרוים פֿון'ם אָפּיום.

אלזא, וואס שאדעט עס? וועט פֿרעגען דער נייגיעריגער לעזער. לאז אַ

מענש האבען פערגניגען! לאז ער זעהן אין טרוים שעהנע און גוטע זאכען.

ליידער איז דיא וועלט אנדערש איינגעריכטעט. פאר א טראפען פערגני־גען האט דער מענש א גאנצעס מעער פון ליידען און שמערצען.

ווער עס רויכט אפיום, דער ווערט גרין און געל. זיין הויט ווערט איינגע־קנייטשט און הארט, וויא אלטער פארמעט. ער פערליערט דעם מוטה און דיא ליכט צו אלעס אין דער וועלט. ער ווערט אונפעהיג צו יעדע בעשעפטיגונג. ער קען זיך ניט נעהמען צו קיין ארבייט. זיינע הענד און פיס הייבען אן צו ציטערן און ער שטארבט ענדליך אין שרעקליכע ליידען. א מענש, וואס רויכט אוים פינף פייפ'ס (לולקעס) אפיום א טאג, מוז שטארבען אין פינף יאהר, ער האט געמעגט זיין שטארק וויא א ריעז.

דאס אפיום רויכען איז שוין לאנג איינגעפיהרט אין כינא. א מאל פלעגען זיך ערלויבען צו רויכען אפיום נור דיא גאנץ רייכע מענשען. צו ביסלעכווייס האבען זיך פון זיי אפגעלערנט דיא ארימערע קלאסען און דאס אפיום רויכען איז געווארען אזא געוועהנליכע זאך, אז מענער, פרויען און זאגאר קינדער פלעגען זיך פערגיפטען מיט דיעזען לאנגזאמען געפעהרליכען גיפט.

דיא כינעזישע רעגיערונג האט ענדליך איינגעזעהן, אז דאס אפיום רויכען וועט פערגיפטען אלע איינוואינער. זיא האט אנגעהויבען ארויסגעבען שטרענגע געזעצע געגען דאס אפיום רויכען. זיא האט ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז מען טאר קיין אפיום ניט אריינפיהרען קיין כינא.

אפיום אדער ריכטיגער געזאגט, דיא מאהנקעפלעך, פון וועלכע מען מאכט אפיום, וואקסט ניט אין כינא. ענגלישע קויפלייטע פלעגען עס ברענגען פון אינ־דיען, פערזיען און דער טירקיי. מיט דעם וואס דיא כינעזישע רעגיערונג האט פערבאטען אריינצופיהרען אפיום אין לאנד, האט זיא געשאדעט דעם ענגלישען האנדעל. ענגלאנד האט ערקלערט כינא קריעג. ענגלאנד האט געזיעגט. כינא האט געמוזט ערלויבען אריינצופיהרען אפיום, זיא האט אבער ארויפגעלעגט אויף איהם א שרעקליך הויכען צאלל (פאשלינע).

אין כינא אליין קאסט דער אפיום זעהר טהייער און עס איז שטרענג פער־באטען צו האלטען א סאלון, וואו מען רויכט אפיום עפענטליך. אין האנג־קאנג אבער, וועלכעס געהערט צו ענגלאנד, איז עס ערלויבט. אין יעדער שענק אין האנג־קאנג, אין יעדער וויינהאנדלונג און אין יעדען ביער סאלון קען מען קריעגען א פייפ מיט אפיום.

פיקס און פאספארטו האבען געטראפען א סאלון, וועלכער איז איינגעריכ־טעט אויסשליסליך צום אפיום רויכען. פיקס האט עס געוואוסט. דער אונשול־דיגער פראנצויז האט קיין מאל ניט געהערט, אז עס איז דא א גיפט מיט'ן נאמען אפיום און אז מען קען איהם רויכען. ער איז געווען לוסטיג און פערגניגט, וואס דער „קארנאטיק“ געהט אפ נאך היינט.

פיקס האט געהייסען געבען צוויי פלאש פארט וויין און האט אנגעהויבען

צו טרינקען מיט זיין פריינד פאספארטו. דערביי האט ער געזען, אז דער פראנצויז זאל טרינקען מעהר פון איהם.

מען האט געטרונקען און גערעדט איבער פערשיעדענע זאכען, ביז דיא פלעשער זיינען געווארען לעדיג: פיקס איז געווען גליקליך, וואס ער וועט ווייטער פאהרען צוזאמען מיט זיין גוטען פריינד אויפ'ן „קארנאטיק".

ווען ביידע פלעשער זיינען געווארען לעדיג, האט דער גוטער מיסטער פיקס געהייסען געבען נאך א פאר פלעשער. פאספארטו האט זיך אויפגעהויבען.

— אהה, ניין, מיסטער פיקס! איך מוז געהן דערצעהלען מיין הערר, אז דער „קארנאטיק" וועט נאך היינט ארויספאהרען.

— בלייבט נאך א ביסעל, פריינד פאספארטו, האט פיקס געבעטען.

— וואס דארפט איהר מיך, מיסטער פיקס?

— איך האב מיט אייך צו רעדען איבער זעהר א וויכטיגע אנגעלעגענהייט.

— וויכטיגע אנגעלעגענהייטען? האט פאספארטו געפרעגט ערשטוינט. — נו, וועלען מיר רעדען דעריבער מארגען אויפ'ן שיף. היינט האב איך קיין צייט ניט, איך מוז געהן זאגען מיין הערר, ער זאל ניט פערשפעטיגען דאס שיף.

— איך האב מיט אייך צו רעדען איבער אן אנגעלעגענהייט, וועלכע איז זעהר וויכטיג פאר אייער הערר.

ביי דיעזע ווערטער איז פאספארטו געבליעבען זיצען. ער האט זיך צוגעקוקט צו פיקס געזיכט. עס האט זיך איהם אויסגעוויעזען, אז אין דיעזעם געזיכט ליעגט א זאנדערבארער אויסדרוק.

— וואס ווילט איהר מיר זאגען, מיסטער פיקס? האלט מיך ניט אויף.

פיקס האט אנגעגאסען צוויי גלעזער וויין און האט זיי געשטעלט פאר פאספארטו.

— איך זעה, אז איהר האט דערראטהען, ווער איך בין, האט ער געזאגט רוהיג.

— געוויס! האט פאספארטו געלאכט.

— אלזא, וויל איך אייך אלעם דערצעהלען.

— איך מיין, אז עס איז איבעריג, ווייל איך וויים שוין אלעס, האט פאספארטו געלאכט. איך וויל אייך נור זאגען, אז דיא הערערן, וואס האבען אייך געשיקט, מאכען אומזיסטע אויסגאבען (הוצאות), זיי ווארפען ארוים זייער געלד.

— אומזיסטע אויסגאבען, זאגט איהר? האט פיקס געפרעגט, ווייסט איהר, וויא גרויס דיא סומע איז?

— פאר וואס זאל איך ניט וויסען? — פופציג טויזענד פונט סטערלינג!

— ניין, פריינד, פינף און פופציג טויזענד פונט.

— אזוי! נאך פינף טויזענד פונט! — דאן מוז איך לויפען נאך שנעלער און איהם זאגען, ער זאל ניט פערזאמען דעם „קארנאטיק".

פיקס האט וויעדער אנגעגאסען דיא גלעזער און האט געצוואונגען פאספארטו, ער זאל ווייטער טרינקען.

— זעהט איהר, פריינד פּאַספּאַרטו, אז איהר ווייסט נאך ניט דיא גאנצע וואהרהייט ביי אייער פּילעאַס פאָגג. מיר קענען מאכען א גוט געשעפט. איהר קענט דערביי פערדיענען א פאר הונדערט פונט, ווען איהר זאלט וועלען זיין איינס מיט מיר און מיר העלפען.

— אייך העלפען? האט פאספארטו אויסגערופען בייז. — וואס זאל איך אייך העלפען?

— איהר זאלט מיר העלפען אויפהאלטען פּילעאַס פאָגג עטליכע טעג אין האָנג-קאָנג.

— אזוי? איהם אויפהאלטען? — עס איז אייך וועניג, וואס איהר פאהרט אונז נאך זיך איבערצייגען, אויב פּילעאַס פאָגג מאכט ווירקליך א רייזע ארום דיא וועלט, ווילט איהר נאך איהם אויפהאלטען, ער זאל פערליערען? — זיי מעגען זיך שעהמען, דיעזע הערען! — שאנדע און שפאט!

יעצט האט פיקס אויסגעגלאצט א פאר אויגען.

— וואס רעדט איהר, פריינד פּאַספּאַרטו? איך פערשטעה אייך ניט.

— וואס זאל איך מיינען? — דאס הייסט דאך א שווינדעל! דאס הייסט דאך רויב!

— יא, יא! דאס מיין איך טאקע! רויב!

— און איהר שעהמט זיך ניט, עס ארויסצוזאגען? האט פּאַספּאַרטו זיך צוהיצט. איז עס ניט שענדליך, איז עס ניט ניעדערטרעכטיג, אז גוטע פריינד, מיט וועלכע מען עסט צוזאמען און מען טרינקט צוזאמען זאלען עס טהאן? און אזעלכע מענשען רופען זיך נאך דושענטעללייט? — טפו!

פיקס האט אויסגעגלאצט א פאר אייגען. פאספארטו איז שוין געוועזען שטארק אונטערגעטרונקען און האט זיך אלץ ריעהר און מעהר געהיצט.

— מיטגליעדער פון איין קלוב! האט ער געשריען אין דער הויך. — מענשען, וואס ווילען אויסבעסערן דיא געזעצע, מענשען, וואס האבען א נאמען געגעבען זייער קלוב, רעפאָרם קלוב — אזעלכע מענשען זאלען בעשווינדלען זייער'ן א מיטגליעד, מיט וועלכען זיי האבען זיך געוועט! — דאס איז ניעדערטרעכטיג! דאס איז שענדליך!

פיקס האט ענדליך אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז פאספארטו ווייס נאך גאר ניט, ווער ער איז.

— וואס דענקט איהר, פריינד פאספארטו? — ווער בין איך דען?

— ווער איהר זייט? — דאס ווייס איך שוין! איהר זייט אן אגענט פון דיא מיטגליעדער פון רעפאָרם קלוב, וועלכע האבען זיך געוועט מיט מיין הערר, פּילעאַס פאָגג, אז ער וועט ניט מאכען דיא רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג. זיי האבען אייך געשיקט אלס שפיאן, איהר זאלט זעהן, אויב פּילעאַס פאָגג פאהרט ווירקליך ארום דיא וועלט. — איך האב שוין לאנג פערשטאנען, ווער איהר זייט און פאר וואס איהר פאהרט אונז נאך. איך האב עס ניט געוואלט דערצעה-

לען מיין הערצען, ווייל איך האב איהם ניט געוואלט קרענקען, אז ויינע קאמע־ראדען זיינען ניעדערטרעכטיגע שווינדלער.

— אלזא, ווייס פילעאס פאגג נאך פון גאר נישט?

— ער ווייס נאך פון גאר נישט.

פיקס האט זיך פערטראכט. ער האט יעצט איינגעזעהן, וואס פאר א פעה־לער פאספארטו האט געמאכט. יעצט איז נור דיא פראגע, אויב ער זאל איהם לאזען אין זיין טעות. אז ער איז נור א שפיאן פון דיא מיטגליעדער פון׳ם רע־פארם קלוב, אדער ער זאל איהם אויסזאגען דיא גאנצע וואהרהייט.

איין זאך האט יעצט פיקס געוואוסט פאר געוויס. — פאספארטו ווייס ניט פון׳ם באנקרויב. ער האלט פילעאס פאגג פאר אן עהרליכען מאן און איז פעסט איבערצייגט, אז ער האט זיך געוועט צו מאכען א רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג.

— בעסער אזוי! האט ענדליך פיקס געטראכט. ווען פאספארטו איז אן עהרליכער מאן און ווייס ניט, וואס פאר א גנב און א רויבער זיין הערר איז, וועט ער זיך געוויס פעראייניגען מיט מיר און וועט מיר העלפען, ווען ער וועט געוואהר ווערען, אז ער דיענט ביי א גנב, א רויבער, וועלכער פאהרט ארום אויף דער וועלט מיט׳ן געלד, וואס ער האט אוועקגערויבט פון דער באנק אף ענגלאנד.

ער האט זיך ענטשלאסען, ער זאל אויסזאגען פאספארטו אלעס און זאל איהם אלעס ערקלערען.

— הערט מיך אויס, פריינד פאספארטו, האט ער ענדליך געזאגט. הערט מיך אויס אויפמערקזאם און איבערלעגט אייך גוט, וואס איך וועל אייך זאגען. — איך בין ניט דאס, וואס איהר מיינט. איך בין קיין שפיאן פון דיא מיטגליעדער פון רעפארם קלוב —

— וואס דען זייט איהר? האט פאספארטו געפרעגט ערשטוינט.

— איך בין אן אגענט פון דער געהיים פאליציי אין לאנדאן.

— איהר זייט גאר א דעטעקטיוו? איהר? מיסטער פיקס?

— יא, פריינד, איך בין א דעטעקטיוו פון דער לאנדאנער געהיים פאליציי. איך וועל עס אייך באלד בעווייזען.

ער האט ארויסגענומען פון דער קעשענע א קארטע מיט׳ן שטעמפעל פון דער לאנדאנער פאליציי און האט עס געוויזען דעם פראנצויז.

פאספארטו האט בעטראכט דיא קארטע פון אלע זייטען. — זיא איז ריכטיג! ער האט אויסגעגלאצט א פאר אויגען און האט ניט געקענט ארויסזאגען א ווארט.

— זעהט איהר, פריינד פאספארטו, אז איהר האט ניט דערראטהען, ווער איך בין. אייער הערר האט זיך גאר ניט געוועט מיט דיא מיטגליעדער פון רע־פארם קלוב, ער זאל מאכען א רייזע ארום דיא וועלט. דאס איז א ליגען. דאס האט ער אויסגעטראכט אום זיך צו פערשטעלען.

— הערט מיך אויס, פריינד. דעם 28טען פאריגען סעפטעמבער איז א מאן אריינגעקומען אין דער באנק אף ענגלאנד און האט פארגעשטעלט א טשעק

אויף עטליכע פונט. אין דער צייט, וואס דער קאסירער האט אפגעצעהלט דיא עטליכע פונט, האט דער דשענטעלמאן צוגענומען א פעקעל באנק נאטען פון 55 טויזענד פונט. דער קאסירער האט בעשריעבען דעם שעף פון דער געהיים פאליציי, וויא דיעזער דזשענטעלמאן זעהט אויס.— אט איז דיא בעשרייבונג. קוקט אייך צו, פריינד פאספארטו, און זאגט מיר, אויב דיא בעשרייבונג פאסט נים אויף אייער הערר, מיסטער פילעאס פאגג?

— דומהייט! אונזין! האט פאספארטו געשריעען און געקלאפט מיטביידע הענד אויפ'ן טיש.— מיין הערר איז דער עהרליכסטער מענש אין דער וועלט!

— פון וואנען ווייסט איהר עס, פריינד? האט פיקס געפרעגט רוהיג. איהר קענט דאך איהם גאר נים. איהר זייט אנגעקומען צו איהם פונקט אין דעם טאג, וואס ער איז ארויסגעפאהרען פון לאנדאן. איבערלעגט אייך, פריינד פאספארטו, בערעכענט זיך. פילעאס פאגג איז ארויסגעפאהרען פלוצלונג. ער האט זאגאר נים מיטגענומען קיין באגאזש, קיינע זאכען. פאהרט דען ארוים אן עהרליכער מענש אזוי פלוצלונג און נעהמט נים מיט זיך קיינע זאכען אויף א רייזע פון אכציג טעג?

— יא, יא, האט פאספארטו געזאגט א ביסעל איבערראשט. עס איז מיר אויך געווען א וואונדער, וואס ער איז אזוי פלוצלונג ארויסגעפאהרען.

— נו, זעהט איהר שוין? פילעאס פאגג האט געמוזט אנטלויפען פון לאנ- דאן, ווייל דיא געהיים פאליציי האט איהם געזוכט. ער האט אבער געוואלט אפנארען אלעמען און האט אויסגעטראכט דיא געשיכטע פון דער וועטע צו מאכען א רייזע ארום דיא וועלט.

יעצט, מיין פריינד, ווען איהר וועט מיר נים העלפען איהם ארעסטירען, וועל איך מוזען ארעסטירען אייך ביידען. איך וועל מוזען דענקען, אז איהר ווייסט פון באנק רויב און איהר העלפט איהם אנטלויפען. ווייסט איהר, וואס פאר א שטראפע עס קומט פאר אזא פערברעכען?— צוואנציג יאהר געפענגניס מיט שווערע ארבייט. מעגליך, אז מען וועט אייך גאר פערשיקען אויף א ווינטע אינזעל.

פאספארטו האט אראפגעלאזען דיא אויגען צו דער ערד. ער האט זיך גע- שעהמט צו קוקען דעם דעטעקטיוו אין דיא אויגען.— פילעאס פאגג, דער גוטער דער עדעלער פילעאס פאגג, וועלכער האט איינגעשטעלט זיין לעבען אום צו רעטען אאודא — דיעזער פילעאס פאגג איז גאר א באנקרויבער!— דאס קען נים זיין! און דענאך, ווען איך הייב מיך אן צו דערמאנען, וויא אזוי מיר זיינען ארויסגעפאהרען פון לאנדאן פלוצלונג, וויא פילעאס פאגג איילט זיך אויף דער רייזע, וויא ערווארפט דאס געלד אין דיא גאסען, מוז איך זאגען, אז עפעס איז דא נים גלאט.

ער האט נים געגלויבט, אז זיין הערר איז א גנב און א באנקרויבער. ער האט איהם נאך אלץ געהאלטען פאר אן עהרליכען מאן און דאך האט איהם פיקס אריינגעלאזען א גיפט אין הארצען.

ער האט געטראכט איינינע מינוטען. פלוצלונג האט ער זיך געווענדעט צום דעטעקטיוו.

— אלזא, וואס פערלאנגט איהר פון מיר? האט ער אויסגערופען מיט א שמערץ אין הערצען. וואס קען איך טהאן פאר אייך?

— איך וועל עס אייך באלד ערקלערן. איך בין אוועקגעפאהרען פון לאנ־דאן אין דער איילע און האב פערגעסען מיטצונעהמען א וואַרראַנט. איך האב נים געוואוסט, אז איך וועל האבען צו טהאן מיט אזא דורכגעטריעבענעם רויבער, וועלכער וועט שפרינגען פון איין שיף אויפ'ן אנדערן. איך בין איהם נאכגעפאה־רען ביז אהער. דא איז דער לעצטער פונקט, וואו איך קען איהם נאך ארעסטי־רען מיט א וואַרראַנט פון לאנדאן, ווייל האָנג־קאָנג געהערט צו ענגלאנד. — איך וויל, אז איהר זאלט מיר העלפען איהם אויפהאלטען אין האָנג־קאָנג נאך עטליכע טעג, ביז דער ווארראנט וועט אנקומען. דאן —

— איך זאל אייך העלפען? — איך? האט פאספארטו געשריען, וויא א וואהנזיניגער.

— דיא באנק אף ענגלאנד האט צוגעזאגט א גרויסע בעלוינונג דעם מענשען, וואס וועט חאַפּען דעם רויבער. איך וועל אייך געבען דיא העלפט פון דיעזער בעלוינונג. מיר וועלען זיך טהיילען. איהר וועט זיין א רייכער מענש.

— אויף קיין פאל! האט פאספארטו אויסגערופען און האט זיך געוואלט אויפהייבען.

ער איז אבער באלד צוריקגעפאלען אויף זיין שטוהל. זיינע פיס זיינען גע־ווען, וויא אונטערגעהאקט, אין קאָפּ האט ביי איהם געררוישט. דער שטארקער וויין האט געווירקט.

— מיסטער פיקס! האט ער געשטאמעלט. — לאז שוין זיין, וויא איהר האט געזאגט — ווען אלעס זאל שוין זיין ריכטיג — ווען מיין העררר זאל שוין ווירקליך זיין א באַנק רויבער — איך גלויב עס נאך נים, אבער ווען ער זאל שוין ווירקליך זיין — א רויבער — וועל איך איהם דאך נים פערראטהען! — ווען איהר זאלט מיר אנשיטען בערג מיט גאלד — וועל איך עס דאך נים טהאן! איך בין אן איינפאַ־כער מענש — איך בין דער זוהן פון א בויער — ביי אונז אין דארף עסט מען נים אזא סארט ברויט.

— אלזא, ווילט איהר מיר נים העלפען?

— ניין! ניין! און נאך א מאל ניין!

— איך בין דערמיט אויך צופריעדען, האט פיקס נעענטפערט. לאמיר פערגעסען דיא גאנצע געשיכטע! לאז זיך אייך אויסווייזען, אז מיר האבען גאר נים גערעדט דערפון. — לאמיר טרינקען נאך א גלאז וויין און זיך צוגעהן, יעדער אין זיין וועג.

— לאמיר טרינקען! האט דער שיכורער פאַספאַרטו געזאגט.

פיקס האט איינגעזעהן, אז ער מוז יעצט אלעס וואגען אום אויפצוהאלטען דעם פראנצויז. אויף א טישעל נים ווייט פון זיי זיינען געלעגען עטליכע ליולקעס

מיט אפיום. ער האט גענומען איינע פֿון דיא ליולקעס, האט זיא אנגעצונדען און האט זיא געגעבען פּאַספּאַרטו.

— פּראבירט נור, פֿריינד, דעם גוטען טאבאק, וואס דיא כינעזען רויכען, האט ער געזאגט.

דער שיכורער פּאַספּאַרטו האט אנגעהויבען צו רויכען. עס האט זיך געהערט דער שעהנער געריך פֿון ראזען. באלד אבער איז ער געוואָרען בלייך, דיא פּייפ איז ארויסגעפּאלען פֿון זיינע הענד. ער האט אראפּגעלאזען דעם קאָפּ און איז ארונטערגעפּאלען אונטערן טיש.

צוויי קעלנער זיינען באלד צוגעקומען, האבען איהם אויפֿגעהויבען און האבען איהם אוועקגעטראגען צום ברייטען דיוואן אין הינטער צימער. דארט האבען זיי איהם אניעדערגעלעגט לעבען דיא אנדערע אפּיום רויכער.

— ענדליך בין איך פֿון איהם לויז געוואָרען! האט פֿיקס אויסגערופֿען. פֿילעאַס פֿאָגג וועט יעצט ניט וויסען, אז דער „קאַרנאַטיק" פֿאהרט נאך היינט ארויס. ער וועט בלייבען אין האנג־קאָנג גאנצע אַכט טעג. אין דיעזער צייט וועט מיר אנקומען דער וואַרראַנט.

ער האט זיך געהייסען געבען זיין רעכנונג, וויפֿיעל עס קומט פֿון איהם, האט בעצאהלט און איז זיך אוועקגעגאנגען.

20טעם קאַפּיטעל.

## פֿילעאַס פֿאָגג בעגעגענט זיך צום ערשטען מאל מיט'ן דעטעקטיוו פֿיקס.

אין דער צייט, וואס פֿיקס האט אזוי פֿריינדליך טראקטירט דעם פֿראנצויז, איז פֿילעאַס פֿאָגג געגאנגען מיט אַאודא אונטערן אָרים שפּאַציערן אין דיא גאסען פֿון האָנג־קאָנג.

עס איז ביי ביידען געבליעבען, אז זיא זאל מאכען מיט איהם דיא רייזע ארום דיא וועלט. ער וועט קומען צוערשט קיין לאנדאן אין רעפֿאָרם קלוב ווייזען, אז ער האט געוואונען דיא וועטע, דאן וועט ער מיט איהר פֿאהרען קיין אמסטערדאם זוכען איהר אנקעל.

יעצט אבער האט פֿילעאַס פֿאָגג בעמערקט, אז אאודאַ האט ניט גענוג קליידער צו פֿאהרען קיין אייראפּא. פּאַספּארטו איז געווען אַ שלעכטער מבין אויף דאמען קליידער. ער האט געקויפֿט אין אַללאַהאַבאַד דיא קליידער, וואס מען האט איהם געגעבען אין מאגאזין. איינינגע זאכען זיינען געווען צו לאנג, אנדערע—צו קורץ, איינינגע האבען גאר ניט געטויגט. זא לאנג זיא איז געווען אויפֿ'ן „ראַנגון", האט זיא זיי נאך געקענט טראגען, ווייל זיא פֿלעגט זעלטען שפּאַציערן אויפֿ'ן דעק. יעצט. ווען זיי זיינען אין אַ שטאדט, וואו עס געפֿינען זיך אייראפּעאישע מאגאזינען, מוז זיא זיך קויפֿען קליידער, וואס זאלען איהר פּאַסען.

פֿילעאַס פֿאָגג האט זיא געבעטען, זיא זאל געהן מיט איהם אין אַ מאגאַ־

זין און זאל זיך אפקלויבען קליידער נאך איהר מאס. אַאודאַ האט אנפאנגס ניט געוואלט געהן. זיא האט ניט געוואלט נעהמען ביי פילעאַס פאָגג קיין געלד אויף קליידער. זיא ווייס דאך ניט, אויב זיא וועט זיין אים שטאנד איהם אפצוגעבען.

— איהר מוזט עס טהאן, האט פילעאַס פאָגג געזאגט ערנסט. איך בעט אייך! דאס פאסט מיר צו מיין רייזע!

אַאודאַ האט געמוזט נאכגעבען. זיא איז געגאנגען מיט איהם אין אַ מאַגאַזין און האט איינגעקויפט קליידער און אנדערע זאכען, וועלכע זיינען נעטהיג פאר אַ דאמע אויף דער רייזע. דאן זיינען זיי צוריקגעגאנגען אין האטעל און האבען זיך געהייסען געבען אַ גוטען מיטאַג.

נאכ'ן עסען איז אַאודאַ אוועקגעגאנגען אין איהר צימער. זיא איז געווען מיעד און האט זיך געלעגט שלאפען. פילעאַס פאָגג איז געבליעבען אין גרויסען זאַל פון'ם האטעל. דארט זיינען געווען אלערליי ענגלישע צייטונגען, וועלכע ער האט שוין לאנג ניט געזעהן. ער האט זיך צוגעחאַפט צו דיא צייטונגען, וויא א הונגעריגער וואלף צו אַ שטיק פלייש. און האט זיך אזוי פערטיעפט אין לעזען, אז ער האט פערגעסען, וואו ער איז אין דער וועלט.

אזוי איז פערגאנגען דער טאג. עס איז געווארען נאכט. אנאנדער מענש, ניט פילעאַס פאָגג, וואלט זיך אומגעקוקט, אז זיין דיענער איז א גאַנצען טאג ניטא אין האטעל און וואלט געווארען אונרוהיג. ער וואלט פיעללייכט געמעלדעט דער פאליציי, אז זיין דיענער איז פערפאלען געווארען. פילעאַס פאָגג אבער האט געוואוסט, אז דער „קאַרנאַטיק" געהט אפ מארגען גאַנץ פריה. דאס איז געווען פאר איהם גענוג. פאַספאַרטו וועט שוין קומען.

עס איז געווארען שפעט. פילעאַס פאָגג האט זיך געלעגט שלאפען און האט זאגאר ניט געפרעגט, אויב זיין דיענער איז געקומען. ער איז געווען זיכער, אז מארגען גאַנץ פריה וועט ער איהם געפינען אויפ'ן „קאַרנאַטיק."

דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט ער אנגעהויבען צו קלינגען און צו רופען זיין דיענער. — קיינער איז ניט געקומען. פילעאַס פאָגג איז געבליעבען רוהיג און געלאַכען, וויא ביז אהער. ער האט גערופען אַ קעלנער און האט איהם געהייסען ברענגען א פאַלאַנקין. דאן האט ער בעצאהלט זיין רעכנונג, האט גערופען מיסיס אַאודאַ און איז מיט איהר ארויסגעגאנגען פון האטעל.

זיא האט זיך אויפגעזעצט אין פאַלאַנקין און ער איז געגאנגען צו פוס. אזוי זיינען זיי צוגעקומען צום פארט. דארט איז ער געוואהר געווארען, אז דער „קאַרנאַטיק" איז ארויסגעפאהרען נאך נעכטען אום אַכט אוהר אבענדס. פאַספאַרטו איז אויך ניט געווען אויפ'ן דאַק.

אנאנדער מענש אויף פילעאַס פאָגג'ס ארט וואלט זיך געריסען ביים קאָפּ, וואלט געשריען און זיך געבייזערט. פילעאַס פאָגג איז געבליעבען רוהיג און גלייכגילטיג, גלייך וויא עס איז גאר ניט געשעהן. ווען אַאודאַ האט אויף איהם אַ קוק געטהאן טרויעריג און פערצווייפעלט, האט ער נאך זיא געטרייסט.

— עס איז אַ צופאַל, מאַדאַם, האט ער געזאגט, עס מאַכט ניט אויס!

ער האט זיך יעצט אומגעקוקט אין אלע זייטען און האט געזוכט אַ מיטעל, ויא אזוי צו פאהרען קיין יאָקאָהאַמאַ. ווען צו איהם איז צוגעקומען אן אונבעקאנטער מאן און האט איהם געזאגט:

— וויא עס ווייזט אויס, האט אייך פאסירט דאס זעלבע, וואס עס האט מיר פאסירט. איך בין נעכטען אנגעקומען אויף דער „ראַנגון", גלייך מיט אייך און וויל פאהרען קיין יאָקאָהאַמאַ —

— מיין הערר, איך האב ניט דיא עהרע אייך צו קענען, האט פילעאַס פאָגג געענטפערט.

אונזערע לעזער האבען געוויס דערראטהען, אז דיעזער מאן איז געוועזען קיין אנדערער, וויא דער דעטעקטיוו, מיסטער פיקס. פילעאַס פאָגג האט איהם געזעהן צום ערשטען מאל אין זיין לעבען.

— דאס איז ריכטיג, האט פיקס געענטפערט. איך קען מיך אבער מיט אייער דיענער און איך האב געמיינט, אז איך וועל איהם דא טרעפען.

— ווייסט איהר ניט, וואו ער איז? האט אַאודאַ געפרעגט.

זיא איז געוועזען זעהר אונרוהיג, וואס זיא האט ניט געזעהן פאַספּאַרטו אזא לאנגע צייט.

— וואס? האט פיקס אויסגערופען ערשטוינט. אייער דיענער איז ניט געקומען מיט אייך? איהר ווייסט גאר ניט, וואו ער איז?

— ניין, האט אַאודא געענטפערט. ער איז פון נעכטען אן ערגעץ פערשוואונדען געווארען. איך בין זעהר אונרוהיג, וואס ער איז ניטא. איך קען מיר אנדערש ניט ערקלערן זיין פערשווינדען, אלס אז ער איז אוועקגעפאהרען אויפ'ן „קאַרנאַטיק" אהן אונז.

— אה, ענטשולדיגט מיר, ראַדאַם, ווען איך וועל אייך פרעגען: האט איהר דען אויך געוואלט פאהרען מיט'ן „קאַרנאַטיק" קיין יאָקאָהאַמאַ?

— יא, מיין הערר.

— שטעלט אייך פאר מיין לאגע, האט פיקס געזאגט מיט אַ רחמנות פנים, איך דארף אויך פאהרען קיין יאָקאָהאַמאַ און האב גערעכענט צו פאהרען מיט'ן „קאַרנאַטיק". מען האט מיר געזאגט, אז ער געהט אפ היינט אין דער פריה. פלוצלונג איז ער ארויסגעפאהרען מיט צוועלף שטונדען פריהער! — מיר מוזען יעצט בלייבען אין דעם שמוציגען און אבשייליכען האָנג-קאָנג גאנצע אכט טעג, ביז עס וועט אנקומען דער אנדערער פאסט דאמפפער! איז עס ניט אן אונגליק?

פיקס האט געטאנצט פאר פרייד, ווען ער האט ארויסגעזאגט דיא ווערטער אַ כ ט ט ע ג. פילעאַס פאָגג וועט מוזען בלייבען אין האָנג-קאָנג א גאנצע וואָך! דערווייל וועט איהם אנקומען דער ווארראנט! עס איז איהם ענדליך געלונגען איהם אויפצוהאלטען! דאס איז געוועזען אַ גוטע אידעע איינצושלעפערן דעם פראַנצויז! ער שלאפט נאך דארט אין סאלון! פאַספּאַרטו האט דאס ערשטע מאל אין זיין לעבען געזויבערט אַפּיום. ער וועט שלאפען לאנג.

ווען ער וואלט זיך ניט געשעהמט, וואלט ער זיך געשטעלט טאנצען אין

מיטען גאס. באלד אבער איז זיין גאנצע שמחה פערשטערט געווארען, ווען פילעאס פאָגג האט געזאגט רוהיג און געלאסען.

— נו, דאס איז נאך קיין גרויסעס אונגליק. עס זיינען דא אנדערע שיפען אין פארט פון האָנג-קאָנג. מיר קענען נעהמען אנאנדער שיף.

ווען אַ באָמבע זאל געווען פלאצען לעבען מיסטער פיקס, וואלט ער זיך ניט אזוי דערשראקען, אלס ווען ער האט געהערט, וויא רוהיג און ענטשלאסען פילעאָס פאָגג האט ארויסגעזאגט דיא לעצטע ווערטער.

— אזא גנב, אזאַ רויבער קען אלעס טהאן, האט ער זיך געטראַכט. ער האט אוועקגעגעבען צוויי טויזענד פונט פאר אן עלעפאנט; ער קען יעצט געבען פינף טויזענד פונט פאר אַ שיף קיין יאָקאָהאַמאַ. ער קען אליין נעהמען אַ שיף. ער האט גניבות געלד, ער מעג עס ארויסווארפען אין דער בלאטע.

פילעאָס פאָגג האט גענומען אַאודאַ אונטערן ארים און איז געגאנגען מיט איהר צו דיא דאָקס זוכען אַ שיף. דער אונגליקליכער פיקס איז זיי נאכגעגאנגען. אלע זיינע קונסט שטיקע, אלע זיינע חכמות האבען איהם ניט געהאלפען. דער באנק רויבער איז קליגער און געשיקטער פון איהם.

ביז אהער האט פילעאָס פאָגג געהאט גליק אויף זיין רייזע. ער איז שטענ-דיג געקומען פונקט צו דער צייט און האט שטענדיג געפונען מיטעל ווייטער צו פאהרען. דאס מאל אבער האט ער געהאט אונגליק. ער איז ארומגעגאנגען אויף אלע דאקס און האט ניט געקענט געפינען קיין שיף, וועלכעס זאל וועלען פאהרען קיין יאָקאָהאַמאַ. עס זיינען געווען אין פארט פיעלע שיפען, יעדעס אבער האט ענטוועדער אנגעלאדען וואַארע אדער אויסגעלאדען איהרע וואארע. קיינס האט ניט געקענט באלד ארויספאהרען פון האָנג-קאָנג.

פיקס איז געווארען רוהיגער. ער האט שוין אנגעהויבען צו האפען, אז פילעאָס פאָגג וועט דאך מוזען בלייבען אין האָנג-קאָנג.

פילעאָס פאָגג דאגעגען איז געבליעבען רוהיג און גלייכגילטיג. ער איז ווייטער געגאנגען זוכען אַ שיף. ער איז ארומגעגאנגען אלע דאקס, האט געזוכט און געפרעגט, אויב איינער וויל איהם ניט פערדינגען אַ שיף קיין יאָקאָהאַמאַ. אין איין אָרט האט ער געטראפען אַ מאטראז, וועלכער האט געהאט קליינע שיפלעך צו פערדינגען.

— זוכט מיין הערר אַ באָאָט? האט דער מאטראז געפרעגט.

— האט איהר אַ באָאָט, וועלכעס איז בערייט שוין צו פאהרען?

— יא, מיין הערר, האט דער מאטראז געענטפערט. איך האב דאס פילאָט באָאָט נומער 43. עס איז דאס בעסטע באָאָט אין גאנצען פארט פון האָנג-קאָנג.

— געהט אייער באָאָט שנעל?

— יא, עס געהט שנעלער פון אלע אין דיעזען פארט.

— קען איך עס זעהן? האט פילעאָס פאָגג געפרעגט.

— געוויס! האט דער מאטראז געענטפערט. מיין הערר וויל געוויס מאכען אַ שפאציער ארום האָנג-קאָנג.

— ניין. איך וויל מאַכען אַ רייזע.

— אַ רייזע? האָט דער מאַטראַז געפֿרעגט ערשטוינט.

— יאָ, אַ רייזע. ווילט איהר זיך אונטערנעהמען צו פֿאָהרען מיט מיר קיין יאָקאָהאַמאַ?

דער מאַטראָז האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגען און האָט געקוקט אויף פֿילעאַס פֿאָגג, וויא אויף אַ וואַהנזיניגען.

— איהר לאַכט פֿון מיר, מיין העררי האָט ער ענדליך געזאָגט.

— ניין, פֿריינד, איך לאַך ניט פֿון אייך. איך האָב געדאַרפֿט פֿאָהרען מיט'ן „קאַרנאַטיק" און האָב פֿערשפּעטיגט. איך מוז זיין אין יאָקאָהאַמאַ ניט שפּעטער פֿון'ם 14טען נאָמוועמבער, ווען עס געהט אוועק דער פּאַסט דאַמפּפֿער קיין סאַן פֿראַנציסקאָ.

— עס טהוט מיר לייד, מיין העררי איך קען אָבער גאָר ניט העלפֿען. איך קען מיך ניט אונטערנעהמען צו פֿאָהרען אויף אַ באָאָט קיין יאָקאָהאַמאַ.

— איך גיב דיר הונדערט פֿונט סטערלינג אַ טאָג, האָט פֿילעאַס פֿאָגג גע־זאָגט רוהיג, און, ווען דוא וועסט מיך ברענגען קיין יאָקאָהאַמאַ פּונקט צום פּאַסט דאַמפּפֿער, וועסט דוא נאָך בעקומען פֿון מיר אַ בעלוינונג פֿון צוויי הונדערט פֿונט.

דער אָרימער מאַטראָז איז איבעררַאשט געוואָרען. אַזאַ סומע געלד האָט ער אין שלאָף קיין מאָל ניט געזעהן.

— מיינט איהר עס ערנסט? האָט ער געפֿרעגט.

— איך מיין עס גאַנץ ערנסט, האָט פֿילעאַס פֿאָגג געענטפֿערט.

דער מאַטראָז איז צוגעגאַנגען צום מעער און האָט עס בעטראַכט: ער האָט אַליין ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן. פֿון איין זייט שטעלט זיך איהם פֿאָר אַ גליק: אין אַכט טעג וועט ער קענען מאַכען אַ גרויס פֿערמעגען. — פֿון דער אַנ־דערער זייט אָבער האָט ער מורא געהאַט איינצושטעלען זיין לעבען. פֿאָהרען אויף אַ קליין שיפֿעל פֿון אַ פּילאָט אַזאַ לאַנגע רייזע איז געווים זעהר אַ גרויסער ריסק. וואָס טויג איהם דאָס געלד, ווען ער וועט דערטרונקען ווערן?

פֿיקס איז געשטאַנען דערביי און האָט אַלעס אויסגעהערט. ער האָט געצי־טערט, פֿיעללייכט וועט דער מאַטראָז דאָך איינוויליגען צו פֿאָהרען.

— וועט איהר ניט מורא האָבען צו פֿאָהרען אויף אַ באָאָט, מאַדאַם? האָט אונטערדעסען פֿילעאַס פֿאָגג געפֿרעגט מיסיס אַאודאַ.

— מיט אייך וועל איך קיין מורא ניט האָבען, האָט דיא יונגע פֿרוי גע־ענטפֿערט.

עס איז פֿערגאַנגען אַ געראַומע צייט, ביז דער מאַטראָז האָט זיך איבער־לעגט. ענדליך איז ער צוגעקומען צו פֿילעאַס פֿאָגג.

— נון, מאַטראָז, פֿאָהרען מיר? האָט פֿילעאַס פֿאָגג געפֿרעגט.

— ניין, האָט דער מאַטראָז געענטפֿערט. איך האָב מיך גוט איבערלעגט און איך בין געקומען צום בעשלוס, אַז איך טאָר ניט ריסקירען ניט מיין לעבען, ניט דאָס לעבען פֿון מיינע מענשען, ניט אייער לעבען אויף אַזאַ לאַנגע רייזע אין

אזא קליין שיפעלע און נאך אין ווינטער צייט, ווען דאס מעער איז אונרוהיג.

איך מיין, אז פאר אייך איז עס אויך ניט גלייך צו פאהרען אויף אזא שיפעל, ווייל איהר וועט געוויס ניט אנקומען צו דער צייט קיין יאָקאָהאַמאַ. פערגעסט ניט, אז עס איז אַ שטרעקע פון טויזענד זעקס הונדער און פופציג מייל —

— נור טויזענד זעקס הונדערט. האט איהם פילעאַס פאָגג אונטערבראכען.

— פופציג מייל מעהר אדער פופציג מייל וועניגער מאכט ניט אויס, האט דער מאטראז געזאגט. אלענפאלס איז עס אַ גרויסע שטרעקע פאר אַ באָאָט. איך וועל אויף קיין פאל ניט קענען אנקומען קיין יאָקאָהאַמאַ דעם 14טען נאוועמבער.

פיקס האט געאטהעמט פרייער. דער מאטראז וויל ניט פאהרען. פילעאַס פאָגג וועט מוזען בלייבען. פלוצלונג האט זיך דער מאטראז עפעס בעטראכט. עס איז איהם געקומען אין קאָפּ אַ נייער געדאנק.

— מיין הערר! האט ער אויסגערופען. פיעללייכט קענען מיר פאהרען אויף אנאנדער וועג?

— וואס הייסט אויף אנאנדער וועג? האט פילעאַס פאָגג געפרעגט.

— אנשטאט צו פאהרען קיין יאָקאהאַמאַ, וועלכע איז זעכצעהן הונדערט מייל ווייט פון היע, לאמיר פאהרען קיין נאַגאַסאַקי, אויך אַ גרויסער פארט אין יאַפּאַן, וועלכע איז נור עלף הונדערט מייל ווייט פון היע — אדער, ווייסט איהר נאך וואס? לאמיר גאר פאהרען קיין שאַנחאַי, דער גרעסטער פארט אין כינאַ, וועלכע איז ווייט נור אכט הונדערט מייל פון האָנג-קאָנג.

— מיין ליעבער מאן, האט פילעאַס פאָגג געענטפערט רוהיג. איך מוז פאהרען קיין יאָקאָהאַמאַ, ווייל איך וויל דעריאָגען דעם פאָסט דאמפפער, וועלכער געהט פון יאָקאָהאַמאַ קיין סאַן פראַנציסקאָ. וואס וועל איך טהאן אין נאַגאַסאַקי אדער אין שאַנחאַי?

— ווען איהר דארפט פאהרען קיין סאן פראנציסקא, האט דער מאטראז אויסגערופען מיט פרייד, איז פאר אייך גלייכער צו פאהרען קיין שאַנחאַי, ווייל דער פאסט דאמפפער פון יאָקאָהאַמאַ קיין סאן פראנציסקא פאהרט פארביי נאַגאַסאַקי און שאַנחאַי. אין נאַגאַסאַקי שטעהט ער נור עטליכע שטונדען, אין שאַנחאַי שטעהט ער אַ גאנצען טאג, ווייל שאַנחאַי איז דער הויפּט פארט פון כינא קיין אמעריקא. ערשט, ווען ער נעהמט אויף דיא פאסט פון שאַנחאָי, פאהרט ער קיין יאָקאָהאַמאַ, שטעהט דארט נור איינינע שטונדען, ביז ער נעהמט אויף דיא פאסט פון יאַפּאַן און געהט דאן שוין גלייך קיין סאן פראנציסקא.

— ביסט דוא זיכער, אז דער פאסט דאמפפער שטעהט אין שאַנחאַי א גאנצען טאג?

— געוויס, מיין הערר. איהר קענט פרעגען אין דער פאסט אפיס, וועט מען אייך זאגען, אז ער מוז דארט בלייבען.

— אלזא, וועט דער „קאַרנאַטיק“ שטעהן אַ גאנצען טאג אין שאַנחאַי?

— דאס איז זיין מאַרשרוט. ער קען אנדערש ניט געהן.

— ווען וועט ער ארויספאהרען פון שאַנחאַי?

— דעם 11טען נאוועמבער אום זיעבען אוהר אבענדס. היינט איז דער זעקסטער נאוועמבער. מיר האבען פאר אונז גאנצע פיער טעג, ווען מיר זאלען שוין דעם היינטיגען טאג ניט רעכענען, האבען מיר נאך פאר אונז זעקס און צוואנציג שטונדען. ווען דער ווינד וועט זיין גינסטיג פאר אונז, וועלען מיר אנקומען קיין שאַנחאַי דעם 11טען נאוועמבער אום מיטאגס צייט. איהר וועט נאך האבען צייט זיך א ביסעל אומצוקוקען אין שאַנחאַי.

— ווען קענען מיר ארויספאהרען פון דאנען?

— אין אַ שטונדע ארום. איך וויל נור קויפען פראָוויאַנט אויפין וועג און אויסשפרייטען דיא זעגעל פון מיין באָאט.

— אפגעמאַכט! האט פילעאַס פאָגג געזאגט. געהערט צו אייך דאס באָאט?

— יא, איך בין דער אייגענטהימער (בעל הבית) פון'ם באָאט „טאַנקאַדער". מיין נאמען איז דשאָן בונסבי.

— ווילט איהר עפּעס האנדגעלד, מיסטער בונסבי?

— ווען עס איז פאר אייך קיינע שוויערינקייט, וויל איך עפעס געלד. איך דארף קויפען אייניגע זאַכען.

— אט האט איהר צוויי הונדערט פונט האנד געלד; ווען איהר וועט מיך ברענגען פונקט צו דער צייט, וועל איך אייך גוט בעלוינען.

פילעאַס פאָגג האט זיך יעצט געווענדעט צום דעטעקטיוו, וועלכער איז געשטאנען אין געהאקטע וואונדען און האט צוגעזעהן זיינע צרות.

— ווען איהר ווילט, מיסטער, קענט איהר פאהרען מיט אונז. איך וועל אייך ניט רעכענען פאר דער רייזע.

— אה, איך דאנק אייך, מיין הערר! האט פיקס אויסגערופען. איך האב נור וואס געוואלט בעטען ביי אייך, איהר זאלט מיר ערלויבען צו פאהרען מיט אייך צוזאמען.

— אלזא, אין אַ האלבע שטונדע וועל איך זיין אויפין דעק פון'ם „טאַנקאַדער", האט פילעאַס פאָגג געזאגט ערנסט.

— וואו זאל אבער זיין דיעזער ארימער פאספארטו? האט אַאודאַ געפרעגט.

— איך וועל טהאן אלעס מעגליכע אום איהם צו געפינען, האט פילעאַס פאָגג געענטפערט.

ער האט גענומען אַאודאַ אונטערן ארים און איז מיט איהר געגאנגען אויף דיא פאליציי. דארט האט ער דערצעהלט, וויא זיין דיענער איז פערפאלען געווארען און האט אנגעגעבען זיינע קענצייכען (פרימעטעס). פון דער פאליציי איז ער געגאנגען צום פראנצייזישען קאנסול און האט איהם אויך דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע. פאספארטו איז דאך אַ פראנצויז. ער וועט געווים קומען צום פראנצייזישען קאנסול.

פילעאַס פאָגג האט איבערגעלאזען דעם פראנצייזישען קאנסול א פאר הונדערט פונט סטערלינג און האט איהם געבעטען, אין פאל, אז פאספארטו וועט

קומען צו איהם, זאל ער איהם געבען דאס געלד. ער זאל פאהרען צוריק קיין לאנדאן.

ווען ער האט דאס בעזארגט, איז ער נאך געגאנגען קויפען איינינע זאכען, וועלכע זיינען נאטהווענדיג אויף דיא רייזע אויף אזא קליין שיפעל, וויא ווייןִ, קאָניאַק און קאָנסערוועןִ.

פיקס איז אויך געגאנגען זיך אנגרייטען פראוויאנט אויפ'ן וועג. ווען מען פאהרט אויף אַ גרויסען דאמפפער, דארף מען זיך ניט אנגרייטען, מען קען קריגען אלעס אויפ'ן שיף. דיא טאַנקאַדער אבער איז געווען נור אַ באָאָט פון א פילאט, דא האט מען אלעס געמוזט אנגרייטען, אלעס מיטנעהמען מיט זיך.

פונקט דריי אוהר זיינען דיא פאסאזשירען מיט זייער באגאזש שוין געווען אויפ'ן דעק פון „טאַנקאַדער". ערשט יעצט האט פילעאַס פאָגג געקענט זיא בעטראַכטען.

דיא „טאַנקאַדער" איז געווען א סקונער פון עטליבע און צוואנציג טאָנען אינהאלט. זיא האט געהאט צוויי זעגעל ביימער און נייע שטארקע זעגעל. זיא איז געווען זעהר ריין און שעהן. אלעס אויף איהר האט געגלענצט און געפונקעלט. דשאן בונסבי איז געווען אַ גוטער מאטראז און א גוטער ווירטה. ער האט ליעב געהאט, אז אויף זיין סקונער זאל אלעס זיין אין דער בעסטער ארדנונג.

דשאן בונסבי אליין איז געווען אַ מאַן פון א יאהר פערציג. ער איז געווען ניט הויך, אבער שטארק געבויט. זיין ברוינעס געזיכט, וועלכעס איז געווען פערברענט פון דער זון און זיינע הארטע, אייזערנע הענד, האבען געוויעזען, אז ער האט אלע זיינע יאהר פערבראכט אויפ'ן מעער.

ער האט געהאט מיט זיך פיער מאטראזען, עבענפאלס געזונדע, קרעפטיגע מענער, וועלכע זיינען גוט געווען בעקאנט מיט'ן מעער. דאס זיינען געווען עכטע „מעער וועלף", וויא מען רופט זיי.

דשאן בונסבי האט אראפגעפיהרט פילעאַס פאָגג און מיסיס אַאודאַ אין אַ קליינע, אבער גאנץ ריינע קאַיוטע און האט זיי געוויעזען.

— דיעזע קאַיוטע קען איך אפגעבען פאַר דיא ליידי, האט ער געזאגט, איהר וועט מוזען צופריעדען זיין מיט אַ קאַיוטע פאַר דיא מאטראזען.

— שוין גוט, מיסטער בונסבי! האט פילעאַס פאָגג געענטפערט.

דיא קליינע קאַיוטע איז געווען זעהר שעהן איינגעארדענט. עס איז אין איהר געשטאנען אַ דיוואן, א קליין טישעלע, א קאָמאד און פון דער דעקע איז אראפגעהאנגען א לאמפ. ביי איין וואנד איז געהאנגען א האַמאַק, א הענג בעטעל פאַר מיסטער בונסבי. יעצט האט זיך אין דיעזער קאַיוטע איינגעארדענט מיסיס אַאודאַ.

פילעאַס פאָגג איז ארויפגעגאנגען אויפ'ן דעק זובען זיין פאסאזשיר, מיסטער פיקס. ער האט איהם געפונען שטעהן אויפ'ן דעק מיט זיינע פעקלעך און בינטלעך.

— קומט אראפ, מיסטער, לעגט אוועק אייערע בינטלעך אין אונזער קאַיוטע,

האט ער איהם געזאגט. שלאָפען וועט איהר שוין מוזען מיט מיר צוזאמען אין דער קאַיוטע פון דיא מאטראזען.

פיקס האט איהם געדאנקט און איז אראפגעגאנגען מיט איהם אין דער קאַיוטע. ער איז געוועזן אביסעל איבערראשט פון פילעאַס פאָגג'ס גוטסקייט און פריינדליכקייט. עס האט איהם זאגאר פערדראסען, וואס פילעאַס פאָגג איז אזוי פריינדליך געגען איהם.

— ער איז א גאנץ העפליכער רויבער, האט ער זיך געטראכט. ער איז אבער דאך אַ באנק רויבער און, ווען איך וועל נור קענען, וועל איך איהם געוויס ארעסטירען.

אין איניגע מינוטען ארום איז אלעס געוועזן פערטיג צו דער רייזע. דיא זעגעל זיינען געוועזן אויסגעצויגען און הויך אויפ'ן ערשטען זעגעל בוים האט געוועהט דיא ענגלישע פלאַג.

פילעאַס פאָגג, אַאודאַ און פיקס זיינען געזעסען אויפ'ן דעק. אַאודאַ האט זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען. זיא האט געזוכט מיט דיא אויגען פאַספּאַרטו. פיקס האט געציטערט, פיעללייכט קומט אן דער פראנצויז און וועט אלעס אויס-זאגען. ער וועט דערצעהלען, ווער פיקס איז און וויא אזוי ער האט איהם פער-שיכורט אין אַ שענק, אום ער זאל ניט זאגען פילעאַס פאָגג ווען דער „קאַרנאַטיק" וועט אוועקגעהן.

צום גליק, איז פאספארטו ניט געקומען. דיא טאַנקאַדער איז געוועזן בערייט אוועקצופאהרען. דשאן בונסבי האט געגעבען א פייף צו זיינע מאטראזען, זיי האבען זיא אפגעבונדען פון'ם דאק און זיינען ארויסגעפאהרען פון האָנג-קאָנג.

אין א האלבע שטונדע ארום האט מען קוים נאך געזעהן דעם הויכען בערג, פיק פון האָנג-קאָנג.

## 21טעס קאפיטעל.

## דשאן בונסבי שטעהט אין אַ ריסק, ער זאל פערליערען דיא צוויי הונדערט פונט, וועלכע פילעאַס פאָגג האט איהם צוגעזאגט.

מען מוז זיין גוט בעהארצט, מען זאל זיך אונטערנעהמען צו מאכען א רייזע פון אכט הונדערט מייל אויפ'ן וואסער אין אזא קליינעם סקונער און נאך אין מאנאט נאוועמבער.

דשאן בונסבי וואלט געוויס בעסער געוואלט פיהרען זיינע פאסאזשירען קיין יאָקאָהאַמאַ. הונדערט פונט א טאג פערדיענט א מאטראז ניט אזוי לייכט. ווען קען זיך איהם פארשטעלען נאך אזא געלעגענהייט צו פערדיענען אזוי פיעל געלד?

דשאן בונסבי איז אבער געוועזן אן איבערלעגטער מענש. ער האט זיך גוט איבערגערעכענט און האט געפונען, אז פאהרען אכט הונדערט מייל קען ער נאך ריסקירען, אבער פאהרען זעכצעהן הונדערט מייל איז א צו גרויסער ריסק.

אויסער דעם איז איהם דער וועג קיין שאַנחאַי געווען גוט בעקאַנט. ער איז שוין געפאהרען עטליכע מאל קיין שאַנחאַי און האט געגלויבט, אז זיין „טאַנקאַדער" וועט אויסהאלטען אזא רייזע.

דיא מאַטראָזען זיינען וויא דיא פֿוהרמאַנס (בעלי עגלות). יעדער שטאָלצירט מיט זיין שיף; יעדער האט צוטרויען צו זיין שיף; יעדער רעכענט, אז זיין שיף איז דאס שנעלסטע און בעסטע איז דער וועלט. ווען מען ליענט איבער יאהרען לאַנג אין מעער; ווען מען האט שוין פֿיעלע מאל געזעהן פֿאר זיך דעם טויט און עטליכע שוואַכע ברעטער האבען אויסגעהאַלטען דעם שווערן קאמפף מיט דיא וועללען (כוואַליעס) פֿון'ם מעער. — ווערט דער מענש אבערגלויביש און האט א בעזאנדערעס צוטרויען צו דיא עטליכע שוואַכע ברעטער.

דשאָן בונסבי האט פֿון דער ערשטער מינוט אן געוויעזען, אז ער איז א פֿעהיגער און טיכטיגער מאַטראָז. אין דיא ערשטע עטליכע שטונדען פֿון זייער רייזע האט פֿילעאַס פֿאָגג זיך צוגעקוקט צו אלע בעוועגונגען פֿון דער „טאַנקאַדער" און צו יעדען בעפֿעהל, וואס דשאָן בונסבי האט געגעבען צו זיינע מאַטראָזען. ער האט זיך באלד איבערצייגט, אז ער האט געטראָפֿען דעם ריכטיגען מענשען.

ווען האָנג־קאָנג איז ענדליך אין גאנצען פֿערשוואונדען און זיי האבען געזעהן ארום זיך נור וואַסער און הימעל, האט זיך פֿילעאַס פֿאָגג געווענדעט צו דשאָן בונסבי, דעם שיפֿס קאַפּיטאַן, ערשטער און צווייטער אָפֿיציער און אייגענטהימער (בעל הבית) פֿון דער „טאַנקאַדער" און האט איהם געזאגט:

— מיסטער בונסבי, איך זעה, אז איך דארף אייך ניט זאגען נאך א מאל אז מיין צייט איז זעהר קורץ און איך וויל, אז דיא „טאַנקאַדער" זאל פֿאהרען אזוי געשווינד, וויא נור מעגליך.

— איהר מעגט אייך פֿערלאָזען אויף מיר, האט דשאָן בונסבי געענטפֿערט. איהר זעהט דאך, אז איך האב אויפֿגעצויגען אלע זעגעל. הייסען מיינע מענשען, זיי זאלען געברויכען דיא רודער, איז איבעריג.

— דאס איז אייער זאך, מיסטער בונסבי. איך פֿערשטעה זעהר ווענינ דיא גרויסע קונסט צו פֿיהרען אַ שיף, האט פֿילעאַס פֿאָגג געענטפֿערט.

עס האט אנגעהויבען דונקעל צו ווערן. פֿילעאַס פֿאָגג איז געשטאַנען אויפֿ'ן דעק און האט בעטראַכט דאס מעער, וויא עס האט גערוישט און געוואָרפֿען זיינע שטילע וועללען (כוואַלעס).

אַאודאַ איז געזעסען לעבען א זעגעל בוים און האט אויך בעטראַכט דיעזע שעהנע סצענע. דיא ווייסע זעגעל פֿון דער „טאַנקאַדער" זיינען געווען אויסגעשפרייט, וויא דיא גרויסע פֿליגעל פֿון אן אַלבאַטראָס (א מעער אדלער); זיא איז געפֿלויגען זעהר שנעל אויף דיא בלויע וואַסערן פֿון'ם כינעזישען מעער.

עס איז געוואָרען נאכט. דשאָן בונסבי האט אנגעצונדען צוויי לאַנטערנען, איינע מיט רויטע שויבען האט ער אויפֿגעהאנגען אויפֿ'ן זעגעלבוים פֿון פֿאָרנט און איינע מיט גרינע שויבען האט ער אויפֿגעהאנגען אויפֿ'ן זעגעלבוים פֿון הינטען.

ער האט מורא געהאט, עס זאל ניט אנקומען א שיף פון ערגעץ און זאל זיך ניט אנשטויסען אן דער „טאנקאדער".

אין יענע געגענדען פאהרען ארום זעהר פיעל כינעזישע דשונקאס, טאמפאס און אנדערע קליינע כינעזישע שיפען, וועלכע זיינען זעהר שווער און אומגעלומ-פערט. זיי קענען זיך ניט ריהרען און אויסדרעהן אזוי פלינק, וויא דיא אייראפעאישע שיפען.

פיקס איז דיא גאנצע צייט אויך געשטאנען אויפ'ן דעק. ער איז אבער געשטאנען ווייט פון פילעאס פאגג און אאודא. ער האט געוואוסט, אז פילעאס פאגג איז א מענש, וועלכער האט ניט ליעב פיעל צו רעדען. אויסער דעם איז איהם געווען זעהר אונאנגענעהם צו רעדען מיט פילעאס פאגג, וועלכער האט איהם אזוי העפליך און אזוי פריינדליך אנגעבאטען זיין גאסטפריינדשאפט.— ער וויל איהם ארעסטירען און איהם שטעלען פארן געריכט אלס באנק רויבער און מוז אנגעהמען זיין גאסטפריינדשאפט. עסען מיט איהם צוזאמען, טרינקען מיט איהם צוזאמען און שלאפען מיט איהם צוזאמען!

— ער איז א רויבער און נאך א געשיקטער רויבער דערצו, האט זיך פיקס געטראכט. דאס איז קלאר, וויא דער טאג. ער האט ניט געוואלט פאהרען פון לאנדאן גלייך קיין אמעריקא, ווייל דאס איז דער געוועהנליכער וועג, וואס אלע גנבים און באנק רויבער נעהמען. אויף דיעזען וועג איז זעהר לייכט איהם צו ארעסטירען. עס האט שוין ניט איינמאל פאסירט, אז דיא ניו יארקער געהיים פאליציי און דיא לאנדאנער געהיים פאליציי גיבען איינע דעם אנדערן דיא הענד.

פילעאס פאגג איז געפאלען אויף אנאנדער פלאן: ער וויל קומען קיין אמע-ריקא איבער אינדיען, כינא און יאפאן. דיא געהיים פאליציי אין סאן פראנציסקא איז זעהר נאכלעסיג. זיא קוקט זיך זאגאר ניט אום אויף דיא רויבער און מער-דער, וועלכע געפינען זיך ביי איהר אונטער דער נאז, אין קאליפארניען. מיט קיין באנק רויבער פון ענגלאנד וועט זיא זיך גאר ניט וועלען אפגעבען.— אמע-ריקא איז דאך דער צופלוכטס ארט (ערי מקלט) פאר יעדען גנב, רויבער און מערדער.

יעצט איז אבער דיא פראגע: וואס וועט פיקס טהאן, ווען ער וועט אנקו-מען קיין אמעריקא?

איבער דיעזע פראגע האט זיך פיקס ניט לאנג געבראכען דעם קאפ.— פי-לעאס פאגג וועט זיך געוויס ערגעץ בעזעצען אין א קליין ארט אין אמעריקא און וועט דארט רוהיג פערלעבען דאס געלד, וואס ער האט אוועקגערויבט פון דער דער ענגלישער באנק. פיקס וועט פון איהם קיין אויג ניט אראפלאזען. ער וועט טעלעגראפירען קיין לאנדאן. דיא ענגלישע רעגיערונג וועט פארדערן פון דער אמעריקאנישען רעגיערונג, אז זיא זאל ארויסגעבען דעם באנק רויבער. ער וועט איהם ארעסטירען, וועט איהם ברענגען קיין לאנדאן און וועט דאך עפעס האבען פאר זיין מיה און זיין שווערע ארבייט.

דיא איינציגע זאך, וואס ער מוז אפהיטען, איז, אז פאספארטו זאל זיך ניט

צונויפֿקומען מיט פֿילעאַס פֿאָגג. דערמיט איז ער דערווייל זיכער. דער פֿראַנצויז וועט מוזען בלייבען אין האָנג-קאָנג. פֿון דאָרט וועט ער געוויס צוריקפֿאָהרען קיין פֿראַנקרייך אָדער קיין ענגלאַנד.

פֿילעאַס פֿאָגג האָט זיך נור געוויזען, אַז ער איז אַזוי גאַנץ רוהיג. אין דער וואָהרהייט אָבער האָט ער אַלץ געטראַכט, וואָס האָט געקענט אַהינקומען פּאַספּאַרטו? וויא אַזוי איז ער אַזוי פּלוצלונג פֿערשוואונדען? אַאודאַ פֿלעגט אויך פֿון צייט צו צייט איהם דערמאַנען און פֿרעגען: וואו זאָל זיין יעצט דער פֿרעהליכער פֿראַנצויז? זיא איז געווען אַן עכטע אינדיאַנערין. זיא איז אויפֿגעוואַקסען אין אינדיען, וואו דיא פֿרויען זיינען מייסטענס פֿערשפּאַרט אין זייערע צימער און קומען זעלטען אין אַ געזעלשאַפֿט פֿון מענער. דער יונגער, פֿרעהליכער און לוסטיגער פֿראַנצויז האָט זיא פֿעראינטערעסירט. זיא האָט איהם אָפֿט דערמאַנט.

— ער איז געוויס אַרויסגעפֿאָהרען אויפֿ'ן „קאַרנאַטיק“, האָט ענדליך פֿילעאַס פֿאָגג געזאָגט. אַנדערש קען איך מיך ניט פֿאַרשטעלען. וויא אַזוי ער איז פֿערשוואונדען. ווען מיר וועלען קומען קיין יאָקאָהאַמאַ וועלען מיר איהם מוזען זוכען. ער איז אַ פֿראַנצויז און וועט געוויס געהן צום פֿראַנצייזישען קאָנסול אין יאָקאָהאַמאַ.

דיא צייט איז פֿערגאַנגען שנעל. אום צעהן אוהר האָט זיך אויפֿגעהויבען אַ ווינטעל. דשאָן בונסבי איז געווען צופֿריעדען מיט'ן ווינט. דיא „טאַנקאַדער“ איז געלאָפֿען שנעלער.

עס איז געוואָרען קיהלער. אַאודאַ און פֿילעאַס פֿאָגג זיינען אַראָפּגעגאַנגען אין זייער קאַיוטע. אַאודאַ איז אַריינגעגאַנגען אין בונסבי'ס קאַיוטע און פֿילעאַס פֿאָגג איז געגאַנגען אין דיא קאַיוטע פֿון דיא מאַטראָזען. דאָרט האָט ער געפֿונען פֿיקס'ן שלאָפֿען אויף אַ הענגבעטעל פֿון אַ מאַטראָז. דער קאַפּיטאַן בונסבי מיט זיינע מאַטראָזען זיינען אַ גאַנצע נאַכט געבליעבען אויפֿ'ן דעק.

דעם אַנדערן טאָג אין דער פֿריה איז פֿילעאַס פֿאָגג אַרויפֿגעקומען אויפֿ'ן דעק און האָט געפֿרעגט דעם קאַפּיטאַן, וויפֿיעל זיי זיינען איינגעפֿאָהרען איבער נאַכט.

— מיר זיינען איינגעפֿאָהרען מעהר אַלס הונדערט מייל דיעזע נאַכט, האָט דשאָן בונסבי געענטפֿערט. ווען דער ווינד זאָל אונז זיין שטענדיג אַזוי גינסטיג, וויא דיעזע נאַכט, בין איך זיכער, אַז דעם 11טען נאָוועמבער גאַנץ פֿריה וועלען מיר שוין זיין אין שאַנכאַי.

דער ווינט איז געווען גינסטיג פֿאַר אונזערע רייזענדע דעם גאַנצען טאָג פֿון'ם 8טען נאָוועמבער. דיא „טאַנקאַדער“ האָט זיך געגליטשט זעהר שנעל אויפֿ'ן גלאַטען שפּיגעל פֿון'ם כינעזישען מעער. פֿילעאַס פֿאָגג און מיסיס אַאודאַ זיינען אַ גאַנצען טאָג געזעסען אויפֿ'ן דעק. זיי האָבען געגעסען מיט'ן גרעסטען אַפּעטיט און האָבען איינגעלאַדען דעם דעטעקטיוו, ער זאָל אויך עסען מיט זיי. עס איז איהם געווען אונאַנגענעהם צו עסען מיט אַ באַנק רויבער, וועלכען ער איז נאָכגעפֿאָהרען אום איהם צו אַרעסטירען; ער האָט זיך אָבער ניט געקענט אָפּזאָגען. ער האָט געמוזט אַנגעהמען דיא איינלאַדונג און עסען צוזאַמען מיט דעם

מענשען, וועלכען ער האט געהאלטען פאר אַ פערברעכער. עס האט איהם גע-
ווארגען יעדער ביסען, וואס ער האט געגעסען. ער האט אבער דאך געגעסען.
נאכ'ן עסען האט ער אוועקגערופען פילעאַס פאָגג אן אַ זייט און האט איהם
געזאגט:

— מיין הערר—

מען קען זיך דענקען, מיט וואס פאר אַ הארץ ער האט געזאגט: מיין
הערר! צו אַ מענשען, וועלכען ער האט געהאלטען פאר אַ גנב, אַ רויבער. ער
האט זיך אבער ניט געקענט העלפען. אין דער לאגע, וואס ער איז געווען, האט
ער אנדערש ניט געקענט. ער האט איהם געמוזט רופען: מיין הערר!

— מיין הערר, איהר זייט געווען זעהר פריינדליך, וואס איהר האט מיר
ערלויבט צו פאהרען אויף אַ שיף, וועלכע איהר האט אין גאנצען אפגעדונגען.
היינט האט איהר מיך איינגעלאדען צו עסען מיט אייך. דאס איז שוין צופיעל!
דאס קען איך מיר ניט ערלויבען! איך בין צוואר ניט רייך, איך וויל אבער ניט
עסען אומזיסט. איך וויל אייך בעצאהלען, וויפיעל עס וועט אויסקומען אויף מיין
טהייל. —

— רעדט גאר נישט פון אזעלכע נאררישקייטען! האט פילעאַס פאָגג אויס-
גערופען.

— איך קען עס אבער ניט! האט פיקס געענטפערט.

— קיין ווארט דערפון! האט פילעאַס פאָגג געזאגט ערנסט. איך האב
פריהער אויסגערעכענט אלע מיינע אויסגאבען. אלעס שטימט.

מעהר האט ער ניט געוואלט רעדען. ער האט זיך אומגעקעהרט צו מיסיס
אַאודאַ. פיקס איז אוועקגעגאנגען, וויא אן אפגעבריהטער. ער איז אראפגעגאנגען
אין דער קאַיוטע און האט זיך א גאנצען טאג ניט געוויזען אויפ'ן דעק. אזא העפ-
ליכען און גוטען רויבער האט ער נאך קיין מאל ניט געזעהן.

דיא „טאַנקאַדער" איז אונטערדעסען געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער.
דאס וועטער איז געווען שעהן און דער ווינד גינסטיג. דשאן בונסבי האט עטליכע
מאל ווידערהאלט, אז ער האפט, זיי וועלען אנקומען קיין שאַנחאַי פונקט צו
דער צייט. פילעאַס פאָגג האט געענטפערט רוהיג.

— איך האב מיך אויף אייך פערלאזען.

דשאן בונסבי און זיינע מאטראזען האבען געארבייט פלייסיג. הונדערט
פונט סטערלינג אַ טאג און נאך צוויי הונדערט פונט אַ בעלוינונג איז א שעה-
נעס געלד. יעדער האט זיך צוגעקוועט צו דער קלענסטער זאך, צו יעדען שטיקעל
זעגעל, צו יעדעס ברעטעלע, צו יעדען נאגעל אין זייער באָאט. — אלעס איז גע-
ווען אין דער בעסטער ארדנונג. אלעס איז געווען צוגעפאַסט און איינגעארדענט,
וויא עס דארף זיין.

געגען אבענד האט דשאן בונסבי געמעלדעט, אז זיי זיינען שוין איינגע-
פאהרען צוויי הונדערט און צוואנציג מייל פון האָנג-קאָנג. פילעאַס פאָגג האט
ארויסגענומען זיין נאטיץ בוך און האט געמאַכט זיין רעכנונג. ווען ער קומט ביי

יאָקאָהאַמאַ דעם 14טען נאוועמבער, האט ער ניט געוואונען און ניט פערלארען קיין צייט.

ביי נאכט איז דער טאַנקאַדער דורכגעפאהרען דיא מעער ענגע—א שמאלער פאס מעער צווישען צוויי שטיקער לאנד—וועלכע געפינט זיך צווישען דער גרויסער אינזעל פארמאָזאַ און דאס לאנד כינאַ. דיא אינזעל פארמאָזאַ געהערט אויך צו כינאַ. אין דיזער מעער ענגע איז דאס מעער געווען זעהר אונרוהיג. דיא „טאַנקאַדער" איז געגאנגען לאנגזאם און דשאן בונסבי מיט זיינע מאטראזען האבען געאַרבייט זעהר שווער.

אין דער פריה איז דער ווינד געווארען שטארקער. בונסבי האט א קוק געטהאן אויפ'ן הימעל און איז געווארען ערנסט. אלס אלטער מאטראז, האט ער דערקענט אן דעם הימעל, אז דאס וועטער וועט זיך ענדערן. עס וועט זיין א שטורמווינד.

דיא לופט איז געווען שווער און שטיקענד. געגען אָכט אוהר האט זיך געוויזען ארום דער זון אַ רויטער וואלקען. דאס מעער איז געווען צוואר רוהיג, עס האבען זיך אבער אויפגעהויבען הויכע, לאנגע וועלען, וועלכע האבען אנגעהויבען צו שיינען מיט אַ בלויע ליכטיגקייט.

עס איז געווארען שטארק פינסטער. דאס גאנצע מעער האט אנגעהויבען צו שיינען מיט אַ מאטען, בלויען שיין, וויא דער שיין פון פערפוילט האלץ.

דשאן בונסבי האט אַ לאנגע צייט בעטראכט דעם הימעל און דאס מעער. מיט יעדער מינוט איז ער געווארען אלץ ערנסטער. ער האט דייטליך געזעהן, אז עס קומט אן איינער פון דיא שרעקליכע שטורמווינדען, וועלכע זיינען זעהר געפעהרליך פאר דיא שיפען אין דיא כינעזישע מעערן.

— ווען דיא גרויסע דאמפף שיפען, דיא ריעזען, ציטערן פאר אזא שטורםווינד, האט ער זיך געטראכט, וויפיעל מעהר דארף איך מורא האבען מיט מיין שוואכעס באָאָט?

ענדליך איז ער צוגעגאנגען צו פילעאַס פאָגג און האט איהם געפרעגט:

— קען איך עפעס רעדען מיט אייך?

— בימע! רעדט! האט פילעאַס פאָגג געענטפערט.

— מיר וועלען האבען אַ שטורם.

— פון וואס פאר אַ זייט וועט קומען דער שטורם, פון דיא נארד זייט אדער פון דיא זיד זייט? האט פילעאַס פאָגג געפרעגט גלייכגילטיג.

דיא „טאַנקאַדער" איז געפאהרען פון זידען קיין נארדען (פון דרום קיין צפון).

— דער שטורם וועט קומען פון דער זיד זייט (פון דרום). — עס איז אבער קיין געוועהנליכער שטורם. איך האב מורא, מיר וועלען האבען א טייפון, איינער פון דיא שרעקליכסטע שטורמווינדען אין דיזע וואסערן.

— דאס שאדעט ניט, האט פילעאַס פאָגג געזאגט. ווען דער טייפון וועט קומען פון זידען, וועט ער אונז טרייבען קיין נארדען. מיט אזא טייפון בין איך צופריעדען.

— אויב אַזוי, האָב איך מיט אייך ניט וואָס צו רעדען, האָט דשאָן בונסבי געזאָגט.

מיט דיעזע ווערטער איז ער זיך אוועקגעגאַנגען צום רעדעל פֿון דער „טאַנקאַדער“. ער האט זעהר גוט געוואוסט, וואס אַ טייפֿון איז. אים זומער, אין דער ווארעמער צייט, געדויערט א מאל דער טאייפֿון א גאַנץ קורצע צייט. ער מאַכט א שעהנעס פֿייערווערק אויפֿ'ן הימעל. אין אַ צייט פֿון אַ שטונדע הערט דאס בליצען גאר ניט אויף. עס האלט אין איין בליצען. אין ווינטער אבער קען א טייפֿון געדויערן אַ גאַנצען טאג. דאס מעער רוישט און קאכט אזוי שטאַרק, אז דיא וואסערן פֿון דער גרעסטער טיעפֿעניש קומען אַרויף. אזא טייפֿון איז זעהר געפֿעהרליך פֿאר דיא שיפֿען, וועלכע ער טרעפֿט אויף זיין וועג.

דשאָן בונסבי האט געטהאן אלעס מעגליכע אום אויסצוהאלטען דעם טייפֿון. ער האט צונויפֿגעצייגען אלע זעגעל, האט בעפֿעסטיגט און צוגעבונדען דיא קליינע רעטונגס שיפֿלעך און האט זיך פֿערזארגט מיט אלע זאכען, וועלכע זיינען נעטהיג אין אזא פֿאל. ער האט געבעטען זיינע פאסאזשירען, זיי זאלען אראפגעהן אין זייערע קאיוטען און זאלען פֿערמאכען פֿעסט דיא טהירלעך.

— דיא וועללען (כוואליעס) וועלען געוויס אריבערגעהן איבערן דעק, האט ער זיי געזאגט. איהר וועט ווערן נאַס. דאס איז נאך אַ קלייניגקייט. עס מאַכט זיך א מאל, אז עס קומט אן א שרעקליכע כוואַליע און שווענקט אראפ אלעס פֿון'ם דעק. מיר, מאטראזען זיינען שוין געוואינט דערצו. א מענשען, וועלכער איז ניט געוואינט דערצו, קען דיא כוואליע אראפשלעפען אין מעער.

פֿילעאַס פֿאָגג און אַאודאַ האבען איהם אנפֿאנגס געפֿאלגט און זיינען אראפגעגאנגען אין דער קאַיוטע. עס איז אבער געוועזען אונמעגליך איינצוזיצען אין אַ קליין צימערל און נאך אין דער פֿינסטער. דיא לופֿט איז אויפֿ'ן דעק אויך געוועזען זעהר שווער און שטיקענד. אין דער קאַיוטע האט מען שוין גאר ניט געקענט אויסהאלטען.

זיי האבען געמוזט צוריק ארויפֿגעהן אויפֿ'ן דעק. פֿיקס איז זיי נאכגעגאנגען. ער האט אויך ניט געקענט איינזיצען אין דער פֿינסטערער און דומפֿיגער קאַיוטע. דשאָן בונסבי האָט געהייסען אויסציעהען שטריק אויפ'ן דעק פון דיא זעגעל בוימער צו דיא קאַיוטען און האָט אָנגעזאָגט זיינע פאסאַזשירען, זיי זאָלען זיך האַלטען פעסט אן דיא שטריק.

אין דרויסען איז געוועזען שטיל און רוהיג. אַלע האָבען געוואַרט. ביי יעדען האָט דאָס האַרץ שטאַרק געקלאַפּט. יעדער האָט געוואוסט, אז דאָס מעער וועט באַלד אויפשפּיעלען איינע פון זיינע זאָנדערבאַרע טענץ, וועלכע, ווען מען זעהט איין מאָל אין לעבען, קען מען שוין אייביג ניט פערגעסען.

אום אכט אוהר האָט זיך אָנגעהויבען אַ ווינד. עס האָט אָנגעהויבען צו רעגנען. פון מינוט צו מינוט איז דער ווינד געוואָרען שטאַרקער און שטאַרקער. דאָס מעער האָט אָנגעהויבען צו רוישען, צו קאָכען און צו שוימען, וויא אַ קעסעל. כוואַליעס, הויך וויא דיא בערג, האָבען אויפגעהויבען דיא קליינע און

שוואכע „טאַנקאַדער“ אין האבען זיא געווארפֿען פֿון איינער צום אנדערן, וויא קינדער ווארפֿען איינער צום אנדערן א גומי באַלל.

דיא בייזע כוואַליעס וואלטען זיא געווים געוועזען פֿערשלונגען, ווען ניט דער געשיקטער און געאיבטער מאטראז, דשאן בונסבי. ער האט שוין איבערגעלעבט שטורמווינדען אין דיעזע וואסערן און האט געוואוסט, וויא אזוי צו קירעווען זיין באָאט אין אזא שטורם. קוים האט אַ גרויסע כוואליע א ווארף געטהאן דיא „טאַנקאַדער“, האט ער א דרעה געטהאן דאס רעדעל און זיין שיפֿעלע איז שוין געזעסען אויפֿן ברייטען רוקען פֿון אנאנדער כוואַליע. מען וואלט געקענט זאגען, אז ער האט זיך געשפיעלט אדער געדרייצט מיט דיא כוואַליעס.

פֿילעאַס פֿאָגג, אַאודאַ און פֿיקס האבען זיך אנגעהאלטען פֿעסט אן דיא שטריק און האבען צוגעזעהן דעם שרעקליכען קאַמפֿף, וואס פֿיער מענשען שטעלען זיך אונטער צו קעמפֿפֿען מיט'ן ווילדען און בייזען מעער. פֿון צייט צו צייט פֿלעגט אנקומען א גרויסע כוואליע און פֿלעגט זיי אפגיעסען פֿון קאפ ביז אין דיא פֿים.

פֿיקס פֿלעגט זיך יעדעס מאל אפטרייסלען, וויא א נאסער קאָטער. איהם איז שטארק ניט געפֿעלען אזא סארט קאלטע בעדער. פֿילעאַס פֿאָגג איז געבליעבען רוהיג און קאלטבלוטיג, גלייך וויא ער זיצט אין רעפֿארם קלוב און לעזט צייטונגען. אַאודאַ פֿלעגט יעדעס מאל, ווען דיא כוואליע איז פֿאראיבערגעגאנגען, א קוק טהאן אויף פֿילעאַס פֿאָגג. זיא האט געשעפּט מוטה און שטארקייט פֿון זיין גלייכגילטיגקייט.

דער שטורם איז געווארען מיט יעדער מינוט שטארקער. א גאנצען טאג האט דער טאפּפֿערער דשאן בונסבי געקעמפֿפֿט געגען דעם שטורם. אין דרויסען איז נאך געוועזען גענוג ליכטיג אום צו זעהן, וואו מען איז אין דער וועלט. ביז אהער האט דער ווינד געבלאזען פֿון זיד קיין נארד (פֿון צפֿון קיין דרום) און האט געטריעבען דיא „טאַנקאַדער“ אלץ ווייטער און ווייטער.

געגען אבענד האט זיך דער ווינד אויסגעדרעהט און האט אנגעהויבען צו בלאזען פֿון אנאנדער זייט, דיא כוואַליעס האבען יעצט געטראָגען דיא „טאַנקאַדער“ אין זייט. עס איז געווארען זעהר שווער זיא צו קירעווען. דשאן בונסבי מיט זיינע מאטראזען זיינען שוין מיעד געווארען. וויא אנגעגעהם עס איז צו צו פֿערדיענען געלד, אַ מענש קען דאך ניט טהאן מעהר, וויפֿיעל זיינע קרעפֿטען ערלויבען איהם.

עס האט אנגעהויבען פֿינסטער צו ווערן. דער שטורם האט גערוישט און געקאכט נאך שטארקער. דשאן בונסבי איז געווארען אלץ ערנסטער און ערנסטער.

— מיר מוזען זעהן צו פֿאהרען ערגעץ צו א פארט אין כינא אדער אויף דער אינזעל פֿאָרמאָזאַ, האט ענדליך געזאגט איינער פֿון דיא מאטראזען. ביי טאג האבען מיר אויסגעהאלטען דעם שטורם, ביי נאכט אבער איז עס א צו גרויסער ריסק.

דשאן בונסבי האט ניט געענטפֿערט. ער האט איינגעזעהן, אז זיין מאט־

ראז האט רעכט. ער האט זיך נאך איבערלעגט איינינע צייט און איז ענדליך צוגעגאנגען צו פּילעאַס פאַגג.

— מיין הערר! איך מיין, אז עס וועט זיין גלייכער, מיר זאלען צופאהרען ערגעץ צו אַ פארט אין כינא אדער אויף דער אינזעל פאָרמאָזא, האט ער איהם געזאגט.

— איך מיין אויך אזוי, האט פּילעאַס פאַגג געענטפערט רוהיג.

— דיא פראגע איז נור, צו וואס פאר א פארט זאלען מיר צופאהרען? האט דשאן בונסבי געפרעגט.

— איך וויים נור פון איין פארט, האט פּילעאַס פאַגג געענטפערט.

— וויא הייסט ער? וועל איך צופאהרען אהין.

— ער הייסט שאַנחאַי!

איינינע מינוטען האט דשאן בונסבי ניט פערשטאנען, וואס פּילעאַס פאַגג מיינט. ער האט ניט געקענט פערשטעהן, וויפיעל מוטה און וויפיעל ענטשלא-סענהייט עס זיינען געווען אויסגעדריקט אין פּילעאַס פאַגג׳ס לעצטע ווערטער. באלד אבער האט ער עס פערשטאנען. דער קוראַזש פון פּילעאַס פאַגג האט איהם איבערראשט. ער האט זיך אויפגעחאפּט, וויא איינער פון אַ שווערן שלאף און האט אויסגערופען:

— איהר האט רעכט, מיין הערר! איך פאהר קיין שאַנחאַי!

מיט דיזע ווערטער איז ער צוגעגאנגען צום רעדעל און האט געפיהרט דיא „טאַנקאַדער" קיין נארדען — קיין שאַנחאַי.

דיא נאכט איז געווען אַ שרעקליכע זאגאר פאר אזעלכע מענשען, וויא דשאן בונסבי מיט זיינע מאטראזען. אזא שטורם האבען זיי נאך קיין מאל ניט דורכגעמאכט.

אַאודאַ האט זיך קוים געהאלטען אויף דיא פיס. זיא איז געווען שרעקליך מיעד און האט דאך ניט געוואלט אראפּגעהן אין דער קאַיוטע. פּילעאַס פאַגג איז איינינע מאל צוגעגאנגען צו איהר זיא העלפען און שטיצען, אז דיא שרעקליכע כוואליעס זאלען זיא ניט אראפּשווענקען פון׳ם דעק.

פיקס האט זיך צוגעבונדען צו אַ זעגעלבוים און איז זיך געשטאנען גאנץ רוהיג. ער האט געוויס ניט געוואלט דערטרונקען ווערן און וואלט געווען זעהר צופריעדען, ווען זיי זאלען ערגעץ צופאהרען צו אַ פארט. ער האט זיך אבער ניט געקענט אריינמישען. ער איז דאך ניט מעהר, וויא אַ פרעמדער, וועלכען מען האט אויפגענומען פאר רחמנות אויפ׳ן שיף.

אזוי איז פערגאנגען דיא נאכט. דער טייפון האט געוויטען אלעס, וואס ער קען. ער האט גערוישט, געפּייפט, געברומט און געזומט. און דאך זיינען זיעבען מענשען געפאָהרען אויף א קליין שיפעל און האבען געקעמפּפט געגען איהם. עס האט זיי ניט געהארט, וואס ער בייזערט זיך. זיי האבען געקעמפּפט און געזיעגט!

עס איז געווארען טאג. דער שטורם האט עטוואס נאכגעלאזען. מען האט געקענט זעהן א גרויסע שטרעקע אויפ׳ן מעער און זאגאר דיא ברעגעס פון כינא. זא וויים דאס אויג האט געקענט גרייכען, האט מען ניט געזעהן קיין שיף, קיין באָאט און קיין דשונקאַ. — דיא „טאַנקאַדער“ איז געווען דיא איינציגע, וועלכע האט געוואגט צו פאהרען אין אזא שטורם.

אלע זיינען געווען מיעד אין צובראכען פון דער שווערער ארבייט אין דיעזע שרעקליכע נאכט. דער ווינד האט נאכגעלאזען, דאס מעער אבער איז נאך אלץ געווען אונרוהיג. דיא כוואליעס זיינען נאך געווען הויך, וויא בערג. זיי זיינען אבער מעהר ניט געלאָפען איינע נאך דער אנדערער מיט אזא קראַפט.

דיא פאסאזשירען האבען גענוזט עפעס עסען און זיך א ביסעל אפרוהען. ערשט געגען מיטאג איז פילעאַס פאָגג און אַודאַ אראפגעגאנגען אין זייער קאַיוטע.

געגען אבענד האט זיך דער הימעל אין גאנצען אויסגעלייטערט און דאס מעער איז געווארען עטוואס רוהיגער. דשאן בונסבי מיט זיינע מאטראזען האבען גענוזט זיך א ביסעל אפרוהען. צוויי פון זיי זיינען געגאנגען עסען און שלאָפען און דריי זיינען געבליעבען אויפ׳ן דעק. ווען דיא צוויי האבען זיך אפגערוהט א פאר שטונדען, זיינען זיי ארויפגעקומען און דיא דריי זיינען אראפגעגאנגען עסען און שלאָפען.

אזוי איז פערגאנגען דיא נאכט. דעם 11טען נאוועמבער איז דער פריה איז פילעאַס פאָגג ארויפגעקומען אויפ׳ן דעק און האט געפרעגט דעם קאפיטאן, וויא וויים זיי זיינען נאך פון שאַנחאַי?

— א הונדערט מייל, האט דשאן בונסבי געענטפערט.

דיעזע הונדערט מייל מוזען זיי איינפאהרען ביז זיעבען אוהר פאר נאכט. ווען זיי וועלען ניט אנקומען קיין שאַנחאַי האלב נאך זעקס, וועט דער פאסט דאמפפער אוועקגעהן און פילעאַס פאָגג וועט פערליערן אכט טעג. דער שטורם האט זיי זעהר פיעל געשטערט. זיי האבען פערלארען פיעל צייט איבער איהם.

דשאן בונסבי איז געווען ערנסט און פערטראכט. ער קען פערליערן דיא צוויי הונדערט פונט בעלוינונג, וועלכע פילעאַס פאָגג האט איהם צוגעזאגט. ער האט געהייסען ארויפציעהען אלע זעגעל און האט זיך וויעדער אליין געשטעלט ביים רעדעל.

געגען מיטאג איז דיא „טאַנקאַדער“ געווען נור פינף און פערציג מייל פון שאַנחאַי. דיעזע פינף און פערציג מייל מוז זיא מאכען אין זעקס שטונדען, זאנסט וועט זיא ניט דערגרייכען דעם פאסט דאמפפער. אלע זיינען געשטאנען אויפ׳ן דעק. אלע האבען געקוקט אין אלע זייטען. ביי אלעמען האט געקלאפט דאס הערץ. יעדער האט שוין געוואלט זיין אין שאַנחאַי.

וואלט זיך יעצט אויפגעהויבען א שטארקער ווינד, וואלטען אלע געווים צופריעדען געווען. ווען מען דארף אבער א ווינד, דאמאלס קומט ער ניט. וויא אויף צולהכעיס, איז דער ווינד געווארען נאך שוואכער. דשאן בונסבי מיט זיינע

מאטראזען האבען געטהאן אלעס מעגליכע אום צו טרייבען זייער באָאָט.
געגען זעקס אוהר פאר נאכט האט דשאן בונסבי בערעכענט, אז זיי זיינען נור צעהן מייל וויט פון׳ם כינעזישען ברעג. די שטאדט שאַנחאַי ליעגט מיט צוועלף מייל ווייטער ביים טייך שאַנחאַי. ער וואלט אבער צופריעדען געווען, ער זאל נור צוקומען צום ארט, וואו דער טייך שאַנחאַי פאלט אריין אין מעער, ווייל דארט מוז דער פאסט דאמפפער דורכגעהן, וועט פילעאַס פאָגג זיך קענען אויפ־זעצען אויפ׳ן דאמפפער.

ליידער, פליעסט דער טייך שאַנחאַי זעהר שטארק און עס איז ניט אזוי לייכט צו איהם צוצוקומען אויף אַ שוואַכעס זעגעל שיף. ווען עס איז אַ שטאַר־קער ווינד פון׳ם מעער, טרייבט דער ווינד דאס זעגעל שיף אין טייך אריין. דאס מאל אבער איז קיין ווינד גאר ניט געווען.

אום זיעבען אוהר איז די „טאנקאדער“ נאך געווען דריי מייל פון׳ם ברעג. דשאן בונסבי האט געוואלט ארויסזאגען אן ענגלישען: גאַדדעם! ער האט זיך אבער געשעהמט פאר פילעאַס פאָגג, וועלכער איז געשטאַנען לעבען איהם און האט געקוקט אויפ׳ן ברעג, וועלכער איז געווען אזוי נאהענט, אז מען וואלט איהם געקענט מיט דער האנד דערגרייכען — אזוי נאהענט האט עס זיך אויסגעוויעזען — און דאך מוז ער פערליערען זיין געלד און זיין צייט!

אין דיעזע מינוט האט זיך געוויעזען פון׳ם ברעג א הויכער, שווארצער קוימען, פון וועלכען עס איז ארויסגעגאנגען א ווייסער וואלקען רויך. דאס איז געווען דער אמעריקאנער פאסט דאמפפער. ער איז פונקט אום זיעבען אוהר ארויסגעפאהרען פון שאַנחאַי אויף זיין רייזע קיין סאן פראנציסקא. אויפ׳ן וועג האט ער געדארפט בלייבען שטעהן אין נאַגאַסאַקי און אין יאָקאָהאַמאַ.

— גאַדדעם! האט געקריצט מיט די צעהנער דשאן בונסבי, איך האב פערשפעטיגט!

— גיב אַ סיגנאל דעם פאסט דאמפפער, ער זאל בלייבען שטעהן, האט פילעאַס פאָגג געזאגט רוהיג.

אויפ׳ן דעק פון דער „טאַנקאַדער“ איז געשטאנען אַ קליינע קאַנאָנע, פון וועלכע מען האט געקענט אויסשיעסען אין אַ נויט און געבען א צייכען, אז מען בעט הילף. דשאן בונסבי איז צוגעגאנגען צו דער קאנאנע און האט געוואלט אויסשיעסען.

— ווארט! האט פילעאַס פאָגג געזאגט. מען מוז דאך ווייזען דעם פאסט דאמפפער, וואס מיר פערלאנגען. ציה ארויף דעם פלאג אויף האלב מאַסט.

ארויפציעהען א פלאג אין דער מיט פון׳ם דראנג, ניט ביז אויבען, איז א צייכען פון טרויער אדער פון נויט.

דשאן בונסבי האט איהם געפאלגט און האט ארויפגעצויגען דעם ענגלישען פלאג אויף האלב מאַסט.

— יעצט שיעס אויס! האט פילעאַס פאָגג קאמאנדירט.

— בום! האט אַ טראַך געטהאן די קליינע קאַנאָנע אין דער שטילען [illegible]

23טעס קאפיטעל.

## פאספארטו ווערט געוואהר, אז מען מעג אפילו זיין אין עק וועלט, דארף מען דארט אויך האבען געלד אין קעשענע.

דער „קארנאטיק" איז ארויסגעפאהרען פון האנג-קאנג אום אכט אוהר, וויא מען האט געזאגט אין טיקעט אפיס, און איז געגאנגען זעהר שנעל מיט פולען דאמפף גלייך קיין יאקאהאמא. דער שיפס קאפיטאן האט געוואלט אניאגען דיא צייט, וואס ער האט פערלארען אין האנג-קאנג דורך דיא רעפאראטור פון קע-סעל. ער איז דאהער געפאהרען זעהר שנעל.

ווען דער פראוויאנט מייסטער איז ארומגעגאנגען דיא קאיוטען זעהן, אויב אלע פאסאזשירען זיינען דא אויפ'ן שיף, האט ער געפונען, אז צוויי קאיוטען זיינען לעדיג. ער האט נאכגעקוקט אין דיא פאסאזשיר ליסטע און האט געפונען, אז דיעזע צוויי קאיוטען האט גענומען א פאסאזשיר מיט'ן נאמען פילעאס פאגג.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה, האבען דיא פאסאזשירען און דיא מאט-ראזען פון'ם „קארנאטיק" דערזעהן, וויא פון א קאיוטע צווייטער קלאסע איז ארויסגעקראכען א פאסאזשיר מיט האלב פערשלאפענע, ווילדע אויגען און מיט צושויבערטע האר. ער האט זיך קוים געהאלטען אויף דיא פיס און האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, גלייך וויא ער זוכט עפעס.

דיעזער פאסאזשיר איז געווען פאספארטו. מיט איהם האט זיך געטראפען אזא געשיכטע:

וויא מיר האבען געזעהן, איז ער אראפגעפאלען פון זיין שטוהל און צוויי קעלנער האבען איהם אוועקגעטראגען צום בריימען דיוואן און האבען איהם אניעדערגעלעגט לעבען דיא איבעריגע אפיום רויכערער.

ער איז געשלאפען געשמאק, אבער ניט פון'ם אפיום. ער איז שוין געווען שטארק שיכור, ווען פיקס האט איהם געגעבען דיא פייפ מיט אפיום. ער האט ניט אראפגעשלונגען דעם רויך פון'ם אפיום, וויא אלע אפיום רויכערער טהוען — ער האט איהם ניט פערצויגען. — ער האט איהם נור אריינגענומען אין מויל און האט איהם באלד ארויסגעלאזען. דער אפיום האט אויף איהם ניט געווירקט. ער איז געשלאפען געשמאק, ווייל ער איז געווען שיכור פון'ם פארטוויין, מיט וועלכען פיקס האט איהם אנגעגאסען.

ער איז געשלאפען איינינע שטונדען און האט זיך אויפגעכאפט. אין סאלון האט שוין געברענט ליכט. ער האט א קוק געטהאן אויף דער אוהר — א פיערטעל צו אכט!

— דער „קארנאטיק" פאהרט אוועק פונקט אכט אוהר! האט ער אויסגע-רופען און איז ארויסגעלאפען, וויא א וואהנזיניגער.

ער איז געלאפען צום פארט, וועלכער איז געווען גאנץ נאהענט. אויפ'ן וועג האט ער אלץ גערעדט צו זיך אליין:

— דער „קארנאטיק“, דער „קארנאטיק“!

ער איז אנגעקומען צום קארנאטיק פונקט אין דער לעצטער מינוט, ווען דיא מאטראזען האבען צוגענומען דאס בריקעל, וואס מען ווארפט ארויס פון דער שיף, דיא פאסאזשירען זאלען קענען ארויפגעהן. ער איז געוועזן דער לעצטער פאסאזשיר.

פאספארטו איז נאך ניט געוועזן גאנץ ניכטער, ווען ער איז ארויפגעגאנגען אויפ'ן דעק פון'ם „קארנאטיק“. ער איז נאך ניט געוועזן גענוג שטארק אויף דיא פיס. ער איז ארומגעגאנגען א ביסעל אויפ'ן דעק, האט זיך אנגעשלאגען אן א בינטעל שטריק און איז אומגעפאלען. איינער פון דיא מאטראזען האט געזעהן, וויא ער איז אומגעפאלען און האט מיט איהם מיטלייד געהאט. ער האט איהם אראפגעפיהרט אין א קאיוטע און האט זיך איהם געהייסען לעגען שלאפען.

פאספארטו איז באלד אנטשלאפען געווארען און האט זיך אויפגעכאפט ערשט דעם אנדערן טאג אין דער פריה. דער קאפ האט איהם נאך וועה געטהאן פון'ם נעכטיגען טרינקען. עס איז איהם געוועזן ניט גוט אויפ'ן הארצען. ער איז ארויפגעגאנגען אויפ'ן דעק און האט אנגעהויבען צו אטהעמען דיא פרישע און געזונדע מהער לופט.

באלד איז ער געקומען צו זיין פולען פערשטאנד. ער האט זיך אנגעהויבען צו דערמאנען, וואו ער איז נעכטען געוועזן, וואס ער האט געטהאן און וויא ער קומט אויפ'ן שיף.

— איך האב מיך זעהר מיאוס אנגעשיכורט, האט ער געזאגט צו זיך אליין. וואס וועט פילעאס פאגג זאגען דארויף? איך האב געוויס געטהאן זעהר שלעכט, וואס איך האב געטרונקען ווין מיט דיעזען שפירהונד, פיקס. — איך בין אבער פינקטליך געקומען צום שיף. דאס איז געוועזן דיא הויפט זאכע!

ער האט זיך אנגעהויבען צו דערמאנען, וואס פיקס האט מיט איהם נעכטען גערעדט וועגען זיין העררי.

— נו! יעצט זיינען מיר פון איהם לויז געווארען! האט ער אויסגערופען. ער וועט מורא האבען אונז נאכצופאהרען. — דער שפירהונד! דער דעטעקטיוו! ער וואגט צו זאגען, אז פילעאס פאגג איז א רויבער! פילעאס פאגג איז אזא רויבער, וויא איך בין א מערדער. לאז ער זיך נור ווייזען דער דעטעקטיוו! איך וועל איהם ברעכען דיא ביינער!

יעצט האט זיך איהם פארגעשטעלט אנאנדער פראגע. זאל ער באלד געהן און אלעס דערצעהלען פילעאס פאגג, אדער זאל ער נאך ווארטען? —

— נאך וואס זאל איך בעאונרוהיגען דעם גוטען פילעאס פאגג און איהם דערצעהלען, אז דיא לאנדאנער פאליציי האט איהם נאכגעשיקט א דעטעקטיוו, וויל זיא מיינט, אז ער איז א באנק רויבער? ניין! עס איז גלייכער, איך זאל יעצט שווייגען. ווען מיר וועלען קומען צוריק קיין לאנדאן, וועל איך איהם דערצעהלען דיא גאנצע געשיכטע. — יעצט דארף איך געהן זוכען מיסטער פילעאס

פֿאַנג און איהם בעטען אום פֿערציידהונג, וואס איך בין געכטען א גאנצען טאג ניט געווען אין האטעל.

פאספארטו האט אנגעהויבען ארומצוגעהן אויפֿ'ן דעק, פיעללייכט וועט ער ערגעץ דערזעהן זיין הערר. דאס מעער איז געווען אונרוהיג. עס איז געווען זעהר שווער איינצושטעהן אויפֿ'ן דעק, בעזאנדערס פֿאר פאספארטו. איהם האט נאך געדרוישט דער קאפ פֿון'ם וויין, וואס ער האט נעכטען געטרונקען. ער האט זיך אנגעהאלטען אן דיא שטריק, אן דיא זעגעל ביימער, אן דיא ווענט פֿון דיא קא-יוטען און האט געזוכט זיין הערר.

ער האט איהם אבער אין ערגעץ ניט געפֿונען.

— מעגליך, אז ער האט געפֿונען איינעם, מיט וועמען ער קען שפיעלען אין קארטען און שפיעלט מיט איהם, האט ער זיך געטראַכט. — וואו איז אבער מאדאם אַאודאַ? פֿאר וואס זעהט מען זיא ניט?

ער איז אריינגעגאנגען אין סאלון ערשטער קלאסע און האט געפֿרעגט דעם ערשטען סטיואַרד:

— קענט איהר מיר ניט זאגען, אין וועלכער קאיוטע געפֿינט זיך א הויכער, שעהנער יונגער הערר פֿון עטליכע און דרייסיג יאהר? ער האט מיט זיך א יונגע ליידי, פֿאר וועלכע ער האט גענומען א בעזונדערע קאיוטע.

דערביי האט ער איהם געוויעזען דיא שיפֿסקארטען, וועלכע ער האט נעכ-טען געקויפֿט אין טיקעט אפֿיס.

— אזא מאן האבען מיר ניט אויפֿ'ן שיף, האט איהם דער סטיואַרד געענט-פֿערט. איך קען אייך ווייזען דיא ליסטע פֿון דיא פאסאזשירען, וועלכע מיר האבען אויפֿ'ן שיף.

ער האט איהם געוויעזען דיא ליסטע. פאספארטו האט זיא דורכגעלעזען פֿון אנהייב ביז צו ענדע. — דער נאמען פֿילעאַס פֿאַגג איז ניט געווען אויף דער ליסטע.

פאספארטו איז געבליעבען שטעהן, וויא פֿערשטיינערט. ער האט געטראַכט איינינע מינוטען. א נייער געדאנק איז איהם געקומען אין קאָפּ: מעגליך, אז ער איז גאר ניט אויפֿ'ן „קאַרנאַטיק". ער איז געווען נעכטען שטארק שיכור. עס איז מעגליך, שיכורערהייט איז ער פֿערקראָבען אויף אנאנדער שיף!

— זאגט מיר, איך בעט אייך, בין איך אויפֿ'ן דעק פֿון'ם „קאַרנאַטיק"?

— יא, האט דער סטיואַרד געענטפֿערט.

— פֿאהרען מיר קיין יאָקאָהאמאַ?

— יא, געוויס!

פאספארטו איז געפֿאַלען אויף א שטוהל, וועלכע איז געשטאנען לעבען איהם און האט זיך אנגעכאַפּט ביים קאָפּ. ער האט אנגעהויבען צו פֿערשטעהן, וואס דא איז פֿארגעקומען.

— איך האב ניט געזאגט מיין הערר, אז דער „קאַרנאַטיק" וועט אפּגעהן שוין אכט אוהר אבענדס. ער האט דערפֿון ניט געוואוסט, האט געווארט ביז׳

אנדערן טאג און איז צוגעקומען צום פארט, ווען דער „קארנאטיק" איז שוין געווען א פאר הונדערט מייל ווייט פון האנג-קאנג!

און דאס איז זיין שולד! — ער, פאספארטו, וועלכער האט זיך געריהמט, אז ער קען דיענען ביי אזא פינקטליכען מענשען, וויא פילעאס פאגג, האט גע־מאכט אזא גראבען פעהלער! דורך איהם וועט פילעאס פאגג מוזען בלייבען אין האנג-קאנג! דורך איהם וועט ער פערליערען פופציג טויזענד פונט סטערלינג!

ווער אבער איז שולדיג אין דעם אלעמען? — דער שפיהונד! דער דע־טעקטיוו! דיעזער פאלשער און ניעדערטרעכטיגער פיקס!

— איך וועל מיך שוין מיט איהם אפרעכענען! לאז ער נור ארייןפאלען נאך א מאל אין מיינע הענד! איך וועל איהם צוברעכען דיא ביינער! איך וועל איהם צורייסען אויף שטיקער! איך וועל....

ער איז געזעסען א געוויסע צייט אויף זיין שטוהל, וויא א וואהנזיניגער. ער האט יעצט אלעס פערשטאנען. ער האט פערשטאנען, אז פיקס האט איהם אומיסטען אנגעשיכורט, אום ער זאל ניט מעלדען פילעאס פאגג, אז דער „קאר־נאטיק" געהט אוועק נאך דעמזעלבען טאג.

— וואס טהוט מען יעצט? האט ער ענדליך געפרעגט זיך אליין.

ער האט אנגעהויבען צו זוכען אין דיא קעשענעס — ער האט ניט א סענט. פילעאס פאגג האט איהם ניט געגעבען דאס געלד צו טראגען, ווייל ער האט געוואלט געהן מיט אאודא, איהר קויפען קליידער. פאספארטו האט אין דעם טאג געהאט ביי זיך נור אזוי פיעל געלד, וויפיעל עס איז געווען נעטהיג צו בעצאהלען פאר דיא שיפסקארטען.

ער האט זיך אויפגעהויבען און האט אנגעהויבען ארומצוגעהן אין גרויסען זאל. זיין פראנצייזישער כאראקטער האט זיך באלד ארויסגעוויעזען.

— דערווייל האב איך וואס צו עסען, האט ער זיך געטראכט. איך מעג וואגאר עסען פאר דריי מענשען. איך האב דאך שיפס קארטען פאר דריי מענ־שען. איך מעג נעהמען פילעאס פאגגס קאיוטע. — לאמיך דערווייל עסען און טרינקען. וואס עס וועט זיין, וועט זיין! ווען איך וועל קומען קיין יאקאהאמא, וועל איך זעהן, וואס איך קען ווייטער טהאן.

ער האט זיך געהייסען געבען א גרויסע גלאז קאניאק און האט זיא אויס־געטרונקען מיט א מאל. דער קאניאק האט איהם אין גאנצען אויסגעניכטערט. ער איז געגאנגען אין דער קאיוטע ערשטער קלאססע, וועלכע מען האט געהאל־טען פאר פילעאס פאגג און האט זיך צולעגט, וויא א גראף. ער האט זיך געהיי־סען געבען דיא בעסטע עסענס און דיא טהייערסטע ווייגע און האט געגעסען און געטרונקען פאר דריי מענשען.

— צו וואס זאל איך שענקען דער שיפס קאמפאני? האט ער געזאגט. איך האב בעצאהלט פאר דריי מענשען, דארף איך עסען און טרינקען פאר דריי מענשען. —

א גאנצען טאג האט ער געגעסען און געטרונקען, וויפיעל עס האט גע־

געקענט אריין אין איהם, גלייך וויא ער האט געוואוסט, אז אין יאָקאָהאַמאַ וועט ער ניט האבען וואס צו עסען. דער סטיואַרד פון דער קאַרנאַטיק האט גאר ניט געקענט זאַגען עפעס דאגעגען. פּאַספּאַרטו האט איהם יעדעס מאל געוויעזען, אַז ער האט דריי שיפס קארטען און פּאַהרט איינער אליין.

אונטערדעסען איז דער „קאַרנאַטיק" געפאהרען אלץ ווייטער און ווייטער. דער שיפס קאפיטאן האט זיך געאיילט און האט געהייסען דעם מאשיניסט טרייבען דיא מאַשין מיט פולען דאמפף.

דעם 13טען נאוועמבער אין דער פריה האט דער מאטראז, וואס איז געשטאנען אויף דער וואך, אויסגערופען:

— לאנד!

אלע פאסאזשירען זיינען ארויסגעלאָפען אויפ׳ן דעק, יעדער האט געוואלט זעהן דעם פארט פון יאָקאָהאַמאַ; יעדער האט געוואלט זעהן יאַפּאַן, דיעזעס וואונדער לאנד, וועלכעס איז א מאל געווען פערשלאסען פאר פרעמדע פעלקער. יעדער האט געוואלט זעהן דיעזעס גראסע קייזערטהום, וועלכעס ליעגט אויף טויזענד אינזלען. גאנץ יאַפּאַן בעשטעהט פון אינזלען, גרעסערע און קלענערע. דיא דריי גרויסע אינזלען הייסען: קיו-סיו, ניפּאָן און יעססא. דיא נעמען פון דיא קלענערע אינזלען זיינען נאך וועניג בעקאַנט.

מיר ווייסען, אז אין 1875 האט רוסלאנד אפּגענומען דאס גרויסע אינזעל סאַכאַלין און האט געמאכט דערפון אן אסטראג, א צווייטעס סיביר.

יאַפּאַן איז ווירקליך אַ וואונדער לאנד. מען האט עס נאך וועניג אויסגעפארשט, מען קען עס נאך זעהר וועניג. מען ווייס נור, אז ביז 1867 האבען אין יאַפּאַן געהעררשט צוויי קיסריים: איינער אַ גייסטליכער קייסער, וועלכער האט געוואינט אין דער שטאדט מיאַקאָ. ער איז געווען דער ריכטיגער קייסער, ווייל ער שטאמט אפּ פון גאט אליין (אזוי האבען דיא יאפּאנעזער געגלויבט). ער שטעהט אבער אזוי הויך איבער דיא ניעדעריגע מענשען, אז איהם שטעהט ניט אן צו בעשעפטיגען זיך מיט דער רעגיערונג. דיעזער גייסטליכער קייסער הייסט דער מיקאדא.

דער צווייטער קייסער הייסט דער טאַיקון און וואינט אין דער שטאדט יעדדאָ. ער איז שוין א מענש, וויא אלע מענשען און בעשעפטיגט זיך מיט דער רעגיערונג. ער איז דער וואהרער קייסער.

וויא עס ווייזט אויס, פלעגט דער טאַיקון, דער וועלטליכער קייסער האלטען דעם מיקאַדאָ, דעם גייסטליכען קייסער, געפאנגען אין זיין שטאדט מיאַקאָ און האט איהם גאנץ איינפאך ניט געלאזען זיך אריינמישען אין דיא געשעפטען פון דער רעגיערונג.

אין 1867 איז אויסגעבראכען אין יאַפּאַן א גרויסע רעוואלוציאן. דער מיקאַדאָ האט זיך ארומגעקוקט, אז ער וויל אויך רעגיערן. ער האט פערטריעבען דעם טאַיקון און איז געווארען דער איינציגער קייסער אין יאַפּאַן. דער איצטיגער מיקאדא איז אַ געבילדעטער מאן. ער האט ליעב בילדונג און אויפקלערונג. ער

האט אייגגעפיהרט אין יאַפּאַן אייזענבאהנען, טעלעגראַפען און אלע נייע ערפינדונגען פון דער אייראפעאישער ציוויליזאציאן.

ער האט געעפענט עטליכע שטעדט פאר אייראפעער, וויא דיא גרויסע האנדעלס שטעדט: נאַגאַסאַקי, יאָקאָהאַמאַ, יעדדאָ, אָסאַקאַ, קאַנאַ גאַוואַ און העקאָדאַדע. אין אנדערע שטעדט פון דיעזעס גראסע קייזערטהום טארען נאך ביז אויף היינטיגען טאג — 1893 — קיינע אייראפעער ניט וואינען. ווען אן אייראפעער וויל רייזען אין לאנד, מוז ער האבען א פאספארט, א בעזונדערע ערלויבניס פון דער רעגיערונג.

אין דיעזען פאספארט זיינען גענוי פערשריעבען דיא שטעדט, אין וועלכע דער רייזענדער מעג קומען און זאגאר דער וועג, אויף וועלכען ער מוז פאהרען. דער איצטיגער מיקאַדאָ האט איינגעפיהרט אין יאפאן א שטרענגע פאליציי נאך אייראפעאישען מוסטער.

דער שיפס קאפיטאן פון'ם קאַרנאַטיק האט זיך געאיילט. אלע מאטראזען זיינען געוועזען בעשעפטיגט. דער פארט פון יאָקאָהאַמאַ איז געוועזען נאהענט. דער „קארנאטיק" איז אנגעקומען פונקט צו דער צייט. דער אמעריקאנישער פאסט דאמפפער געהט אוועק מארגען.

דער „קאַרנאַטיק" איז פארביינעפאהרען הונדערטער שיפען: רוסישע, דייטשע, איטאליענישע, אמעריקאנישע, פראנצייזישע, שוועדישע און פון אנדערע פעלקער. דער פאָרט פון יאָקאָהאַמאַ איז דער וויכטיגסטער פארט אין גאנץ יאַפאַן, וויא ניו יארק איז דער וויכטיגסטער פארט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען.

ניט ווייט פון יאָקאָהאַמאַ ליעגט דיא הויפט שטאדט פון'ם גרויסען קייזערטהום, דיא שטאדט יעדדאָ, דיא גרעסטע פאבריק שטאדט פון גאנצען לאנד. דער מיקאַדאָ, דער קייסער, וואינט נאך אין דער אלטער הויפט שטאדט מיאַקאָ. דיא שטאדט יעדדאָ אבער ווערט גערעכענט אלס דיא הויפט שטאדט פון'ם לאנד, זיא איז אויך געוועזען דיא הויפט שטאדט ביז 1867, ווייל דארט פלעגט וואינען דער טאַיקון, דער וועלטליכער קייסער.

ענדליך איז דער „קאַרנאַטיק" צוגעקומען צו זיין דאָק. דיא פאַסאַזשירען האבען אנגעהויבען אראפצוגעהן פון'ם דעק. פאספארטו האט זיך אנגעהויבען ארומצוקיקען, וואו ער איז ערגעץ אין דער וועלט. ארום איהם אויפ'ן דאק רוישט און קאכט אַ נייעס לעבען, א נייע ציוויליזאַציאן, נייע מענשען, נייע קאסטיומען, א נייע שפראך און נייע זיטען. — ער איז אין אַ נייער וועלט.

ער האט זעהר ניט געוואלט אראפגעהן פון'ם שיף, וואו מען האט איהם געגעבען עסען און טרינקען, וויפיעל ער האט געוואלט. וואס וועט ער טהאן אין דיעזער גרויסער שטאדט, צווישען פרעמדע מענשען?

עס האט איהם אבער גאר ניט געהאלפען. ער האט געמוזט אראפגעהן פון'ם שיף. וואוהין אבער זאל ער געהן? — ער האט געמוזט נעהמען דעם צופאל אלס פיהרער. קיין אנדערן פיהרער האט ער דערווייל ניט געהאט.

פאַספאַרטו איז אראפ פון'ם שיף און איז אריינגעגאנגען אין שטאדט. ער

האט געזעהן פאר זיך א גאנצע נעץ פון קליינע, שמאלע געסלעך, וועלכע דרעהן זיך, שניידען איבער איינע דיא אנדערע, בייגען זיך אויס, פערדרעהן זיך און פערשווינדען ערגעץ.

פוןביידע זייטען פון דיזע געסלעך שטעהן גרויסע, הילצערנע הייזער, אבער נור מיט איין עטאזש. ארום יעדעס הויז געהט א גאללעריע אדער א באלקאן. יעדעס הויז שטעהט אין דער מיט פון א גרויסען הויף, בעפלאנצט מיט ביימער און בלומען.

דיא גאסען און געסלעך זיינען געווען פול געפאקט מיט מענשען. יעדער איז ערגעץ געלאפען. קיינער האט קיין צייט ניט געהאט. יעדער איז געווען בעשעפטיגט. מייכטענס זיינען ימ געווען יאפאנעזער אין זייערע קורצע און לייכטע קליידער, ריכטיגער געזאגט, דריי פערטעל נאקעטע יאפאנעזער.

א מאל פלעגען דיא ארימע יאפאנעזער געהן אין גאנצען נאקעט. זיי פלעגען טראגען נור א שמאלען גארטאל אויף דיא לענדען אום צו פערדעקען דעם טהייל פון'ם מענשליכען קערפער, וועלכען דאס געפיהל פון שעמען זיך הייסט פערדעקען. דער מיקאדא, דער איצטיגער קייסער, האט פערבאטען צו געהן נאקעט. ער האט ארויסגעגעבען א געזעץ, אין וועלכען עס איז גענוי בעשריעבען, וועלכער טהייל פון'ם קערפער מוז זיין צוגעדעקט און וועלכער טהייל מעג בלייבען אפגעדעקט.

נאך דיזעם געזעץ מוז דער בויך און דיא פיס ביז אין דיא קניע בלייבען פערדעקט. דיא איבעריגע טהיילע פון'ם קערפער מעגען בלייבען נאקעט. דיא יאפאנאזען אבער זיינען א קלוגעס פאלק. זיי זיינען זעהר ארים. דיא ארימקייט איז אויך זעהר קלוג. ווען צוויי קלוגע קומען זיך צונויף, ווערט פון זיי א גרויסער חכם. דיא ארימע יאפאנעזען געפינען מיטעל, וויא אזוי ניט אויסצופאלגען דאס געזעץ, וועלכעס הייסט טראגען קליידער. א שטיקעל פאטשיילע, א שטיקעל צייג פון א יארד דיא ברייט און דיא לענג איז פאר זיי גענוג אום צופריעדען צו שטעלען דאס געזעץ. אן אייראפעער וואלט ניט געוואוסט, וואס צו טהאן מיט אזא שטיקעל שטאף. דער קלוגער און ארימער יאפאנעזער מאכט דערפון, וואס ער וויל: א ראק, א חאלאט, אן אויבערציעהער, א העמד און א פאר הויזען. אלעס פון איין שטיקעל מאטעריע!

צום גליק, זיינען דיא יאפאנעזען געוועהנליך ניעדעריגע מענשען. אים דורכשניט זיינען זיי פיעל ניעדעריגער פון דיא אייראפעער. זיי זיינען אלע זעהר מאגער. דער בויך איז איינגעפאלען, דיא הענד און דיא פיס זיינען דין און ווייזען אוים, וויא שטעקענס.

פאספארטו האט אויסגעגלאצט א פאר אויגען און האט געקוקט אויף דיזע נייע וועלט, אויף דיזע נייע מענשען, אויף דיזע נייע קליידער און אויף דיזעס נייע, זאנדערבארע לעבען. וויא וואלט ער געשטוינט, ווען מען זאל איהם געווען דערצעהלען, אז דיזעס פאלק האט צום ערשטען אויסגעפונען דיא קונסט צו מאכען פאפיער און צו דרוקען ביכער! אין דער צייט, וואס אין געבילדעטען

אייראפא האט מען געוואוסט, אז שרייבען קען מען נור אויף פעל פון חיות — פארמעט, האבען אין יאפאן שוין געארבייט הונדערטער פאפיער פאבריקען. אין דער צייט, וואס אין אייראפא איז געווען א בוך א זעלטענהייט, ווייל עס זיינען געווען נור געשריעבענע ביכער און איבערשרייבען א בוך האט געקאסט זעהר טהייער, האט מען שוין אין יאפאן געוואוסט פון דער קונסט צו דרוקען ביכער!

פאספארטו אבער האט פון דיא אלע זאכען ניט געוואוסט. אלעס איז איהם געווען פרעמד, אלעס איז ביי איהם געווען ניי. ער האט זיך אומגעדרעהט איינינע שטונדען, האט געקוקט אין אלע זייטען און האט זיך פערטראכט.

— וואס טהוט מען? צו וועמען געהט מען? ביי וועמען פרעגט מען א ראטה?

ער האט געוואלט געהן צום פראנצייזישען קאנסול, ער האט זיך אבער געשעהמט איהם צו דערצעהלען, וויא מיאוס ער האט זיך אנגעשיכורט אין האנגקאנג און האט פערלאזען זיין העררן, פילעאס פאגג.

— ניין! איך קען עס ניט טהאן און וועל עס ניט טהאן! האט ער אויסגערופען און איז ווייטער געגאנגען.

ביז אהער איז ער ארומגעגאנגען אין אייראפעאישען קווארטאל פון יאקאהאמא. דא פלעגט ער נאך א מאל בעגעגענען א מענשען מיט א ווייסע געזיכטס פארב. ווען ער איז אריינגעקומען אין יאפאנישען קווארטאל, האט ער שוין מעהר ניט געזעהן, וויא געל ברוינע געזיכטער מיט אויגען, וויא מאנדלען, מיט לאנגע שווארצע האר. פון פארנט איז דער קאפ אפראזירט, פון הינטען הענגט אראפ א לאנגער צאפ, וויא ביי דיא כינעזען אדער דיא האר זיינען פערוויקעלט אויפן קאפ, וויא ביי אונזערע פרויען.

דא האט ער געזעהן נאך אנאנדער וואונדער. דיא גאסען זיינען געווען ברייטע אלעען, פון ביידע זייטען בעפלאנצט מיט שעהנע ביימער. אין ערטער האט ער געטראפען זאנדערבארע געביידען מיט הויכע דעכער. דאס זיינען געווען טעמפלען פון דיא יאפאנעזישע געטער.

אין יאפאן הערשען צוויי רעליגיאנען. איין רעליגיאן איז דיא בודדהיסטישע. איהרע אנהעגנער דיענען צו בודדהא, א גאט-מענש, אדער א מענש, וועלכער איז דורך זיינע מצות און מעשים טובים געווארען א גאט.

בודדהא לערנט דעם מענשען, ער זאל זיך פייניגען, זאל ניט געניעסען דאס לעבען, זאל העלפען דיא ארימע און נויטבעדירפטיגע און זאל זיך אין גאנצען אפזאגען פון דער וועלט. נור דורך לײדען און שמערצען קען דער מענש קומען אויפן הימעל צום גאט פון ליכט און פריעדען.

דיא אנדערע רעליגיאן אין יאפאן איז פון קאנפוציוס, א כינעזישען פילאזאף, וועלכער האט געלעבט מיט פינף הונדערט יאהר פריהער, איידער יעזוס קריסטוס איז געבארען געווארען.

קאנפוציוס, אדער חונ-פוט-סע, וויא דיא כינעזען רופען איהם, לערנט, אז יעדער מענש דארף זיין גוט און גערעכט, ווייל דיא מענשליכע געזעלשאפט מוז

אנדערש זיך ניט איינהאלטען. איך מוז זיין גוט נעגען יענעם, אום יענער זאל זיין גוט געגען מיר. ער וויל ניט וויסען פֿון קיין גאט, פֿון קיין בעלוינונג נאכ׳ן טויט, פֿון קיין גיהנם און קיין גן עדן.

— דער מענש מוז זיין גערעכט און טהאן גוטעס נור דערפֿאר, אום דיא אנדערע מענשען זאלען אויך זיין גוט און גערעכט, שרייבט קאָנפֿוציוס אין איין ארט.

אין אנאנדערט ארט פֿון זיין גרויסעס בוך שרייבט ער:

„ווען דיא שווערדען זיינען פֿערראָסטעט און דער אקער אייזען שיינט און גלענצט;

„ווען דיא געפֿענגניסע זיינען לעדיג און דיא שפייכלער פֿול מיט תבואה;

„ווען דיא וועגען צום געריכט זיינען פֿערוואקסען מיט גראז און דיא וועגען צו דיא טעמפלען זיינען שטארק אויסגעטרעטען;

„ווען דיא דאקטוירים געהן צו פֿוס און דיא ברויט בעקער פֿאהרען אין קארעטעס —

„דאמאלס ווערט דאס לאנד גוט רעגיערט!“

עס איז ניט דא דער פלאץ צו בעשרייבען דיא רעליגיאן פֿון קאָנפֿוציוס. איך האב געבראכט נור א פאר ביישפיעלע אום צו געבען מיינע לעזער א שוואַכען בעגריף פֿון דיעזער רעליגיאן.

ביידע רעליגיאנען — דיא רעליגיאן פֿון בודדהאַ און דיא רעליגיאן פֿון קאָנפֿוציוס — האבען זייערע טעמפעל אין יאַפּאַן. מייסטענס זיינען דיעזע טעמפלען בעהאלטען אונטער אלטע, גרויסע און געדיכטע ביימער.

פאספארטו האט געזעהן דיעזע טעמפלען, דיעזע זאנדערבארע געביידען און האט ניט געוואוסט, וואס דאס איז. הונדערטער קינדער, נאקעט, וויא דיא מוטער האט זיי געהאט, האבען זיך געשפיעלט, געשלאגען, געלאכט און געליארמט ארום דיעזע טעמפלען.

אין דיא גאסען זיינען געגאנגען פֿיעל מענשען, בעזאנדערס פֿיעל סאלדאַטען און אָפֿיציערן. דיא סאלדאטען האבען געטראגען האַלאַטען און צוויי שווערדען אין זייערע גארטלען. זיין א סאלדאט אין כינא, איז א שאנדע, זיין א סאלדאט אין יאַפּאַן איז אן עהרע.

זעהר אָפֿט האט ער בעגעגענט באַנזען — גייסטליכע פֿון דער בודדהאַ רעליגיאן. זיי האבען געטראגען קליינע פֿיקלעך — טאַמבורינס — האבען אויף זיי געפויקט און געבעטען, אז מען זאל זיי עפּעס געבען.

פאספארטו האט בעטראכט מיט בעוואונדערונג דיא פֿערשיעדענע סארטען עקיפאזשען, פּאַלאַנקינ׳ס, בעזאנדערס אבער דיא קורומאַ׳ס. דאס איז א סארט קאַסטען אויף צוויי רעדער, וועלכע מענשען שלעפּען. דיא קורומאַ איז דער געוועהנליכער עקיפּאַזש אין יאַפּאַן. דיא רייכסטע מענשען שעהמען זיך ניט צו פֿאהרען אין אַ קורומאַ. געוועהנליך שלעפּען דיא קורומאַ צוויי מענשען. זיי זיינען שוין אזוי געוואוינט צו זייער ארבייט, אז זיי לויפֿען מיט איהר גאנצ׳ן שנעל, וויא א גוטע פאר פֿערד. זיי טראגען הילצערנע שיך אויף דיא פֿיס, וויא אלע יאַפּאַנעזען.

פאספארטו איז ארומגעגאנגען אין דיא גאסען איינינע שטונדען און האט בעטראכט דיזעס נייע לעבען פֿון אַ פֿאָלק, פֿון וועלכען ער האט ביז אהער קוים געהערט דעם נאמען. ער איז געקומען אויף דיא גרויסע באַזאַרען, וואו מען האט געקענט געפֿינען אלעס, וואס דיא יאפאנעזער בעדארפֿען — פֿון ברויט ביז גאלד וואארען און בריליאנטען.

ער האט געזעהן דיא גאסען רעסטאראנס. אין דער מיט גאס שטעהט א קיך, מען קאכט און מען באקט אלערליי יאַפּאַנעזישע געריכטען. ער האט זעהר געוואלט צוגעהן צו אזא רעסטאראן און פֿערזוכען א יאַפּאַנעזישען מיטאג. ער האט אבער ביי זיך קיין געלד ניט געהאט. ער איז אנטלאפֿען פֿון דיזע רעסטאראנס און פֿון דיזע טהעע הייזער, פֿון וואנען דער טהעע האט ארויסגע־שמעקט און האט פערפֿומירט דיא גאנצע גאס.

וואס וועט ער דארט טהאן, ווען ער האט קיין געלד ניט?

ער איז געגאנגען ווייטער. — וואוהין? דאס האט ער אליין ניט געוואוסט. ער איז ארויסגעגאנגען פֿון דער שטאדט און איז ארויסגעקומען אויפֿ׳ן פֿרייען פֿעלד. דא האט ער ערשט געזעהן, וויא דאס יאַפּאַנישע פֿאלק לעבט. ער האט גע־זעהן גרויסע שטרעקען לאנד בעדעקט מיט רייז, וועלכעס האט דאמאלס געראדע געבליהט. צווישען דיא פֿעלדער האבען געוואקסען אלערליי פֿרוכט ביימער. עפעל, פֿלוימען און קירשען ביימער. — עפעל האט ער געזעהן זעהר וועניג. דיא יאפאנעזען פֿלאנצען דיא עפעל ביימער ניט וועגען דיא עפעל, זאנדערן צוליעב דיא בלומען, דיא בליטהען (צוויט).

טויזענדער פֿייגעל, גרויסע און קליינע זיינען ארומגעפֿלויגען אויף דיא פֿעלדער אדער זיינען געזעסען אין דיא צווייגען פֿון דיא ביימער. פאספארטו איז געגאנגען ווייטער. ער איז פֿארבייגעגאנגען אַ פֿעלד, וואו עס האבען גע־וואקסען זעהר פֿיעל פֿיילכען (פֿיאַלקאַ) — א בלויע בלום, וועלכע שמעקט זעהר שעהן — ער האט אנגעריסען עטליכע, האט געמאכט א בוקעט און האט א שמעק געטהאן. — זיי האבען קיין שום גערוך ניט געהאט.

— איך האב קיין גליק ניט אין יאַפּאַן, האט ער געזאגט. זאגאר דיא בלו־מען שמעקען ניט.

ער האט ניט געוואוסט, אז א גוטער גערטנער, א גוטער באָטאַניקער קען מאכען, אז דיא בלומען זאלען שמעקען. ווילדע בלומען שמעקען ניט אזוי גוט, וויא בעארבייטעטע, קולטיווירטע בלומען.

פאספארטו האט ארומשפאצירט א גאנצען טאג אין דיא פֿעלדער. דער מאגען האט איהם דערמאנט, אז ער האט היינט אין דער פֿריה צו וועניג גענע־סען אויפֿ׳ן „קארנאטיק“. ער האט זיך אומגעקעהרט אין שטאדט אריין. אויפֿ׳ן וועג איז ער פֿארבייגעגאנגען דיא פֿלייש וואארען געשעפֿטען און האט דערזעהן מיט שטוינען, אז פֿלייש איז זעהר טהייער און ווערט פֿערקויפֿט אין גאנץ קליינע שטיקלעך. ער האט ניט געוואוסט, פֿאר וואס דאס איז.

עס איז ניט געווען קיינער, ווער עס זאל איהם ערקלערן, אז אין יאפאן

פאר מען נים שלאכטען קיין אקסען און קיה וועגען זייער פלייש. אקסען און קיה האלט מען נור צום בעארבייטען דיא ערד. שעפסען, ציעגען און שווייגע זיינען דא זעהר וועניג. עס איז ניטא קיין פרייעס לאנד, וואו מען זאל זיי האל- טען. — רוסלאנד האט כטעפען, אמעריקא האט פרעריען, שפאניען האט בערג. אין יאפאן זיינען דא זעהר פיעל מענשען און זעהר וועניג לאנד. יעדעס שטיקעל לאנד ווערט בעארבייט און פערזעעט מיט רייז, הירזש, ווייץ און אנדערע תבואות. עס איז ניטא קיין פרייעס לאנד, וואו צו האלטען שאף, ציעגען און שווייגע.

פלייש איז זעהר טהייער אין יאפאן. נור דיא אייראפעער אדער דיא גאנץ רייכע יאפאנעזען עסען פלייש. דאס פאלק אבער, זאגאר דיא מיטלע קלאסע, ווייס ניט דעם טעם פון פלייש.

עס האט אנגעהויבען דונקעל צו ווערן. פאספארטו האט זיך איבערצייגט, אז עס האט איהם גאנץ וועניג געהאלפען, וואס ער האט אויפין „קארנאטיק" געגעסען פאר דריי מענשען. ער איז יעצט ווידער הונגעריג געווארען און מוז היינט ווידער עסען.

ער איז צוריקגעקומען אין שטאדט און האט ווייטער געשלענדערט אין דיא גאסען. יעצט האט ער געהאט דיא געלעגענהייט צו בעטראכטען יאקאהאמא ביי נאכט. ער האט געזעהן שעהנע, וואונדערליכע זאכען. — פון בעלייכטען דיא גאסען מיט לאנטערנען, האט מען דאמאלס אין יאקאהאמא נאך ניט געוואוסט. יעדער האט זיך געמאכט אן אילומינאציאן פאר זיין געשעפט, וויא ער האט געוואלט. פאר דיא רעסטאראנס און טהעע הייזער האבען געברענט הונדערטער כינעזישע לאנטערנען — געקנייטשטע פאפירענע לאנטערנען פון אלערליי פארבען.

דער פארט איז געווען בעלייכטעט פון פאקלען אויף דיא פישער שיפלעך. דיא פישער מאכען א פייער אויף זייערע שיפלעך און האפען פיש ביים שיין פון'ם פייער. פלייש איז טהייער און איז זעהר זעלטען אין יאפאן, דערפאר אבער איז פיש זעהר ביליג. אין קיין לאנד אין דער וועלט איז ניטא אזוי פיעל פיש און אזעלכע זעלטענע זארטען פיש, וויא אין יאפאן. פיש איז ביליג און מען קען האבען אזעלכע סארטען פיש, פון וועלכע מען ווייס גאר ניט אין אנדערע לענדער.

דער הונגער האט זיך מיט יעדער מינוט געלאזט מעהר פיהלען דעם ארי- מען פאספארטו. ער איז פארבייגעגאנגען רעסטאראנען און טהעע הייזער, פון וועלכע עס האבען ארויסגעשמעקט דיא עסענס. ער האט געוואלט אריינגעהן — ער האט ביי זיך קיין געלד ניט!

עס איז געווארען שפעט. דיא גאסען זיינען געווארען לעדיג. דיא פלייסיגע יאפאנעזער זיינען מיעד געווארען פון זייער טאגעס ארבייט און זיינען געגאנגען שלאפען. פאספארטו האט ניט געהאט, וואו צו שלאפען: אין יאפאן, וויא אין ענגלאנד מוז מען האבען געלד אין קעשענע, זאנכט האט מען ניט, וואו צו שלאפען.

ער איז אויך געווען זעהר מיעד און האט זיך געמוזט ערגעץ צולעגען. ער

האט זיך צוגעשלעפט צו א טעמפעל פון א גאט און האט זיך אניעדערגעלעגט צווישען דיא זיילען פון טעמפעל.

— ווען דער גאט קען מיר קיין געלד ניט געבען, האט פאספארטו געזאגט צו זיך אליין, לאז ער וועניגסטענס זיין גאסטפריינדליך און מיר געבען א נאכטלאגער.

דער גאט איז געווען גאסטפריינדליך. צווישען דיא זיילען פון זיין טעמפעל איז געווען ווארם. קיין בעט און קיין קישען קען מען פון גאט ניט פארדערן. דאס מוז מען זיך אליין מאכען. פאספארטו האט עס זעהר גוט פערשטאנען און האט ניט געפאדערט פון גאט א זאך, וועלכעס ער האט ניט. — ער האט זיך צוגעשפארט צו א זייל און איז געשמאק אנטשלאפען געווארען.

23טעס קאפיטעל.

## פאספארטו בעקומט א שרעקליך לאנגע נאז.

גאנץ פריה איז פאספארטו אויפגעשטאנען און האט געדאנקט דעם גאט פאר זיין גאסטפריינדשאפט. ער האט צוואר ניט געוואוסט, צו וואס פאר א גאט עס געהערט דער טעמפעל, וואו ער האט איבערגענעכטיגט. דאס האט איהם אבער ווייניג געקימערט. מוז מען דען בעקאנט זיין מיט דעם, וועלכען מיר זיינען פערפפליכטעט צו דאנקען?

יעצט אבער האט פאספארטו אנגעהויבען צו פיהלען, אז ער איז שרעקליך הונגעריג. ער האט געפאסט נעבטען א גאנצען טאג. — פאסטען נאך א טאג האט ער שוין ניט געקענט. צוואר לערנט דיא יאפאנישע רעליגיאן, אז דער מענש דארף פאסטען און זיך פייניגען. וואס מעהר דער מענש פאסט און פייניגט זיך, אלס דיקער און פעטער ווערט דער גאט. דער ארימער פראנצויז אבער איז נאך ניט געווען אזא גרויסער פילאזאף. ער האט געוואוסט, אז פאסטען איז זעהר א שלעכטער ארטיקעל פאר אן איינפאכען מענש.

וואס טהוט מען אבער? וואו נעהמט מען עסען? — דיא איינציגע זאך, וואס ער וואלט געקענט פערקויפען, איז געווען זיין גרויסע זילבערנע איהר. וויא פער־קויפט מען אבער אזא אוהר, וועלכע איז געגאנגען ריכטיג נאך ביי זיין עלטער ניידען?

— ניין! ליעבער שטארבען פאר הונגער, אלס פערקויפען אזא אלטע אוהר, וועלכע איז נאך מיט הונדערט יאהר צוריק געגאנגען ריכטיג! האט ער אויס־גערופען.

מען מוז דאך אבער עסען? פאספארטו האט זיך דערמאנט, אז ער קען איניגע פראנצייזישע און ענגלישע ליעדער. ער האט ניט געהאט קיין בעזאנ־דערס שעהנע שטימע; ער האט אבער געקענט זינגען, וויא יעדער מענשען, וועלכער האט נור עפעס א שטימע, קען זינגען.

— איך מוז פראבירען זינגען דיעזע ליעדער, האט זיך פאספארטו גע־טראכט. דיא יאפאנעזער האבען געוויס זעהר ליעב מוזיק. איך זעה דאך, אז זיי

האלטען אין איין פויקען און קלאפען. איך וועל מיך שטעלען זינגען אויף דער גאס מיינע פראנצייזישע און ענגלישע ליעדער. איך וועל געבען אין יאקאהאמא א קאנצערט אויף דער גאס. וויא וועט מען מיר ניט בעלוינען פאר מיין קאנצערט?

באלד אבער האט ער זיך בערעכענט, אז עס איז נאך צו פריה פאר א קאנצערט אויף דער גאס. יעדער איז יעצט בעשעפטיגט און האט קיין צייט ניט צו הערן א קאנצערט.

— איך מוז ווארטען ביז מיטאג, האט ער זיך געטראכט. דאמאלס געהן אלע עסען. איך וועל אויסזוכען א גאס, וואו עס געהן פיעל מענשען און וועל ווייזען דיא יאפאנעזער, וואס פאר א גרויסער זינגער איך בין.

מיר מוזען זיין גערעכט געגען אונזער פראנצויז. וויא הונגעריג ער איז געוועזען, איז ער אלץ געבליעבען לוסטיג און פרעהליך. באלד איז איהם אריינגעקומען אין קאפ א נייער געדאנק.

— איך געה אנגעטהאן אייראפעאישע קליידער. דאס פאסט ניט פאר א קאנצערט אין יאפאן. איך מוז זעהן, איך זאל זיין אנגעטהאן, וויא א יאפאנעזער.

וואו נעהמט מען אבער יאפאנעזישע קליידער? פאספארטו האט ניט לאנג געטראכט. ער האט נעכטען געזעהן געשעפטען פון אלטע קליידער. ער וועט געהן פערבייטען זיינע אייראפעאישע קליידער אויף יאפאנעזישע. אזוי וויא דיא יאפאנעזישע קליידער זיינען איינפאכער און קאסטען ביליגער פון דיא אייראפעאישע, וועט מען איהם געווים נאך עפעס צוגעבען צו זיינע קליידער.

געזאגט, געטהאן! פאספארטו האט פיינט געהאט לאנג צו טראכטען. ער האט באלד אויסגעזוכט א געשעפט פון אלטע קליידער און האט דערצעהלט דעם קרעמער, וואס ער וויל. דער קרעמער האט בעטראכט זיינע אייראפעאישע קליידער און זיי זיינען איהם געפעלען. ער האט באלד אויסגעזוכט אן אלטען יאפאנעזישען חאלאט מיט ברייטע ארבעל און א שפיציגען לאקירטען שטרויהוט.

פאספארטו האט אויסגעטהאן זיין לאנדאנער ראק מיט דיא לאנדאנער הויזען און האט זיך פארשטעלט פאר א יאפאנעזער. ער האט זיך בעטראכט אין אן אלט שטיקעל שפיעגעל גלאז, וועלכעס איז געהאנגען אויף דער וואנד און האט געפונען, אז ער ווייזט אוים, וויא א יאפאנעזער.

ער איז געוועזען העכסט צופריעדען, ווען דער קליידער הענדלער האט איהם נאך צוגעגעבען עטליכע קליינע מטבעות. ער האט ניט געוואוסט, וואס פאר א ווערטה עס האט דאס געלד, וואס מען האט איהם געגעבען. עס איז איהם אבער געווען זעהר אנגענעהם, ווען ער האט דערהערט, אז אין דיא ברייטע פאלטען פון זיין חאלאט קלינגען עטליכע מינצען.

דיא יאפאנעזער האבען נאך ניט אויסגעלערנט דיא גרויסע קונסט, אז קליידער דארפען האבען קעשענעס. זיי טראגען זייער געלד אין א בייטעל, וועלכען זיי בעהאלטען אין דיא פאלטען פון זייערע קליידער.

פאספארטו איז ארוים אויף דער גאס אנגעטהאן, וויא א יאפאנעזער. ער איז געווען זעהר שטאלץ מיט זיינע נייע קליידער.

— לאז זיך מיר דאכטען, אז איך געה אויף א מאסקאראד, האט ער געזאגט פרעהליך.

יעצט, אז ער האט שוין געהאט געלד אין קעשענע, איז דער פריש געבאקענער יאפאנעזער געגאנגען אין אַ טהעע הויז עפעס עסען.

— א טאנץ געהט ניט פארן עסען, האט ער געזאגט צו זיך אליין. ווען איך וויל אפגעבען קאנצערט אין יאָקאָהאַמאַ, מוז איך פריהרער עפעס נעהמען אין מויל אריין.

ער האט אויסגעזוכט אן ארימעס טהעע הויז און איז אהין אריינגעגאנגען. אין יאָקאָהאַמאַ רעדט מען ענגליש און פראנצייזיש אין אלע טהעע הייזער. ער האט זיך געהייסען געבען אַ פריהשטיק פון רייז, פיש און אנדערע יאפאנעזישע געריכטען און האט געשמאק אפגעגעסען.

נאכ'ן עסען האט ער זיך א ביסעל אפגערוהט און האט אנגעהויבען צו טראכטען איבער זיין לאגע.

— שטעלען זיך זינגען אויף דער גאס איז צוואר זעהר לייכט, פיעללייכט וועט מען אבער גאר אויסלאכען מיין קאנצערט—פיעללייכט האבען דיא יאפאנעזען גאר פיינט ענגלישע און פראנצייזישע ליעדער — ווען איך זאל קענען יאפאנעזישע ליעדער, וואלט עס גאנץ אנדערש געוועזן. יעדער מענש האט ליעב נור זיינע פאלקס ליעדער. וואס טויג איהם פרעמדע ליעדער, ווען ער פערשטעהר זיי ניט? ניין! געבען א קאנצערט פון פראנצייזישע און ענגלישע ליעדער אין יאפאן און נאך אויף דער גאס — טויג ניט!

וואס טהוט מען אבער? היינט האב איך פערקויפט מיינע אייראפעאישע קליידער און האב גענומען פאר זיי אזוי פיעל געלד, אז איך האב אויף א מיטאַג. וואס טהוט מען מארגען? — איך האב שוין ניט וואס צו פערקויפען. ווען איך זאל שוין פערקויפען מיין אוהר, וועל איך האבען נאך אויף א פאר טאג וואס צו עסען. וואס טהוט מען ווייטער? — יאפאן איז אן ארימעס לאנד. דיא יאפאנעזען האבען אליין ניט וואס צו עסען. דער אייראפעער האט דארט גאר ניט וואס צו טהאן.

ער איז געווארען זעהר טרויעריג. זיין לאגע איז געוועזן א פערצוויי̈פעלטע. שטארבען פאר הונגער אין יאָקאָהאַמאַ איז זעהר אונאנגענעהם. — פלוצלונג איז איהם אריינגעקומען א נייער געדאנק אין קאפ.

— מיין איינציגע רעטונג איז, איך זאל געהן צום פארט, זאל אויסזוכען א שיף, וואס געהט קיין סאן פראנציסקא, איך זאל מיך שטעלען אלס דיענער, אלס הייצער, אלס ארבייטער, אלס קעלנער דערפאר, וואס זיא וועט מיך מיטנעהמען קיין אמעריקא. — קורץ, איך וועל ארבייטען פאר מיינע רייזע קאסטען. אין סאן פראנציסקא בין איך וועניגסטענס צווישען ציוויליזירטע מענשען, מיט וועלכע איך קען מיך צונויפרעדען. אין אמעריקא קען אזא מענש, וויא איך, זעהר לייכט פערדיענען געלד. דא, אין יאַפאַן, האב איך גאר ניט וואס צו טהאן. — מעגליך, אז איך וועל טרעפען אין סאן פראנציסקא מיין העררן, פילעאס פאגג.

ער האט זיך אויפגעהויבען און איז געגאנגען צום פארט. אויפ'ן וועג זיינען איהם געקומען אנדערע געדאנקען אין קאפ אריין.

— וואס וועל איך טהאן, ווען קיין שיף וועט מיך ניט-וועלען אויפנעהמען? פיעללייכט דארף יעצט קיין שיף ניט קיין דיענער, ניט קיין קעלנער, ניט קיין ארבייטער?

דיעזער געדאנק איז געווים געוועזען זעהר א טרויעריגער. ער האט זיך געמאכט אלערליי פארווירפע, פאר וואס ער האט זיך געלאזט אנשיכורן פון'ם דעטעקטיוו פיקס. — ליידער, איז יעצט שוין געוועזען שפעט צו מאכען זיך פארווירפע.

ער איז געגאנגען לאנגזאם פאר דיא דאָקס, האט זיך צוגעקוקט צו יעדער שיף, האט געפרעגט יעדען מאטראז, וואס ער האט בעגעגענט, וואוהין זיין שיף פאהרט. צום אונגליק, האט ער ניט געטראפען קיין שיף, וועלכעס זאל געהן גלייך קיין סאן פראנציסקא.

ער האט זיך אזוי ארומגעדרעהט א גערוימע צייט. אזוי וויא ער האט ניט געהאט וואס צו טהאן, האט ער זיך אנגעהויבען צוצוקוקען צו דיא אַפישעס, וועלכע זיינען געוועזען אויסגעקלעפט אויף דיא ווענט. איין אַפישע האט איהם בעזאנדערס אינטערעסירט. דיא אפישע איז געוועזען געדרוקט אין יאפאנעזיש און ענגליש. דאס יאַפּאַנעזישע האט ער ניט געקענט לעזען. דאס ענגלישע אבער האט ער זעהר גוט פערשטאנען און האט עס בעטראכט מיט שטוינען.

אויף דער אַפישע איז געשטאַנען פאלגענדעס פראגראם:

דיא טרופע יאפאנעזישע אַקראָבאַטען

פון'ם פראפעסאר ווילליאַם באַטולקאַר.

לעצטע פארשטעלונג, איידער זיי פאהרען ארויס קיין סאן פראנציסקא.

# לאנגע נעזער! לאנגע נעזער!

אונטערן שוץ פון'ם גאט טינגו.

# עטוואס נייעס! עטוואס זעלטענעס!

— זיי פאהרען קיין סאן פראנציסקא! האט פאספארטו אויסגערופען. דאס איז דאך, וואס איך דארף! איך זוך דאך נור א געלעגענהייט צו פאהרען קיין סאן פראנציסקא!

ער האט זיך צוגעקוקט, וואו דיא טרופע פון'ם פראַפעסאר ווילליאַם באַטולקאַר גיט איהרע פארשטעלונגען און האט געבעטען אַ פאליסמאן, ער זאל איהם זאגען, וויא אזוי אהין צו געהן. דער פאליסמאן האט איהם געוויזען. פאספארטו איז ניט געגאנגען. — ער איז געלאפען צום צירק, וואו דיא לאנגע נעזער, וועלכע שטעהן אונטערן שוץ פון'ם גאט טינגו, וויזען זייערע קונסט שטיקע. א צירק איז דאך זיין לעבען, ער קומט דאך ערשט פון אַ צירק. איידער ער איז אריינגעטרעטען צו פילעאס פאגג, איז ער דאך אויך געוועזן אין א צירק.

אין א פיערטעל שטונדע ארום איז ער צוגעקומען צו א גרויס הויז, וועל־
כעס איז געווען בעהאנגען מיט אלערליי פלאגען און פאהנען. אין דרויסען פאר
דער טהיר איז געהאנגען א גרויסער שילד פון לייוואנד, אויף וועלכעס עס זיינען
געווען אויסגעמאלט ענגלישע רייטער, אַקראבאַטען, גימנאסטיקער און אנדערע
ווילדע און משונה׳דיגע מענשען און טהיערע.

דאס איז געווען דער צירק, טהעאטער און מוזעאום פון׳ם גרויסען, בעריהמ־
טען פראפעסאר וויליאַם באַטולקאַר. פאספארטו האט א ביסעל געקלאפט דאס
הערץ. ער איז נאך קיין מאל ניט געווען אין אמעריקא און האט ניט געוואוסט,
אז עס זיינען דא לענדער אויף דער וועלט, וואו עס איז פיעל לייכטער זיך צו
געבען דעם טיטול פראפעסאר אלס דעם טיטול — א גוטער שוסטער.

ער האט אנפאנגס גאר מורא געהאט צו ווייזען זיך פארן פראפעסאר.
אבער נויט ברעכט אייזען. דאס איז זיין איינציגע רעטונג. ער מוז זעהן דעם
פראפעסאר און איהם בעטען, ער זאל איהם אויפנעהמען אין זיין טרופע. ער
קען אויך טאנצען אויף אַ שטריק, זיך ברעכען און מאכען אלערליי קונסשטיקע.
ער איז אריינגעגאנגען אין צירק און האט געבעטען דעם מאן, וואס איז געשטאַ־
נען ביי דער טהיר, ער זאל איהם פיהרען צום פראפעסאר. דער מאן האט איהם
אנגעוויעזען אויף א ניעדעריגען, גראבען, פערשמירטען און אפגעריסענעם
מענשען וועלכער איז געשטאַנען און האט געזעגט אַ ברעט.

— אט איז דער פראפעסאר אליין.

פאספאַרטו איז צוגעגאנגען צום פראפעסאר און האט זיך פאר איהם טיעף
פערנייגט.

— וואס דארפט איהר? האט דער פראפעסאר איהם געפרעגט און האט
ווייטער געזעגט דאס ברעט.

וויא עס ווייזט אוים, האט דער פראפעסאר געמיינט, אז פאר איהם שטעהט
אן עכטער יאַפּאַנעזער.

— פיעללייכט דארפט איהר אַ דיענער? האט פאספארטו געפרעגט אויף
ענגליש.

— א דיענער? האט אויסגערופען דער פראפעסאר ערשטוינט. — איך האב
צוויי גוטע און געטרייע דיענער. זיי פערלאזען מיך קיין מאל ניט און דיענען
מיר זייער געטריי. דערצו נעהמען זיי נאך ביי מיר קיין געלד ניט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איהם געוויעזען אויף זיינע צוויי שטארקע,
אייזערנע הענד.

— אט זיינען מיינע דיענער!

— אלזא, קענט איהר מיך ניט געברויכען? האט פאספארטו געפרעגט
טרויעריג.

— ניין! האט דער פראפעסאר געזאגט שטרענג.

— דאס איז שלעכט! האט פאספארטו געקרעכצט. איך האב געמיינט, אז
איך וועל קענען מיט אייך פאהרען קיין אמעריקא.

דער פראָפעסאר האט אניעדערגעלעגט דאס ברעט, וואס ער האט געזעגט און האט זיך צוגעקוקט צו זיין גאסט. ער האט דערקענט אן דער שטימע און אן דער שפראכע, אז ער האט צו טהאן מיט אן אייראפעער.

— הער נור, פריינד! האט ער איהם געזאגט. דוא ביסט אזא יאפאנעזער, וויא איך בין א טערק. — וויא קומט עס, וואס דוא האסט זיך אנגעטהאן פאר א יאפאנעזער?

— יעדער געהט געקליידעט, וויא ער קען, האט פאספארטו געענטפערט.

— אבער פון וואנען ביסט דוא דען? דוא ביסט קיין ענגלענדער!

— איך בין א פראנצויז.

— פון וואס פאר א געגענד?

— איך בין פון פאריז.

— ווען דוא ביסט א פאריזער, דארפסט דוא דאך קענען מאכען גרימאסען.

פאספארטו האט עס אביסעל פעררדראסען, וואס דער פראפעסאר לאכט אזוי אוים דיא פאריזער. ער האט ניט געוואוסט, אז ער לאכט גאר ניט, ער רעדט גאנץ ערנסט.

— געוויס קען איך מאכען גרימאסען, האט ער געזאגט. איך מיין אבער, אז דיא אמעריקאנער זיינען גרעסערע קינסטלער צו מאכען גרימאסען אלס דיא פאריזער.

— דוא פערשטעהסט מיך ניט, האט דער פראפעסאר געזאגט ערנסט. אלס דיענער דארף איך דיך ניט, איך קען דיך אבער געברויכען אלס קלאָאון (פאיאץ). פערשטעהסט דוא, מיין ליעבער פראנצויז! אין פראנקרייך מאכט מען זעהר גוט נאך פרעמדע פעלקער. אין אנדערע לענדער מאכט מען נאך דיא פראנצויזען.

— אויב אזוי, איז שוין גוט! האט פאספארטו אויסגערופען פול פרייד.

— פיהלסט דוא דיך גענוג שטארק?

— יא, ווען איך האב נור וואס צו עסען.

— קענסט דוא עפעס זינגען?

— איך קען א ביסעל זינגען.

— איך מיין, אויב דוא קענסט זינגען, ווען דוא וועסט שטעהן מיט'ן קאפ אראפ און מיט דיא פיס ארויף. אויף דיין לינקען פוס וועט זיך דרעהן א באלל אויפ'ן רעכטען פוס זאל שטעהן א שווערד?

— איך האב א מאל געקענט מאכען אזעלכע קונסט שטיקע, האט פאספארטו געענטפערט. איך האף, אז איך האב זיי נאך ניט פערגעסען.

— גוט! דאן קען איך אייך אויפנעהמען, האט פראפעסאר באטולקאר געענטפערט.

זיי האבען זיך ניט לאנג געדונגען. אין עטליכע ווערטער האבען זיי זיך אויסגעגלייכט מיט'ן פרייז און מיט דיא בעדינגונגען. פאספארטו איז צוואר ניט שטארק געפעלען זיין נייע בעשעפטיגונג; ער איז געוועזן ניט שטארק צופריעדען מיט'ן פרייז, וואס דער פראפעסאר האט איהם געגעבען. ער האט אבער גיט

געקענט העלפען. דאס איז דערוויל געווען דאס איינציגע מיטעל, דורך וועלכעס ער האט געקענט קומען קיין סאן פראנציסקא. ער האט געמוזט איינבייגען דעם קאפ און נאכגעבען אלעס, וואס דער האכווירדיגער פראפעסאר באטולקאר האט פון איהם פערלאנגט.

פאספארטו איז איינגעטרעטען אין דיא טרופע פון דיא לאנגע נעזער אום צעהן אוהר אין דער פריה. אום דריי אוהר איז געווען דיא ערשטע פארשטעלונג. אום צוועלף אוהר האט א יאפאנעזישער ארקעסטער פון פויקען, צימבלען און טאם-טאמ'ס (א סארט אינסטרומענט) געמאכט אזא ליארם און אזא רעש, גלייך וויא ער האט געוואלט טויב מאכען אלע איינוואוינער פון יאקאהאמא.

פאספארטו האט נאך ניט געוואוסט, וואס פאר א ראלע ער וועט שפיעלען אין דיעזער פארשטעלונג. ער האט ניט אנגעהויבען צו פערשטעהן, וואו ער וועט נעהמען א לאנגע נאז און אויב ער וועט גאר האבען א לאנגע נאז. ער האט נור אזוי פיעל געוואוסט, אז דיא לאנגע נעזער זיינען דאס צוג מיטעל, אדער דאס צוג שטיק, אין דיא פארשטעלונגען, וועלכע דער פראפער באטולקאר גיט אין יאקאהאמא.

קוים האט דער זאנדערבארער ארקעסטער אנגעהויבען זיין רוישענדע און קלינגענדע מוזיק, האט דאס פובליקום זיך אנגעהויבען צוזאמענצוקומען. מען האט אנגעהויבען צו קויפען בילעטען און זיך אויסצוזעצען אין דיא פערשיעדענע אבטהיילונגען פון'ם גרויסען צירק.

דער גרעסטער טהייל פון'ם פובליקום זיינען געווען יאפאנעזען מיט זייערע פרויען און קינדער. עס זיינען אבער געקומען אויך פיעלע אייראפעער: דייטשען, האלענדער, ענגלענדער און אמעריקאנער. דיא זאנדערבארע אפישע מיט דיא לאנגע נעזער און דיא נאך מעהר זאנדערבארע מוזיק, וועלכע האט געריסען דיא אויערן, האבען פעראינטערעסירט יעדען, ווער עס האט געזעהן דיא אפישע און געהערט דיא מוזיק.

דער צירק איז באלד געווארען פול געפאקט מיט מענער, פרויען און קינ-דער. דער גרויסער פראפעסאר באטולקאר, איז געווען א פינקטליכער מענש. קוים איז דער צירק געווארען פול מיט צושויער און דיא קאסא האט געמאכט א גוטע איינגאהמע, האט ער געעפענט דיא פארשטעלונג. אזוי וויא אין צירק איז ניט געווען קיין אוהר, האט דער פראפעסאר ניט געפרעגט, אויב עס איז שוין דריי אוהר אדער נאך ניט. זיין אוהר איז געווען דיא קאסא.

דיעזע פארשטעלונג איז געווען דיא לעצטע און אלע האבען געוואלט זעהן דיא לעצטע און גרעסטע פארשטעלונג פון דיא לאנגע נעזער.

דיא פארשטעלונג האט זיך אנגעהויבען. עס זיינען ארויסגעקומען קינסט-לער און האבען אנגעהויבען צו טאנצען אויף מעסערס, אויף ברענענדע ליכט, אויף אייער, אויף נעגעל. אייניגע האבען זיך געבראכען אויף שטריק, אויף גאנץ דינע דראטהען און אויף הויכע טראפעזען; אנדערע האבען בעוויעזען זייערע קונסט שטיקע מיט א יאפאנעזישען דרעהדעל (טאפ). דאס דרעהדעל האט זיך

געדרעהט ביי זיי אין דיא הענד, אויף זייערע קעפּ, אין דער לופֿט, אין זייערע קעשענעס און ענדליך איז פֿון׳ם דרעהדעל גאר געווארען א בוים.

מען מוז זיי געבען גערעכטיגקייט. דיא יאַפּאַנעזער זיינען דיא גרעסטע קינסטלער, אלס אַקראָבאַטען און גימנאסטיקער. ווער ס׳ זעהט צום ערשטען מאל א פֿאָרשטעלונג פֿון יאַפּאַנעזישע אַקראָבאַטען, דער ווערט איבערראַשט פֿון זייער קונסט און געשיקטליכקייט.

מיר ווילען דא ניט בעשרייבען אלע זייערע קונסט שטיקע און געשיקטליכקייט. מיר ווילען נור זאגען, אז דאס האט ווייניג אינטערעסירט דאס פובליקום. דיא יאפאנעזער זיינען שוין געוואינט צו זעהן אזעלכע שטיק. זיי ווערן ווייניג איבערראשט פֿון אזעלכע זאכען. דיא הויפט זאכע, וואס יעדער האט געוואלט זעהן, איז געווען דיא לאנגע נעזער.

דאס איז ווירקליך אזא קונסט שטיק, פֿון וועלכער מען ווייס נאך גאר ניט אין איירופא.—דיא לאנגע נעזער זיינען א גאנץ בעזונדערע קאמפאני, וועלכע שטעהן אונטערן שוץ פֿון גאט טינגו אליין. זיי טראגען אלט מאדישע קליידער, אין וועלכע זיי ווייזען אויס, וויא דיא אלטע העלדען פֿון גריעכענלאנד און רוים. אויפֿ׳ן רוקען טראגען זיי א פאר גרויסע פֿליעגעל, וויא דיא פֿליעגעל פֿון א פֿלעדער מויז.

דאס איז נאך ניט אלעס. דאס הויפט וואונדער בעשטעהט אין זייערע לאנגע נעזער. דיעזע נעזער זיינען געמאכט פֿון באַמבוק (טראָסט, פֿון וועלכע מען מאַכט שטעקענס) און זיינען פֿינף, זעקס און זאגאר צעהן פֿוס דיא לענג. זיי ווערן בעפֿעסטיגט אויפֿ׳ן געזיכט צו דער נאז. אייניגע זיינען גלייך, אנדערע זיינען אויסגעבויגען; אייניגע זיינען גלאט, אנדערע זיינען בעדעקט מיט בראדעווקעס. אויף דיעזע לאנגע נעזער מאכען זיי אלע זייערע קונסט שטיקע. עס לעגען זיך אוים צעהן-צוועלף לאנגע נעזער אויף דער ערד מיט דיא נעזער ארויף. אנדערע קומען צופֿליעהען מיט זייערע פֿליעגלען, טאנצען אויף דיא נעזער, שפּרינגען פֿון איין נאז צום אנדערן, טאנצען און דרעהן זיך אויף דיא שפּיציגע לאנגע נעזער.

מען מוז ווירקליך זיין זעהר שטארק און זעהר געשיקט אום צו בעווייזען אזעלכע קונסט שטיקע אויף דיא שפּיצען פֿון דיא באמבוק שטעקענס, וועלכע זיינען צוגעקלעפּט אלס לאנגע נעזער צו דיא געזיכטער פֿון דיא קינסטלער, וועלכע ליעגען אויף דער ערד.

— א פּיראמידע פֿון מענשען! האט מען געמעלדעט פֿון דער סצענע, ווען דער ערשטער אקט האט זיך געענדיגט.—דער וואגען פֿון׳ם גאט טינגו!

דאס איז געווען אנאנדער קונסט שטיק פֿון דיא לאנגע נעזער. איינער האט זיך געלעגט אויף דער ערד מיט זיין לאנגער נאז ארויף. אויף דיעזער נאז האט זיך געשטעלט אנאנדערער, וועלכער האט געהאלטען אויף ביידע הענד צוויי אנדערע. אויף דיעזע צוויי אנדערע האבען זיך ארויפגעשטעלט פֿיער אנדערע; אויף זיי — אכט אנדערע, ביז עס האט זיך געבילדעט א הויכער זייל פֿון מענשען — א פּיראמידע פֿון מענשען.

ביז דער פארשטעלונג פון דיא לאנגע נעזער האט פאספארטו קיין אנטהייל ניט גענומען אין דער פארשטעלונג. ער האט געדארפט אנטהייל נעהמען אין דער פארשטעלונג פון דיא לאנגע נעזער. מען האט איהם אנגעטהאן א פאר לאנגע פליגעל און מען האט איהם צוגעבונדען צום געזיכט א נאז פון זעקס פוס דיא לענג. דער ארימער פראנצויז איז געווארען זעהר טרויעריג, ווען ער האט זיך בעטראכט אין זיין נייען קאסטיום מיט דער לאנגער נאז. ער האט געוואלט אראפרייסען פון זיך דיא פליגעל מיט דער נאז. ער האט זיך אבער באלד בערעכענט, אז דיעזע לאנגע נאז איז דערווייל דאס איינציגע מיטעל צו פערדיענען אויף ברויט און צו פאהרען קיין אמעריקא.

ער האט זיך נעביך געמוזט לעגען אויף דער ערד מיט זיין לאנגער נאז ארויף. אויף זיין נאז האבען זיך אויסגעשטעלט אנדערע לאנגע נעזער. ביז עס האט זיך געבילדעט א הויכער זייל ביז אין דער דעקע פון'ם צירק.

דאס פובליקום האט אנגעהויבען צו אפלאדירען. דער גאנצער צירק האט געהילכט פון דיא בראוואָ'ס און אפלאָדיסמענטען. פלוצלונג איז עפעס געשעהן. דער זייל פון מענשען איז אומגעפאלען. פאספארטו האט זיך קוים ארויסגדרעהט פון דער מאסע מענשען, וועלכע איז געפאלען אויף איהם. צום גליק, האט איהם אויסגעהאלפען זיין לאנגע נאז. ער האט זיך אויף איהר אנגעשפארט און האט זיך ארויסגעראטשקעוועט פון אונטערן זייל. אבער ווען ער האט זיך געוואלט אויפהייבען, האבען זיך זיינע פליגעל פערפלאנטערט אן אנאנדער לאנגע נאז און ער איז אראפגעפאלען פאר דער ערשטער רייהע שטוהלען.

פון דער ביהנע צו דער ערשטער רייהע זיצע איז געוועזן ניט שטארק הויך. פאספארטו האט זיך קיין זעץ ניט געטהאן. ער האט זיך באלד אויפגעהויבען און האט דערזעהן פאר זיך — פילעאס פאגג.

— איהר זייט עס, הערר פילעאס פאגג? האט ער אויסגערופען פול פרייד.

— איך בין עס!

— וויא קומט איהר אהער?

— פאספארטו! עס איז שפעט! געה צום שיף! האט פילעאס פאגג געזאגט רוהיג.

פילעאס פאגג און אאודא זיינען געשטאנען לעבען איהם. ער האט פערגעסען, אז ער איז נאך אנגעטהאן אין דיא פליגעל מיט דער לאנגער נאז אויפ'ן געזיכט און איז מיט זיי ארויסגעגאנגען פון'ם צירק. ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דער טהיר, האבען זיי געטראפען דעם פראפעסאר באטולקאר.

— וואס איז דאס? וואוהין געהסט דוא? האט ער געפרעגט.

— איך האב געפונען מיין הערר און געה מיט איהם אויפ'ן שיף, האט פאספארטו געענטפערט.

— אזוי? דוא האסט דאך מיט מיר אפגעמאכט, דוא זאלסט ארייגטרעטען אין מיין טרופע? האט זיך דער פראפעסאר געבייזערט. — איך וועל דיך פער-

קלאַגען! דוא ווערסט מיר בעצאהלען שטראָף, וואס דוא האסט געבראכען אונזער קאָנטראַקט!

דער ארימער פראנצויז האט זיך דערשראָקען. ער האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. פילעאַס פאָגג איז איהם געקומען צו הילף.

— וויפיעל קומט אייך, הערר פראָפעסאר? האט ער געפרעגט קאלטבלוטיג.

— צוואנציג יען! האט דער פראָפעסאר געענטפערט.

(אין יאפאן איז דיא גרעסטע זילבער מינצע דער י ע ן, גלייך צו אן אמע-ריקאנער דאלאר און צעהן סענטס).

— בייזערט אייך ניט, הערר פראָפעסאר! האט פילעאַס פאָגג געזאגט רוהיג. נאט אייך אייערע צוואנציג יען און לאזט אונז צו רוה.

פילעאַס פאָגג האט זיך וועניג איבערגעשראָקען פארן פראָפעסאר. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז ער קען זיך ווענדען צום פראנצייזישען קאָנסול און ניט געבען דעם פראָפעסאר א סענט, אדער ריכטיגער געזאגט, א ריין. דיא קלענסטע מינצע אין יאפאן איז דער ריין. א צעהנטעל סענט. ער האט אבער מורא געהאט, ער זאל ניט פערזאמען דעם דאמפפער. ער האט דאהער בעצאהלט דעם פראָפעסאר דיא צוואנציג יען און איז אוועקגעגאנגען פון׳ם צירק.

אין א פיערטעל שטונדע איז ער, מיסיס אַאודאַ און פאַספּארטו מיט זיינע פליגעל אויף דער פלייצע און מיט זיין לאנגער נאז געזעסען אין א קאיוטע אויפ׳ן אמעריקאנישען פאסט דאמפפער „גענעראל גראַנט“.

24טעס קאפיטעל.

## אויף דער רייזע פון יאָקאָהאַמאַ קיין סאן פראנציסקא.

וויא קומט פילעאַס פאָגג און מיסיס אַאודאַ אויף דער פארשטעלונג פון דיא לאנגע נעזער אין צירק פון׳ם פראָפעסאר באַטולקאר? וועט געווים פרעגען דער לעזער.

מיר מוזען זיך אומקעהרען צו דער „טאַנקאַדער“ אין פארט פון שאַנחאַי.

דיא קליינע קאנאנע האט אויסגעשאסען. דער אמעריקאנישער פאסט דאמפפער, „גענעראל גראַנט“, האט דערהערט דעם נויט סיגנאל. דער שיפס קאפיטאן איז ארויפגעלאָפען אויפ׳ן בריקעל, האט גענומען זיין טעלעסקאָפ (ספּעקטיוו) און האט געקוקט אין דער זייט, פון וואנען מען האט אויסגעשאסען. ער האט באלד דערזעהן, וויא אויף דעם קליינעם סקונער איז אויפגעצויגען א פלאג אויף האלב מאַסט — א צייכען פון נויט. ער האט באלד געהייסען אראפ-לאזען א באָאט און צו פאהרען צום סקונער.

פילעאַס פאָגג האט בעצאהלט דשאן בונסבי, וויפיעל ער האט זיך מיט איהם בעדונגען און האט איהם נאך געגעבען דיא צוויי הונדערט פונט, א בעלוי-נונג, וויא ער האט איהם צוגעזאגט.

אין איינינע מינוטען ארום איז פילעאַס פאָגג, אַאודאַ און דער דעטעקטיוו פיקס ארויפגעגאנגען אויפ׳ן דעק פון׳ם אמעריקאנישען פאסט דאמפפער. ער האט

גענומען צוויי קאַיוטען ערשטער קלאַסע פֿאַר זיך און פֿאַר אאודאַ און האט זיך איינגעריכטעט, וויא ביי זיך אין דער היים.

דער דאמפפֿער „גענעראַל גראַנט“ איז ווירקליך געוועזן דאס פאסט שיף, וועלכעס פֿלעגט פֿיהרען דיא פאסט פֿון כינא און יאַפּאַן קיין אמעריקא, אזוי וויא דשאן בונסבי האט געזאגט. זיין הויפט סטאציאן איז געוועזן דיא שטאדט שאַנחאַי אין כינא. פֿון דארט פֿלעגט ער פֿאהרען קיין נאַגאַסאַקי, דארט פֿלעגט ער אויפֿנעהמען דיא פאסט פֿון יאפאן און פֿאהרען קיין יאָקאָהאַמאַ. פֿון יאָקאָהאַמאַ פֿלעגט ער פֿאהרען דירעקט קיין סאַן פֿראַנציסקא און פֿלעגט זיך שוין אין ערגעץ ניט אפשטעלען.

אלס גרויסער פאסט דאמפפֿער איז דער „גענעראַל גראַנט“ געוועזן זעהר פינקטליך. ער איז אנגעקומען צו יעדער סטאציאן פונקט צו דער סעקונדע. אין נאַגאַסאַקי איז ער געשטאנען נור פֿיער שטונדען. אלע פאסאזשירען זיינען ארויסגעגאנגען אויפֿ'ן דעק זעהן דיא שטאדט נאַגאַסאַקי און דאס גרעסטע וואונדער פֿון דער אינזעל קיו־סיו — דעם הויכען בערג פֿודשי סאַמאַ.

דער בערג פֿודשי סאַמאַ איז איינער פֿון דיא גרעסטע וואונדער אין דער וועלט. עס זיינען דא אין דער וועלט פֿיעלע הויכע בערג. זיי געפֿינען זיך אבער ארומגערינגעלט פֿון אנדערע בערג. זיי געפֿינען זיך אין א בערגיגער געגענד. דער בערג פֿודשי סאַמאַ שטעהט גאנץ אליין. אין דער מיט פֿון א גאנץ גלייכע געגענד הייבט זיך פלוצלונג אויף אַ גלאַטער און הויכער בערג. זיין שפּיץ איז שטענדיג בעדעקט מיט שנעע, גלייך וויא ער וואלט געטראגען אַ ווייסע יארמאלקע אויפֿ'ן קאפּ. אין דער געגענד ארום בערג איז ווארם און שעהן. עס וואקסען דארט לימאנעס און פּאמעראנצען. דער פודשי סאַמאַ אבער איז אזוי הויך, אז אויף זיין שפּיץ איז אייביג ווינטער און פֿראסט, שנעע און אייז.

בעזאנדערס שעהן איז צו זעהן דיעזען בערג פֿון דערווייטען, פֿון אַ שיף. מען זעהט פֿאַר זיך א לאנד וואס איז בעדעקט מיט גרינע פֿעלדער און וועלדער. אין דער מיט פֿון דיעזעס לאנד שטעהט א הויכער טיש, בעדעקט מיט אַ ווייסען טישטוך. — דאס איז דער פֿודשי סאַמאַ.

אַאודאַ האט געלערנט געאגראפֿיע און האט געוואוסט, אז ניט ווייט פֿון נאַגאַסאַקי געפֿינט זיך אזא בערג. זיא איז געשטאנען אויפֿ'ן דעק פֿון'ם „גענעראַל גראַנט“ און האט בעטראכט דיעזעס וואונדער פֿון דער נאַטור. זיא האט זיך ניט געקענט אפּרייסען פֿון דיעזעס שעהנע בילד. זאגאר דער דעטעקטיוו פֿיקס איז ארויפֿגעגאנגען אויפֿ'ן דעק בעטראכטען דעם פֿודשי סאַמא.

דער „גענעראַל גראַנט“ איז פונקט צו דער סעקונדע ארויסגעפֿאהרען פֿון נאַגאַסאַקי און דעם 14טען נאוועמבער אין דער פֿריה איז ער אנגעקומען קיין יאָקאָהאַמאַ. ער איז צוגעפֿאהרען צום זעלבען דאַק, וואו עס איז דער קאַרנאַטיק איז צוגעפֿאהרען, ווייל ביידע זיינען פּאָסט דאמפפֿער און פֿיהרען ביידע דיא אמע־ריקאנ'ישע פאסט.

קוים איז דער „גענעראַל גראַנט“ געבליעבען שטעהן ביי זיין דאַק, איז

פילעאַס פאָגג ארויסגעקומען אויפן דעק און האט זיך אומגעקוקט, וואס פאַר אַ שיפען עס שטעהן לעבען איהם. דאס ערשטע שיף, וואס ער האט דערזעהן, איז געווען דער „קארנאטיק“. פילעאַס פאָגג האט גענומען מיסיס אַאודאַ אונטערן ארים און איז מיט איהר געגאנגען אויפן קארנאטיק פרעגען, אויב פאספארטו איז ניט אנגעקומען אויפן „קאַרנאַטיק“. דער סטיואַרד האט איהם דערצעהלט, אַז אויפן „קאַרנאַטיק“ איז ווירקליך געפאָהרען א יונגער מאן, וועלכער האט זיך געפרעגט אויף איהם, פילעאַס פאָגג; ער האט געהאט דריי שיפס קארטעי און האט א גאנצען וועג געגעסען פאר דריי פאסאזשירען.

— וואו זאל ער יעצט זיין? האט פילעאַס פאָגג געפרעגט.

— דאס קען איך ניט וויסען, האט דער סטיואַרד געענטפערט. מיר זיינען אנגעקומען נעכטען אין דער פריה. דער פאַסאַזשיר מיט דיא דריי שיפס קארטען איז באלד אראפגעגאנגען פונ'ם שיף און איז זיך אוועקגעגאנגען אין שטאדט.

פילעאַס פאָגג האט באלד גענומען אַ קורומאַ און איז געפאהרען צום פראנצייזישען קאנסול פרעגען, אויב פאספארטו איז ביי איהם ניט געווען. דער פראנצייזישער קאנסול האט קיין פאספארטו ניט געזעהן. פונ'ם פראנצייזישען קאנסול איז פילעאַס פאָגג געפאהרען צום ענגלישען קאנסול. ער האט וויזירט זיין פאספאָרט און האט געפרעגט אויף פאַספאַרטו. דער ענגלישער קאנסול האט אויך קיין פאספארטו ניט געזעהן.

פונ'ם ענגלישען קאנסול איז פילעאַס פאָגג געפאהרען אויף דיא פאליציי.— דארט האט מען אויך ניט געוואוסט פון קיין פאספארטו. אַאודאַ איז געווען פער-צווייפעלט. יעצט, אז זיי וויסען שוין געווים, אז פאספארטו איז אין יאָקאָהאַמאַ זאלען זיי אוועקפאהרען און איהם איבערלאזען אליין!

עס האט אבער גאר ניט געהאלפען. יאָקאָהאַמאַ איז אַ גרויסע שטאדט. געה און זוך אוים אַ נאדעל אין אַ וואגען היי! זיי האבען געמוזט צוריקפאהרען צום פארט. אויפן וועג האבען זיי דערהערט דיא שרעקליכע מוזיק פונ'ם צירק פון פראפעסאר באַטולקאַר.

— לאמיר געהן זעהן, וואס איז דאס פאר א ליארם! האט אַאודאַ געבעטען.

אזוי וויא עס איז געווען ניט ווייט, האט פילעאַס פאָגג איהר צוליעב גע-טהאן און איז מיט איהר געגאנגען צום בעריהמטען צירק. פילעאַס פאָגג האט זיך ו. ניג אינטערעסירט מיט דיא לאנגע נעזער. ביי אַאודאַ אבער איז עס געווען אַ נייעס. אזעלכע לאנגע נעזער האט זיא נאך קיין מאל ניט געזעהן. ער האט גענומען פאר זיי ביידען צוויי פלעצער אין דער ערשטער רייהע.

ווען פאספארטו איז געלעגען אויף דער ערד און אויף זיין לאנגער נאז האט זיך אויסגעשטעלט א גאנצער זייל פון לעבעדיגע מענשען, האט ער פלוצ-לונג דערזעהן זיין הערר פילעאַס פאָגג. ער האט געוואלט אויסדרעהן דעם קאפ, ער זאל זיך איבערצייגען, אויב עס איז ווירקליך זיין הערר. דאדורך האט ער געשטערט דאס גלייכגעוויכט און דער גאנצער זייל איז צופאלען. ער איי

געווארען אזוי איבערראשט, אז ער איז ווירקליך אראפגעפאלען פון דער ביהנע און איז געפאלען פאר פילעאס פאגג'ס פיס.

דאס אלעס איז פאספארטו געוואהר געווארען פון אאודא. פילעאס פאגג דאנעגען האט מיט איהם זעהר ווייניג גערעדט, זייט זיי זיינען ארויפגעקומען אויפ'ן דעק פון'ם „גענעראל גראנט".

— אבער וויא אזוי זייט איהר געקומען קיין יאקאהאמא? האט פאסארטו געפרעגט ערשטוינט און האט אראפגעשלעפט פון זיך זיין לאנגע נאז.

אאודא האט איהם דערצעהלט, וויא אזוי פילעאס פאגג האט געדונגען דיא „טאנקאדער" און וויא זיי האבען בעגעגענט דעם פאסט דאמפפער „גענעראל גראנט" אין פארט פון שאנחאי. דערביי האט זיא איהם דערצעהלט, אז פילעאס פאגג איז געוועזן אזוי גראסמוטהיג, אז ער האט מיטגענומען אויפ'ן „טאנקאדער" נאך א פאסאזשיר מיט'ן נאמען פיקס.

פאספארטו האט א ציטער געטהאן ביי דיעזען נאמען. ער האט אבער ניט געוואלט אנטהאן קיין יסורים זיין הערר און האט איהם ניט דערצעהלט, ווער פיקס איז און וויא אזוי פיקס איז דיא איינציגע אורזאכע, וואס זיי האבען זיך צושיידט אין האנג-קאנג.

ער האט יעצט דערצעהלט אלעס, וואס מיט איהם האט פאסירט. ער איז אריינגעגאנגען אין האנג-קאנג אין א ביער סאלון טרינקען א גלאז ביער. דיא מענשען פון'ם ביער סאלון האבען געמיינט, אז ער האט געלד און זיי האבען איהם אנגעשיכורט מיט אפיום. ווען זיי האבען אבער געזעהן, אז ער האט ביי זיך קיין געלד ניט, האבען זיי איהם ארויפגעפיהרט אויפ'ן „קארנאטיק". זיי האבען געוואוסט, אז ער איז א פאסאזשיר פון'ם „קארנאטיק", ווייל זיי האבען געפונען ביי איהם אין קעשענע דיא שיפס קארטען פון'ם „קארנאטיק".

דאן האט ער דערצעהלט, וואס מיט איהם האט פאסירט אין יאקאהאמא. פילעאס פאגג האט אלעס אויסגעהערט רוהיג און קאלטבלוטיג, וויא זיין שטייגער איז געוועזן. ווען פאספארטו האט געענדיגט זיין ערצעהלונג, האט פילעאס פאגג איהם געגעבען געלד, ער זאל זיך געהן קויפען אנדערע קליידער.

אין א שטונדע ארום איז פאספארטו ווידער געוועזן אן אייראפעער. זיין לאנגע נאז, זיינע ברייטע פליגעל און זאגאר זיין יאפאנעזישער חאלאט זיינען פערשוואונדען.

פונקט זיעבען אוהר פאר נאכט האט דער „גענעראל גראנט" געגעבען זיין לעצטען פייף און איז ארויסגעפאהרען פון פארט יאקאהאמא.

דער „גענעראל גראנט" איז געוועזן איינס פון דיא בעסטע שיפען פון דער פאסיפיק מייל סטימשיפ קאמפאני אין סאן פראנציסקא. וויא אלע אמעריקאנישע דאמפפשיפען פאר פאסאזשירען און דיא פאסט, איז ער געוועזן שטארק געבויט און איינגעריכטעט מיט אלע מעגליכע בעקוועמליכקייטען פאר פאסאזשירען.

ער האט געהאט דריי זעגעל ביימער. ווען דער ווינד איז געוועזן גינסטיג, האט מען אויסגעצויגען דיא זעגעל און דער „גענעראל גראנט" פלעגט געהן מיט

דאמפף און מיט דיא זעגעל. געוועהנליך געדויערט דער וועג פון יאקאהאמא קיין סאן פראנציסקא צוויי און צוואנציג טעג. דער „גענעראל גראנט" איבער פלעגט מאכען דיעזען וועג אין איין און צוואנציג טעג און ביי א גוטען ווינט זאגאר — אין צוואנציג טעג.

פילעאס פאגג האט ריכטיג בערעכענט, אז ווען זיי פאהרען ארויס פון יאקאהאמא דעם 14טען נאוועמבער, וועלען זיי אנקומען קיין סאן פראנציסקא דעם 2טען דעצעמבער. פון סאן פראנציסקא קיין ניו יארק דארף געדויערן עלף טעג. אלזא, וועט ער דעם 13טען דעצעמבער זיין אין ניו יארק. פון ניו יארק קיין ליווערפול דארף געדויערן 7 טעג. דעם 20סטען דעצעמבער וועט ער זיין אין ליווערפול און דעם 21טען, פונקט אין דעם טאג, וואס ער האט זיך געוועט, אדער פונקט אין אכציג טעג, וועט ער זיין אין רעפארם קלוב אין לאנדאן.

ווען אלעס וועט געהן, וויא ער האט גערעכענט, וועט ער האבען געמאכט א רייזע ארום דיא וועלט אין 80 טעג און וועט געווינען פופציג טויזענד פונט סטערלינג.

אויפ'ן שיף זיינען געווען זעהר פיעל פאסאזשירען, מייסטענס אמעריקאנער און ענגלענדער. אין דער דריטער קלאסע זיינען געפאהרען פיעלע כינעזען, עמיגראנטען, וועלכע זיינען געפאהרען רייך ווערן אין אמעריקא. אין 1872 איז געווען דיא שטארקסטע עמיגראציאן פון כינעזען קיין אמעריקא. דאמאלס האט מען זיי אריינגעלאזען קיין אמעריקא אהן שוועריגקייטען. דיא געלע קינדער פון'ם הימעלישען קייזערטהום (אזוי רופען דיא כינעזען זייער לאנד) האבען זיך א לאז געטהאן קיין אמעריקא, וויא א שטראם פון א בערג, ווען עס ווערטווארם און דאס אייז צוגעהט.

דיא רייזע אויפ'ן שטילען וועלט מעער — פאסיפיק אשן — איז געווען זעהר א רוהיגע. צוואר קומען פאר אויפ'ן שטילען וועלט מעער אויך שרעקליכע שטורמווינדען, אבער ניט אזוי אפט, וויא אויפ'ן אטלאנטישען וועלט מעער.

פילעאס פאגג איז געווען רוהיג און האט וועניג גערעדט, וויא זיין שטייגער איז געווען. ווער עס וואלט זיך אבער בעססער צוגעקוקט צו איהם, דער וואלט געוויס בעמערקט, אז ער רעדט אפטער מיט מיסיס אאודא און ער האט פערגניגען, ווען ער רעדט מיט איהר.

אאודא האט אנגעהויבען צו פערשטעהן דיעזען זאנדערבארען כאראקטער. זיא האט זיך מעהר צוגעקוקט צו איהם און האט געזעהן, אז דיעזער רוהיגער, שטילער מענש איז גראסמוטהיג, עדעל, פיין און איז פעהיג אויף דיא גרעסטע העלדענטהאטען. זיא האט זיך זעהר אינטערעסירט, ער זאל געווינען זיין וועטע. זיא האט פערשטאנען, אז ניט דאס געלד איז ביי איהם דיא הויפט זאכע. זיא האט דאך אליין געזעהן, וויא דאס געלד האט ביי איהם קיין ווערטה ניט; וויא ער גיט דאס געלד אוועק מיט ביידע הענד, ווען עס קומט אויס צו געווינען א שטונדע. זיא האט וויעדער געזעהן, וויא ער קען פערליערן זיין צייט, וואס איז ביי איהם אזוי טהייער אום צו רעטען א מענשען.

פאספארטו האט זיך גוט צוגעקוקט צו זיין הערר און צו מיסיס אאודא. ער האט פערשטאנען, וואס פאר א געפיהלע עס האבען זיך ערוואכט אין דיא הערצער פון דיעזע צוויי מענשען. ער פלעגט אפט רעדען מיט איהר פון פילעאס פאגג און פלעגט איהם אויסלויבען. ער פלעגט איהר פערזיכערן, אז פילעאס פאגג וועט געוויס מאכען דיא רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג און וועט געוויס געווינען זיין וועטע.

— ביז אהער זיינען מיר געפאהרען אין האלב ווילדע לענדער: אינדיען, כינא, יאפאן, דאס זיינען האלב ווילדע לענדער. דיא אייזענבאהנען זיינען ניט פינקטליך, דיא שיפען פערשפעטיגען, האט ער איהר געזאגט. יעצט אבער קומען מיר קיין אמעריקא, וואו דיא אייזענבאהן ציגע פליעהען, וויא דיא פייגעל — 60 מייל א שטונדע! מיר וועלען דורכפליעהן אמעריקא, וויא א שטורמווינד. פון ניו יארק קיין ליווערפול קען מען קריעגען דעם בעסטען פאסט דאמפפער. הערר פילעאס פאגג וועט געווינען זיין וועטע!

פאספארטו איז געוועזן גליקליך, וואס זיין הערר וועט געווינען זיין וועטע. פון אאודא האט מען ניט וואס צו רעדען. זיא האט זיך אזוי שטארק אינטערעסירט אין פילעאס פאגגס רייזע, גלייך וויא זיא אליין וואלט זיך געוועט.

דאס וועטער איז געוועזן שעהן. דער ריעזען דאמפפער האט געשפאלטען מיט זיין אייזערנער ברוסט דיא בלויע כוואליעס פון'ם שטילען וועלט מעער און איז געשוואומען אלץ ווייטער און ווייטער קיין אמעריקא.

ניין טאג נאך זייער אברייזע פון יאקאהאמא, אלזא דעם 23טען נאוועמבער, האט פילעאס פאגג איבערגערעכענט זיין מארשרוט. ער האט געפונען, אז ער האט יעצט ארומגערייזט פונקט א האלבע וועלט. אין צוויי און פופציג טעג האט ער ארומגערייזט א האלבע וועלט. עס בלייבט איהם נאך אכט און צוואנציג טעג ארומצופאהרען דיא אנדערע האלבע וועלט.

עס איז אבער א גרויסער אונטערשיעד פון'ם ערשטען טהייל פון זיין רייזע ביז אין צווייטען טהייל. — ביז אהער איז ער ניט געפאהרען גלייך. ער האט זיך געמוזט דרעהן און אנלעגען זעהר פיעל וועג. ער האט געמוזט פאהרען איבער אדען און באמביי, ווייל עס איז קיין אנדער וועג ניטא. ווען ער זאל געוועזן קענען פאהרען פון לאנדאן אויף א גלייכער ליניע, וואלט ער געדארפט פאהרען נור צוועלף טויזענד מייל, ער איז אבער געפאהרען זעקס און צוואנציג טויזענד מייל, ווייל ער איז געפאהרען אויף א קרומער ליניע.

יעצט אבער האט ער פאר זיך א גאנץ גלייכע ליניע. דאס שיף אויפ'ן שטילען וועלט מעער פאהרט אויפ'ן נאהענטסטען וועג. פון סאן פראנציסקא קיין ניו יארק איז א גלייכער וועג. דיא אייזענבאהן ליניע געהט איבער גאנץ נארד אמעריקא פון שטילען וועלט מעער צום אטלאנטישען וועלט מעער. פון ניו יארק קיין ליווערפול איז ווידער א גלייכער וועג.

נאך אלע זיינע רעכענונגען איז איהם אויסגעקומען, אז אין דיא 28 טעג

וואס זיינען איהם נאך געבליעבען, וועט ער געוויס מאכען דיא לעצטע ניין טויזענד מייל. ער איז געוועזען צופריעדען מיט זיין רייזע.

אין דער צייט, וואס פילעאַס פאָגג האט געמאכט זיינע רעכנונגען, האט פאספארטו ענטדעקט א נייעס. ביז אהער האט זיין אלטע, ריכטיגע אוהר קיין מאל ניט געשטימט מיט אוהרען פון דיא שטעדט, וואו ער איז געקומען. דער דעטעקטיוו פיקס און סער פראנסיס קראמארטי האבען איהם צוואר ערקלערט, פאר וואס זיין אוהר שטימט ניט מיט דיא אנדערע אוהרען; ער האט זיי אבער ניט געוואלט גלויבען.

דעם 23טען נאוועמבער איז פאספארטו צופעליגער ווייזע צוגעקומען צום כראָנאָמעטער פון'ם „גענעראַל גראַנט". דיא אוהר האט געוויעזען פונקט צוועלף. פאספארטו האט ארויסגענומען זיין אוהר און האט אַ קוק געטהאן — פונקט צוועלף!

— דיא גראבע יונגען! דיא אונוויסענדע! האט פאספארטו אויסגערופען. זיי האבען מיר געוואלט איינרעדען, אז מיין אוהר געהט ניט ריכטיג! דיא אוהרען אין באמביי, קאלקוטא, סינגאפור און האָנג-קאָנג זיינען געוועזען פאלש. מיין אוהר געהט ריכטיג. יעצט, ווען איך האב געטראפען א ריכטיגע אוהר, זעה איך, אז מיין אוהר איז דיא בעסטע און ריכטיגסטע אין דער וועלט. זיא איז געוועזען ריכטיג נאך ביי מיין עלטער עלטער זיידען. איך מיין, אז מען דארף רעגולירען דיא זון נאך מיין אוהר.

ווען דער ניט געלערנטער פאספארטו וואלט געהאט אן איטאליענישע אוהר, אין וועלכער דער ציפער בלאט איז איינגעטהיילט ניט אין צוועלף שטונדען, זאנדערן אין פיער און צוואנציג שטונדען, און צוואר איין העלפט פון'ם ציפער בלאט איז וויס, — עס ווייזט אויף דיא צוועלף שטונדען טאג. דיא אנדערע העלפט פון'ם ציפער בלאט איז שווארץ — עס ווייזט אויף דיא צוועלף שטונדען פון דער נאכט. — ווען פאספארטו זאל געוועזען האבען אזא אוהר, וואלט ער געזעהן, אז זיין אוהר ווייזט פונקט צוועלף אוהר ביי נאכט. דיא אוהר אויפ'ן שיף האט געוויעזען פונקט צוועלף ביי טאג.

פון דער צייט, וואס זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון לאנדאן ביז אהער, האט זיך זיין אוהר פערשפעטיגט אויף גאנצע צוועלף שטונדען. ליידער האט עס דער ארימער פאספארטו נים פערשטאנען און קיינער האט עס איהם ניט געקענט ערקלערן. עס איז זאגאר ניט געוועזען קיינער, ווער עס זאל עס איהם ערקלערן. פיקס איז געראדע ניט געוועזען לעבען איהם. עס איז אויך מעגליך, אז פיקס אליין האט עס אויך ניט גוט פערשטאנען.

וואו אבער איז געוועזען פיקס אין דער גאנצער צייט? האט ער זיך שוין אפגעזאגט פון זיין פלאן צו ארעסטירען פילעאַס פאָגג? — ניין! פיקס איז געוועזען א פאסאזשיר אויפ'ן „גענעראַל גראַנט", ער האט זיך אבער ניט געוואלט ווייזען פאר דיא מענשען, וועלכע ער האט נאכגעיאגט.

מיט פיקס איז געוועזען אזא געשיכטע. אין האָנג-קאָנג האט ער אנגעזאגט אין דער פאליציי, אז ווען דער ווארראנט וועט אנקומען, זאל מען איהם צושיקען

צום ענגלישען קאנסול קיין יאָקאָהאַמאַ. קוים איז ער אראפּ פון׳ם שיף אין יאָקאָהאַמאַ, איז ער גלייך געלאָפען צום ענגלישען קאנסול. — דער ווארראנט איז ווירקליך אנגעקומען. דיא פּאליציי אין האָנג־קאָנג האט איהם ערהאלטען א האלבע שטונדע פריהער, איידער דער קארנאטיק איז ארויסגעפאהרען פון׳ם פּארט. זיא האט איהם אוועקגעשיקט אויפ׳ן קארנאטיק צום ענגלישען קאנסול אין יאָקאָהאַמאַ.

פיקס איז געוועזן אויסער זיך פאר פערדרוס. ווען ער זאל ניט געוועזן פערשיכורן פּאספּארטו אין האָנג־קאָנג און זאל בעסער געווען ווארטען אויף דער פּאליציי, וואלט ער דאך געקענט ארעסטירען פילעאַס פאָגג אין האָנג־קאָנג. יעצט האט דער ווארראנט פאר איהם קיין ווערטה ניט. אין יאַפּאַן קען מען ניט ארעסטירען א מענשען מיט א ווארראנט פון דער ענגלישער פּאליציי. יאַפּאַן איז א קייזערטהום, וועלכעס וויל ניט וויסען פון ענגלישע געזעצע. עס איז וואהר, אז דיא ענגלישע רעגיערונג קען בעטען דיא יאפּאנעזישע רעגיערונג, אז זיא זאל ארעסטירען א מענשען, וועלכער איז בעגאנגען א פערברעכען אין ענגלאנד. דאס איז אבער א לאנגע געשיכטע. מען מוז טעלעגראפירען צום ענגלישען מיניסטער דער אייסערן אנגעלעגענהייטען (מיניסטער אינאָסטראַניך דיעל); דער מיניסטער דארף טעלעגראפירען צום ענגלישען געזאנדטען אין מיאקא; דער ענגלישער געזאנדטער דארף איבעררעדען מיט׳ן יאפּאנישען מיניסטער דער אייסערן אנגעלעגענהייטען; ווען דער יאפּאנישער מיניסטער וועט וועלען, קען ער ארויסגעבען א ווארראנט.

דאס אלעס קען מען ארויסזאגען אין עטליכע ווערטער. ווען עס קומט אבער אויסצופיהרען, דארף עס געדויערן מאנאטע לאנג. וועט דען דער באנק רויבער פילעאַס פאָגג ווארטען אזוי לאנג? — ער פאהרט נאך היינט אוועק מיט׳ן „גענעראל גראַנט“ קיין סאן פראנציסקא, קיין אמעריקא, וואו ער איז שוין גאנץ זיכער.

פיקס איז געשפרונגען פון דער הויט. ער האט צוגענומען דעם ווארראנט פון׳ם קאנסול און האט שיער ניט געוויינט אויף איהם קוקענדיג.

— וואס טויג ער מיר יעצט? האט ער געמורמעלט צווישען דיא צעהנער. וואס קען איך מאכען מיט א ווארראנט, וועלכער איז מיר יעצט אנגעקומען קיין יאפּאן?

ער האט א לאנגע צייט געטראכט און זיך געבראכען דעם קאפּ, וואס ער זאל ווייטער טהאן.

— עס העלפט ניט! איך מוז איהם נאכפאהרען! האט ער זיך ענטשלאסען. מעגליך, אז איך וועל אין אמעריקא געפינען א געלעגענהייט איהם צו ארעסטירען; ווידער איז מעגליך, אז דער באנק רויבער האט נור געוואלט אפּנארען דיא ענגלישע פּאליציי. ער פאהרט יעצט צוריק קיין ענגלאנד, וואו ער וועט בערויבען אנאנדער באנק.

פיקס האט בעשלאסען ער זאל נאכפאהרען פילעאַס פאָגג קיין אמעריקא. זיין עהרגייץ אלס דעטעקטיוו, האט עס פון איהם געפאָדערט. ער איז צוריק־

גענאנגען צום שיף „גענעראל גראַנט“. ער איז געשטאַנען אויפ'ן דעק פערטראכט און אויפגערעגט, ווען פילעאַס פאָגג, אַאודאַ און פאספארטו מיט זיין לאנגער נאז זיינען אנגעקומען. פיקס האט געהאט אן אויג פון א דעטעקטיוו. ער האט באלד דערקענט פאספארטו אונטער זיינע גרויסע פליגעל מיט דער לאנגער נאז. ער האט זיך בעהאלטען אין זיין קאַיוטע.

פאר פאספארטו האט ער מורא געהאט. פאספארטו קען אויסזאגען, אז ער האט איהם פערשיכורט מיט אפיום אין האנג-קאָנג; פאספארטו קען אויסזאגען, ווער ער איז. אזא באנקרויבער, וויא פילעאס פאָגג קען גאר דינגען א מערדער, וועלכער זאל איהם טויטען.

דאס איז געווען דיא אורזאכע, וואס ניט פילעאס פאָגג, ניט פאספארטו האבען ניט געזעהן דעם דעטעקטיוו דיא גאנצע צייט. ער האט זיך געהיט פון זיי און האט זיך אויסבעהאלטען.

דער 24טער נאוועמבער איז געווען זעהר א שעהנער טאג. אלע פאסאזשירען פון'ם „גענעראל גראַנט“ זיינען געווען אויפ'ן דעק. אין אזא שעהנעם טאג האט קיינער זיך ניט געקענט איינהאלטען אין דיא דומפיגע קאַיוטען. פיקס האט אויך געמוזט ארויסגעהן אויפ'ן דעק. צו זיין אונגליק איז ער ארויפגעקומען אויפ'ן דעק און האט זיך אנגעשלאגען אן פאספארטו.

— דוא שפירהונד! דוא שווינדלער! דוא רויבער! דוא בעטריגער! דוא טויגעניכטס! האט געשריען פאספארטו, ווען ער האט איהם דערזעהן און איז אויפגעשפרונגען אויף איהם, וויא א טיגער שפרינגט ארויף אויף א ציגעלע.

ער האט איהם געריסען ביי דיא האר און האט איהם ארייגגעשאטען טרוקענע קלעפ, וויפיעל עס האט אין איהם געקענט ארייננגעהן.

אויפ'ן דעק האט זיך באלד געבילדעט א רעדעל פון אלע פאסאזשירען. אזוי וויא אויפ'ן „גענעראל גראַנט“ זיינען געווען פיעלע אמעריקאנער, וועלכע האבען זעהר ליעב א געשלעג — א פייט — האט מען באלד אנגעהויבען צו וועטען, ווער עס וועט וועמען בעסער שלאגען. דיא מאטראזען און דיא אפיציערן פון'ם שיף האבען געוואלט זיי צו נעהמען און ניט דערלאזען צו א געשלעג אויפ'ן שיף; דיא אמעריקאנער אבער האבען זיך געהאלטען פעסט.

— לאזען זיי זיך שלאגען! לאזען זיי זיך פייטען! האבען זיי געשריען. מיר ווילען האבען „פאַן“ (שפאס).

פאספארטו האט געוויזען, אז ער איז א גוטער שלעגער. ער האט צושלאגען דעם דעטעקטיוו, וויא א ווייניגען עפעל. ווען ער איז מיעד געווארען שלאגענדיג, האט זיך פיקס אויפגעהויבען און האט איהם געזאגט רוהיג און קאלטבליטיג:

— האט איהר שוין געענדיגט?

— פאר היינט האב איך געענדיגט, האט פאספארטו געענטפערט.

— דאן האב איך מיט אייך עפעס צו רעדען.

— מיט מיר! — איך וועל דיר ווידער ברעכען דיא ביינער!...

— איך האב מיט אייך צו רעדען איבער זאכען, וועלכע זיינען זעהר וויכטיג פאַר אייער הערר....

פאספּאַרטו איז געבליעבען שטעהן און האט אראפּגעלאזעןביידע הענד. איהם האט איבערראַשט דיא רוהע און קאַלטבלוטיגקייט פון דיעזען זאנדערבאַרען מענשען.

— גוט! זאגט, וואס ווילט איהר נאך? האט ער געפרעגט דעם דעטעקטיוו.

— ניט דא איז דער ארט צו רעדען. קומט מיט מיר אויפ'ן פאַרקעסל (דער ארט, פון וואנען דער אנקער העננגט אראפּ). דארט וועלען מיר רעדען.

פאספּארטו און פיקס זיינען ארויפגעגאנגען אויפ'ן פאַרקעסל און האבען זיך אניעדערגעזעצט אויפ'ן אנקער, וויא אלטע גוטע פריינד.

— איהר האט מיך היינט געשלאגען, האט פיקס געזאגט, איך בין אויף אייך ניט ברוגז. איך האב עס ערווארטעט. איך האב פערדיענט, אז מען זאל מיך שלאגען. פון דעסטוועגען הערט מיך אויס. איינס צום אנדערן געהערט זיך ניט אן. — ביז אין דער לעצטער צייט בין איך געווען פילעאַס פאָגג'ס פיינד, יעצט בין איך פאַר איהם.

— ענדליך! האט פאספּארטו אויסגערופען. ענדליך האט איהר זיך איבערצייגט, אז פילעאַס פאָגג איז גאר אן עהרליכער מאן און איהר פאַהרט איהם נאך אומזיסט.

— ניין. איך בין איבערצייגט, אז ער איז א גנב און א באנק רויבער —

פאספּארטו איז אויפגעשפרונגען און האט ווידער געוואלט אנהויבען איהם צו שלאגען.

— ש.. שאַ! — הערט מיך פריהער אויס! האט פיקס געבעטען. לאזט מיך אויסרעדען, מיר וועלען נאך צייט האבען זיך צו שלאגען. —

זא לאנג פילעאַס פאָגג איז געווען אין לענדער, וועלכע געהערן צו ענגלאנד, האב איך געטהאן אלעס מעגליכע אום איהם צו שטערן אין זיין רייזע. איך האב אייך שוין דערצעהלט, אז איך האב געווארט אויף א ווארראַנט פון לאנדאן. איך האב געוואלט איהם אויפהאלטען, ביז דער ווארראנט וועט אנקומען. איך האב אויף איהם אנגעשיקט דיא בראהמינען פון באָמביי; איך האב אייך אנגעשיכורט אין האָנג-קאָנג; איך האב געזעהן, אז ער זאל פערשפּעטיגען דעם קאַרנאַטיק. — דאס אַלעס האב איך געטהאן, אום איך זאל איהם קענען ארעסטירען אין אַ לאנד, וואס געהערט צו ענגלאנד. —

פאַספּאַרטו האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם. פון צייט צו צייט האט ער געמאכט א פויסט און האט געוואלט מיט איהם אריינפאַהרען אין פיקס מארדע.

— יעצט אבער, האט פיקס ווייטער געזאגט, יעצט, ווען פילעאַס פאָגג געפינט זיך אין לענדער, וועלכע געהערן ניט צו ענגלאנד, פאָדערן מיינע אינטערעסען, ער זאל צוריקפאָהרען קיין ענגלאַנד. איך וועל טהאָן אלעס מעגליכע, יאל קומען קיין ענגלאנד, וואס אם שנעלסטען. איך וועל איהם שטיצען מיט

נעלד, איך וועל איהם אפהיטען, וויא מיין אויג אין קאפ, איך וועל קריעגען פון דער הויט — אום ער זאל גיכער קומען צוריק קיין ענגלאנד.

זא פיעל איך וויים, ווילט איהר, הערר פאספארטו, אויך קומען קיין ענג-לאנד וואס צום גיכסטען. אלזא האבען מיר ביידע גלייכע אינטערעסען. ווען מיר האבען ביידע דיזועלבע אינטערעסען, דארפען מיר זיך דאך ניט קריעגען. — איך זאג אייך צוואר, אז אין ענגלאנד וועט איהר ערשט געוואהר ווערן, אויב איהר דיענט ביי אן עהרליכען מאן אדער ביי א באנק רויבער. דערווייל אבער, אויפ'ן וועג, האבען מיר ביידע פאר אונז איין צוועק.

פאספארטו האט געזעהן, אז דער דעטעקטיוו מיינט עס גאנץ ערנסט. ער וויל טאקע, אז פילעאס פאגג זאל קומען קיין ענגלאנד, וויא אם שנעלסטען.

— אלזא, זיינען מיר גוטע פריינד? האט פיקס געפרעגט.

— גוטע פריינד? — אויף קיין פאל! האט פאספארטו געענטפערט. מיר קענען זיין פערבינדעטע, מענשען, וועלכע שטרעבען צו איין צוועק. איך ווארן אייך אבער, אז קוים וועל איך זעהן נאך א מאל פון אייך, אז איהר ווילט אויפ-האלטען מיין הערר, וועל איך אייך אפדרעהן דעם קאפ.

— אפגעמאכט! האט פיקס אויסגערופען.

ביידע נייע גוטע פריינד זיינען יעצט אראפגעגאנגען פון'ם פארקעסל און זיינען זיך צוגאנגען יעדער זיין וועג.

דיא איבעריגע רייזע ביז סאן פראנציסקא איז פערגאנגען גאנץ רוהיג. דאס וועטער איז געווען שעהן און דער „גענעראל גראנט" איז געפאהרען גאנץ שנעל. דעם ערשטען דעצעמבער האט דער מאטראז, וואס איז געשטאנען אויפ'ן וואך, אויסגערופען:

— לאנד!

אלע פאסאזשירען זיינען ארויפגעלאפען אויפ'ן דעק. יעדער האט געוואלט זעהן אמעריקא, דאס גאלדענע לאנד. פאספארטו איז געשטאנען לעבען מיסים אאודא. וואס נעהנטער דאס שיף איז צוגעקומען צום לאנד, אלץ מעהר האט זיך פאספארטו געוואונדערט, וואס ער זעהט נאך ניט דיא שטאדט סאן פראנציסקא. ער האט זיך נאך מעהר געוואונדערט, ווען ער האט דערזעהן פאר זיך שרעקליך הויכע בערג, וועלכע קומען ארויין מיט זייערע גלאטע שטיינערנע ווענט גלייך אין מעער.

— וואו איז דא דער פארט? האט ער געפרעגט. וויא אזוי קענען שיפען צוגעהן צו אזעלכע שטיינערנע ווענט?

— ווארט אביסעל, וועט איהר זעהן איינע פון דיא גרעסטע וואונדער פון דער וועלט, האט איהם אאודא געענטפערט. איהר וועט זעהן דיא גאלדענע טויערן.

פאספארטו האט ניט פערשטאנען, וואס זיא מיינט. ער האט ניט געוואוסט, וואס עס הייסט „דיא גאלדענע טויערן". ער האט ניט געקענט פערשטעהן, פאר וואס ער זעהט ניט דיא זעגעל ביימער פון דיא שיפען, וועלכע שטעהן אין פארט פון סאן פראנציסקא. ער האט געוואוסט, אז סאן פראנציסקא איז דער גרעסטער

פארט פון אמעריקא אויפ'ן שטילען וועלט מעער. וויא קומט עס אלזא, וואס זיי זיינען אזוי נאהענט פון סאן פראנציסקא און זעהען ניט דיא שטאדט, ניט דיא שיפען אין פארט?

באלד האט זיך איהם אלעס אליין ערקלערט. דער „גענעראַל גראנט" איז צוגעפאהרען אלץ נעהנטער און נעהנטער צו דיא הויכע שטיינערנע ווענט. פאַפארטו האט געמיינט, אז ער וועט זיך אנשלאגען אן דיא שטיינער און וועט צוזעצט ווערן אויף שטיקער. פלוצלונג האט ער דערזעהן, וויא אין דיא הויכע שטיינערנע וואנד איז אויסגעשניטען א לאנגער און שמאלער קארידאָר, א וועג פאר דיא שיפען. דער וועג אדער דער קארידאר, איז אזוי שמאל, אז צוויי שיפען קענען קוים, קוים דורכגעהן איינס לעבען אנדערן. דיא ווענט פון דיעזען קארידאר זיינען אזוי הויך, אז, ווען מען שטעהט אויפ'ן דעק פון אַ שיף, קען מען ניט זעהן, וואס עס טהוט זיך אויף זיי און וואו זיי ענדיגען זיך.

— דאס זיינען דיא גאלדענע טויערן! האט אויסגערופען איינער פון דיא פאסאזשירען.

דאס שיף האט געגעבען סיגנאלען אין דער גאנצער צייט, וואס עס איז געפאהרען אין שמאלען קארידאר. דער שיפס קאפיטאן האט געווארענט אנדערע שיפען, זיי זאלען אויסמיידען דעם וועג. אין דיעזען שמאלען קארידאר איז דער „גענעראל גראַנט" געפאהרען נעגען א האלבע שטונדע.

באלד זיינען זיך דיא ווענט פון קארידאר צוגאנגען און דאס שיף איז אריינגעפאהרען אין אַ גרויסע בוכטע— אין פארט פון סאן פראנציסקא. דא האט שוין פאספארטו געזעהן הונדערטער שיפען; דא האט ער שוין דערזעהן דיא דאָקס און דיא ווהארפס פון סאן פראנציסקא; דא האט ער שוין געקענט זעהן דיא הויכע שפיצען פון דיא קירכען, דיא פאלאצען און אנדערע געביידען פון סאן פראנציסקא.

— דאס הייסט אמעריקא! האט פאספארטו אויסגערופען. זיי האבען בעהאלטען זייער פארט און זייער שטאדט הינטער דיא שטיינערנע ווענט פון דיא בערג. —

— ניין, האט אַודאַ געענטפער, דיא אמעריקאנער האבען דא גאר ניט געטהאן. דיא נאטור אליין האט זיך א שפיעל געטהאן און וויזט אונז איינע פון איהרע גרעסטע וואונדער. נאך אזא פארט, וויא סאן פראנציסקא איז ניטא אויף דער וועלט. דיא בוכטע איז זעהר גרויס. זיא איז פיעלע מיילען דיא לענג און דיא ברייט. זיא קען אויפנעהמען אלע קריעגס שיפען פון דער גאנצער וועלט. זיא איז זעהר זיכער. אויפ'ן מעער קען רוישען און קאכען דער גרעסטער שטורמווינד, אין דער בוכטע פון סאן פראנציסקא איז אלעס שטיל און רוהיג. עס איז אָבער צו שווער צוצוטרעטען צו דער בוכטע, ווייל מעהר וויא צוויי שיפען מיט א מאל קענען ניט דורכפאהרען דיא גאלדענע טויערן The Golden Gate

---

25טעס קאפיטעל.

## פילעאס פאגג קומט אן קיין סאן פראנציסקא און טרעפט א פאליטישען מיטינג.

אום עלף אוהר אין דער פריה דעם 2טען דעצעמבער איז דער „גענעראל גראנט" צוגעפאהרען צו זיין דאק אין סאן פראנציסקא. פאספארטו איז געווען איבערראשט, אזוי פיעל שיפען מיט א מאל האט ער ניט געזעהן זאגאר אין לאנדאן.

הונדערטער שיפען פון אלע פעלקער פון דער וועלט זיינען געשטאנען צו־געבונדען צו דיא דאקס. דיא סחורות פון מעקסיקא, פערו, טשילי, דיא פעראיי־ניגטע שטאאטען, בראזיליען, אזיען און אייראפא זיינען געלעגען אנגעהייפט אויף דיזע דאקס.

דיא דאקס אליין זיינען אויך מערקווירדיג. אין אלע פארטען זיינען דיא דאקס אויפין לאנד, אין סאן פראנציסקא שווימען דיא דאקס אויפין וואסער. אין דער צייט פון דער פלוט, ווען דאס מעער קומט צו, הייבען זיך אויף דיא דאקס. דאמאלס לאדעט מען אויס דיא סחורות פון דיא שיפען און מען לאדעט זיי אן מיט אנדערע סחורות. דיא דאקס אליין פיהרען צו דיא סחורות צו דיא מאגא־זינען און פיהרען זיי אוועק פון דיא מאגאזינען.

פאספארטו האט זיך אנפאנגס דערשראקען, ווען ער איז ארויפגעגאנגען אויפין דאק און האט געפיהלט, אז דער דאק שווימט מיט איהם.

פילעאס פאגג איז געבליעבען גאנץ רוהיג. ער האט נאטירט אין זיין בוך דיא שטונדע און דיא מינוט, ווען ער איז אנגעקומען קיין סאן פראנציסקא. דאן האט ער זיך ערקונדיגט, ווען דער צוג געהט אפ קיין ניו יארק. מען האט איהם געזאגט, אז דער צוג קיין ניו יארק געהט אפ אום זיבען אוהר אבענדס.

— אלזא, האב איך א גאנצען טאג צו פערברענגען אין דער הויפט שטאדט פון קאליפארניען, האט ער געזאגט.

ער האט צוגערופען א קארעטע, האט ארייננעזעצט אאודא און איז אליין אויך ארייננעגאנגען אין דער קארעטע. פאספארטו האט זיך געזעצט לעבען קוטשער.

— צום אינטערנעשיאנעל האטעל! האט פילעאס פאגג געהייסען פאהרען.

— ביטע דריי דאללאר! האט דער קוטשער געענטפערט.

פילעאס פאגג האט געגעבען דעם קוטשער דיא דריי דאללאר און דיא קארעטע איז באלד צוגעפאהרען צום אינטערנעשיאנעל האטעל, איינער פון דיא בעסטע האטעלס אין סאן פראנציסקא. פילעאס פאגג האט געהייסען זיך געבען צוויי צימער, פאר זיך און פאר אאודא. פאספארטו האט זיך ניט געקענט איינ־האלטען, ער איז באלד ארויפגעלאפען אויפין דאך פונים האטעל און דארט, פון דער הויך, האט ער בעטראכט דיא גרויסע אמעריקאנישע שטאדט.

ער האט געזעהן פאר זיך א גרויסע און א שעהנע שטאדט מיט ברייטע גאסען, שעהנע הייזער, רייכע פאלאצען, גראסארטיגע מאגאזינען און וואארענ־

לאנער. אין דיא גאסען זיינען געגאנגען אַלערליי מענשען: אייראָפּעער, אמעריקאַנער, מעקסיקאַנער, כינעזען און אינדיאַנער מיט פֿעדערן אויפֿ'ן קאפּ. הונדערטער עקיפּאזשען, דראשקעס, אָמניבוסע'ן און אַנדערע סארטען וועגען זיינען געפֿאהרען, געלאַפֿען און לעבעדיג געמאַכט דיא גאסען.

פּאספּארטו איז געווען איבערראַשט. ער האט אַ מאל געהערט, אז סאַן פֿראַנציסקאָ איז אַ שטאָדט פֿון באַנדיטען, מערדער, קארטענשפּיעלער, רויבער, מאָרדברענער און אנדערע פֿערברעכער, וועלכע געהן ארום מיט אַ געלאדענעם רעוואָלווער אין דיא הענד און שלאָגען זיך, טויטען זיך אין מיטען דער גאס. ער האט א מאל געלעזען א בוך פֿון זיינעם אַ לאנדסמאן, א פֿראנצויז, וועלכער האט בעשריעבען סאַן פֿראנציסקא אין 1849 אין א בוך אונטערן טיטול: **דיא ערשטע עמיגראַנטען**, אז אין סאַן פֿראַנציסקא קומען זיך צונויף אלע גאלד גרעבער. אין סאן פֿראנציסקא פֿערשפּיעלען זיי אין קארטען און ווירפֿעל דאס גאלד, וואס זיי האבען אנגעגראבען אין דיא מינען אין קאַליפֿאָרניען. ביים שפּיעלען שיכורן זיי זיך אָן, צושלאגען זיך, שטעכען אדער שיעסען איינער דעם אנדערן, אדער צינדען גאָר אונטער דאס הויז, וואו זיי האבען פֿערשפּיעלט זייער גאלד. — יעצט זעהט ער פֿאר זיך דשענטעלליים מיט צילינדער היטע און עלעגאנט געקליידעט.

דער ארימער פֿראנצויז האט ניט געוואוסט, אז פֿון 1849, ווען זיין לאנדסמאן האט געשריעבען דאס בוך: **דיא ערשטע עמיגראַנטען**, ביז 1872 האט זיך כאַן פֿראנציסקא אין גאנצען פֿערענדערט. דאמאלס איז סאן פֿראנציסקא ווירקליך געווען אַ הייל פֿון רויבער און מערדער. יעצט איז עס געווארען א גרויסע האנדעלס שטאָדט, אין וועלכער עס איז בעזאנדערס בעריהמט מאנטגאמערי כטריט.

דיא מאנטאגאמערי כטריט איז דאס זעלבע וואס רידשענט סטריט אין לאנדאן, בולוואַר דעז איטאליען אין פּאריז, בראָדוויי אין ניו יארק און סטייט כטריט אין טשיקאגא. דאס איז דאס הערץ פֿון דער שטאדט. אלע וואַארען און אלע רייכקייטען פֿון אייראפּא, אזיען, אפֿריקא און אַמעריקאַ געפֿינט מען אין דיא מאַגאַזינען אין מאנטאגאמערי כטריט אין כאַן פֿראַנציסקאָ.

פּאַכפּאַרטו וואלט געווען אוועקגעשטאנען א גאַנצען טאג אויפֿ'ן פֿלאכען דאך פֿון'ם אינטערנעשיאנעל האטעל און בעטראַכט דיא פֿרעהליכע גאַסען פֿון כאַן פֿראַנציסקאָ, ווען דער מאָגען זאל איהם ניט געווען דערמאָנען, אז ער איז הונגעריג.

ער איז אראפּגעגאַנגען פֿון'ם דאַך און איז אריינגעגאַנגען אין ביער סאַלון, וועלכער איז געווען אין האָטעל. דארט זיינען געשטאנען אויף טישען שיסעל און טעלער מיט אלערליי עסענווערג: אויכטערן, סארדעלען, גערייכערטע פֿלייש, געטריקענט פֿלייש, געזאַלצען פֿלייש און אַלערליי סאָרטען קעז. ער האט געגעסען און געטרונקען, וויפֿיעל ער האט געוואָלט.

וויא איבערראַשט איז ער געווען, ווען עס איז געקומען צו בעצאהלען, האט מען געפֿאָדערט ביי איהם געלד נור פֿארן שנאפּס און ביער, וואס ער האט

געטרונקען. פארן עסען האט מען ביי איהם קיין געלד ניט גענומען.

— פרי לאנטש, האט מען איהם געזאגט. איהר מעגט עסען וויאפיעל איהר ווילט, צאהלען דארפט איהר נור פארן טרינקען.

— דאס הייסט אמעריקא! האט דער פראנצויז אויסגערופען. עסען אומזיסט! פאר טרינקען דארף מען צאהלען! לעבען זאל אמעריקא! לעבען זאל דער פרי לאנטש!

ער האט צוואר געפונען, אז מען האט איהם גערעכענט א ביסעל צו טהייער. פאר א קליין גלעזעלע קאניאק האט מען זיך געהייסען געבען א פיערטעל דאלאר. דאס מאכט אבער ניט אויס. ער האט געגעסען אבער פאר דריי מענשען.

פילעאס פאגג האט געהייסען, מען זאל איהם און מיסים אאודא געבען עסען אין זיין צימער. נעגער אין פראקען מיט ווייסע העמדער און ווייסע קראגען האבען איהם געבראכט א פארטרעפליכען פריהשטיק.

נאכ'ן עסען האט ער גענומען מיסים אאודא אונטערן ארים און איז געגאנגען מיט איהר צום ענגלישען קאנסול. ער האט געוואלט וויזירען זיין פאספארט.

ווען ער איז ארויסגעקומען פון האטעל, האט ער געטראפען זיין דיענער פאספארטו שטעהן אין דרויסען און קוקען אויף דער גאס.

— הערר פילעאס פאגג, האט פאספארטו געזאגט, איך רעכען, אז מיר זאלען קויפען אין סאן פראנציסקא א פאר גוטע ביקסען און א פאר רעוואלווערן פון דער בעריהמטער פאבריק „קאלט“. מען זאגט, אז דיא אינדיאנער, וועלכע הייסען סיו און אפאטשי פאלען זעהר אפט אן אויף דיא אייזענבאהנציגע און בערויבען דיא פאסאזשירען. — נור־וואס האט א מאן דערצעהלט, אז מען האט בערויבט דיא פאסאזשירען פון א באהנצוג ניט וייט פון דער שטאדט אמייהא.

— איך מיין, אז עס איז ניט נעטהיג, האט פילעאס פאגג געענטפערט, מיר זיינען דאך עפעס אין א ציוויליזירט לאנד. אמעריקא ריהמט זיך, אז זיא איז געבילדעטער און קליגער פון אלע אנדערע לענדער. בעשטעהט איהר גאנצע בילדונג און אויפקלערונג נור דאראן, וואס מען בערויבט אייזענבאהנציגע און מען טייטעט מענשען אין דיא גאסען?

ער האט געוואלט ווייטער געהן, פלוצלונג אבער האט ער זיך איבערלעגט, האט ארויסגענומען עטליכע באנק נאטען און האט דערלאנגט פאספארטו.

— ווען דוא ווילסט עס אונבעדינגט, האט ער איהם געזאגט, נא דיר געלד, געה און קויף פאר אונז ביידען א פאר גוטע צוויי־רעהריגע ביקסען און א פאר קאלט'ס רעוואלווערס.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועקגעגאנגען צום ענגלישען קאנסול. קוים איז ער אוועקגעגאנגען פופציג שריט, האט ער בעגעגענט — מיסטער פיקס!

— הערר פילעאס פאגג! האט פיקס אויסגערופען איבערראשט. — אלזא, מיר בעגעגענען זיך וויעדער אין אמעריקא! וואהרשיינליך, זיינען מיר ביידע געקומען אויף דעמזעלבען שיף. וויא קומט עס, וואס מיר האבען זיך א גאנצען וועג ניט געזעהן? — אה, הערר פילעאס פאגג! ווען איהר פאהרט קיין אייראפא,

קיין ענגלאנד, וועל איך זיין גליקליך, איך זאל פאהרען צוזאמען מיט אייך. מיינע געשעפטען צווינגען מיך, איך זאל פאהרען פון דאנען גלייך קיין ליווערפול.

פילעאס פאגג האט איינינע מינוטען געקוקט אויף דעם זאנדערבארען מאן, וועלכער איז געפאהרען מיט איהם צוזאמען אזא לאנגע שטרעקע. דאן האט ער געזאגט:

— איך פאהר ווירקליך פון דאנען גלייך קיין ליווערפול. ווען איהר פאהרט אויך אויפ'ן זעלבען וועג, וועל איך געוויס זיין צופריעדען צו פאהרען מיט אייך צוזאמען.

מיר האבען געהערט, וואס פיקס האט גערעדט מיט פאספארטו אויפ'ן פארקעסל פון'ם „גענעראל גראנט"; מיר ווייסען, אז פיקס האט זיך ענטשלאסען, ער זאל ניט ארפלאזען פון'ם אויג דעם באנק רויבער, פילעאס פאגג. — מיר קענען דאהער פערשטעהן, פאר וואס פיקס האט זיך אזוי געבעטען, ער זאל פאהרען מיט איהם צוזאמען קיין ענגלאנד.

— ווען הערר פילעאס פאגג וועט מיר ערלויבען, האט פיקס ווייטער געזאגט, וועל איך איהם בעגלייטען אין סאן פראנציסקא און מיר וועלעןביידע בעטראכטען דיעזע וואונדערבארע שטאדט.

— מיט פערגנינגען! האט פילעאס פאגג געענטפערט.

פילעאס פאגג, אאודא און פיקס זיינען געגאנגען צוערשט צום ענגלישען קאנסול, דאן האבען זיי א ביסעל שפאציערט אין מאנטאגאמערי סטריט. אין איין ארט האבען זיי געטראפען א גרויסען הויפען מענשען. דיא גאנצע גאס איז געווען פערשפארט. אין דיא טהירען פון דיא הייזער, אויף דיא דעכער, אויף דיא טרעפ, אין דיא פענסטער — איבעראל זיינען געשטאנען געדיכטע מאסען מענשען. פון יעדעם הויז האבען געוועהט פאהנען און פלאגען.

אין דער מיט גאס איז געשטאנען א גרויסער וואגען — אן עקספרעס וואגען. דער וואגען איז געווען בעהאנגען מיט בילדער און מיט שטאף פון דיא אמעריקאנישע פארבען — רויט, ווייס און בלוי, מיט שטערן. אויפ'ן וואגען זיינען געשטאנען עטליכע מענשען. איינער פון זיי האט עפעס גערעדט. פון צייט צו צייט פלעגט דער רעדנער זיך ווענדען צו דער מענגע און פרעגען:

— האו איז קאמערפילד?

— קאמערפילד איז אלל רייט! האט דיא מענגע ארום וואגען געשריען.

— זש.. זש! האט געברומט דיא מענגע פון דער אנדערער זייט גאס.

— האו איז אלל רייט? האט דיעזע אנדערע מענגע געפרעגט.

— מענדיבאי איז אלל רייט! האבען אנדערע שטימען געענטפערט.

— הורראה פאר קאמערפילד! האט געשריען דער מאן פון'ם עקספרעס וואגען.

— הורראה פאר מענדיבאי! האט געשריען דיא מענגע פון דער אנדערער זייט גאס.

פילעאס פאָגג, אַאודאַ און פיקס האבען אייניגע מינוטען בעטראכט דיזע זאנדערבארע מענגע מיט זייערע ווילדע געשרייען.

— וויא עס ווייזט אוים, איז עס א פאליטישער מיטינג, האט פיקס געזאגט. וואהרשיינליך, איז היינט א וואהל — עלעקשין — פאר אַ גובערנאטאר אדער פרע־זידענט. — הערר פאָגג, לאמיר אוועקגעהן פון דאנען. אויף אזעלכע פאליטישע מיטינגען אין אמעריקא קען מען חאַפּען פעטש און קלעפּ גאר אומזיסט.

— איהר האט רעכט, הערר פיקס, פאליטישע קלעפּ טהוען אזוי גוט וועה, וויא ניט פאליטישע. איך מיין אויך, אז מיר האבען דא ניט וואס צו טהאן.

זיי האבען געוואלט זיך אוועקגעהן אין אַ זייטען גאס. דאס איז אבער ניט געווען אזוי לייכט. אין דער צייט, וואס זיי זיינען געשטאנען און האבען בע־טראכט דיזען זאנדערבארען מיטינג, זיינען צוגעקומען אלס מעהר און מעהר מענשען. הינטער פילעאס פאָגג און זיינע בעגלייטער האט זיך געבילדעט א גע־דיכטע וואנד פון מענשען לייבער, אז עס איז געווען אונמעגליך צוריק צו געהן.

דיא מענגע האט זיי געדרענגט אלץ ווייטער און ווייטער. פילעאס פאָגג האט באלד איינגעזעהן, אז דיא בעסטע זאך פאר איהם און אַאודא וועט זיין זיך צוזושלאגען צו אַ הויז און שטעלען זיך אויף דיא טרעפ, ביז דיא מענגע וועט פאראיבערגעהן. פילעאס פאגג האט אנגעהויבען צו ארבייטען מיט זיינע שטארקע עלענבאגענס און נאך לאנגער און שווערער מיה איז איהם ענדליך געלונגען זיך צוזושלאגען צו דיא מארמארנע טרעפ פון אַ הויז.

ער האט ארויפגעפיהרט מיסיס אַאודאַ אויף דיא אייבערשטע טרעפ און אליין האט ער זיך געשטעלט אויף דיא אונטערשטע טרעפ, וויא אַ פאנצער פאר איהר. פיקס האט נעביך געמוזט שטעהן מיט אַ טרעפ ניעדריגער פון פילעאס פאָגג.

פון דעם ארט, וואו זיי זיינען געשטאנען, האבען זיי דייטליך געקאנט זעהן, וויא אויף אַ קליינעם סקווער צווישען דריי גאסען איז געווען אויפגעבויט א ביהנע. דיא מענגע, וועלכע איז בעשטאנען פיעללייכט פון פופציג טויזענד מענשען, האט זיך געדרענגט צו דיזער ביהנע.

— וואס איז דאס פאר אַ פערזאמלונג? האט פיקס זיך געבייזערט. זיינען דיא מענשען וואהנזיניג געווארען? וואס ווילען זיי? וואס לארמען זיי אזוי שטאַרק?

פלוצלונג איז געווארען אַ שרעקליכע בעוועגונג אין דער מענגע. עס הא־בען זיך אויפגעהויבען פאהנען און זיינען אראפגעפאַלען. ווען זיי האבען זיך ווידער געוויעזען, זיינען זיי געווען צוריסען אויף שטיקלעך. באלד האבען זיך געוויעזען הענד מיט פויכטען אין דער הויך. זיי האבען זיך בעוועגט, זיינען אראפגעפאַלען און האבען זיך ווידער אויפגעהויבען. — זאנדערבאר! יעדעס מאל, ווען דיא הענד מיט דיא פויסטען זיינען אראפגעפאַלען, זיינען פיעלע צילנ־דער היטע קלענער געווארען און האבען אין גאנצען פערלארען זייער פאַסאָן. — פון צילינדער היטע זיינען געווארען יארמאַלקעס!

דיא מעננע האט גערוישט, געקאכט און געליאַרמט, וויא דיא כוואַליעס פון'ם מעער. אט האט זיך דאס מעער אויסגעגאסען אין איין זייט, אט האט זיך עס אויסגעגאסען אין דער אנדערער זייט.

— דאס איז געווים אַ פאליטישער מיטינג, האט פיקס געזאגט צו פילעאַס פאָגג. איך וואלט גערן געוואלט וויסען, וואס פאר אַ פאליטישע פראגע עס ווערט דא פערהאנדעלט.

— איהר הערט דאך, אַז אייניגע זיינען פאַרן האכווירדיגען קאמערפילד און דיא אנדערע זיינען פאַרן האכווירדיגען מענדיבאָי.

— ווער זיינען אבער דיעזע צוויי האכווירדיגע הערען? האט פיקס גע-פרעגט. וואס ווילען זיי? פאר וואס איז דיא מעננע אזוי אויפגערעגט?

פילעאַס פאָגג האט ניט געענטפערט. ער האָט ניט געוואוסט, ווער דיא הערען קאמערפילד און מענדיבאָי זיינען און וואס זיי ווילען. אַאודאַ איז אויך געווען נייגיעריג צו וויסען, וואס דא קומט פאר. אזא סצענע האט זיא געזעהן צום ערשטען מאל אין איהר לעבען. זיא האט געוואלט פרעגען איינעם לעבען איהר, וואס דא קומט פאר, ווען אין דער מעננע איז געווארען א שרעקליכע בעוועגונג.

עס האט אנגעהויבען צו קאכען און צו רוישען, גלייך וויא צוויי שרעקליכע וואסערן וואלטען זיך צוזאמענגעקומען. פון איין זייט האט מען געשריען: הורראַ! פון דער אנדערער זייט האט מען געברומט: זש....! זש....! פון דיא הענטלעך פון דיא פאהנען זיינען געווארען שטעקענס. הענד און פויסטען זיינען געפלויגען אין דער לופט. מען האט געהערט דייטליך, אז מען נעהמט און מען גיט פעטש, קלעפ און קולאַקעס. עס האבען זיך געוויזען שטיוועל אין דער הויך. דיא שטיוועל זיינען געפאלען אויף קעפ און צילינדער היטע. באלד האט מען דערהערט דעם קנאק פון רעוואלווערס.

עס איז געווארען א געשריי און אַ ליאַרם, אז מען האט געקענט פערטויבט ווערן. דיא מעננע איז געקומען אלץ נעהנטער צו דעם הויז, וואו פילעאַס פאָגג איז געשטאנען מיט זיינע בעגלייטער. עס איז געווען דייטליך, אז ביידע פאר-טייען, קאמערפילדס און מענדיבאָיס, זיינען זיך צוזאמענגעקומען. יעדע פארטיי וויל בעווייזען דורך קלעפ און פעטש, אז איהר קאנדידאַט איז בעסער.

פיקס איז געשטאַנען, וויא אויף הייסע קוילען. ער האט פערגעסען אן זיך אליין; ער האט מורא געהאט, אז מען זאל ניט דערהרגע'נען זיין „מאַן", זיין באנק רויבער. עס איז אבער געווען אונמעגליך ערגעץ אוועקצוגעהן.

ענדליך האט זיך דיא גאנצע מעננע אַ לאז געטהאן צום הויז, וואו פילעאַס פאָגג איז געשטאַנען.

— הורראה פאר מאנדעבאָי! מאנדעבאָי איז אלל רייט! האבען געשריען עטליכע טויזענד גארגלען און הענד מיט שטעקענס האבען געשלאגען, וואו זיי האבען געטראָפען.

פילעאַס פאָגג און פיקס האבען אויך בעקומען אַן ארענטליכע פּאָרציאָן

אפוואהל זיי זיינען געזוען צופריעדען, אז מענדיבאָי איז אלל רייט. פילעאַס פאָגג האט געהאט נור איין זארג: ער האט געוואלט שיצען און פערטהיידיגען מיסיס אאודא. דערביי אבער האט ער בעקומען קלעפּ, וויפיעל עס איז אין איהם אריין.

פילעאַס פאָגג האט אויך ניט געשוויענען. זיינע אייזערנע פויסטען זיינען געפאלען אויף יעדען, ווער עס האט זיך גענעדערנגט צו נאהענט צו איהם. פלוצלונג איז אנגעקומען א הויכער און שטארקער מאן מיט א רויטער בארד און מיט א פאר ברייטע פלייצעס. ער איז צוגעקומען אזוי נאהענט, אז ער האט שיער ניט צוקוועטשט מיסיס אאודא. פילעאַס פאָגג האט איהם געוואלט צוריקשטויסען. עס האט אבער ניט געהאלפען. דער רויטער האט זיך גענעדערנגט אלץ נעהנטער. פילעאַס פאָגג האט איהם געשענקט א פאר געשמאקע קלעפּ.

דער רויטער איז געווארען אויסער זיך. זיין געזיכט האט זיך אנגעצונדען. ער האט צונויפגעלעגט זיינע צוויי אייזערנע פויסטען און האט זיי געוואלט אראפלאזען מיט זיין גאנצע קראַפט אין פילעאַס פאָגג'ס געזיכט. פיקס איז געשטאַנען דערביי און האט עס געזעהן. ער האט מורא געהאט, אז דער רויטער זאל ניט דערהרגע'נען פילעאַס פאָגג.

ער איז אונטערגעשפרונגען אונטערן רויטענס האנד פונקט אין דער סעקונדע, ווען דער רויטער האט זיא אראפגעלאזען. זיינע צוויי פויסטען האבען געטראפען אין פיקס צילינדער הוט. פון'ם צילינדער הוט איז באלד געווארען א פארט יארמאלקע און אונטער דיזער יארמאלקע איז אויפגעלאפען א בייל, וויא א פויסט דיא גרייס.

— יענקי! האט פילעאַס פאָגג געזאגט מיט פעראכטונג.

— אינגלישמען! האט דער רויטער געענטפערט, מיר וועלען זיך נאך זעהן.

— ווילט איהר זיך שלאגען מיט מיר אויף א דועל?

— ווען איהר ווילט.

— וויא הייסט איהר?

— פילעאַס פאָגג.— וויא הייסט איהר?

— קאַרנעל (פאָלקאָווניק) סעם פראקטאר.

פלוצלונג האט זיך דיא גאנצע מענגע געווענדעט אין אנאנדער זייט. וואהרשיינליך, איז דארט געווען עפעס א נייעס. וויא דער שטורמווינד טרייבט דיא כוואליעס פון'ם מעער פון איין ארט צום אנדערן, אזוי האט זיך דיא מענגע פלוצלונג אויסגעגאסען אין אנאנדער זייט. אויף דיא טרעפּ, וואו פילעאַס פאָגג איז געשטאנען, איז געווארען לעדיג.

יעצט האבען זיי שוין געקענט זיך אוועקגעהן. יעצט אבער האבען זיי זיך אומגעקוקט, וויא זיי ווייזען אויס. פיקס קליידער זיינען געווען צוריסען אויף שטיקלעך. זיין איבערראק איז געווען צוריסען אויף צווייען און האט זיך נאך קיים געהאלטען אויף דיא ארבעל. זיין ראק און זיינע הויזען זיינען געווען צופיצעלט. פילעאַס פאָגג'ס קליידער זיינען אויך ניט געווען אין א בעסערן צושטאַנד. פון איהם זיינען אויך געהאנגען פאַסען.

ער האט געקוקט אויף פיקס און פיקס האט געקוקט אויף איהם. עס האט אויסגעוויעזען, גלייך וויא זייביידע וואלטען זיך געשלאגען איבער דעם האכ־ווירדיגען קאמערפילד און דעם האכווירדיגען מענדיבאי. נור אאודא איז געבליע־בען פערשווינט, איהר האט גאר ניט געשאדעט און זיא האט קיין קלעפ אויך ניט בעקומען.

— איך דאנק אייך, מיסטער פיקס, וואס איהר האט זיך פאר מיר אנגע־נומען, האט פילעאס פאגג ענדליך געזאגט.

— לאמיר יעצט ניט רעדען פון קיין דאנק, האט פיקס געענטפערט. לאמיר געהן, וויא צום גיכסטען.

— וואוהין?

— צו א שניידער, האט פיקס געענטפערט מיט א זויערער מינע. מיר קענען דאך ניט געהן אזוי אין דיא גאסען פון סאן פראנציסקא.

פילעאס פאגג האט איינגעזעהן, אז פיקס האט פאלקאמען רעכט. זיי זיינען געגאנגען זוכען א שניידער אדער א קליידער מאגאזין. דאס האבען זיי אויך באלד געפונען. אין א שטונדע ארום זיינען זיי ווידער געווען אנגעטהאן, וויא רשענטעלליים. יעצט זיינען זיי שוין געגאנגען גלייך אין אינטערנעשינעל האטעל.

ביי דער טהיר פון האטעל האבען זיי געטראפען פאספארטו. ער האט אנגעקויפט א גאנצען ארסענאל. צוויי גוטע צוויי־רעהרינגע ביקסען און א האלב דוצענד זעקס רעהריגע רעוואלווערס.

ווען ער האט דערזעהן, אז פיקס געהט אזוי רוהיג מיט פילעאס פאגג, איז ער געווארען אויפגערעגט און האט געחאפט א רעוואלווער. אאודא האט איהם בערוהיגט און האט איהם דערצעהלט, וויא פיקס האט זיך היינט אויפגעפאפערט פאר פילעאס פאגג.

— אזוי? האט געברומט פאספארטו אונטער דער נאז. — ער האלט ווארט, דער דעטעקטיוו. ער פערטהיידיגט מיין הערר און לאזט ניט צו, אז מען זאל איהם שלאגען. — אלזא, גוט! וועל איך אויך האלטען ווארט און וועל קיינעם ניט דערצעהלען, ווער ער איז.

אונטערדעסען איז געווארען פיער אוהר. פילעאס פאגג האט געהייסען געבען א גוטען מיטאג און אלע האבען זיך געזעצט עסען. נאכ'ן עסען האט פילעאס פאגג געהייסען א קעלנער ברענגען א קארעטע, וועלכע זאל איהם צו־פיהרען צום באהנהאף.

ווען דיא קארעטע איז געשטאנען פאר דער טהיר, האט פילעאס פאגג געפרעגט דעם אבער קעלנער:

— איז ניט געקומען אהער א קארנעל מיט'ן נאמען פראקטאר פרעגען אויף מיר?

— ניין. האט דער אבער קעלנער געענטפערט.

ער האט זיך דאן געווענדעט צו פיקס'ן און האט איהם געפרעגט:

— האט איהר געזעהן נאך א מאל דעם קארנעל פראקטאר?

— ניין, איך האב איהם מעהר ניט געזעהן.

— יעצט מוז איך פאהרען, האט דאן פילעאס פאגג געזאגט. איך האב קיין צייט דא צו בלייבען, איך וועל מוזען קומען נאך א מאל קיין סאן פראנציסקא מיך שלאגען אויף א דועל מיט דיעזען פראקטאר. אלס ענגלענדער קען איך איהם ניט פערצייהען, וואס ער האט מיך אזוי בעליידיגט.

פיקס האט א שמייכעל געטהאן, ווען ער האט געהערט פילעאס פאגג'ס לעצטע ווערטער. ערשטענס, ווייל ער איז געווען זיכער, אז פילעאס פאגג וועט אזוי גיך ניט אוועקפאהרען פון ענגלאנד. מען וועט איהם שוין געבען א פרייע וואינונג אין דיא הויכע פענסטער. צווייטענס האט פיקס זעהר גוט געוואוסט, אז אין ענגלאנד איז א דועל פערבאטען. עס איז איהם פארגעקומען זעהר קאמיש, אז אן ענגלענדער, וועלכער האט פיינט א דועל ביי זיך אין דער היים, זאל פאהרען קיין אמעריקא זיך שלאגען אויף א דועל.

האלב נאך זעקס זיינען זיי אנגעקומען אויפ'ן באהנהאף. דער צוג איז נאך ניט געשטאנען ביי דער פלאטפארם. פילעאס פאגג האט זיך געווענדעט צו איינעם פון דיא באהנבעאמטע און האט איהם געפרעגט:

— וואס איז היינט געווען אין סאן פראנציסקא? פאר וואס איז געווען אזא געשלעג אין דיא גאסען?

דער מאן האט איהם אנגעקוקט פערוואונדערט. ער האט איהם ניט פערשטאנען.

— עס זיינען קיינע אונרוהען ניט געווען אין שטאדט, האט ער ענדליך געענטפערט. עס איז געווען נור א געוועהנליכער פאליטישער מיטינג.

— איך האב דאך אבער אליין געזעהן, וויא אלע זיינען געווען אויפגערעגט און מען האט זיך געשלאגען? האט פילעאס פאגג ווייטער געפרעגט.

— אה, דאס איז גאר נישט. דאס איז א געוועהנליכער מיטינגט פאר דער וואהל (עלעקשין).

— וועמען דארף מען דען וועהלען? א פרעזידענט? א גובערנאטאר?

— ניין, א פריעדענס ריכטער (דשאסטיס אף פיס), האט דער מאן געענטפערט גאנץ רוהיג.

פילעאס פאגג האט שוין מעהר ניט געפרעגט.

איינינע מינוטען שפעטער זיינען אונזערע רייזענדע געזעסען אין א בעקוועמען וואגען און דער צוג איז געפלויגען, וויא א שטורמווינד קיין ניו יארק.

27טעס קאפיטעל.

## דיא רייזע אויף וועסטערן פאסיפיק אייזענבאהן.

דיא אמעריקאנער זיינען זעהר שטאלץ מיט דער וועסטערן פאסיפיק אייזענבאהן. זיי האבען רעכט, ווען זיי זאגען, אז דיעזע באהן געהט פון איין וועלט מעער ביז צום אנדערן, פון סאן פראנציסקא קיין ניו יארק. סאן פראנציסקא ליעגט ביים שטילען וועלט מעער — פאסיפיק אשן. ניו יארק ליעגט ביים אטלאנטישען

וועלט מעער — אטלענטיק אָשן. דיא אייזענבאהן ליניע שנייִדעט דורך גאנץ אמעריקא פֿון איין עק צום אנדערן אין אַ גאנץ גלייכער ליניע.

היינט געהערט דיעזע ליניע צו איין קאמפּאני, ריכטיגער געזאגט, צו איין מענשען — דזשיי גולד. אין דער צייט, וואס פֿילעאס פֿאגג איז געפֿאהרען, האט דיעזע אייזענבאהן ליניע געהערט צו דריי פֿערשיעדענע קאמפּאניס. עס זיינען דאמאלס געווען דריי פֿערשיעדענע אייזענבאהן ליניען, וועלכע זיינען זיך צונויפֿגעקומען אין איינעם.

דיא ערשטע ליניע איז געווען פֿון סאן פֿראנציסקא ביז אָגדען. דיעזע ליניע האט געהייסען דיא סענטראַל פּאסיפֿיק. דיא צווייטע ליניע האט געהייסען דיא יוניאן פּאסיפֿיק. זיא האט זיך געצויגען פֿון אָגדען ביז אין דער שטאָדט אָמעהאָ אין שטאאט נעבראסקא. אין אָמעהאָ קומען זיך צונויף פֿינף פֿערשיעדענע אייזענבאהן ליניען. דערפֿאר איז אָמעהאָ אזא וויכטיגער האנדעלס פּונקט.

דיא דריטע ליניע געהט פֿון אָמעהאָ קיין ניו יארק. ווען אַ מענש זאל שטעהן אין דער הויך און זאל קוקען אויף אמעריקא, וואלט ער געזעהן, וויא צוויי אייזערנע בענדער ציעהען זיך איבער דיא גאנצע ברייט פֿון אמעריקא. דיעזע צוויי ליניען — דיא רעלסען פֿון דער אייזענבאהן — ציעהן זיך אויף אַ שטרעקע פֿון דריי טויזענד זיעבען הונדערט זעקס און אכציג מייל דיא לענג.

פֿון אָמעהאָ ביז ניו יארק איז דאס לאנד שוין בעזעצט און דיא אייזענבאהן געהט דורך בעפֿעלקערטע געגענדען. דער וועג איז זיכער, דיא פּאסאזשירען קענען רוהיג שלאָפֿען און עסען אין דיא וואגאנעס. דיא אמעריקאנישע אייזענבאהן וואגאנעס זיינען בעריהמט מיט זייער גוטע איינריכטונג און מיט זייער בעקוועמליכקייט.

פֿון סאן פֿראנציסקא ביז אָמעהאָ ציהט זיך דיעזע אייזענבאהן ליניע אין אַ גאַנץ ווילדער געגענד, וואו עס יאגען זיך נאך ארום ווילדע חיות און ווילדע מענשען — אינדיאַנער. אויף יענער ליניע טרעפֿען זיך מייסטענס אונגליקספֿעלע. דארט מאכט זיך אָפֿט, אז אינדיער פֿאלען אן אויפֿ'ן צוג און בערויבען די פּאַסאַזשירען. אים ווינטער ווערט אָפֿט דער וועג אזוי פֿערשנייט, אז דיא ציגע שטעהן אוועק עטליכע טעג אין שנעע. עס מאכען זיך אָפֿט אנדערע שטערונגען אויף דיעזער ליניע.

און דאך איז דיעזע ליניע זעהר אַ וויכטיגע. א מאל פֿלעגט געדויערן זעקס מאנאטע דיא רייזע פֿון סאן פֿראנציסקא קיין ניו יארק. צוויי-דריי מענשען האבען זיך גאר נים געטארט איינשטעלען צו מאכען דיעזע רייזע. עס האבען זיך געמוזט צוזאמענגעהמען עטליכע מענשען — אַ גאנצע קאראוואנע אום דורכצופֿאהרען איניגע גאַנץ ווילדע געגענדען. — היינט לויפֿט דאס אייזערנע פֿערד און שלעפּט מיט זיך וואגאנעס-פּאַלאַצען, וואגאנעס-רעסטאראנס און וואגאנעס-ביליארד צימער. היינט פֿאהרט מען איין דיעזע שטרעקע אין זיעבען טאג! — דער שנעלער עקספּרעס צוג פֿאהרט איין דיעזע שטרעקע זאגאר אין פֿיער טעג.

דיעזע אייזענבאהן ליניע האט אַ גאנצע געשיכטע. נים אזוי גיך בויט מען

אוים אזא ריעזען ליניע. אין 1862 האט מען אנגעהויבען צו פֿערהאנדלען אין קאנגרעס אין וואשינגטאן, אז מען זאל בויען אן אייזענבאהן אין דער ברייט פֿון דיא פֿעראייניגטע שטאאטען. דיא שטאאטען, וועלכע ליעגען אין זיעדען — דיא סאוטה — האבען פֿערלאנגט, אז דיא ליניע זאל דורכגעהן דורך זייערע שטאאטען, וויא טענעסי, ארקאנסא, קאלאראדא און אנדערע.

נאך לאנגע דעבאַטען האט דער קלוגער פרעזידענט אברהם לינקאָלן, וועלכער איז בעריהמט דער מיט, וואס ער האט בעפֿרייט דיא נעגער פֿון שקלאַפֿעריי, בעשטימט, אז דער מיטעל פונקט פֿון דער אייזענבאהן ליניע זאל זיין דיא שטאדט אָמעהאָ Omaho אין שטאאט נעבראסקא. קוים האט אברהם לינקאָלן עס בעשלאָסען, האט מען זיך באלד גענומען בויען דיא ליניע.

אין אמעריקא מאכט מען אלעס זעהר שנעל. אויך דיעזע באהן האט מען געבויט אונגעוועהנליך שנעל. אין דיא מיילענוויימע פרעריעס (סטעפען) פֿלעגט מען אויסלעגען א מייל און אנדערהאלבען מייל אייזענבאהן ליניע אין איין טאג. עס פֿלעגט פֿארקומען, אז היינט האט מען אויסגעלעגט דיא ליניע און מארגען האט מען שוין געפֿיהרט אויף דער ליניע מאטעריאל פֿאר דער זעלבער ליניע ווייטער. קוים האט מען אויסגעלעגט דיא רעלסען, איז מען אויף זיי שוין געפֿאהרען.

דיא וועסטערן פאסיפֿיק אייזענבאהן איז דאס הערץ פֿון דיא פֿעראייניגטע שטאאטען. וויא דאס הערץ טרייבט דאס בלוט פֿון'ם מענשען אין אלע זיינע אדערן אזוי פֿיהרט דיעזע אייזענבאהן דיא פראדוקטען פֿון איין שטאאט צום אנדערן.

דיא שטאדט אָמעהאָ איז דער מיטעל פונקט. פֿון אָמעהאָ ציעהען זיך ליניען אין אלע זייטען: קיין אייאָוואַ, קענזעס, קאלארעדא און אָרעגאָן.

פֿילעאַס פֿאָגג, אַאודאַ, פאספארטו און פֿיקס זיינען יעצט געפֿאהרען אויף דיעזע ליניע. פֿילעאַס פֿאָגג איז געזעסען רוהיג אין זיין וואגאן. פאספארטו אבער איז ארומגעלאָפֿען פֿון איין וואגאן צום אנדערן. ער האט בעוואונדערט דיא אמעריקאנישע וואגאנעס. ער האט געפֿונען וואגאנעס, וועלכע דיענען אלס שלאף צימער, וואגאנעס, וועלכע דיענען אלס רעסטאראנס, וואגאנעס, וועלכע זיינען בעשטימט נור צום רויכען ציגארען — סמאקינג קארס, וויא דיא אמעריקאנער רופֿען זיי. —

— פֿאר וואס זאל נים זיין א טהעאַטער וואגאן? האט דער לוסטיגער פֿראנצויז געפֿרעגט דעם קאנדוקטאר. — פֿאר וואס זאל מען נים זיצען אין וואגאן און זעהן, וויא מען שפיעלט טהעאַטער?

— ווארט א ביסעל, מיר וועלען נאך האבען טהעאטער וואגאנעס אויך, האט דער קאנדוקטאר געענטפֿערט.

עס איז געווארען שטארק פֿינסטער. דיא נאכט איז געוועזען קאלט און נאס. דער הימעל איז געוועזען בעדעקט מיט וואלקען. מען האט יעדע מינוט געקענט ערווארטען א שנעע.

דער צוג איז געגאנגען זעהר לאנגזאם, ריכטיגער געזאגט, ער איז געגאנ-

גען שנעל גענוג, ער האט זיך אבער יעדע צעהן-פופצעהן מינוט אפגעשטעלט אויף אַ סטאציאָן. מען האט געפיהלט, אז מען איז ניט ווייט פון א גרויסע שטאדט. א פאר הונדערט מייל פון סאן פראנציסקא פיהלט מען נאך אלץ, אז מען געפינט זיך נאהענט פון דער גרויסער שטאדט.

עס געפינען זיך נאך פאבריק שטעדטלעך און דערפער, וועלכע שטעהן אין פערבינדונג מיט סאן פראנציסקא. דער צוג מוז דארט בלייבען שטעהן און איבערגעבען דיא פאסט, דיא וואארען און מאטעריאלען, וועלכע ער פיהרט פון סאן פראנציסקא.

דיא פאסאזשירען אין צוג האבען באלד אנגעהויבען צו פיהלען, אז זיי זיינען שלעפעריג. איינער נאכ'ן אנדערן האט זיך אנגעשפאַרט אויף דיא ווייכע סאמעטענע זיץ פון'ם וואגאן און איז אנטשלאפען געווארען.

פאספארטו איז געזעסען לעבען דעטעקטיוו פיקס. זיי האבעןביידע וועניג גערעדט. ביידע האבען זיך שוין גוט געקענט. ביידע האבען געוואוסט, ווער זיי זיינען און וואס זיי האבען צו ערווארטען איינער פון'ם אנדערן.

אַ שטונדע נאך זייער ארויספאהרען פון סאן פראנציסקא האט אנגעהויבען צו פאלען א פיינער, אבער געדיכטער שנעע. ווען מען האט ארויסגעקוקט פון פענסטער פון וואגאן, האט מען געזעהן פאר זיך אַ געגענד, בעדעקט מיט אַ קלאר ווייסען ליילאך פון פריש געפאלענעם שנעע.

אום ניין אוהר איז אריינגעקומען דער אבער קאנדוקטאר און האט געמעלדעט, אז עס איז צייט צו שלאפען. אין איינינע מינוט איז פון'ם וואגאן געווארען א שלאף צימער. דיא ווענטלעך פון דיא זיץ האבען זיך צולעגט, פון זיי איז געווארען בעטלעך מיט ווייכע קישענס צו קאפען. איבער דיעזע בעטלעך אין דער הויך זיינען געהאנגען ווייכע האמאַקס. יעדער פאסאזשיר האט בעקומען אַ ווייכען און בעקוועמען געלעגער.

פאר דיא פענסטער האבען זיך אראפגעלאזען דיקע פארהענגע און האבען פערשטעלט דיא שויבען, אז קיין פרעמד אויג זאל ניט אריינקוקען אין וואַגאָן.

באלד איז יעדער פאסאזשיר געליגען אין אַ ווייכעם און בעקוועמעם בעט דער צוג איז יעצט געלאפען שנעלער. ער איז שוין געוועזן ווייט פון דער גרעסטער שטאדט אין דער וועסט פון אמעריקא. ער איז געלאפען קיין סאַקראַמענטאָ.

דיא הויפט שטאדט פון קאליפארניען איז אייגענטליך סאקראמענטא, ניט סאן פראנציסקא. דער גובערנאטאר פון קאליפארניען וואוינט אין סאַקראַמענטא. דיא רעגיערונג פון קאליפארניען געפינט זיך אין סאקראמענטא, ניט אין סאן פראנציסקא. אזוי איז שוין איינגעפיהרט אין אמעריקא. דיא הויפט שטאדט פון'ם שטאאט ניו יארק איז ניט ניו יארק, דיא גרעסטע שטאדט אין אמעריקא, זאנדערן אלבאני; דיא הויפט שטאדט פון'ם שטאאט איללינאָיס איז ניט טשיקאגא, דיא גרעסטע שטאדט אין וועסט אמעריקא, זאנדערן ספרינגפיעלד; דיא הויפט שטאדט פון פענסילווענִיע איז ניט פילאדעלפיע, זאנדערן האררישבורג.

פון סאן פראנציסקא קיין סאַקראַמענטאָ איז אַ שטרעקע פון הונדערט און

צוואנציג מייל. אום צוועלף אוהר איז דער צוג דורכגעפֿאהרען סאקראמענטא. ער איז דארט געשטאנען נור עטליכע מינוט. דיא פאסאזשירען זיינען געשלאפֿען און האבען ניט געזעהן דיעזע שעהנע שטאדט מיט איהרע ברייטע גאסען, איהרע שעהנע מיט אלערליי ביימער פֿערפוצטע סקווערס, איהרע רייכע דאָקס, איהרע גלענצענדע האטעלס און איהרע הויכע קירכען.

פֿון סאַקראַמענטאָ איז דער צוג געפֿלויגען נאך שנעללער. ער איז פֿארביי־געלאפֿען דיא סטאציאנען: דשונקשאָן, ראָקלין, אָבורן און קאָלפֿאַקס. פֿאר טאג איז ער ארייננגעפֿאהרען אין דער סיעררא נעוואַדאַ, א געגענד, וועלכע איז בע־דעקט מיט הויכע בערג אונטער דעמזעלבען נאמען. אום זיעבען אוהר איז דער צוג אנגעקומען אויף דיא סטאציאן סיסקא. עס איז שוין געווען גרויסער טאג, ווען זיי זיינען אהין אנגעקומען.

אום אכט אוהר זיינען שוין אַלע פאַסאַזשירען ניט געשלאפֿען. דאס שלאף צימער איז ווידער געווארען אַ וואגאן, פֿון דיא בעטלעך זיינען געווארען זיץ. דיא פֿארהענגע פֿון דיא פֿענסטער האבען זיך אויפֿגעהויבען און מען האט ווידער געקענט ארויסקוקען אויף דאס שעהנע, וואונדערבארע לאנד — אמעריקא.

און עס איז ווירקליך געווען וואס צו זעהן אין דיעזער זאנדערבארער גע־גענד. דער צוג האט זיך געדרעהט, וויא אַ שלאַנג. אט איז ער ארויפֿגעקראכען אויף אַ הויכען בערג און איז געגאנגען אין דער הויך איבער אַ שרעקליך טיעפֿען טאהל; אט האט ער זיך אראפּגעלאזען אין אַ שרעקליכען אבגרונד און איז גע־גאנגען אין אַ גאַנץ שמאלען טאהל צווישען צוויי הויכע בערג, אז מען האט דעם הימעל ניט געקענט זעהן.

דער לאקאמאטיוו האט געסאפעט און געחראפעט. פֿון צייט צו צייט האט ער ארויסגעווארפֿען פֿון זיין ניט הויכען קוימען שטיקער פֿייער און גאנצע וואל־קען רויך. ער האט דערמיט איבערגעשראקען דיא ווילדע טהיערע, וועלכע האל־טען זיך אויף אין יענע געגענדען.

אום עלף אוהר איז ער צוגעקומען צו דער סטאציאן רענאָ. דארט איז ער געבליעבען שטעהן עטליכע מינוט און דיא פאסאזשירען האבען צייט געהאט צו עסען פֿריהשטיק. דיא סטאציאן רענאָ געפֿינט זיך שוין אין שטאאט נעוואַדאַ. קאליפֿארניען איז שוין געווען וועיט, וועיט פֿון זיי.

נאכ'ן עסען האבען זיך פֿילעאַס פֿאָגג, אַאודאַ, פאספארטו און פֿיקס ווידער געזעצט אויף זייערע פלעצער און האבען ארויסגעקוקט אויף דיא שעהנע געגענ־דען, דורך וועלכע דער צוג איז דורכגעלאפֿען. זיי האבען עטליפע מאל געזעהן פֿון דער ווייטענס גאנצע הערדען (סטאַדעס) ביזאָנעס, אמעריקאנישע ווילדע אקסען. דיא אמעריקאנער רופֿען זיי בופֿעל אקסען. דיעזער נאמען איז אבער ניט ריכטיג. דער ביזאָן איז ניט קיין בופֿעל אקס. ער איז אַ גאַנץ אנדערעס טהיער.

דער ביזאָן איז גרעסער פֿון אַן אקס. ער האט קורצע פֿיס און אַ קורצען עס. פֿון פֿארנט אויף זיין רוקען זיצט אַ הויקער, אַ סארט זאטעל פֿון פֿעטעס פֿלייש.

דער הויקער, דער קאָפּ און דער גאנצער פֿאָרדער טהייל איז בעדעקט מיט לאנגע שווארצע, הארטע קאלטענעוואַטע האר.*)

דער ביזאן לעבט אין העערדען פֿון עטליכע טויזענד שטיק. זומער האלטען זיי זיך אויף אין דיא פּרעריען, וואו זיי האבען הויכעס, זאַפּטיגעס גראז צום פֿרעסען; אין ווינטער, ווען דיא פּרעריע איז בעדעקט מיט שנעע און זיי האבען ניט וואס צו עסען, וואַנדערן זיי איבער אין וואַרעמערע געגענדען, וואו עס איז ניטא קיין ווינטער.

ווען דיא ביזאָנס וואנדערן פֿון איין ארט צום אנדערן, געהן זיי אויף אַ גלייכען וועג. זיי זוכען זיך אויס ערגעץ אַ גלייכע ליניע און טרעטען פֿון איהר ניט אָפּ. עס מעג זיך זיי פֿארשטעלען אלע מעגליכע שוועריגקייטען; מען מעג זיי שלאגען, שיעסען און זיי טייטען הונדערטער וויים — זיי טרעטען ניט אָפּ פֿון זייער וועג.

זיי הערן ניט, ווען אַן אייזענבאהן צוג קומט זיי ענטגעגען. זיי געהן זייער וועג גלייך אויפֿ'ן לאקאמאטיוו. דער לאקאמאטיוו קען צוקוועטשען איינעם, צווי, דריי — ער מוז אבער ענדליך בלייבען שטעהן. עס בילדעט זיך אונטער זיינע רעדער אזא מאסע פֿלייש, אז ער קען זיך ניט ריהרען. דיא מאשיניסטען, דיא פֿיהרער פֿון דיא אייזענבאהן ציגע ווייסען עס שוין און, ווען זיי בעגעגענען אזא העערדע ביזאנס אויפֿ'ן וועג, בלייבען זיי שטעהן און ווארטען איבער. ביז דיא ביזאנס געהן פֿארביי.

אום דריי אוהר האבען אונזערע רייזענדע דערזעהן פֿאר זיך אַ שווארצע מאסע פֿון עטליכע מייל דיא ברייט און דיא לענג. עס איז אנגעקומען א העערדע (סטאַדא) פֿון צעהן-צוועלף טויזענד שטיק. פּאספּארטו האט אנפֿאנגס ניט געוואוסט, וואס דאס איז. ער איז ארויסגעלאָפֿען אויף דער פּלאטפֿארם פֿון'ם וואגאן און האט דערזעהן מיט שטוינען, אז דער צוג געהט אלע מאל לאנגזאמער און לאנגזאמער. ענדליך איז ער גאר געבליעבען שטעהן.

— פֿאר וואס איז דער צוג געבליעבען שטעהן? האט פּאספּארטו געפֿרעגט דעם קאנדוקטאר.

---

*) ווער עס וויל זעהן אַ ביזאָן, דער קען איהם זעהן אין דער מענאזשעריע אין סענטראַל פּאַרק אין ניו יארק אדער אין פּעראמאונט פּארק אין פֿילאַדעלפיא. א מאל פלעגען זיך געפינען מיליאנען ביזאנעס אין דיא פּרעריען פֿון אמעריקא. היינט ווערן זיי אלע מאל וועניגער און וועניגער. מען רעכענט, אז דיעזעס זאנדערבארע טהיר וועט אין אַ קורצע צייט אין גאנצען פֿער-שווינדען. עס וועט זאגאר ניט איבערבלייבען אייניגע פאר אַ מוזעאום אדער מענאזשעריע. דיא אינדיער און דיא ווייסע מענשען יאגען זיך נאך דיא ביזאָנעס און טייטען זיי טויזענדער וויים. דיא אינדיאנער גרייטען זיך אן פֿלייש פֿון דיא ביזאָנס אויפֿ'ן גאנצען ווינטער.

דאס פֿלייש פֿון אַ יונגען ביזאָן איז זעהר געשמאַק. אלס דעליקאטעסע האלט מען דיא צונג און דעם קאָפּ פֿון א ביזאן. דאס פעל פֿון א ביזאן איז זעהר ניצליך אלס לעדער. דיא אינדיאנער בעדעקען זייערע געצעלטען (וויגוואמס) מיט דיא פעל פֿון דיא ביזאנס.

א. טאנענבוים.

— ביזאָנס, האט דער קאנדוקטאר געענטפערט.

אן אמעריקאנער קאנדוקטאר האט פיינט פיעל צו רעדען. באלד האבען זיך געעפענט דיא טהירען פון אלע וואגאנעם און דיא פאסאזשירען זיינען ארויסגעגאנגען בעטראכטען דיזע זאנדערבארע מאסע פון לעבעדיגע, שווארצע, פיערפיסיגע קערפער, וועלכע האט זיך לאנגזאם בעוועגט פון ביידע זייטען פון'ם אייזענבאהן צוג.

פילעאַס פאָגג אליין איז געבליעבען זיצען אין זיין וואגאן. איהם האבען וועניג אינטערעסירט דיא ביזאָנס מיט זייער וואונדערבארען מארש. ער האט רוהיג געווארט, ביז דיא ביזאָנס וועלען פאראיבערגעהן און לאזען פריי דעם וועג פאַרן צוג. פאספארטו דאגעגען איז געווען אויסער זיך. ער האט געכאַפּט זיין רעוואלווער און האט געוואלט אויסשיעסען.

— וואס וועט ווערן דערפון, וואס איהר וועט טייטען איינעם אדער צוויי, ווען עס וועט נאך בלייבען אזא מאסע, האט איהם געזאגט איינער פון דיא פאסאזשירען.

— נאַ דיר אַ לאנד! נאַ דיר אמעריקאַ! האט דער אונגעדולדיגער פראַנצויז געשריען. אקסען זאלען אויפהאלטען אן אייזענבאהן צוג! וואס איז דאס פאר אן אינזשעניר, וועלכער האלט איין אַ צוג צוליעב אָקסען?

דער אינזשעניר אבער האט בעסער פערשטאנען זיין ארבייט אלס פאַספאַרטו. ער האט גאר ניט פראבירט צו לאזען געהן דעם צוג. ער האט געוואוסט, אז עס איז אונמעגליך. ער האט דאהער אויפגעהאלטען דעם צוג און האט געווארט, ביז דיא ביזאָנעס וועלען פאראיבערגעהן.

דריי שטונדען נאך אנאנד האט געדויערט דער צוג פון דיא ביזאָנ'ס. דריי שטונדען האבען זיי געמוזט ווארטען, ביז דיא גרויסע שווארצע מאסע איז פארביינעגאנגען. ערשט אום זעקס אוהר האט דער צוג געקענט ווייטער געהן.

אום ניין אוהר איז דער צוג אריינגעפאהרען אין שטאַאַט, אדער ריכטיגער געזאגט, טערריטאריאום, יוטאַה און איז פארבייגעפאהרען דעם גרויסען זאלץ זעע (אָזיערא) אין לאנד פון דיא מאַרמאָנען.

27טעם קאפיטעל.

## פאַספאַרטו זיצט אין וואַגאָן און לערנט דיא געשיכטע פון דיא מאַרמאָנען.

שנעלער און שנעלער איז געפלויגען דער אייזענבאהן צוג. ער איז געבליעבען שטעהן ביי פיעלע סטאציאנען, אבער אונזערע רייזענדע האבען זיי ניט געזעהן, ווייל זיי זיינען געשלאפען אין זייערע בעטלעך.

דעם 6טען דעצעמבער אום ניין אוהר אין דער פריה איז פאספארטו ארויסגעגאנגען אויפ'ן פלאטפארם פון זיין וואגאן. ער האט געוואלט בעטראכטען דיא געגענד, וואו זיי זיינען יעצט געפאהרען. דאס וועטער איז געווען קאלט. דער הימעל איז געווען בעדעקט מיט וואלקענס. עס האט ביי נאכט שטארק געשנייעט.

פאספארטו האט געוואלט צוריק אריינגעהן אין זיין וואגאן, ווען פֿון אנדערן וואגאן איז ארויסגעגאנגען אַ מאן, וועלכער איז פֿארגעקומען פאספארטו זעהר זאנדערבאר. דאס איז געווען אַ הויכער און שטארקער מאן מיט שווארצע האר, אַ שווארצע בארד, אין אַ שווארצען ראק, אין שווארצע זאקען, שווארצע הויזען, שווארצע האנדשוה און אַ קלאר ווייסען, גרויסען קראַגען. ער האט אויסגעוויזען, וויא אַ גייסטליכער און איז ארומגעגאנגען פֿון איין וואגאן צום אנדערן. צו דיא טהירען פֿון יעדער וואגאן האט ער צוגעקלעפט א צעטעל אדער א צירקולאר.

פאספארטו איז געווארען זעהר נייגיעריג צו וויסען, וואס שטעהט אין צירקולאר. ער איז צוגעגאנגען נעהנטער צו דער טהיר און האט איבערלעגען.

„דער עלטערער וויליאַם היטש, וועלכער האט דיא עהרע צו פֿאהרען
„אויפֿין צוג נומער 48, וועט האבען דאס פֿערגניגען צו האלטען א פֿארטראַג
„איבער דיא הייליגע רעליגיאן פֿון דיא מאָרמאָנען אין וואגאן נומער 117
„פֿון עלף ביז צוועלף אוהר פֿאר מיטאג. אלע, וועלכע ווילען וויסען דיא
„געהיימניסע און דיא לעהרען פֿון דער הייליגער מאָרמאָנען רעליגיאן, זיינען
„פֿריינד׳ יך איינגעלאַדען.“

— מען מוז געהן איהם הערן! האט פאספארטו אויסגערופֿען. איך ווייס ניט, וואס דאס איז פֿאר אַ נייע רעליגיאן, דער מאָרמאָניזמוס. איך מוז איהם הערן. —

פאספאַרטו האט אַ מאל געהערט, אז אין אמעריקא זיינען דא מאָרמאָנען, וועלכער האבען פֿיעל ווייבער, וויא דיא טערקען: זיי זיינען אבער קריסטען.

פֿיעלע פאסאזשירען אויפֿין צוג האבען געלעזען דעם צירקולאר און זיינען געווען נייגיעריג צו הערן עפּעס פֿארלעזען איבער דיא מאָרמאָנען און זייער זאנדערבארע רעליגיאן. אום האלב נאך צעהן האבען דיא פאסאזשירען אנגעהויבען זיך צו פֿערזאמלען אין וואגאן נומער 117. פאספארטו האט זיך געזעצט אויף דער ערשטער באנק לעבען דעם רעדנער. ער האט געוואלט הערן אלעס, וואס דער פרעדיגער אדער רעדנער וועט דערצעהלען פֿון דיא מאָרמאָנען.

פֿילעאַס פֿאָגג און פֿיקס זיינען געבליעבען זיצען אויף זייערע ערטער אין זייער וואגאן. זיי האט ווייניג אינטערעסירט דער מאָרמאָניזמוס מיט זיינע הייליגע.

ווען אלע האבען זיך פֿערזאמעלט, האט זיך אויפֿגעהויבען דער עלטערער וויליאַם היטש, האט געווארפֿען אַ פֿארשענדען בליק אויף דיא פֿערזאמעלטע און האט אנגעהויבען צו דערצעהלען דיא געשיכטע, וויא אזוי עס איז ענטשטאנדען דיא רעליגיאן פֿון דיא מאָרמאָנען, אדער „דיא רעליגיאן פֿון דיא הייליגע פֿון דיא לעצטע טעג“, וויא זיי רופֿען זיך אליין.

— ווען דאס פֿאלק ישראל האט געוואינט אין הייליגען לאנד, האט ער דערצעהלט, האט געלעבט אַ הייליגער מאַן, אַ נביא, פֿון׳ם שבט יוסף, וועלכער איז געווען אזוי גוט און פֿרום, אז גאט אליין פֿלעגט קומען צו איהם און פֿלעגט איהם לערנען זיינע געבאטע און זיין הייליגע תורה. ער האט איהם געוויזען, ער

זאל קיינעם נים אויסזאגען פֿון זיין נייער תורה, נור זיין איינציגען זוהן מיטן מאָראָם (מרום).

עס זיינען פֿערגאנגען פֿיעלע יאהרען און דיא הייליגע תורה איז געבליעבען בעקאנט נור אין דער פֿאמיליע פֿון׳ם פֿרומען און גוטען מאָראָם.

אין דער צייט פֿון׳ם לעצטען אידישען קעניג פֿון דער פֿאמיליע דוד מיטן נאמען צידקיהו, ווען פֿיעלע ווילדע פֿעלקער זיינען אנגעפֿאלען אויף פאלעסטינא און האבען גערויבט און געמארדעט דאס פֿאלק ישראל, האט גאט געהייסען דיא פֿאמיליע מאָראָם, זיא זאל אויסוואנדערן קיין אמעריקא. זיי האבען עמיגרירט קיין אמעריקא און פֿיעלע פֿון זיי זיינען געווארען דיא פֿירסטען און הייפטלינגע פֿון דיא אינדיאנער פֿעלקער.

זיי האבען זיך אבער פֿערמישט מיט דיא אינדיאנער פֿעלקער און האבען פֿערגעסען דיא תורה, וואס גאט האט געלערנט מיט זייערע עלטערן און וועלכע זיי האבען געבראכט מיט זיך פֿון פאלעסטינא. זיא איז געווען געשריעבען אויף מעשינע טאַפֿעלן (לוחות) אבער אין אן אלטער עגיפטישער שפראַכע, וועלכע זיי האבען מיט דער צייט אין גאנצען פֿערגעסען.

נור איין מאן פֿון דער גאנצער פֿאמיליע מיטן נאמען מאָרמאָן האט נאך געקענט לעזען דיא הייליגע שריפֿט. מאָרמאָן האט געלעבט אין יאהר 400 נאך דעם געבורט פֿון יעזוס קריסטוס. ער איז געווען אַ גרויסער העלד און אַ פֿרומער מאַן. זיין זוהן איז געווען דער לעצטער פֿון שבט יוסף, וועלכער האט געקענט דיא הייליגע תורה. ער האט אנגעשריעבען דיא געשיכטע פֿון זיין פֿאלק אויך אויף מעשינע טאַפֿעלן און אין דער אלטער עגיפטישער שפראַך. אזוי וויא אויסער איהם האט קיינער נים געקענט לעזען דיעזע שפראַך, האט ער בעגראבען דיעזע טאַפֿעלן אין דער ערד אונטערן בערג קומאָראַה אין שטאאט ווערמאָנט.

דעם 22טען סעפטעמבער 1823 האט זיך אַ מלאך פֿון גאט בעוויעזען צו א פֿארמער פֿון ווערמאָנט מיטן נאמען דשא סמיטה און האט איהם געזאגט, אז נים ווייט פֿון זיין פֿאַרם געפֿינט זיך אַ הייליגער אוצר. ער מוז אבער פֿאסטען און בעטען גאט, אז ער זאל איהם ווייזען, וואו דער אוצר געפֿינט זיך.

דער פֿארמער דשא סמיטה האט אזוי געטהאן. ער האט געפֿאסט, זיך געפייניגט, געוויינט און געבעטען גאט, ער זאל איהם ווייזען, וואו עס געפֿינט זיך דער אוצר. ענדליך, האט גאט דערהערט זיין געבעט און דעם 22טען סעפ־טעמבער 1827 האט ער איהם געשיקט אַ מלאך, וועלכער האט פֿאר איהם אויפֿ־געדעקט דעם בערג און האט איהם געוויעזען, וואו עס ליעגען בעגראבען דיא מעשינע טאַפֿעלן, אויף וועלכע מאָרמאָנס זוהן האט אנגעשריעבען דיא געשיכטע פֿון זיין פֿאלק.

דער פֿארמער דשא סמיטה האט אבער נים געקענט לעזען דיעזע טאַפֿעלן, ווייל זיי זיינען געשריעבען אויף אן אלטער עגיפטישער שפראַך. ער האט ווידער געבעטען גאט און אַ מלאך האט איהם געבראכט זאנדערבארע ברילען, וועלכע

הייסען אורים ותומים. דורך דיעזע ברילען האט דשא סמיטה געקענט לעזען אלעס, וואס איז געווען אנגעשריעבען אויף דיא מעשינגע טאפעלן.

דער פארמער דשא סמיטה האט באלד אנגעהויבען צו פרעדיגען דיא נייע רעליגיאן צווישען זיינע לאנדסלייט. פיעלע האבען איהם געגלויבט און ער האט געגרינדעט אַ נייע סעקטע און אַ נייע רעליגיאן נאך דער אלטער מאדע. דיא מאָרמאָנען האבען אַ האָהעפריעסטער (כהן גדול) וויא דיא אידען האבען געהאַט. דער כהן גדול איז דער הערשער, ווייל ער איז דער פראפעט און זאגט נור דאס, וואס גאט הייסט איהם. זיי גלויבען אבער אויך אין יעזוס קריסטוס און טהוען איהם נאך. וויא יעזוס קריסטוס האט געהאַט צוועלף אַפּאָסטאָל, צוועלף תלמידים, וועלכע האבען פערבריימעט זיין גלויבען, אזוי האבען דיא מאָרמאָנען אויך צוועלף אַפּאָסטאָל, וועלכע פערברייטען דיא הייליגע לעהרע פון דיא מאָרמאָנען אויף דער וועלט.

דיא ערשטע געמיינדע (קאָנגרעגיישן) פון דיא מאָרמאָנען האט זיך געבילדעט אין שטעדטעל לאַפאַיעט אין שטאאט ניו יארק אין 1830. דיא איינוואָינער פון'ם שטעדטעל זיינען אבער געווען ניט צופריעדען מיט דיא נייע הייליגע און האבען זיי פערטריעבען פון שטעדטעל. דיא אונצופריעדענהייט איז ענטשטאנדען דאדורך, ווייל דיא מאָרמאָנען הייראטהען פיעלע פרויען. זיי האלטען עס פאר אַ מצוה, אַ געבאט פון גאט, אז יעדער מאָרמאָן זאל האבען פיעל קינדער.

זיי ערקלערן עס דערמיט, וואס גאט האט צוגעזאגט צו אברהם'ן, יצחק'ן און יעקב'ן, אז זייערע קינדער וועלען זיין אזוי פיעל, וויפיעל זאמד ביים ברעג מעער. וויא אזוי קענען זיי זיין אזוי פיעל, וויא זאמד, ווען יעדער וועט האבען נור איין פרוי?

דיא מאָרמאָנען טהוען דאהער אלעס מעגליכע, אום צו בעקומען מעהר פרויען. זיי פערפיהרען יונגע מעדכען, פערנאררען זיי צו זיך און הייראטהען זיי; ווען זיי קריעגען קיינע מעדכען צו פערפיהרען, קויפען זיי מעדכען און פרויען. זיי שיקען זאגאר מענשען קיין קאנסטאַנטינאָפּאָל און קיין עגיפטען קויפען פרויען און מעדכען.

עס איז וואהר, אז זיי בעהאנדלען זייערע פרויען זעהר גוט און זעהר פריינדליך. דיא פרוי ביי דיא מאָרמאָנען איז קיין שקלאַפין, וויא ביי דיא טערקען. זיא איז אַ ווירטהין אין שטוב און דער מאן בעראטה זיך מיט זיינע פרויען איבער זיינע געשעפטען. זיי ברענגען אַ ביישפיעל פון יעקב אבינו, וועלכער האט געשיקט רופען זיינע צוויי פרויען רחל און לאה אין פעלד און האט זיך מיט זיי בעראַטהען, וויא אזוי ער זאל אוועקגעהן פון זיין שוויגער פאטער לבן.

דיא צווייטע אורזאכע, פאר וואס מען איז געווען אונצופריעדען מיט דיא מאָרמאָנען, איז געווען, וואס זיי לאכען אפ פון אלע אנדערע רעליגיאָנען. זיי זאגען, אז נור זיי האבען דיא וואהרע רעליגיאן און אלע אנדערע זיינען פאַלש.

אין 1831 האט מען ארויסגעטריעבען דיא מאָרמאָנען פון ניו יארק. זיי האבען אויסגעוואנדערט אין שטאאט אָהאַיאָ. אבער אויך פון אָהאַיאָ האט מען

זיי ארויסגעטריבען. קיין פֿרוי איז ניט געווען זיכער פֿאר זיי. ווען זיי האבען ניט געקענט זיא איבעררעדען, זיא זאל געהן צו זיי מיט גוטען, האבען זיי זיא אוועקגעפֿיהרט מיט גוואלד.

פֿון אָהאַיאָ האבען זיי אויסגעוואנדערט אין שטאאט מיסורי. אויך דארט האט מען זיי ניט געוואלט ליידען און זיי האבען אויסגעוואנדערט אין שטאאט איללינאָיס. דארט האבען זיי אויסגעבויט דיא שטאדט נאו-וואו אין 1840 און האבען זיך בעזעצט. אין אַ קורצע צייט האט דיא שטאדט אנגעהויבען צו בליעהן און רייך צו ווערן.

דשא סמיטה איז געווארען דער האהעפריעסטער (כהן גדול) און דער ער-שטער פראפעט פֿון דיא מאָרמאָנען. אזוי וויא ער איז געווען אַ גוטער פֿארמער, האט ער אויפֿגעפֿאדערט אלע מיטגליעדער פֿון זיין נייער רעליגיאן, זיי זאלען ארבייטען פֿלייסיג און זאלען לעבען רעגעלמעסיג.

דיא מאָרמאָנען פֿיהרען זעהר אַ שטרענגעס, רעגעלמעסיגעס לעבען. זיי טרינקען קיין ביער, קיין שנאפס און קיין וויין; זיי ווייסען ניט פֿון קארטען, חירפֿעל און אנדערע שפּיעלע; זיי ווייסען ניט פֿון טהעאַטערע, קאנצערטען און באַלען. מען פֿערזאמעלט זיך נור אום צו בעטען גאט, ער זאל זיי עפעס געבען, אדער אום איהם צו לויבען דערפֿאר, וואס ער האט זיי עפעס געגעבען.

דאס איז דיא אורזאכע, וואס זייער נייער שטאדט האט באַלד אנגעהויבען צו וואקסען און רייך צו ווערן. דיא איינוואוינער פֿון דיא אנדערע שטעדט ארום זיינען אבער ניט געווען צופֿריעדען מיט דיא מאָרמאָנען. אין 1844 איז אויסגעבראכען אַ קריעג צווישען דיא מאָרמאָנען און דיא אנדערע איינוואוינער פֿון יענער געגענד איבער אַ יונגע פֿרוי, וועלכע דיא מאָרמאָנען האבען פֿערפֿיהרט און דער כהן גדול דשא סמיטה האט זיא געהייראטהעט. עס איז גע-קומען צו אַ שרעקליכער שלעגערייע — צו אַ רעוואלוציאן. דיא פֿארמערס פֿון דער געגענד ארום זיינען אנגעפֿאלען אויף דער שטאדט נאו-וואו מיט העק, שטע-קענס און ביקסען. זיי האבען געטייטעט דעם כהן גדול דשא סמיטה און האבען אונטערגעצונדען דיא שטאדט.

דיא מאָרמאָנען האבען געמוזט אויסוואנדערן פֿון שטאאט איללינאָיס. אים ווינטער, אין דער קעלט, אין טיעפֿען שנעע האבען פֿופֿצעהן הונדערט מאָרמאָ-נען, מענער, פֿרויען און קינדער זיך געלאזען אין וועג אריין. וואוהין? — דאס האבען זיי אליין ניט געוואוסט. זייער גליק איז געווען, וואס זיי האבען אויסגע-וועהלט א נייעם כהן גדול מיט'ן נאמען יונג ברייהאַם. דאס איז געווען אַ טיכטי-גער און פֿעהיגער יונגער מאן, וועלכער האט געוואוסט, וויא אזוי ארומצוגעהן מיט אַ פֿאָלק און וויא עס צו בעהערשען.

ער האט געפֿיהרט זיין פֿאָלק, וויא משה האט געפֿיהרט דיא אידען פֿון מצרים. ער האט בעוויעזען אויפֿ'ן וועג פֿיעלע וואונדער. דאס פֿאלק האט גע-גלויבט אן איהם. אין דער קעלט, אין פֿראָסט, אין טיעפֿען שנעע איז זיין פֿאלק איהם נאכגעגאנגען, וואוהין ער האט זיי געפֿיהרט. יונג ברייהאַם האט פֿיעלע-

גומען מיט זיך שריפֿט און אַ האנד פרעס. אויפֿן וועג האט ער געדרוקט אַ צייטונג, אין וועלכער ער פֿלעגט אויפֿוועקען זיין פֿאלק, עס אויפֿמונטערן, עס אויפֿרעגען און בעפֿעסטיגען אין גלויבען, אז גאט וועט זיי ברענגען אין אַ גוטעס לאנד, וואו זיי וועלען לעבען גליקליך.

דריי יאהר נאכאַנאַנד האבען דיא מאָרמאָנען ארומגעוואנדערט אין דיא פרעריען פֿון אמעריקא. זיי האבען געליטען זעהר פֿיעל פֿון היץ, קעלט, הונגער און דורשט. יונג ברייהאַם האט אבער געוואוסט, וויא אזוי איינצופֿלייסען אין זיי האפֿנונג און מוטה.*)

ענדליך אין 1850 זיינען זיי געקומען אין אַ גאנץ וויסטע געגענד לעבען אַ גרויסען זעע (אָזיעראָ) מיט געזאלצענעם וואסער, אין וועלכען עס פֿאלען אריין פֿיעלע טייכען מיט זיסעם וואסער. יונג ברייהאַם האט דא געהייסען בויען אַ שטאדט, וועלכע ער האט אַ נאמען געגעבען: „גרעט סאלט לייק סיטי" Great Salt Lake City.

קיין אנדערן מענשען וואלט ניט אריינגעקומען אין קאפּ, אז אין דיעזער וויסטער געגענד וועלען מענשען קענען לעבען. יונג ברייהאַם אבער האט געפֿונען, אז דיעזע געגענד איז זעהר ענהליך צום הייליגען לאנד — צו פאלעסטינא. דער געזאלצענער זעע איז דער ים המלח און דיא טייכען, וואס פֿאלען אריין אין איהם, זיינען דער ירדן און אנדערע טייכען פֿון ארץ ישראל.

מען האט זיך גענומען בויען אַ שטאדט. אין אַ קורצע צייט האט דיא נייע שטאדט אנגעהויבען צו וואקסען און צו בליהען. פֿון דער וויסטער געגענד ארום איז געווארען אַ גארטען — אַ גן עדן. היינט איז דיעזע געגענד איינע פֿון דיא רייכסטע אין אמעריקא. דיא שטאדט גרעט סאלט לייק סיטי האט היינט מעהר אלס צוויי הונדערט טויזענד איינוואינער. דיא מאָרמאָנען זיינען זעהר רייך. זיי זיינען פֿלייסיגע ארבייטער און האבען בעזאנדערס ליעב דיא ערד ארבייט.

דיא רעגיערונג פֿון דיא פֿעראייניגטע שטאאטען איז אבער אונצופֿריעדען מיט דיא מאָרמאָנען. ערשטענס געפֿעלט איהר ניט, וואס דיא מאָרמאָנען האבען פֿיעלע פֿרויען. — צווייטענס, האט זיך ארויסגעוויעזען, אז דיא מאָרמאָנען ווילען פֿערברייטען זייער רעליגיאן מיט געוואלד און זיינען בערייט זאגאר צו מארדען דיא מענשען, וועלכע שטעהן זיי אין וועג.

דער עלטערער וויליאם היטש האט גערעדט אַ לאנגע צייט און האט ערקלערט, וויא הייליג זיין רעליגיאן איז און וויא זייער כהן גדול און פראפֿעט ברייהאַם יונג איז אַ גרויסער און הייליגער מאן. ווען ער האט געענדיגט זיין

*) מיינע לעזער זאלען ניט מיינען, אז דאס איז אויסגעטראַכט. אלעס, וואס איך דערצעהל דא פֿון דיא מאָרמאָנען, איז טריי און וואהר. דיא אויסוואנדערונג פֿון דיא מאָרמאָנען פֿון שטאאט איללינאָיס קיין יוטאַה איז איינע פֿון דיא מערקווירדיגסטע בעגעבענהייטען אין דער געשיכטע פֿון אונזער צייט. עס איז געשעהן פֿאר אונזערע אויגען. יונג ברייהאַם איז געשטארבען דעם 23 אויגוסט 1877. ער האט איבערגעלאזען עטליכע און זיעבעציג קינדער. פֿון 1858 ביז אין זיין צייט איז ער געווען גובערנאטאר פֿון יוטאַ.
א. טאנענבוים.

ערצעהלונג, האט ער זיך פּלוצלונג געווענדעט צו זיינע צוהערער און האט אויס־געראָפען מיט פייער:

— איך זאג אייך, אז דשא סמיטה איז אַ הייליגער און אַ מארטירער! איך זאג אייך, אז דיא אמעריקאנישע רעגיערונג פערפאלגט אונז אומזיסט. זיא וויל מאכען אונזער פראָפעט ברייהאַם יונג אויך פאר אַ מארטירער. — ווער זאגט דען אנדערש?

אלע האבען געשוויעגען. דיא פרעמדע פאסאזשירען האבען ניט פערשטאַ־נען, וואס ער מיינט. דיא אמעריקאנער זיינען שוין געוואוינט צו אזעלכע ספּיטשעס און מאכען זיך פון זיי גאר נישט.

פאספּארטו האט ניט פערשטאנען, פאר וואס דער עלטערער וויליאם היטש בייזערט זיך אזוי. ער האט ניט געוואוסט, אז אַ מאל האט דיא אמעריקאנישע רעגיערונג געשיקט אנאנדער גובערנאטאר קיין יוטאַה. ברייהאַם יונג און זיינע מאַרמאָנען האבען איהם ניט אריינגעלאזען. עס איז געקומען צו אַ שלאכט. דיא מאַרמאָנען האבען געזיעגט און האבען פערטריעבען דעם פרעמדען גובערנאטאר.

פאספּארטו האט ניט געקענט אמעריקא. ער האט ניט געוואוסט, אז דער פרומער וויליאם היטש איז א ביסעל אַ פאליטיקער און וויל פעראינטערעסירען זיינע צוהערער אין דער מאַרמאָנישע פאליטיק.

— וויא קענען עס פרייע בירגער ערלויבען, אז מען זאל פערפאלגען פרומע און הייליגע מענשען? האט זיך ווייטער געהיצט דער עלטערער וויליאם היטש. מען האט אונז ארויסגעטריעבען פון ווערמאנט, מען האט אונז ארויסגעטריעבען פון ניו יארק, מען האט אונז ארויסגעיאגט פון אָהייאָ, מען האט אונז פעריאגט פון מיסורי און פון איללינאיס. מיר האבען דאך געפונען אַ געגענד, וואו מיר האבען אויפגעשלאגען אונזערע געצעלטען. ווען מען זאל אונז ארויסטרייבען פון יוטאַה, וועלען מיר געפינען אנאנדער לאנד, וואו אונזער הייליגע פאהן וועט וועהן הויך אין דער לופט.

ברידער, ווילט איהר געהן מיט אונז און אויפבויען אייערע געצעלטען אין שאטען פון אונזער הייליגער פאהן? האט געפרעגט דער פרומער מאַרמאָן.

— ניין! האט אויסגערופען פאספּארטו שטאלץ און האט זיך אויפגעהויבען פון זיין זיץ.

ער האט זיך אומגעקוקט. — ער איז געווען אין וואַגאָן אליין מיטן פרע־דיגער. ער איז אויך ארויסגעגאנגען און האט איבערגעלאזען דעם פרעדיגער גאנץ אליין.

— מען לערנט דאך עפּעס, ווען מען רייזט אין אייזענבאהן אין אמעריקא, האט פאספּארטו געזאגט צו זיך אליין, ווען ער איז צוריקגעקומען אין זיין וואַגאָן. אט האב איך געלערנט דיא געשיכטע פון דיא מאַרמאָנען.

דער צוג איז אונטערדעסען געפלויגען אלץ ווייטער און ווייטער און איז ענדליך געבליעבען שטעהן אויף דער סטאַציאָן גרעט סאלט לייק סיטי, אין דער הויפּט שטאדט פון דיא מאַרמאָנען. דא איז ער געשטאנען גאנצע דריי שטונדען.

אזוי וויא פאספארטו האט שוין געהערט דיא געשיכטע פֿון דיא מאָרמאָ־נען, האט ער זעהר זעהן געוואלט דיזע זאנדערבארע שטאדט, דיזע זאנדער־בארע זעע (אָזיעראָ) מיט געזאלצענעם וואסער, אין וועלכען עס פאלט אריין דער אמעריקאנישער ירדן. מיסיס אַאודאַ איז אויך געווען נייגיעריג צו זעהן דיזע וואונדער.

פֿילעאַס פֿאָגג איז אויסגעשטיעגען און האט געדונגען אַ קארעטע. ער, אַאודאַ און פאַספארטו האבען זיך אויפֿגעזעצט און זיינען געפֿאהרען בעטראַכטען דיא זאנדערבארע שטאדט גרעט סאלט לייק סיטי.

— צום טייפֿעל! האט פאספארטו אויסגערופֿען. וויא גיט מען עס אַ שטאדט אזא לאנגען נאמען? ביי אונז אין אייראפא גיט מען אַ שטאדט א קורצען נאמען. פאריז איז אַ גרויסע שטאדט און הייסט גאנץ איינפֿאך פאַריז. דיא אמעריקאנער ווייסען גאר ניט, וואס זיי טהוען, ווען זיי גיבען אַ שטאדט אַ נאמען: גרעט סאלט לייק סיטי! — פֿע!

אין אייניגע מינוטען ארום האט ער שפאצירט אין דיא גאסען פֿון דיזער שטאדט מיט אזא לאנגען נאמען. דיא גאסען זיינען ברייט, שעהן און ריין. אין דיא גאסען אבער איז שטיל און רוהיג. מענער זעהט מען זעהר וועניג אין דיא גאסען, דערפֿאר אבער זעהט מען פֿיעל פֿרויען.

— דאס איז קיין וואונדער, האט פאספארטו געזאגט. דיא מאָרמאָנען האָ־בען פֿיעל פֿרויען. יעדער מאָרמאָן האט פֿינף־זעקס פֿרויען, דערפֿאר זעהט מען אזוי פֿיעל פֿרויען אין דיא גאסען.

דיא גאסען פֿון גרעט סאלק לייק סיטי זיינען אלע גלייך און שניידען איבער איינע דיא אנדערע, וויא דיא קעסטלעך אין אַ שאך ברעט. דיא הייזער האבען נור איין עטאזש און זיינען ארומגערינגעלט פֿון אַ גארטען מיט אלערליי ביימער. דיא הייזער זיינען איינפֿאך און ניט בעזאנדערס שעהן. דערפֿאר אבער איז ווערטה צו זעהן דעם פאלאץ פֿון'ם כהן גדול, בריהאַם יונג. דאס איז ווירקליך אַ פאַלאַץ, וועלכער מעג שטעהן אין פאריז. דער קאָרט (דאס געריכטס האף) איז אויך אַ שעהנעס, גראַמאַרטיגעס געביידע.

ארום דער שטאדט געהט אַ מויער פֿון שטיינער. דיזע מויער האבען דיא מאָרמאָנען געבויט ארום זייער שטאדט אין 1853. דאמאלס פֿלעגען דיא אינדי־אַנער זעהר אפֿט אנפֿאלען אויף דיא נייע עמיגראנטען און פֿלעגען זיי בערויבען. דיא מאָרמאָנען האבען אויסגעבויט דיזע מויער אום זיך צו שיצען געגען דיא אינדיאנער.

ווען פֿילעאַס פֿאָגג און זיינע קאמעראדען האבען אנגעקוקט דיא זאנדער־בארע מאָרמאָנען שטאדט, זיינען זיי געפֿאהרען זעהן דעם בעריהמטען זעע (אָזיעראָ) גרעט סאלט לייק.

דאס איז ווירקליך איינע פֿון דיא וואונדער פֿון דער נאטור. דאס איז אַ גרויסער בעקען פֿול מיט שטארק געזאלצענעם וואסער. ער איז זיעבעציג מייל דיא לענג און עטליכע און דרייסיג מייל דיא ברייט. דאס וואסער איז אזוי שטארק

געזאלצען, אז קיין לעבעדיגע זאך קען זיך אין איהם ניט אויפהאלטען. אין גרויסען טייך, וועלכער פאלט אריין אין דיעזען זעע — אין ירדן, וויא דיא מארמאנען רופען איהם — זיינען דא זעהר פיעל פיש. קוים קומט א פיש צושווימען אין סאלט לייק, קרעפירט ער באלד און שווימט ארויף פון אויבען אויפ'ן וואסער.

אין דיא גרויסע היצען אין זומער קריסטאליזירט זיך דאס וואסער ביי דיא ברעגעס און עס ווערט פון איהם ריינער, קלארער, דורכזיכטיגער זאלץ. דיא איינוואינער פון דער שטאדט בעציעהן זייער זאלץ פון דעם סאלט לייק.

דער אונטערשיעד פון דיעזען געזאלצענעם מעער און דעם ים המלח אין פאלעסטינא איז דער: ארום דעם ים המלח אין פאלעסטינא איז דיא געגענד א וויסטענייע. אלעס איז טויט, אלעס איז אויסגעשטארבען. דאס אויג זעהט פאר זיך נור זאמד און שווארצע שטיינער. ארום סאלט לייק אבער זעהט מען בליהענדע פעלדער און גרינע וועלדער פון אלערליי פרוכט ביימער. א מאל איז דיעזע געגענער אויך געוועזען א וויסטענייע. דיא מארמאנען אבער האבען פון איהר געמאכט א גן עדן. דער מענש קען זעהר פיעל טהאן, ווען ער וויל נור.

דיא מארמאנען אליין רופען זייער לאנד דיא וויסטענייע — דער מדבר. זיי זאגען, אז זיי זיינען נאך אין דער מדבר אוןווארטען אויף א משה, וועלכער וועט זיי נאך א מאל פיהרען אין דאס הייליגע לאנד. זיי זיינען גרויסע פאנאטיקער און זוכען איבערצוגערעדען יעדען, ער זאל צוטרעטען צו זייער גלויבען. זיי פאלגען אלעס, וואס זייער כהן גדול אדער זייער נביא הייסט זיי.

עס מאכט זיך צו מאל, אז א מארמאן ארבייט אויף זיין פעלד אדער אין זיין גארטען. פלוצלונג זאל צוקומען צו איהם דער כהן גדול און זאל איהם זאגען: נעה און פרעדיג אונזער הייליגע רעליגיאן אין דייטשלאנד, פראנקרייך, אדער אין כינא. דער מארמאן לעגט באלד אוועק זיין ארבייט, לאזט איבער זיין ווירטהשאפט אויף זיינע פרויען און פאהרט אוועק קיין דייטשלאנד אדער קיין כינא פרעדיגען זיין רעליגיאן צו פרעמדע פעלקער.

זיי רופען זיך אליין „דיא הייליגע פון דיא לעצטע טעג“, ווייל זיי גלויבען, אז אין דיא לעצטע טעג, ווען משיח וועט קומען, וועט ער ערקלערן פאר דער גאנצער וועלט, אז זיי זיינען דיא הייליגע און אלע אנדערע מענשען זיינען געוועזען זינדער.

עס איז יעצט פעסטגעשטעלט, אז עס זיינען דא פיעלע מארמאנען אין דייטשלאנד, שוועדען, נארוועגען און דענעמארק. הונדערטער שוועדישע און נארוועגישע מעדכען קומען אין יעהרליך קיין אמעריקא אום צו הייראטהען מארמאנען.

פילעאס פאגג מיט זיינע בעגלייטער זיינען צוריקגעפאהרען קיין גרעט סאלט לייק סיטי. זיי האבען נאך בעטראכט דיא שטאדט, זיינען אריינגעגאנגען אין א רעסטאראן און האבען זיך געהייסען געבען א מיטאג אויפ'ן מארמאנען ארט. נאכן עסען זיינען זיי צוריקגעפאהרען אויפ'ן באהן האף. זיי האבען שוין געגעג געשעהג.

עס איז שווער צו זאגען, וואס פילעאס פאגג האט געטראכט איבער דיזע מענשען מיט זייער נייער רעליגיאן. ער האט געשוויעגען און האט גאר ניט גע־רעדט. פאספארטו דאגעגען האט א גאנצען וועג געפלוידערט פון מארמאנען. איהם איז אויסגעקומען, אז מען קען א מאל פערשווארצט ווערן, ווען מען האט נור איין פרוי — א רעכטע. היינט וויא קען מען שוין פערשווארצט ווערן, אז מען האט פינף־זעקס פרויען און אלע זיינען רעכטע?

— נו, לאז שוין זיין פערשווארצט ווערן פון זיינע פרויען אויף דער וועלט, האט פאספארטו געלאכט, אבער נאכשלעפען זיך מיט פינף־זעקס פרויען אויף יענער וועלט, קומען מיט זיי אין גן עדן און זיך פארשטעלען פארן גרויסען הייליגען, דשא סמיטה, מיט עטליכע פרויען איז געווים אונאנגענעהם.

ניין! איך וויל ניט זיין קיין מארמאן! האט דער פרעהליכער פראנצויז אויסגערופען.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום באהנהאף, איז דער צוג שוין געשטאנען בערייט אוועקצופאהרען. זיי זיינען באלד אריינגעגאנגען אין זייערע וואגאנעם און האבען זיך אניעדערגעזעצט. דער לאקאמאטיוו האט א פייף געטהאן און דער צוג האט געריהרט.

— האלט! האלט! סטאפ! האט געשריעען א שטימע צום מאשיניסט.

דער מאשיניסט אבער האט איהם ניט געהערט און האט ניט איינגעהאל־טען דעם צוג. פאספארטו איז ארויסגעגאנגען זעהן, ווער עס שרייט, אז מען זאל איינהאלטען דעם צוג. ער האט געזעהן, וויא א מאן לויפט מיט אלע קרעפטען. עס איז געוועזען דייטליך, אז א מארמאן האט פערשפעטיגט דעם צוג און לויפט איהם נאך. ער האט אנגעיאגט דעם צוג און האט זיך ארויפגעחאפט אויפ'ן לעצ־טען וואגאן.

פאספארטו האט זיך זעהר פעראינטערעסירט צו וויסען, ווער דיעזער מאר־מאן איז. איהם איז געפעלען דיא שנעליגקייט און דיא געשיקטליכקייט, מיט וועלכע ער האט זיך ארויפגעחאפט אויפ'ן צוג. ער איז אומיסטען אריינגעגאנגען אין לעצטען וואגאן זעהן, וואס דער מאן מאכט.

דער מאן איז ווירקליך געוועזען זעהר מיעד פון זיין לויפען און האט געקייכט. ווען ער האט זיך א ביסעל אפגערוהט, האט פאספארטו איהם אנגעהויבען צו פרעגען, וואס ער האט זיך אזוי געאיילט און פאר וואס ער האט זיך אזוי פער־שפעטיגט. דער מארמאן האט איהם דערצעהלט, אז ער האט זיך צוקריעגט מיט זיינע ווייבער און אנטלויפט פון זיי. ער קען שוין פון זיי ניט אויסהאלטען.

פאספארטו האט געמיינט, אז דער מאן האט געווים צוואנציג ווייבער און אלע צוואנציג מיט א מאל זיינען אויף איהם אנגעפאלען און האבען איהם גע־וואלט צורייסען אויף שטיקער.

— וויפיעל פרויען האט איהר דען, מיין העררי? האט ער איהם געפרעגט.

— איך האב נור צוויי, האט דער מארמאן געענטפערט, אבער צוויי פרויען קענען אויך מאכען א מענשען אונגליקליך.

## 28טעם קאפיטעל.

# פאספארטו וויל בעווייזען, אז ער האט רעכט, אבער קיינער וויל איהם ניט הערן.

פרעהליך און לוסטיג האט גערוישט דער צוג אלץ ווייטער און ווייטער. ער איז יעצט דורכגעפאהרען דיא ראקי מאָאונטיינס — דיא שטיינערנע בערג — דאס שווערסטע שטיקעל וועג אין דער גאנצער ליניע. פאר דיעזעס שטיקעל וועג האט דיא אמעריקאנישע רעגיערונג צוגעצאהלט דער אייזענבאהן קאמפאני אכט און פיערציג טויזענד דאללאר פאר יעדע מייל. אין אנדערע ערטער האט דיא רעגיערונג צוגעצאהלט נור זעקס טויזענד דאללאר צו יעדע מייל אייזענבאהן.

דיא אינזשינערען, וועלכע האבען געבויט דיעזע ליניע האבען אבער ווירק־ליך געהאט זעהר פיעל שוועריגקייטען בייצוקומען. דיא בערג זיינען הויך און בעשטעהן פון הארטע שטיינער. דיא אינזשירען האבען ניט געקעמפט מיט דער נאַטור; זיי האבען זיך געשפיעלט מיט איהר. זיי האבען געזוכט אויסצומיידען דיא ערטער, וואו זיא האט געלעגט צופיעל שוועריגקייטען אויפ'ן וועג.

אין דער גאנצער ליניע געפינט זיך נור איין טונעל, וועלכער איז אבער פיערצעהן טויזענד פוס דיא לענג. דיא אייזענבאהן ליניע געהט אריבער פיעלע בריקען אין יענע געגענד. אין דיא בערג געפינען זיך פיעל טייכען, איבער וועל־כע מען האט געלעגט הענג בריקען.

פאספארטו איז געווען זעהר אונרוהיג, ווען ער האט געזעהן, וואס פאר שוועריגקייטען עס שטעלט זיך זיי פאר אין דיעזער געגענד. ער האט מורא גע־האט, עס זאל זיך ניט מאכען א שטערונג אויפ'ן וועג און זיין הערר זאל ניט אנקומען צו דער צייט.

פיקס איז אויך געווען זעהר אונרוהיג. ער האט אויך מורא געהאט, עס זאל עפעס ניט פאסירען אַן אונגליק זיין באַנק רויבער. ער האט זיך יעצט גע־איילט מעהר אלס פילעאַס פאָגג צו קומען אם שנעלסטען קיין ענגלאנד.

דער צוג איז אונטערדעסען געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער. דאס ווע־טער איז געווען שלעכט. עס האט אנגעהויבען צו שנעען. א קאלטער ווינד האט געוועהט. עס איז געווען אונמעגליך ארויסצוגעהן פון דיא וואגאנעס. דאס שלעכ־טע וועטער און דער שנעע האט נאך מעהר בעאונרוהיגט דעם ארימען פאספארטו.

— וואס פאר א נאררישקייט האט בעגאנגען מיין הערר! פאר וואס איז איהם אויסגעקומען צו מאכען א רייזע ארום דיא וועלט אין ווינטער? האט אויסגערופען דער געטרייער פאספארטו. פאר וואס איז ער בעסער ניט געפאהרען אים זומער, ווען דיא וועלט איז אפען און עס איז ניטא אזוי פיעל שנעע?

דעם אנדערען טאג געגען צעהן אוהר אין דער פריה זיינען זיי צוגעקומען צו דער סטאציאָן גרין ריווער. דער צוג איז דארט געשטאנען עטליכע מינוט. פיעלע פאסאזשירען זיינען ארויסגעגאנגען פון זייערע וואגאנעס און זיינען ארייג־געגאנגען אין באהנהאף.

אַאודאַ האט געקוקט דורכ'ן פענסטער פון'ם וואגאן אויף דיא סטאַציאָן. פלוצלונג איז זיא געווארען בלייך, וויא קאלך. — זיא האט דערזעהן צווישען דיא פאסאזשירען, וואס זיינען ארויסגעגאנגען פון זייערע וואגאנעס, דעם קארנעל (פאלקאווניק) סעם פראקטאר, וועלכער האט אזוי שטארק בעליידיגט פילעאַס פאָגג אין סאן פראנציסקא, אז פילעאַס פאָגג האט איהם ארויסגערופען אויף א דועל.

אַאודאַ האט זיך צוריקגעצויגען פון פענסטער. זיא האט מורא געהאט, אז דער אמעריקאנער סעם פראקטאָר זאל זיא ניט דערקענען און זאל ניט קומען צו פילעאַס פאָגג פאָרדערן, ער זאל זיך מיט איהם באלד שלאגען.

מיט יעדען טאג און מיט יעדער שטונדע האט אַאודאַ אנגעהויבען אלץ מעהר צו פיהלען, וויא פילעאַס פאָגג איז איהר טהייער. זיא האט אנגעהויבען איהם צו שעצען אלס אַ קלוגען און געלערנטען מענשען. זיא האט ביז אהער געמיינט, אז איהרע געפיהלע צו איהם זיינען נור אלס דאנקבארקייט, וואס ער האט זיא גערעטעט פון אַ שרעקליכען טויט. זיא האט זיך אבער יעצט איבערציינט, אז גאנץ אנדערע געפיהלע ציהען זיא צו פילעאַס פאָגג.

זיא האט געציטערט, אז דער אמעריקאנער זאל ניט דערזעהן פילעאַס פאָגג אין צוג און זאל ניט וועלען זיך מיט איהם שלאגען ערגעץ אויף אַ באַהן סטאַציאָן. זיא האט פערשטאנען, אז דער אמעריקאנער איז ניט נאכגעפאהרען פילעאַס פאָגג. ער איז צופעליגער ווייזע אויך געפאהרען אויפ'ן זעלבען צוג מיט איהם. ווען ער זאל געווען נאכפאהרען פילעאַס פאָגג, וואלט ער איהם געווען געזוכט אין אלע וואגאנעס און וואלט איהם שוין לאנג געווען געפונען.

— איך מוז זעהן פערהיטען, אז פילעאַס פאָגג זאל זיך ניט בעגעגענען מיט'ן אמעריקאנער, האט זיא געזאגט צו זיך אליין. עס איז זעהר מעגליך, אז דער אמעריקאנער פאהרט נור אַ קורצע שטרעקע: קיין אָמעהאַ אדער קיין סאַנט לואיס. מארגען אדער איבערמארגען וועט ער זיך אראפגעהן פון'ם צוג.

זיא האט אפגעהיט אַ צייט, ווען פילעאַס פאָגג איז אנטשלאפען געווארען, האט אוועקגערופען פאספארטו און פיקס אן אַ זייט און האט זיי דערצעהלט, אז דער אמעריקאנער, סעם פראקטאָר, געפינט זיך מיט זיי אויף איין צוג.

— זייט רוהיג, מאַדאם! האט פיקס אויסגערופען. איך וועל ניט דערלאזען אז הערר פילעאַס פאָגג זאל זיך שלאגען מיט'ן אמעריקאנער סעם פראקטאָר.

— איהר, מיסטער פיקס? האט אַאודאַ געפרעגט פערוואונדערט. איהר ווילט אייך שלאגען פאר פילעאַס פאָגג?

— איך וויל מיך שלאגען פאר איהם, ווייל סעם פראקטאר האט מיך מעהר בעליידיגט. עס איז ערשט ניט לאנג פערגאנגען דער בייל, וואס ער האט מיר געמאַכט אויפ'ן קאפ.

— איך וועל מיך אויך שלאגען מיט איהם! האט זיך פאַספאַרטו אפגערופען. ער מעג זיך זיין אַ קארנעל, אדער וואס ער וויל זיך! איך וועל מיך מיט איהם שלאגען!

אַאודאַ האט געשאקעלט מיט'ן קאפ.

— איך דאנק אייך, מיינע פריינד, פאר אייער גוטען ווילען, האט זיא גע־זאגט. איהר פערגעסט אבער, אז הערר פילעאס פאגג איז ניט אזא מענש, וואס זאל ערלויבען אנאנדערן, ער זאל זיך שלאגען פאר איהם. איך האב אליין גע־הערט, וויא פילעאס פאגג האט געזאגט, אז ער וועט מוזען צוריקפאהרען קיין אמעריקא זיך שלאגען מיט איהם.

ניין, מיינע פריינדע! איך וויל ניט, אז מען זאל זיך שלאגען אויף א דועל. דיא איינציגע זאך, וואס מיר קענען טהאן, איז צו פערהיטען, אז פילעאס פאגג און סעם פראקטאר זאלען זיך ניט בעגעגענען. זיי וויסען נאך ביידע ניט, אז זיי פאהרען אויף איין צוג.

— איהר האט רעכט, מאדאם, האט פיקס געזאגט, א דועל איז זעהר א שלעכטע זאך. אויב פילעאס פאגג וועט זיעגען, אדער מען וועט איהם בעזיעגען — אין ביידע פעלע וועט ער פערליערן און —

— און ער קען נאך פערליערן זיינע וועטע פון פופציג טויזענד פונט! האט פאספארטו אויסגערופען. אין פיער טעג ארום וועלען מיר זיין אין ניו יארק. מיר מוזען דאהער זעהן, אז דער פערפלוכטער אמעריקאנער זאל ניט זעהן מיין הערר. פיעללייכט וועט ער ערגעץ גאר אראפגעהן אויפ'ן וועג. פיעללייכט פאהרט דער פערדאמטער אמעריקאנער גאר ניט קיין ניו יארק. פיעללייכט —

אין דיעזע מינוט האט זיך פילעאס פאגג אויפגעכאפט. אאודא האט זיך צוריקגעזעצט אויף איהר ארט. פיקס און פאספארטו האט זיך געזעצט איינער לעבען אנדערן.

— ווילט איהר ווירקליך זיך שלאגען פאר מיין הערר? האט פאספארטו געפרעגט דעם דעטעקטיוו.

— איך וועל טהאן אלעס מעגליכע אום איהם צו ברענגען לעבעדיגערהייט קיין ענגלאנד, האט פיקס געענטפערט.

פאספארטו האט א ציטער געטהאן. ער האט געזעהן דייטליך, אז פיקס איז פעסט איבערצייגט, אז זיין הערר איז א באנק רויבער. דאס האט איהם זעהר געקרענקט און ער האט אויפגעהערט צו רעדען מיט'ן דעטעקטיוו.

פיקס האט אנגעהויבען צו טראכטען, וויא אזוי מאכט מען דא, אז פילעאס פאגג זאל אין ערגעץ ניט געהן און זאל זיין אזוי בעשעפטיגט, אז ער זאל אויף קיין פאל זיך ניט זעהן מיט'ן אמעריקאנער. ער האט געטראכט א לאנגע צייט און האט ענדליך עפעס אויסגעטראכט. ער האט זיך געזעצט לעבען פילעאס פאגג און האט איהם געזאגט:

— אך, וויא לאנגווייליג עס איז צו זיצען אזוי אין וואגאן, אהנע יעדע בעשעפטיגונג!

— געוויס איז א ביסעל לאנגווייליג, האט פילעאס פאגג געענטפערט. דיא צייט אבער פליעהט דאך זעהר שנעל.

— אויפ'ן שיף פלעגט איהר שפיעלען אין קארטען? האט פיקס ווייטער בעמערקט.

— יא, אויפ׳ן שיף האב איך געהאט מיט וועמען צו שפיעלען. דא האב איך ניט קיין קארטען, ניט מיט וועמען צו שפיעלען.

— אה, קארטען קען מען שוין קריגען! האט פיקס אויסגערופען. אויף אן אייזענבאהן צוג אין אמעריקא קריגט מען שוין קארטען. יעדער קאנדוקטאר פערקויפט קארטען. מיט וועמען צו שפיעלען איז א פראגע. אדער פיללייכט קען מאדאם שפיעלען? —

דערביי האט ער א ווינק געטהאן צו מאדאם אאודא.

— איך שפיעל אין קארטען, האט אאודא זיך אפגערופען. אין אינדיען שפיעלען דיא פרויען שאך, דאמינא און אלערליי שפיעל אין קארטען. איך שפיעל וויהיסט זעהר גוט.

— איך שפיעל אויך ניט שלעכט אין וויהיסט, האט פיקס געזאגט. איך בין אויך אן ענגלענדער און האב אויך ניט פיינט א קערטעל.

— דאן קענען מיר מאכען א וויהיסט, האט פילעאס פאגג געזאגט רוהיג.

ער איז געווען העכסט צופריעדען, וואס ער וועט קענען שפיעלען זיין ליעבלינגס שפיעל — וויהיסט. פאספארטו איז געגאנגען זוכען דעם אבער קאנדוקטאר. ער איז באלד צוריקגעקומען און האט געבראכט מיט זיך צוויי טאליעס קארטען, בערשטעלעך, קרייט און א טישעלע בעדעקט מיט גרינעם געוואנד.

— זיי זיינען דאך פראקטישע מענשען אין אמעריקא, האט פאספארטו געזאגט. זיי זארגען זיך פאר זייערע פאסאזשירען און מאכען דערביי געלד.

מען האט זיך געזעצט שפיעלען. אאודא האט ניט שלעכט געשפיעלט. אין אינדיען, וואו מען האלט דיא פרויען פערשפארט אין בעזונדערע הייזער, מוזען זיי עפעס טהאן. זיי שפיעלען אין אלערליי שפיעלע. עס איז קיין וואונדער, וואס מען טרעפט א מאל אן אינדיאנישע פרוי, וועלכע שפיעלט פארטרעפליך אין שאך. אין קארטען שפיעלען אלע אינדישע פרויען זעהר גוט. פיקס האט אויך געשפיעלט זעהר גוט אין וויהיסט.

וויהיסט איז אן עכט ענגלישעס שפיעל. אלע ענגלענדער שפיעלען זעהר גוט וויהיסט. מען קען זאגען, אז וויהיסט איז דאס נאציאנאל קארטען שפיעל פון דיא ענגלענדער.

— נו, יעצט וועט מיין הערר זיך שוין ניט בעגעגענען מיט׳ן פערדאמטען אמעריקאנער, האט פאספארטו געזאגט צו זיך אליין. קוים האט ער מיט וועמען צו שפ׳יעלען אין קארטען, וועט ער זיך ניט ריהרען פון׳ם ארט.

אום עלף אוהר אין דער פריה איז דער צוג אנגעקומען צו דער סטאציאן ברידשער פאס. דאס איז דער העכסטע׳ר פונקט פון דיא ראקי מאאונטיינט אדער דיא וואסער שיידע. אלע וואסערן און טייכען פון דער זייט בערג פליעסען אין שטילען וועלט מעער. אלע וואסערן און טייכען פון דער אנדערער זייט בערג פליעסען אין אטלאנטישען וועלט מעער.

דאס איז דיא גרענעץ צווישען דיא אסט זייטע פון אמעריקא און דיא וועסט זייט. פון דיעזער סטאציאן געהט דער צוג איבער דיא פרעריען (סטעפעס), א

גלייכע געגענד ביז ניו יארק. עס געפינען זיך צוואר נאך בערגלעך און טייכען אויפ'ן וועג. זיי זיינען שוין אבער ניט געפעהרליך דיא בערגלעך זיינען ניעדעריג, דיא טייכען פליעסען רוהיג.

ווייטער און ווייטער האט געראשט דער צוג, וויא א לאנגע, שווארצע, שרעקליכע שלאנג. האט ער זיך געדרעהט און האט זיך געאיילט ארויסצוקריכען פון דיא שטיינערנע בערג.

פילעאס פאגג האט געשפיעלט אין קארטען. איהם האט ווייניג געקימערט, וואו זיי געפינען זיך יעצט און וואס פאר א געגענד זיי פאהרען יעצט דורך. ער האט געשפיעלט אין קארטען און געוואוסט, אז ער וועט באלד זיין אין ניו יארק.

פלוצלונג האט דער לאקאמאטיוו אנגעהויבען שטארק צו פייפען — דער צוג איז געבליעבען שטעהן. פאספארטו איז ארויסגעגאנגען זעהן, וואס דארט איז אזעלכעס, וואס דער צוג איז פלוצלונג געבליעבען שטעהן. אנפאנגס האט ער געמיינט, אז זיי זיינען צוגעפאהרען צו א סטאציאן. וויא ערשטוינט איז ער אבער געווארען, ווען ער האט דערזעהן, אז דער צוג איז געבליעבען שטעהן אין דער מיט פרעריע.

אאודא און פיקס האבען מורא געהאט, אז פילעאס פאגג זאל ניט וועלען ארויסגעהן זעהן, ווארום דער צוג איז געבליעבען שטעהן, און זאל זיך ניט בעגעגענען מיט'ן אמעריקאנער סעם פראקטאר. פילעאס פאגג איז אבער געווען אזוי פערטיעפט אין זיינע קארטען, אז ער האט נור געזאגט:

— פאספארטו! געה, זעה, וואס דארט איז.

פאספארטו איז ארויסגעלאפען פון וואגאן. דרייסיג, פערציג אנדערע פאסאזשירען זיינען אויך ארויסגעלאפען פון זייערע וואגאנעס. יעדער האט געוואלט וויסען דיא אורזאכע, פאר וואס דער צוג איז פלוצלונג געבליעבען שטעהן. סעם פראקטאר איז אויך ארויסגעשפרונגען פון זיין וואגאן. אלע זיינען געלאפען צום לאקאמאטיוו.

פארן לאקאמאטיוו איז געשטאנען א מאן מיט א רויטען סיגנאל אין דער האנד. דער אבער קאנדוקטאר און דער מאשיניסט פון'ם צוג זיינען געשטאנען און האבען מיט איהם גערעדט. אלע פאסאזשירען זיינען צוגעלאפען צו זיי הערן, פאר וואס דער צוג איז געבליעבען שטעהן.

— דער צוג קען ווייטער ניט פאהרען, האט געזאגט דער מאן מיט'ן רויטען סיגנאל. דיא בריק לעבען דער סטאציאן „מעדיסין באאו" האלט זיך קוים. אייניגע קייטען, אויף וועלכע דיא בריק הענגט, האבען זיך איבערגעריסען. דער סטאציאנס שעף פון מעדיסין באאו האט מיך געשיקט, איך זאל אייך מעלדען, אז איהר זאלט ווייטער ניט פאהרען. דיא בריק קען זיך איבעררייסען יעדע מינוט און ארייגפאלען אין וואסער.

עס איז געווען דייטליך, אז דיא געפאהר איז זעהר גרויס, ווען דער סטאציאנס שעף האט אומיסטען געשיקט א מענשען, ער זאל אויפהאלטען דעם צוג. דער אמעריקאנער סעם פראקטאר האט אנגעהויבען צו שרייען און צו ליארמען.

— דער צוג מוז געהן! מיר האבען בעצאהלט געלד! מיר קענען ניט בלייבען שטעהן אין מיטען וועג, אויף אַ פעלד, וואו מען זעהט קיין לעבעדיגען מענשען.

ער האט זיך געבייזערט און האט אלעמען געזידעלט. ער האט געזידעלט דיא אמעריקאנישע רעגיערונג, דיא אייזענבאהן קאמפאני, דעם מאשיניסט און דעם קאנדוקטאר.

— קאַרנעל! האט איהם דער אבער קאנדוקטאר געוואלט בערוהיגען, — קארנעל! מיר האבען שוין טעלעגראפירט קיין אָמעהאַ נאך אנאנדערן צוג. ער וועט געוויס אנקומען ביי נאכט. דערוויילע וועלען אלע פאסאזשירען מוזען צוגעהן צו פוס ביז „מעדיסין באָאו". עס איז גיט שטארק ווייט אהין — אין גאנצען עט־ליכע מייל.

— וויפיעל צייט דארף געדויערן, ביז דער צוג פון אָמעהאַ וועט אנקומען? האט פאספארטו געפרעגט דעם אבער קאנדוקטאר.

— זעקס שטונדען, האט דער קאנדוקטאר געענטפערט.

— וואס וועלען מיר טהאן דיא גאנצע צייט דא אויפ'ן פעלד? האט סעם פראקטאר געליארמט.

— מיר וועלען געהן צו פוס צו דער סטאציאן מעדיסין באָאו.

— צו דער סטאציאן איז דאך אין גאנצען נור איין מייל? האט דער וויל־דער אמעריקאנער ווייטער געפרעגט.

— דיא סטאציאן אבער געפינט זיך פון יענער זייט טייך און דער טייך איז יעצט שטארק אנגעשוואלען פון דיא רעגענס און שנעען, וועלכע זיינען געגאנגען אין דיא לעצטע עטליכע טעג, אז עס איז אונמעגליך איבערצוגעהן דעם טייך.

— קען מען ניט געפינען א באָאט אדער אַ שיפעל, מיט וועלכע מען זאל אריבערפאהרען דעם טייך? האט סעם פראקטאר געפרעגט.

— ניין, האט דער קאנדוקטאר געענטפערט. עס געהן אויפ'ן טייך שטיקער אייז פון דיא בערג און עס איז אונמעגליך אריבערצוגעהן מיט אַ באָאט. מיר וועלען מוזען געהן עטליכע מייל צו פוס, ביז אין ארט, וואו עס איז דא א פעררי.

דער קארנעל (פאלקאווניק) סעם פראקטאר האט זיך געבייזערט, האט געזידעלט און געשאלטען. פאספארטו האט געפונען אז ער האט פאלקאמען רעכט און האט איהם געהאלפען זיך זידלען און שילטען אלע אייזענבאהן קאמפאניס פון דער גאנצער וועלט.

דיא איבעריגע פאסאזשירען זיינען אויך געווען זעהר אונצופריעדען מיט דיעזער שטערונג. עס איז יעדען געווען זעהר אונאנגענעהם ארויסצוגעהן פונ'ם ווארעמען וואגאן, געהמען זיין פעקעל אונטערן ארים און שלעפען זיך צעהן־פופצעהן מייל אין שנעע אויף דער פרעריע! יעדער האט גערעדט, געשריען און זיך געבייזערט. אייניגע האבען אנגעהויבען צו רעדען, אז זיי וועלען פער־קלאגען דיא אייזענבאהן קאמפאני. זיי האבען בעצאהלט, מען זאל זיי פיהרען, ניט זיי זאלען געהן צו פוס.

עס איז געווארען אזא געוואַלד, אז עס איז געוועזן אַ וואונדער, וואס פֿילעאַס פֿאָגג האט ניט דערהערט דעם רעש און איז ניט ארויסגעגאנגען זעהן, וואס דארט איז אזעלכעס.

פאספארטו אבער האט איינגעזעהן, אז דא וועט גאר ניט העלפֿען, ער מוז געהן און איהם דערצעהלען, וואס פֿאר אַ נייע שטערונג עס האט זיך געטראָפֿען. ער האט שוין געוואלט געהן צום וואגאן, וואו פֿילעאַס פֿאָגג איז געזעסען און האט געשפּיעלט אין קארטען, ווען דער אינזשעניר, וואס האט געפֿיהרט דעם צוג, האט געהייסען אלעמען בלייבען שטעהן.

דער אינזשעניר איז געוועזן אן עכטער אמעריקאנער, אַ געבראטענער יענקי מיט'ן נאמען פֿאָסטער. ער האט זיך געווענדעט צו דיא פאסאזשירען און האט זיי געזאגט:

— דשענטעלמען! עס איז דא אַ מיטעל צו פֿאהרען ווייטער, האט ער געזאגט מיט אַ הויכער, פֿעסטער שטימע. —

— איבער דער בריק? האט איינער פֿון דיא פאסאזשירען איהם אונטערבראכען.

— מיט'ן צוג? האט סעם פראקטאר געפֿרעגט.

— מיט'ן צוג, אזוי וויא מיר זיינען געפֿאהרען ביז אהער, האט דער אינזשעניר געענטפֿערט.

— דאס איז אונמעגליך! האט דער אבער קאנדוקטאר אויסגערופֿען. דיא בריק האלט זיך אויף אַ האר. זיא קען יעדע מינוט איינפֿאלען. איך קען ניט ערלויבען צו פֿאהרען אויף אזא בריק.

— דשענטעלמען! האט זיך דער אינזשעניר געווענדעט צו דיא פאַסאַזשירען. — דשענטעלמען! ווען איך זאל לאזען לויפֿען דעם צוג מיט פֿולען דאמפף, וויפֿיעל דער קעסעל קען אויסהאלטען, וועל איך אריבערפֿיהרען דעם צוג איבער דער שוואכסטער בריק.

עס איז דא אַ געזעץ אין דער מעכאניק, אז ווען אַ זאך פֿליעהט זעהר שטארק, פֿערליערט זיא איהר געוויכט. זיא איז דאמאלס גאר ניט שווער.

פאספארטו האט אויסגעהערט דעם אינזשעניר זעהר אויפֿמערקזאם. ווען ער האט אבער דערהערט, אז ער וויל אריבערפֿליהען דיא שוואכע בריק מיט'ן גאנצען צוג, האט ער אַ ציטער געטהאן.

— צום טייפֿעל זאלען געהן אלע אמעריקאנער! האט ער אויסגערופֿען. זיי טראכטען שוין אוים גאר נייעס, אז אַ שווערע זאך ווערט לייכט.

צווישען דיא פאסאזשירען האבען זיך אבער געפֿונען מענשען, וועלכע האבען זעהר גוט פֿערשטאנען דעם קלוגען איינפֿאל פֿון'ם אינזשעניר. סעם פראקטאר איז געוועזן דער ערשטער, וועמען עס איז געפֿעלען דיעזער פלאן.

— דער אינזשעניר האט רעכט! האט ער געשריען אין דער הויך, אז ער האט אלעמען פֿערטויבט. איך האב א מאל געלעזען אין אַ צייטונג, אז אן אייזענבאהן ליניע דארף גאר קיין בריקען ניט, דאס הייסט איבער שמאלע טייכען.

ווען דער צוג לויפט אזוי שנעל, אז ער לויפט איין הונדערט מייל אין א שטונדע, האט דער גאנצער צוג קיין וואג ניט און קען אריבערפליעהען א טייכעל פון צוואנציג־דרייסיג פוס דיא ברייט. מען מוז נור זעהן, אז דיא וואגאנעס זאלען זיך געפינען נאהענט איינער פון אנדערן.

— דשענטעלמען! דער אינזשעניר האט רעכט! האט אויסגערופען אנאנ־דער פאסאזשיר. איך קען וועטען איין דאללאר געגען פופציג, אז מיר וועלען זיכער אריבערפאהרען דיא בריק.

— איך וועט איין דאללאר געגען זעכציג! האט געשריעען א צווייטער.

— איין דאללאר געגען אכציג! האט געשריעען א דריטער.

— איין דאללאר געגען ניינציג!

פאספארטו איז געשטאנען, וויא פערשטיינערט און האט בעטראכט דיעזע זאנדערבארע, עכט אמעריקאנישע סצענע. ער האט געוויס אויך געוואלט ארי־בערפאהרען דעם טייך, אבער ניט אויף אזא ארט. דאס הייסט דאך איינשטע־לען דאס לעבען פון הונדערטער מענשען — דיא בריק האלט זיך אויף א האר. דער סטאציאנס שעף האט אומיסטען געשיקט א מענשען זאגען, אז מען זאל ניט פאהרען אויף דער בריק, עס איז געפעהרליך. — קומט אן אינזשעניר און זאגט, אז ער וועט אריבערפליעהען דיא בריק!

— דאס איז אונמעגליך! האט דער ארימער פאספארטו אויסגערופען. מיר וועלען אלע דערטרונקען ווערן.

— עס איז יא מעגליך! האט געשריען לעבען איהם א פאסאזשיר. מיר וועלען אריבערפאהרען!

— איבערלעגט אייך, מיינע הערען, האט דער ארימער פראנצויז געבעטען.

— מיר האבען זיך ניט וואס צו איבערלעגען! האט געליארמט סעם פראק־טאר. דער אינזשעניר זאגט, אז מיר וועלען אריבערפאהרען דיא בריק. איך וויים אויך, אז מיר וועלען אריבערפאהרען דיא בריק. לאמיר פאהרען!

— אבער, מיינע הערען, א מענש מוז זיין פארזיכטיג, א מענש טאר ניט ריסקירען מיט׳ן לעבען פון אנדערע מענשען, האט פאספארטו אנגעהויבען צו ערקלערן. —

— וואס רעדט דער מאן? האט סעם פראקטאר געברומט, וויא א לייב. — מען זאגט דאך אייך: מיט פולען דאמפף! פערשטעהט איהר, וואס דאס הייסט? — מיט פולען דאמפף! — הונדערט מייל אין א שטונדע! פערשטעהט איהר, וואס דאס איז? —

— איך פערשטעה — איך וויים, האט געמורמעלט פאספארטו, אבער עס איז דאך גלייכער, אז מען זאל זיין פארזיכטיג —

— וואס? ווער? וואס וויל דיעזער מאן? וואס רעדט ער? וואס דארף ער? וואס וויל ער? האט מען געשריעען פון אלע זייטען אז דער ארימער פראנ־צויז איז שיער ניט טויב געווארען.

— ער האט מורא, דער ארימער מאן! ער האט מורא! האט סעם פראק־

טאר געשריעען ניט מיט זיין קול. ער ציטערט ער זאל ניט נאם ווערן!
— איך האב מורא? האט פּאַספּאַרטו אויסגערופען. א פראנצויז האט מורא? ניין, מיינע הערען יענקים! אַ פראנצויז האט קיין מורא ניט. דיא פראנצויזען זיינען אזוי מוטהיג און אזוי טאפּפער, וויא דיא יענקים! איהר וועט זעהן.
— אלזא, צוריק אין דיא וואַגאָנעס! האט דער קארנעל סעם פּראָקטאָר קאָמאַנדירט. — לאָמיר פאהרען!
— לאָמיר געהן צוריק אין דיא וואגאנעס, האט פּאַספּאַרטו געברומט. עס איז אבער דאך אַ שרעקליכער ריסק. עס וואלט גלייכער געוועזן, מיר זאלען אריבערגעהן דיא בריק צו פוס און זיך אויפזעצען אויפ'ן צוג, וועלכער וועט אנקומען פון אַמעהאַ.
קיינער אבער האט איהם ניט געהערט און ניט געוואלט הערן. קיינער האט ניט געוואלט וויסען, וויא אזוי עס וואלט גלייכער געווען. אלע פאסאזשירען זיינען געווארען וואהנזיניג און געוואלט בעסער ריסקירען זייער לעבען, אַלס פאָלגען דעם קלוגען און פארזיכטיגען פאספּארטו.
אלע פּאַסאַזשירען זיינען אריינגעגאַנגען אין זייערע וואַגאָנעס. פּאַספּאַרטו איז אריינגעגאַנגען אין זיין וואַגאָן און האט געזעהן, וויא פילעאס פאָגג און אַאודאַ זיינען אזוי פערטיעפט אין זייערע קארטען, אַז זיי וויסען גאר ניט, וואס דא איז געשעהן און אין וואס פאר אַ געפאַהר זיי געפינען זיך.
דער לאָקאָמאָטיוו האט אנגעהויבען צו פייפען שרעקליך. דער אינזשעניר איז געפאָהרען געגען אַ האלבע מייל צוריק. עס האט אויסגעוויעזן, וויא איינער, וועלכער בערייטעט זיך פאר צו מאכען אַ גרויסען און געפעהרליכען שפרונג. ער מאַכט איינינע שריט צוריק אום שנעלער צו שפרינגען.
באַלד האט מען געהערט אַ צווייטען שרעקליכען פייף. דער לאָקאָמאָטיוו איז געפלויגען מיט דער שנעליגקייט פון הונדערט מייל אין אַ שטונדע. דיא שנעליגקייט איז געווען שרעקליך. עס איז געווען אונמעגליך ארויסצוקוקען פון'ם פענסטער פון אַ וואַגאָן. — עס האט געשווינדעלט אין דיא אויגען. ווער עס איז געשטאנען פון דער ווייטענס, דער האט ניט געקענט זעהן, וויא דיא רעדער פון דיא וואַגאָנעס דרעהען זיך. עס האט זיך אויסגעוויעזן, אז דער גאנצער צוג איז איין וואַגאָן און דיא רעדער שטעהן אויף איין ארט.
דיא שנעליגקייט איז געווען אזוי שטארק, אז דיא אייזערנע אַקסען פון דיא רעדער האבען זיך צוגליהט און האבען אנגעהויבען צו ברענען. מעגליך, אז דער גאנצער צוג וואלט זיך אנגעצונדען, ווען דיא שנעליגקייט וואלט געווען דויערן נאך עטליכע מינוט. אבער פלוצלוג האט עס וויא אַ בליץ געטהאן. — דער צוג איז אריבערגעפלויגען דיא בריק.
טראַך! טראַך!....
קוים איז דער צוג אריבערגעפלויגען, איז דיא גאנצע בריק אריינגעפאלען אין וואסער. דיא פאסאזשירען האבען עס אבער ניט געזעהן. זיי האבען נור געהערט דעם שרעקליכען טראַך. דער איינציגער מינוט, וואס האט אלעס געזעהן,

איז געווען דער ארבייטער פֿון דער אייזענבאהן מיט'ן רויטען סיגנאל אין דער האנד. ער איז געבליעבען שטעהן אויף זיין ארט און האט געהאלטען אין דער הויך זיין רויטע פֿאהן, אלס צייכען, אז דא איז אַ געפֿאהר, קיינער זאל ניט פֿאה־רען צו דער בריק.

אין אַ פאר מינוטען שפּעטער איז דער צוג אנגעקומען אויף דער סטאַציאָן „מעדיסין באָאו“.

29טעס קאפּיטעל.

## וואס עס קען פּאסירען, ווען מען פאהרט אויף דיא אמע־ריקאנישע אייזענבאַהנען.

אויף דער סטאציאן „מעדיסין באָאו“ איז דער צוג געשטאנען נור איינגע מינוט. דער אינזשעניר איז נור ארויסגעגאנגען זעהן, אויב אלע וואגאנעס זיינען אין ארדנונג.

ער האט געפֿונען, אז אלעס איז אין ארדנונג און איז ווייטער געפֿאהרען. דער צוג איז דורכגעפֿאהרען פֿערשיעדענע שטאאטען פֿון אמעריקא. אויפֿ'ן פֿיער־טען טאג האט פֿילעאס פֿאָגג זיך ערקונדיגט, וויפֿיעל זיי זיינען שוין איינגעפֿאה־רען. מען האט איהם געזאגט, אז זיי זיינען שוין איינגעפֿאהרען צוויי טויזענד מייל פֿון סאן פֿראנציסקא. זיי זיינען שוין געווען גאר ניט ווייט פֿון אמעהא, אין שטאאט נעבראַסקא.

פֿילעאָס פֿאָגג האט ארויסגענומען זיין נאטיץ בוך, האט געמאַכט זיין רעכ־נונג און איז געווען צופֿריעדען. ביז אהער איז זיין רייזע געלונגען. נאך אין דריי טעג וועט ער זיין אין ניו יארק. פֿון ניו יארק קיין ליווערפּול איז שוין אַ קליי־ניגקייט.

ער האט זיך ווייטער געזעצט שפּיעלען אין קארטען און האט זיך שטארק פֿערטיעפֿט אין זיין שפּיעל. היינט איז איהם אלעס געראטהען. עס איז איהם געגאנגען דורך מהיר און טויער. ער האט געהאט אלע טרומפֿפֿס (קאָזירים) און דיא בעסטע קארטען. ווען ער פֿלעגט שוין בעקומען גאר אַ שלעכטע קארטע, פֿלעגט פֿיקס אדער אַאודאַ מאכען אַזאַ פֿעהלער, אז ער האט געוואונגען.

איין מאל איז ער אזוי געזעסען און האט געטראכט, וויא אזוי צו שפּיעלען. ער האר געקענט שפּיעלען פּיק (שיפּע) און האט געקענט שפּיעלען בובנע (דיי־מאָנדס). ענדליך האט ער זיך ענטשלאָסען צו שפּיעלען פּיק (שיפּע). ער האט אויפֿגעהויבען דיא קארט און האט זיא געוואלט ארויסווארפֿען אויפֿ'ן טישעל.

— איך וואלט בעסער געשפּיעלט דיימאָנדס (בובנע)! האט אַ ווילדע, גראבע שטימע אויסגערופֿען.

פֿילעאָס פֿאָגג, פּיקס און אַאודאַ האבען אויפֿגעהויבען זייערע קעפּ זעהן, ווער עס האט עס געזאגט און האבען דערזעהן פֿאר זיך — סעם פּראקטאר. פֿי־לעאָס פֿאָגג און סעם פּראקטאר האבען באלד דערקענט איינער דעם אנדערן.

— אהו איהר זייט עס! האט סעם פראקטאר אויסגערופען. איהר אינגלישמען! איהר ווילט עס שפּיעלען פּיק!

— איך שפּיעל, וויא איך וויל, האט פילעאס פאגג געענטפערט גאנץ רוהיג און האט געוואלט אויסשפּיעלען זיין קארט.

— איך זאג אייך אבער, אז איהר זאלט שפּיעלען בובנע (דיימאנדס)! האט סעם פראקטאר געשריען און האט זיך צוגערוקט נעהנטער, גלייך וויא ער האט געוואלט אויסכאפּען דיא קארט פון פילעאס פאגג׳ס הענד.

— איך שפּיעל דאך! האט פילעאס פאגג געזאגט רוהיג.

— איהר פערשטעהט גאר ניט, וואס איהר שפּיעלט! האט דער אמעריקאנער געשריען.

— ווען איך פערשטעה ניט דיעזעס שפּיעל, וועל איך אנאנדער שפּיעל בעסער פערשטעהן, האט פילעאס פאגג געזאגט ערנסט און האט זיך אויפגעהויבען פון זיין זיץ.

— פּראבירט נור, דשאן בולל! האט סעם פראקטאר אויסגערופען. איך וויל טאקע, איהר זאלט עס פּראבירען.

דיא אמעריקאנער רופען דיא ענגלענדער דשאן בולל — דשאן אָקס — אלס א שפּאט נאמען. אן ענגלענדער בעליידיגט זיך, ווען מען רופט איהם דשאן בולל.

— אאודא איז געווארען בלייך, וויא קאלך. זיא האט זיך אויך אויפגעהויבען און האט אנגענומען פילעאס פאגג ביי דער האנד. ער האט זיך ארויסגעריסען פון איהר. פאספּארטו איז צוגעלאפען צו זיין הערר און האט איהם געוואלט העלפען.

אין דיעזער מינוט איז פיקס צוגעגאנגען צום אמעריקאנער און האט איהם געזאגט אין דער הויך:

— איהר פערגעסט, מיסטער פראקטאר, אז איהר האט מיט מיר צו טהאן. איהר האט מיך בעליידיגט אין סאן פראנציסקא — איהר האט מיך געשלאגען.

— ענטשולדיגט מיר, מיסטער פיקס, האט פילעאס פאגג געזאגט רוהיג און קאלטבליטיג. דיעזער יענקי האט מיך יעצט נאך א מאל בעליידיגט דערמיט, וואס ער האט זיך אריינגעמישט אין מיין שפּיעלען. איך מוז מיך מיט איהם אפּרעכענען.

— ווען איהר ווילט, וואו איהר ווילט און מיט וואס פאר א וואפען איהר ווילט! האט דער אמעריקאנער געענטפערט — איך בין בערייט!

אאודא האט זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה איינצוהאלטען פילאס פאגג, ער זאל זיך ניט שלאגען מיט׳ן אמעריקאנער. פיקס און פאספּארטו האבען געבעטען, ער זאל זיי ערלויבען, זיי זאלען זיך שלאגען פאר איהם. עס האט אבער גאר נישט געהאלפען.

פילעאס פאגג איז ארויסגעגאנגען אויפ׳ן פלאטפארם פון׳ם וואגאן. דער אמעריקאנער איז איהם נאכגעגאנגען. ווען זיי זיינען געווען גאנץ אליין, האט פילעאס פאגג צו איהם געזאגט:

— מיסטער, איך אייל מיך זעהר צו קומען קיין אייראפּא. איך האב זעהר ווייניג צייט, ריכטיגער געזאגט, איך האב גאר קיין צייט ניט. —

— וואס געהט עס מיך אן? האט דער אמעריקאנער געזאגט גראב.

— מיסטער פראקטאר, ווען מיר האבען זיך בעגעגענט אין סאן פראנציסקא, האב איך מיך ענטשלאסען צוריקצוקומען קיין אמעריקא אום זיך צו שלאגען מיט אייך אויף א דועל. מיין עהרע איז ביי מיר טהייער. איך בין אבער געצוואונגען צו זיין אין לאנדאן אין א געוויסען טאג. קענט איהר מיר ניט בעשטימען, ווען מיר זאלען זיך צוזאמענטרעפען?

— מיר האבען זיך שוין צוזאמענגעטראָפען.

— יעצט איז אבער פאר מיר אונמעגליך מיך מיט אייך צו שלאגען. פיעל-לייכט וואלט מעגליך געווען, מיר זאלען אפלעגען אונזער דועל אויף זעקס מאָ-נאטען?

— פאר וואס ניט אויף זעקס יאהר? האט דער אמעריקאנער געפרעגט גראב.

— איך זאג אייך זעקס מאנאט, ווייל איך בין זיכער, אז אין זעקס מאנאט ארום וועל איך צוריקקומען קיין אמעריקא און וועל זיך מיט אייך שלאגען.

— איהר ווילט זיך אויסדרעהן, מיין ליעבער ענגלענדער, האט סעם פראָק-טאר געלאַכט. ווען איהר ווילט זיך שלאגען מיט מיר, לאמיר זיך שלאגען באלד, שוין. —

— איהר האט רעכט, האט פילעאס פאָגג געענטפערט. — וואוהין פאהרט איהר, קיין ניו יארק?

— ניין.

— קיין טשיקאגא?

— ניין.

— קיין סאנט לואיס?

— ניין.

— קיין אָמעהאָ?

— ניין. — וואס געהט אייך אן, וואוהין איך פאהר! — ווייסט איהר, וואו עס געפינט זיך דיא אייזענבאהן סטאציאן פלום קריק.

— ניין, האט פילעאס פאָגג געענטפערט,

— אין אַ שטונדע ארום וועלען מיר אנקומען אויף דער סטאַציאן פלום קריק. דארט וועט דער צוג שטעהן צעהן מינוט. אין צעהן מינוט וועלען מיר קענען שיעסען איינער אויפן אנדערן מיט אונזערע רעוואלווערס.

— לאז זיין, וויא איהר ווילט, האט פילעאס פאגג געענטפערט. איך וועל בלייבען שטעהן אויף דער סטאציאן פלום קריק.

— איהר וועט טאקע בלייבען דארט אויף אייביג, האט דער ווילדער און גראבער אמעריקאנער געזאגט.

— ווער קען עס וויסען? האט פילעאס פאָגג געענטפערט רוהיג און גע-לאסען.

ביידע האבען זיך פֿערנייגט און זיינען זיך צוגאנגען יעדער אין זיין וואגאן. פֿילעאַס פֿאָגג האט זיך בעמיהט צו בערוהיגען אַאודאַ. ער האט איהר ערקלערט, אז דיא אמעריקאנער זיינען גרויסע בעריהמער. זיי האבען אלע גרויסע מיילער און האבען ליעב צו פּלוידערן. זיי רופֿען עס „בלאַפֿען". מען זאגט, וואס איז ניט געשטויגען, ניט געפֿלויגען און דער נאך לאכט מען פֿון זיך אליין—מען האט „געבלאַפֿט."

דאן האט ער געבעטען מיסטער פֿיקס, ער זאל זיין סעקונדאנט זיין, (זיין עידות פֿון'ם דועל). ווען ער האט אלעס אפגערעדט, האט ער זיך ווידער געזעצט שפּיעלען און האט געשפּיעלט דיא קארט, וואס ער האט געוואלט. ער האט אויס־געשפּיעלט זיינע קארטען און האט געוואונען.

אין אַ שטונדע ארום האט דער לאקאמאטיוו אנגעהויבען צו פֿייפֿען. דער צוג איז צוגעקומען צו דער סטאציאן פלום קריק.

פֿילעאַס פֿאָגג האט זיך אויפֿגעהויבען און האט געגעבען אַ ווינק צו פּאַס־פּארטו און צו פֿיקס, זיי זאלען איהם נאכגעהן. אַאודאַ איז אליין געבליעבען אין וואגאן. זיא איז געווען בלייך, ווִיא דער קאלך און האט געציטערט. זיא האט געוואוסט, וואוהין זיי געהען.

ווען פֿילעאַס פֿאָגג איז ארויסגעקומען פֿון זיין וואגאן, האט זיך געטראָפֿען דיא טהיר פֿון'ם אנדערן וואגאן און סעם פּראקטאר מיט נאך אַ יענקי איז ארויס־געגאנגען איהם ענטגעגענען. ביידע געגנער האבען געוואלט אראפּשפּרינגען פֿון זייערע וואגאנעס און געהן ערגעץ זיך שיעסען.

אין דיעזע מינוט איז ארויסגעלאָפֿען דער קאנדוקטאר און האט זיי געזאגט:

— מיינע העררען, איהר קענט ניט אראפּגעהן פֿון דיא וואגאנעס.

— פֿאר וואס איז? האט סעם פּראקטאר געפֿרעגט בייז.

— מיר האבען זיך פֿערשפּעטיגט אויף צעהן מינוט און מוזען איינלויפֿען דיעזע צעהן מינוט. מיר וועלען דא ניט בלייבען שטעהן ניט איין מינוט.

— איך וויל מיך אבער שלאגען אויף אַ דועל מיט דיעזען העררן! האט סעם פּראקטאר זיך געבייזערט.

— עס טהוט מיר זעהר לייד, האט דער קאנדוקטאר געזאגט, איך קען אייך אבער גאר ניט העלפֿען. דער צוג וועט דא ניט בלייבען שטעהן. הערט איהר? מען קלינגגט שוין! מיר פֿאהרען ווייטער.

דער צוג האט ווירקליך געריהרט. ביידע געגנער זיינען געבליעבען שטעהן איינער געגען אנדערן און האבען ניט געוואוסט וואס צו טהאן. דער קאנדוקטאר האט זיי געוואלט טרייסטען.

— עס טהוט מיר ווירקליך לייד, וואס איך האב אייך ניט געקענט טהאן דיעזע געפֿעליגקייט און אויפֿהאלטען דעם צוג אייניגע מינוט, האט ער זיי גע־זאגט. איך בין אן אמעריקאנער און ווייס, אז אַ דועל איז אַ הייליגע זאַך. מען מוז זיך שלאגען, ווען מען האט איין מאל געגעבען דאס ווארט.—איך מיין

אבער, אז איהר האט ניט וואס צו בעדויערן.— איהר קענט זיך שלאגען דא אין א וואַגאָן אין דער צייט, וואס דער צוג וועט געהן.

— ביי מיר איז אזוי אויך רעכט! האַט סעם פּראָקטאָר געזאָגט. איך ווייס אבער ניט, אויב דיעזער הערר וועט ניט מורא האבען צו שלאגען זיך, ווען דער צוג וועט געהן.

— איך בין בערייט אנצולערנען א יענקי, ווען דער צוג וועט פליעהען, האט פילעאס פאָגג געענטפערט.

— אלזא, מיינע העררען, וועל איך אויסזוכען א וואגאן, וואו איהר וועט קענען זיך שלאגען גאנץ רוהיג, האט דער קאנדוקטאר געזאגט און איז אוועקגע- גאנגען אין דיא וואגאנעס.

— נא דיר אמעריקא! האט פאספּארטו געברומט צווישען דיא צעהנער.— זיי זיינען גאר משוגע. זיי ווילען זיך שלאגען אין א וואגאן!

דער קאנדוקטאר איז געגאנגען פאראוים. פילעאס פאגג, פאספארטו, פיקס און סעם פראקטאר מיט זיין סעקונדאנט זיינען איהם נאכגעגאנגען. זיי זיינען דורכגעגאנגען אלע וואגאנעס און זיינען געקומען צום לעצטען וואגאן. דארט זיינען געווען נור עטליכע פאסאזשירען. דער קאנדוקטאר האט געבעטען דיא עטליכע פאסאזשירען, זיי זאלען זיין אזוי גוט און זאלען זיך ארייגגעהן אין אנאנדער וואגאן. צוויי דזשענטעלמען ווילען בענוצען דיעזען וואגאן אום זיך צו שלאגען אויף א דועל.

— מיינע העררען! האט דער קאנדוקטאר געזאגט,— א דועל איז אן עהר- רענזאכע. יעדער מענש, וועלכער האט אין זיך אן עהרענגעפיהל, דארף ערלוי- בען, אז צוויי עהרענמענער זאלען זיך שיעסען און בעווייזען, ווער פון זיי האט רעכט דורך א קוגעל פון א רעוואלווער.

קיינער האט ניט געענטפערט. אלע האבען זיך אויפגעהייבען פון זייערע פלעצער און זיינען זיך ארויסגעגאנגען פון׳ם וואגאן. קיינעם איז עס ניט פארגע- קומען זאנדערבאר, אז צוויי עהרענמענער זאלען זיך שלאגען אין א וואַגאן. פאר וואס ניט? דיא עהרע איז ביי יעדען טהייער.

מען האט אפגערעדט, אזביידע געגנער זאלען זיך שטעלען אין דער מיט וואגאן אויף צוואנציג שריט איינער פון׳ם אנדערן און ביידע מיט א מאל זאלען אויסשיעסען. ווער פון זיי עס וועט בלייבען טויט, דעם זאל מען גאנץ איינפאך ארויסווארפען פון וואגאן. מען האט ווייטער אפגערעדט, אז דער צייכען צום שיעסען זאל זיין דער ערשטער פייף פון׳ם לאקאמאטיוו.

אלעס איז געווען אפגערעדט און פעסטגעשטעלט. אין וואגאן זיינען געבליע- בען נור פילעאס פאגג, סעם פראקטאר, פאספארטו, פיקס, סעם פראקטארס סע- קונדאנט און דער קאנדוקטאר. ביידע געגנער האבען זיך געשטעלט איינער געגען אנדערן און האבען געווארט, אז דער לאקאמאטיוו זאל אנהויבען צו פייפען.

מען קען זיך לייכט פארשטעלען, וואס דער געטרייער פאספארטו און דער געבראטענער דעטעקטיוו האבען געטראכט ביי זיך אין דיעזער צייט. פאספארטו

האט ווירקליך ליעב בעקימען פילעאַס פאָגג. פיקס האט געציטערט, אז מען זאָל ניט טייטען זיין באנק רויבער. דאן וועט זיין מיה און זיין צייט פערלארען זיין.

אזוי וויא דיא לאקאמאָטיווען אויף דיא אמעריקאנישע אייזענבאהנען פייפען נור זעלטען, האט מען געמוזט ווארטען, ביז דער לאקאמאטיוו וועט אנהייבען צו פייפען. קיינער האט ניט געקענט וויסען, ווען עס וועט געשעהן, זאגאר דער קאנדוקטאר האט עס ניט געקענט זאגען.

פלוצלונג האט מען דערהערט ווילדע, אונמענשליכע געשרייען און שיעסע פון רעוואלווערס. צווישען דיא שיעסע האט מען געהערט שרעקליכע געשרייען און געבעט אום הילפע. דיא געשרייען און שיעסען האט מען געהערט פון דיא ערשטע וואגאנעס. עס איז געווען דייטליך, אז דארט קומט פאר עטוואס שרעק-ליכעס.

פילעאַס פאָגג און סעם פראקטאר האבען פערגעסען זייער דועל און זיינען ארויסגעלאפען זעהן, וואס דארט איז געשעהן. איין איינציגער בליק האט זיי אלעס אויסגעזאגט. אַ באנדע אינדיאנער פון'ם פאלק סיו איז אנגעפאלען אויפ'ן צוג. זיי האבען ניט געווארט, ביז דער צוג וועט בלייבען שטעהן. זיי האבען זיך ארויפגעחאַפּט אויפ'ן צוג, ווען ער איז געגאנגען און האבען אנגעהויבען צו טייטען און צו בערויבען דיא פאסאזשירען.

דיעזע אינדיאנער האבען זיך שוין אַ ביסעל ציוויליזירט. זיי האבען געהאט מיט זיך ביקסען און רעוואלווערס און האבען שוין געוואוסט, וויא אזוי ארומצו-געהן מיט דיעזע אינסטרומענטען, וועלכע דאס ציוויליזירטע אייראפא האט אויס-געפונען, וויא אזוי צו טייטען מענשען.

צו ערשט זיינען דיא אינדיאנער ארויפגעשפרונגען אויפ'ן לאָקאָמאָטיוו און האבען פערוואונדעט דעם מאשיניסט און דעם הייצער. זיי האבען געוואלט איינהאלטען דעם צוג. אזוי וויא זיי האבען אבער ניט געוואוסט, מיט וועלכען הענטעל מען האלט איין דעם צוג, האבען זיי אומגעדרעהט דאס הענטעל, וואס עפענט דיא דאמפף שאכטעל. דער צוג האט אנגעהויבען צו פליעהען מיט פולען דאמפף.

ווען זיי האבען געזעהן, אז זיי קענען ניט איינהאלטען דעם צוג, האבען זיי אנגעהויבען אנצופאלען אויף דיא וואגאנעס. דיא פאסאזשירען האבען זיך ניט געלאזען אזוי לייכט בערויבען. זיי האבען געקעמפפט, זיי האבען געשאסען, זיי האבען צוגעהאלטען דיא טהירען פון דיא וואגאנעס און האבען ניט געוואלט אריינלאזען דיא ווילדע רויבער און מערדער.

עס איז פארגעקומען אַ שרעקליכע, בלוטיגע סצענע, וועלכע עס איז אונ-מעגליך צו בעשרייבען. דיא אינדיאנער האבען געשריען און געליארמט, וויא דיא ווילדע טהיערע. דיא פאסאזשירען האבען זיך פערטהיידיגט, וויא וויט זיי האבען געקענט. צווישען דיא פאסאזשירען זיינען געווען פיעל פרויען, וועלכע האבען געוויינט, געשריען, געיאמערט און געפאלען אין אהנמאכט.

דרייסיג-פערציג אינדיאנער זיינען אנגעפאלען אויפ'ן באגאזש וואגאן, הא-

בען אויסגעבראכען דיא טהירען, גערויבט, וואס זיי האבען געקענט און דאס איבעריגע האבען זיי ארויסגעווארפען אויפ'ן פעלד. זיי האבען געוואוסט, אז זייערע קאמעראדען ווארטען דארויף אויפ'ן פרייען פעלד.

דיא וואגאנעס האבען באלד אויסגעוויזען, וויא קליינע פעסטונגען. דיא פאסאזשירען האבען צונומען דיא בענק און האבען מיט זיי פערשטעלט דיא טהירען, אז דיא אינדיאנער זאלען ניט קענען אריינגעהן. דיא אינדיאַנער האבען אויסגעבראכען דיא שויבען פון דיא פענסטער און האבען פראבירט אריינצוגעהן דורך דיא פענסטער.

אַאודאַ האט זיך פערטהיידיגט, וויא אַ העלדין. זיא האט געחאפט איינעם פון דיא רעוואלווערס, וועלכע פאספארטו האט געקויפט אין סאן פראנציסקא און האט געשאסען אויף יעדעס רויטעס געזיכט, וועלכע האט זיך געוויזען אין פענסטער.

דער קאמפף איז געווען אַ שרעקליכער און זעהר בלוטיגער. מעהר אלס צוואנציג רויטע קערפער פון דיא אינדיאנער זיינען געלעגען טוידט אויף דיא פלאטפארמס פון דיא וואגאנעס. פיעלע אינדיאַנער זיינען אראפגעפאלען אונטער דיא רעדער פון'ם צוג, וועלכער איז אונטערדעסען געלאפען מיט דער שנעליגקייט פון הונדערט מייל א שטונדע.

פיעלע פאסאזשירען זיינען געלעגען פערוואונדעט אויף זייערע ווייכע סא־מעטענע זיץ און האבען געקרעכצט און געבעטען, מען זאל זיי העלפען.

פילעאס פאגג, סעם פראקטאר, דער קאנדוקטאר, פאספארטו און פיקס האבען געשאסען, וואו זיי האבען געטראפען. דער קאנדוקטאר האט זעהר גוט פערשטאנען דיא געפעהרליכע לאגע פון'ם צוג. ער האט געוואוסט, אז זיי געפי־נען זיך ניט ווייט פון אַ סטאַציאָן, לעבען וועלכער עס געפינט זיך אַ קליינע פעסטונג מיט'ן נאמען פארט קערני. ווען דער צוג וועט בלייבען שטעהן ביי דער סטאציאָן, וועלען דיא סאלדאטען פון דער פעסטונג דערהערען, אז מען שיעסט. זיי וועלען קומען צו לויפען און וועלען רעטען דעם צוג. וועט אבער דער צוג ניט בלייבען שטעהן ביי דער סטאציאן, וועט ער ווייטער לויפען, וועלען דיא קוילען אונטערן קעסעל אויסגעהן. דער דאמפף וועט אויפהערן צו טרייבען דעם לאָקאָמאָטיו. דער צוג וועט בלייבען שטעהן און דיא אינדיאנער וועלען אויס־הרגענען אלע פאסאזשירען.

דאס האט דער קאנדוקטאר פון'ם צוג זעהר גוט געוואוסט. ער איז געווען אן אלטער קאנדוקטאר און האט געקענט אמעריקא. ער האט געוואוסט, אז אין יענע געגענדען מאכט זיך זעהר אפט, אז דיא אינדיאנער פאלען אן אויף אַן אייזענבאהן צוג.

דיא אמעריקאנישע רעגיערונג אין וואשינגטאן האט אויך געוואוסט דערפון. זיא האט אויסגעבויט קליינע פעסטונגען — פארטס — אין פערשיעדענע ערטער לעבען דער אייזענבאהן ליניע. אין יעדען פארט געפינט זיך אַ באטאליאן סאל־דאטען מיט אַ קאמאנדיר. אויפ'ן טורעם פון'ם פארט געהט ארום טאג און נאכט

אַ וואָך. קוים דערזעהט דיא וואך עפּעס אַן אונארדנונג אויפ׳ן וועג, הייבּט זיא אַן צו פּויקען אַלאַרם (טרעוואָגאַ). דער גאנצער באטאליאן לויפט ארוים צו הילף דיא פּאסאזשירען פון׳ם צוג.

דער קאנדוקטאר האט דאס אלעס זעהר גוט געוואוסט.

— וואס קענען אבער העלפען דיא סאלדאטען פון׳ם פאָרט, ווען דער צוג לויפט מיט דער שנעליגקייט פון הונדערט מייל אַ שטונדע? האט ער אויסגע־רופען אין פערצווייפלונג. איך מוז לויפען איינהאלטען דעם צוג.

ער האט געוואלט אראפּגעהן פון דער פּלאַטפאָרם אויף דאס לאנגע ברעט, אדער טרעפּ, וואס געהט אין דער גאנצער לענג פון׳ם וואגאן. אין דיעזע מינוט אבער האט איהם געטראָפען א קוגעל און דער ארימער קאנדוקטאר איז געפאַ־לען פערוואונדעט אויפ׳ן פּלאטפּארם.

— האלט איין דעם צוג אדער מיר זיינען אלע פערלארען! האט דער אונ־גליקליכער קאנדוקטאר געשריעען.

— איך וועל איהם איינהאלטען, האט פּילעאַס פאָגג געענטפערט רוהיג און האט געוואלט אראפּגעהן פון דער פּלאַטפאָרם.

— וואַרט, הערר פילעאַס פאָגג, האט זיך פאספּארטו אפּגערופען. איינ־האלטען דעם צוג איז מיין זאך! דאס קען איך!

איידער פּילעאַס פאָגג האט צייט געהאט ארויסצורעדען אַ ווארט, איז פאספּארטו פערשוואונדען געווארען.

פאספּארטו האט זיך דערמאָנט אין דיא אלטע יאהרען, ווען ער האט גע־טאנצט אויף שטריק. לייכט, וויא אַ פויגעל, איז ער ארויפגעשפּרונגען אויפ׳ן דאַך פון׳ם וואגאָן. ער האט זיך אָנגעחאַפּט אָן דיא קוימענס פון דיא וואַגאָנעס, האט זיך געקייקעלט, וויא אַ שלאנג, האט זיך גערדרעהט און אנגעהאלטען אן דיא שטריק, וועלכע זיינען געצויגען פון איין וואגאן צום אנדערן, ביז ער איז צוגעקומען צום באַגאַזש וואגאָן.

שנעל און פלינק, וויא אַ קאַץ, איז ער אראפּגעשפּרונגען צווישען דעם באגאזש וואגאן און דעם טענדער (דער וואגאן מיט קוילען, וועלכער געהט אנ־געשלאסען אן דעם לאקאמאטיוו. הייסט טענדער). דארט האט ער אנגעהויבען אפּצוקייטלען דיא וואַגאָנעס פון׳ם טענדער. עס איז געוועזן קיין לייכטע ארבייט. וואלט דער צוג ניט געפלויגען אַזוי שנעל, וואלט ער געוועזן אין דער גרעסטער געפאהר, ער זאל צוקוועטשט ווערן צווישעןביידע וואַגאָנעס.

דער צוג אבער איז געלאפען זעהר שנעל. פאַספּארטו איז געוועזן געשיקט. עס איז איהם געלונגען אָפּצוקייטלען דעם טענדער. דער לאָקאָמאָטיוו מיט׳ן טענדער זיינען אנטלאפען פאראוים, דיא וואגאָנעס זיינען זיי נאכגעלאפען איינינע מינוט. דאן איז זייער שנעליגקייט געוואָרען אלץ שוואַכער און שוואַכער. ענדליך זיינען זיי געבליבען שטעהן ניט ווייט פון׳ם פאָרט קערני.

דיא וואַך אין דער פעסטונג האָט שוין לאנג דערזעהן, אז אויפ׳ן צוג קומט עפּעס פאָר און האט געפּויקט אַלאַרם (טרעוואָגאַ). אלע סאלדאטען פון׳ם פאָרט

זיינען זיך צונויפגעלאָפען און האבען געוואלט לויפען צו הילף דיא פאסאַזשירען. דער קאָמאַנדיר פון'ם פאָרט האט אבער געזעהן, אַז ער קען דא גאר ניט העלפען, זא לאנג דער צוג לויפט מיט אַזאַ אונגעהייערע שנעליגקייט.

קוים איז דער צוג געבליעבען שטעהן, זיינען דיא סאלדאטען געקומען צו לויפען צו הילף. ווען דיא אינדיאנער האבען געזעהן, אז סאלדאטען קומען אן, זיינען זיי זיך צולאָפען. יעצט ערשט האט מען זיך אנגעהויבען צוצוקוקען, וואס עס איז געשעהן. פיעלע פאסאזשירען זיינען געווען פערוואונדעט. אייניגע זיינען געווען שווער פערוואונדערט. אייניגע זיינען פערשוואונדען געווארען און מען האט ניט געוואוכט, וואו זיי זיינען אהינגעקומען.

מען האט געעפענט דיא וואגאנעס. דיא געזונדע פאסאזשירען זיינען ארויסגעגאנגען. דיא פערוואונדעטע האט מען אנגעהויבען ארויסצוטראגען צו דער סטאציאן.

## 30טעס קאפיטעל.

## פילעאַס פאָגג טהוט זיין פפליכט.

יעצט האט מען זיך אנגעהויבען צוצוקוקען, ווער עס לעבט נאך, ווער עס איז פערוואונדעט און ווער עס איז פערשוואונדען.

זעהר פיעל זיינען געווען פערוואונדעט. צווישען זיי איז געווען דער אמעריקאנער סעם פראקטאר. ער האט געקעמפפט, וויא אַ העלד, און איז געווען פערוואונדעט אין א זייט. פיעלע אנדערע פאסאזשירען זיינען געווען געפעהרליך פערוואונדעט און מען האט באלד געבראַכט צו זיי דעם דאקטאר פון דער פעסטונג.

דריי פאסאזשירען זיינען פערשוואונדען געווארען. צווישען זיי איז געווען פאַספאַרטו. — וואו זיינען זיי אהינגעקומען? האט מען זיי געטייטעט? האבען דיא אינדיאנער זיי געפאַנגען גענומען? — אויף דיעזע פראגען האט קיינער ניט געקענט ענטפערן.

אַאודאַ איז געווען גערעטעט. איהר האט גאר ניט געשאַדעט. פילעאס פאָגג איז געבליעבען פערשוינט. איהם האט אויך גאר ניט געשאַדעט. פיקס האט בעקומען א לייכטע וואונד אין ארים. אַאודאַ האט געוויינט, ווען זיא איז געוואהר געווארען, אז פאספארטו איז פערשוואונדען.

עס איז געווען אַ שרעק אַ קוק צו טהאָן אויף דיא רעדער פון דיא וואַגאָנעס. זיי זיינען אלע געווען בעשמירט מיט בלוט. אויף אייניגע זיינען געהאנגען שטיקער פלייש. אויפ'ן וועג, וואו דער צוג איז דורכגעגאנגען, האט מען געזעהן שפורען פון בלוט.

עס איז געווען אַ שרעקליכע, טרויעריגע, הערצרייסענדע סצענע.

פילעאַס פאָגג איז געשטאנען אַ פאר מינוטען, דיא הענד צונויפגעלעגט אויף דער ברוסט און האט זיך פערטראכט. אַאודאַ איז געשטאנען לעבען איהם, דעם קאפ אראפגעלאזען, און האט געשוויעגען. זיא האט פערשטאנען, וואס עס בעאונרוהיגט אזוי פילעאַס פאָגג.

זאל ער לאזען זיין דיענער פאספארטו געפאנגען ביי דיא אינדיאַנער? זאל ער וויימער פאהרען און איהם גאר ניט זוכען?—זיין צייט איז טהייער. דאס איז וואהר. וויא קען ער אבער לאזען אַ מענשען געפאנגען אין דיא הענד פון דיא ווילדע אינדיאנער?

— ניין! איך מוז איהם געפינען! האט ער ענדליך אויסגערופען.— לעבעדיג אדער טויט, איך מוז איהם געפינען!

— אך, הערר פאָגג! הערר פאָגג! האט אַאודאַ אויסגערופען און האט איהם אנגעכאַפּט ביי בײדע הענט.

מעהר האט זיא ניט קענט רעדען. זיא האט געפיהלט, וואס פילעאַס פאָגג וויל יעצט טהאן.

— ווען איך פערליער ניט קיין צייט, וועל איך איהם געפינען לעבעדיג, האט פילעאַס פאָגג געזאגט קאלטבלוטיג.

אַאודאַ האט פערשטאַנען, אז יעצט, אם ענדע פון זיין רייזע, טאר ער ניט פערליערן ניט איין שטונדע. ווען ער פערליערט יעצט אַ טאג, קען ער פערשפי־לען זיין וועטע. זיא האט געפיהלט, וויא דאס וועט איהם קרענקען, וויא דאס וועט איהם פערדריעסען.— און דענאך האט זיך דיעזער אייזערנער מענש ענט־שלאסען אלעס צו אפפערן אום צו רעטען אַ מענשען!

אונטערדעסען זיינען דיא סאלדאטען זיך צונויפגעקומען און האבען זיך אויסגעשטעלט פאר דער סטאציאן. זיי זיינען דורכגעלאפען דעם גאנצען וועג, ביז וואנען עס האבען זיך געוויזען שפורען פון בלוט, און האבען געזוכט, פיעל־לייכט וועלען זיי געפינען נאך פערוואונדעטע אויפ'ן וועג. זיי האבען אבער גע־פונען נור טויטע. דיא טויטע האבען זיי איבערגעלאזען פאר דיא וועלף פון דער פרעריע.

איינציגווייס זיינען זיי זיך צונויפגעקומען און האבען זיך אויסגעשטעלט פאר דער סטאציאן. זיי האבען מורא געהאט, אז עס זאל זיך ניט צונויפנעהמען עטליכע טויזענד אינדיאנער און זאלען ניט אנפאלען אויף דער סטאַציאָן.

פילעאַס פאָגג האט זיך געווענדעט צום קאמאנדיר פון דיא סאלדאטען.

— מיין הערר, דריי פאסאזשירען זיינען פערשוואונדען געווארען, האט ער איהם געזאגט.—

— זיינען זיי טויט? האט דער קאמאנדיר געפרעגט.

— איך קען ניט זאגען, אויב זיי זיינען טויט אדער דיא אינדיאנער האבען זיי געפאנגען. אלענפאלס, דארפט איהר, אלס קאמאנדיר פון'ם פאָרט, נאכיאָגען דיא אינדיאנער און בעפרייען דיא געפאנגענע.

— דאס איז לייכט צו זאגען, האט דער קאמאנדיר געענטפערט. דיא אינ־דיאנער קענען אוועקלויפען גאנץ ווייט, זאגאר איבערן טייך אַרקענסאַ. איך טאר ניט אוועקגעהן פון'ם פאָרט, וועלכען מען האט מיר פערטרויט, איך זאל פערטהיידיגען.

— מיין הערר! האט פילעאַס פאָגג אויסגערופען, פערגעסט ניט, אז עס האנדעלט זיך אום דריי מענשען לעבען.

— איך פֿערגעס גאר ניט, האט דער קאמאנדיר פֿון דיא סאלדאטען גע־ענטפֿערט. איך וויים, אז צוליעב דריי מענשען טאר איך ניט ריסקירען דאס לעבען פֿון דרייסיג־פֿיערציג מענשען.

— איהר מוזט עס אבער טהאן, קאפּיטאן!

— איך בין דא קאמאנדיר! קיינער דארף מיר ניט זאגען, וואס איך מוז און וואס איך מוז ניט.

— ווען איהר ווילט ניט שיקען קיין מענשען רעטען דיא דריי געפֿאנגענע, וועל איך אליין געהן, האט פֿילעאַס פֿאָגג געזאגט קאלטבלוטיג.

— איהר אליין, הערר פֿאָגג? האט פּיקס אויסגערופֿען. וואס רעדט איהר? אליין וועט איהר געהן זיך נאכיאגען נאך צוויי הונדערט אינדיאַנער?

פּיקס האט געהאט אַ גאנץ לייכטע וואונד אין דער האנד. איין דער סטא־ציאָן האט מען איהם פֿערבונדען דיא האנד און ער איז נאכגעגאנגען פֿילעאַס פֿאָגג, וויא זיין שאטען. ער האס געהערט אלעס, וואס פֿילעאַס פֿאָגג האט גע־רעדט מיט'ן קאפּיטאן און האט מורא געהאט, אז פֿילעאַס פֿאָגג זאל טאקע ניט וועלען געהן נאכיאגען דיא אינדיאַנער.

— וואס ווילט איהר, הערר פּיקס? האט פֿילעאַס פֿאָגג געענטפֿערט. וויא קענען מיר לאזען שטארבען דעם אונגליקליכען פּאספּארטו, ווען מיר וויסען, אז ער האט אונז אלע גערעטעט דאס לעבען? ווייסט איהר דען ניט, אז ווען ער זאל ניט געווען אפּקייטלען דעם צוג פֿון'ם לאָקאָמאָטיוו, וואלטען מיר שוין אלע געווען טויט? — ניין, איך מוז געהן! האט פֿילעאַס פֿאָגג אויסגערופֿען.

— איהר זייט אַ בראַווער מאן! האט דער קאמאנדיר פֿון דיא סאלדאטען געזאגט צו פֿילעאַס פֿאָגג. אזא מאן טאר מען ניט אפּזאגען, ווען ער בעט אום הילף. — העי! דרייסיג מאן! פֿרייוויליג זאל זיך מעלדען יעדער, וועך עס וויל געהן נאכיאגען דיא אינדיאַנער און רעטען דיא געפֿאנגענע.

קוים האט עס דער קאמאנדיר ארויסגערעדט, איז דער גאנצער באטאליאָן צוגעקומען צו איהם און יעדער האט זיך געבעטען, ער וויל געהן נאכיאגען דיא אינדיאַנער און רעט'ן דיא געפֿאנגענע. דער קאמאנדיר האט געמוזט אויסקלייבען פֿון זיי דרייסיג מאן. ער האט דאן געהייסען אן אלטען, קלוגען און מיט דער געגענד גוט בעקאנטען אונטער אפֿיציער, ער זאל קאמאנדירען דיזע קליינע בעפֿרייאונגס ארמעע.

— איך דאנק אייך, קאפּיטאן, האט פֿילעאַס פֿאָגג געזאגט צום קאמאַנדיר.

— ווילט איהר מיר ערלויבען, איך זאל אויך געהן מיט אייך בעפֿרייען דעם גוטען פּאַספּאַרטו? האט פּיקס געפֿרעגט.

— ווען איהר ווילט געהן מיט מיר, קען איך ניט זאגען ניין. ווילט איהר אבער מיר טהאן אַ געפֿעליגקייט, מיסטער פּיקס, דאן בלייבט ביי מיסים אַאודאַ. זיא בלייבט אליין דא אויף דער סטאציאָן. איך קען ניט וויסען, וואס מיט מיר וועט געשעהן. פֿיעללייכט וועל איך ניט —

פּיקס איז געווארען בלייך. וויא קען ער יעצט לאזען זיין באנק רויבער

אליין אין אַזאַ ווילדע געגענד, ווען דיא אינדיאנער זיינען אזוי אויפגערעגט?— וואס וועט ער טהאן, ווען דער באנק רויבער וועטווירקליך אריינפאלען אין דיא הענד פון דיא סיו־אינדיאַנער? וועט דען דאמאלס זיין גאנצע מיה, צייט און געלד ניט זיין פערלארען!—פיקס האט געטראַכט איינינע מינוט. דאן האט ער אַ קוק געטהאן פילעאַס פאָגג גלייך אין דיא אויגען. ער האט דערזעהן אין זיי עהרליכקייט, אפענהערציגקייט און אַ פעסטען, אייזערנעם ווילען.

— איך בלייב דא ביי מיסיס אַאודאַ! האט ער ארויסגעזאגט.

— איך דאנק אייך, מיסטער פיקס.

איינינע מינוטען שפּעטער האט פילעאַס פאָגג גענומען אבשיעד פון מיסיס אַאודאַ. ער האט איהר איבערגעגעבען זיין רייזע טאַש מיט דיא באנק נאטען און און איז ארויסגעגאנגען צום אונטער אפיציער מיט זיינע דרייסיג סאלדאטען.

— מיינע פריינדע! ווען איהר רעטעט דיא געפאַנגענע, גיב איך אייך פינף טויזענד דאללאר, האט ער זיי געזאגט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער איבערגעבען דעם קאמאנדיר פון דער פעס־טונג אַ פעקעל באנק נאטען פון טויזענד פונט סטערלינג אדער פינף טויזענד אמעריקאנישע דאללאר.

אַאודאַ איז אריינגעגאנגען אין דעם קליינעם זאל פון דער באהן סטאציאן און האט געווארט. זיא האט יעצט ווידער געהאט אַ פראבע, וויא עדעל און גראָסמוטהיג פילעאַס פאָגג האט געהאנדעלט. ער אפּפערט אַ פערמעגען אום צו רעטען זיין דיענער. ער אפּפערט זיין צייט, וועלכע איז יעצט פאר איהם אזוי טהייער. ענדליך ריסקירט ער מיט זיין לעבען.—ער טהוט זיין פפליכט אלס מענש. ער איז אַ וואהרער העלד, וועלכער אפּפערט אלעס אום צו טהאן זיין פפליכט.

פיקס איז געבליעבען מיט איהר אויף דער סטאציאן. אנפאנגס האט ער גערעכענט, אז פילעאַס פאָגג איז אוועקגעגאנגען נור אויף אַ פאר שטונדען. ווען ער וועט זעהן, אז ער קען ניט דערריאגען דיא אינדיאנער, וועט ער צוריקקומען. ער איז ארומגעגאנגען אויפ'ן קליינעם פלאטפּארם פאר דער באהן סטאציאן און האט געווארט: אט, אט קומט ער צוריק.

ווען ער האט אבער געזעהן, אז איין שטונדע נאך דער אנדערער זיינען פערגאנגען און פילעאַס פאָגג מיט זיינע מענשען קומען ניט צוריק, איז ער גע־ווארען אונרוהיג.

— וואס האב איך געטהאן? האט ער געמורמעלט צווישען דיא צעהנער. פאר וואס האב איך געלאזען דעם באנק רויבער אוועקגעהן? פיעללייכט האט ער עס אומיסטען געטהאן אום צו אנטלויפען?— ער איז אַ קלוגער, דורכגע־טריעבענער גנב. ער איז געוואהר געווארען, ווער איך בין און האט בענוצט דיא ערשטע בעסטע געלעגענהייט אום צו אנטלויפען.

פיקס איז אונטערגעשפּרונגען יעדעס מאל, ווען ער האט זיך בעטראכט,

וואס פאַר אַ דומהייט ער האט בעגאנגען, וואס ער האט געלאזען פילעאַס פאָגג געהן אליין.

— איך בין אַן עזעל! האט ער געשריעען אין דער הויך און האט זיך גע־ריסען ביים קאפּ. וואס וועט זאגען דער שעף פון דער לאנדאנער געהיים פאליציי, ווען ער וועט געוואהר ווערן, אז איך אליין האב ערלויבט דעם באנק רויבער צו אנטלויפען? — ער וועט לאכען פון מיר און וועט מיר אפּזאגען פון מיין שטעלע. דערצו האט ער מיר נאך איבערגעלאזען דיעזע פרוי, דיעזע אַאודאַ! זיא האט ניט קיין סענט ביי זיך. איך וועל נאך מוזען זיא אויסהאלטען ביז לאנדאן.

ער האט געוואלט אריינגעהן אין זאַל און דערצעהלען אַאודאַ אלעס: ווער פילעאַס פאָגג איז און פאַר וואס ער פאהרט איהם נאך. באַלד אבער האט ער זיך בערעכענט, אז עס איז ניט גלייך: אַאודאַ וועט איהם ניט גלויבען און וועט איהם אויסלאכען, אדער וועט איהם אנזידלען.

דאס וועטער איז געווארען קעלטער און קעלטער. דער הימעל האט זיך בעדעקט מיט וואלקענס. עס האט זיך אויפגעהויבען אַ שטארקער, קאלטער ווינד און עס האט אנגעהויבען צו שנעען.

פיקס איז געווען אויסער זיך. ער האט געזעהן דייטליך, וויא דער שנעע פאַלט אויף דיא שפורען פון פילעאַס פאָגג מיט דיא סאלדאטען, וועלכע זיינען ארויסגעגאנגען זוכען פאַספּאַרטו.

— יעצט איז אלעס פערלארען! האט ער זיך געטראַכט. עס איז נור שאַדע דיא צייט, וואס איך פערליער אומזיסט. דאס בעסטע וועט זיין, איך זאל צוריק־פאהרען קיין לאנדאן. דאס מאל האט דיא באנק אף ענגלאנד פערלארען אידר געלד. —

דער שנעע איז געווארען מיט יעדער מינוט געדיכטער, דיא קעלט — שטרענגער. עס איז געווארען אונמעגליך צו שטעהן אין דרויסען.

פלוצלונג האט מען דערהערט אַ לאנגעס פייפען פון אַ לאָקאָמאָטיוו. אלע געזונדע פאסאזשירען זיינען ארויסגעלאפען פון דער סטאַציאן זעהן, וואס דא קומט פאַר נייעס. דורך דעם געדיכטען שנעע האט מען געקענט זעהן אַ שוואַר־צען וואלקען פון רויך. עפּעס איז אנגעקומען פון דער זייט פון ניו יארק — פון דער איסט (מזרח).

דיא פאסאזשירען האבען געפרעגט דעם סטאציאנס שעף, אויב ער ערוואַר־טעט עפּעס אַ צוג פון ניו יארק אדער פון אָמעהאַ.

— איך האב טעלעגראפירט קיין אָמעהאַ, מען זאל מיר שיקען אַ צוג, האט דער סטאציאנס שעף ערקלערט, ער קען נאך אבער אזוי גיך ניט זיין.

— ווער איז אלזא דער צוג, וועלכער קומט יעצט אן? האבען דיא פאסא־זשירען געפרעגט.

דער סטאציאנס שעף האט פערצויגען מיט דיא אַקסלען. ער האט ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

באלד האט זיך אלעס ערקלערט. עס איז גאר ניט אנגעקומען קיין צוג. עס איז נור אנגעקומען אַ לאָקאָמאָטיוו מיט אַ טענדער. דאס איז געווען דער לאָקאָמאָטיוו מיט'ן טענדער, וועלכען פאספארטו האט אפּגעקייטעלט פון'ם צוג.

דער לאָקאָמאָטיוו מיט'ן טענדער זיינען צוגעקומען צו דער סטאַציאן און זיינען געבליעבען שטעהן. פילע פּאַסאַזשירען האבען באלד דערקענט, אז דאס איז דער זעלבער פעהיגער און טיכטיגער אינזשעניר, וועלכער האט אזוי גליקליך אריבערגעפיהרט דעם צוג איבער דער שוואַכער בריק לעבען דער סטאַציאן „מעדיסין באָאו“.

זיי זיינען צו איהם צוגעלאָפען, האבען איהם געדריקט דיא הענד און האבען איהם געפרעגט, וויא אזוי ער קומט מיט'ן לאָקאָמאָטיוו אליין. דער אינזשעניר האט דערצעהלט זיין געשיכטע:

— ווען דיא סיו-אינדיאנער זיינען אנגעפאלען אויפ'ן צוג, זיינען זיי צוערשט ארויפגעשפרונגען אויפ'ן לאָקאָמאָטיוו, אין שטיבעלע, וואו איך מיט'ן הייצער זיינען געזעסען און האבען געפיהרט דעם צוג. זיי האבען אונז פערוואונדעט. מיר זיינען געבליעבען ליעגען און דיא אינדיאנער האבען נעגלויבט, אז מיר זיינען טויט. וואס ווייטער איז געשעהן, ווייס איך ניט. ווען איך בין געקומען צו זיך, האב איך דערזעהן מיט שרעק, אז איך געפין מיך אין דער מיט פּרעריע, ווייט פון יעדער סטאציאן.

דאס פייער אונטערן קעסעל איז אויסגעגאנגען און דער לאָקאָמאָטיוו איז געבליעבען שטעהן. איך מיט'ן הייצער, וועלכער איז אונטערדעסען אויך געקומען צו זיך, האבען באלד געמאַכט פייער אונטערן קעסעל. איידער דאס וואסער אין קעסעל האט אנגעהויבען צו זיעדען און איך בין געווען אים שטאנד צו טרייבען דעם לאָקאַמאָטיוו ווייטער, האב איך מיך אומגעקוקט אין דער געגענד. איך האב פערשטאנען, אז דער צוג איז געווים געבליעבען שטעהן לעבען דער סטאַציאן קערני, ווייל דארט געפינט זיך דער פאָרט קערני, וואו דיא סאלדאטען פון דער פעסטונג האבען געווים פעריאָגט דיא אינדיאנער.

איך האב געקענט ווייטער פאהרען קיין אָמעהאָ, איך האב מיך אבער איבערלעגט, אז דיא פּאַסאַזשירען פון'ם צוג דארפען מיך געווים האבען. איך האב גערעכענט, אז פיעלע פּאַסאַזשירען זיינען געווים פערוואונדעט. קוים האט דאס וואסער אין קעסעל אנגעהויבען צו זיעדען, האב איך באלד געטריעבען דעם לאָקאָמאָטיוו צוריק.

עס איז אונמעגליך צו בעשרייבען דיא פרייד פון ד א פּאסאזשירען, ווען זיי האבען דערזעהן, אז זיי קענען ווייטער פאהרען קיין אָמע-יאָ. עס זיינען ווירקליך געווען פיעלע פּאסאזשירען, וועלכע זיינען געווען געפעהרליך פערוואונדעט. צווישען דיעזע זיינען געווען סעם פראקטאר און דער אבערקאנדוקטאר פון'ם צוג. זיי האבען געמוזט אויפגענומען ווערן אין אַ האספּיטאל. ווען זיי בלייבען ליעגען דא אויף דער סטאַציאן, וועלען זיי געווים שטארבען, אין אַ האספּיטאל קען מען זיי אויסהיילען.

מען האט ארויסגעבראכט דעם בראווען אינזשעניר וויין, ברענדי און עסען. ער האט זיך אַ ביסעל אפגערוהט און האט ערקלערט, אז ער קען ווייטער פאהרען. דער צווייטער קאנדוקטאר האט איבערגענומען דאס קאמאנדא איבערן צוגבאלד האט מען צוגעקיימעלט דעם צוג צום טענדער און דער צוג האט געדארפט ווייטער פאהרען.

— איהר ווילט שוין פאהרען? האט אַאודאַ געפרעגט דעם קאנדוקטאר.

— געוויס מאדאם! זעצט אייך אויף. מיר האבען קיין צייט ניט.

— ווילט איהר ניט ווארטען אויף דיא געפאנגענע, אויף דיא מענשען, וועלכע זיינען געגאנגען זוכען דיא געפאנגענע?

— ניין, מאדאם! איך קען ניט ווארטען, האט דער קאנדוקטאר געענטפערט. פיר האבען פערשפעטיגט מעהר אלס דריי שטונדען. מיר מוזען זיי אניאגען.

— ווען וועט קומען דער אנדערער צוג פון סאן פראנציסקא קיין ניו יארק? האט אַאודאַ ווייטער געפרעגט.

— מארגען אבענדס, מאדאם.

— מארגען אבענד! האט אויסגערופען אַאודאַ אין דער גרעסטער פערצווייפלונג, דאן וועט עס זיין צו שפעט! — ווארט ליעבער נאך אַ פאר שטונדען!

— אונמעגליך, מאדאם! האט דער קאנדוקטאר געענטפערט. ווילט איהר פאהרען — קומט און זעצט אייך אויפ'ן צוג.

— איך וועל דא בלייבען. האט אַאודאַ געענטפערט מיט טרערין אין דיא אויגען.

פיקס האט זעהר גוט געהערט, וואס אַאודאַ האט גערעדט מיט'ן קאנדוקטאר. ער האט אליין ניט געוואוסט, וואס צו טהאן. פריהער האט ער זיך ענטשלאסען צו פאהרען א היים, קיין ענגלאנד. יעצט, ווען דער צוג איז געשטאנען פערטיג פאר דער סטאציאן און ער וואלט געקענט פאהרען, האט ער זיך אנגעהויבען איבערצולעגען, אז ער טהוט זעהר שלעכט. ער טאר ניט איבערלאזען דעם באנק רויבער דא אליין און אנטלויפען. ניין, ער מוז ווארטען.

אונטערדעסען האט מען אריינגעטראגען דיא שטארק פערוואונדעטע פאַסאזשירען אין דיא וואגאנעס. דיא לייכט פערוואונדעטע און דיא געזונדע זיינען אליין אריינגעגאנגען. דער לאקאמאטיוו האט נאך אנגענומען וואסער אין קעסעל און האט אנגעהויבען צו פייפען. אין איינינגע מינוט ארום האט ער גערירט און איז באַלד פערשוואונדען געווארען אין דער פרעריע.

אויף דער סטאַציאן זיינען געבליעבען נור צוויי פאסאזשירען: פיקס און אַאודאַ.

דאס וועטער איז געווארען קעלטער און קעלטער. עס האט געחאַפט אַ שטארקער פראכט, וויא עס מאכט זיך זעהר אפט אין יענע געגענדען. אַאודאַ איז געזעסען, וויא אויף שפילקעס. פון צייט צו צייט איז זיא ארויסגעגאנגען אויף דער פלאטפארם זעהן, אויב פילעאס פאגג קומט ניט. זיא האט ניט געקענט לאנג בלייבען שטעהן אין דרויסען, ווייל דיא קעלט איז געווען זעהר שטארק. זיא האט

געמוזט צוריק אריינגעהן אין זאַל פֿון דער סטאַציאָן זיך אנוואַרעמען. קוים האט זיא זיך אַ ביסעל אנגעוואַרעמט, איז זיא ווייטער ארויסגעלאָפֿען זעהן, אויב קיי־נער קומט נים. ליידער, איז קיינער ניט געקומען.

עס האט אנגעהויבען דונקעל צו ווערן. פֿילעאַס פֿאָגג מיט זיינע דרייסיג סאָלדאַטען זיינען נאָך ניט געקומען צוריק. אַאודאַ איז געוואָרען זעהר אונרוהיג. ווער ווייס, וואס עס האט איהם פּאַסירט? זיך נאַכיאָגען נאָך אינדיאַנער אין אַמעריקאַ און נאָך אין אַזאַ שלעכטעס וועטער איז קיינע לייכטע ארבייט.—עס איז מעגליך, אז זיי האבען אין דער פֿינסטער פֿערלאָרען דעם וועג און בלאָנזען ארום (אירען ארום) ערגעץ אין טיעֿפען שנעע אויף דער פּרעריע.

דער קאָמענדאַנט פֿון׳ם פֿאָרט קערני איז אויך געזעסען אויף דער סטאַ־ציאָן און האט געוואַרט אויף זיינע סאָלדאַטען. ער איז אויך געווען זעהר אונרו־היג, אבער אלס אלטער סאָלדאַט האט ער ניט געוואָלט ווייזען, אז עס פֿערדריסט איהם, וואס ער האט ארויסגעשיקט דיא סאָלדאַטען אויף אַזאַ געפֿעהרליכע עקס־פּעדיציאָן.

עס איז געוואָרען נאַכט. א קאַלטע, פֿינסטערע און שרעקליכע נאַכט. אויף דער פּרעריע ארום דער סטאַציאָן איז אלעס געווען שטיל. מען האט ניט געהערט דעם קלענסטען גערויש. אַ דיקע, קאַלטע פֿינסטערניס האט אלעס פֿערדעקט און אלעס פֿערהילט.

אין דער קליינער אייזענבאַהן סטאַציאָן האט מען אנגעצונדען קליינע קע־ראָסין לעמפּלעך. אויף אַזאַ סטאַציאָן אין דער פּרעריע מוז מען זיין זעהר שפּאַר־זאַם. עס קומט זעהר אָפֿט פֿאָר, אז דער קאָנדוקטאָר פֿערגעסט צו ברענגען קע־ראָסין און מען מוז זיצען אין דער פֿינסטער.

אַאודאַ האט פּראָבירט אַ פּאָר מאָל ארויסגעהן אויפֿ׳ן פּלאַטפֿאָרם און קוקען אין דער דונקעלער קאַלטער נאַכט. עס איז אבער געווען אַזוי פֿינסטער, אז מען האט ניט געקענט זעהן אויף פֿינף שריט ווייט פֿון זיך. זיא האט געמוזט בלייבען זיצען אין קליינעם זאַל פֿון דער סטאַציאָן.

פֿיקס איז זיך געזעסען אין אַ ווינקעלע פֿערטראַכט. עס האט אויסגעוויזען, אַז ער שלאָפֿט, ער איז אבער ניט געשלאָפֿען.—ער האט איבערגערעכענט און איבערגעקלערט אלעס, וואס עס האט מיט איהם פּאַסירט זייט דיא לעצטע צוויי מאָנאַטע.

נעגען האלבע נאַכט איז געקומען איינער פֿון דיא אייזענבאַהן וועכטער זיך אביסעל אנוואַרעמען אויף דער סטאַציאָן. אַאודאַ איז צו איהם צוגעלאָפֿען און האט איהם אנגעהויבען אויסצופֿרעגען, אויב ער האט ניט עפּעס געזעהן אדער עפּעס געהערט פֿון דיא סאָלדאַטען, וועלכע האבען נאַכגעיאָגט דיא אינדיאַנער.—ער האט קיינעם ניט געזעהן און האט קיינעם ניט געהערט.

אַאודאַ איז צוריקגעפֿאַלען אויף איהר באַנק, וויא אַ דערשלאָגענע. עס איז אונמעגליך צו בעשרייבען, וואס דיא ארימע פֿרוי האט איבערגעליטען אין דיעזער טרויעריגער נאַכט.

פיקס האט אנגעהויבען צו רעדען מיט'ן וועכטער און איהם אויספרעגען איבער דיא סיו-אינדיאַנער. ער האט געוואלט וויסען, אויב זיי פאַנגען אָפט אויף ווייסע מענשען און וואס זיי טהוען מיט זייערע געפאַנגענע.

— דיא אינדיאַנער האַלטען קיינע שקלאַפען, האט דער וועכטער ערקלערט, ווען זיי חאַפּען אַ ווייסען מענשען, איז עס נור אום איהם צו טייטען דער פאר, וואס ער האט זיי בעליידיגט. זיי מארטערן זייער געפאַנגענעם שרעקליך. זיי בינדען צו זייער געפאַנגענעם צו אַ זייל, אַ דראַנג, און מאכען איהם פאר אַ ציעל פאר זייערע פיילען. יעדער שיעסט אין איהם, וואו ער טרעפט. זיי היטען זיך נור, זיי זאלען איהם ניט טרעפען אין קאפ און אין הארצען, ער זאל באלד שטארבען.

פיקס האט אוועקגערעדט אַ לאנגע צייט מיט'ן וועכטער. אַאודאַ האט זיך ניט צוגעהערט, וואס זיי האבען גערעדט. נור ווען דער וועכטער איז אוועקגעגאנגען, האט זיא געהערט, וויא ער האט געפרעגט פיקס'ן:

— אלזא, ווילט איהר ניט פאהרען אויפ'ן שליטען?

— ניין, האט פיקס געענטפערט.

אַאודאַ האט זיך ווייניג געקימערט צו וויסען, וואס זיי האבען גערעדט. זיא האט געטראַכט פון פילעאַס פאָגג. — וואו איז ער יעצט? האט ער בעפרייט דיא געפאַנגענע? איז ער ניט פערוואונדעט? לעבט ער נאך?

לאנגזאם און טרויעריג האבען זיך געצויגען דיא שטונדען אין דיעזע נאכט. דער קאמענדאנט פון דער פעסטונג איז אַ פאר מאל געקומען ביי נאכט געוואהר ווערן, אויב זיינע סאלדאטען זיינען שוין צוריקגעקומען. ער האט צוואר מיט קיינעם ניט גערעדט און האט קיינעם ניט געפרעגט, וואס עס הערט זיך. עס איז אבער געווען דייטליך, אז ער איז זעהר אונרוהיג. עס האט איהם געקרענקט, וואס ער האט ארויסגעשיקט דרייסיג סאלדאטען אין אַזאַ שלעכטעם וועטער.

ענדליך האט דיא אוהר אויסגעשלאגען זעקס. פון אסטען (מזרח זייט) האט זיך געוויעזען אַ דינער פאַס ליכטיגקייט. — עס האט אנגעהויבען צו טאגען. דער קאמענדאנט פון דער פעסטונג איז געקומען צולויפען מיט צוויי אפיציערן. ער האט זיך אומגעקוקט אויף דער סטאציאן און האט געזעהן מיט שרעקען, אז זיינע סאלדאטען זיינען נאך ניט צוריקגעקומען. ער האט געהייסען זיינע אפיציערן, זיי זאלען נעהמען פופציג מאן און זאלען געהן זוכען דיא דרייסיג, וואס ער האט נעכטען ארויסגעשיקט.

דיא אפיציערן זיינען ארויסגעגאנגען אויספיהרען זיין בעפעהל. פלוצלונג האט מען דערהערט שיעסען און פויקען. אלע סאלדאטען פון דער פעסטונג זיינען ארויסגעלאפען זעהן, וואס דאס בעדייטעט.

באלד האט מען דערזעהן, אז דאס זיינען דיעזעלבע סאלדאטען, וועלכע זיינען נעכטען ארויסגעגאנגען זיך נאכיאגען נאך דיא אינדיאַנער. פאראויס איז געגאנגען פילעאַס פאָגג, פאספאַרטו און דיא אנדערע צוויי פאסאזשירען, וועלכע דיא אינדיאנער האבען געפאנגען. זיי האבען יעצט געשאסען פאר פרייד.

פיקס, אַאודאַ, דער קאמענדאנט פון דער פעסטונג און דער סטאציאנס

שעף זיינען זיי ענטגעגען געלאָפען און האבען זיי אריינגעפֿיהרט מיט פֿרייד אין סטאַציאָן. אַאודאַ האט אנגעהאַפּט פֿילעאַס ה̇אָגג׳ס ביידע הענד און האט זיי געדריקט צום הארצען.

קוים זיינען זיי אנגעקומען אויף דער סטאציאָן, האט פֿילעאַס פֿאָגג צוטהיילט דיא סאלדאטען דיא פֿינף טויזענד דאללאר, וועלכע ער האט זיי צוגעזאגט.

— איך קאסט מיין הערר זעהר טהייער, האט פּאַספּאַרטו אויסגערופֿען. ער האט שוין בעצאהלט פֿאר מיר מעהר, וויפֿיעל איך בין ווערטה.

דיא סאלדאטען, דער קאמענדאנט און דער סטאציאָנס שעף האבען געדאנקט פֿילעאַס פֿאָגג פֿאר זיין מוטה אין זיין מענשליכקייט, וואס ער האט זיך ענטשלאָסען צו רעטען דיא געפֿאַנגענע.

ווען אלע האבען זיך אַ ביסעל בערוהיגט, האט דער אונטער אָפֿיציער דערצעהלט, וואס מיט זיי האט פּאַסירט.

— מיר זיינען נאכגעלאָפען דיא אינדיאַנער אויף דער שפור, וואס זיי האָבען געלאזען אין שנעע, ביז מיר זיינען צוגעקומען צו אַ וואלד. דארט איז געווען שווער צו געהן. מיר האבען געמוזט געהן זעהר לאנגזאם און זעהר פֿארזיכטיג. עס האט אנגעהויבען צו שנעען און דיא שפורען פֿון דיא אינדיאַנער זיינען פֿערשוואונדען אונטערן שנעע. מיר זיינען געווען פֿערצווייפֿעלט. עס איז געווארען נאכט און מיר האבען דיא אינדיאַנער ניט דעריאָגט.

איך האב געוואלט מיך אומקערן: אין אזא שנעע און אין אזאַ פֿראסט קען מען פֿערפֿרארען ווערן אויף דער פּרעריע. פֿילעאַס פֿאָגג אבער האט אויף קיין פֿאל ניט געוואלט זיך אומקעהרן. ווען ער האט אבער געזעהן, אז דיא סאלדאטען ווילען איהם ניט פֿאלגען און זיינען ענטשלאסען זיך אומקעהרן, האט ער געבעטען, זיי זאלען ווארטען, ביז ער וועט ארויפֿקריעכען אויף א בוים און וועט איבערקוקען דיא גאנצע געגענד.

דאס האבען מיר איהם ערלויבט. ער איז ארויפֿגעקראכען אויף אַ הויכען בוים און האט דערזעהן פֿון דערווייטען אַ פֿייער.

— דאס זיינען דיא אינדיאַנער! האט ער אויסגערופֿען און האט געוויעזען, וואו דיא אינדיאנער געפֿינען זיך.

מיר האבען איהם ניט געוואלט גלויבען. איינער פֿון דיא סאלדאטען איז ארויפֿגעקראכען אויפֿ׳ן בוים און האט זיך איבערצייגט, אז פֿילעאַס פֿאָגג האט רעכט.

פֿארזיכטיג און שטילערהייט זיינען מיר צוגעקומען צום לאגער פֿון דיא אינדיאנער. מיר זיינען געקומען פונקט צור צייט. איינער פֿון דיא געפֿאנגענע איז געשטאנען צוגעבונדען צים מאַרטיר זייל. דיא אינדיאנער האבען זיך שוין פֿארבערייטעט איהם צו מארטערן.

— דאס בין איך געווען! האט אויסגערופֿען פּאַספּאַרטו. זיי האבען געזעהן, וויא איך האב אפּגעקייטעלט דעם צוג פֿון לאָקאָמאָטיוו און האבען מיר געוואלט דערפֿאר בעשטראָפֿען. — דיא בעסטיען! דיאווילדע מענשען! זיי האבען זיך

פערטיג געמאכט צו שיעסען אין מיר זייערע פיילען.— א געשמאקער מאכל!
— מיר האבען אנגעהויבען צו שיעסען, האט דער אונטער אפיציער ווייטער דערצעהלט, דיא אינדיאנער האבען זיך שטארק דערשראקען און זיינען זיך צו לאפען. מיר האבען בעפרייט דיא געפאנגענע און זיינען מיט זיי געגאנגען א היים.

פיקס האט אויסגעהערט אויפמערקזאם דיא גאנצע געשיכטע. אין דער צייט, וואס דער אונטער אפיציער האט דערצעהלט, וויא זיי האבען געפונען דיא געפאנגענע, האט פיקס ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון פילעאס פאגג. דער מאן איז פאר איהם געווארען א רעטעניש. איז ער ווירקליך א גנב, א רויבער, אדער האט ער — דער בעריהמטער דעטעקטיוו פיקס — געהאט אזא גרויסען טעות: פילעאס פאגג איז גאר אן עהרליכער מאן?

ענדליך האבען זיך אלע בערוהיגט. דיא סאלדאטען זיינען זיך אוועקגעגאנגען אין פארט. אויף דער סטאציאן זיינען געבליעבען נור דיא עטליכע פאסאזשירען. פאספארטו איז ארויסגעלאפען אין דרויסען זעהן, אויב דער צוג שטעהט שוין אנגעגרייט, זיי זאלען אוועקפאהרען. ער האט זעהר גוט געוואוסט, וויא טהייער עס איז יעדע מינוט פאר פילעאס פאגג און וויפיעל צייט ער האט פערלארען צוליב איהם.

וויא איבערראשט איז ער געווען, ווען ער האט דערזעהן, אז אין דרויסען איז נישטא זאגאר קיין שפור פון א וואגאן. ער איז אריינגעקומען צוריק אין זאל און האט זיך געווענדעט צום סטאציאנס שעף.

— דער צוג! וואו איז דער צוג?

— דער צוג איז שוין לאנג אוועקגעגאנגען, האט פיקס געענטפערט.

— ווען דארף אנקומען דער נעכסטער צוג וואס געהט קיין ניו יארק? האט פילעאס פאגג געפרעגט.

— היינט ביי נאכט, האט דער סטאציאנס שעף געענטפערט.

— אזוי! האט פילעאס פאגג געזאגט קאלטבלוטיג.

31טעם קאפיטעל.

## פיקס ווייזט, אז ער וויל ווירקליך, אז פילעאס פאגג זאל אנקומען שנעלער קיין ניו יארק.

פילעאס פאגג האט ארויסגענומען זיין נאטיץ בוך און האט אונטערגעצויגען זיין רעכנונג. — ער האט פערשפעטיגט גאנצע צוואנציג שטונדען! פאספארטו איז געווען אויסער זיך. דורך איהם וועט זיין הערר פערשפיעלען פופציג טויזענד פונט סטערלינג! ער האט עס צוואר ניט געטהאן אומיסטען, אבער דאך איז ער דיא אורזאכע, וואס פילעאס פאגג וועט ניט קומען קיין לאנדאן פונקט צור צייט.

אין דיעזע מינוט איז פיקס צוגעקומען צו פילעאס פאגג, האט איהם געקוקט גלייך אין דיא אויגען און האט איהם געפרעגט.

— איילט איהר זיך ווירקליך אזוי שטארק?

— יא, מיין העררּ, איך בין אין דער גרעסטער איילע, האט פֿילעאַס פֿאָגג געענטפֿערט, יעדע מינוט איז ביי מיר טהייער.

— וויא איך זעה, מוזט איהר זיין אין ניו יארק דעם עלפֿטען דעצעמבער פֿאר נאכט, ווייל אום ניין אוהר געהט אפּ דאס שיף קיין ליווערפּול.

— איהר האט רעכט, מיסטער פֿיקס.

— ווען איהר וואלט ניט געווען פֿערלארען אזוי פֿיעל צייט צו רעטען דיא געפֿאנגענע, וואלט איהר געווען אנגעקומען קיין ניו יארק דעם עלפֿטען דעצעמבער אין דער פֿריה? האט פֿיקס ווייטער געפֿרעגט.

— געוויס! איך וואלט געקומען מיט צוועלף שטונדען פֿריהער קיין ניו יארק. —

— און יעצט האט איהר פֿערשפּעטיגט אויף צוואנציג שטונדען נאך אייער רעכנונג, האט פֿיקס ווייטער געזאגט. אייגענטליך, האט איהר דאך זיך פֿערשפּעטיגט נור אויף אַכט שטונדען. איהר קענט דאך ניט רעכענען דיא צוועלף שטונדען, וואס איהר וואלט אנגעקומען פֿאַר דער צייט. — נו, אכט שטונדען קענען מיר שוין איינלויפֿען.

— וויא אזוי? האט פֿילעאַס פֿאָגג געפֿרעגט פֿערוואונדערט. — מיר מוזען דאך ווארטען אויפֿ'ן צוג?

— מיר מוזען ניט ווארטען אויפֿ'ן צוג, האט פֿיקס געענטפֿערט.

— וויא דען? געהן צו פֿוס קיין אָמעהאָ?

— אויך ניט, מיר קענען פֿאהרען אויף אַ שליטען.

— אויף אַ שליטען אהן פֿערד?

— אויף אַ שליטען מיט זעגעל.

— וואס רעדט איהר, מיסטער פֿיקס?

— ביי נאכט איז אַ וועכטער פֿון דער ליניע געקומען אין דער סטאציאן זיך אנוווארעמען, האט פֿיקס ערקלערט. וואס ער מיינט א שליטען מיט זעגעל. — איך האב מיך מיט איהם צורעדט און ער האט מיר געזאגט, אז מען קען פֿאהרען קיין אָמעהאָ אויף אַ שליטען מיט זעגעל, וויא אַ שיף. אזאַ שליטען געהט אַ מאל אזוי געשווינד, וויא אַ לאָקאָמאָטיוו. פֿון אָמעהאָ קיין ניו יארק געהן אַפּ טעגליך עטליכע ציגע.

פֿילעאַס פֿאָגג האט ניט געענטפֿערט. פֿיקס איז ארויסגעגאנגען אין דרויסען און האט אויסגעזוכט דעם אייזענבאהן וועכטער, וועלכער האט גערעדט מיט איהם ביי נאכט און האט איהם ערקלערט, אז מען קען פֿאהרען אויף אַ נייע מאדע שליטען.

דיער אייזענבאהן וועכטער, אן עכטער יענקי מיט'ן נאמען מאָדזש, האט געוואינט לעבען פֿאָרט אין אַ שטיבעל, וועלכע דיא אייזענבאהן קאמפּאני האט פֿון זיינעטוועגען אויסגעבויט. ער האט זיך עם אונטערגענומען צו פֿיהרען זיי קיין אָמעהאָ אויף דעם נייע מאדע שליטען און האט זיי יעצט געפֿיהרט צו זיך א היים אום זיי צו ווייזען דיעזען זאנדערבארען שליטען.

פילעאַס פאָגג האט צוואר אַ מאל געלעזען, אז אין אַמעריקא פאהרט מען אויף אזא סארט שליטען, ער האט איהם אבער קיין מאל ניט געזעהן. יעצט האט ער איהם געזעהן צום ערשטען מאל.

דער שליטען איז גרעסער, וויא אַ געוועהנליכער שליטען. עס קענען זיך אויף איהם זעצען פינף ביז זעקס מענשען. ער איז ניט טיעף, וויא אַ געוועהנליכער שליטען, זאנדערן פלאך. ער ווייזט אויס, וויא אַ בריקעל, געלעגט אויף צוויי אויסגעבויגענע שינעס פון אַ שליטען. פון פאָרנט איז בעפעסטיגט אַ דינער, אבער שטארקער אייזערנער דראנג, אויף וועלכען עס הענגט א גרויסער און ברייטער זעגעל, וויא אויף אַ שיף. פון הינטען איז צוגעמאַכט צום שליטען אַ סארט רודער, וויא דער רודער פון א שיף, אבער פיעל ברייטער און אנדערש צוגעפאַסט.

פילעאַס פאָגג האט פערשטאַנען, אז ווען מען שפרייט אויס אזא גרויסען זעגעל און דער ווינד איז גינסטיג, איז דער ווינד ווירקליך אים שטאנד צו טרייבען אַזאַ שליטען אויף דער פרעריע, וועלכע איז בעדעקט מיט שנעע און אייז.

דער יענקי מאַדזש האט דערצעהלט, אז ביי זיי איז דאס גאר קיין נייעס ניט. אין יענע געגענדען מאכט זיך אָפט אַ שטארק קאלטער ווינטער. דיא פרעריע ווערט בעדעקט מיט שנעע און אייז. דיא אייזענבאהן ציגע ווערן אָפט פערשאטען אין שנעע און קענען זיך ניט ריהרען. דאמאלס זיינען אזעלכע שליטענס דאס איינציגע מיטעל צו פאהרען פון איין סטאַציאן צו דער אנדערער. ווען עס בלאזט אַ שטארקער ווינד פון הינטען, פליהעט אזא שליטען שנעלער, וויא אן עקסטרא צוג.

פילעאַס פאָגג האט בעטראכט דיא זעגעל פון דיעזען שליטען־שיף און האט זיך איבערצייגט, אז אַ גוטער ווינד איז ווירקליך אים שטאַנד צו טרייבען אַזאַ מאשין זעהר שנעל.

פילעאַס פאָגג האט זיך אויסגעגלייכט מיט'ן יענקי, ער זאל איהם פיהרען אויף זיין שליטען קיין אָמעהאַ. אין דרויסען איז געווען שטארק קאלט. דער שנעע אויף דער פרעריע איז געווען פערפראָרען. אַ קאלטער ווינד האט געבלאזען פון דער וועסט (מעריב זייט). ווען זיי וועלען פאהרען שנעל, קענען זיי נאך היינט זיין אין אמעהאַ. דארטען וועלען זיי נעהמען דעם ערשטען צוג, וועלכער וועט געהן קיין ניו יארק אדער קיין טשיקאגא.

אזוי וויא אויף אזא שליטען צו פאהרען איז ניט זעהר אנגענעהם, בעזאנדערס אבער איז זעהר קאלט; דורך דעם שנעלען לויפען פון'ם שליטען פיהלט מען דיא קעלט נאך שטארקער. דער פאַסאַזשיר מוז זיצען פריי אויפ'ן שליטען און דיא קעלט נעהמט איהם באלד דורך — האט פילעאַס פאָגג געבעטען אַאודאַ, זיא זאל בלייבען מיט פאַספארטו אויף דער סטאציאן. זיא וועט פאהרען מיט'ן נעכסטען צוג. ער אבער וועט פאהרען אליין אויפ'ן שליטען, ווייל ער מוז אניאַנען דיא אַכט שטונדען, וועלכע ער האט פערשפעטיג.

פאַספארטו איז געווען צופריעדען צו בלייבען מיט אַאודאַ אויף דער סטאַ־

ציאן. ער האט געוואוסט, אז אאודא שטאמט פון אינדיען, א זעהר ווארים לאנד. זיא איז ניט געוואינט צו קעלט און וועט ניט קענען פאהרען אויף אזא שליטען. אאודא אבער האט אויף קיין פאל ניט געוואלט בלייבען אליין.

— וואו איהר וועט זיין, הערר פאגג, דארט וועל איך זיין, האט זיא געזאגט.

פאספארטו איז זעהר געפעלען דיעזער בעשלוס פון דער מוטהיגער פרוי. ער אליין האט אויך ניט געוואלט פערלאזען זיין הערר, וועלכען ער האט גע־קאסט אזוי טהייער. בעזאנדערס אבער האט ער ניט געוואלט לאזען פילעאס פאגג פאהרען גאנץ אליין מיט׳ן דעטעקטיוו פיקס.

עס איז געבליעבען, אז אלע זאלען ווייטער פאהרען צוזאמען. מאדוש האט אנגעהויבען צורעכט צו מאכען דעם שליטען אין וועג אריין. אין א קורצע צייט איז אלעס פערטיג געווארען. דיא פאסאזשירען האבען זיך אניעדערגעזעצט אויף׳ן בריקעל, האבען זיך גוט איינגעוויקעלט אין זייערע מענטעל און האבען זיך צוגע־טולעט איינער צום אנדערן.

מאדוש האט צוגעבונדען דיא זעגעל צו דיא מאסט ביימער און האט גע־שטעלט דעם שליטען אויף א בערגעל. קוים האבען זיך דיא זעגעל אויסגעשפרייט פון׳ם ווינט, האט דער שליטען־שיף זיך אנגעהויבען צו גליטשען מיט אן אונגע־הייערער שנעליגקייט. ער איז געפלויגען פיערציג מייל א שטונדע איבער דיא פערשנעעטע און פערפרארענע פרעריע.

פון דער פעסטונג קערני ביז אמעהא איז צוויי הונדערט מייל, ווען מען פאהרט אויף א גלייכע ליניע. ווען דער ווינד וועט זיין גינסטיג און זיי וועלען ניט טרעפען קיין הינדערנים אויפ׳ן וועג, קענען זיי אנקומען קיין אמעהא אין פינף שטונדען. אזוי וויא זיי זיינען ארויסגעפאהרען פון פארט קערני אום אכט אוהר אין דער פריה, קענען זיי אנקומען קיין אמעהא אום איינס אוהר נאכמיטאג. דאן איז נאך אלעס רעכט, דאן קען פילעאס פאגג נאך קומען קיין ניו יארק פונקט צו דער צייט.

עס איז געלונגען! דיא רייזע איז געווען א גליקליכע. דיא פאסאזשירען האבען זיך צוגעטולעט איינער צום אנדערן און זיינען געזעסען רוהיג אויף זייער נייער פאהר־מאשין. רעדען אויפ׳ן וועג איז געווען אונמעגליך. דיא קעלט איז געווען שרעקליך. דער ווינד האט זיי געשניטען דיא געזיכטער, וויא מיט מעסערס. ער האט געראנט אין דיא זעגעל און האט געטריעבען דעם שליטען מיט אונ־געוועהנליכער שנעליגקייט.

אנפאנגס איז ער געלאפען בארג אראפ. ווען ער האט שוין אבער געהאל־טען אין לויפען, איז ער געלאפען זאגאר בארג ארויף מיט דערזעלבער שנעליג־קייט. מאדוש איז געזעסען פון הינטען און האט געהאלטען דעם רודער. ער האט נור געקירעוועט דעם שליטען. ער האט נור אפגעהיט, אז דער שליטען זאל ניט פערפאהרען ערגעץ אין א גרוב.

ווען ער האט געזעהן, אז דער ווינד האלט אן אין איין זייט, האט ער אויסגע־

שפרייט נאך אַ זעגעל פֿון הינטען. דער שליטען איז יעצט געפֿלויגען נאך שנע-לער.ביידע זעגעל האבען איהם געטריעבען.

— וואס פֿאר אַ קראַפֿט דער ווינד האט! האט פּאַספּאַרטו אויסגערופֿען, ווען ער האט געזעהן, וויא שנעל זייער שליטען-שיף לויפֿט. — איך האב געמיינט, אז נור אויפֿין מעער איז דער ווינד אים שטאנד צו טרייבען אַ שיף. יעצט זעה איך, אז דער ווינד קען טרייבען אַ שיף אויף דער טריקעניש אויך.

— פֿאר וואס ניט? האט פֿיקס געפֿרעגט. טרייבט ניט דער ווינד דיא שווערע רעדער פֿון אַ ווינט מיהל? רייסט דען דער ווינט ניט אוים אלטע ביימער מיט דיא ווארצלען? האבען מיר דען ניט געזעהן, וויא דער ווינד ווארפֿט אום הייזער און רייסט אפ דעכער? — דער ווינד האט אַ שרעקליכע קראַפֿט; מען דארף נור וויסען, וויא אזוי צו בענוצען דיזע קראַפֿט.

— מעגליך, אז מיר וועלען אַ מאל האבען אייזענבאהנען, אויף וועלכע דיא וואגאנעס וועלען געטריעבען ווערן פֿון ווינד! האט פּאַספּארטו געזאגט.

— ניין! דאס וועלען מיר קיין מאל ניט האבען, האט פֿיקס געענטפֿערט. דער ווינד איז ניט זיכער. מען קען קיין מאל ניט וויסען, ווען ער הייבט זיך אויף און ווען ער הערט אויף. מען קען זיך אויף איהם ניט פֿערלאזען. זאגאר אויפֿין מעער זיינען דיא דאמפֿשיפֿען זיכערער אלס דיא זעגעל שיפֿען, ווייל דעם דאמפֿף קען מען האבען, ווען מען וויל און וויפֿיעל מען וויל. דער מענש האט זיך שוין אויסגעלערנט צו האלטען דעם דאמפֿף געפֿאנגען און האט איהם געמאַכט פֿאר אַ טרייען דיענער. דער ווילדער ווינד אבער איז פֿריי. ער לאזט זיך ניט איינ-שפּארען און וויל קיינעם ניט דיענען.

דער שליטען-שיף איז אונטערדעסען געפֿלויגען אליץ ווייטער און ווייטער. פֿילעאַס פֿאָגג האט פּראבירט זיין אלטע מעטאדע: ער האט צוגעזאגט דעם אמעריקאנער מאדזש הונדערט דאללאר אלס בעלוינונג, ווען ער וועט איהם ברענגען קיין אָמעהאָ אום איינס אוהר. דיזעס מיטעל האט געהאלפֿען. דער יענקי איז געשפּרונגען פֿון דער הויט, ער זאל קומען פֿריהער קיין אָמעהאָ און זאל בעקומען זיינע הונדערט דאללאר.

ווען ער האט געזעהן, אז דער ווינד איז גינסטיג און ער האט געקענט אויפֿציעהען נאך אַ זעגעל, האט ער אויסגערופֿען פֿול פֿרייד:

— מיר וועלען אנקומען פּונקט צו דער צייט!

מאדזש האט גוט געקענט דיא געגענד. ער איז ניט געפֿאהרען מיט דיא אייזענבאהן ליניע, ווייל זיא דרעהט זיך און לענגט אן פֿיעל וועג. איידער זיא קומט צום בריק איבערן פלאַט ריווער, אַ גרויסער טייך אין יענער געגענד. ער איז גלייך צוגעפֿאהרען צום פלאַט ריווער, וועלכער איז געווען פֿערפֿרארען און איז געפֿאהרען אויפֿין אייז. דערמיט האט ער נאך איינגעשפּארט אַ שטיק וועג.

פֿילעאַס פֿאָגג איז געווען זיכער, אז קיים וועט דער ווינד אנהאלטען און קיין זאַך וועט זיך ניט צוברעכען אין שליטען, וועט ער אנקומען פּינקטליך קיין אמעהאָ.

אַאודאַ האט זיך גוט איינגעהילט אין איהר מאַנטעל און האט געשוויעגען. זיא האט זיך יעצט איבערצייגט, אז יעדע זאך קען אַ מאל צוניץ קומען. ווען פאספאַרטו האט געקויפט פון איהרעטוועגען אַ פעלץ מאנטעל אין הייסען בע־נאַרעס, האט זיא שטילערהייט געלאכט — וואס טויג אַ פעלץ אין אַזאַ הייסעם לאנד, וויא אינדיען? יעצט האט זיא געדאנקט דעם פראנצויז, וואס ער האט איהר געקויפט אַ פעלץ. דיעזער פעלץ האט איהר גערעטעט דאס לעבען.

דער ווינד האט געבלאזען אין דיא זעגעל און אין דיא שטאנגען, אויף וועלכע דיא זעגעל זיינען געווען אויפגעצויגען. דערביי האט ער ארויסגעגעבען אַ זאנדערבארען טאָן, וויא דיא סטרונעס פון אַ פיעדעל, ווען מען פאכט אויף זיי מיט אַ פאכער.

— ער גיט ארויס נור צוויי טענער: דיא קווינטאַ און דיא אָקטאַוואַ, האט פילעאַס פאָגג בעמערקט.

דאס זיינען געווען דיא איינציגע ווערטער, וואס ער האט גערעדט אַ גאנ־צען וועג.

דער שליטען־שיף איז געפלויגען אלץ ווייטער און ווייטער. דיא געגענד איז געווען וויסט און לעדיג. אויפ'ן גאנצען וועג האבען זיי ניט בעגעגענט ניט איין דארף, ניט איין פאַרם, ניט איין לעבעדיגען מענשען. געגען עלף אוהר איז פון ערגעץ ארויסגעלאָפען אַ באנדע הונגעריגע וועלף. זיי האבען דערזעהן דעם שליטען און האבען אנגעהויבען איהם נאכצויאַגען.

פאַספאַרטו און פיקס האבען זיך געחאַפּט פאר זייערע רעוואלווערס און האבען געוואלט שיעסען אויף דיא וועלף. דער יענקי מאָדוש האט זיי צוריקגע־האלטען.

— לאזען זיי לויפען! זיי וועלען אונז ניט דעריאגען, האט ער זיי געזאגט. ווען עס זאל זיך טרעפען אן אונגליק, דער שליטען זאל זיך צוברעכען, דאן וועט לען מיר זיך מוזען פערטהיידיגען. דאן אבער וועלען מיר גאר ניט מאכען. דיא וועלף זיינען שטארק הונגעריג. זיי וועלען אונז ניט אפלאזען. זא לאנג אבער דער שליטען לויפט, וועלען זיי איהם ניט אניאגען.

ער האט רעכט געהאט. דיא וועלף האבען זיך באלד איבערצייגט, אז זיי לויפען אומזיסט. זיי האבען אנגעהויבען שרעקליך צו היילען און צו בילען און זיינען ענדליך ערגעץ פערשוואונדען געווארען.

אום צוועלף אוהר האט מאָדוש דערזעהן מיט פרייד, אז ער פאהרט איבער אַ טייך. ער האט געוואוסט, אז דיעזער טייך געפינט זיך ניט מעהר, וויא צוואַנ־ציג מייל ווייט פון אָמעהאַ. — ער וועט אלזא אנקומען נאך פאר איינס אוהר. ער האט אפגעלאזען דעם רודער און האט אנגעהויבען איינצוציעהען דיא זעגעל.

דיא פאסאזשירען האבען ניט פערשטאנען, וואס ער טהוט. זיי האבען געזעהן מיט שטוינען, אז ער הייבט אַן צונויפצואוויקלען צוערשט דעם הינטער־סטען זעגעל, דאן דעם זעגעל פון פארנט. דיא שטאנגען, אויף וועלכע דיא זעגעל זיינען געהאנגען, זיינען באלד געבליעבען נאקעט. איינציגע מינוטען איז דער

שליטען נאך געפֿלויגען. זיין שנעליגקייט אבער איז מיט יעדער מינוט געוואָרען שוואַכער. ענדליך איז ער געבליעבען שטעהן.

— וואס איז דאס? האט אויסגערופֿען פּאַספּאַרטו. פֿאר וואס פֿאהרען מיר ניט? —

— מיר זיינען אנגעקומען, האט מאדוש געענטפֿערט און האט געוויזען אויף דיא פֿערשנייטע הייזער פֿון דער שטאדט אָמעהאַ.

זיי זיינען ווירקליך געשטאנען ניט ווייט פֿון'ם גרויסען באהנהאף אין אָמעהאַ, פֿון וואנען עס געהען ארוים הונדערטער אייזענבאהן ציגע אין אלע זייטען פֿון נארד אמעריקא.

פּאַספּארטו און פֿיקס זיינען צוערשט אראפּגעשפּרונגען פֿון'ם שליטען און האבען אנגעהויבען צו טאנצען אום צו דערוואַרעמען זייערע פֿערפֿראַרענע און פֿערגליווערטע גליעדער. זיי האבען געהאָלפֿען מיסיס אַאודאַ אראפּגעהן פֿון'ם שליטען.

פֿילעאַס פֿאָגג האט בעצאהלט דעם אמעריקאנער, וויפֿיעל ער האט איהם צוגעזאגט און האט איהם געגעבען הונדערט דאללאר בעלוינונג. דיא אוהר אויפֿ'ן באהן האף האט געוויזען האלב נאך צוועלף. יעצט זיינען זיי אלע געלאָפֿען צום באהנהאף. ווען זיי זיינען אריינגעקומען אין באהנהאף, האבען זיי דערזעהן, אז אַ צוג שטעהט בערייט אפּצוגעהן.

— וואוהין געהט דיעזער צוג? האט פֿילעאַס פֿאָגג געפֿרעגט אַ באהנבעאַמטען.

— קיין טשיקאגא. אין צוויי מינוט וועט ער אפּגעהן.

— גוט! דאס דארף איך! האט פֿילעאַס פֿאָגג געזאגט און איז מיט זיינע בעגלייטער אריינגעלאָפֿען אין אַ וואגאן ערשטער קלאסע.

פּאַספּארטו האט זעהר בעדויערט, וואס ער האט ניט בעטראכט א ביסעל דיא שטאדט אָמעהאַ, איינע פֿון דיא וויכטיגסטע שטעדט אין ועסטען (מעריב) פֿון אמעריקא. עס האט איהם אבער גאר ניט געהאָלפֿען. דאס מאל איז איהם ניט בעשערט געווען צו זעהן דיא שטאדט אָמעהאַ.

קוים האבען זיי זיך אריינגעזעצט אין וואגאן, האט דער לאָקאמאָטיוו אנגעהויבען צו פֿייפֿען. דער צוג האט געריהרט און אָמעהאַ איז באלד פֿערשוואונדען געוואָרען.

דער צוג איז געגאנגען זעהר שנעל, וויא אלע אמעריקאנישע אייזענבאהן ציגע. דיא פּאסאזשירען זיינען געווען מיעד פֿון נעכטען און האבען ניט בעמערקט, וויא זיי זיינען דורכגעפֿאהרען דיא שטאאטען נעבראַסקאַ, אַייאָוואַ, מיסורי און וויסקאנסין. זיי זיינען געשלאָפֿען, ווען דער צוג איז אריבערגעפֿאהרען דעם גרעסטען טייך אין נארד אמעריקא, דעם מיסיסיפּי.

דער נאמען מיסיסיפּי איז אן אינדיאנישער און בעדייטעט: דער פֿאטער פֿון דיא וואסערן. דיא ווילדע אינדיאנער האבען ניט געקענט געפֿינען קיין בע-

סערן אין שעהנערן נאמען פֿאר דיעזען גרויסען טייך אלס דער פֿאטער פֿון אלע וואַסערן — פֿון אלע טייכען.

פאספארטו האט געהערט רעדען פֿון מיסיסיפי און האט איהם זעהר געוואלט זעהן. דער צוג איז אבער אריבערגעפֿאהרען דעם מיסיסיפי ביי נאכט.

דעם אנדערן טאג, דעם 10טען דעצעמבער, אום פֿיער אוהר נאכמיטאג זיינען זיי אנגעקומען אויפֿ'ן גרויסען באהנהאף אין טשיקאגא, איינע פֿון דיא גרעסטע שטעדט אין נארד אמעריקא.

פאססארטו האט זעהר געוואלט זעהן טשיקאגא. ער האט געהערט אויפֿ'ן וועג רעדען זעהר פֿיעל פֿון טשיקאגא. ניו יארק איז דיא הויפט שטאדט פֿון אלע שטאאטען אין דער איסט (מזרח), טשיקאַגאָ איז דיא הויפט שטאדט פֿון אלע לענדער אין דער וועסט (מעריב) פֿון נארד אמעריקא. עס איז איהם אבער געווען אונמעגליך צו זעהן טשיקאַגאָ, ווייל זיי זיינען זאגאר ניט אריינגעפֿאהרען אין שטאדט. זיי זיינען אנגעקומען מיט איין צוג און זיינען אוועקגעפֿאהרען מיט'ן אַנדערן צוג.

וואלט פאספארטו געוואוסט, אז אין 1871 איז גאנץ טשיקאגא אפגעברענט געווארען, אז עס זיינען קוים געבליעבען צעהן הייזער; וואלט ער געוואוסט, אז אין 1872, ווען ער איז געווען אין טשיקאגא, האט זיך טשיקאגא ערשט אנגעהויבען אויפֿצובויען אויף א גאנץ נייעם פלאן, — ווען ער זאל עס געווען וויסען, וואלט ער געווען צופֿריעדען, וואס ער האט ניט געהאט דיא געלעגענהייט צו זעהן טשיקאגא. עס איז דאמאלס ניט געווען וואס צו זעהן.

פֿילעאַס פֿאָגג האט געמאַכט זיין רעכנונג. פֿון טשיקאגא קיין ניו יארק איז ניין הונדערט מייל. ווען ער וועט זיך באלד אויפֿזעצען אויף אַ צוג, וואס געהט קיין ניו יארק, און וועט פֿאהרען מיט דער שנעליגקייט פֿון פֿיערציג מייל א שטונדע, דארף ער זיין אין ניו יארק דעם 11טען דעצעמבער אום זעקס אוהר פֿאר נאכט. דאן וועט ער אנקומען פונקט צום שיף, וועלכעס געהט פֿון ניו יארק קיין ליווערפול.

ער האט זיך דאהער ניט פֿערזוימט אין טשיקאגא קיין מינוט. עס איז געשטאנען אַ צוג פֿון דער טשיקאגא־פיטסבורג און פֿאָרטוועען אייזענבאהן בערייט אפצופֿאהרען. ער האט זיך אויפֿגעזעצט אויף דיעזען צוג און איז באלד אוועקגעפֿאהרען.

יעצט איז שוין דער צוג געפֿאהרען איבער געגענדען, וועלכע זיינען געדיכט בעוואינט פֿון מענשען. דיא פֿעלדער זיינען גוט בעארבייט. דיא שטעדט, דורך וועלכע זיי זיינען דורכגעפֿאהרען, האבען פֿיעלע פֿאבריקען. עס קאכט און רוישט אין זיי דאס אונרוהיגע אמעריקאנישע לעבען. עס איז געווען פֿיעל וואס צו זעהן אין דיא גרויסע שטעדט פיטסבורג און סינסינעטי, דיעזע ריעזענשטעדט מיט זייערע אייזען און גלאז פֿאבריקען. אין פיטסבורג אליין זיינען מעהר אלס פֿיערציג טויזענד מענשען בעשעפֿטיגט נור מיט דער פֿאבריקאציאן פֿון גלאז און גלאז ארטיקעל.

ליידער, האבען זיי יעצט קיין צייט ניט געהאט זיך אפצושטעלען אום צו

## אַ רייזע אַרום דיא וועלט אין 80 טעג.

בעטראכטען דייזע וויכטיגע שטעדט אין אַמעריקא. פאספארטו האט יעדע-געפרעגט: וואס איז דאס פאר אַ שטאדט? וואס זיינען דאס פאר פאבריקען? קיינער האט איהם אבער ניט געענטפערט. קיינער האט איהם ניט געקענט ער-קלערן, וואס פאר אַ פאבריקען דאס זיינען. אַאודאַ האט זעהר וועניג געלעזען איבער אמעריקא. עס האט איהר קיין מאל ניט געטרוימט, אז זיא וועט אַ מאל זיין אין אמעריקא. פיקס האט אויך זעהר וועניג געוואוסט פון אמעריקא. אלס ענגלענדער איז איהם ניט אנגעשטאַנען צו זאגען, אז אמעריקא האט יעצט מעהר פאבריקען, וויא ענגלאנד.

דער צוג איז אונטערדעסען געפלויגען אלץ ווייטער און ווייטער. פילעאַס פאָגג האט געמאכט אַ קליינעם טעות אין זיין רעכנונג. ער האט פערגעסען, אז דער צוג שטעהט אַ פאר שטונדען אין פיטסבורג און אַ פאר שטונדען אין סינ-סינאטי.

ענדליך דעם 11טען דעצעמבער פינף און דרייסיג מינוטען נאך ניין אוהר אבענס איז דער צוג אריינגעלאפען אין גרויסען באהנהאף אין דשערסיי-סיטי. דער באהנהאף געפינט זיך אויפ'ן טייך הודזאן ענטגעגענאיבער ניו יארק. פון דשערסיי-סיטי קיין ניו יארק פאהרט מען אריבער אויף אַ פעררי באָט אין פינף מינוטען.

דער באהנהאף אין דזשערסיי-סיטי איז איינער פון דיא גרעסטע באהנ-הויפען אין דער וועלט. יעדען טאג געהן אפ פון איהם און קומען אהין: פינף און זעכציג פאסאזשיר ציגע און איין און אכציג פראכט ציגע אין אלע זייטען פון נארד אמעריקא. אויסער דעם קומען אן קיין דשערסיי-סיטי און קיין האָבאָקאָן (אַ שטאדט לעבען דשערסיי-סיטי) הונדערטער שיפען פון אלע פארטען פון דער גאנצער וועלט.

דשערסיי-סיטי און האבאקען זיינען אייגענטליך דיא מאַגאזינען פון ניו יארק. דיא גרעסטע אייראפעאישע שיפען שטעלען זיך אפ אין דשערסיי-סיטי און אין האבאקען, ניט אין ניו יארק. זיי געהען אוועק קיין אייראפא פון דשערסיי-סיטי און האָבאָקען, ניט פון ניו יארק. אין דשערסיי-סיטי און אין האָבאָקען געפינען זיך דיא קאנטארען פון אלע שיפס קאמפאניעס.

קוים איז פילעאַס פאָגג מיט זיינע בעגלייטער ארויסגעגאנגען פו'ם צוג אין גרויסען באהנהאף אין דשערסיי-סיטי, איז פאַספאַרטו באלד געלאפען צו דער פעררי — צו דיא גרויסע דאמפף פאַראמען, אויף וועלכע דיא אייזענבאהן געזעלשאַפטען שיקען אריבער זייערע פאַסאַזשירען קיין ניו יארק. פילעאַס פאָגג האט איהם צוריקגעהאלטען.

— שטעה! מיר פאהרען ניט קיין ניו יארק, האט ער איהם געזאגט.

ער האט געפרעגט אַ פאליסמאן, וואו עס געפינט זיך דיא אפיס פון דער קונארד ליין, דאמאלס דיא איינציגע דאמפף שיף קאמפאני אין ניו יארק, וועלכע האט שיפען, וואס געהען גלייך פון ניו יארק קיין ליווערפול. דער פאליסמאן האט איהם געוויזען, אז דיא אפיס פון דער קונארד ליין, אדער „בריטיש-נארטה-אמעריקא

סטימ-פּאַקעט קאָמפּאַני", געפינט זיך גאר ניט וויט פון באהנהאף אין שערסיי-סיטי.

פילעאָס פאָגג איז באלד געלאָפען אין דיא אָפיס קייפּען שיפס קארטען. דארט איז ער געוואהר געווארען, אז דיא „וויקטאריא", איינע פון דיא בעסטע שיפען פון דער קאמפּאני, איז מיט אַ שטונדע פריהער אוועקגעפאהרען קיין ליווערפול! — ער האט פערזאמט אויף אַ שטונדע!

32טעס קאַפּיטעל.

## עס געהט ניט! וואוהין פילעאָס פאָגג קעהרט זיך, האט ער אליץ אונגליק.

מיט דעם דאמפף שיף „וויקטאריא" איז פערשוואונדען געווארען פילעאָס פאָגג'ס לעצטע האָפנונג, ער זאל געווינען זיין וועטע. ווען ער זאל געוועזען אנקומען מיט אַ שטונדע פריהער, וואלט ער געוועזען זיכער, אז ער וועט געווינען דיא פופציג טויזענד פונט.

פון ניו יארק געהן אָפּ טעגליך צעהנדליגער שיפען אין אלע זייטען פון דער וועלט. עס זיינען דא פילע קאמפּאניס, וועלכע האבען שיפען רעגעלמעסיג קיין אייראָפּא, וויא, צום ביישפּיעל, דיא פרענש-טראנס אטלאנטיק קאמפּאני, וועלכע האט שיפען, וואס געהן נור צווישען ניו יארק און האַוור, אין פראנקרייך. דיא דייטשע קאמפּאניס, וועלכע האבען שיפען, וואס געהן נור צווישען ניו יארק, האמבורג און ברעמען. דיא רעד סטאַר ליין, וועלכע שיקט שיפען צווישען ניו יארק, ראטערדאם און האללאנד.

עס געפינען זיך קאמפּאניס, וועלכע האבען זייערע בעשטענדיגע שיפען צווישען ניו יארק און אלע פּארטען אין אייראָפּא, אבער פון ניו יארק קיין ליווערפול געהן נור געוויסע שיפען איין מאל אַ וואך. פילעאָס פאָגג האט זיך ערקונדיגט אין אלע קאנטארען פון דיא דאמפף שיף קאמפּאניס און האט אויסגעפונען, אז דאס איינציגע שיף, וואס קען איהם ניצען, געהט אָפּ דעם 14טען דעצעמבער און דאס — קיין האַוור אין פראנקרייך, ניט קיין ענגלאנד. — מארגען פריה, דעם 12טען, געהט אָפּ אַ שיף קיין ברעמען. פון ברעמען קיין פּאריז מיט דער אייזענבאהן דארף געדויערן וועניגסטענס פיער טאג און פון פּאריז קיין לאנדאן אויך צוויי טאג.

ניין! קיין ברעמען טאר ער ניט פאהרען. — אבער קיין האַוור? — אויך ניט. פון האַוור קיין לאנדאן וועט ער אויך פערליערן פיעל צייט.

פּאַספּארטו איז געוועזען אונגליקליך. ער איז שולדיג אין אלעמען. דורך איהם וועט דער גוטער און עדעלער פילעאָס פאָגג פערליערן זיין וועטע. ער האט איהם אייפּין גאנצען וועג געמאכט הינדערניסע און שטערונגען. ער האט זיך געריסען ביי דיא האר האט געטאנצט, געשפּרונגען און געוויינט.

פילעאָס פאָגג דאגעגען איז געבליעבען גאנץ רוהיג. ער איז ארומגעגאנגען פון איין קאנטאר צום אנדערן, האט אלעם אויסגעפרעגט, אלעס, וואס איז

נעריין וויכטיג פֿאר איהם פֿערשריעבען אין זיין נאטיץ בוך. דאן האט ער גע-
זאגט צו פאספארטו און אַאודאַ:

מיר וועלען מארגען זעהן, וואס מיר זאלען ווייטער טהאן. לאמיר דערווייל
פֿאהרען קיין ניו יארק.

פֿילעאַס פֿאָגג, אַאודאַ, פאַספאַרטו און פֿיקס זיינען צוגעגאנגען צו דער
פֿעררי און זיינען אריינגעגאנגען אין איינע פֿון דיא גרויסע שווימענדע פּאַלאַצען
פֿון דער פענסילוואניע אייזענבאהן קאמפאני, וועלכע פֿיהרען אַ גאנצען טאג
פאסאזשירען איבערן טייך הודזאן פֿון דשערסיי-סיטי קיין ניו יארק און פֿון ניו
יארק קיין דשערסיי-סיטי.

אין פֿינף מינוטען האט זיי דאס פֿעררי-באָאט געבראכט קיין ניו יארק.
פֿילעאַס פֿאָגג האט גענומען אַ קארעטע און איז פֿערפֿאהרען אין טרעמאנט האטעל
אין בראדוויי געגען אַסטאָר פּלייס. דארט האט ער אפגענומען דריי צימער, —
איינעם פֿאר זיך, איינעם פֿאר מיסיס אַאודאַ און איינעם פֿאר פֿיקס און פאספּארטו.

עס איז שוין געווען ניט פֿריה, ווען זיי זיינען געקומען אין האטעל.
זיי האבען זיך פֿערזאַמט זעהר לאנג אין דשערסיי-סיטי. פֿילעאַס פֿאָגג האט זיך
באלד געלעגט שלאפֿען און איז געשמאַק אנטשלאפֿען געווארען. פאספארטו האט
ניט געקענט שלאפֿען. ער האט זיך געזארגט פֿאר זיין העדר. ער האט איבער-
רעכענט, אז מארגען איז שוין דער 12טער דעצעמבער. דעם 21טען דעצעמבער
מוז ער זיין אין לאנדאן, ווען ניט פֿערליערט ער זיין וועטע. ער האט אלזא נור
נאך ניין טעג! וואס וועט זיין, ווען ער וועט מארגען ניט געפֿינען קיין שיף נאך
ליווערפול?

ער איז ארויסגעגאנגען אויף דער גאַס, גלייך וויא דיא בראדוויי קען איהם
געבען עפּעס אַ ראטה, וואס צו טהאן. אויף בראדוויי אבער איז אזוי שפּעט ביי
נאכט זעהר לאנגווייליג. בראדוויי לעבט נור ביי טאג און בעזאנדערס אין געוויסע
שטונדען פֿון'ם טאג. ער האט זיך ארומגעדרעהט פֿארן האטעל, איז צוגעגאנגען
צו אסטאָר פּלייס. אויך דארט איז אלעס געוועזן שטיל און לעדיג.

— ניו יארק איז ניט פאריז, האט געזאגט צו זיך אליין דער פֿראנצויז. —
אויפֿ'ן בולוואר דעז איטאַליען קאכט עס ביי טאג און ביי נאכט. ניו יארקער
בראדוויי שלאפֿט ביי נאכט.

עס איז איהם געווארען לאנגווייליג און ער איז צוריקגעגאנגען אין האטעל.
ער איז פֿארביינעגאנגען אַאודאַ'ס צימער. עס האט זיך אין איהם נאך געלייכט.
אַאודאַ איז נאך אויך ניט געשלאפֿען. זיא איז געווען זעהר אונרוהיג, וואס זיי
האבען פֿערשפעטיגט דאס דאמפף שיף.

דעם אנדערן טאג אין דער פֿריה איז פֿילעאַס פֿאָגג אויפֿגעשטאנען, האט
געשיקט רופֿען פאספאַרטו און האט איהם אנגעזאגט, ער זאל אין ערגעץ ניט
אוועקגעהן פֿון'ם האטעל. ווען אַאודאַ וועט אויפֿשטעהן, זאל ער איהר זאגען,
אז זיא זאל זיין בערייט צו דער רייזע. זיי וועלען נאך היינט אוועקפֿאהרען.

(80 days, 17.)

ער אליין איז אראפגעפאהרען צום הודזאן, וואו עס שטעהן דיא שיפען. ער איז אנגעקומען אויף וועסט סטריט, וואו ער האט געזעהן אויף פיעלע שיפען וועהן אַ פלאַג הויך אין דער לופט, אַ צייכען, אז זיי פאהרען היינט ארויס. ער האט איבערגעצעהלט מעהר אלס הונדערט שיפען, וועלכע דארפען היינט ארויס-פאהרען פון ניו יארק. צווישען זיי אבער זיינען געווען מייסטענס זעגעל שיפען. צו אזא שיף האט ער זאגאר ניט געוואלט צוגעהן. ער האט אין גאנצען ניין טעג צייט. צו וואס קען איהם ניצען אַ זעגעל שיף.

עס געהט ניט! וואו ער קעהרט זיך, האט ער אלץ אונגליק. ער איז אזוי געגאנגען מיט דער וועסט סטריט און האט זיך צוגעקוקט צו יעדער פיער און צו יעדען דאק, ביז ער איז געקומען ניט ווייט פון קעסעל גארדען. דארט האט ער דערזעהן אַ קויפמאנס שיף, מיט אַ הויכען שווארצען קוימען, פון וועלכען עס איז ארויסגעגאנגען אַ שטארקער רויך. אַ צייכען, אז זיא וועט באלד ארויספאהרען.

פילעאַס פאַגג האט צוגערופען אַ באָאט און האט זיך געהייסען פיהרען צום שיף. אויפ'ן וועג האט ער איבערגעלעזען, אז דאס שיף הייסט „הענריעטע". וועך איז דיא „הענריעטע"? וואוהין געהט זיא? דאס האט איהם וועניג געקימערט. ער האט געזעהן, אז דאס איז אַ דאמפף שיף און האט געוואוסט, אז זיא געהערט צו אַ פריוואט פערזאן, ווייל זיא איז געשטאנען אין דער מיט טייך, ניט ביי קיין דאק. ווען זיא זאל געהערען צו אַ קאמפאני, וואלט זיא געשטאנען לעבען אַ דאק.

אין איינינע מינוטען ארום איז פילעאַס פאַגג געווען אויפ'ן דעק פון דער „הענריעטע". ער האט געזאגט אַ מאטראז, אז ער וויל זעהן דעם שיפס קאַפּי-טאַן. דער מאטראז איז ערגעץ פערשוואונדען געווארען און אין אַ פאר מינוטען ארום איז ארויסגעקומען אַ מאן פון אַ יאהר פופציג מיט אַ גרויסע בארד, מיט אַ געזיכט פון קופער פארב און מיט אַ פאר ברייטע און שטארקע פלייצעס. מען האט באלד דערקענט אן איהם, אז ער האט פערבראכט זיין גאנצעס לעבען אויפ'ן מעער.

— זייט איהר דער קאפיטאן פון דיעזעס שיף? האט פילעאַס פאַגג געפרעגט.

— איך בין עס.

— איך בין פילעאַס פאַגג פון לאנדאן, האט זיך פילעאַס פאַגג פארגעשטעלט.

— און איך בין אנדריו ספידי פון קארדיף, האט זיך דער קאפיטאן פאר-געשטעלט.

— ווען פאהרט איהר ארויס?

— אין אַ שטונדע.

— וואוהין פאהרט איהר?

— קיין באָרדאָ (אין פראנקרייך).

— וואס פיהרט איהר קיין בארדא?

— איך פיהר גאר נישט. איך האב געבראכט פראנצייזישע ווייגע קיין ניו יארק. צוריק האב איך גאר נישט. איך האב געמוזט אנלאדען מיין שיף מיט זאמד אלס באלאסט.

— האָט איהר קיינע פּאסאזשירען אויפ'ן דעק?
— ניין. איך פיהר נור וואארע, אבער קיינע פּאסאַזשירען.
— פאהרט אייער שיף שנעל?
— מיין שיף פליהט, וויא אַ פויגעל, האט דער קאפּיטאן אויסגערופען. דיא „הענריעטע" איז בעקאנט אין דער וועלט אלס איינע פון דיא שנעלסטע שיפען.
— ווילט איהר פאהרען מיט מיר און מיט נאך דריי פּאסאזשירען קיין ליווערפול?
— קיין ליווערפול? פאר וואס ניט קיין כינא?
— איך זאג אייך ליווערפול און ניט כינא.
— וויל איך ניט.
— פאר וואס ניט?
— ווייל איך וויל ניט. איך פאהר קיין באָרדאָ און וועל פאהרען קיין באָרדאָ. איך וויל ניט וויסען פון ליווערפול.
— ווען איך וועל אייך אבער גוט בעצאהלען? האט פילעאַס פאָגג געפרעגט.
— איהר מעגט מיר צאהלען, וויפיעל איהר ווילט. איך פאהר קיין באָרדאָ און ניט קיין ליווערפול.
דער שיפס קאפּיטאן האט עס געזאגט אזוי פעסט און מיט אזא טאָן, אז עס האט דייטליך געהייסען: געהט אייך אייער וועג. איך וויל נאר מיט אייך ניט רעדען.
פילעאַס פאָגג אבער האט זיך ניט געריהרט פונ'ם ארט.
— קענט איהר מיר ניט זאגען, ווער זיינען דיא אייגענטהימער פון דער „הענריעטע"? האט ער געפרעגט.
— איך בין דער אייגענטהימער פון דער „הענריעטע", האט דער שיפס קאפּיטאן געענטפערט מיט אַ געוויסען שטאלץ. דיא „הענריעטע" געהערט מיר.
— קענט איהר מיר ניט פערדינגגען אייער שיף?
— ניין.
— פאר וואס ניין?
— ווייל איך וויל ניט.
— פערקויפט מיר אייער שיף, האט פילעאַס פאָגג ווייטער געבעטען.
— איך וויל מיין שיף ניט פערקויפען.
פילעאַס פאָגג איז געבליעבען שטעהן אַ פּאר סעקונדען, וויא צומישט. ביז אהער האט ער זיך אויסגעהאלפען מיט געלד. אין אינדיען האט ער געקויפט אן עלעפאנט, אין האָנג-קאָנג האט ער געפונען אַ סקונער, דיא „טאַנקאַדער". דא אין ניו יארק האט איהם צום ערשטען מאל פּאסירט, אז מען וויל גאר ניט הערען פון קיין געלד. מען פרעגט איהם זאגאר ניט, וויפיעל ער וויל געבען. מען וויל גאר ניט וויסען פון קיין געלד.
ער איז אבער באלד געקומען צו זיך. עס העלפט איהם גאר נישט, ער מוז

פֿאהרען. ער קען ניט ווארמען ביז עס וועט אוועקגעהן אַ שיף קיין ליווערפּול ער האט געטראכט אייניגע מינוטען, דאן האט ער זיך געווענדעט צום שיפֿס קאפּיטאן:

— ווילט איהר מיך מיטנעהמען קיין באָרדאָ?

— ניין.

— איך וועל אייך גוט בעצאהלען.

— ווען איהר זאלט מיר זאגאר געבען צו צוויי הונדערט דאללאר פֿאר אַ פּאסאזשיר, וועל איך אייך ניט מיטנעהמען.

— איך וועל אייך געבען צו צוויי טויזענד דאללאר פֿאר יעדען פּאסאזשיר, האט פֿילעאַס פֿאָגג געזאגט רוהיג.

— וויפֿיעל פּאסאזשירען זייט איהר?

— פֿיער.

— און איהר ווילט מיר צאהלען צוויי טויזענד דאללאר פֿאר יעדען פּאַסאַזשיר?

— יא, בארעס געלד און פֿאראוים בעצאהלט.

אנדריו ספּידי האט זיך אנגעהויבען צו קראצען אין קאפּ, גלייך וויא ער האט געוואלט זיך אויסרייסען דיא האר. אכט טויזענד דאללאר איז אַ שעהנעס געלד. ער האט זעהר פֿיינט געהאט פּאסאזשירען, אבער פֿאר אכט טויזענד דאלאר מעג מען זיך שוין אַ מאל אַ ביסעל צודריקען. ניט אלע טאג טרעפֿט מען פּאסאזשירען, וואס צאהלען צו צוויי טויזענד דאללאר פֿאר אַ רייזע פֿון ניו יארק קיין באָרדאָ.

מיסטער ספּידי האט געטראכט, געקלערט און געפֿונען, אז אכט טויזענד דאלאר טאר מען ניט אוועקמאכען מיט דער האנד.

— יעצט איז אכט אוהר, האט מיסטער ספּידי ענדליך געזאגט. פּונקט ניין אוהר פֿאהר איך ארוים. — וועלען אייערע פּאסאזשירען קענען זיין אויפֿ'ן דעק אום ניין אוהר?

— פּונקט ניין אוהר וועלען מיר אלע זיין אויפֿ'ן דעק פֿון דער „הענריעטע“, האט פֿילעאַס פֿאָגג געענטפֿערט רוהיג.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אראפּגעגאנגען פֿון'ם שטריק לייטער, האט זיך אויפֿגעזעצט אויפֿ'ן באָאָט און איז צוגעפֿאהרען צום דאק. דארט האט אויף איהם געווארט זיין קאָרעטע. ער האט געהייסען פֿאהרען צום טרעמאנט האטעל.

דארט האט ער געהייסען אַאודאַ און פּאספּארטו, זיי זאלען זיך באלד אויפֿזעצען אויף דער קארעטע.

— ווילט איה[illegible] אויך פֿאהרען מיט אונז, העררר פֿיקס? האט ער געפֿרעגט דעם דעטעקטיוו. איך האב איבערגעלאזען אַ פּלאץ פֿאר אייך.

פֿיקס האט בעטראכט פֿילעאַס פֿאָגג מיט שטוינעז. ער האט יעצט ווירקליך ניט געוואוסט, וואס צו דענקען פֿון איהם. איז דאס אַזאַ געשיקטער ייוויגב[illegible]לער, אַזאַ דורכגעטריעבענער באנק רויבער, אז ער איז ווירקליך איבּ שטאנר

אפצונאררען דעם בעסטען דעטעקטיוו, אדער איז דאס גאר אן עהרליכער, גראָס־מוטהיגער מענש, וועלכער איז בערייט צו העלפען יעדען, ווען ער קען נור.

— איך דאנק אייך זעהר, הערר פאָגג, האט ער געזאגט. איך בין געצוואונגען אנצונעהמען אייער גאסטפריינדשאפט.

— אלזא, שנעל אין דער קארעטע! מיר האבען זעהר ווייניג צייט, האט פילעאַס פאָגג געזאגט. אין אַ שטונדע ארום פאהרען מיר ארום קיין איירָאפא.

אלע האבען זיך אויפגעזעצט און זיינען אוועקגעפאהרען. אויפ'ן וועג האט זיך אין פיקס'ן אויסגעהאַפּט דער דעטעקטיוו.

— ער איז אַ באנק רויבער, האט ער זיך געטראכט. עס קען גאר אנדערש ניט זיין. איך גלויב, אז ער פאהרט גאר ניט קיין ענגלאנד. — דאס וועט זיין דיא פראבע: האט ער גענומען אַ שיף קיין ענגלאנד, איז עס אַ בעווייז, אַז ער איז ניט קיין באנק רויבער. האט ער אבער גענומען אַ שיף אין אנאנדער לאנד, ניט קיין ענגלאַנד, איז עס אַ זיכערעס בעווייז, אַז ער איז אַ רויבער און אַנטלויפט ערגעץ. דיא ערשטע זאַך, וואָס איך וועל האבען צו טהאָן אויפ'ן שיף, איז צו פרעגען דעם שיפס קאַפּיטאַן, וואוהין זיין שיף געהט.

אום ניין אוהר זיינען אלע פיער געווען אויפ'ן דעק פון דער „הענריעטע“. פילעאַס פאָגג האט ארויסגענומען אַ פעקעל ענגלישע באנק נאטען און האט בעצאהלט דעם שיפס קאפּיטאן אכט טויזענד דאללאר.

פאַספּאַרטו איז אויפגעשפרונגען, ווען ער האט דערהערט, וויא טהייער עס קאסט דיעזע רייזע. ער איז ארומגעלאָפען אויפ'ן שיף זעהן, אויב דיא ברעטער זיינען ניט פון גאלד, ווען מען צאהלט צוויי טויזענד דאללאר פאַר א פּאַסאַזשיר.

קוים איז פיקס ארויפגעקומען אויפ'ן דעק, האט ער געפרעגט אַ מאַטראָז, וואוהין דאס שיף געהט.

— קיין באָרדאָ, האט דער מאַטראָז געענטפערט.

— דאַן איז ער אַ באַנק רויבער, האט זיך פיקס געטראכט. ער פערשווענדעט דאס געלד, וואס ער האט אוועקגערויבט פון דער באַנק אף ענגלאנד! — אנדערש קען עס גאר ניט זיין. וויא אזוי קען עס אַ מענש צאהלען צו צוויי טויזענד דאללאר פאַר אַ פּאַסאַזשיר פון ניו יארק קיין באָרדאָ? דיא בעסטע שיפען נעהמען ניט מעהר, וויא הונדערט דאללאר פאַר אַ פּאַסאַזשיר ערשטער קלאַסע. שאַדע! דיא באנק אף ענגלאנד פערליערט איהר געלד אומזיסט!

33טעס קאַפּיטעל.

## פילעאַס פאָגג ווייזט, אז ער איז אַ העלד און וויים, וואס ער טהוט.

דער שיפס קאפּיטאן ספּידי האט געהאלטען ווארט. קוים זיינען זיינע פּאַסאַזשירען געווען אויפ'ן דעק, האט ער באלד געגעבען אַ בעפעהל צו זיינע מאַטראָזען, זיי זאלען אויפהייבען דעם אַנקער און זאלען ארויספאהרען פון דער בוכטע פון ניו יארק.

דיא מאַטראָזען האבען אויפגעהייבען דעם אַנקער, דיא מאַשין האט אנגע־

הויבען צו פּייפען אום אבשיעד צו נעהמען פון דער גרעסטער און רייכסטער האנדעלס שטאדט אין גאנץ אמעריקא.

פּאַספּאַרטו איז געווען זעהר אונצופריעדען, וואס ער האט גאר נישט גע־זעהן פון ניו יארק. עס איז ווירקליך אַ הארצוועהטאג צו מאכען אַ רייזע ארום דיא וועלט, צו זיין אין אַזאַ שטאדט, וויא ניו יארק, דיא דריטע גרעסטע שטאדט אין דער וועלט און זיא ניט צו זעהן! פּאַספּאַרטו האט געוואוסט, אז דיא גרעסטע שטאדט אין דער וועלט איז לאנדאן. דיא צווייטע שטאדט נאך לאנדאן איז פּאַריז; דיא דריטע שטאדט נאך לאנדאן איז ניו יארק.

ער איז געשטאנען אויפ'ן דעק פון דער „הענריעטע“ און האט בעטראַכט דיא זעלטען שעהנע און איבערראַשענדע סצענע, וועלכע דער פּארט פון ניו יארק שטעלט פאר. צעהנדליגער פּעררים רוישען מיט זייערע גרויסע רעדער אין דיא שטילע וואסערן פון'ם טייך הודזאן, וואו זיי מישען זיך אוים מיט דיא גע־ואלצענע ווערען (בוואליעס) פון'ם אטלאנטישען וועלט מעער. הונדערטער שיפען, בארקען, סקונער און קליינע שלעפּ־דאמפּפער פליעהן ארום אין אלע זייטען, שניידען דורך דיא וואסערן, רוישען, פּייפען און קרעכצען.

איבערן פּארט פון ניו יארק הערשט אַ בעשטענדיגער ליארם, געשריי און געפּייפעריי. — דאס איז אַ געשריי פון זיעג און טריאומף. דער מענש האט גע־זיעגט איבער דיא נאטור!

פּאַספּאַרטו איז געשטאַנען און האט בעוואונדערט דיא ריעזען שטאדט — ניו יארק, פון וועלכער ער האט געקענט זעהן נור אַ גאנץ קליינעם טהייל. ער האט געזעהן דעם בעריהמטען קעסל גארדען, וואו אלע עמיגראנטען מוזען אנ־קומען און פערשרייבען זייערע נעמען. אויפ'ן קעסל גארדען האט געוועהט אין דער הויך דיא אמעריקאנישע פאהן מיט איהרע ווייסע און רויטע פאַסען, מיט איהרע שטערן אויף אַ בלויען פאָן. ער האט געזעהן דעם באַטערי פּליים, וואו דאס לעבען פון דער גרויסער שטאדט רוישט, קאכט און זיעדעט, וויא אין אַ קעסעל.

אזוי וויא ער איז אזוי געשטאנען און האט בעוואונדערט דיא הויפּט שטאדט פון דער נייער וועלט, איז צו איהם צוגעקומען א ניעדעריגער מאן מיט אַ פּאר ברילען אויף דער נאז. דאס איז געווען דער ערשטער און איינציגער אָפיציער אויף דער „הענריעטע“.

— יונגער מאן, איהר בעוואונדערט דיעזע גרויסע שטאדט, האט ער איהם געזאגט, וויא וועט איהר זיך ערשט וואונדערן, ווען מען זאל אייך דערצעהלען, אַז ערשט גאר ניט לאנג, מיט צוויי הונדערט און זעכציג יאהר צוריק דאס הייסט אין 1612 איז אויפ'ן ארט פון קעסל גארדען געשטאנען אַ הילצערנע שטוב און ארום שטוב איז געווען אַ פּארקען פון גראבע קלעצער. דאס האבען דיא האלענ־דער געבויט אַ פעסטונג.

— דיא האלענדער? האט פּאַספּאַרטו געפרעגט. וויא קומען דיא האלענדער קיין ניו יארק?

— איך זעה, אז איהר קענט ניט דיא געשיכטע פון ניו יארק, האט דער אפיציער געענטפערט. אין 1607 האט א האלענדער שיפס קאפיטאן מיט'ן נאמען הענרי הודזאן ענטדעקט דיעזעס לאנד און דיעזען טייך. דער טייך טראגט זיין נאמען — הודזאן — ביז אויף היינטיגען טאג. אין 1612, אלזא פונקט מיט צוויי הונדערט און זעכציג יאהר צוריק, האבען דיא האלענדער אויסגעבויט א פעסטונג אויף דעם ארט, וואו עס שטעהט היינט דער קעסל גארדען. דיא גאנצע פעסטונג איז געווען איין שטוב, געבויט פון גראבע און שטארקע קלעצער. ארום דיעזעס הויז האבען זיי געמאכט א גרויסען גארטען.

— פיעללייכט הייסט עס דערפאר קעסל גארדען? האט פאספארטו געפרעגט. — קעסל הייסט א שלאס, א פעסטונג, און גארדען הייסט א גארטען?

— געוויס! מיין אונבעקאנטער פריינד. דער קעסל גארדען איז געווען דאס קליינע קערנדעל, פון וועלכען עס וואקסט אויס א גרויסער בוים. פון דעם איינציגען הויז אין קעסל גארדען איז אויסגעוואקסען דאס גרויסע ניו יארק מיט זיינע מיליאנען איינוואינער, מיט זיינע טויזענדער פאבריקען, מיט זיינע הונדערטער באנק הייזער.

— דאס האב איך ניט געוואוסט, האט זיך ניט געשעהמט אויסצוזאגען פאספארטו. איך וואלט קיין מאל ניט געגלויבט, אז אין אזא קורצע צייט זאל אויסוואקסען אזא גרויסע שטאדט.

— ניו יארק וואקסט מיט יעדען טאג, ריכטיגער געזאגט מיט יעדער שטונדע. ניו יארק איז נאך לאנדאן דער גרעסטער פארט אין דער וועלט. אין פארט פון ניו יארק געפינען זיך בעשטענדיג פון זעקס הונדערט ביז אכט הונדערט שיפען. אלע דיעזע שיפען ברענגען קיין ניו יארק דיא סחורות פון דער גאנצער וועלט און מענשען פון דער גאנצער וועלט.

דער אפיציער וואלט נאך גערעדט זעהר לאנג און וואלט איהם נאך געווען דערצעהלט זעהר פיעל איבער ניו יארק, ווען דער קאפיטאן זאל איהם ניט געווען אוועקרופען.

יעדעס שיף געהט זעהר לאנגזאם, ווען עס געהט ארויס פון'ם פארט פון ניו יארק. מען מוז זיין זעהר פארזיכטיג, מען זאל זיך ניט אנשלאגען אן אנאנדער שיף. אלע מאטראזען זיינען דאן געוועהנליך זעהר בעשעפטיגט. דעם שיפס קאפיטאן ספידי האט עס פערדראסען, וואס זיין ערשטער אפיציער האט זיך געשטעלט רעדען מיט א פאסאזשיר.

דיא „הענריעטע“ איז יעצט פארבייגעפאהרען פארט ווילליאמס אויף דער אינזעל מיט'ן נאמען גאווערנארס איילאנד. דארט שטעהן שטענדיג קאנאנען מיט דיא מיילער אפען און דראהען יעדען פיינד, וועלכער וויל צוקומען קיין ניו יארק. באלד האבען זיך געוויזען דיא גרינע בערג פון סטייטען איילאנד, א גרויסע אינזעל אין דער בוכטע פון ניו יארק, וואו דיא רייכע קויפלייטע פון ניו יארק פערברענגען דעם הייסען זומער אין זייערע לופטיגע זומער פאלאצען.

אין א האלבע שטונדע ארום איז דיא „הענריעטע“ פארבייגעפאהרען דעם

גרויסען לייכט טורעם אויף סטייטען איילאנד, וועלכער ווייזט דיא שיפען, וועל-כע קומען אן פון ווייט, וויא אזוי זיי זאלען אריינפאהרען אין טייך הודזאן — אין בוכטע פון ניו יארק.

אַ גאנצען טאג האט מען נאך געקענט זעהן דיא גרויסע אינזעל, לאנג איילאנד, וואו עס געפינט זיך דיא גרויסע שטאדט ברוקלין און פיעלע אנדערע קלענערע שטעדט. יעדעס שיף, וואס קומט אן פון אייראפא אדער וואס געהט אוועק קיין אייראפא, מוז ארומפאהרען דיא אינזעל לאנג אליינד. דער אטלאנ-טישער וועלט מעער איז פול מיט שטיינער אין דיעזער געגענד און דער שיפס קאפיטאן מוז זיין זעהר פארזיכטיג.

קוים איז דיא „הענריעטע" אוועקגעפאהרען פון לאנג איילאנד, האט זיא אנגעהויבען צו פאהרען זעהר שנעל קיין אסטען (מזרח) — קיין אייראפא. יעצט איז זיא שוין געווען אויפ'ן גרויסען, ברייטען און טיעפען וועלט מעער, וועלכער רוישט מיט זיינע בלוי וועללען (כוואליעס) צווישען אמעריקא און אייראפא.

דעם אנדערן טאג אום עלף אוהר אין דער פריה איז ארויפגעגאנגען א מאן אויפ'ן בריקעל, וואו דער שיפס קאפיטאן דארף שטעהן, און האט גענומען אין דער האַנד דאס רעדעל — דעם רודער. דיא פאַסאַזשירען און דיא מאטראזען זיינען געווען ערשטוינט און איבערראַשט, ווען זיי האבען דערזעהן, אז דער מאַן, וועלכער פיהרט יעצט דאס שיף, איז ניט דער שיפס קאפיטאן ספידי, זאנדערן — פילעאַס פאגג.

וואו איז אלזא געווען דער שיפס קאפיטאַן ספידי? — ער איז געלעגען פערשלאסען אין זיין קאיוטע, האט געשריען, געליאַרמט, זיך געבייזערט, געריסען דיא טהיר און געשאלטען דיא גאנצע וועלט. בעזאנדערס אבער פילעאַס פאַגג.

וואס איז דען געשעהן איבער נאַכט? וויא קומט עס, וואס דער שיפס קאַפיטאן ליעגט יעצט פערשפאַרט אין זיין קאַיוטע, וויא אַ געפאַנגענער? וועט געווים יעדער לעזער פרעגען. — גאנץ איינפאַך.

פילעאַס פאַגג האט געדאַרפט פאהרען קיין ליווערפול. דער שיפס קאַפי-טאַן האט אויף קיין פאַל ניט געוואלט פאהרען קיין ליווערפול, נור קיין באָרדאָ. פילעאַס פאַגג האט איינגעוויליגט צו פאהרען קיין באָרדאָ. קוים אבער איז ער געווען אויפ'ן שיף, האט ער אנגעהייבען צו טהיילען באנק נאטען צווישען דיא מאַטראַזען, דעם מאַשיניסט, דיא הייצער און אלע מענשען, וואס זיינען געווען אויפ'ן שיף.

קאַפיטאַן ספידי איז געווען אַ שטרענגער שיפס קאַפיטאַן. זיינע מאַטראַזען זיינען מיט איהם געווען זעהר אונצופריעדען, ווייל ער פלעגט זיי זעהר שלעכט בעהאַנדלען. איבער נאַכט האט פילעאַס פאַגג איבערגעקויפט אלע מאַטראַזען פון דער „הענריעטע". ווען דער שיפס קאַפיטאַן האט זיך געלעגט שלאַפען אין דער פריה, האט פילעאַס פאַגג געהייסען פערשליעסען זיין קאַיוטע און ער אליין איז צוגעגאנגען צום רעדעל און האט אויסגעדרעהט דיא „הענריעטע" אויפ'ן וועג קיין ליווערפול.

דער ערשטער אָפֿיציער און דיא מאַטראָזען האבען געזעהן מיט שטוינען און בעוואונדערונג, אז פֿילעאַס פֿאָגג קען רעגיערן אַ שיף. ער האט זיא געקי־רעוועט און געפֿיהרט, וויא אַ טיכטיגער אלטער שיפֿס קאַפּיטאַן.

אַאודא איז געווען זעהר אונרוהיג. איהר איז עס געיווען העכסט אונאנגע־נעהם, וואס פֿילעאַס פֿאָגג האט פֿערשפּאַרט דעם שיפֿס קאפּיטאן און וויל איהם צווינגען, ער זאל פֿאהרען, וואוהין יענער וויל ניט.

פֿיקס איז געווען אויסער זיך. יעצט האט ער זיך איבערצייגט, אַז פֿילעאַס פֿאָגג איז אַ שרעקליכער רויבער, וועלכער איז אויף אלעס פֿעהיג.

— ער וויל אוועקרויבען ביים ארימען שיפֿס קאַפּיטאַן זיין שיף, האט ער געזאגט צו זיך אליין. ער וועט געוויס טייטען דעם שיפֿס קאפּיטאן און זיך אוועק־פֿאהרען מיט זיין שיף.

נור פּאַספּאַרטו איז געווען צופֿריעדען, וואס פֿילעאַס פֿאָגג האט אזוי אפּ־געטהאן דעם שיפֿס קאַפּיטאַן.

— בראַוואָ! בראַוואָ! האט ער אויסגערופֿען יעדעס מאל, וואס ער האט געזעהן, וויא פֿילעאַס פֿאָגג דרעהט דאס רעדעל פֿון דער „העגריעטע“.

דיא ערשטע זאַך, וואס פֿילעאַס פֿאָגג האט געוואלט וויסען, איז געווען וויא שנעל געהט דיא „העגריעטע“. דאס איז געווען זעהר אַ וויכטיגע פֿראַגע.

פֿון ניו יארק קיין ליווערפּול איז דריי טויזענד מייל. ווען דיא „העגריעטע“ וועט געהן פֿופֿצעהן מייל אין אַ שטונדע, וועט ער אין ניין טעג קענען קומען קיין ליווערפּול. דאס הייסט, דעם 21טען דעצעמבער אין דער פֿריה וועט ער זיין אין ליווערפּול. דאן קען ער ביז אבענד זיין אין לאנדאן און געווינען זיין וועטע.

פֿילעאַס פֿאָגג האט זעהר גוט געוואוסט, אז ער האט ריסקירט זעהר פֿיעל דערמיט, וואס ער האט פֿערשלאסען דעם שיפֿס קאפּיטאן אין זיין קאַיוטע. דיא געזעצע פֿון אלע לענדער בעשטראָפֿען זעהר הארט פֿאַר אזא פֿערברעכען אויפֿ'ן מעער. מאַכען אַ רעוואלוציאן אויפֿ'ן מעער, אויפֿרייצען דיא מאטראזען געגען זייער שיפֿס קאפּיטאן, צונעהמען ביי איהם זיין שיף, איז איינע פֿון דיא גרעסטע פֿערברעכען געגען דיא געזעצע פֿאַר שיפֿען און מאטראזען.

דאס האט אבער געוואוסט נור פֿילעאַס פֿאָגג און דער דעטעקטיוו פֿיקס. פּאַספּאַרטו האט דיא גאנצע געשיכטע געמאַכט שפּאַס. ער איז געווען העכסט צופֿריעדען, וואס פֿילעאַס פֿאָגג האט אפּגעטהאן דעם שיפֿס קאפּיטאן ספּידי אַזאַ שטיקעל.

דיא ערשטע צוויי טעג איז אלעס געגאנגען נאך וואונש. דער ווינד איז געווען גינסטיג. פֿילעאַס פֿאָגג אלס שיפֿס קאפּיטאן האט געהייסען אויפֿציעהען אלע זעגעל און דיא „העגריעטע“ איז געפֿלויגען מיט פֿולען דאמפֿ און מיט אלע איהרע זעגעל קיין אסטען (מזרח)—קיין אייראפּא.

פּאַספּאַרטו איז באלד געווארען אַ גוטער פֿריינד מיט אלע מאטראזען. ער האט געשפּאַסט מיט זיי. האט זיי געוויזען זיינע קונסטשטיקע פֿון צירק, האט

געטרונקען מיט זיי צוזאמען און איז באלד געווארען דער ליעבליג פון זיי אלע־מען. ער האט געבעטען יעדען בעזונדער, זיי זאלען טהאן אלעס מעגליכע, אז דיא „הענריעטע" זאל געהן שנעלער און זאל אנקומען פונקט צור צייט אין ליווערפול.

דער ארימער פאספארטו האט ניט געוואוסט, אז ווען זיי קומען אן גלייך קיין ליווערפול און דער שיפס קאפיטאן מעלדעט דער פאליציי, וואס מען האט געגען איהם געטהאן אויפ'ן וועג, וועט מען פילעאס פאגג ארעסטירען אלס פי־ראט — זעע רויבער —. דיא ענגלישע געזעצע בעשטראפען אַ פיראט מיט'ן טויט. קוים זיינען דא בעוויזע, אז אַ מענש האט געוואלט רויבען אַ שיף אין דער צייט, וואס ער איז געווען אויפ'ן מעער, קומט איהם אויפצוהענגען.

דאס האט דער פרעהליכער פראנצויז ניט געוואוסט. ער פלעגט זיך אפט בעגעגענען מיט'ן דעטעקטיוו פיקס, פלעגט אבער מיט איהם ניט וועלען רעדען. ער פלעגט איהם זאגאר אויסמיידען, ער האט גאר ניט געוואלט איהם בעגעגענען.

פיקס האט אלעס געזעהן און אלעס פערשטאנען אויף זיין אַרט. ער האט זיך יעצט איבערציינגט, אַז פאספארטו איז אַזאַ גנב און אַזאַ רויבער, וויא פילעאס פאגג. זיי האבען ביידע צוזאמען בערויבט דיא באַנק אָף ענגלאנד און יעצט האבען זיי ביידע צוזאמען בערויבט דעם שיפס קאפיטאן פון דער „הענריעטע". זיי האבען ביי איהם צוגענומען זיין שיף און פאהרען יעצט אין אויסטראַליען, וואו זיי וועלען ווערען עפענטליך זעע רויבער.

פיקס האט אנגעהויבען צו ציטערן. פאספארטו וויים דאך, ווער ער איז. קוים וועלען זיי קומען אין ווילדע געגענדען, וועלען זיי איהם אריינווארפען אין וואסער אריין. וואס טויג זיי אַ דעטעקטיוו אויף אַ פיראַטען שיף?

דער שיפס קאפיטאן ספידי איז נאך אַלץ געווען פערשפאַרט אין זיין קאַ־יוטע. פאספארטו האט געהאט אן ארבייט צו ברענגען איהם דריי מאל אין טאג עסען און טרינקען. יעדעס מאל, ווען פאַספאַרטו פלעגט צוקומען צו איהם, פלעגט דער שיפס קאפיטאן אנהייבען צו זיעדלען זיך, צו שילטען און צו דראהען, אז ער וועט זיי אלעמען אריינווארפען אין מעער.

דיא „הענריעטע" איז אונטערדעסען געגאנגען איהר וועג. זיא איז פארביי־געפאהרען ניט וויים פון דער גרויסער אינזעל „ניו פונדלענד". פון דארט ביז ליווערפול ליעגט אַ גרויסע שטרעקע וואסער, אין וועלכער עס אין ערגעץ ניטא, וואו זיך אפצושטעלען.

דיעזע געגענד אין מעער איז בעקאנט אלס זעהר אַ געפעהרליכע, בעזאנ־דערס אין ווינטער צייט. זעהר אפט קומען דארט פאר שטורמווינדען, געדיכטע נעבעל, צומאל בעגעגענט מען דארט אייז בערג, וועלכע מען מוז אויסווייכען. אין יענער געגענד מוז א טיכטיגער און געשיקטער שיפס קאפיטאן פיהרען אַ שיף.

אונזערע רייזענדע זיינען באלד געוואהר געווארען, אין וואס פאר אַ געפעהרליכע געגענד זיי פאהרען. דעם 13טען דעצעמבער איז דיא לופט געווא־רען קעלטער און קעלטער. עס האט זיך אויפגעהויבען אַ קאלטער ווינד און עס

האט אנגעהויבען צו שנייען. דעם 14טען דעצעמבער אין דער פריה איז דיא גאנצע דעק פון דער „הענריעטע“ געווען בעדעקט מיט שנעע. דאס וואסער איז פערפרארען געווארען און פון דיא אייבערשטע קאיוטעס זיינען ארונטערגעהאנגען צעפעלעך אייז.

דער ווינד איז געווארען שטארקער און שטארקער. פילעאס פאגג איז געווען געצוואונגען איינצוציעהען דיא זעגעל. דער ווינד האט געקענט פערטראגען דיא „הענריעטע“ עטוואס גאנץ ווייט פון איהר וועג. אזוי וויא פילעאס פאגג האט אבער דאך געוואלט פאהרען שנעלער, האט ער געהייסען שטארק הייצען אונטערן קעסעל און טרייבען דיא „הענריעטע“ מיט פולען דאמפף.

דעם 15טען דעצעמבער האט אויסגעבראכען א שטורמווינד. דיא וועללען (כוואליעס) זיינען געגאנגען אזוי הויך, אז זיי האבען זעהר אפט אפגעוואשען אלעס, וואס האט זיך געפונען אויפ'ן דעק. דיא „הענריעטע“ האט ניט געקענט געהן מיט פולען דאמפף. ווער עס האט בייגעוואוינט א גרויסען שטורמווינד אויף א שיף, דער ווייס, וויא געפעהרליך עס איז צו טרייבען א שיף מיט פולען דאמפף אין א שטורם.

דער דאמפף שטויסט דיא רעדער און טרייבט זיי פארווערטס, דיא כוואליעס לויפען אן מיט א שרעקליכע קראפט און טרייבען זיי צוריק. דורך דעם צוזאמענשטויס פון אזעלכע צוויי פערשידענע קרעפטע קען א מאל צובראכען ווערן דער רודער אדער דער וואלל, פראפעלער, וועלכער טרייבט דיא גאנצע שיף.

דאס איז דיא אורזאכע, פאר וואס יעדעס שיף האלט איין דעם דאמפף אין דער צייט פון א שטורם. דאמאלסט הערשט דער ווינד. איהם מוז מען פאלגען. —

פילעאס פאגג איז געווען א היטציגער שיפס קאפיטאן. ער האט געוואוסט, וויא אזוי צו רעגיערן א שיף. דיא גאנצע צייט, וואס דער שטורם האט געדויערט, האט ער ניט אפגעטרעטען פון'ם רעדעל, גלייך וויא ער וואלט געווען צוגעבונדען צו איהם. ער האט זיך געשפיעלט מיט דיא וועללען. קוים זיינען אנגעקומען גרויסע און שרעקליכע כוואליעס, האט ער ארויפגעפיהרט דיא „הענריעטע“ אויף זייער ברייטען מיט שוים בעדעקטען רוקען.

וואלט דער ווינד געבלאזען פון אמעריקא קיין אייראפא, וואלט פילעאס פאגג געווען אויפגעצוואונגען אלע זעגעל און זואלט געדאנקט דעם שטורמווינד, וועלכער וואלט איהם געהאלפען קומען שנעלער קיין ליווערפול. דאס אונגליק אבער איז געווען, וואס דער ווינד האט געבלאזען פון איירפא קיין אמעריקא. דיא זעגעל האבען דא גאר ניט געקענט העלפען. פילעאס פאגג האט זיך געמוזט פערלאזען נור אויפ'ן דאמפף.

דעם 16טען דעצעמבער האט פילעאס פאגג אויסגערעכענט, אז ער איז איינגעפאהרען העלפט וועג. ער איז אין גאנצען פופצעהן הונדערט מייל פון ליווערפול. היינט איז דער פינף און זיעבציגסטער טאג, זייט ער איז ארויסגעפאהרען פון לאנדאן. אלזא האט ער נאך פינף טעג צו פאהרען. אין זומער צייט האלט

ער געוועזן זיכער, אז ער וועט אנקומען פונקט צור צייט. אים ווינטער אבער איז עס א פראגע. — אים ווינטער פאהרט מען ניט אזוי שנעל, וויא אים זומער.

דאס ערגסטע בין איך שוין איבערגעקומען, האט ער געזאגט צו זיך אליין. דיא ערגסטע געגענד בין איך שוין אריבערגעפאהרען. יעצט דארף איך נור טרייבען דיא „הענריעטע" מיט פולען דאמפף און איך וועל אנקומען פונקט צור צייט.

דער שטורם איז געווארען שטילער. פילעאס פאגג האט געהייסען דעם מאשיניסט הייצען אונטערן קעסעל, וויפיעל ער וועט קענען און טרייבען דיא „הענריעטע" זא שנעל, וויא ער וועט נור קענען.

קוים האט ער געגעבען דיעזען בעפעהל, איז דער מאשיניסט ארויפגעקומען צו איהם צום רעדעל און האט עפעס אנגעהויבען מיט איהם צו רעדען.

פאספארטו האט געזעהן, וויא זיין הערר רעדט עפעס זעהר ערנסט מיט'ן מאשיניסט און ער האט געפיהלט, אז ניט אלעס איז אין ארדנונג. ער האט זעהר געוואלט הערן, וואס זיי רעדען און האט זיך ארומגעדרעהט ארום רעדעל. אלעס וואס זיי האבען גערעדט, האט ער ניט געקענט הערן, ער האט נור אויפגעחאפט עטליכע ווערטער. ער האט געהערט, וויא פילעאס פאגג האט געפרעגט דעם מאשיניסט:

— זייט איהר זיכער, אז עס איז אזוי?

— געוויס, בין איך זיכער, האט דער מאשיניסט געענטפערט. ווען מיר זיינען ארויסגעפאהרען פון ניו יארק, האבען מיר געהאט נור אזוי פיעל קוילען אויפ'ן שיף, אז עס וואלט געוועזן גענוג צו פאהרען לאנגזאם פון ניו יארק קיין באָרדאָ. מיר האבען פעסט גערעכענט, אז מיר וועלען געברויכען דיא זעגעל. אויף ליווערפול האבען מיר גאר ניט גערעכענט. יעצט פאהרען מיר אבער קיין ליווערפול און מיר פאהרען נאך מיט פולען דאמפף. מיר האבען געהייצט אין אלע אייוועגס. זעלבסטפערשטענדליך, אז דיא קוילען לאזען זיך אויס.

— איך מוז מיך איבערלעגען, האט פילעאס פאגג געענטפערט גאנץ רוהיג.

פאספארטו האט שוין יעצט אלעס געוואוסט. — עס האט זיך אויסגעלאזט דער פארראטה (זאפאס) פון קוילען אויף דער „הענריעטע". — וואס טהוט מען יעצט? אהן קוילען זיינען זיי פערלארען!

פאספארטו אבער איז געוועזן שטארק פערגלויבט אין פילעאס פאגג.

— ער וועט שוין געפינען א מיטעל, וויא אזוי צו הייצען דיא קעסעל פון'ם שיף, האט ער געזאגט צו זיך אליין.

אזוי וויא ער איז אזוי ארומגעגאנגען פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, וויא אזוי פילעאס פאגג וועט אויסגעפינען א מיטעל צו טרייבען דאס שיף, האט ער בעגעגענט דעם דעטעקטיוו פיקס.

— וויכט איהר הערר פיקס, אז מיר האבען זעהר ווייניג קוילען אויפ'ן שיף? האט זיך פאספארטו ניט געקענט איינהאלטען און האט געפרעגט דעם דעטעקטיוו.

פיקס האט געטראכט איינינע אייגענבליקע, דאן האט ער זיך אומגעקעהרט צו פאספארטו און האט איהם צוריקגעפרעגט:

— נו? גלויבסט איהר נאך אלץ, אז מיר פאהרען קיין ליווערפול?

— געוויס! האט פאספארטו אויסגערופען. אנדערש קען עס גאר ניט זיין!

— דוא ביסט אן עזעל! האט פיקס געזאגט און איז אוועקגעגאנגען פון איהם.

פאספארטו האט צונויפגעלעגט דיא הענד אין שרעקליכע פויסטען און האט געוואלט בעווייזען דעם דעטעקטיוו, אז ער איז ניט קיין עזעל. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז דער בעסטער בעוויז אין אזא פאל זיינען גוטע עטליכע טרוקענע קלעפ. אזא בעוויז מוז מען גלויבען. זאגאר פיעלע פילאזאפען האט מען איבערצייגט דורך אזעלכע בעווייזע, אז זייער פילאזאפיע איז פאלש.

פיקס האט ווירקליך מורא געהאט פאר אזעלכע בעווייזע און האט זיך בעהאלטען ערגעץ אין א קאיוטע. פאספארטו, האט זיך ארומגעדרעהט אויפ'ן דעק און האט פון צייט צו צייט געקוקט אויף פילעאס פאגג. ער האט געוואלט וויסען, וואס פילעאס פאגג וועט טהאן אין אזא פאל.

עס זיינען פערגאנגען א פאר שטונדען. פלוצלונג האט איהם פילעאס פאגג צונערופען צו זיך.

— געה און זאג דעם מאשיניסט, ער זאל הייצען, וויפיעל ער קען און זאל טרייבען דאס שיף מיט פולען דאמפף, האט ער איהם געזאגט.

פאספארטו איז באלד אראפגעגאנגען אין דער מאשינען אבטהיילונג און האט איבערגעגעבען דעם מאשיניסט פילעאס פאגג'ס בעפעהל.

אין איינינע מינוטען ארום האט זיך פונ'ם קוימען פון דער „הענריעטע" אויפגעהויבען א דיקער, שווארצער רויך. דער מאשיניסט האט פינקטליך אויסגעפאלגט פילעאס פאגג'ס בעפעהל.

שנעלער און שנעלער איז געפלויגען דיא „הענריעטע" אויף דיא קאלטע וואסערן פונ'ם אטלאנטישען וועלט מעער. דעם 18טען דעצעמבער האט דער מאשיניסט געשיקט זאגען פילעאס פאגג, אז היינט הייצט ער מיט'ן לעצטען ביסעל קוילען, וואס ער האט. ער וועט נאך האבען קוילען פיעללייכט ביז מיטאג.

— פאספארטו! האט פילעאס פאגג גערופען. געה און זאג דעם מאשיניסט, ער זאל ניט לאזען אויסגעהן דעם פייער און זאל אריינווארפען אונטערן קעסעל דאס לעצטע ביסעל קוילען.

פאספארטו איז אוועקגעגאנגען און האט איבערגעגעבען דעם מאשיניסט, וואס מען האט איהם געהייסען.

פילעאס פאגג האט ארויסגענומען זיין נאטיץ בוך און האט אנגעהויבען צו רעכענען. ער האט גערעכענט א לאנגע צייט, האט געשריבען און געמעקט, ביז זיין רעכנונג האט געשטימט. ווען ער האט געענדיגט זיין רעכנונג, האט ער צוגערופען פאספארטו און האט איהם געזאגט:

— נא דיר דעם שליסעל, געה און ברענג מיר דעם שיפּס קאפּיטאַן, מיסטער ספידי.

פּאספּארטו האט געמאכט אַ זויערע מינע, גלייך וויא מען וואלט איהם געהייסען געהן ארויסלאזען אַ טיגער פון זיין שטייג.

— איך וועל האבען צו טהאן מיט אַ וואהנזיניגען, האט ער געזאגט צו זיך אליין.

דענאך איז ער געגאנגען, האט אויפגעשלאסען דעם קאפּיטאנס קאיוטע און האט איהם געזאגט:

— מיסטער ספידי, הערר פילעאַס פאָגג וויל מיט אייך עפּעס רעדען.

קוים האט ער ארויסגעזאגט דיזע ווערטער, איז דער שיפּס קאפּיטאַן ארויסגעלאפען פון זיין קאיוטע, וויא אַ באמבע פון אַ שארף געלאדענער קאנאנע. ער איז צוגעלאפען גלייך צו פילעאַס פאָגג און איז געבליעבען שטעהן פאר איהם, וויא אַ שרעקליכע דינאמיט באָמבע, וועלכע קען יעדע מינוט פלאצען און פערניכטען אלעס.

— וואו זיינען מיר יעצט? האט דיא באמבע ארויסגעפלאצט.

וואלט קאפּיטאן ספידי ווירקליך געהאט אַ רעוואלווער, אַ ביקס אדער אַ קאנאנע אין דיא הענד, וואלט ער געוויס געוועזען אויסגעשאסען אויף פילעאַס פאָגג.

— וואו זיינען מיר יעצט? האט ער געשריען נאך העכער, ווען פילעאַס פאָגג האט איהם אזוי גיך ניט געענטפערט.

— מיר זיינען יעצט זיבען הונדערט און זיבעציג מייל ווייט פון ליווערפול, האט פילעאַס פאָגג געענטפערט גאנץ רוהיג.

— רויבער! פיראַט! האט קאפּיטאַן ספידי געשריען און האט געטאנצט, וויא אַ וואהנזיניגער.

— איך האב אייך געשיקט רופען, הערר ספידי, האט פילעאַס פאָגג געזאגט גאנץ געלאַסען.

— מערדער! רויבער! זעע רויבער! האט זיך געקאכט קאפּיטאַן ספידי.

— איך וויל, איהר זאלט מיר פערקויפען אייער שיף.

— מיין שיף? איך וועל זיא אייך ניט פערקויפען פאר קיין געלד!

— איך בין געצוואונגען, איך זאל זיא פערברענען, האט פילעאַס פאָגג געזאגט קאלטבליטיג.

— רויבער! מערדער! פערברענען מיין שיף?

— מיר האבען קיין הייצונג. איך בין געצוואונגען צו ברעכען דעם דעק און דיא אויבערשטע קאיוטען און הייצען מיט'ן האלץ.

קאפּיטאַן ספידי איז אונטערגעשפּרונגען.

— פערברענען מיין שיף? — מערדער! ווייסט דוא, אז מיין שיף איז ווערטה ביז אין דיא פופציג טויזענד דאללאר?

— איך גיב אייך זעכציג טויזענד, האט פילעאַס פאָגג געזאגט רוהיג און

האט ארויסגענומען אַ פעקעל ענגלישע באנק נאטען, וועלבע ער האט איהם דערלאנגט.

קאפיטאן ספידי איז געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. ער האט זעהר גום געוואוסט, אז דיא „הענריעטע" איז נים ווערטה קיין פערציג טויזענד דאללאר, ווען ער וויל זיא פערקויפען. יעצט גיט מען איהם זעכציג טויזענד! — אַ שעהנע סומע געלד!

יעדער אמעריקאנער ווערט ווייבער און פריינדליכער, ווען ער דערזעהט זעכציג טויזענד דאללאר. אזא סומע געלד זעהט מען נים יעדען טאג. — דיא באמבע האט ניט געקענט פלאצען. פילעאַס פאָגג האט אויף איהר ארויפגעלעגט אַ נאסען פלאסטער.

— איהר קויפט נור דאס האלץ פון מיין שיף, דאס אייזען וועט געהערן צו מיר, האט ענדליך קאפיטאן ספידי געזאגט.

— איך דארף נור דאס האלץ, האט פילעאַס פאָגג געענטפערט. אלעס איבעריגע געהערט צו אייך.

— דאן פערקויף איך אייך דאס האלץ פון מיין שיף.

— אפגעמאַכט? האט פילעאַס פאָגג געפרעגט.

— אפגעמאַכט! האט קאפיטאן ספידי געענטפערט.

פילעאַס פאָגג האט איהם געגעבען דאס געלד. קאפיטאן ספידי האט גאנץ רוהיג איבערגעצעהלט, אויב עס איז ריכטיג דא זעכציג טויזענד דאללאר, האט אריינגעלעגט דאס געלד אין קעשענע און האט געוואלט אוועקגעהן. פילעאַס פאָגג האט איהם צוריקגעהאלטען.

פאספארטו און פיקס האבען ביידע געזעהן דיעזע סצענע. ביידע זיינען געוועזן בלייך, וויא קאלך און האבען געציטערט. פאספארטו האט עס פערדראסען, וואס עס קאסט זיין הערר אזוי פיעל געלד פון ניו יארק קיין ליווערפול. זיין הערר וועט ווירקליך געווינען פופציג טויזענד פונט, ער וועט אבער דערפון גאר ניט האבען. דיא רייזע וועט איהם קאסטען אזוי פיעל.

פיקס איז אויך געוועזן בלייך. ער האט זיך געטראַכט:

— זעהט, וויא דער באנק רויבער ווארפט ארויס דאס געלד, וואס ער האט אנגערויבט פון דער באנק אף ענגלאנד!

ער האט קיין צייט נים געהאט לאנג צו טראכטען, ווייל אין דיעזע מינוט האט פילעאַס פאָגג געזאגט צו קאפיטאן ספידי:

— מיין הערר! וואונדערט זיך ניט, וואס איך האב אזוי געהאנדעלט געגען אייך. איך האב קיין שלעכטעס נים געמיינט און וויל אייך קיין שלעכטעס ניט טהאן. איך מוז זיין אין לאנדאן דעם 21טען דעצעמבער פונקט דריי פיערטעל נאך אכט אבענדס. איך וועל דערמיט געווינען פופציג טויזענד פונט סטערלינג. איך האב פערשפעטיגט דעם פאסט דאמפפער אין ניו יארק. איך האב אייך געבעטען, איהר זאלט מיך פיהרען קיין ליווערפול און איהר האט אויף קיין פאל

ניט געוואלט. איך בין געווען געצוואונגען צו האנדלען געגען אייך א ביסעל ניט ארענטליך.

— ביי דזשינגא! האט אויסגערופען קאפיטאן ספידי, איך וואלט זעהר גע-וואלט, איהר זאלט נאך א מאל האנדלען געגען מיר אזוי אונארענטליך! איך האב פערדיענט ביי אייך פערציג טויזענד דאלאר!

— זעהט איהר, אז איך בין ניט קיין מערדער און ניט קיין רויבער.

— איהר האט רעכט, קאפיטאן פאגג, האט ספידי געזאגט שוין גאנץ פריינדליך. — ווייסט איהר, וויא איהר קומט מיר פאר?

— דאס ווייס איך ניט.

— עס קומט מיר פאר, אז איהר זייט א יענקי, אן עכטער יענקי. — נור א יענקי קען מאכען אזא קונסטשטיק, וויא איהר האט געמאכט מיט מיר.

מיסטער ספידי איז געווען אן עכטער אמעריקאנער און האט שטאלצירט מיטן נאמען יענקי. ער האט געמיינט, אז ער האט געזאגט פילעאס פאגג דעם גרעסטען קאמפלימענט, ווען ער האט איהם גערופען יענקי.

— אלזא, געהערט דאס שיף יעצט צו מיר? האט פילעאס פאגג געפרעגט.

— געוויס! אלעס האלץ, וואס געפינט זיך אין שיף געהערט צו אייך. דאס אייזען אבער און דיא מאשינעריע געהערט מיר.

— אזוי האבען מיר אפגערעדט, האט פילעאס פאגג געזאגט ערנסט. — פאספארטו! — פאספארטו!

פאספארטו איז צוגעקומען צו איהם.

— היים צוויי מאטראזען האקען דיא קאיוטען, דעם דעק, דיא ווענטלעך צווישען דיא קאיוטען און אלעס האלץ אויפן שיף. דערמיט זאל מען הייצען אונטער דיא קעסלען.

אויפן דעק פון דער „הענריעטע“ איז געווארען פרעהליך. מען האט גע-האקט און געזעגט, וואו מען האט געפונען א ברעט, א קלאץ, א שטיק האלץ און מען האט געוויארפען צו דיא הייצערס.

— מיט פולען דאמפף! האט דער שיפס קאפיטאן פילעאס פאגג קאמאנ-דירט דעם מאשיניסט.

דעם אנדערן טאג האט מען אויסגעהאקט דיא זעגעל ביימער און זאגאר דאס בריקעל, וואו דער קאפיטאן שטעהט, און מען האט זיי אראפגעוויארפען אין קעללער, וואו דער קעסעל שטעהט. דיא „הענריעטע“ איז געפלויגען מיט פולען דאמפף, אז דער קעסעל האט שיער ניט געפלאצט.

פאספארטו איז געשטאנען מיט עטליכע מאטראזען און האט געהאקט, געזעגט און געשפאלטען דאס האלץ, אז אן עכטער אמעריקאנער האלץ העקער וואלט זיך פאר איהם געדארפט שעהמען.

פילעאס פאגג איז געשטאנען ביים רעדעל און האט געפיהרט דאס שיף ער האט וועניג געדארפט דיא מאטראזען. זייער ארבייט איז יעצט געווען צו האקען האלץ, אן ארבייט, וועלכע דיא מאטראזען האבען געטהאן מיט פערגניגען.

געגען אבענד איז פֿון דער „הענריעטע“ געבליעבען נור אַ בארקע. אלעס האלץ איז געווען פֿערברענט. עס איז שוין מעהר ניט געווען וואס צו האקען.— דער מאַשיניסט האט געמעלדעט, אז ער האט נור האלץ אויף אַ פאר שטונדען.

צום גליק אבער האבען זיי אין דער צייט דערזעהן דעם גרויסען לייכט טהורעם פֿון קווינסטאָון. מיסטער ספידי האט זיך אין גאנצען איבערגעבעטען מיט פֿילעאַס פֿאָגג. ער האט זאגאר געהאט מיטלייד מיט איהם. פֿון קווינסטאָון קיין ליווערפול איז נאך ווייט. ער איז צוגעגאנגען צו פֿילעאַס פֿאָגג און האט איהם געזאגט:

— עס טהוט מיר זעהר לייד, קאפּיטאן פֿאָגג, אייך צו זאגען, אז עס געהט אייך ניט. ווייסט איהר, אז מיר זיינען ערשט לעבען קווינסטאָון?

— אזוי? דאס איז קווינסטאָון, וואו מיר זעהן דעם לייכט טהורעם?

— יא, דאס איז קווינסטאָון.

— קענען מיר אריינפֿאהרען אין פארט פֿון קווינסטאָון?

— מי'ט דריי שטונדען שפּעטער, ווען דאס מעער וועט צוקומען אין דער צייט פֿון פֿלוט.

— אלזא, מוזען מיר ווארטען, האט פֿילעאַס פֿאָגג געזאגט גלייכגילטיג!

קאפּיטאן ספידי האט ניט געזעהן, וויא פֿילעאַס פֿאָגג'ס געזיכט איז געוואָרען פֿרעהליכער, ווען ער האט דערהערט, אז ער איז ניט ווייט פֿון קווינסטאָון. אַ נייע אידעע איז געקומען פֿילעאַס פֿאגג אין קאפּ, ווען ער האט דערהערט, אז ער קען נאך היינט ביי נאכט זיין אין קווינסטאָון.

קווינסטאָון איז אַ פארט שטאדט אין אירלאנד. אלע שיפֿען, וועלכע קומען אן פֿון אמעריקא, בלייבען שטעהן לעבען קווינסטאָון און גיבען איבער דיא פאסט צו ענגלישע פאסט בעאמטע. דיא ענגלישע רעגיערונג האט עס אזוי איינגעריכטעט, אז אין קווינסטאָון שטעהט שטענדיג אנגעגרייט אַ פאסט צוג, וועלכער נעהמט אויף דיא פאסט און פֿיהרט זיא אוועק קיין דובלין, דיא הויפּט שטאדט פֿון אירלאנד. אין דובלין לעגט מען אויף דיא פאסט אויף גאנץ קליינע, אבער זעהר שנעלע דאמפּפֿשיפֿען, וועלכע ברענגען זיא קיין ליווערפול.

דער ענגלישער מיניסטער פֿון פאסטען און טעלעגראַפֿען האט עס אזוי איינגעריכטעט, אז דיא פאסט קומט אן פֿון קווינסטאָון קיין ליווערפול מיט צוועלף שטונדען פֿריהער פֿון דעם שנעלסטען דאמפּפֿער, וועלכע האט איבערגעגעבען דיא פאסט אין קווינסטאָון.

פֿילעאַס פֿאגג איז געווען אַ מיטגליעד פֿון רעפֿארם קלוב. ער אליין איז געווען איינער פֿון דיא מיטגליעדער, וועלכע האבען געפֿאָדערט, אז דיא רעגיערונג זאל עס אזוי איינריכטען, אז דיא פאסט זאל אנקומען שנעלער. דיא רעגיערונג האט עס אנפֿאנגס ניט געוואלט, ווייל עס קאסט איהר זעהר טהייער. זיא מוז האלטען מעהר מענשען און מעהר שיפֿען, פֿאר וועלכע זיא קריעגט ניט בעצאהלט. דער רעפֿארם קלוב האט עס אבער דורכגעזעצט און דיא רעגיערונג האט געמוזט נאכגעבען.

— ווען דיא פאסט קען אנקומען מיט צוועלף שטונדען פֿריהער פֿון'ם שנעלסטען דאמפפֿער, האט זיך פֿילעאַס פֿאָגג געטראכט. פֿאר וואס זאל איך מיך ניט בענוצען מיט דיעזע געלעגענהייט? ווען דיא „העגריעטע" זאל זאגאר געהן מיט פֿולען דאמפף, וועט זיא אנקומען קיין ליווערפול ערשט מארגען פֿאר נאכט. ווען איך פֿאהר אבער מיט דער פאסט, קען איך אנקומען קיין ליווערפול דעם 21טען דעצעמבער אום צוועלף אוהר אין דער פֿריה, דאן וועל איך נאך האבען גענוג צייט צו קומען קיין לאנדאן פונקט אכט אוהר אבענדס.

ער האט אזוי געטהאן. קוים איז דאס מעער צוגעקומעז — עס האט זיך אנגעהויבען דיא פֿלוט, איז ער אריינגעפֿאהרען אין פארט פֿון קווינסטאַאון. ווען דיא „העגריעטע" איז צוגעקומען צום דאק, האט פֿילעאַס פֿאָגג געדריקט דיא הענד פֿון קאפּיטאן ספּידי און איז אראפּגעשפּרונגען אויף'ס לאנד. מיסטער ספּידי איז געוועזען העכסט צופֿריעדען. מיט צוואנציג טויזענד דאללאר האט ער געקענט זעהר לייכט רעפּארירען דיא „העגריעטע" און מאכען פֿון איהר נאך אַ בעסערע און שעהנערע שיף, וויא זיא איז פֿריהער געוועזען.

פֿילעאַס פֿאָגג, אַאודאַ, פּאספּארטו און פֿיקס זיינען אראפּגעגאנגען אין קווינסטאַאון און זיינען גלייך געפֿאהרען צום באהנהאף. פֿילעאַס פֿאָגג האט ריכטיג בערעכענט, עס איז געשטאנען אן עקסטרא צוג בערייט אפּצוגעהן. ער מיט זיינע קאמעראדען האבען זיך באלד אויפֿגעזעצט אין אַ וואגאן.

פֿיקס האט זעהר געוואלט ארעסטירען פֿילעאַס פֿאָגג אין קווינסטאַאון. — אין ענגלאנד איז זעהר לייכט צו ארעסטירען אַ מענשען מיט אַ ווארראנט פֿון אן ענגלישען ריכטער. ער האט זיך אבער צוריקגעהאלטען. פֿאר וואס? ער האט עס אליין ניט געוואוסט. ער האט זיך יעצט איבערצייגט, אז פֿילעאַס פֿאָגג האט ניט געוואלט אוועקרויבען דיא „העגריעטע" פֿון'ם קאַפּיטאן ספּידי. ער האט אליין געזעהן, וויא ער האט איהם בעצאהלט מעהר, וויפֿיעל דאס שיף איז ווערט. — און דענאך האט ער ניט געקענט פֿערשטעהן, וויא עס קומט, וואס פֿילעאַס פֿאָגג ווארפֿט אזוי מיט געלד. ער האט אליין ניט געוואוסט, וואס ער זאל טהאן, ער האט זיך דאהער ענטשלאסען, ער זאל ווייטער פֿאהרען מיט איהם קיין ליווערפול.

דעם 21טען דעצעמבער גאנץ פֿריה איז דער צוג אנגעקומען קיין דובלין, דיא הויפּט שטאדט פֿון אירלאנד. דארט האט זיך פֿילעאַס פֿאָגג מיט זיינע קאמעראדען באלד אויפֿגעזעצט אויף איינעם פֿון דיא קליינע, שנעלע פאסט דאמפּפֿער און איז געפֿאהרען קיין ליווערפול.

צוואנציג מינוטען נאך עלף אין דער פֿריה איז פֿילעאַס פֿאָגג מיט זיינע קאמעראדען אנגעקומען קיין ליווערפול. פֿון ליווערפול קיין לאנדאן געדויערט נור זעקס שטונדען מיט'ן באהן. אלזא, קען ער נאך היינט זיין אין לאנדאן אום זעקס אוהר. ער האט געוואונען זיין וועטע!

קוים אבער איז פֿילעאַס פֿאָגג ארויפֿגעגאנגען אויפֿ'ן דאק, איז פֿיקס צוגעקומען צו איהם, האט ארויפֿגעלעגט זיין האנד אויף פֿילעאַס פֿאָגג'ס פּלייצע און האט איהם געפֿרעגט:

— זיים איהר ווירקליך פֿילעאַס פֿאָגג?

— איך בין פֿילעאַס פֿאָגג.

— דאַן ארעסטיר איך אייך אים נאמען פֿון איהרער מאיעסטעט, דיא קע-ניגין! —

34טעם קאַפּיטעל.

## פּאַספּאַרטו ווערט אזוי בייז, אז ער שרייט אוים ווערטער, וועלכע לאזען זיך ניט איבערגעבען אין דרוק.

פֿיקס האט אַ ווינק געטהאן צו צוויי פּאליסלייט, וועלכע זיינען באלד צו-געקומען, און האט זיי געוויעזען דעם ווארראנט. דיא פּאליסלייט האבען באלד גענומען פֿילעאַס פֿאָגג אונטערן ארים און האבען איהם אוועקגעפֿיהרט אין סטיישין הויז (פּאליציי קווארטאל), וועלכעס געפֿינט זיך אויפֿן דאק. לויט דיא געזעצע פֿון ענגלאנד האט מען איהם געדארפֿט איבערשיקען קיין לאנדאן אין אַ שווארצע קארעטע מיט אנדערע פֿערברעכער צוזאמען.

פּאַספּאַרטו איז געווען אויסער זיך. ער האט געוואלט צושפּרינגען צום דעטעקטיוו און איהם דערווארגען, אבער צוויי פּאליסלייטע האבען איהם צוריק-געהאלטען און האבען איהם געגעבען צו פֿערשטעהן מיט זייערע קלאָבּס (אַ סארט שטעקען), אז ער דארף זיך ניט אריינמישען אין זאכען, וואס געהן איהם ניט אן.

דיא ארימע אַאודאַ איז געשטאנען, וויא פֿערשטיינערט. זיא האט גאר ניט געוואוסט, וואס דא טהוט זיך. פּאספּארטו האט איהר דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע און האט דערביי געשאלטען און געזידעלט אלע דעטעקטיווס, אלע פּאליסלייט און אלע בענק פֿון דער וועלט.

— מיין הערר, מיין גוטער, עדעלער און גראָסמוטהיגער הערר פֿילעאַס פֿאָגג איז אַ באנקרויבער? האט ער געשריעען אין דער הויך. דאס איז אַ ליגען! דאס איז אַ שווינדעל! דאס האבען געמאכט דיא מיטגליעדער פֿון רעפֿארם קלוב! זיי ווילען, אז ער זאל פֿערשפּיעלען זיין וועטע. — זיי זיינען רויבער! זיי דארף מען ארעסטירען!

פּאספּארטו האט זיך געריסען ביים קאפּ. פֿאר וואס האט ער ניט אויסגע-זאגט פֿילעאַס פֿאָגג, ווער פֿיקס איז און צו וואס פֿאר אַ צוועק ער פֿאהרט זיי נאך? פֿיעללייכט וואלט פֿילעאַס פֿאָגג בעוויעזען דעם דעטעקטיוו, אז ער האט אַ טעות? דאַן וואלט עס ניט געווען געקומען דערצו. דאַן וואלט פֿילעאַס פֿאָגג געווען געקומען פּונקט צור צייט און וואלט געוואונען זיין וועטע.

אַאודאַ האט געוויינט שטילערהייט. ווען זיא האט זיך גוט אויסגעוויינט און האט זיך עפּעס בערוהיגט, איז זיא אריינגעגאנגען אין סטיישן הויז און האט זיך געפֿרעגט צום שעף פֿון דער פּארט פּאליציי. זיא האט איהם אלעס דערצעהלט און האט איהם געבעטען, ער זאל טעלעגראפֿירען קיין לאנדאן און זיך אנפֿרע-

נען, אויב פֿילעאַס פֿאָגג איז ווירקליך שולדיג. זיא האט איהם פֿערזיכערט, אז דא איז אן אירטהום, אַ טעות.

— איז עס דען ניט אַ שאנדע, אז אין פֿרייען און געבילדעטען ענגלאנד זאל מען ארעסטירען אַ מענשען אומזיסט, איידער מען וויים, אויב ער איז שול-דיג אדער ניט? און טרעריך האבען זיך געוויעזען אויף איהרע שעהנע אויגען.

אַ פאר שעהנע אויגען ווירקען שטענדיג, זאגאר אויף אַ שעף פֿון דער פארט פאליציי.

דער שעף פֿון דער פארט פאליציי האט איהר צוליעב געטהאן און האט טעלעגראפֿירט צום שעף פֿון דער לאנדאנער פאליציי. אַאודאַ האט איהם זעהר געדאנקט און איז ארויסגעגאנגען פֿון סטיישן הויז.

אין דרויסען איז געווען ביטער קאלט. אַאודאַ האט ניט אפגעטרעטען פֿון דער פאליציי סטאציאן. זיא האט געהאפֿט יעדע מינוט, אז אט, אט וועט אנקו-מען אן ענטפֿער פֿון לאנדאן, אז פֿילעאַס פֿאָגג איז אונשולדיג און מען וועט איהם ארויסלאזען.

וואס האט געטהאן פֿילעאַס פֿאָגג אין דער צייט? — גאר נישט! ער האט געוואוסט, אז ער האט פֿערלארען זיין וועטע און זיין גאנצעס פֿערמעגען. ער איז יעצט אן ארימער מאן. ער האט געוואוסט, אז מען וועט איהם געוויס ארויסלא-זען. ער האט דאך קיין פֿערברעכען בעגאנגען. ווען אבער וועט מען איהם ארויס-לאזען? אויף דיעזע פֿראגע האט איהם קיינער ניט געקענט ענטפֿערן. דער שעף פֿון דער פאליציי האט געהאט פֿאר זיך אַ ווארראנט פֿון לאנדאן. ער האט גע-מוזט אויספֿאלגען דעם ווארראנט.

אנאנדערער אויף זיין ארט וואלט געשריען, געליארמט, געגוואלדעוועט. פֿילעאַס פֿאָגג איז געזעסען רוהיג, גלייך וויא עס וואלט גאר ניט געשעהן. וואס האט ער געטראכט דאמאלס? — ווער קען עס זאגען. האט ער פֿיעללייכט נאך געהאפֿט, ער זאל קומען קיין לאנדאן פונקט צור צייט? — ווער קען עס וויסען.

ער האט ארויסגענומען זיין נאטיץ בוך און האט פֿערשריעבען:

„זאממטאג דעם 21טען דעצעמבער עלף אוהר און פֿיערציג מינוטען בין איך אנגעקומען קיין ליווערפול.“

אין דיעזע מינוט האט דיא גרויסע אוהר פֿון דער פאליציי סטאציאן אויס-געשלאגען איינס. פֿילעאַס פֿאָגג האט ארויסגענומען זיין אוהר און האט נאך אַ מאל א קוק געטהאן אויף איהר. זיא האט געהאלטען צעהן מינוט צו צוועלף.

— אלזא, געהט נאך מיין אוהר אויך ניט ריכטיג, האט ער געזאגט געלא-סען. אין ליווערפול איז שוין איינס אוהר. — אבער איך קען נאך אלץ אנקומען קיין לאנדאן.

געוויס, ווען מען זאל איהם יעצט ארויסלאזען, וואלט ער נאך געקענט אנקומען קיין לאנדאן און געווינען זיין וועטע. לײדער, איז דיא צייט פֿערגאנגען און מען האט איהם ניט ארויסגעלאזען. דיא גרויסע אוהר אין דער פאליציי האט

אויסגעשלאגען צוויי אוהר און פילעאס פאגג איז נאך אלץ געזעסען אין זיין צימעריל.

פינף און דרייסיג מינוט נאך צוויי האט פילעאס פאגג דערהערט, אז עט־ליכע מענשען לויפען אין קארידאר צו זיין טהיר. זיי האבען גערעדט עפעס גאנץ הויך און פילעאס פאגג האט דערקענט פאספארטוס שטימע. אויף זיין געזיכט האט זיך געוויזען א גלאנץ פון פרייד און האפנונג.

באלד האט זיך דיא טהיר פון זיין צימעריל געעפענט מיט א ליארם און אין צימער זיינען אריינגעלאפען אאודא, פאספארטו און פיקס.

פיקס איז געווען אויסער זיך. זיינע האר זיינען געווען צוואוארפען. זיין הוט האט זיך פערדרעהט אן א זייט; ער איז געווען אזוי פערסאפעט, אז ער האט קוים געקענט רעדען.

— ענטשולדיגט מיר — הערר — פילעאס — פאגג! האט ער קוים ארויסגע־קייכט — אן אונגליקליכער אירטהום — א טעות — דעם וואהרען — באנק רויבער — האט מען — ארעסטירט — מיט אכט טאג צוריק. — איהר — זייט — פריי! — ענט־שולדיגט! — פערצייהט!

פילעאס פאגג האט זיך אויפגעהויבען פון דער באנק, איז צוגעגאנגען צום דעטעקטיוו, האט איהם א קוק געטהאן גלייך אין דיא אויגען, האט אויסגעצויגען ביידע הענד און האט זיי אראפגעלאזען אויף פיקס געזיכט, אז עס האט פער־הילכט דעם גאנצען קארידאר.

— דאס איז גוט! האט אויסגערופען פאספארטו. דאס הייסט א פאר ענג־לישע קלעפ! א פראנצויז וואלט זיך געמעגט ניט שעהמען צו געבען אזא פאר עהרליכע פעטש. — צום טייפעל! — ניין! צו אלע הייליגען! אזא פאר געשמאקע פעטש דארף מען געדענקען א לאנגע צייט!

פיקס האט ניט גערעדט א ווארט. ער איז געבליעבען שטעהן בעשעהמט און פערניכטעט. ער האט אליין דערקענט, אז ער האט פערדיענט דיעזע שאנדע, דיעזע בעליידיגונג.

פילעאס פאגג, אאודא און פאספארטו זיינען באלד ארויסגעגאנגען פון דער פאליציי, האבען צוגערופען דיא ערשטע קארעטע, וואס זיי האבען געטראפען און זיינען אוועקגעפאהרען צום באהנהאף. דארט איז פילעאס פאגג געוואהר געווארען, אז דער פאסט צוג קיין לאנדאן איז אפגעגאנגען מיט צוואנציג מינו־טען פריהער.

פילעאס פאגג האט זיך געהייסען געבען אן עקסטרא צוג. אויפ'ן באהנהאף פון ליווערפול קען מען שוין קריעגען אן עקסטרא צוג, עס געדויערט אבער זעהר לאנג, איידער מען בעקומט פון'ם סטאציאנס שעף דיא ערלויבניס צו פאהרען אויף אן עקסטרא צוג. ער מוז פריהער אויסרעכענען, וויפיעל ציגע עס זיינען אוועקגעגאנגען און וויפיעל עס דארפען אנקומען. ער קען ניט לאזען אזוי לייכט געהן אן עקסטרא צוג.

וויא פילעאס פאגג האט זיך געאיילט און וויא ער האט געשאטען מיט

געלד, האט דער עקסטרא צוג געקענט ארויספאהרען ערשט אַ פיערטעל נאך דריי. ער האָט צוואר צוגעזאגט דעם מאשיניסט אַ גוטע בעלוינונג, ווען ער וועט איהם ברענגען קיין לאנדאן אַ פיערטעל נאך אכט. עס האט איהם אבער גאר ניט געהאלפען.

אויף פיעלע סטאציאנען האט דער צוג געמוזט בלייבען שטעהן. ער האט געמוזט איבערווארטען אנדערע ציגע. ער האט געמוזט אויסמיידען פערשיעדענע ציגע. ווען ער איז אנגעקומען קיין לאנדאן, האט דיא גרויסע אוהר אויפ'ן באהנ־האף געוויעזען צעהן מינוט נאך ניין. —

פילעאָס פאָגג האט פערשפעטיגט אויף פינף און צוואנציג מינוט. ער האט געמאכט אַ רייזע ארום דער וועלט אין אכציג טעג און פינף און צוואנציג מינוט.

ער האט פערשפיעלט זיין וועטע!

35טעס קאפיטעל.

## פאספארטו דארף מען ניט זאגען צוויי מאל, ער זאל עפּעס טהאָן.

פילעאס פאָגג האט גוט געזעהן, אז ער האט פערלארען זיין וועטע. ער האט אבער ניט גערעדט קיין ווארט. ער האט געהייסען פאספארטו געהן קויפען איינינע זאכען צום אבענד עסען און ברענגען אַ קארעטע. ער און אַאודאַ האבען זיך ארייננעזעצט אין דער קארעטע און זיינען געפאהרען אַ היים אין נומער 7 סעוויל ראָאו.

דעם אנדערען טאג אין דער פריה האט נאך קיינער פון פילעאס פאָגג'ס נאכבארען ניט געוואוסט, אז ער איז שוין צוריקגעקומען פון זיין רייזע ארום דיא וועלט. דיא טהירען פון זיין וואינונג זיינען געבליעבען פערשלאסען, דיא פענסטער פערמאכט. אלעס איז געבליעבען שטיל און רוהיג, וויא פריהער.

איז פילעאָס פאָגג געשלאפען אזוי געשמאק, וואס אין זיין וואינונג איז אלעס געווען אזוי שטיל? — ניין! ער איז ניט געשלאפען. ער האט בערעכענט זיין לאגע און האט געפונען, אז ער איז רואינירט, אז ער האט פערלארען זיין גאנצעס פערמעגען. ער האט מעהר ניט געהאט, וויא דיא צוואנציג טויזענד פונט, וואס ער האט מיטגענומען מיט זיך אויף רייזע קאסטען און דיא פופציג טויזענד פונט, וואס ער האט איינגעשטעלט אין דער וועטע. — ער האט יעצט ניט אַ פעני. ער איז נאך שולדיג אַ פאר טויזענד פונט קליינע חובות פערשיעדענע מענשען.

אַאודאַ איז אויך אַ גאנצע נאכט ניט געשלאפען. זיא איז געווען זעהר טרויעריג. איהר איז פארגעקומען, אז דורך איהר האט פילעאָס פאָגג פערשפיעלט זיין וועטע און האט פערלארען זיין פערמעגען. זיא האט צוואר ניט געוואוסט, וויא רייך פילעאָס פאָגג איז, זיא איז אבער געווען גענוג קלוג צו לעזען אויף זיין געזיכט און אין זיינע מינעס, אז עס שטעהט מיט איהם זעהר שלעכט.

פאספארטו איז אויך געווען אונגליקליך. קוים איז ער געקומען אַ היים, האט ער געפונען אין לעטער באקס (בריעף קאסטען) א רעכנונג פון דער גאז קאמפאני אויף עטליכע פונט פארן גאז, וואס האט געברענט אכציג טעג נאכ־

אנאנדער. ער האט אנגעהויבען אויסצורעכנען, וויפיעל עס קומט איהם געהאלט פאר דיא אכציג טעג און וויפיעל ער וועט דארפען בעצאהלען דער געז קאמפאני פארן געז און האט געפונען, אז עס וועט איהם בלייבען זעהר ווענינ.

זעלבסטפערשטענדליך, אז ער האט באלד אויסגעלאשען דעם געז און איז געשלאפען דיעזע נאכט אין דער פינסטער, אום דיא רעכנונג פון דער געז קאמפאני זאל ניט זיין נאך גרעסער. וואס האט עס איהם אבער געהאלפען? אלענפאלס האט ער צוגעבראכט זעהר א ביטערע נאכט.

גאנץ פריה האט פילעאס פאגג אנגעקלונגען. פאספארטו איז געקומען צולויפען. פילעאס פאגג האט איהם געהייסען ברענגען א פריהשטיק פאר מיסים אאודא.

— זאג מאדאם אאודא, זיא זאל מיך ענטשולדיגען, וואס איך וועל היינט ניט עסען מיט איהר צוזאמען. איך האב היינט קיין צייט ניט. איך מוז ברענגען אלע מיינע געשעפטען אין ארדנונג. פאר נאכט וועל איך קומען צו איהר אין צימער, ווייל איך דארף רעדען מיט איהר איבער זעהר וויכטיגע זאכען.

פאספארטו האט געזעהן, אז זיין הערר איז היינט זעהר טרויעריג און עס האט איהם פערקלעמט בּיים הארצען. אם ענדע איז ער דאך שולדיג, וואס פילעאס פאגג האט פערשפעטיגט. פאר וואס האט ער איהם ניט אויסגעזאגט, ווער פיקס איז? ווען פילעאס פאגג וואלט געוואוסט, אז פיקס איז אן אגענט פון דער געהיים פאליציי, וואלט ער געוויס טעלעגראפירט קיין ענגלאנד און איהם איבערצייגט, אז ער איז ניט קיין באנקרויבער. דאן וואלט איהם פיקס ניט געוועהן ארעסטירט אין ליווערפול און ער וואלט געקומען קיין לאנדאן פונקט צור צייט.

פאספארטו איז געוועזען פערצווייפעלט. ער האט אפגעקאסט זיין הערר אזוי פיעל געלד און אם ענדע האט נאך פילעאס פאגג דורך איהם פערשפיעלט זיין וועטע!

פאספארטו האט זיך ניט געקענט איינהאלטען. ער האט געטראכט איניגע מינוט. דאן איז ער צוגעגאנגען צו פילעאס פאגג און האט געזאגט:

— מיין הערר—הערר פילעאס פאגג! איך בין שולדיג! דורך מיר האט איהר פערשפיעלט—

— קיינער איז ניט שולדיג, האט פילעאס פאגג געענטפערט רוהיג.— געה!

פאספארטו איז אוועקגעגאנגען. ער האט געקויפט א פריהשטיק און האט איהם געבראכט צו מאדאם אאודא אין איהר צימער. ער האט אניעדערגעשטעלט דעם פריהשטיק אויפ'ן טיש און האט געזאגט, אז פילעאס פאגג האט זיא געבעטען, זיא זאל ווארטען אויף איהם נאך מיטאג, ער האט מיט איהר עפעס צו רעדען.

— אך, מאדאם! האט ער ענדליך אויסגערופען. מיין הערר איז זעהר אונרוהיג. איך האב מורא פאר איהם. איך האב פראבירט מיט איהם רעדען, עס איז אונמעגליך. ער לאזט זיך ניט רעדען.—פראבירט איהר, מאדאם, פיעללייכט

וועט איהר קענען ווירקען אויף איהם און איהם אויסרעדען, איהם מאכען א ביסעל מונטערער, אַ ביסעל פרעהליכער.

— וואס קען איך העלפען? האט אַאודאַ געענטפערט און העלע טראפען טרערין האבען זיך געוויזען אויף איהרע שעהנע אויגען. וואס זאל איך טהאן און וואס קען איך טהאן? ווייס איך דען, אויב פילעאַס פאָגג פערשטעהט מיר? ווייס איך דען, אויב ער פיהלט, וויא דאנקבאר איך בין איהם? אך! וואס זאל איך רעדען? וויא אזוי קען איך אויף איהם ווירקען? ער איז אנאנדערט מענש. ער איז ניט גלייך צו אלע מענשען....

זיא האט זיך אוועקגעקעהרט אייניגע מינוט און האט שטילערהייט אפגע-ווישט דיא טרערין פון איהרע אויגען.

— איהר האט מיר געזאגט, אז ער וויל היינט רעדען מיט מיר, האט זיא אין אַ פאר מינוטען ארום זיך געווענדעט צו פאספארטו. ווען האט ער געזאגט, וויל ער קומען צו מיר?

— היינט פאר נאכט. איך בין זיכער, אז ער וויל רעדען מיך אייך, וואס איהר זאלט וויי‌טער טהאן מאדאם, אויב איהר זאלט בלייבען אין ענגלאנד אדער איהר זאלט פאהרען קיין האללאנד.

— אלזא, מוזען מירווארטען, ביז ער וועט קומען צו מיר. איך וועל דאן זעהן, וואס איך קען עפעס טהאן, אום איך זאל איהם אויסרעדען און איהם טרייסטען.

פאספארטו איז ארויסגעגאנגען פון אַאודאַס צימער. ער וואלט געוויס גע-לאפען צו זיין ראזע אין צירק. עס איז אבער געלעגען אזא טרויער אויפ'ן גאנ-צען הויז אין סעוויל ראָאו, אז קיין זאך איז איהם ניט ליעב געווען. ער האט זיך פערשפארט אין זיין צימער, האט זיך ארויפגעווארפען אויף זיין בעט און איז געלעגען טרויעריג און פערטראכט. ער איז געווען איבערצייגט, אז פילעאַס פאָגג וויל זיך נעהמען דאס לעבען.

אין דעם הויז נומער 7 אין סעוויל ראָאו איז אלעס געווען שטיל און רוהיג. פילעאַס פאָגג איז ניט געגאנגען אין זיין קלוב, וויא זיין געוואינהייט איז גע-ווען. — וואס וועט ער טהאן אין קלוב? זיינע קאמעראדען ווייסען שוין, אז ער איז ניט געקומען פונקט צור צייט און האבען שוין צוגענומען זיינגעלד. דאס ערגסטע פאר איהם איז געווען, וואס ער איז שולדיג געווען עטליכע טויזענד פונט קליינע חובות, וועלכע ער האט יעצט ניט געקענט בעצאהלען. — צו וואס אלזא זאל ער געהן אין רעפאָרם קלוב?

פילעאַס פאָגג איז געזעסען אין זיין צימער, האט געשריעבען און גערע-כענט. ער האט אויסגערעכענט, וויפיעל ער איז שולדיג און וויפיעל זיין מעבעל און זיינע זאַכען זיינען ווערטה.

אזוי איז פערגאנגען דער טאג. יעדער איז געבליעבען אין זיין צימער. יעדער איז געווען טרויעריג; יעדער האט געפיהלט, אז עס וועט פארקומען עט-וואס שרעקליכעס, עטוואס אונגעוועהנליכעס.

טרויעריגער פֿון אלעמען איז געווען דיא ארימע אַאודאַ. זיא האט ליעב בעמקוען פֿילעאַס פֿאָגג. זיא האט פֿערשטאנען פֿון פאספארטוס רעד, אז עפעס איז ניט גלאַט, אז פֿילעאַס פֿאָגג געפֿינט זיך אין אַ געפֿאהר. זיא האט געוואלט לויפֿען איהם טרייסטען, איהם אויסרעדען, איהם איינפֿלייסען מוטה, אלס פֿרוי אבער האט זיא עס ניט געקענט. זיא האט ניט געקעגט אריינגעהן צו איהם אין צימער און רעדען מיט איהם פֿון זאכען, פֿון וועלכע ער האט נאך מיט איהר ניט גערעדט.

דיעזער זאָנטאָג, דער 22טער דיעצעמבער, איז געווען זעהר אַ טרויעריגער טאג פֿאר אלע איינוואָינער פֿוּם הויז נומער 7 סעוויל ראָאו.

אום האלב נאך זעקס, האט פֿילעאַס פֿאָגג אנגעקלונגען אין פאספארטוס צימער. פאַספאַרטו איז באלד געקומען צו לויפֿען.

— געה, פֿרעג מאדאם אַאודא, אויב איך קען יעצט מיט איהר רעדען, האט איהם פֿילעאַס פֿאָגג געזאגט.

פאַספאַרטו איז אוועקגעלאָפֿען. אין אַ פּאר מינוטען ארום איז ער געקומען און האט געמעלדעט, אז מאַדאַם אאודאַ ערווארטעט איהם אין איהר צימער.

פֿילעאַס פֿאָגג איז ארויפֿגעגאנגען צו איהר. ער האט זיך פֿאר איהר פֿער־נייגט און האט זיך געזעצט אויף אַ שטוהל געגען איהר. איינינע מינוטען האבעןביידע געשוויעגען. ענדליך האט פֿילעאַס פֿאָגג געזאגט:

— מאַדאַם, איהר וועט מיר פֿערצייהען, וואס איך האב אייך פֿערפֿיהרט קיין ענגלאנד. —

— איך אייך פֿערצייהען? האט אויסגערופֿען אַאודאַ. פֿערקעהרט, —

— לאזט מיך ענדיגען, האט פֿילעאַס פֿאָגג געבעטען. ווען איך האב מיך ענטשלאסען אייך אוועקצופֿיהרען פֿון אינדיען, וואו איהר זייט געווען אין אזא געפֿאהר — בין איך געווען רייך. איך האב גערעכענט אזוי: וועל איך קענען אפזוכען אייער אנקעל, איז גוט; וועל איך איהם ניט קענען אפזוכען, וועל איך אייך אזוי פֿערזארגען, אז איהר וועט קענען רוהיג לעבען אין לאנדאן אדער, וואו איהר וועט וועלען. — לײדער, יעצט האט זיך אלעס געענדערט. איך בין יעצט אליין ארים. —

— איך וויים עס, הערר פֿילעאַס פֿאָגג, און איך מוז אייך בעטען אום פֿער־צייהונגען. דורך מיר האט איהר פֿערלארען אייער וועטע און אייער גאנצעס פֿערמעגען. איך האב אייך געשטערט אויף דער רייזע. דורך מיר האט איהר זיך פֿערשפעטיגט, דורך מיר —

— איהר האט ניט געקענט בלייבען אין אינדיען, האט פֿילעאַס פֿאָגג ווייטער געזאגט. דיא בראהמינען וואלטען אייך אויפֿגעזוכט און וואלטען אייך פֿערברענט. —

— אזוי, הערר פֿאָגג? ניט גענוג, וואס איהר האט מיר גערעטעט מיין לעבען, האט איהר נאך געוואלט מיך פֿערזארגען, מיך בעווארענען אין ענגלאנד?

— איך האב געמוזט אזוי טהאן, מאדאם! אנדערש האב איך ניט געקענט.

יעצט בעט איך אייך, איהר זאלט זיך ניט אפזאגען און אננעהמען דאס לעצטע, וואס איך פֿערמעג נאך.

ער האט געהאלטען אין דער האנד אַ פֿערזיעגעלטען בריעף. קיינער האט ניט געוואוסט, וואס אין בריעף שטעהט. מיר וואלטען עס אויך ניט געוואוסט, ווען אַ ראמאנען שרייבער וואלט ניט האבען אזעלכע ליכטיגע אויגען, אז ער קען לעזען זאגאר פֿערזיעגעלטע בריעף.

מיר ווילען אונזערע לעזער ניט לאנג מארטערן און זיי אויסזאגען אַ סעקרעט, פֿון וועלכען נור פֿילעאַס פֿאגג און דער שרייבער פֿון דיעזען ראמאן האט געוואוסט.

פֿילעאַס פֿאַגג איז געווען פֿערזיכערט אין אַ לעבענס פֿערזיכערונגס געזעל־שאפֿט אויף אַ גרויסע סומע געלד. דיעזע סומע געלד האט ער געוואלט איבער־לאזען מיסיס אַאודאַ.

זעלבסטפֿערשטענדליך, אז אַאודאַ האט דערפֿון ניט געוואוסט. זיא האט ניט גענומען דעם פֿערזיעגעלטען בריעף און האט געפֿרעגט:

— וואס וועט איהר אבער טהאן, הערר פֿאַגג? וואס וועט פֿון אייך ווערן?

— איך, מאדאם, האט פֿילעאַס פֿאַגג געענטפֿערט רוהיג. — איך דארף גאר נישט.

— דאס קען דאך ניט זיין! אַ מענש מוז האבען בעדירפֿניסע!

— איך בין געפֿאסט אויף אלעס אין דער וועלט.

— איהר האט דאך געווים פֿריינד, האט אַאודאַ ווייטער געזאגט. פֿאר וואס זאלט איהר זיך ניט ווענדען צו אייערע פֿריינד?

— איך האב קיינע פֿריינד, מאדאם.

— נו, האט איהר געווים אנפֿערוואנדטע.

— איך האב קיינע אנפֿערוואנדטע, מאדאם.

— דאס איז זעהר טרויעריג! האט אַאודאַ געזאגט, וויא צו זיך אליין.

דאן האט זיא זיך געווענדעט צו פֿילעאַס פֿאַגג:

— האט איהר ניט איין מענשען, וועמען איהר זאלט קענען דערצעהלען, אין וואס פֿאר אַ לאגע איהר געפֿינט זיך און ווער עס זאל קענען אייך געבען אַ ראַטה?

— ניין, מאַדאַם.

— מען זאגט, אז צוויי מענשען קענען לייכטער איבערטראגען אן אונגליק, וויא איינער.

— אזוי זאגט מען, האט פֿילעאַס פֿאַגג געענטפֿערט רוהיג.

אַאודאַ איז אויפֿגעשטאנען פֿון איהר שטוהל און האט אנגענומען פֿילעאַס פֿאַגג ביי דער האנד.

— ווילט איהר האבען אן אנפֿערוואנדטען און אַ פֿריינד צו גלייך? ווילט איהר מיר ערלויבען, איך זאל זיין אייער פֿריינד און זאל טהיילען מיט אייך פֿרייד און לייד אין לעבען?

פילעאַס פאָגג האט זיך אויפגעהויבען פון זיין שטוהל. אין זיינע אויגען האט זיך אנגעצונדען אַ זאנדערבארעס פייער. זיינע ליפּען האבען געציטערט, זיין הארץ האט שטארק געקלאפּט און זיינע באקען האבען אנגעהויבען צו גליהען.

דיא עהרליכע, טרייע, ליעבענדע ווערטער פון דער יונגער פרוי האבען איהם איבערראשט. זיא האט איהם ערקלערט איהר ליעבע אזוי איינפאך, אזוי אפענהערציג און אזוי ווארם, אז ער איז געבליעבען שטעהן איניגע מינוט, וויא צומישט. ער איז געשטאנען אַ פאר מינוטען, וויא פערשטיינערט. זיין הערץ איז געשפרונגען פון ליעבע און גליק. ענדליך איז ער געקומען צו זיך. ער האט גע-נומען איהר האנד, האט זיא צוגעפרעסט צום הארצען און האט געזאגט:

— יא, אַאודאַ! איך ליעב דיך, זייט איך האב דיך דערזעהן, זייט איך האב דיך דערקענט. דיר צוליעב וויל איך לעבען! וועגען אונזער ליעבע וויל איך ווייטער אנהויבען צו קעמפפען און צו לעבען.

אַאודאַ איז איהם אַרויפגעפאלען אויפ'ן הארצען.

איינינע מינוטען שפּעטער האט פילעאַס פאָגג אנגעקלונגען צו זיין דיענער. פאספּארטו איז באלד געקומען צו לויפען. ווען ער איז אריינגעקומען אין צימער. האט ער געפונען פילעאַס פאָגג און אַאודאַ שטעהן איינער לעבען אנדערן און האלטען זיך ביי דיא הענד.

פאספּארטו האט אלעס פערשטאנען. אויף זיין עהרליכעס געזיכט האט זיך אפגעשפּיעגעלט זיין פרייד און זיין גליק. ער האט זיך געפיהלט אזוי גליקליך, גלייך וויא ער וואלט געהאלטען זיין ראזא ארומגענומען.

— פאַספּאַרטו, האט פילעאַס פאָגג געזאגט רוהיג, געה צום רעווערענד סעמיועל ווילסאן, ער וואינט לעבען דער קירכע סענט פּאטריק אין דרורי ליין, און זאג איהם, אז מארגען וועלען מיר הייראטהען.

פאספּארטו האט געטאנצט פאר פרייד. ער האט אַ קוק געטהאן אויף דיא אוהר. עס איז געווען פינף מינוט נאך זיעבען.

— עס איז נאך ניט שפּעט! האט ער אויסגערופען און האט געוואלט ארויסלויפען פון צימער.

— זאלען מיר איהם בעשטימען דיא שטונדע? האט פילעאַס פאָגג געפרעגט זיין בראַאוט.

— מארגען איז מאנטאג, האט אַאודאַ געענטפערט. מאנטאג זיינען גע-וועהנליך דא פיעל הייראטהען. לאמיר בעשטימען אויף צוועלף אוהר אין דער פריה.

— אלזא, זאג דעם רעווערענד, אז מארגען, מאנטאג אום צוועלף אוהר וועלען מיר זיין ביי איהם אין קירכע.

ער האט זיך אניעדערגעזעצט און האט אנגעשריעבען עטליכע ווערטער, וויא ער הייסט און וויא זיין בראַאוט הייסט און וויא דיא עידות הייסען.

דיעזען דאקומענט האט ער דערלאנגט פאַספּאַרטו, ער זאל עס איבערגע-בען דעם גייסטליכען סעמיועל ווילסאן.

פאספארטו איז אוועקגעלאפען, וויא א פייל פון בויגען. ער האט זיך גע־איילט, ער זאל ניט פערשפעטיגען דעם גייסטליכען.

36טעס קאפיטעל.

## דיא אקציען „פילעאס פאגג“ שטייגען ווידער אין דער הויך. מען צאהלט שוין פאר יעדער אקציע צוויי הונדערט פונט.

מיר מוזען זיך אומקעהרן מיט עטליכע טעג צוריק און דערצעהלען, וואס עס האט זיך געטהאן אין לאנדאן, אין דער צייט, וואס פילעאס פאגג איז ארויס־געפאהרען פון ניו יארק.

מיר האבען דערצעהלט אין דיא ערשטע קאפיטלעך, אז א פאר טאג נאך פילעאס פאגג׳ס אוועקפאהרען זיינען ארויסגעגאנגען אקציעס מיט׳ן נאמען „פי־לעאס פאגג“. אנפאנגס האט מען זיי געחאפט און זיי זיינען שטארק געשטיגען. ווען עס איז אבער אנגעקומען א טעלעגראמע פון סועץ, אז פילעאס פאגג איז דער באנק רויבער, זיינען דיא אקציעס אזוי געפאלען, אז קיינער האט זיי ניט געוואלט נעהמען אין דיא הענד און מען האט זיי פערקויפט אויף פאפיער אויפ׳ן פונט.

אין אייניגע טעג ארום האט מען אין לאנדאן שוין גאר פערגעסען אן דער גניבה פון דער באנק אף ענגלאנד און אן פילעאס פאגג. דיא וועלט־שטאדט האט געפונען אנדערע אינטערעסאנטע נייעס, מיט וועלכע זיא האט זיך בעשעפטיגט.

ווען מען האט אבער געחאפט דעם וואהרען באנק רויבער, האבען דיא צייטונגען ווידער אנגעהויבען צו שרייבען פון פילעאס פאגג. מען האט אנגע־הויבען צו ראטהען: וואו איז ער יעצט? ווען ער מאכען דיא רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג אדער ער וועט זיא ניט מאכען? עס האבען זיך געפונען מענשען, וועלכע האבען געוואלט קויפען דיא אקציעס „פילעאס פאגג“.

אנפאנגס האט מען פאר זיי געוואלט געבען א קלייניגקייט; וואס נעהנ־טער עס איז געקומען דער טאג, ווען פילעאס פאגג האט געדארפט אנקומען, זיינען דיא אקציעס געשטיגען אלץ העכער. אלע, וואס האבען פריהער געוועט פאר פילעאס פאגג און געגען איהם, האבען יעצט זיך דערמאנט אן זייער וועטע. עס האבען זיך געפונען נייע וועטער, וועלכע האבען זיך געוועט אויף טויזענדער פונט. ספעקולאנטען האבען אנגעהויבען צו צאהלען פאר דיא אקציעס „פילעאס פאגג“ צו הונדערט און פופציג פונט.

אין אלע גאסען, אין אלע קאפע הייזער, אין אלע טהעאטערע און אין אלע קלובס האט מען ווידער אנגעהויבען צו רעדען פון פילעאס פאגג.

אין רעפארם קלוב פלעגען זיך פילעאס פאגג׳ס פריינד פערזאמלען יעדען אבענד, וויא פריהער. זיי האבען אויך שוין אויפגעהערט צו רעדען פון פילעאס פאגג. אין דיא לעצטע עטליכע טעג אבער זיינען זיי געווארען עפעס אונרוהיג. דיא צייטונגען האבען געבראכט דיא נאכריכט, אז מען האט ארעסטירט דעם

באנק רויבער ערגעץ אין אַ קליין שטעדטעל אין ענגלאנד. ער הייסט דזשיימס סטראנד. דערביי האט דיא צייטונג בעמערקט זעהר גיפֿטיג:

— וויא קען מען זיך פֿערלאזען אויף דיא ענגלישע דעטעקטיוום און אויף דיא לאנדאנער פאליציי, ווען זיא האט בעליידיגט אזא עהרליכען און אזא קלוגען מענשען, וויא פֿילעאַס פֿאָגג? וויא אזוי טראכט מען אוים אויף אַ מענשען אַזאַ שענדליכען ליעגען? — דיא פאליציי האט דאך געקענט איהם רואי־נירען, איהם פֿערניכטען אויף אייביג!

דאס איז געוועזען דעם 15טען דעצעמבער. דיא צייטונג וואס האט עס גע־שריעבען איז געוועזען דיא „טיימס“, דיא גרעסטע צייטונג אין ענגלאנד.

דיא מיטגליעדער פֿון רעפֿאָרם קלוב האבען געלעזען דיא צייטונג און האבען זיך פֿערטראכט. זיי זיינען אלע געוועזען זעהר רייך און עס האט זיי ווייניג געקימערט, וואס זיי וועלען פֿערשפּיעלען צו צעהן טויזענד פֿונט. עס האט זיי געקרענקט, וואס זיי האבען חושד געוועזען פֿילעאַס פֿאָגג, אז ער איז אַ באַנק רויבער.

— וויא קומט עס, וואס מיר האבען קיינע נאכריכטען פֿון פֿילעאַס פֿאָגג? האט איינער געפֿרעגט דעם אנדערן.

בעזאנדערס אונרוהיג איז געווארען דער רייכער ביער ברויער טהאָמאַס פֿלאַנאַגאַן. איהם האט פֿערדראסען דיא גאנצע געשיכטע. איהם איז פֿארגעקומען, אז זיי האבען גערייצט פֿילעאַס פֿאָגג און איהם געטריעבען, ער זאל מאכען דיא רייזע ארום דיא וועלט.

מען האט געשיקט אַ מענשען אין נומער 7 סעוויל ראָאו, פֿילעאַס פֿאָגג'ס וואוינונג, פֿרעגען, אויב מען האט ניט פֿון איהם עפעס אַ בריעף, אַ טעלעגראַמע אדער אזוי אַ נאכריכט. דאס הויז איז איז געוועזען פֿערשלאסען. מען האט געפֿרעגט דיא נאכבארען ארום. קיינער האט ניט געהערט און ניט געזעהן קיין פֿילעאַס פֿאָגג.

דיא מיטגליעדער פֿון רעפֿארם קלוב זיינען געווארען נאך אונרוהיגער.

עס איז זעהר מעגליך, אז פֿילעאַס פֿאָגג איז געוואהר געווארען, אז מען האלט איהם פֿאר אַ באנק רויבער, האט געזאגט דזשאן סוליוואן מיט פֿערדרוס. דאס האט איהם אזוי געקרענקט, אז ער האט זיך גענומען דאס לעבען. ביי אזא מענשען, וויא פֿילעאַס פֿאָגג, איז דער נאמען זעהר טהייער. ער האט ניט געקענט איבערלעבען דיא שאנדע, אז מען זאל איהם האלטען פֿאר אַ באנק רויבער.

זיי האבען אנגעהויבען צו שיקען טעלעגראמען קיין יאָקאָהאַמאַ, קיין סאן פֿראנציסקא, קיין טשיקאַגאָ און קיין ניו יארק פֿרעגען, אויב מען האט ניט געזעהן פֿילעאַס פֿאָגג אדער מען האט ניט געהערט פֿון איהם; מען האט געשיקט טע־לעגראמען אין דיא קאנטארען פֿון דיא שיפֿס קאָמפּאַני'ס אין ניו יארק, וואו עס ווערט פֿערשריעבען דער נאמען פֿון יעדען פאסאזשיר, בעזאנדערס אבער פֿון פּאַסאַזשירען ערשטער קלאסע. — אלעס אומזיסט! פֿון פֿילעאַס פֿאָגג איז קיין שפור ניטא!

מען האט געשיקט פֿרעגען אין דער פאליציי. אויב זיי וויסען דארט ניט, וואו עס געפֿינט זיך יעצט דער דעטעקטיוו פֿיקס? — דיא לעצטע נאכריכטען,

וואס דיא פאליציי האט ערהאלטען פון דעטעקטיוו פיקס ויינען געוועזען פון האנג-קאנג. פון דארטען איז ער, וויא אין וואסער אריין. מען האט פון איהם ניט געהערט און מען ווייס פון איהם ניט.

— אויסער דעם איז ער שוין ניט מעהר קיין דעטעקטיוו ביי אונז, האט דער שעף פון דער פאליציי ערקלערט. מיר האבען איהם אויסגעשטויסען פון דיענסט דער פאר, וואס ער האט זיך נאכגעיאגט נאך אזא עהרליכען מאן, וויא פילעאס פאגג און האט איהם געהאלטען פאר א באנק רויבער.

דער שעף פון דער לאנדאנער פאליציי האט געוואוסט פון דער גאנצער געשיכטע, וויא פיקס איז נאכגעפאהרען פילעאס פאגג טריט ביי טריט. איהם איז דיא געשיכטע געוועזען זעהר אונאנגענעהם. מען וועט שרייבען אין דיא צייטונגען, אז דיא לאנדאנער פאליציי איז שלעכט איינגעריכטעט און עס וועט ארויסקומען א סקאנדאל.

שבת דעם 21טען דעצעמבער, דעם טאג וואס פילעאס פאגג האט געדארפט אנקומען, האט עס געקאכט אין לאנדאן, וויא אין א קעסעל. דיא ענגלענדער האבען זיך צוהיצט און האבען ערשט אנגעהויבען צו וועטען. מען האט געוועט אויף טויזענדער פונט. דער אלטער, האלב וואהנזיניגער לארד אלבעמארל, האט זאגאר געוועט אויף צוואנציג טויזענד פונט, אז פילעאס פאגג וועט אנקומען פונקט צו דער צייט.

דער רעפארם קלוב האט זיך געפונען אין א גרויס הויז אין פעל מעל סטריט. שבת פאר נאכט זיינען אלע קארידארען פון'ם קלוב פול געוועזען מיט רעפארטערס און צייטונגס שרייבערס. יעדער האט געוואלט זיין דער ערשטער צו זעהן פילעאס פאגג, איהם צו בעגריסען און — ארויסצולאזען אן „עקסטרא" פון זיין צייטונג. יעדער האט געוואוסט, אז פון אן עקסטרא איבער פילעאס פאגג קען מען מאכען שעהנע עטליכע שיללינג.

אויף דער גאס פארן קלוב האט זיך פערזאמעלט אן אונגעהייערע מענגע מענשען. דיא פאליציי איז קוים געוועזען אים שטאנד צוריקצוהאלטען דיא מענגע. אלע האבען זיך געדרענגט צום קלוב. יעדער האט געוואלט עפעס זעהן אדער וועניגסטענס עפעס הערען.

מען האט געשריען, מען האט געליארמט, מען האט זיך געוועט און מען האט פערקויפט דיא אקציעס „פילעאס פאגג".

וואס שפעטער עס איז געווארען, וואס נעהנטער עס איז געקומען דיא שטונדע, וואס פילעאס פאגג האט געדארפט קומען, אלץ גרעסער איז געווארען דיא מענגע מענשען.

דיא מיטגליעדער פון'ם רעפארם קלוב זיינען אלע געוועזען פערזאמעלט. ניט איינער האט היינט געפעהלט. דיא פינף, וואס האבען זיך געוועט מיט פילעאס פאגג: דער באנקיר דזשאן סולליוואן, דער אינזשעניר ענדרוי סטיוארט, דער ביער ברויער טהאמאס פלאנאגאן, דער צווייטער דירעקטאר פון דער באנק אף ענגלאנד גאטיע ראלף און דער אנדערער באנקיר סעמיועל פאלענטין —

זייגען געזעסען אין גרויסען זאל פֿון׳ם קלוב און האבען געשפּיעלט אין קארטען, וויא געוועהנליך.

דאס מאל אבער איז זיי דאס שפּיעל ניט געגאנגען אין קאפּ. זיי זיינען געווען אונרוהיג. זיי האבען אויף עפּעס געווארט מיט אונגעדולד. זיי האבען געשפּיעלט אום צו פֿערטרייבען דיא צייט. זיי האבען געשפּיעלט אום ניט צו זיצען לעדיג.

דיא צייט איז פֿערגאנגען זעהר לאנגזאם. פֿון צייט צו צייט פֿלעגען זיי קוקען אויף דער גרויסער אוהר פֿון׳ם קלוב, וועלכע איז פֿעראייניגט מיט א טע-לעגראפֿישען דראהט מיט דער אסטראנאמישער אוהר אין גרינוויטש. ווען דיא אסטראנאמישע אוהר שלאגט אוים א שטונדע, שלאגט דיא אוהר אין קלוב אויך אוים דיעזעלבע שטונדע. דיא וויזערם מעגען ווייזען אנאנדער צייט. דיא אוהר שלאגט פונקט צו דער סעקונדע.

ווען דיא וויזערם צייגען ווירקליך איינינע מינוטען פֿריהער אדער שפּע-טער, איז עס א בעווייז, אז דיא אוהר איז ניט ריכטיג. א דיענער געהט דאן צו און שטעלט אן דיא אוהר ריכטיג.

דאס איז דיא אורזאכע, וואס זיי האבען אלץ געקוקט אויף דיא גרויסע אוהר פֿון׳ם קלוב. קיין אוהר קען ניט געהן אזוי ריכטיג, וויא דיא אסטראנאמישע אוהר אין גרינוויטש, וואו דיא גרעסטע געלערנטע און אסטראנאמען קוקען אויף דיא שטערן און מוזען האבען אן אוהר, וועלכע מוז זיין פּינקטליך ביז צו א טוי-זענדעל פֿון א סעקונדע.

דיא גרויסע אוהר האט ענדליך אויסגעשלאגען אכט. אלע האבען א קוק געטהאן צו דער טהיר. עס איז נאך אבער געווען צו פֿריה. פֿילעאס פֿאגג האט געדארפֿט קומען פֿינף און פֿיערציג מינוט נאך אכט.

דיא פֿינף וועטערס האבען ווייטער געשפּיעלט אין קארטען. יעצט אבער איז זיי שוין גאר ניט געגאנגען. יעדער פֿון זיי האט געמאכט אזעלכע גראבע פֿעהלער, אז זיי האבען ענדליך געמוזט אוועקלעגען דיא קארטען און קוקען אויף דיא אוהר.

ווען דיא אוהר האט געוויעזען פֿינף און צוואנציג מינוט נאך אכט, איז גאטיע ראלף אויפֿגעשטאנען און האט געזאגט:

— מיינע הערדען! מיר האבען אפּגעמאכט מיט אונזער פֿריינד, פֿילעאס פֿאגג, ער זאל מאכען א רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג פֿון מינוט צו מינוט. ער איז ארויסגעפֿאהרען פֿון לאנדאן מיטוואך דעם 2טען אקטאבער פֿינף און פֿיערציג מינוט נאך אכט. ער דארף צוריקקומען קיין לאנדאן זאמסטאג (שבת) דעם 21טען דעצעמבער פונקט פֿינף און פֿיערציג מינוט נאך אכט. — מיינע הערדען, יעצט איז פֿינף און צוואנציג מינוט נאך אכט. אין צוואנציג מינוט ארום, ווען פֿילעאס פֿאגג קומט ניט, האט זיך אונזער וועטע געענדיגט. — מיר האבען זיא געוואוגען, וואס זאלען מיר דאן טהאן מיט זייגע לופּאיג שוועגר פאגגז

דער באנקיר דזשאן סוליוואן האט זיך אויפגעהויבען און האט געזאגט:

— מיינע הערען! מיר האבען זיך נים געוועט אום צו פערדיענען געלד. דיא מיטגליעדער פון'ם רעפארם קלוב זוכען נים צו פערדיענען געלד דורך וועטען. מיר דארפען נים דאס געלד פון אונזער מיטגליעד פילעאס פאָגג. איך מאך אַ פארשלאג, אז דאס געלד, וואס מיר וועלען געווינען פון דער וועטע — דיא פופציג טויזענד פונט — זאלען מיר דעפאנירען אין אַ באנק און זאלען עס האלטען פאר פילעאַס פאָגג'ס ערבען (יורשים) אדער וועמען פילעאַס פאָגג וועט הייסען זיי געבען.

— איך אונטערשטיץ דיעזען פארשלאג! האט אויסגעשריען טהאָמאַס פלאַנאַגאַן. דיעזע וועטע איז געמאכט געווארען נים אום צו פערדיענען געלד, זאנדערן אויס אַ וויסענשאפטליכען צוועק. — מיר האבען געוואלט זיך איבערצייגען, אין וויפיעל צייט קען מען אין אונזערע צייטען מאכען אַ רייזע ארום דיא וועלט. ווען אונזער פריינד פילעאַס פאָגג וועט קומען מיט פינף מינוטען שפעטער פון דער בעשטימטער צייט, האט ער פערשפיעלט זיין וועטע. דאס געזעץ זאגט, אז מיר מעגען צונעהמען זיינע פופציג טויזענד פונט. איז עס אבער גערעכט? קען עס ערלויבען אונזער געוויסען? דארף אונזער פריינד פילעאַס פאָגג ליידען, ווען ער האט פערשפעטיגט אויף אייניגע מינוט? — עס וועט זיין אַ שאַנדע פאר אונז, מיר זאלען צונעהמען ביי איהם פופציג טויזענד פונט נור דער פאר, וואס אַ כינעזע, אַ יאַפאַניער אדער אַ ווילדער אינדיאנער האט איהם אויפגעהאלטען אויף עטליכע מינוט.

— ניין! האט זיך אפגערופען אנדריו סטיוארט. מיר האבען זיך געוועט. אַ וועטע איז הייליג אין ענגלאנד. מיר פרעגען נים, צו וועלכען צוועק מיר האבען זיך געוועט. פילעאַס פאָגג האט געוואלט בעווייזען, אז ער קען מאכען אַ רייזע ארום דיא וועלט אין 80 טעג. — ער האט זיא נים געמאכט — זיין געלד איז פערלארען. מיר מעגען טהאן מיט'ן געלד, וואס מיר ווילען. — איך זאג נים, אז איך וויל צונעהמען פילעאַס פאָגג'ס געלד און קויפען מיר אַ קארעטע מיט אַ פאר גוטע פערד. אבער איך וועל טהאן מיט'ן געלד, וואס איך וועל וועלען.

— מיינע הערען! האט זיך אפגערופען גאָטיע ראַלף, דער צווייטער דירעקטאר פון דער באנק אף ענגלאנד. אייער דעבאטע איז צו פריה. מיר ווייסען דאך נאך נים, אויב פילעאַס פאָגג האט געוואונען זיין וועטע, אדער אויב מיר האבען געוואונען. צו וואס זאלען מיר זיך יעצט קריעגען איבער אַ זאך, וואס מיר ווייסען נאך אליין נים? לאמיר אבווארטען נאך דיא עטליכע מינוט. לאמיר פריהער זיך איבערצייגען, אויב מיר האבען געוואונען אדער פערשפיעלט אונזער וועטע, דאן וועלען מיר דעבאטירען, וואס מיר זאלען טהאן מיט'ן געלד.

— הערר גאָטיע ראלף האט פאלקאמען רעכט, האט געזאגט דער באנקיר סעמיועל פאלענטין. לאמיר צוערשט זעהן, ווען פילעאַס פאָגג האט געדארפט אנקומען קיין לאנדאן. — ווען האט געדארפט אנקומען דער לעצטער צוג פון ליווערפול?

מען האט געבראכט אַ צייט פערצייכנים פון לאנדאנער באהנהאף און מען האט אנגעהויבען צו זוכען, מען האט אויסגעפונען, אז דער לעצטער צוג פון ליווערפול קיין לאנדאן איז אנגעקומען דריי און צוואנציג מינוט נאך זיעבען.

— ווען דארף אנקומען דער נעכסטער צוג? האט אנדריו סטיואַרט געפרעגט.

— דער נעכסטער צוג דארף אנקומען פינף און דרייסיג מינוט נאך צעהן, האט גאטיע ראלף געענטפערט.

— אלזא, מיינע העררען! האט אויסגערופען אנדריו סטיוארט, ווען פילעאַס פאָגג וואלט אנגעקומען מיטין צוג, וועלכער דארף זיין אין לאנדאן דריי און צוואנציג מינוט נאך זיעבען, וואלט ער שוין געדארפט זיין אין קלוב; ווען ער איז ניט דא, האט ער פערשפיעלט. מיר האבען אלזא געוואונען פופציג טויזענד פונט. איך פאָרדער, אז מען זאל מיר ארויסגעבען מיינע צעהן טויזענד פונט.

— נייןן לאמיר ווארטען ביז אין דער לעצטער סעקונדע! האט סעמיועל פאלענטין אויסגערופען. איהר קענט דאך אונזער פריינד, פילעאַס פאָגג. ער איז אַ זאנדערבארער מענש. איהם קען אויסקומען, ער זאל קומען פונקט אין דער לעצטער מינוט. ער וועט אונז איבערראשען. ער איז שטענדיג געוואינט צו קומען פונקט צו דער סעקונדע. מיר מוזען ווארטען. מיר קענען ניט זאגען, אז מיר האבען געוואונען, ביז דיא אוהר וועט ווייזען זעקס און פערציג מינוט נאך אכט.

— איך גלויב ניט אין אזעלכע נאררישקייטען! האט זיך געהיצט אנדריו סטיואַרט. זא לאנג איך וועל ניט זעהן פילעאַס פאָגג פאר מיר, וועל איך ניט גלויבען, אז ער האט געמאכט דיא רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג.

— ווען איך הייב אן איבערצורעכענען, וואס פילעאַס פאגג האט געטהאן און וויא אזוי ער האט זיך געוועט, זעה איך, אז ער איז ווירקליך א זאנדערבארער מענש, האט דער רייכער ביער ברויער, טהאמאס פלאַנאַגאַן בעמערקט. — זיך וועטען אויף פופציג טויזענד פונט צו מאכען דיא רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג! איז עס ניט אַ נאררישקייט?

אן אלטעס שפריכווארט זאגט: „אויף אַ רייזע קען מען נור וויסען, ווען מען פאהרט ארויס, ווען מען וועט צוריקקומען קען מען קיין מאל ניט וויסען.“ וויא אזוי האַפט זיך עס אַ מענש וועטען, ווען ער קען ניט וויסען, אז דיא קלענסטע שטערונג אויפ'ן וועג, דאס קלענסטע הינדערניס קען איהם אויפהאלטען א פאר טאג און זיין וועטע איז פערלארען?

— מיר דארפען ניט פערגעסען, אז מיר האבען פון איהם אין דער גאנצער צייט קיין נאכריכט ניט ערהאלטען, האט דזשאן סוליוואן בעמערקט. א מענש וועט זיך אויף אַזאַ כומע געלד און לאזט פון זיך ניט הערן אין דער צייט פון אכציג טעג? וואס הייסט דאס? וויא אזוי שיקט עס ניט אַ מענש אַ טעלעגראמע, אז ער איז ארויסגעפאהרען פון ניו יארק?

— פון ניו יארק? האט אויסגערופען דער אונגעדולדיגער אנדריו סטיואַרט.

איהר זאגט פון ניו יארק? געכטען איז אנגעקומען דאס דאמפף שיף „וויקטאריא“ פון ניו יארק. דאס איז דאס איינציגע שיף פון ניו יארק, אויף וועלכען פילעאס פאגג האט געקענט אנקומען. ווען ער האט פערשפעטיגט דיא „וויקטאריא“ קען ער שוין אויף קיין פאל ניט זיין אין ליווערפול.

ער האט ארויסגענומען דיא „שיפפינג גאזעט“, אַ צייטונג, אין וועלכער עס געפינען זיך דיא ליסטען פון אלע פאסאזשירען, וואס קומען אן אין פארט פון ליווערפול.

— אט האט איהר דיא ליסטע פון דיא פאסאזשירען, וועלכע זיינען אנגעקומען אויף דער „וויקטאריא“, האט אנדריו סטיוארט ווייטער געזאגט. זעהט אליין, איבערצייגט אייך, אז דער נאמען פילעאס פאגג איז ניטא אין דער ליסטע.

נאך מיינער רעכנונג, מיינע העררען, איז פילעאס פאגג ערשט אנגעקומען קיין סאן פראנציסקא. עס קען גאר אנדערש ניט זיין! ניט אזוי שנעל שפרינגט אַ מענש פון וואגאן אויפ׳ן דאמפף שיף און פון׳ם דאמפף שיף אויפ׳ן וואגאן. — אונזער פריינד, פילעאס פאגג איז אַ היציגער קאפּ. ער האט זיך געוועט אויף אַ זאך, וואס ער האט ניט געקענט אויספיהרען. ער האט פערשפיעלט. — רעכט אויף איהם! לאז ער בעצאהלען!

איך פאָרדער מיינע צעהן טויזענד פונט!

— עס איז גאנץ דייטליך, אז פילעאס פאגג האט פערשפיעלט, האט יעצט שוין געזאגט דער רוהיגער גאטיע ראלף. עס איז ריכט׳ג. מיר דארפען ציעהען דיא פופציג טויזענד פונט פון׳ם באנק הויז באַרינג בראַט און דאן וועלען מיר פערהאנדלען, וואס מיר זאלען טהאן מיט׳ן געלד.

זיי האבען אַ קוק געטהאן אויף דיא אוהר. — זיא האט געוויעזען פיערציג מינוטען נאך אכט. דיא פינף ויעטער האבען אנגעקוקט איינער דעם אנדערן. זייערע בליקען האבען דייטליך געזאגט, אז פילעאס פאגג האט פערשפיעלט זיין וועטע. מען האט שוין גאר דאריבער ניט וואס צו רעדען.

איינינע סעקונדען האבען אלע געשוויעגען. עס איז געווען דייטליך, אז קיינער האט ניט געוואלט געווינען דאס געלד. עס איז זעהר מעגליך, אז דער רעפארם קלוב וואלט גאר צופריעדען געווען, אז פילעאס פאגג זאל געווינען זיין וועטע. דאס וועט זיין אן עהרע פארן קלוב. דיא צייטונגען וועלען עס צופויקען און צוטראגען אויף דער גאנצער וועלט, אז אַ מיטגליעד פון רעפארם קלוב האט בעוויעזען אַזא קונסטשטיק, ער האט געמאכט אַ רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג!

פון קארטען שפיעלען האט אין אזא מינוט דיא רעד׳ע ניט געקענט זיין. דיא קארטען זיינען געלעגען אויפ׳ן טיש און קיינער האט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט. אלע האבען געקוקט אויף דיא אוהר. דיא ווייזערס האבען זיך בעוועגט זעהר לאנגזאם. דער סעקונדען ווייזער איז געקראכען און האט זיך קוים געשלעפט, וויא אַ מיעדעס פערד. ווען דער מינוטען ווייזער האט געוויעזען צוויי

און פֿיערציג מינוט נאך אכט, האט זיך אנדריו סטיואַרט אויפֿגעהויבען און האט געזאגט:

— ווען מען גיט מיר יעצט ניין טויזענד, ניין הונדערט ניין און נייינציג פונט פֿאר מיינע צעהן טויזענד, וועל איך ניט נעהמען. איך בין אזוי זיכער, אז איך האב געוואונען, אז איך קען שוין אויסשטעלען אַ טשעק אויף דיעזע סומע אויף דיא באנק פֿון בארינג בראָס.

קיינער האט איהם ניט געענטפֿערט. מעגליך, אז קיינער האט ניט געהערט, וואס ער האט געזאגט. אלע זיינען געווען אויפֿגערעגט, ביי יעדען האט געקלאפט דאס הערץ, יעדער האט עפּעס ערווארטעט. יעדער האט געוואוסט, אז דיעזע מינוט איז זעהר אַ וויכטיגע. מען האט דאריבער אזוי פֿיעל געשריעבען אין דיא צייטונגען, אז יעדער איז געווען שרעקליך פֿעראינטערעסירט אין דיעזע זאנדערבארע וועטע.

זאגאר אלע אנדערע מיטגליערער פֿון׳ם רעפֿאָרם קלוב זיינען געווען פֿעראינטערעסירט אין דיעזער וועטע. אלע זיינען געווען פֿערזאמעלט אין גרויסען זאַל. אלע האבען געקוקט אויף דיא אוהר. אלע האבען געצעהלט דיא סעקונדען. אלע האבען געקוקט, וויא דיא ווייזערס בעוועגען זיך. אלע זיינען געווען אונגעדולדיג, אלע זיינען געווען נייגיעריג צו זעהן, וויא דיעזע זאנדערבארע וועטע וועט זיך ענדיגען.

— דריי און פֿיערציג מינוט נאך אכט! האט גאָטיע ראלף אויסגערופֿען.

אין זאל איז געווארען אזוי שטיל, אז איינער האט געקענט הערן, וויא ביים אנדערן קלאפט דאס הערץ. אין דרויסען אבער, אויף דער גאס, איז דיא מענגע געווארען אונרוהיג. מען האט געהערט אַ זאנדערבארען גערויש און ליארם.

פֿיעלע זיינען צוגעלאפֿען צום פֿענסטער זעהן, וואס דארט איז. עס איז אבער געווען אונמעגליך צו זעהן, וואס עס טהוט זיך אין אַזאַ מענגע מענשען. מען האט געזעהן פֿאר זיך א גאנצעס מעער פֿון היטע און מענשען קעפּ.

מען האט געקוקט אין פֿענסטער פֿון קלוב, מען האט גערעדט, מען האט געשריען, מען האט געליאַרמט אזוי, אז עס איז געווען אונמעגליך אויסצוגעפֿינען, וואס דארט טהוט זיך.

— פֿיער און פֿיערציג מינוטען נאך אכט! האט אויסגערופֿען דזשאן סוליוואן.

אלע זיינען צוריקגעטרעטען פֿון׳ם פֿענסטער. אלע האבען אַ קוק געטהאן אויף דיא אוהר. יעדער האט זיך פֿערטראַכט. אזא פֿאל האט נאך קיין מאל ניט געטראָפֿען אין רעפֿאָרם קלוב.

לאנגזאם, זעהר לאנגזאם האט זיך געריהרט דער סעקונדען ווייזער פֿון דער גרויסער אוהר אין רעפֿאָרם קלוב. פֿופֿצעהן סעקונדען — צוואנציג סעקונדען — פֿופֿציג סעקונדען — פֿילעאַס פֿאָגג איז ניטא.

פלוצלונג איז געווארען אַ שרעקליכער רעש. אין דרויסען האט דיא מענגע אנגעהויבען צו רוישען, וויא דיא וועללען (כוואַליעס) פֿון׳ם מעער אין דער צייט פֿון אַ שטורם. הונדערטער מענשען האבען זיך מיט געוואלד אריינגעדרענגט

אין רעפֿארם קלוב. דיא פאליסלייט זיינען ניט געווען אים שטאנד זיי איינצוהאל-
טען. עס האט איסגעוויעזען, וויא דיא מעננע וויל צורייסען דעם רעפֿארם
קלוב אויף שטיקלעך.

דיא טהירען פֿון׳ם גרויסען זאַל האבען זיך געעפֿענט, — פֿילעאַס פֿאָגג איז
אריינגעקומען לאנגזאם און רוהיג, וויא זיין שטייגער איז געווען. הינטער איהם
האט זיך געדרענגט אן אונגעהייערע מעננע מענשען.

— מיינע הערען, אט בין איך! האט פֿילעאַס פֿאָגג געזאגט רוהיג.

אין דיעזער סעקונדע האט דיא אוהר אנגעהויבען צו שלאגען דריי פֿיער-
טעל נאך אכט.

## 37טעם קאפיטעל.

## וויא אזוי פֿילעאַס פֿאָגג האט געוואונען א טאג און האט עס אליין ניט געוואוסט.

אלע האבען זיך אומגעקוקט מיט שמוינען. דאס איז ווירקליך געווען פֿי-
לעאַס פֿאָגג אליין. ניט זיין שאטען, ניט זיין גייסט, זאנדערן פֿילעאַס פֿאָגג פֿון
פֿלייש און בלוט, — פֿילעאַס פֿאָגג, וויא ער שטעהט און געהט.

— דאס איז דאך אבער אונמעגליך! וועט אויסרופֿען יעדער קלוגער לע-
זער — און וועלכער לעזער איז עס ניט קלוג? — וויא איז דאס מעגליך, אז פֿילעאַס
פֿאָגג איז אנגעקומען זאמסטאג דען 21טען דעצעמבער, ווען מיר אליין האבען
געזעהן, אז זונטאג דעם 22טען דעצעמבער האט ער געשיקט פאספארטו צום
רעווערענד סעמיועל ווילסאן?

— איהר האט רעכט מיינע ליעבע לעזער! איהר האט פֿאלקאמען רעכט!
בייזערט אייך ניט. הערט אוים פֿריהער, וואס עס איז געשעהן, דאן וועט איהר
מעגען זאגען, וואס איהר ווילט.

מיר האבען געזעהן, וויא פֿילאַס פֿאָגג האט אוועקגעשיקט פאספארטו צום
רעווערענד סעמיועל ווילסאן, ער זאל זיין פֿארבערייטעט מארגען, מאנטאג, דעם
23טען דעצעמבער אויף אַ האכצייט׳ס צערעמאניע.

פאספארטו איז אוועקגעלאפֿען, וויא אַ שטורמווינד. ער איז באלד געקומען
צום גייסטליכען, ער האט איהם אבער ניט געטראפֿען אין דער היים. אזוי וו׳א
ער האט געזאגט, אז ער וויל רעדען מיט׳ן רעווערענד וועגען אַ האכצייט, האט
איהם דעם רעווערענדס פֿרוי געבעטען, ער זאל ווארטען: דער רעווערענד וועט
באלד קומען.

פאספארטו האט געווארט. ער האט געווארט זעהר לאנג. ענדליך איז דער
רעווערענד געקומען. פאספארטו האט איהם ערקלערט, וואס ער דארף. דער
רעווערענד האט איהם געענטפֿערט, אז עס איז אונמעגליך. קוים האט איהם דער
רעווערענד ערקלערט, פֿאר וואס עס איז אונמעגליך, איז פאספארטו ארויסגע-
לאפֿען פֿון זיין הויז, וויא אַ וואהנזיניגער.

ער האט פֿערגעסען אנצוטהאן זיין הוט און איז געלאפֿען אזוי שנעל, אז

ער האט אויפֿן וועג אומגעווארפֿען פֿיעלע מענשען. עס איז געווארען אַ גוואַלד און אַ געשריי. אלע האבען געמיינט, אז דאס לויפֿט איינער, וואס איז אנטלאפֿען פֿון אַ דול הויז. מען האט זאגאר גערופֿען אַ פאליסמאן. פאספארטו איז אבער געלאפֿען אזוי שנעל, אז דער פאליסמאן האט איהם ניט געקענט דעריאגען.

פֿון דרורי ליין ביז סעוויל ראָאו איז גענוג וויים. פאספארטו איז עס איינ־געלאפֿען אין צוויי מינוט.

ער איז אנגעקומען אין הויז נומער 7 סעוויל ראָאו, איז אריינגעלאפֿען גלייך אין פֿילעאַס פֿאָגג׳ס צימער און איז אניעדערגעפֿאלען אויף אַ שטוהל. ער האט זיך ניט געקענט ריהרען.

ער איז געוועזען אזוי פֿערסאפעט, אז ער האט ניט געקענט ארויסרעדען אַ ווארט.

— וואס איז מיט דיר דער מעהר? האט איהם פֿילעאַס פֿאָגג געפֿרעגט.

— הערר! — הייראטה — אונמעגליך! האט קוים ארויסגעקייכט פאספארטו.

— פֿאר וואס אונמעגליך? וואס רעדסט דוא?

— אונמעגליך — מארגען!

— פֿאר וואס איז מארגען אונמעגליך?

— מארגען איז — זונטאג! האט קוים פאספארטו ארויסגעזאגט.

— מארגען איז מאנטאג! האט פֿילעאַס פֿאָגג געזאגט ערנסט.

— ניין! מארגען איז זונטאג. היינט איז זאמסטאג (שבת).

— וואס זאגסט דוא? וויא איז דאס מעגליך? מארגען איז דאך מאנטאג. היינט איז זונטאג!

— ניין, ניין! היינט איז זאמסטאג! — איהר האט אַ טעות געהאט אויף אַ טאג. — מיר זיינען געקומען קיין לאנדאן פֿרייטאג. — היינט איז זאמסטאג. — עס איז שוין שפעט. — עס איז שוין פֿינף און דרייסיג מינוט נאך אַכט. — לויפֿט שנעל — אין רעפֿארם קלוב — איהר האט געוואונען אייער וועטע!

פאספארטו איז אויפֿגעשטאנען, האט געחאַפט פֿילעאַס פֿאָגג בייביידע הענד און האט איהם געשלעפט אין רעפֿאָרם קלוב.

פֿילעאַס פֿאָגג האט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם. פאַס־פארטו האט איהם ארויסגעשלעפט אויף דער גאס, האט געחאַפט אַ קארעטע און איז מיט איהם אוועקגעפֿאהרען צום רעפֿארם קלוב.

יעצט איז שוין פֿאספארטו געווארען דער הערר. ער האט צוגעזאגט דעם קוטשער אַ פֿונט סטערלינג, ווען ער וועט זיי ברענגען אין פֿינף מינוטען אין רעפֿאָרם קלוב.

דיא קארעטע איז געפֿלויגען, וויא אַ פֿייל פֿון בויגען. דער קוטשער האט געשמיעסען דיא פֿערד צום טוידט. ער איז אנגעקומען פונקט צור צייט.

ווען פֿילעאַס פֿאָגג איז אריינגעקומען אין זאַל פֿון׳ם רעפֿארם קלוב, האט דיא גרויסע אוהר פֿון׳ם קלוב אנגעהויבען אויסצושלאגען דריי פֿיערטעל נאך אכט.

דיא מיטגליעדער פֿון רעפֿאָרם קלוב האבען זיך אלע אויפֿגעהויבען, האבען איהם בעגריסט און האבען איהם געגעבען דיא הענד.

— איהר זייט אַ העלד, הערר פֿילעאַס פֿאָגג! האבען זיי איהם געזאגט. איהר האט בעוויעזען דיא גרעסטע העלדען טהאט. — איהר האט געמאַכט אַ רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג!

— איך האב געטהאן, וואס יעדער מענש קען טהאן, האט פֿילעאַס פֿאָגג געענטפֿערט געלאסען. איך האב נור בעוויעזען, אַז עס איז מעגליך.

מיט אַ האלבע שטונדע שפּעטער האט מען שוין געשריען אין אלע גאסען פֿון לאנדאן:

— עקסטראַ!! אַ רייזע ארום דיא וועלט! פֿילעאַס פֿאָגג אין לאנדאן! עקסטראַ!!

אנדריו סטיוארט, דזשאן סוליוואַן, גאָטיע ראַלף, טהאמאס פֿלאַנאַגאַן און סעמיועל פֿאַלענטין, פֿילעאַס פֿאָגג'ס וועטערס, האבען איהם באלד איבערגעגעבען זייערע טשעקס, יעדער אויף צעהן טויזענד פֿונט.

זיי האבען געוואלט מאכען אַ באלל איהם צו עהרען, פֿילעאַס פֿאָגג אבער האט עס ניט געוואלט.

— מיינע העררען! איך וועל אייך איבערמארגען איינלאדען אויף אַ באלל צו מיר, האט ער זיי געזאגט.

— מיר מוזען אבער וויזען דער וועלט, אַז אַ מיטגליעד פֿון רעפֿאָרם קלוב האט געמאַכט דיא רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג! האט געשריען דער רייכער ביער ברויער, טהאמאס פֿלאַנאַגאַן. מיר מוזען עפּעס טהאן אום צו וויזען דער וועלט, וואס א מיטגליעד פֿון רעפֿאָרם קלוב קען!

עס האט זיך אנגעהויבען אַ לאנגע דעבאטע. יעדער האט געזאגט זיין מיינונג. יעדער האט געשריען, יעדער האט זיך געהיצט. זאגאר דער אונרוהיגער אנדריו סטיוארט האט יעצט אויך געשריען, אַז דער רעפֿאָרם קלוב דארף וויזען דער וועלט, אַז נור זיינע מיטגליעדער קענען בעוויזען העלדענטהאטען.

ענדליך איז געבליעבען, אַז מען זאל מאכען אַ פֿאַקעל צוג און מען זאל אפּפֿיהרען פֿילעאַס פֿאָגג א היים, אין סעוויל ראָאו, מיט מוזיק און מיט פֿאַקעלן, מיט בינעזישע לעמפלעך, מיט פויקען, טראמפּעטען און מיט אַ גרויס פּאַראַד.

פֿילעאַס פֿאָגג האט צוואר דערפֿון ניט געוואלט וויסען. ער האט בעסער געוואלט געהן א היים און דערצעהלען זיין יונגע בראַאוט, אַאודאַ, אַז ער איז ווידער רייך און ווידער דערזעלבער פֿילעאַס פֿאָגג.

עס האט אבער גאר ניט געהאָלפֿען. אין אַ גאַנץ קורצע צייט האט מען געבראַכט מוזיק, בינעזישע לעמפלעך און אלעס נעטהיגע און עס האט זיך אנגעהויבען א גרויסע פּאראַדע, אַ גרויסער מאַרטש, וועלכען לאנדאן האט נאָך קיין מאל ניט געזעהן.

דיא מיטגליעדער פֿון רעפֿאָרם קלוב זיינען אלע געפֿאהרען אין קאַרע-

טעם. אן אונגעהייערע מענגע פון הונדערטער טויזענדער מענשען זיינען נאכגע־גאנגען צו פוס פון רעפארם קלוב ביז אין פילעאס פאגג'ס וואוינונג.

— הורראה! הורראה פאר פילעאס פאגג! האט געברומט דיא מענגע.

— עקסטרא! פילעאס פאגג! א רייזע ארום דיא וועלט אין אכציג טעג! האבען געשריען דיא צייטונג פערקויפער.

אין דער צייט, וואס מען האט געמאכט דיא פארבערייטונגען צום פאקעל צוג און צום פאראד, איז פילעאס געזעסען ערנסט און פערטראכט.

ער האט געטראכט: וויא קומט עס, וואס איך האב א טעות געהאט אויף א טאג? איך האב געפיהרט אזא ריכטיגע און פינקטליכע רעכנונג, אז איך האב נים פערפעהלט קיין סעקונדע, פלוצלונג האב איך געמאכט א פעהלער אויף א גאנצען טאג?

ער האט ארויסגענומען זיין נאטיץ בוך, האט איבערגעקוקט און איבער־גערעכענט אלעס, וואס ער האט אין איהם נאטירט. — אלעס איז געוועז ריכטיג.

ער האט גענומען א לאנדאנער קאלענדאר און האט איהם פערגלייכט מיט זיין נאטיץ בוך. — אלעס שטימט! אלעס איז ריכטיג! — און דאך איז דא אן אונטערשיעד אויף א גאנצען טאג!

וואס הייסט עס? וויא אזוי זאל ער זיך עס ערקלערן?

זיינע קאמעראדען האבען זיך גערעשט און זיינען געוועז בעשעפטיגט מיטין פאקעל צוג. ער אבער האט זיך פערטיעפט אין זיינע געדאנקען. ער האט געוואלט דערראטהען דיעזעס זאנדערבארע רעטעניש: וויא אזוי איז איהם פלוצלונג צוגעקומען א טאג?

ער איז ענדליך אריינגעגאנגען אין דער ביבליאטהעק פון'ם קלוב און האט אנגעהויבען צו זוכען אין דיא ביכער פון דיא גרויסע רייזענדע, וויא מאגעללהאן, וואסקא דע גאמא, קאפיטאן קוק, ד'אורוויל, לאפערוז און פיעלע אנדערע.

ער האט געזוכט א לאנגע צייט. ענדליך האט ער עטוואס געפונען. זיין געזיכט איז פרעהליך געווארען, זיינע אויגען האבען אנגעהויבען צו לייכטען.

— אזוי? האט ער אויסגערופען. אך, וויא איינפאך! — און דאך האב איך עס אנפאנגס נים געוואוסט! יעדעס קינד, וואס לערנט געאגראפיע ווייס עס און איך האב עס ניט געוואוסט. איך האב געוואונען א טאג דערפאר, וואס איך בין געפאהרען פון וועסט (מערב) קיין אסט (מזרח). וואלט איך געפאהרען פער־קעהרט — פון אסט קיין וועסט, וואלט איך פערלארען א טאג.

פיעלע פון מיינע לעזער וועלען געוויס נים פערשטעהן אזוי לייכט, וואס פילעאס פאגג האט זיי דא געזאגט, איך מוז עס זיי א ביסעל מעהר ערקלערן.

דיעזעס וואונדער אדער דיעזעס רעטעניש האט מען שוין לאנג בעמערקט. זייט מענשען האבען אנגעהויבען צו מאכען רייזען ארום דער וועלט, זיינען שוין אפט פארגעקומען אזעלכע וואונדער.

עס פאהרען צוויי שיפען. איינס פאהרט פון וועסט קיין אסט, דאס אנדערע

פֿאהרט פֿון אסט קיין וועסט. זיי בעגעגענען זיך און איין שיפֿס קאפּיטאן פֿרעגט דעם אנדערן, וואס פֿאר אַ טאג איז היינט.

— זונטאג, ענטפֿערט דער ערשטער.

— מאנטאג! שרייט דער ערשטער אָפֿיציער פֿון'ם צווייטען שיף.

ביידע שיפֿען האבען ריכטיג געפֿיהרט זייער טאגע בוך. ביידע האבען ריכטיג פֿערשריעבען יעדען טאג פֿון זייער רייזע. זיי האבען אלזא ביידע רעכט. פֿאר וואס איז אבער ביי איינעם זונטאג און ביים אנדערן מאנטאג?

אנפֿאנגס האט מען זיך אויף קיין פֿאל ניט געקענט ערקלערן דיעזעס וואונדער. איינפֿאכע מענשען האבען באלד געזאגט:

— עס איז אַ טעות! דער שיפֿס קאפּיטאן האט שלעכט געפֿיהרט זיין טאגע בוך. דיא אָפֿיציערן האבען פֿערשריעבען מיט א טאג מעהר, זיי זאלען האבען נאך פֿאר אַ טאג מעהר געהאלט.

ערשט זייט קאלומבוס האט ענטדעקט אמעריקא און מען האט אנגעהויבען צו פֿאהרען זעהר אָפֿט קיין אמעריקא און צוריק, האט מען אויסגעפֿונען דיא אורזאכע, וואס איין רייזענדער פֿערליערט אַ מאל אַ טאג און דער אנדערער געווינט אַ מאל אַ טאג.

דאס האט מען אויסגעפֿונען:

ווען איינער רייזט פֿון וועסט (מערב) קיין איסט (מזרח), רייזט ער געגען דער זון. יעדען טאג געהט פֿאר איהם אונטער דיא זון מיט איינינע מינוטען פֿריהער און געהט אויף מיט איינינע מינוטען שפּעטער.

ווען דער מענש זאל קענען געהן אזוי שנעל, וויא דיא ערד דרעהט זיך ארום דיא זון, וואלט ער געזעהן אַ זאנדערבארע ערשיינונג. ווען ער וואלט ארויסגעפֿאהרען פֿון לאנדאן אדער פֿון ניו יארק אום צוועלף אוהר ביי טאג, וואלט דיא זון איהם שטענדיג געוויעזען צוועלף אוהר ביי טאג; וואלט ער ארויסגעפֿאהרען אום צוויי אוהר ביי טאג, וואלט ביי איהם שטענדיג געווען צוויי אוהר ביי טאג. ער וואלט געפֿאהרען אזוי שנעל, וויא דיא זון, ריכטיגער געזאגט, וויא דיא ערד דרעהט זיך ארום דיא זון.

דער מענש קען אבער דערווייל אזוי שנעל ניט פֿאהרען. איידער ער פֿאהרט איין איינינע שטונדען, דרעהט זיך שוין דיא ערד אוועק. — עס ווערט נאכט.

אלענפֿאלס, ווען ער פֿאהרט פֿון מעריב קיין מזרח, ווערט ביי איהם מיט יעדען טאג פֿריהער נאכט. ער איז געגענגעלאפֿען דער זון אויף עטליכע מינוטען.

פֿילעאַס פֿאָגג האט געררייזט פֿון מעריב קיין מזרח, ער איז געפֿאהרען געגען דיא זון. ער האט מיט יעדען טאג געוואונען אזוי פֿיעל מאל פֿיער מינוט, וויפֿיעל גראַדום ער איז אין דעם טאג איינגעפֿאהרען מעהר געגען דיא זון.

דיא גאנצע ערד איז איינגעטהיילט אין דריי הונדערט זעכציג גראַד. דיא זון געהט יעדע פֿיער מינוט איין גראַד. אזוי וויא פֿילעאַס פֿאָגג האט גערייזט געגען דיא זון און איז דורכגעפֿאהרען אין 79 טעג אלע דריי הונדערט און זעכציג גראַד, האט ער מיט יעדען טאג, וואס ער איז געלאָפֿען געגען דער זון גע-

וואונען אזוי פיעל מאל פיער מינוט, וויפיעל גראד ער איז איינגעפאהרען נעגען דיא זון.

אין דער צייט, וואס ער האט געזעהן אכציג מאל, וויא דיא זון איז גע- שטאנען פונקט אין דער מיט הימעל און עס איז געוועזן פונקט צוועלף ביי טאג אויף זיין אוהר, האבען דיא, וואס זיינען געבליעבען אין לאנדאן געזעהן דיא זון איבער זיך נור 79 מאל.

דער פאר איז ביי זיי אויסגעקומען זאמסטאג (שבת) און ביי פילעאס פאגג איז עס שוין געוועזן זונטאג.

פילעאס פאגג איז געוועזן א געלערנטער מאן. ער האט געוואוסט דערפון, אז מען פאהרט שטענדיג פון מעריב קיין מזרח געווינט מען מיט יעדען טאג עטליכע מינוט. ער האט אבער אין דער לעצטער צייט אזוי פיעל איבערגעליטען, אז אין דער לעצטער מינוט האט ער עס פערגעסען און האט זיך ערשט דערמאנט, ווען ער האט אנגעהויבען צו זוכען אין דיא ביכער פון דיא גרויסע רייזענדע, האט ער עס ערשט אויסגעפונען.

ער איז צוריקגעגאנגען צו זיינע קאמעראדען אין גרויסען זאל. דארט האט זיך אלעס געפרעשט און געקאכט. מען האט זיך פארבערייטעט צום גרויסען און בעריהמטען פאקעל צוג. אלעס איז שוין געוועזן פערטיג. מען האט זיך אריינגע- זעצט אין דיא קארעטעס און מען איז געפאהרען צו איהם א היים אין נומער 7 סעוויל ראָאו.

אַאודאַ איז געזעסען אין איהר צימער רוהיג און פערטראכט. זיא האט געטראכט איבער איהר שיקזאל. זיא איז געבארען אין אינדיען און פלוצלונג האט זיא דאס שיקזאל פערווארפען קיין לאנדאן אויף אַזאַ וואונדערבארער ארט.

עס איז וואהר, אז זיא ליעבט פילעאס פאָגג, אבער דענאך איז ער איהר דאך גאנץ פרעמד. לאָנדאָן איז פאר איהר א פרעמדע שטאדט. זיא איז יעצט צווישען גאנץ פרעמדע מענשען. וואס וועלען זיי יעצט אנהויבען צו טהאן? — פילעאס פאָגג איז ארים. ער וועט ערשט מוזען אנהייבען צו זוכען עפעס א טהעטיגקייט, עפעס א בעשעפטיגונג.

אזוי וויא זיא איז אזוי געזעסען פערטראכט און טרויעריג, האט זיא דער- הערט א שרעקליכען ליארם אין דרויסען.

— הורראַה! הורראַה פאר פילעאס פאָגג! האט מען געשריען.

— עס לעבע פילעאס פאָגג! עס לעבע דער מאן, וואס האט געמאכט א רייזע ארום דער וועלט אין אַכציג טעג!

אַאודאַ האָט זיך צוגעהערט. דער נאמען פילעאס פאָגג, וועלכען מען האט אויסגערופען פון אלע זייטען, האט זיא א ביסעל איבערראשט. זיא איז ארויס- געגאנגען פון איהר צימער און איז צוגעגאנגען צו דער טהיר. זיא האט געוואלט עפענען דיא טהיר א קוק טהאן, וואס דארט איז אין דרויסען.

אין דיעזע מינוט האט זיך דיא טהיר געעפענט און פאר איהר איז געשטא-

מען פילעאס פאגג. — אין דרויסען, פארן הויז מיטער 7 מעוויל ראָו האט געקאכט און געזאמעלט א גאנצעס מעער פון מענשען קעפ.

— הורראה! הורראה פאר פילעאס פאגג! האט געברומט די מענגע, וויא א ווילדעס מעער.

טויזענדער הימט זיינען געפלויגען אין דער הויך. אלע האבען איהם גע־גריסט, אלע האבען איהם געוואונשען גליק. זיינע קאמעראדען, די מיטגליעדער פון׳ם רעפארם קלוב האבען איהם געדריקט די הענד. אין זייערע געזיכטער האט מען געקענט לעזען פרייד און צופריעדענהייט.

דער רעפארם קלוב האט געוואונען!

אאודא האט עס אלעס געזעהן. זיא האט זיך ניט געוואלט ווייזען פאר דער מענגע. זיא איז דאך נאך ניט פילעאס פאגג׳ס פרוי. אלע ווייסען, אז פילעאס פאגג האט נאר קיין פרוי ניט.

זיא איז דאהער גאנץ שטיל ארויפגעגאנגען צוריק אין איהר צימער און האט געווארט, אז פילעאס פאגג זאל קומען און זאל איהר ערקלערן, וואס דא איז פארגעקומען.

ענדליך האט זיך פילעאס פאגג ארויסגעריסען פון דער מענגע און איז אריינגעקומען צו זיך אין צימער.

יעצט האט זיך אלעס געענדערט, יעצט איז ער ווידער רייך. יעצט מוז ער אנדערש איינריכטען זיינע געשעפטען און זיין פערמעגען.

קוים האט ער זיך א ביסעל בערוהיגט, האט ער זיך געזעצט לעבען זיין שרייב טיש און האט אנגעהויבען עפעס צו שרייבען. — מען קלאפט אין דער טהיר.

— קאם אין! האט ער אויסגערופען זעהר אונצופריעדען, וואס מען איז געקומען איהם שטערן.

אין צימער איז אריינגעקומען פאספארטו.

— נו? וואס ווילסט דוא זאגען?

— הערר פילעאס פאגג, זעהט איהר, אז אלע זיינען ליגנערס.

— ווער זיינען ליגנערס? האט פילעאס פאגג געפרעגט ערשטוינט.

— אלע אוהרען אין דער וועלט, האט פאספארטו געזאגט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגענומען זיין אלטע גרויסע, זילבערנע אוהר, וועלכע ער האט געהאלטען א ירושה פון זיין עלטער זיידען און האט זיא געוויזען פילעאס פאגג.

— זעהט איהר? אלע אוהרען זיינען פאלש, נור מיין אוהר געהט ריכטיג. איך האב זיא ניט געשטעלט, פון דער צייט וואס מיר זיינען ארויסגעפאהרען ביז מיר זיינען צוריקגעקומען. אין יעדער שטאדט האט די אוהר געאאלטען, אנ־דערש. אין באמביי, אין יאקאהאמא, אין סאן פראנציסקא און אין ניו יארק זיינען די אוהרען געווען גאר משוגע. ווען מיין אוהר האט געהאלטען זעקס, האבען יענע אוהרען געהאלטען צוועלף.

— דארט האבען דיא אוהרען געמוזט האלטען אנדערש, האט פילעאס פאָגג בעמערקט.

— אזוי האט מיר געזאגט דער דעטעקטיוו פיקס און דער גענעראַל סער פראנסיס קראמארטי, האט פאספאַרטו געענטפערט. איך זעה אבער, אז מיין אוהר געהט ריכטיג.

ביים נאמען פיקס האט זיך איבער פילעאַס פאָגגס געזיכט געוויזען אַ פינסטערער וואלקען, וועלכער איז אבער באלד פערשוואונדען.

— ווייסט דוא ניט, וואו דער דעטעקטיוו פיקס געפינט זיך יעצט? האט פילעאַס פאָגג געפרעגט.

— אַהאַ! ער האט שוין גענוג! האט פאַספאַרטו אויסגערופען. מען האט איהם אפגעזאגט פון זיין שטעלע, מען האט איהם ארויסגעיאגט פון דער פאליציי.

— קענסט דוא ניט געפינען, וואו ער איז?

— איך וועל עס אויסגעפינען אין דער פאליציי.

— ברענג איהם צו מיר מארגען פאר נאכט אום זעקס אוהר.

פאספארטו האט אנגעקוקט זיין העררן מיט שטוינען. צו וואס זאל ער דארפען יעצט דעם דעטעקטיוו? זיין רייזע איז געענדיגט, זיין וועטע איז געוואונען. קיינער וואגט ניט צו צווייפלען, אז ער איז ניט קיין באנק רויבער. אלזא, צו וואס זאל ער דארפען דעם דעטעקטיוו?

פילעאַס פאָגג האט פערשטאנען, אז פאַספאַרטו קומט עס אוים זאנדערבאר, וואס ער האט איהם געהייסען ברענגען דעם דעטעקטיוו.

— יעצט איז שוין שפעט, האט פילעאַס פאָגג געזאגט, געה יעצט שלאפען. קום צו מיר מארגען צוועלף אוהר. איך האב מיט דיר עפעס צו רעדען.

פאַספאַרטו איז ארויסגעגאנגען. וואלט ניט געוועזען אזוי שפעט ביי נאכט, וואלט ער זא גלייך געלאפען אין צירק, זעהן, וואס זיין ראזא מאכט.

ווען ער איז געוועזען ביים גייסטליכען רעווערענד סעמיועל ווילסאן, האט ער איהם געוואלט פרעגען, וואס עס וועט איהם קאסטען דיא טרויאונג (האכצייטס צערעמאניע). ער איז אבער געווארען אזוי איבערראַשט פון דער ענטדעקונג, אז היינט איז שבת און מארגען איז זונטאג, אים זונטאג טאר מען ניט הייראטהען אין ענגלאנד, אז ער האט גאר פערגעסען אן אלעמען.

יעצט האט ער זיך דערמאנט. עס איז שוין אבער געווען צו שפעט. ער איז ארויפגעגאנגען אין זיין צימער און האט זיך געלעגט שלאפען. ער האט אבער ניט געקענט שלאפען. אַ גאנצע נאכט האט ער געטרוימט פון עלעפאנטען, פון אַ שליטען שיף, פון אינדיאנער, פון רעווערענד סעמיועל ווילסאן און פון זיין ראזא.

דיא נאכט איז ענדליך פאראיבער. דיא איינוואינער פונ'ם הויז נומער 7 סעוויל ראָאו האבען אויך דיזע נאכט וועניג געשלאפען. אום ניין אוהר אין דער פריה זונטאג דעם 22טען דעצעמבער האט פילעאַס פאָגג אנגעקלונגען צו פאַספאַרטו.

פאספאַרטו איז באלד געקומען צו לויפען.

— געה, זאג מיסיס אַאודאַ, אז היינט וועלען מיר פריהשטיקען צוזאמען. גרייט אן אַ גוטען פריהשטיק. אום עלף אוהר זאלסט דוא אריינקומען צו מיר אין שרייב צימער. איך האב מיט דיר עפעס צו רעדען.

פאספאַרטו איז אוועקגעלאפען, האט געבראכט אַ גוטען פריהשטיק און האט געדעקט צום טיש אין דעם קליינעם זאַל לעבען אַאודאַ'ס צימער.

אום צעהן אוהר איז פילעאַס פאָגג אריינגעקומען אין קליינעם זאַל. אַאודאַ איז שוין געזעסען ביים טיש און האט אויף איהם געווארט.

— אַאודאַ, האט געפרעגט פילעאַס פאָגג רוהיג, זייט איהר נאך יעצט ענטשלאסען צו הייסען דעם רעווערענד סעמיועל ווילסאן, ער זאל אלעס פארבערייטען אויף דער האכצייט?

— דיעזע פראגע דארף איך אייך שטעלען, האט אַאודא געענטפערט. ווען מיר האבען נעכטען אפגערעדט, מיר זאלען הייראטהען, זייט איהר געווען ארים, עלענד און פערלאזען פון דער גאנצער וועלט. היינט זייט איהר רייך, גליקליך און גאנץ ענגלאנד קלינגט מיט אייער נאמען. —

— ענטשולדיגט מיר, מאדאם, האט פילעאַס פאָגג געענטפערט, מיין רייכטהום, מיין גליק, מיין עהרע און מיין גוטען נאמען—אלעס האב איך אייך צו פערדאנקען. ווען ניט איהר, וואלט איך ניט געשיקט מיין דיענער פאַספאַרטו צום רעווערענד סעמיועל ווילסאן און איך וואלט ניט געוואוסט, אז איך בין געקומען קיין לאנדאן מיט אַ טאָג פריהער.

— אלזא, וואס האבען מיר צו רעדען דאריבער, האט אַאודאַ געזאגט איינפאך און האט איהם דערלאנגט איהר האנד.

דער פריהשטיק איז פאראיבער שטיל, רוהיג און פריינדליך, וויא צווישען צוויי ליעבענדע מענשען. נאכ'ן פריהשטיק איז פילעאַס פאָגג אוועקגעגאנגען אין זיין שרייב צימער. פאספארטו איז באלד אריינגעקומען.

— פאספארטו, איך בין מיט דיר צופריעדען, האט פילעאַס פאָגג געזאגט רוהיג. איך האב געוואונען פופציג טויזענד פונט. עס האט מיך אבער געקאסט מעהר אלס דרייסיג טויזענד פונט. איך האב ניט געמאכט דיא רייזע ארום דיא וועלט אום צו פערדיענען געלד. איך האב זיא געמאַכט נור אום צו בעווייזען, אז אין היינטיגער צייט איז עס מעגליך צו מאכען. איך האב מיך דאהער ענטשלאסען פון דעם געלד, וואס איך האב געוואונען, זאל איך דיר געבען פינף טויזענד פונט.

— הערר פילעאַס פאָגג! האט אויסגערופען דער פראנצויז. פינף טויזענד פונט! —

מעהר האט ער ניט געקענט רעדען. עס האט זיך איהם קיין מאל ניט געחלומט, אז ער זאל אַ מאל האבען פינף טויזענד פונט סטערלינג, אדער הונדערט און פינף און צוואנציג טויזענד פראנק.

פילעאַס פאָגג האט אנגעשריעבען אַ טשעק אויף פינף טויזענד פונט און

האט איהם דערלאנגט פּאַספּאַרטו. דער פֿראַנצויז האט געטאנצט פֿאר פֿרייד.

— אזוי וויא דוא האסט פֿערגעסען אויסצולעשען דעם גאז אין דיין צימער, האט פֿילעאַס פֿאָגג ווייטער געזאגט, מוז איך אפּרעכענען פֿון דיין געהאלט, וויפֿיעל עס בעטרעפֿט דיא רעכנונג פֿון דער גאז קאמפּאני.

ער האט אויסגערעכענט און עס איז אויסגעקומען, אז פּאַספּאַרטו קומט נאך צוויי פֿונט מיט דריי שילינג. פֿילעאַס פֿאָגג האט איהם בעצאהלט דיא צוויי פֿונט מיט דיא דריי שילינג און האט איהם געגעבען אַ צייכען, אז ער מעג זיך געהן. פּאַספּאַרטו אבער איז געבליעבען שטעהן.

— וואס ווארטסט דוא נאך?

— הערר פֿילעאַס פֿאָגג — האט אנגעהויבען פּאספּארטו און איז געבליע-בען שטעהן.

— וואס ווילסט דוא זאגען?

— איך וויל אייך בעטען — איך האב אַ בראַאוט — אַ שעהנעס — עהרלי-כעס מעדכען — איך וויל זיא הייראטהען — פֿיעללייכט וואלט איך אפּגערעדט מיט'ן רעווערענד סעמיועל ווילסאן, ער זאל אונז אויך פֿערהייראטהען מארגען אין דער סען פּאטריק'ס קירכע — צוזאמען מיט אייך. — עס וועט מיך קאסטען ביליגער. —

פֿילעאַס פֿאָגג האט אַ לאַך געטהאן. דאס ערשטע מאל, זייט פּאספּארטו האט איהם געקענט, האט ער איהם געזעהן אַ לאַך טהאן.

— גוט! זאג דעם רעווערענד ווילסאן, ער זאל פֿארבערייטען אלעם פֿאר צוויי האכצייטס צערעמאניען, איך וועל איהם בעצאהלען פאר ביידע, האט ער געזאגט פֿרעהליך.

פּאַספּאַרטו האט איהם געדאנקט נאך אַ מאל און איז ארויסגעלאָפֿען פֿון'ם צימער, וויא אַ פֿייל פֿון'ם בויגען. ער איז געלאָפֿען צו זיין ראזא, וועלכע האט איהם אויפֿגענומען זעהר בייז און האט גאר ניט געוואלט רעדען מיט איהם דערפֿאר, וואס ער איז פֿערפֿאלען געווארען קנאפּע דריי מאנאטע.

ערשט ווען ער האט איהר דערצעהלט, אז ער האט געמאַכט אין דער צייט אַ רייזע ארום דיא וועלט און האט פֿערדיענט דערביי פֿינף טויזענד פֿונט סטערלינג, איז ראזא געווארען פֿרעהליכער און האט איהם ערלויבט, ער זאל זיא אַ קוש טהאן.

— מארגען איז ביי אונז דיא האכצייט, האט ער איהר געמעלדעט. מיר וועלען הייראטהען אין איינע פֿון דיא שעהנסטע קירכען פֿון לאנדאן, — אין סען פּאטריק'ס קירכע, צוזאמען מיט מיין הערר פֿילעאַס פֿאָגג.

מיר מוזען לאזען דיא צוויי יונגע לייט זיך פֿרעהן מיט זייער גליק און ענדיגען אונזער ערצעהלונג.

אום זעקס אוהר איז דער דעטעקטיוו פֿיקס אריינגעקומען אין פֿילעאַס פֿאָגג'ס שרייב צימער. ער איז געוועזן טרויעריג און זעהר גיעדערשלאגען.

— הערר פילעאס פאגג, איהר האט מיך געשיקט רופען, האט ער געזאגט גאנץ שטיל.

מעהר האט ער ניט געקענט זאגען. ער האט זיך געשעהמט אויפצוהויבען דיא אויגען און א קוק צו טהאן אויף פילעאס פאגג.

— איהר האט מיר געטהאן זעהר פיעל שלעכטעס, הערר פיקס, האט פילעאס פאגג געזאגט רוהיג. איהר האט עס אבער ניט שלעכט געמיינט. ניט איהר זייט שולדיג, וואס איהר האט מיך פערפאלגט. שולדיג איז דיא פאליציי, שולדיג איז דיא שלעכטע ארדנונג פון יעדער פאליציי. מען גיט דיא פאליציי צופיעל מאכט און זיא בעגעהט שטענדיג אונגערעכטיגקייטען. — איך ווייס, אז יעצט שעהמט זיך דיא פאליציי און האט אייך אויסגעשטויסען פון איהר דיענסט. איהר זייט יעצט געבליעבען אהן ברויט. דיא פאליציי האט געמאכט א פעהלער און האט אויף אייך ארויפגעווארפען דיא שולד.

איך וויל ניט, אז א מענש זאל ליידען דורך מיר. אט האט איהר א טשעק אויף פינף טויזענד פונט סטערלינג. מיט דיעזעם געלד וועט איהר אייך קענען זוכען אנאנדערע בעשעפטיגונג, א בעסערע אלס צו זיין א דעטעקטיוו. דיא בעשעפטיגונגען פון א דעטעקטיוו איז זעהר א ניעדעריגע, א געמיינע. זוכט אייך אויס א שטילע און עהרליכע בעשעפטיגונג און לעבט רוהיג, שטיל, פריעדליך און גליקליך.

פיקס האט אנגעחאפט פילעאס פאגג׳ס הענד און האט זיי אנגעהויבען צו קושען. פילעאס פאגג האט אויסגעריסען זיינע הענד, האט איהם דערלאנגט דעם טשעק און האט איהם געהייסען געהן.

— ווען איהר וועט א מאל עפעס דארפען, האט ער איהם געזאגט אויפ׳ן שיועל פון דער טהיר, קומט צו מיר. איך וועל שטענדיג טהאן פאר אייך, וואס איך וועל קענען.

מאנטאג דעם 23טען דעצעמבער אום צוועלף אוהר אין דער פריה זיינען צוויי קארעטעס צוגעפאהרען צו דער סאן פאטריקס קירכע. פון דער ערשטער קארעטע איז ארויסגעגאנגען פילעאס פאגג און אאודא, פון דער צווייטער — פאספארטו און ראזא.

אאודא איז געגאנגען אנגעטאן גאנץ איינפאך, נאך איינפאכער, וויא ראזא. איהר שעהנהייט אבער האט געצויגען אויף זיך דיא אויפמערקזאמקייט פון אלע פערזאמעלטע. זאגאר דער רעווערענד סעמיועל ווילסאן האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט אויסגערופען:

— אזא שעהנע בראוט האב איך נאך ניט געטרויט אין מיין קירכע.

דיא צערעמאניע פון דער טראאונג האט ניט לאנג געדויערט. רעווערענד ווילסאן האט פיינט געהאט צו מאכען לאנגע צערעמאניען.

מיט א שטונדע שפעטער זיינען פיער גליקליכע מענשען געפאהרען א היים, אין נומער 7 סעוויל ראא.

ע נ ד ע.

# דער בלינדער פּאססאזשיר.

## 1טעס קאפיטעל.

# פון טיפליס נאך באקו.

**— א טעלעגראמע פאר אייך, מיין הערר! האט געזאגט דער קעלנער און האט מיר דערלאנגט א פערמאכטע דעפעשע.**

איך בין געווען איבערראשט. איך בין נור וואס אנגעקומען אין טיפליס, דיא הויפט שטאדט פון דיא רוסישע לענדער אויף דעם קויקאז. איך בין אפגעשטיגען אין האטעל סאנקט פעטערסבורג און האב נאך קיין צייט געהאט מיך איבערצו־מאהן, ווען מען האט מיר שוין דערלאנגט א דעפעשע. איך האב אנפאנגס געמיינט, אז עס איז עפּעס א טעות, דאס טעלעגראם איז ניט פאר מיך, איך האב א קוק געטהון אויף דיא אדרעסע און האב געלעזען:

„העררן סלאד סען סיר, ספעציאל קאררעספאנדענט פון דער צייטונג: „דאס 20סטע יאהרהונדערט", — טיפליס."

— אלזא איז עס געווים צו מיר, האב איך געזאגט צו זיך אליין און האב האסטיג אויפגעריסען דאס טעלעגראם און האב געלעזען פאלגענדעס:

„אזוי וויא דיא סיבירישע אייזענבאהן איז שוין געענדיגט, בעטען מיר אייך, איהר זאלט באלד ארויספאהרען פון טיפליס, אריבערפאהרען דאס קאספּישע מעער און זיך אויפזעצען אין דער סטאציאן אוזון־אדא אויף דער אזיאטישער באהן, וועלכע שליעסט זיך אן דיא סיבירישע אייזענבאהן. איהר זאלט דורכרייזען דיא גאנצע שטרעקע ביז פעקין, דיא הויפט שטאדט פון כינא, און זאלט אונז גיבען א גענויע בעשרייבונג פון דיעזעביידע אייזענבאהן ליניען."

„טעלד קענט איהר בעקומען אויף אונזער רעכנונג ביי דיא באנקירען אבריקאסאוו אי סינאווינא אין טיפליס, ביי דעם באנקיר נאבלע פאמפ. אין באקו, און ביי דעם באנקיר פראנסוא לאפיט אין פעקין. נעהמט, וויא פיעל איהר דארפט. מיר פרעגען ניט, וואס עס וועט קאסטען, נור גיט אונז אן אינטערעסאנטע בעשרייבונג פון דער סיבירישער אייזענבאהן.“

„דיא אדמיניסטראציאן פון „דעם 20סטען יאהרהונדערט“, פאריז“.

איך בין געבליעבען שטעהן, וויא פערשטיינערט. איך האב נור וואס געענדיגט מיין רייזע אויף דער וואלגא און האב בעשריעבען דיא רוסישע שטעדט סאראטאוו, סאמארא און אסטראכאן. איך בין דאן געקומען נאך טיפליס און האב גערעכענט צו בלייבען דא ווענינגסטענס דרייא — פיער וואכען אום זיך צו בעקענען מיט דיא איינוואוינער פון קויקאז, פלוצלינג הייסט מען מיר ווייטער פאהרען, ווייטער זיך וואלגערן אין אייזענבאהן וואגאנס, וויעדער ניט עסען צו דער צייט, ניט טרינקען צו דער צייט, ניט שלאפען צו דער צייט, פאהרען צווישען פרעמדע מענשען אין ווילדע געגענדען.

איך בין געוועזן בייז אויף „דאס 20סטע יאהרהונדערט“, אויף זיך אליין, אויף דיא גאנצע וועלט. וואס העלפט עס אבער? א צייטונגס קאררעספאנדענט איז פערקויפט. ער מוז געהן, וואוהין מען שיקט איהם. איך מוז אלזא פאהרען.

„דאס 20סטע יאהרהונדערט“ איז איינע פון דיא גרעסטע צייטונגען אין פראנקרייך, זיא בעצאהלט גאנץ גוט איהרע מיטארבייטער, אבער זיא איז זעהר שטרענג. זיא בעהאנדעלט איהרע קאררעספאנדענטען, וויא סאלדאטען: ווען מען זאגט: „מארש!“ מוז מען געהן זאגאר אין פייער.

איך מוז אלזא נאך היינט אוועקפאהרען פון טיפליס נאך באקו. דארט וועל איך מיך אויפזעצען אויף א שיף און פאהרען ביז אוזון־אדא. צום גליק, האב איך נאך קיין צייט געהאט אויסצופאקען מיינע זאכען. איך דארף זיי אלזא ניט איינ־פאקען. דאס איז שוין אויך גוט, ווייל איך האב זעהר פיינט איינצופאקען מיינע זאכען.

איך בין ארופגעגאנגען אין רעסטאראן, האב חאפטיג געגעסען איבערנעביסען און בין באלד געלאפען אויפ'ן וואקזאל געוואהר ווערן, ווען עס געהט אפ דער צוג נאך באקו.

אויף דעם וואקזאל אין טיפליס קומען זיך צונויף דרייא אייזענבאהן ליניען. אין ליניע [illegible] נאך [illegible] — [illegible] — נאך [illegible]. א שטארט בייס

שווארצן מעער, וואוהין מען קומט פון אָדעססאַ. דיא צווייטע ליניע געהט נאָך אסטען — מזרח זייט — און ענדיגט זיך אין באַקו, וואו מען זעצט זיך אויף דאַמפף שיפען איבער דעם קאספישען מעער. דיא דריטע ליניע געהט נאָך גאָרדען — דרום זייט — און געהט ביז וולאדיקאווקאז, וואו זיא שליעסט זיך אן דיא רוסישע אייזענ־באַהנען.

איך האב נעהאט איינינע שוועריגקייטען, איידער איך האב אויסגעפונען דיא אבטהיילונג פון וואקזאל, וואו עס קומען דיא ציגע פון באַקו, ווייל איך רעד ניט גאַנץ גוט רוסיש און פראנצויזיש פערשטעהט מען ניט, אָדער מען וויל ניט רעדען, אויף דיא רוסישע אייזענבאַהנען.

אלס ספעציאל קאָררעספאָנדענט פון אזא צייטונג, וויא „דעם 20סטען יאהר־הונדערט" פערשטעהט איך פיעלע שפראכען, אָבער דאס רעדען איז מיר דאָך שווער און דיא רוסישע שפראכע איז ניט אזוי לייכט זיך אויסצולערנען, וויא מען דענקט געוועהנליך.

ענדליך האב איך דאָך אויסגעפונען א בעאמטען פון דער אייזענבאַהן און האב איהם געפרעגט:

— ווען געהט אָפּ דער צוג נאָך באַקו?

— איהר ווילט פאָהרען נאָך באַקו? האט ער מיך געפרעגט אביסעל פער־וואונדערט.

— געוויס וויל איך פאָהרען נאָך באַקו, האב איך געענטפערט שטאָלץ, איך דענק, אז עס איז ניט פערבאָטען צו פאָהרען נאָך באַקו.

— ווען איהר האט א ריכטיגען פאספאָרט, איז עס ניט פערבאָטען, איז געווען דיא אנטוואָרט.

— איך האב א גאַנץ ריכטיגען פאספאָרט פון דער פראנצייזישער רעגיערונג, האב איך געזאָגט שטאָלץ.

— האט איהר איהם געמעלדעט אויף דער פאָליציי אין טיפליס?

— איך וועל איהם באלד מעלדען און איך בין זיכער, אז דיא פאָליציי פון טיפליס וועט מיך ניט אויפהאַלטען.

— דאַן קען איך אייך זאגען, אז דער צוג נאָך באַקו געהט אָפּ פונקט זעקס אוהר אבענדס.

— קומט אָן דיעזער צוג פונקט צום שיף, וועלכעס געהט נאָך אוזוק־אדא?

— יא, האט דער בעאמטער געענטפערט און האט זיך אוועק געקעהרט פון מיר.

איך האב א קוק געטאָהן אויף דיא גרויסע וואנד אוהר אין וואקזאל, עס איז געוועז פונקט ניין. אלזא האב איך נאך גאנצע ניין שטונדען אום מיך פאָרצר בערייטען אויף דיא רייזע.

א פראנצייזישער ציימונגס קאָררעספּאָנדענט האט א מאל געזאגט, אז ווען מען האט נור גוטע קארטען און גוטע בעשרייבונגען, קען מען אויסזעהן גאנץ פאריז אין צוויא טעג, ראָם אין דרייא טעג און לאָנדאָן אין פיער טעג. אלזא ווארום זאָל איך ניט אויסזעהן און בעטראכטען טיפליס אין זעקס שטונדען?

איך האב אלזא נאך צייט צו זעהן און צו בעקענען מיט טיפליס, צו ערשט אָבער מוז איך מעלדען „זאיאווים", מיין פאספאָרט. איך בין אלזא געגאנגען צום פראנצייזישען קאָנסול אין טיפליס און האב איהם געבעטען, ער זאָל מיר מיטהעלפען אפצומאכען דיעזעס וויכטיגע געשעפט.

דער קאָנסול איז געוועז זעהר פריינדליך געגען מיר, געגען א ציימונגס מאן דינען אלע קאָנסולען זעהר פריינדליך. אין א שטונדע איז מיין פאספאָרט געוועזען געמעלדעט, אונטערשריעבען און געזיעגעלט, וויא עס פאָרדערט דאס געזעץ און דיא אָרדנונג. איך וויים ניט, אויב דיא פאָליציי איז געוועזען העפליך געגען מיר, געגען דעם פראנצייזישען קאָנסול, אָדער אויב זיא איז העפליך געגען יעדען. איך וויים נור, אז מען האט מיך גאנץ העפליך אויפגענומען און אין איינינע מינוט איז דיא גאנצע געשיכטע געוועזען געענדיגט.

פונקט צעהן אוהר בין איך שוין געוועזען פערטיג מיט מיין פאספאָרט און בין געגאנגען זעהן טיפליס.

צו ערשט בין איך געגאנגען צום גרויסען קאראוואן סעראי, א גרויסעס געבײדע מיט א זעהר גרויסען הויף ארום. אהין קומען זיך צונויף קאראוואנען פון גאנץ מזרח. עס קומען אָן קאראוואנען פון דער טירקיי, פון פערזיען און פון טורקעסטאן, וועלכעס געהערט צו רוסלאנד.

א קאראוואן הייסט א פעראייניגונג פון קויפליימע, וועלכע פיהרען זייערע וואארען אויף פערד, עזלען, מוילעזלען און קעמלען.

ווען איך בין צוגעקומען צום קאראוואן סעראי, איז נור וואס אָנגעקומען א קאראוואן פון טערקען און ארמעניער. זיי זיינען אָנגעקומען פון קליין אזיען און האבען געבראכט טערקישע און ארמענישע פראדוקטען. אין דערזעלבער צייט אבער

איז צוועק געגאנגען א קאראוואן פון פערזישע און רוסישע קויפלייטע, וועלכע האבען געפיהרט רוסישע וואארען נאך פערזיען און טורקעסטאן.

אין גדויסען הויף פון דעם קאראוואן סעראי געפינט זיך דער גרויסער באזאר פון טיפליס. מען קען דארט זעהן דיא טהייערסטע און זעלטענסטע זיידען שטאפען און גאלד שטיקערייען פון פערזיען, כינא, מאנגאליען, אפגאניסטאן, קאשעמיר און זאגאר פון אינדיען.

זאל איך עפעס קויפען? — איך וויל עפעס קויפען, איך האב א געליעבטע אין פאריז און וויל איהר קויפען א פרעזענט. וויא קען אבער א קאררעספאנדענט פון א ציימונג און נאך פון אזא ציימונג, וויא „דאס 20סטע יאהרהונדערט,“ קויפען זאבען און שלעפען זיי מיט זיך, ווען ער דארף יעצט מאכען א רייזע פון איינינע מאנאטע אין געגענדען, וועלכע זיינען מיר נאך גאנץ אונבעקאנט?

— ניין! האב איך אויסגערופען, איך קען נים קויפען. וואס װעניגער באגאזש מען האט אויפ'ן וועג, אלץ בעסער.

איך געה ווייטער און קום צו דיא בעריהמטע בעדער פון טיפליס. אין אייראפא, וויא אין אמעריקא ווייס מען זעהר גוט, וואס עס הייסט א טירקישעס באד, און ווער עס קען זיך נור פערגינען, דער געהט אין א טירקישעס באד. וואס פערשטעהט מען אבער אין אייראפא און אין אמעריקא פון א טירקישעס באד? א טירקישעס באד זאל מען פראבירען אין טיפליס, דאן וועט מען וויסען, וואס עס הייסט א גוטעס און געזונדעס באד.

איך וויל ארייננעהן אין באד. איך דארף האבען א באד, וואס העלפט עס אבער? א ציימונגס קאררעספאנדענט האט קיין צייט דאפיר. פונקט זעקס אוהר דארף איך דאך זיין אויפ'ן וואקזאל.

איך בין הונגעריג געווארען געהענדיג און איך בין ארייננעגאנגען אין ערשטען בעסטען רעסטאראן עסען מיטאג. מען מעג זיין אן אמעריקאנער געשעפטסמאן, מען מעג זיין א ציימונגס קאררעספאנדענט, עסען מוז מען. מען עסט שנעל, מען איילט זיך, מען האט קיין צייט צו עסען, אבער מען מוז דאך עסען.

איך האב זאטטיג אפגעגעסען און האב פערטרונקען מיט א פלאש קאבערטינער וויין. אלס פראנצויז מוז איך זאגען, אז דיא פראנצייזישע ווינע זיינען פיעל בעסער. אלס עהרליכער מאן אבער מוז איך דאך בעקענען, אז דער קויקאזער וויין איז אויך גאנץ גוט, און ווען מען האט קיין פראנצייזישען וויין, קען מען איהם גאנץ בעקוועם טרינקען.

איך האב זעהר געוואָלט מיטנעהמען עטליכע פלאַשען קאַבעטינער וויין אויף דער רייזע, אָבער איך האב מיך דערמאָנט פּונקט אין דער צייט, אַז וואס ווענינער פּאַנאַזשע, איז אַלץ בעסער, און בין ווייטער געגאַנגען.

עס איז געוואָרן צוועלף אוהר, ווען איך בין אריינגעגאַנגען אין דער געשעפטס־גאַס פון טיפליס און האב אָנגעהויבען צו בעטראַכטען דיא מענשען, דיא מענגע, וויא זיא געהען, וויא זיא האנדלען, וויא זיא קויפען און פערקויפען.

איך האב באַלד דערקענט אין דער מענגע יעקב׳ס עניקלעך. מען קען זיי לייכט דערקענען, ווייל זיי פערקנעפּלען זייערע קליידער פון רעכטס אויף לינקס, אַזוי וויא זיי שרייבען פון רעכטס צו לינקס.

מען זאָגט געוועהנליך, אַז וואו א איד קומט, דאָרט פערהאַפּט ער דעם האנדעל אין זיינע הענד, און דאס איז אויך וואהר, אָבער ניט אין טיפליס, וואו עס האט זיך אויסגעאַרבייטעט א שפּריכוואָרט: „נור זעקס אידען קענען אָפּנאַרען איין ארמעניער,״ און אין טיפליס זיינען דאָ מעהר ארמעניער אלס אידען.

איך בין אראָפּגעגאַנגען צום טייך קורא, וועלכער פליעסט אין דער מיט שטאָדט און צוטהיילט טיפליס אויף צווייא טהייל: א טאָהל — דאָלינא, און א בערג — גאָרא. ביי דיא ברעגעס פון טייך קורא האט זיך מיר פאָרגעשטעלט א בילד, וועלכעס איך האב נאָך אין ערגעץ ניט געזעהן. פּערזער, טשערקעסען, ארמעניער, גריעכען, אידען און רוסען אווסגעמישט פערקויפען זייערע וואארען אויף דער גאס. איינער באָט אייך אָן א טרונק וויין פון א לאָגעל, דאס פעל פון א ציגעלע אָדער א לעמעלע אויסגעטריקענט און צוזאַמענגענעהט, וויא א פלאַש, און א פּיסעל פון דעם ציגעלע איז דער האלז פון דער פלאַש, אָבער אנשטאַט פון א קאָרק — א פּראָפּקע, איז דער האלז פון דעם לאָגעל פערבונדען מיט א פאָדים אָדער מיט אן אָדער פון א בהמה.

אנדערע פערקויפען וואסער, וועלכעס זיי האלטען אין א פעל פון א בופעל־אָקס, וועלכעס ווייזט אויס, וויא א לופט באַלאָן; אין דער מיט איז אריינגעשטעקט א רעהר פון באַמבוק, (טראַסטינא, קאַמיש) און פון דיעזען רעהר טרינקט מען. אין טיפליס מיאוסט מען זיך ניט צו נעהמען אין מויל א רעהר, וועלכע הונדערט מענשען האבען געהאַלטען אין מויל פאַר מיר.

א אידעל איז צוגעקומען צו מיר, האט מיך בעטראַכט אייניגע אוינגנבליקע און האט געזאָגט צו מיר אויף רוסיש:

— מיר דאַכט, אַז איהר זייט א פרעמדער?

— איך בין א פרעמדער, האב איך געענטפערט.

— רצן קומט הערען דעם גרויסען זינגער סאאדי הוסיין איבן האסאן.

דער אראבישער נאמען פון דעם זינגער האט מיך פעראינטערעסירט און איך בין געגאנגען מיט'ן אידען הערען דעם גרויסען זינגער.

אויף א קליינעם טעפיך — קארפעט — אויסגעשפרייט אויף דער ערד איז געזעסען א מאן פון א יאהר עטליכע און דרייסיג אין ווייסע קליידער און האט געזונגען פערזישע ליעדער מיט אזא שטימע, וועלכע האט שיער ניט צוריסען מיינע אויערן. איך בין קיין גרויסער מוזיקער, אָבער ווען מען האט געהערט א נוטע אָפּערא אין פּאריז, קען מען אויף קיין פאל ניט הערען דעם גרויסען זינגער סאאדי הוסיין איבן האסאן, און פון דעסטוועגען איז געשטאנען ארום איהם א גרויסער רעדעל מענשען, וועלכע האבען צוגעהערט מיט פערגניגען און זאגאר מיט ענטציקען דיעזעס זאנדערבארע געזאנג.

איך האב צופעליגער ווייזע ארויסגענומען מיין טאשענאוהר און האב א קוק געטאָהן. — עס איז שוין 5 אוהר.

— אלזאָ שנעל אין מיין האָטעל! פונקט זעקס אוהר געהט אָפּ דער צוג און אין רוסלאנד קען מען קויפען אן אייזענבאהן בילעט נור איינע מינוטען, איידער דער צוג געהט אָפּ, ניט פריהער, וויא אין אנדערע לענדער.

איך בין געוואָרנט „צו פּינטליכקייט. א ציימונגס קאָררעספּאָנדענט מוז זיין זעהר פּינקטליך. א פיערטעל צו זעקס בין איך שוין געווען אויפ'ן וואקזאל און האב גענומען א בילעט ערשטער קלאסע נאך באקו. באלד האט מען אָנגעהויבען צו קלינגען. אויף דיא רוסישע אייזענבאהנען קלינגט מען דרייא מאָל, איידער דער צוג געהט אָפּ.

פונקט זעקס אוהר זיינען מיר ארויס געפאָהרען פון טיפליס.

## 2טעס קאפּיטעל.

# מיסטער אליפלט לאָנגהעד.

א ציימונגס מאן קען ניט פאָהרען, וויא א געוועהנליכער מענש, בעזאָנדערס נאך א ספּעציאל קאָררעספּאָנדענט פון דעם 20סטען יארהונדערט. א געוועהנליכער רייזענדער וויל נור שנעל אָנקומען אין דיא שטאָדט, וואוהין ער פאָהרט, און ער קימערט זיך זעהר וועניג וועגען דער רייזע, עס הארט איהם ניט, וואס פאר א געגענד מען פאָהרט דורך, און ער אינטערעסירט זיך ניט צו וויסען, מיט וועמען ער פאָהרט און ווער עס פאָהרט מיט איהם. א ציימונגס מאן אָבער מוז אלעס·

וויסען, צו יעדער זאך זיך צו קוקען און בעשרייבען, וואס עס איז נור מעגליך, וואס עס איז נור ווערטה צו בעשרייבען, ווייל דאס איז זיין געשעפט, ער האנדעלט מיט נייעס און מיט בעשרייבונגען פון זאכען, וועלכע נים אלע מענשען קענען.

עס איז אלזא קיין וואונדער, וואס קוים האב איך מיך אריינגעזעצט אין וואגאן, האב איך אנגעהויבען זיך צו צוקוקען צו מיינע מיט פאסאזשירען.

אויף דער צווייטער באנק פון מיר האבען זיך געזעצט צוויא רוסען. קוים האבען זיי אוועקגעלעגט זייערע זאכען און זיך איינגעארדענט, האבען זיי זיך צולעגט און זיינען באלד אנטשלאפען געווארען.

— נו, דיזע כאראקטערע קען איך שוין נים, האב איך מיר געטראכט, דער וואגאן איז פאר זיי א שלאף צימער און דיא באנק איז זייער בעט. ווען מען לעגט זיך אין בעט, וויל מען שלאפען. זיי וועלען געוויס אפשלאפען דעם גאנצען וועג און איך וועל פון זיי גאר נים מאכען.

איך האב מיך דאהער אומגעקוקט אין גאנצען וואגאן און האב געפונען, אז דיא אינטערעסאנטעסטע פערזאן איז דער מאן, וועלכער האט זיך געזעצט אויף דער צווייטער באנק געגען מיך.

דאס איז ווירקליך געוועזען א העכסט אינטערעסאנטער פאסאזשיר. דאס איז געוועזען א מאן פון א יאהר צוויא ביז פינף און דרייסיג מיט א רויטליך בערדעל, מיט א פריינדליכען געזיכט, מיט א פאר הענד, וועלכע זיינען שטענדיג בעריים זיך אויסצושטרעקען און צודריקען אנדערע הענד, מיט א מויל, וועלכער וויל רעדען און קען רעדען. אויפ'ן ערשטען בליק האב איך דערקענט, אז דאס מוז זיין אן ענגלענדער אדער אן אמעריקאנער.

עס איז שווער געוועזען צו דערקענען, אז ער איז א האנדעלס רייזענדער. ער איז געוועזען אנגעטאהן וויא אן אייראפעער, ריכטיגער נאך, וויא אן עכטער ענגלענדער, מיט א גרויסען דימאנט אין זיין העמד, מיט פיעלע טהייערע ברילליאנטענע רינגען אויף דיא פינגער, מיט א גאלדענע אוהר און א שווערע גאלדענע קיים אויף זיין וועסט.

באלד איז מיר געקומען אין קאפ דער שרעקליכער געדאנק: פיעלייכט איז ער אויך א ציימונגס קאררעספאנדענט? פיעלייכט פאהרט ער אויף פאר אן ענגלישע אדער אמעריקאנער צייטונג? עס קען אלזא זיין, אז ער וועט שיקען זיינע נייעס און זיינע בעשרייבונגען פריהער פון מיר, דאן וועט מיין צייטונג „דאס 20סטע יאהרהונדערט". מיר מאכען פארווירפע, און דאס איז זעהר אונאנגענעהם.

— וואס טוט מען אין אזא פאל? זאל איך אנהייבען צו רעדען צו איהם? זאל איך אויספארשען, וואס ער איז און ווער ער איז?

אזוי וויא איך האב אזוי געטראכט און האב מיר קיין עצה ניט געקענט געבען, וואס צו טאהן, האט ער אנגעהויבען צו רעדען צו מיר:

— איהר זייט א פראנצויז? האט ער מיך געפרעגט אויף פראנצויזיש.

— יעס, סער, האב איך איהם געענטפערט אויף ענגליש.

דאס אייז האט געבראכען. מיר זיינען שוין געוועזען בעקאנט און האבען שיין געמוזט רעדען איינער צום אנדערן.

עס איז דא אן אראבישעס שפריכווארט: „א נארר פרעגט אין א שטונדע מעהר פראגען, וויא א קלוגער אין א גאנץ יאהר". אזוי וויא ניט איך און ניט מיין ענגלענדער אדער אמעריקאנער האבען אונז ניט געהאלטען פאר קלוג, האבען מיר איינער דעם אנדערן געפרעגט הונדערטער פראגען.

— אילל בעט", איך וויל וועטען, אז איהר זייט א רעפארטער פון א צייטונג, האט מיין ענגלענדער אויסגערופען.

— און איהר וועט געווינען, ווען איהר זאלט וועטען, האב איך געענטפערט, איך בין א ספעציאל קאררעספאנדענט פון דער גרויסער פראנצויזישער צייטונג: „דאס 20סטע יאהרהונדערט".

— און איהר פאהרט גלייך נאך פעקין, דיא הויפט שטאדט פון כינא?

— איך פאהר גלייך נאך פעקין, האב איך געענטפערט.

— איך פאהר אויך נאך פעקין, האט מיין נייער בעקאנטער געזאגט.

— זייט איהר פיעלייכט אויך א צייטונגס קאררעספאנדענט? האב איך געפרעגט שטילערהייט.

— ניין, מיין הערר, איך האנדעל ניט מיט דערזעלבער וואארע. — קען מען וויסען, וויא איהר הייסט?

— קלאד סעז־סיר פון פאריז.

— און איך הייס אליפלט לאנגהעד, האנדעלס רייזענדער פון דער פירמא ווהיסקי, בארלי ענד קאמפ. פון ניו יארק, אמעריקא.

דאסווארט אמעריקא האט ער אויסגעצויגען אויף א מייל, גלייך וויא ער האט בעזאנדערס שטאלצירט דערמיט, וואס ניו יארק געפינט זיך אין אמעריקא.

יעצט זיינען מיר שוין פארגעשטעלט און בעקאנט. איך בין א רייזענדער פון

נייעס און בעשרייבונגען, ער איז א רייזענדער פון א פירמא, וועלכע האנדעלט — מיט וואס ? — דאס האט ער דערווייל נים געזאגט.

מיר האבען זיך צורעדט און עס האט זיך ארויס געוויזען, אז ער רעדט כמעט אלע אייראפעאישע שפראכען און איז שוין ארומגעוועזען אין יעדען ווינקעלע אין אייראפא און אין ביידע אמעריקאס : נארד אמעריקא און זיד אמעריקא. דאס איז אבער דאס ערשטע מאל, וואס ער פאהרט נאך אזיען. ווען איך זאג : נאך אזיען, מיין איך נים דעם קויקאז. אליפלט לאנגהעד האט שוין בערייזט דעם קויקאז און האט שוין געקענט יעדעס ווינקעלע פון דאגעסטאן, גרוזיען און געארגיען.

ער איז געוועזען אן עכטער אמעריקאנער. ווען ער האט אנגעהויבען צו רעדען, האט זיך עס געגאסען פון איהם, וויא א טייך, — בלייבען שטעהן האט ער שוין נים געקענט, ביז ער איז צונעקומען צום מעער פון מיעדקיים אדער פון שלאף.

איך האב איהם געלאזען רעדען, ביז ער וועט מיעד ווערן. איך האב געוואוסט, אז נים אלעס, וואס ער זאגט, איז וואהר. איך האב געוואוסט, אז ער בערוהמט זיך, אז ער זאגט ליגען, אז ער „בלאפט", וויא מען רופט עס אין אמעריקא, אבער איך האב איהם געלאזט „בלאפען", דאס הייסט, זאגען ליגען און זיך בערוהמען.

— לאז ער „בלאפען" ! לאז ער זיך בעריהמען ! לאז ער זאגען וויא פיעל ליגען ער וויל ! האב איך געזאגט שטילערהייד צו זיך אליין. — וואס הארט עס מיך ? איך קען דיך אמעריקאנער ליגנער, דיא אמעריקאנער „בלאפער". איך וויים, אז יעדעס ווארט, וואס ער זאגט, איז א ליגען.

פלוצלינג אבער איז ער געווארען ערנסט און האט אנגעהויבען אויסצולויבען דיא אייזענבאהנען.

— אמאל פלעגט אזא רייזע, וויא פון טיפלים נאך באקו, דויערן צעהן טאג. היינט מאכען מיר עס אין איינינע שטונדען ! האט ער אויסגערופען.

איך האב געוואוסט, אז ער וויל ווידער „בלאפען", דאס הייסט, זאגען א נראבען, מיאוסען ליגען, דאס מאל אבער האט עס מיך פערדראסען. — פאר וואס ? איך קען עס נים גענוי ערקלערען. איך דענק נור, אז יעדער פערנינפטיגער מענש ווערט דאך ענדליך מיעד צו הערען ליגען, בעריהמערייען און אמעריקאנישע „בלאפס". מען איז דאך נור א מענש און עס קרענקט, עס פערדריעסט, גאנץ מעט הערט שוין צו פיעל ליגען, צו פיעל „בלאף".

איך האב דאמאלט אויסגערופן :

— ניין, מיסטער לאַנגהעד! דיא אייזענבאַהנען האבען ביי אונז שוין גע־
טריבען דיא גאנצע פּאָעזיע, דאס גאנצע פערגניגען פון א רייזע. ווען מען פלעגט פאָהרען מיט פערד, פלעגט מען געניעסען דיא רייזע. מען פלעגט קענען בעטראַכטען דיא געגענד וואו מען איז געפאָהרען, און בעוואונדערן איהרע שעהנהייטען. יעצט פליהט מען שנעל, וויא א פויגעל: שטעדט, דערפער, לענדער, בערג, טאָהלען, פעלדער און וועלדער כויפען, פליעהען פאַראיבער, פערשווינדען און ווייזען זיך ווידער, וויא אין א פּאַנאָראַמאַ. מען זעהט אלעס דורך א שלייער, דורך א גלאָז. איידער מען האט צייט צו בעטראַכטען א געגענד, איז מען שוין ווייט, ווייט פון איהר. איך וויל זעהן אַן עכטע דשינגאָאָווקא פון טשערקעסען און קען עס ניט, ווייל דער צוג וויל ניט ווארטען. —

— וואס הייסט דשינגאָווקא? האט מיסטער אליפלט לאַנגהעד גע־
פרעגט.

— דשינגאָווקא הייסט, ווען דיא טשערקעסען ווייזען זייערע קונסטשטיקע אויפ'ן פערד, האב איך איהם ערקלערט. דער טשערקעס טרייבט אַן זיין פערד, ביז עס שפּרינגט אין גאלאָפּ, דאן ווארפט ער אראָפּ זיין שווערד, זיין ביקס, בייגט זיך אָן ביז צו דער ערד און האפט עס אויף אין דער צייט, ווען זיין פערד לויפט, וויא וואהנזיניג.

— קען מען דערפון עפּעס פּראָפּעטירען? קען מען דערמיט מאַכען „ביזנעס"— געשעפט? האט מיסטער אליפלט געפרעגט.

— איך קען דערפון פּראָפּעטירען, האב איך געענטפערט, ווייל איך האנדעל מיט אזעלכע ארטיקעל. איך קען בעשרייבען אזא דשינגאָווקא און מען וועט מיר דערפאַר גוט בעצאָהלען.

— איהר זייט דאָך אָבער נור א צייטונגס מאַן, א קאָררעספּאָנדענט פון א צייטונג, דאס איז קיין „ביזנעס" — געשעפט, האט דער אמעריקאנער געענטפערט שטאָלץ. איך בין א ביזנעססמען, א געשעפטס־מאַן, ווייל איך רייז מיט וואארען פון דער פירמא וואהיסקי, בארלי ענד קאָמפּ. פון ניו יאָרק.

ער האט זיך פּלוצלינג אומגעקעהרט צו מיר, האט זיך אָנגעבויגען און האט מיך געפרעגט:

— זייט איהר אמאל געוועזען אין אמעריקא, הערר סען סיר?

— ניין, איך וועל אָבער אמאל בעזוכען אמעריקא.

— ווען איהר וועט קומען נאָך ניו יאָרק, זאָלט איהר צוערשט בעזוכען דיא פירמא וואהיסקי, בארלי ענד קאָמפּ.

— אום איך זאָל עס בעשרייבען ?

— פאר וואס נים ? דיא פאבריק פון וואהיסקי, בארלי ענד קאָמפ., איז דיא גרעסטע אין אייראָפּא, אָבער נים אין אמעריקא, האט מיסטער אליפלט לאָנגהעד אויסגערופען. מיר בעשעפטיגען א זעהר גרויסעס הויז, פונפצעהן שטאָק דיא הויך. א דאמפף מאשין פון פונפצעהן טויזענד פפערדע קראפט טרייבט אלע רעדער און רעדלעך אין אלע פונפצעהן שטאָק, פינף הונדערט שרייבער און בוכהאלטער, דריי טויזענד ארבייטער און א גאנצעס רעגימענט פון רייזענדע, וויא איך, ארבייטען פיר אונזער פאבריק און מאכען אן אומזאץ — אָבאָראָט — פון הונדערט מיליאָן דאָללאר א יאָהר. —

איך האב איהם געוואָלט פרעגען:

— אָבער וואס מאכט איהר דען ? וואס פאר וואארע פאבריצירט איהר ?

אין דיעזער מינוט אָבער איז דער צוג געבליעבען שטעהן, דער קאָנדוקטאָר איז אריינגעקומען און האט אויסגערופען:

— סטאנציא עליזאבעטהפאל, דעסיאט מינוט פראָסטאָיא. סטאציאָן עליזאבעטהפאל, צעהן מינוט ווארטען.

איך האב זעהר געוואָלט זעהן דיא שטאָדט עליזאבעטהפאל, ווייל איך האב געוואוסט, אז עס איז א היסטאָריש בעריהמטע שטאָדט, אָבער 10 מינוט! וואס קען מען זעהן אין 10 מינוט ? וואוהין קען מען געהן אין 10 מינוט ?

פון דעסטוועגען בין איך ארויסגעגאנגען פון וואגאָן און האב בעטראכט דיא סטאציאָן עליזאבעטהפאל. איידער איך האב צייט געהאט מיך אויסצודרעהן, האט מען אָנגעהויבען צו קלינגען. איך האב געמוזט צוריק לויפען צו מיין וואגאָן. צו מיין פערוואונדערונג און זאָגאר צו מיין פערדרוס, האב איך געפונען א פערשלייערטע דאמע זיצען אויף מיין באנק, פונקט גענען דעם אמעריקאנער.

אזוי וויא מיין אמעריקאנער האט פערנומען זיין גאנצע באנק מיט זיינע שאכטעל, רייזע־טאשען און קעסטעלעך, האב איך געמוזט מיך זעצען לעבען דיא אונבעקאנטע דאמע. עס איז מיר געוואָרען זעהר אונאנגענעהם. ערשטענס, האב איך יעצט נים געקענט מיך אויסציעהען און איינשלאָפען. דיא באנק איז געווען צו ענג דאפיר. צווייטענס, איז מיר יעצט נים גאנץ לייכט געווען צו רעדען און מיך צו אונטערהאלטען מיט מיין פריינד אליפלט לאָנגהעד. צווייא מענער קענען רעדען, פלוידערן, שפאסען, לאכען און מאכען, וואס זיי ווילען, ווען זיי זיינען אליין, קומט אבער צו א דאמע, בעזאנדערס אן אונבעקאנטע דאמע, ווערט מען נשבתדיג.

מען קען זיך נים ריהרען, מען קען נים אריס רעדען א פרייעס וואָרט: מען האט מורא, פיעלייכט וועט דיא דאמע זיך פיהלען בעליידיגט.

איך האב אָנגעשפארט מיין קאָפּ אן דעם ווייכען רוקען פון מיין באנק און האב מיך פערטראכט. עס קען זיין, אז איך בין אויך אנטשלאָפען געוואָרען, אָבער איך האב געהערט גאנץ דייטליך, וויא דער קאָנדוקטאָר האט אויסגערופען:

— סטאנציא ווארווארא! סטאנציא קורדאמיר! סטאנציא גאוואני! און ענדליך סטאנציא אַליאט!

דאס שטעדטעלע אליאט האב איך זעהר געוואָלט זעהן, ווייל עס איז א פּאָרט שטאָדט ביים קאספישען מעער. קייסער פּעטער דער גרויסער האט עס בעפעסטיגט. זיין שארפעס אויג האט געזעהן גאנץ וויים. ער האט געוואוסט, אז דער גאנצער קויקאז וועט אמאל געהערען צו רוסלאנד.

וואס העלפט עס אָבער? אין אליאט שטעהט דער צוג נור 5 מינוט. וואס קען מען זעהן אין 5 מינוט און נאך דרייא אוהר ביי נאכט?

איך בין אנטשלאָפען געוואָרען. דאס מאל האב איך געשלאָפען געשמאַק, ווייל מען האט מיך אויפגעוועקט און מען האט מיר געזאגט:

— באקו! באקו!

## 3טעס קאפּיטעל.

איך בין אויפגעשפּרונגען, וויא אן אָפּגעבריהטער, און האב געפרעגט:

— זיינען מיר שוין ווירקליך אין באקו?

— יא, מיין הערר? האט מיר אליפלט לאָנגהעד געענטפערט.

— דאן מוזען מיר געהן. וואו נעהט איהר, מיסטער לאָנגהעד?

— איך האב יעצט נאר קיין צייט מיט אייך צו רעדען, האט דער אמעריקאנער אויסגערופען, איך מוז פערזאָרגען מיין באגאזש.

— וויא פיעל באגאזש האט איהר דען?

— נים פיעל, צוויא און פיערציג קעסטלעך.

— צוויא און פיערציג! האב איך אויסגערופען, גאָט אין הימעל! וואס מאכט איהר מיט אזוי פיעל באגאזש?

— איך בעדויער זעהר, וואס איך האב נים מיט מיר פיער און אכציג קעסטלעך, האט דער אמעריקאנער געענטפערט האסטיג, איך האב נאך —

, מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעשפּרונגען פון וואגאָן און איז ערגעץ פערשווינדען געוואָרען. דיא דאָמע איז נאך געבליעבען לעבען מיר אין וואגאָן. אלס פראנצויז און אלס העפליכער קאוואליר, האב איך עס געפונען פאר נעטהיג איהר צו העלפען טראָגען איהרע זאכען. ווען זיא איז ארויסגעגאנגען פון וואגאָן, האט זיא אויפגעהויבען איהר שלייער, האט מיר געוויעזען איהר שעהנעס געזיכט און האט געזאגט אין א ריינעם, קלינגענדעם ענגליש:

— איך דאנק אייך, מיין העררר!

ערשט יעצט האב איך געקענט זיא בעטראכטען. דאס איז געוועזען א שעהנע פרוי פון א יאָהר עטליכע און צוואנציג. איהר געזיכט, וויא איהר בענעהמען, האבען דייטליך געצייגט, אז זיא איז אן ענגלענדערין. איך האב זעהר געוואָלט מיך בעקענען מיט איהר, מיך צורעדען מיט איהר, זיא האט זיך אָבער גאנץ העפליך פערנייגט און איז זיך אוועקגעגאנגען מיט דעם שווער, בּעסטען טריט פון אן ענגלענדערין.

— רייזט זיא אויך אויף דיא סיבירישע באהן? האב איך געפרעגט זיך אליין, — וועל איך זיא נאך בעגעגענען אויפ'ן וועג?

אויף דיעזע פראגען האט מיר קיינער נים געקענט ענטפערן.

איך האב געפרעגט א בעאמטען פון באהנהאָף.

— ווען געהט אָפּ דאס שיף נאך אוזון־אדא?

— פונקט דרייא אוהר נאך מיטאג, האט ער מיר געענטפערט.

איך האב א קוק געטאָהן אויף מיין אוהר, עס איז געוועזען א פיערטעל נאך זיעבען.

— אלזא האב איך נאך אכט שטונדען צייט צו זעהן און צו בעטראכטען באקו, האב איך געזאגט צו זיך אליין.

באקו איז א בעריהמטע שטאָדט. ארום באקו געפינען זיך דיא בעריהמטע פעטראָלעאום קוועלען פון דעם קויקאז. אין באקו וואוינען נאך דיא אלטע „געבערס" אָדער פארסס, וועלכע דיענען צו פייער. איינענטליך גלויבען זייא נים, אז דאס פייער איז א גאָט, זיי ווייסען נור, אז גאָט בעווייזט זיך אין פייער, אלזא איז פייער הייליג און דארום דארף אין יעדען הויז פון א „געבער" אָדער רשעבער קיין מאל נים אויסגעהן קיין פייער, און אין טעמפּעל מוז שטענדיג ברענען דאס הייליגע פייער, א סאָרט נר תמיד.

דיא שטאָדט באקו געפינט זיך אויף דער האלב אינזעל אפשעראָן, א לאנגער פאם לאנד. געלבעס געהט אריין אין קאספּישען מעער. דיא גאנצע האלבע אינזעל

דיא געגענד ארום באקו, איז נאקעט און טרויעריג. קיין ברים, קיינע בלומע און קיין גראָז וואקסט דאָרט. עס איז א שווארצע וויסטע. דיא ערד איז שווארץ, וויא קויל. ווען מען שלאגט אָבער אריין א פלאָקען טיעף אין דיעזער ערד, שפריצט ארויס פעטראָלעאום, ניט גערייניגטער קעראָסין. ווען מען דארף האבען פייער, דארף מען נור ארייגשטעקען א שפיצינגען שטעקען אין דער ערד און צו לעגען א שוועבעלע. דער גאז צינדעט זיך אָן און מען האט פייער. מען דארף אלזאָ קיין האָלץ און קיינע קוילען אויף דער אַפשעראָן האלב אינזעל.

דיא שטאָדט באקו איז האלב רוסיש, האלב פערזיש. ארום דער אייזענבאהן סטאציאָן געפינט זיך דיא רוסישע שטאָדט. דער פרעמדער קען מיינען, אז ער איז אָדעסא אָדער כארקאָוו, וויימער אָבער הייבט זיך אן דיא פערזישע שטאָדט מיט הייזער אָהן פענסטער אויף דער גאס, מיט מעטשעטען, הויכע מינארעטען און מחמדאנישע גייסטליכע, וועלכע שטעהן אין דער הויף אויף דיא מינארעטען און רופען דיא פרומע צום געבעט.

איך האב זעהר געוואָלט זעהן דעם טעמפעל פון דיא „געבערס“, דיא אַלטע פערזער, וועלכע דיענען צום פייער. דיעזער טעמפעל הייסט אטעש־גאָה. אין איהם געפינט זיך אַן אַלטאַר, א מזבח, אויף וועלכען עס ברענט א פייער זייט טויזענדער יאָהרען. דיעזעס פייער ווערט בעטראַכט אַלס זעהר הייליג.

איך האב א קוק געטהון אויף מיין אוהר, — עס איז שוין עלף אוהר. איך בין הונגעריג, איך מוז עפּעס עסען. איך געה צוריק צו דער אייזענבאהן סטאציאָן און געה אריין אין א רעסטאָראַנט עפּעס עסען. מיסטער אליפלט לאָנגהער בעד־געגענט מיך אויף דער טהיר. ער האט נור וואס אָפּגעגעסען.

— נו, וויא האלט איהר מיט אייער באַגאַזש? פרעג איך איהם.

— צווייא און צוואנציג קעסטלעך האב איך שוין פערזאָרגט, עס איז מיר נאך געבליעבען צוואנציג קעסטלעך. איך האב קיינע מינוטע צייט. איך מוז נאך ארויסברענגען אויפ׳ן שיף מיינע צוואנציג קעסטלעך.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אנטלאָפען געוואָרען.

איך האב מיך געזעצט עסען און האב אָנגעהויבען צו טראַכטען, וואס פאר ארטיקעל פאבריצירט דען דיא פירמא ווהיסקי, בארלי ענד קאָמפּ.? — וואס פאר אַן ארטיקעל געפינט זיך אין דיא צווייא און פערציג קאַסטען, וועלכע מיסטער אליפלט לאָנגהער פיהרט מיט זיך?

איידער איך האב אָפּגעגעסען, איידער איך האב אָפּגערויכט מיין סיגאַר, איז שוין געוואָרען צוועלף אוהר.

— איך האב נאך דרייא שטונדען צייט, האב איך מיר געטראכט, וואס קען איך מאַהן אין דיעזע דרייא שטונדען? איך מוז נאך געהן אין דיא באנק פון נאבל עט קאָמפּ. נעהמען געלד אויף דיא לאנגע רייזע. דאס קען איך נעהמען ביי מיר א שטונדע, דאן מוז איך אראָפּ געהן צום דאָק נעהמען א בילעט אויפ'ן שיף. דאס אַלעס פערנעהמט צייט. וויא פיעל צייט קען מיר אלזאָ בלייבען צו געהן, זעהן און בעטראכטען באקו?

צוערשט בין איך געגאנגען אין באנק. דאָ האב איך געמוזט וויזען אַלע מיינע פּאפּיערן, אַלע מיינע דאָקומענטען, איידער מען האט מיר געגעבען דיא סומע געלד, וועלכע איך האב פערלאנגט. דער קרעדיט פון „דעם 20סטען יאהרהונדערט" איז שוין גוט גענוג, איך האב אָבער געמוזט בעווייזען, אז איך בין איך, אז איך הייס קלאָד סען־סיר און אז איך בין ווירקליך דער ספּעציאל קאָררעספּאָנדענט פון „דעם 20סטען יארהונדערט."

ענדליך האב איך דאָך בעקומען דיא צווייא טויזענד רובעל, וועלכע איך האב פערלאנגט. ווען מען וויל רייזען אויף דיא אזיאַטישע און סיבירישע אייזענבאהנען, מוז מען האבען ביי זיך גענוג געלד.

— יעצט מוז איך געהן צום דאָק זיך פערזאָרגען מיט א בילעט.

איך האב נאך צייט גענוג און דארום קען איך געהן לאנגזאם און בעטראכטען דיא שטאָדט און דיא מענשען.

ווען איך בין צוגעקומען צו דיא טרעפּ, וועלכע פיהרען דעם פוס געהער צום דאָק, האב איך דערזעהן צווייא מענשען געהן דעמזעלבען וועג. דאס איז געוועזען א מאַן און א פרוי. דער מאַן איז אַלט געוועזען א יאָהר עטליכע און דרייסיג, דיא פרוי א יאָהר עטליכע און צוואנציג. יעדער פון זיי האט געטראגען אין דער האנד, אויף דער האנד, אויף דיא פּלייצעס און ארום זיך פּעקעלעך, קעסטעלעך, שאכטעלעך, קישעלעך, רייזע־טעשעלעך און בינטעלעך. יעדע זאך איז געוועזען קליין, אָבער שעהן, ריין אָפּגעפּוצט און אָפּגעהיט, גלייך וויא עס וואָלטען זיך געפינען אין זיי בריל־ליאנטען.

עס איז געוועזען דייטליך, אז דאס איז מאַן און פרוי. פון דיא פּאאר ווערטער, וועלכע זיי האבען געזאגט איינער צום אנדערן, האב איך באלד דערקענט, אז זייא זיינען פראנצויזען, ווייל זיי האבען גערעדט אַן עכט פּאריזער פראנצויזיש.

— וואס זאָל דאס הייסען? האב איך געפרעגט זיך אַליין, — זאָלען זיי אויך רייזען אויף דיא סיבירישע אייזענבאהן? וואוהין פאָהרען זיי? פּיעלייכט אויך נאך

פעקין? זיי וועלען אלזא פאָהרען מיט מיר דעם גאנצען וועג. אויב אזוי, דארף איך מיט זיי בעקאנט ווערן.

איך וויל זיי נאכלויפען און מיך בעקענען מיט זיי, אין דיעזע מינוט אָבער איז פון אונטען, פון דאָק, ארויפגעלאָפען אליפלט לאַנגהעד. קוים האט ער מיך דערזעהן, האט ער אויסגערופען:

— איך האב שוין זיעבען און דרייסיג קאסטען אויפ'ן דעק, איך האב אלזא קיין מינוט צייט, איך מוז נאך פערזאָרגען מיינע לעצטע פונפצעהן קאסטען.

— האט אייך גאר נים פאסירט מיט אייערע קאסטענס?

— גאר נים.

— אָבער וואס פאר א וואַרע געפינט זיך אין אייערע קאסטענס? האב איך אויסגערופען.

— אָט קומט א בינדיוגא (אזא סאָרט וואָגען) מיט מיינע צעהן קאסטען, האט דער אמעריקאנער מיר געענטפערט און איז אנטלאָפען געוואָרען.

איך בין לאנגזאם אראָפגעגאנגען דיא ברייטע טרעפ און האב גענוג צייט געהאט צו בעטראכטען דאס לעבען, דאס קאָכען און דאס רוישען אויפ'ן ברעג פון קאספישען מעער.

באקו איז דער גרעסטער און בעסטער פאָרט פון דעם קאספישען מעער. דערבענט איז אויך א גוטער פאָרט ווייטער אין נאָרדען (צפון זייט), אָבער דערבענט איז נים אזוי גרויס און נים אזוי לעבעדיג וויא באקו. זייט עס האט זיך אויסגעבויט דיא אזיאטישע באהן און עס געהן רעגעלמעסיג שיפען מיט פאסאזשירען און וואַרען פון באקו נאך אוזון־אדא, איז דער האנדעל פון באקו געוואקסען צווייא מאל אזוי גרויס, וויא ער איז געוועזן. דיא שטאָדט באקו וואקסט מיט יעדען טאָג און עס איז זעהר מעגליך, אז מיט דער צייט וועט זיא ווערן איינע פון דיא גרעסטע האנדעלס שטעדט אין דער וועלט.

ענדליך האב איך דערזעהן דאס שיף, אויף וועלכען איך וועל אריבער פאָהרען דאס קאספישע מעער. עס האט געהייסען „אסטארא", און איז געוועזן א צווייא רעדער דאמפף־שיף. זיא מאכט איהר רייזע דרייא מאָל א וואָך פון איין ברעג צום אנדערן, פון באקו נאך אוזון־אדא.

איך האב בעטראכט דיא אסטארא און געפונען, אז דיא קאָמפאני האט זיך מעהר געזאָרגט פאר דיא וואַרען, וועלכע דער דאמפפער פיהרט אלס פיר דיא פאסאזשירען. איך זעה, אז אינעווייניג אין שיף איז שוין מעהר קיין פלאַץ

ניטאָ פאַר וואַרען און מען לעגט שוין אין די קאַסטענס און די פעק אויפ'ן דעק.

אויפ'ן ברעג פאַר דעם דאַמפּפער קאָכט עס, ווי אין אַ קעסעל. רוסען, טערקען, טאַטאַרען, טשערקעסען, גרוזינער, פּערזער און זאַנאַר אינדייער געהן, לויפען, שטויסען זיך, שלאָגען זיך, טראָגען, שלעפּען און פיהרען אלערליי זאַכען, אלערליי וואַרען, אלערליי פּעק און קאַסטענס. מען רעדט אלע מעגליכע שפּראַכען, מען שילט זיך און מען זידעלט זיך אויף אלע מעגליכע צונגען. אלע זיינען בעשעפטיגט, נור איך דער ספּעציאַל קאָררעספּאָנדענט פון „20טען יאַהרהונדערט“ שטעהט לעדיג און בעטראַכט דיעזע ווילדע מענגע.

איך האָב געקויפט אַ בילעט גלייך נאָך פּעקין, די הויפּט שטאָדט פון כינאַ. דאָס איז בעסער. מען האָט מיר געגעבען אַ ביכעלע מיט צעהן בלעטלעך. אויף יעדער אבטהיילונג פון דער אייזענבאַהן ווערט אָפּגעריסען אַ בלעטעל.

— יעצט קען איך שוין אַרויפגעהן אויפ'ן שיף, האָב איך געזאָגט צו זיך אליין.

דאָס איז אָבער געווען נור געזאָגט. ווען איך בין צוגעקומען צו דער פּלאַנקע, וועלכע פיהרט צום שיף, האָב איך געמוזט ווייזען מיין פּאַספּאָרט און מיינע דאָקר־מענטען. איך מוז אָבער צוגעבען, אַז די רוסישע בעאַמטע זיינען גאַנץ העפליך געגען אַ פרעמדען. מען האָט מיך באַלד דורכגעלאָזען און איך בין אַרויף אויף דעם דעק פון דער „אַסטאַרא.“

אַזוי ווי איך האָב געהאַט אַ בילעט ערשטע קלאַסע, האָב איך גערעכענט, אַז איך האָב מיך נים וואָס צו איילען אום צו פערנעהמען אַ פּלאַץ, און האָב מיר גאַנץ רוהיג אַרומשפּאַציערט אויפ'ן דעק.

איך האָב געזעהן, אַז מען ברענגט אלץ מעהר און מעהר קאַסטענס און קעסטלעך און מען לעגט זיי אָן אויפ'ן דעק. דער גאַנצער הינטערשטער טהייל פון שיף איז שוין געווען פערלעגט און פערשטעלט מיט קאַסטענס, מיט פּעק און מיט באַללען סחורות. פאַר די פּאַסאַזשירען איז שוין געבליעבען נור די פאָרדער זייט פון שיף, פון גרויסען זעגעל־בוים, וואו עס געפינט זיך די קאַיוטע פון שיפס־קאַפּיטאַן, ביז צום ענדע פון שיף.

איך האָב לעננער נים געקענט שטעהן אויף דעם הינטער דעק און בין נע־גאַנגען צום פאָרדער דעק. דאָרט האָב איך געטראָפען מיסטער אליפלט לאַנגהעד מיט זיינע קאַסטענס. דאָס זיינען געווען צוויי פּוס לאַנגע און אַ פוס ברייטע

שטארקע הילצערנע קאסטענס, ריכטיגער נאך קעסטלעך, ווייל זיי זיינען געווען ניט גרויס. אויף יעדען קאסטען איז געווען אויפגעדרוקט מיט גרויסע שעהנע בוכ־שטאבען:

„וועהיסקי, דארלי ענד קאמפ. ניו יארק, יונייטעד סטייטס, אמעריקא".

— זייט איהר שוין פערטיג? האב איך געפרעגט דעם אמעריקאנער, האט איהר שוין אלע אייערע קאסטענס אויפ׳ן דעק?

— אם ברענגט מען ארויף דעם צווייא און פיערציגסטען קאסטען, האט דער אמעריקאנער געענטפערט.

און ווירקליך א שטארקער טרעגער האט ארויפגעבראכט אויף דיא פלייצעס א קאסטען מיט דער אויפשריפט: וועהיסקי, בארלי ענד קאמפ.

— אטסטופיטע! מאכט פלאטץ! רוקט אייך אוועק! האט דער ארימער מענש געשריען אויף רוסיש, אויף טירקיש און אויף פערזיש.

עס זיינען שוין אבער געווען אזוי פיעל פאסאזשירען אויפ׳ן דעק, אז עס איז ניט לייכט געווען אפצוטרעטען און צו מאכען פלאץ פאר איהם. א פאסאזשיר האט געוואלט איהם ארויסטרעטען פון וועג, האט זיך אן עפעס אנגעשטויסען און האט אומגעווארפען דעם טרעגער. דער קאסטען איז אראפגעפאלען און א ברעט האט זיך צובראכען. עס זיינען ארויסגעפאלען פון קאסטען קליינע פעקעלעך פון ווייסעס פאפיער.

מיסטער אליפלט לאנגהעד איז אויפגעשפרונגען, וויא א וואהנזיניגער, און האט אנגעהויבען צו שרייען:

— מיינע צעהנער! קלויבט צונויף מיינע צעהנער!

איך האב אויפגעהויבען א פעקעלע און האב עס בעטראכט. עס האט זיך אין איהם געפונען א דוצענד פאלשע צעהנער.

— אזוי? האב איך געזאגט צו מיר אליין, אזוי? דיא פירמא וועהיסקי, דארלי ענד קאמפ. מאכט פאלשע צעהנער און מיסטער אליפלט לאנגהעד פאהרט עס ארום פערקויפען דיא פאלשע צעהנער צו דיא דענטיסטען, צאהן דאקטוירים, פון דער גאנצער וועלט. ביז אהער האט ער פערקויפט פאלשע צעהנער נור אין אייראפא און אמעריקא, יעצט פאהרט ער פערקויפען זיינע פאלשע צעהנער אין אזיען, אין כינא. — דאס איז עכט אמעריקאניש.

איך מוז צוגעבען, אז ביז אהער איז מיר קיין מאל ניט געקומען אין קאפ דיא פראגע: פון וואס מאכט מען פאלשע צעהנער? ווער מאכט עס דיא פאלשע צעהנער? וואו ווערען עס געמאכט דיא פאלשע צעהנער?

איך האב מיך פערשעהמט פאר זיך אליין. איך בין שוין פערציג יאהר אלט, האב שוין ארומגערייזט א האלבע וועלט, האב שוין אנגעשריעבען און בעשריעבען פיעלע ארטיקעל איבער פיעלע לענדער און עס איז מיר נאך קיין מאל ניט פארגעקומען צו וועלען פערשטעהן, וויא אזוי עס ווערן געמאכט פאלשע צעהנער.

— נו, יעצט האב איך דיא בעסטע געלעגענהייט אויסצושטודירען דיעזע פראגע. מיסטער אליפלט לאנגהעד וועט מיר שוין אלעס ערקלערען, האב איך גע־זאגט צו זיך אליין, איך וועל אנשרייבען א לאנגען ארטיקעל איבער דעם האנדעל מיט פאלשע צעהנער אין מיין צייטונג: „דאס 20סטע יאהרהונדערט“ און וועל מיר מאכען א נאמען און דערביי נאך פערדיענען געלד, ווייל „דאס 20סטע יאהר־הונדערט“ צאהלט גאנץ גוט פאר א גוטען ארטיקעל.

איך האב דאהער געהאלטען מיסטער אליפלט לאנגהעד צוזונפקלייבען זיינע צעהנער און דאס איז אונז אויך געלונגען. אין א קורצע צייט האבען מיר וויעדער צוזויפגעלעגט אלע צעהנער אין קאסטען, צוגעשלאגען דיא ברעט און אניעדער גע־שטעלט דעם קאסטען אויף דיא אנדערע קאסטענס.

אונטערדעסען איז עס שפעט געווארען און מען האט אנגעהויבען צו קלינגען אויף דער „אסטארא“, א צייכען, אז אלע ניט פאסאזשירען זאלען אראפ געהן פון דעק, ווייל דאס שיף וועט באלד אפגעהן.

איך האב מיך געשטעלט ביי דיא גראטעס און האב בעטראכט דיא מענשען, וויא זיי לויפען, וויא זיי דרענגען זיך, וויא זיי איילען זיך. — א פיערטעל שטונדע שפעטער האבען דיא גרויסע רעדער פון דער „אסטארא“ אנגעהויבען זיך צו דרעהען, זיא איז ארויס געפאהרען פון באקו.

מיסטער אליפלט לאנגהעד איז געווען בעשעפטיגט מיט זיינע צוויא און פיערציג קאסטענס. ער האט געשריען, האט זיך געבייזערט און האט געפאדערט, אז מען זאל צודעקען זיינע קאסטענס מיט ברעזענטען, שווארץ געפארבטע שטיקער ליינוואנד, וועלכע זיינען וואסער־דיכט, דאס הייסט, וואסער קען ניט דורכגעהן דורך זיי.

איך האב בעטראכט דאס קאספישע מעער, אויף וועלכען איך בין געפאהרען צום ערשטען מאל אין מיין לעבען.

אזוי וויא איך האב מיך אזוי פערטראכט, האב איך ניט בעמערקט, אז איך האב אויסגערויכט מיין סיגאר ביז צום ענדע. עס האט מיר א בריה געטאהן אין דיא ליפען און איך האב אריינגעווארפען דאס שטיקעל סיגאר אין מעער. פלוצלינג האט

זיך געווייזען א בלויע פלאם אויפ'ן וואסער און אין א מינוט האט דאס גאנצע מעער ארום דער „אסטארא“ געברענט מיט א בלויען פייער.

איך האב מיך דערשראָקען. די איבעריגע פאסאזשירען האבען אָנגעהויבען צו שרייען. אייניגע דאמען זיינען געפאלען אין אָהנמאכט. פון דער קאיוטע פון שיפס־קאפיטאן האט זיך געהערט א לאנגער, שטארקער פייף. די „אסטארא“ האט אָנגעהויבען צו ציטערן און אין אייניגע מינוט איז זיא אָפגעשפרונגען פון דעם ברענענדען וואסער.

ווען מיר זיינען געווען אויסער געפאהר, איז דער שיפס־קאפיטאן ארויפגע־קומען אויפ'ן דעק און איז גלייך צוגעקומען צו מיר.

— וואס האט איהר געטאָהן? האט ער געפרעגט בייז, — ווייסט איהר דען ניט, אז פינף מייל ווייט פון באקו טאָר מען קיין ברענענדע זאך ניט אריינוואַרפען אין מעער, ווייל עס געפינען זיך אויפ'ן באָדען פון מעער קוועללען פון פעטראָ־לעאום?

— ענטשולדיגט מיר, קאפיטאן, איך בין א פרעמדער און איך האב עס ניט געוואוסט.

— ווייל איהר זייט א פרעמדער, ווייל איהר זייט אן אייראָפּעער, האט איהר עס יא געדארפט וויסען, האט דער שיפס־קאפיטאן געזאגט מיט א פאָר־וואורף.

איך האב מיך פערשעהמט און האב ניט געענטפערט.

יעצט ווייס איך עס און וועל שוין זיין פאָרזיכטיג, אָבער יעצט איז עס שוין צו שפעט.

## 4טעס קאפיטעל.

# א מענש, א טהיער, אָדער א גאר נישט?

דא קאספישע מעער איז אייגענטליך נור א גרויסע אָזערא (לייק, זעע). עס איזט ארומגערינגעלט מיט לאנד פון אלע זייטען און איז ניט פעראייניגט מיט אנדערע מעערען. ער איז זיבען הונדערט ענגלישע מייל די לענג און 100—150 ענגלישע מייל די ברייט. עס איז אלזא גאר קיין מעער, זאָנדערן א גרויסע אָזערא. אויף איהם געפינען זיך קיינע אינזלען און ער איז אין אלגעמיינען זעהר טרויעריג. מען זעהט אויף איהם קיין לעבען און קיינע בעוועגונג.

וויא קליין דאס קאספישע מעער איז אָבער, אזוי אונרוהיג איז עס. א שטורם אויפ'ן קאספישען מעער איז געפעהרליכער וויא א שטורם אויפ'ן אטלאנטישען וועלט מעער, אבער אויך אָהן א שטורם איז עס ניט גאנץ אנגענעהם צו פאָהרען אויפ'ן קאספישען מעער. עס ווארפט און שליידערט אזוי שטארק, אז דער גרעסטער טהייל פון די פאסאזשירען בעקומט די זעע קראנקהייט.

איך בין שוין געוואוינט צום מעער, איך האב שוין גענוג גערייזט אויף פיעלע מעער'ן און דארום האב איך קיין מורא פאר די זעע קראנקהייט, לאָמיך אָבער זעהן, וואס די אנדערע פאסאזשירען מאכען. איך מוז דאָך עפּעס אָנשרייבען פאר מיין צייטונג, אלזא דארף איך דאָך מיך צו קוקען צו מיינע מיט פאסאַזשירען.

איך האב דארום אָנגעהויבען צו שפּאציערן אויפ'ן דעק און האב מיך צוגע־קוקט צו די מענשען, וויא צו די קאסטענס מיט וואארען, וועלכע זיינען געווען אָנגעשטעלט, אָנגעלעגט און אָנגעוואָרפען אין אלע זייטען און אין אלע ווינקעלעך.

איך האב געזעהן משערקעסען מיט לאנגע האָר און פייערדיגע אויגען, קירגיזען אין לאנגע און שווערע פעלצען, אָבוואָהל עס איז געווען גאנץ ווארים, רוסישע מוזשיקעס אין זייערע גרויע, אָרימע סערמיאגא'ס. אייניגע האבען געראוכט, אנדערע האבען געקייט, איך וויל ניט זאָגען געגעסען, ווייל זיי האבען ווירקליך נור געקייט א הארט שטיקעל ברויט.

איך מוז דאָ בעמערקען, אז נור די פאסאזשירען ערשטער און צווייטער קלאסע ניט מען עסען אויף דעם דאמפפער „אסטארא“, די פאסאזשירען דריטער קלאסע מוזען מיטברענגען זייער עסען. עס איז וואהר, אז ביי א שעהנעם וועטער געדויערט די רייזע נור 24 שטונדען, אָדער א טאָג און א נאכט. א פאסאזשיר דריטער קלאסע קען אָפּקומען דיזע קורצע צייט מיט ברויט און וואסער.

פיעל אינטערעסאנטעס האב איך אין דער ערשטער צייט ניט געזעהן צווישען די פאסאזשירען און איך האב אָנגעהויבען צו בעטראכטען די קאסטענס מיט וואארען. איין קאסטען האט מיך בעזאָנדערס פעראינטערעסירט, ווייל ער איז געווען זעהר לאנג, ניעדעריג פון איין זייט און הויך פון דער אנדערער זייט. דאס זאָנדער־בארסטע אָבער איז געווען, וואס ער איז געווען בעשריעבען פון אלע זייטען אין פער־שיעדענע שפּראכען: אויבען איז געשטאנען מיט גרויסע בוכשטאבען אויף פראנצויזיש און אויף ענגליש: „גלאז“ — „זעהר פאָרזיכטיג“. אויף

דער רעכטער זייט איז געווען אויפגעשריעבען: „נים האלטען אין א פייכטען ארט.“ אויף דער הויכער זייט פון פארנט איז געשטאנען.

„מאדמואזעל זינקא מארקילעסקו, משו—הא—טשא שטראסע, פעקין, כינא“.

— דאס איז אלזא דיא אדרעסע, האב איך געזאגט צו מיר אליין. דיעזער קאסטען איז בעשטימט פאר מאדמואזעל זינקא מארקילעסקו. דער נאמען איז א רומענישער, אלזא איז מאדמואזעל זינקא א רומענערין, זיא וואוינט אין פעקין, דיא הויפט שטאדט פון כינא. — וואס איז זיא? מיט וואס בעשעפטיגט זיא זיך? וואס פאר זאכען שיקט מען צו איהר אין אזא זאנדערבארען קאסטען?

אויף אלע דיעזע פראגען האב איך קיין אנטווארט נים געקענט קריגען און איך בין אראפגעגאנגען אין זאל ערשטער קלאסע. דיא ערשטע, וועלכע איך האב דארט געטראפען, זיינען געווען דיא פראנצויזען, מאן און פרוי, וועלכע איך האב בעגעגענט אויפ'ן וועג צום דאמפפער.

— נו, וויא פיהלסט דוא, קאראלינא? האט דער מאן געפרעגט פער־א־נט.

— דערווייל פיהל איך נאך גאר נישט, איך האב אבער זעהר מורא, אדאלף, האט דיא פרוי געענטפערט.

— קום ארויף אויפ'ן דעק, קאראלינא, האט דער מאן געבעטען, דיא פרישע לופט וועט דיר גוטעס טאהן.

— ניין, ליעבער אדאלף, איך קען נים קוקען אויפ'ן וואסער. ווען איך גיב א קוק אויפ'ן וואסער, הייבט מיר אן צו שווינדלען דער קאפ.

— דיעזע לייטע זיינען געווען נאך גאר נים לאנג פערהייראטהעט, האב איך מיר געטראכט, זיי זיינען נאך פערליעבט איינער אין אנדערן.

איך בין וויטער געגאנגען און האב געזעהן א שטארקען, דיקען מאן זיצען און טרינקען גאנץ רוהיג א גלאז ביער.

— נו, דאס איז א דייטש, האב איך געזאגט צו זיך אליין. ווער איז ער אבער? וואוהין פאהרט ער? פאהרט ער אויך ביז פעקין?

איך בין דורכגעגאנגען דעם זאל, האב בעטראכט דיא קאיוטען און האב דערזעהן מיט שרעק און שטוינען, אז אלע קאיוטען זיינען שוין פערנומען. אויף דער „אסטארא“ ווייזט מען נים יעדען זיין פלאץ, זאנדערן ווער עס קומט פריהער און פערכאפט א קאיוטע, דער שלאפט אין איהר.

דיזע אָרדנונג איז מיר זעהר ניט געפעלען, אָבער עס איז דאָך נור א קורצע רייזע, 24 שטונדען קען מען שוין אויסהאַלטען. איך וועל שלאָפען, וואו איך וועל קענען, פאר נויט קען איך שלאָפען אויפ׳ן דעק. דיא נאַכט וועט געוויס זיין א ווארעמע און עס וועט מיר זאָגאר פערשאַפען פערגניגען צו פערברענגען א נאַכט אויפ׳ן דעק און צו בעטראַכטען דאס קאַספּישע מעער.

איך בין צוריק געגאַנגען אויפ׳ן דעק און האב אָנגעהויבען צו זוכען עפּעס נייעס. איך מוז דאָך עפּעס בעשרייבען, איך מוז דאָך האבען עפּעס מאַטעריאַל פאַר „דעם 20טען יאהרהונדערט“, דיא גרעסטע צייטונג אין פראַנקרייך.

איך האב געזוכט איינינע צייט און האב גאר ניט געפונען. עס איז, דאַכט זיך, אן אַלטע לעהרע: „אז מען זוכט, געפינט מען,“ דאס איז אָבער א ליגען: געראָדע ווען מען זוכט, געפינט מען ניט, און ווען מען זוכט גאר ניט, געפינט מען. איך האב מיך באַלד איבערצייגט דערפון.

איך האב געזוכט איינינע צייט און האב גאר ניט געפונען. פּלוצלינג האט מען אָנגעהויבען צו קלינגען, מען זאָל געהן עסען. עס איז געוואָרען זעקס אוהר, דיא צייט פון עסען אויף דער „אסטאַרא“.

פיעלע פּאַסאַזשירען האבען זיך געאיילט אראָפּצולויפען אין סאַלאָן, איך האב מיך ניט געאיילט, ווייל איך האב געזוכט עפּעס נייעס פאר מיין צייטונג, און דא־רום בין איך אראָפּגעגאַנגען אביסעל שפּעטער. אַלע טישען זיינען שוין געווען בעזעצט און איך האב ניט געוואוסט, וואו זיך צו זעצען.

— מיסטער סעך־סיר, היער איז נאָך דאָ א פּלאַץ פאר אייך, האט אויסגע־רופען א בעקאַנטע שטימע.

איך האב מיך אומגעקוקט און האב דערזעהן מיין פריינד, מיסטער אליפלט לאָנגהעד. וויא איבערראשט בין איך אָבער געוואָרען, ווען איך האב דערזעהן, אז לעבען איהם זיצט דיא ענגלישע יונגע דאמע, וועלבע איז געזעסען לעבען מיר אין וואגאָן ביז באַקו.

דער אמעריקאַנער האט גערעדט מיט איהר, וויא אן אלטער בעקאַנטער, און ווען איך האב מיך אניעדער געזעצט לעבען איהם, האט ער מיך פאָרגעשטעלט פאַר דער דאמע:

— מיסס הארעשיא בלוּעט! מיסטער סעך־סיר!

איך האב מיך געזעצט עסען און האב דערביי בעטראַכט דיא פּאַסאַזשירען, וועלבע זיינען געזעסען לעבען אונזער טיש. אזוי וויא איך האב געזעהן, אז דער

אמעריקאנער רעדט אזוי פריינדליך און אזוי ערנסט מיט דער ענגלענדערין, האב איך גערעכענט פאר זיכער, אז ער האט זיך שוין פערליעבט אין איהר, און דאס האט מיר ווירקליך פערדראָסען: דער אמעריקאנער, וועלכער האנדעלט מיט פאלשע צעהנער, האט אויסגעחאפט ביי מיר דיא שעהנע ענגלענדערין.

וויא גרויס איז אָבער געוועזן מיין איבערראשונג, ווען איך האב דערהערט, אז זיי רעדען נור פון געשעפט, „ביזנעס“, וויא דער אמעריקאנער רופט עס. קיין וואָרט פון געפיהל, פון פריינדשאפט אָדער פון ליעבע, זאָנדערן פון געשעפט און געשעפט.

— האט איהר פיעל געמאכט אויפ'ן קויקאז? האט דער אמעריקאנער גע־פרעגט.

— יא, האט דיא ענגלענדערין געענטפערט טרוקען און קאלט.

ניט ווילענדיג האב איך געפרעגט, מיט וואס פאר אן ארטיקעל מיסס בלועט האנדעלט און איך בין געוואָהר געוואָרען, אז זיא קויפט אויף מענשען האאר פאר א גרויסע פירמא אין לאָנדאָן.

— יעצט פערשטעה איך, פאר וואס זיי ביידע האבען זיך אזוי שנעל בע־קאנט, האב איך מיר געטראכט, ער האנדעלט מיט פאלשע צעהנער און זיא האנדעלט מיט פאלשע האאר.

נעגען מיר איז געזעסען דער גראָבער דייטש און האט גענעסען מיט ביידע באקען.

— דיעזער מאַן עסט וועניגסטענס פאר זיין געלד, האב איך געזאגט שטילער־הייט צו מיין אמעריקאנער.

— א דייטשער באראָן האט ניט פיינט צו עסען, האט דער אמעריקאנער געענטפערט.

— א דייטשער באראָן? איז ער ווירקליך א באראָן?

— געוויס! האט דער אמעריקאנער געענטפערט, ער הייסט באראָן פאָן ווייסשניצען דאָרף.

מיסטער אליפלט לאָנגהעד האט ארויס געזאגט דאס לאַנגע דייטשע וואָרט ווייסשניצענדאָרף אזוי דייטליך און אזוי פערשטענדליך, גלייך וויא ער וואָלט אליין געוועזן א געבאָרענער דייטש.

— און דיעזער באראָן פאָהרט נאך פעקין?

— ער פאָהרט נאך פעקין און זעהט איהר דאָרט יענעם הויכען מאַן?

איך האב א שאָקעל געטאָהן מיט'ן קאָפּ.

— דאס איז א רוסישער מאיאָר און ער הייסט נולין, ער פאָהרט אויך נאך פעקין, האט דער אמעריקאַנער געזאגט פעסט און זיכער.

איך האב מיך פערשעהמט פאר זיך אליין. איך בין א ספּעציאל קאָררעס־פּאָנדענט פון „דעם 20טען יאהרהונדערט", דיא גרעסטע צייטונג אין פראנקרייך, און איך קען נאך קיינעם ניט אויף'ן שיף, דער אמעריקאנער, וועלכער האנדעלט מיט פאלשע צעהנער, ווייס שוין, ווער יעדער פּאסאזשיר איז און זאָגאר וויא יעדער פּאסאזשיר הייסט.

דאס האט מיך געקרענקט, דאס האט מיך פערדראָסען. פּלוצלינג אָבער האט עס א שליידער געטאָהן מיט'ן שיף.

— אָהאָ! דער אלטער קאספּיאק הייבט שוין אָן צו ווייזען דיינע קונסט־שטיקע! האט דער אמעריקאנער אויסגערופען.

— האט איהר מורא פאר זעע קראנקהייט? האב איך געפרעגט.

— וואס רעדט איהר, הערר סען־סיר? איך זאָל מורא האבען פאר דיא זעע קראנקהייט. האט א פיש מורא פאר זעע קראנקהייט?

— און איהר, מיסס בלוּעט?

— איך ווייס פון קיינע זעע קראנקהייט, האט דיא ענגלענדערין געענטפערט שטאָלץ.

איך קוק מיך ארום און זעה, אז דיא פראנצויזען, קאראָלינא און אדאָלף, האבען זיך אויפגעהויבען פון טיש. וואהרשיינליך, פיהלט מאדאם קאראָלינא ניט גוט. דאס פערדריעסט מיך ווידער. ווארום זאָלען פראנצויזען מורא האבען פאר דיא זעע קראנקהייט און ענגלענדער און אמעריקאנער ניט? —

מיסס בלוּעט איז גאנץ רוהיג און דערצעהלט, אז דיא בעסטע שווארצע האָר, פון וועלכע מען מאכט פּערוקען אין לאָנדאָן, בעקומט מען פון כינא און פון מיטעל אזיען. זיא פאָהרט יעצט עפּענען א געשעפט פון מענשען האאר אין פעקין. זיא איז געשיקט געוואָרען פון דער לאָנדאָנער פירמא האָלמס, האָלמס ענד קאָמפּ. א געשעפט, וועלכעס ארבייט אויס פונפציג טויזענד פונט מענשען האאר אין א יאָהר.

עס איז מיר לאַנגווייליג געוואָרען צו הערען, וויא מען קויפט האאר, וואס פאר א ווערטה עס האבען לאנגע האאר, וויא לאנג עס דארפען זיין שווארצע האאר, ברוינע האאר און ווייסע האאר.

עס איז וואהר, אז איך בין געוואָהר געוואָרען, אז ווייסע האאר זיינען דיא טהייערסטע, זיי זיינען פיעל טהייערער אלס שווארצע, בלאָנדע און ברוינע, אָבער צו וואס דארף איך עס וויסען? קען איך דערפון מאכען אן אַרטיקעל פאר „דעם 20סטען יאהרהונדערט"?

איך האב מיך אומגעקוקט אין זאל און האב דערזעהן צוויא ווירקליך אינטערעסאנטע פאסאזשירען. זיי זיינען געווען כינעזען. איינער איז א יונגער מאן פון א יאָהר עטליכע און צוואנציג. ער נעהט האלב אייראָפעאיש געקליידעט און מיר דאכט, אז ער האט קיין לאנגען צאָפ. זיין געזיכט איז א קלוגעס, אינטעליגענטעס און זיין גאנצעס בענעהמען ווייזט, אז ער האט געלעבט אין אייראָפּא אין א בעסערער געזעלשאפט, פיעלייכט האט ער שטודירט אין אן אוניווערזיטעט אין פראנקרייך אָדער אין רוסלאנד.

זיין קאמעראד דאגעגען איז אן עלטערער מענש מיט גרויע האאר און אן עכטער כינעזע, וויא א כינעזע דארף זיין. אויב איהר האט אמאל געזעהן א פארצעד לייענע פיגור פון א כינעזען, קענט איהר זיך מאכען א בעגריף, וויא דער אַלטער כינעזע האט אויסגעוויעזען. זיין לאנגער, שווארץ־גרויער צאָפ איז אראָפגעהאנגען פון זיין קאָפ איבער זיין רוקען, ער איז געווען געקליידעט, וויא אן עכטער כינעזע אין זיינע קורצע און ברייטע קליידער און האט זאָגאר געטראגען קאָלירטע פאנטאָפעל אויף דיא פיס.

אונטערדעסען האט עס אָנגעהויבען שטארק צו ווארפען מיט'ן שיף. דיא טעלער און דיא גלעזער אויף דיא טישען האבען אָנגעהויבען צו טאנצען און נער עס האט נור געקענט, דער האט זיך אויפגעהויבען פון טיש.

דער אַלטער כינעזער האט זיך אויך אויפגעהויבען און דער יונגער איז איהם נאכגעגאנגען. זיינען פארביי געגאנגען מיין טיש און איך האב געהערט, וויא דער יונגער האט געזאגט צום אַלטען:

— קאַרנאַראָ! קאַרנאַראָ!

— וואס איז דאס? האב איך געפרעגט זיך אליין, וויא קומט צו דעם כינעזען דיעזער איטאַליענישער נאמען? קען דען זיין, אז א כינעזע זאָל הייסען אַן איטאַליענישען נאמען? — דאס מוז איך וויסען! דאס וועט זיין א גוטעס מאַ־טעריאַל פאר מיין צייטונג. איך מוז מיך בעקענען מיט דיא כינעזען. זיי רעדען געוויס אייראָפעאישע שפראכען און איך וועל זיין איט שטאַנד מיך צוזאמען צו רעדען מיט זיי.

איך בין אויך ארויף אויפ'ן דעק. דיא נאכט איז געוועזן שעהן און ווארם. דער מאָנד האט ניט געשיינט, אָבער דער הימעל איז געוועזן קלאָר און רויטער, וויא א שפּיגעל, און מיללּיאָנען שטערן האבען געגלענצט, געפונקעלט און זיך אָפּגעד־שפּיגעלט אין דיא דונקעלע וואסערן פון קאספּישען מעער.

עס איז געוועזן אכט אוהר אבענדס. אויפ'ן מעער האט געוועהט א לייכטער, ווארעמער ווינד. אויף אנאנדער מעער וואָלט מען דעם ווינט גאר ניט געפיהלט, אויף דעם קאספּישען אָבער האט דיעזער קליינער ווינט אזוי געשליידערט דאס שיף, אז עס איז ווירקליך געוועזן שווער צו שטעהן אויפ'ן דעק.

איך האב אָנגעהויבען צו הערען דיא זעהר אונאנגענעהמע שטימען פון מענשען, וועלכע ליידען פון דער זעע קראנקהייט. איך האב געוואוסט און געפיהלט, וויא זיי ליידען, וואס קען איך אָבער העלפען?

איך האב אָנגעהויבען צו זוכען דיא ליכט פון א דאמפף שיף, א זעגעל שיף, אָדער א באאט, וועלכעס געהט נעגען אונז אָדער לעבען אונז, אָבער אומזיסט! אויף דעם קאספּישען מעער געהן זעהר ווייניג שיפען און נור זעהר זעלטען בגעגענט מען א שיף.

איך בין אזוי געשטאנען נעגען א שטונדע. עס איז געוואָרען אלע מאל פינסטערער. אין ערטער האבען זיך געוויעזען אויפ'ן הימעל שווארצע וואָלקענס און האבען פערשטעלט דיא שטערן.

איך האב אָנגעהויבען צו פיהלען, אז איך בין מיעד און עס שלעפערט מיך, אָבער וואו לעגט מען זיך שלאָפען? איך בין אראָפּ געגאנגען אין דיא קאיוטען, אלע זיינען פערנומען, יעדער האט פערחאפּט א פּלאץ און איך האב ניט וואו זיך צו צו לעגען.

— איך מוז שלאָפען אויפ'ן דעק, האב איך געזאגט.

איך פיהר שטענדיג מיט זיך א קישעלע און א דעק — א קאָלדרע. איך האב גענומען דיעזע צווייא נעטהיגע זאכען און בין געגאנגען זוכען א פּלאץ וואו זיך צו לעגען. איך האב געפונען פיעלע גוטע פּלעצער, וואו איך וואָלט געקענט מיך צולעגען, אָבער לעבען יעדען פּלאץ איז געליגען א פּאסאזשיר, וועלכער האט געליטען פון דער זעע קראנקהייט און איך האב ניט געקענט מיך לעגען לעבען איהם.

ענדליך האב איך אויסגעפונען, אז לעבען דעם זאָנדערבארען קאסטען, וועלכער איז בעשטימט פאר מאדמואזעל זינקא מארקילעסקו, געפינט זיך א גאנץ פרייער

פלאַץ. איך האָב מיך דערפרעהט, ווייל דער גרויסער קאַסטען האָט מיך פער שטעלט פון ווינט און איך האָב געקענט גאַנץ רוהיג שלאָפען דאָרט.

איך האָב אונטערגעבעט מיין קאָלדרע, האָב אָנגעשפּאַרט מיין קישעלע אָן דעם קאַסטען און האָב מיך אַניעדער געלעגט.

איך בין אַנטשלאָפען געוואָרען. וויא לאַנג איך האָב געשלאָפען, ווייס איך ניט, איך געדענק נור, אַז ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, איז אין דרויסען געווען שטאַרק פינסטער. איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, ווייל איך האָב געהערט לעבען מיר א זאָנדערבאַרעס חראָפּען.

— וואָס איז דאָס? האָב איך געפרעגט, שלאָפט ווער לעבען מיר?

איך קוק מיך אַרום, איך זוך, איך טאַפּ מיט דיא פינגער, — קיינער איז ניטאָ לעבען מיר.

דאָס חראָפּען האָט אָבער באַלד אויפגעהערט. איך לעג מיך צוריק און וויל אַנטשלאָפען ווערן. מיר דאַכט, אַז איך הער א קרעכץ.

— גאָט אין הימעל! וואָס איז דאָס? פרעג איך.

איך לעג צו מיין אויער, — אַלעס איז שטיל.

איך לעג מיך ווידער שלאָפען און הער ווידער עפּעס א קרעכץ. דאָס מאָל האָב איך געהערט גאַנץ דייטליך, אַז דער קרעכץ קומט פון דעם קאַסטען.

— וואָס זאָל עס זיין? געפינט זיך אין קאַסטען א טהיער? — א לייב, א טיגער? צו וואָס דאַרף מאַדמואַזעל זינקאַ מאַרקילעסקו א ווילדע חיה?

איך הייב אָן מיך איבערצולעגען און צו טראַכטען אַזוי:

— לאָמיך זאָגען, אַז מאַדמואַזעל זינקאַ מאַרקילעסקו האָט געקויפט אין אייראָפּאַ א ווילדע חיה, א לייב, א טיגער, א לעאָפּאַרד, און מען שיקט איהם צו צו איהר נאָך פעקין, אָבער אַזאַ ווילדע חיה דאַרף דאָך עסען און טרינקען. ווער וועט איהם גיבען עסען און טרינקען? — פון אָווזון־אַדאַ ביז פעקין פאָהרט מען פיערצעהן טאָג, א ווילדעס טהיער קען ניט פאַסטען 14 טאָג נאָך אַנאַנד?

איך האָב געטראַכט, געקלערט, זיך געבראָכען דעם קאָפּ און געזוכט מיר צו ערקלערען דיעזעס רעטעניש, דיעזעס וואונדער, אָבער אומזיסט! איך האָב גאָר נים געקענט אויסקלערן.

איך האָב צוגעלעגט מיין אויער צום קאַסטען. — עס איז שטיל. א קאַסטען איז א קאַסטען.

פון שלאָפען האט שוין מעהר קיין רעדע ניט געקענט זיין. איך בין אויפגע־שטאנען און בין אראָפּ געגאנגען אין סאלאָן. דאָרט האב איך א קוק געטאָהן אויף מיין אוהר, עס איז געווען א פיערטעל נאך דרייא.

איך האב אלזאָ נאך קנאפע דרייא שטונדען ביז טאָג, ביז עס וועט ווערן ליכטיג. — וואס טהוט מען אין דיעזע דרייא שטונדען?

איך בין ארויפגעגאנגען אויפ'ן דעק, האב מיך אָנגעשפּארט אן געלענדער און האב געקוקט אויפ'ן מעער. דאס קאספּישע מעער איז אָבער זעהר לאנגוויליג, ביי טאָג זעהט מען נאך אמאל א מעער פויגעל פארביי פליהען, ביי נאכט זעהט מען גאר נישט.

דער ווינט איז געוואָרען פרישער, עס איז מיר קיהל געוואָרען. איך האב גע־מוזט געהן צוריק און מיך אַניעדער לעגען. איך האב פּרובירט נאכאמאל געשלאָפען און איך מוז מיך אויסרוהען אום צו קענען זוכען עפּעס נייעס פיר מיין ציימונג מאָרגען.

איך האב מיך אַניעדער געלעגט און האב צונומען מיין קאָלדרע, מיט איין העלפט האב איך מיך צוגעדעקט, דיא אנדערע העלפט האב איך אונטער געבעט אונטער מיר. איך האב צוגעלעגט מיין אויער צום קאסטען. — אלעס איז שטיל און רוהיג. א קאסטען איז א קאסטען.

איך האב אראָפּגערוקט מיין רייזע קאסקעט איבער'ן קאָפּ און האב שוין גע־וואָלט צומאכען דיא אויגען, פּלוצלינג הער איך:

— אָ—פּ—טשו! — אָ—פּ—טשו!

— וואס איז דאס? ניעסען! — קען דען א ווילדעס טהיער ניעסען?

איך שעהם מיך ניט צו זאגען דיא וואהרהייט, אז עס איז מיר קיין פאל ניט איינגעפאלען דער געדאנק, איך זאָל שטודירען, אויב א ווילדע חיה, א וואָלף, אָבער, א לייב, א טיגער, קען ניעסען. איך וויים צוואר, אז א קאץ קען ניעסען, דאס מאל אָבער האט געניעסט נים א קאץ, זאָנדערן א מענש. פיעלייכט אָבער ניעסט א וואָלף אָדער א טיגער, וויא א מענש?

איך בין אויפגעשפּרונגען און האב אָנגעהויבען ארומצושפּאציערן אויפ'ן דעק, גלייך וויא איך וואָלט געשטאנען אויף דער וואך פאר דעם קאסטען, וועלכער איז געשיקט צו מאדעמואזעל זינקא מארקילעסקו אין פּעקין.

פּלוצלינג איז מיר געקומען אין קאָפּ א גאנץ נייער געדאנק:

— פיעלייכט ליגט גאר א מענש אין דיעזען קאסטען? — פיעלייכט פאהרט

נאר איינער צו פאדעמואזעל זינקא מארקילעסקו און דיעזען קאסטען? — דאס איז מעגליך! דאס איז אן אידעע! — פאר וואס אבער פאהרט ער בעהאלטען אין א קאסטען? — פיעלייכט איז ער נאר א פערברעכער? — א רויבער? א מערדער? — ווער ווייס? ווער קען עס מיר ערקלערן?

איך האב געטראכט אזוי לאנג, ביז עס איז טאג געווארען. יעצט האב איך אנגעהויבען צו בעטראכטען דיעזען זאנדערבארען קאסטען. איך האב געפונען, אז אין פיעלע ערטער זיינען אויסגעבויערט לעכער אין קאסטען, אום דיא לופט זאל קענען אריינקומען.

וואס איז עס? וויא אזוי ערקלערט מען עס?

איך האב מיך יעצט איבערצייגט, אז געראדע ווען מען זוכט ניט, געפינט מען. איך האב יעצט געפונען א רעטעניש, וועלכעס איך וועל קענען בעשרייבען אין „20סטען יאהרהונדערט", ווען איך וועל עס פערראטהען.

עס איז געווארען העלער און העלער, ביז דיא זון איז ארויס געגאנגען און האט בעלייכטעט דאס קאספישע מעער. מיסטער אליפלט לאנגהעד איז ארויפגע־קומען אויפ׳ן דעק און איז געלאפען זעהן, אויב זיינע צוויא און פיערציג קעסטלעך פאלשע צעהנער זיינען נאך גאנץ. מיסס הארשע בלועט איז ארויפגעקומען זעהן, אויב עס זיינען דא פיעלע פאסאזשירען מיט פאלשע האאר. בארא, פאן ווייסענ־שניצענדארף איז ארויפגעקומען מיט א לאנגער דייטשער פייפע (ליולקע), און דיא צוויא כינעזען זיינען ארויפגעקומען זיך ווייזען פאר אלעמען.

ענדליך האט מען געקלונגען צום פריהשטיק און אלע זיינען אראפ געגאנגען עסען.

איך האב קיינעם ניט געוואלט דערצעהלען, וואס איך האב געזעהן און וואס איך האב געהערט. איך האב גערעדט מיט אלעמען און האב מיך זאגאר בעקענט מיט דעם באראן פאן ווייסענשניצען־דארף.

פונקט צעהן מינוט צו דרייא איז דיא „אסטארא" צוגעקומען צום פ[illegible]רט אוזון־אדא און אייניגע מינוטען שפעטער זיינען מיינע פיס געשטאנען אין אזיען.

5טעס קאפיטעל.

## אויף דער אַזיאַטישער אייזענבאַהן.

אמאל פלעגען געהן דיא שיפען פון באקו נאך מיכאילאָוו, א קליין שטעדטעל אין אָסטען (מזרח) פון קאספישען מעער, גענעראל אנעקאוו, דער בעריהמטער אינזשעניר און בויער פון דער טארטאריש־סיבירישער אייזענבאהן, האט אָבער אויסגעפונען, אז אין דעם דערפעל אוזון־אדא איז בעסער צו בויען א גרויסע אייזענבאהן־סטאציאָן, ווייל עס איז נעהנטער צו באקו אלס מיכאילאָוו.

דיא אייזענבאהן סטאציאָן אין אוזון־אדא איז ערעפענט געוואָרען דען 8טען מאי 1886. דאמאלס איז אוזון־אדא געווען אן אָרימעס דערפעל פון 20 הייזער, יעצט, מיט פיער יאָהר שפעטער, איז אוזון־אדא שוין א שעהנע שטאָדט מיט ברייטע גאסען, מיט שעהנע הייזער, מיט גרויסע פּלעצער, מיט האָטעלס און מיט אלעס, וואס איז נעטהיג פאר א שטאָדט אין א ציוויליזירטעס לאנד.

דיא אמעריקאנער ריהמען זיך, אז זיי בויען אויס א גרויסע שטאָדט אין איין טאָג, ווען דיעזע אמעריקאנער זאָלען אָבער זעהן, וואס רוסלאנד האט אויפגעטאָהן אין טורקעסטאן, אין מיטעל אזיען, אין א קורצע צייט, וואָלטען זיי געשטוינט און אָנגעבויגען דעם קאָפּ פאר דיא רוסען, אָדער וועניגסטענס זיי וואָלטען געמוזט צו־געבען, אז ניט נור מענשען בויען אויף א שטאָדט זעהר שנעל, זאָנדערן אומשטענדע און דיא ציוויליזאציאָן פון 19טען יאהרהונדערט.

איך בין געווען העכסט אינטערעסאנט צו וויסען דיא געשיכטע פון אוזון־אדא און דארום האב איך געזוכט מיך צו בעקענען מיט דעם רוסישען מאיאָר נולין, עס איז אָבער געווען וועניג צייט דערצו און איך בין נור געוואָהר געוואָרען, אז דיא ווערטער אוזון־אדא בעדייטען: דיא לאַנגע אינזעל, אָדער לאָנג איילאנד אויף ענגליש.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין אוזון־אדא, איז דער צוג שוין געשטאנען אָנ־געגרייט און האט געווארט אויף דיא פּאסאזשירען.

אזוי וויא דיעזע אייזענבאהן געהט דורך פיעלע גאנץ וויסטע געגענדען און צווישען איין סטאציאָן און דיא אנדערע איז אמאל זעהר וויט, — א פּאאר הונדערט ווי־ארסט — געהן ציגע דירעקט פון אוזון־אדא ביז כינא נור צוויא מאל אין דער וואָך, און דאס איז גאר קיין וואונדער, ווייל עס איז א שטרעקע פון איבער פיער

טריזענד ענגלישע מייל. עס געהן אָבער טעגליך ציגע נאָך פערשיעדענע גרויסע שטעדט און האנדעלס פונקטען אין יענע געגענדען.

ווען איך האב מיך ארייננעזעצט אין וואגאָן, האב איך מיר געמאכט א ליסטע פון דיא פאסאזשירען, מיט וועלכע איך האב גערעכענט צו פערברענגען דיא צייט אויף דיעזער לאַנגער רייזע.

אין מיין ליסטע זיינען געשטאנען פאָלגענדע נעמען:

1) אליפלט לאַנגהעד, אן אמעריקאנער.
2) מיסס הארעשע בלועט, אן ענגלענדערין.
3) מאיאָר נולין, א רוסע.
4) הערר און מאדאם קאטערן, פראנצויזען.
5) באראָן פאָן וויסשניצען דאָרף, א דייטש.

פון דיעזע מענשען פון פערשיעדענע לענדער דארף איך זאמלען מיין מאַטעריאל פיר מיין צייטונג, „דאס 20סטע יאהרהונדערט".

איך האב אויך ניט פערגעסען דיא צווייא בינעזען און דעם געהיימען קאסטען אָדער דעם מענשען, וועלכער ליעגט פערבאָרגען אין דעם געהיימען קאסטען.

— זיין געהיימניס מוז איך אויסגעפונען, האב איך פעסט בעשלאָסען.

אזא סאָרט פאסאזשיר הייסט געוועהנליך א בלינדער פאסאַזשיר, ווייל ער האט קיין בילעט און קען זיך ניט ווייזען פאר דער וועלט.

— איך מוז אלזא אויסגעפינען, ווער מיין בלינדער פאסאזשיר איז, האב איך געזאגט צו זיך אליין. איך מוז אלעס געוואָהר ווערן און אָנשרייבען עטוואס ני׳עס, עטוואס שעהנעס, עטוואס גראָסארטיגעס פיר מיינע צייטונג.

איך האב נאָך געהאט גענוג צייט צו בעטראכטען דעם צוג. ער איז בעשטאנען פון צווייא וואגאָס ערשטער קלאסע, צווייא וואגאָנס צווייטער קלאסע, פינף וואגאָנס דריטער קלאסע, און פינף וואגאָנס פיר וואארען און באגאזש. דיא לעצטע פינף וואגאָנס זיינען ארויס נעגאנגען פון אחוך־אדא, אויפ׳ן וועג האבען זיי זיך געענדערט: אין אייניגע ערטער האבען מיר געהאט צעהן וואגאָנס פיר וואארען און באגאזש, און אין אנדערע ערטער האבען מיר געהאט נור פיער וואגאָנס.

דער צוג געהט אָפּ האלב נאָך פיער, יעצט איז ערשט האלב נאָך דרייא. איך האב אלזא נאָך א שטונדע צייט. וואס זאָל איך טאָהן אין דיעזער שטונדע? — געהן און בעטראכטען דיא שטאָדט מוז איך האבען מעהר אלס איין שטונדע. זיצען לעדיג אָדער נאר שלאָפען, קען איך ניט, ווייל איך בין דאָך א ספּעציאל

קארדעספאָנדענט פון „דעם 20סטען יאהרהונדערט", דיא גרעסטע צייטונג אין פראנקרייך, וועלכע פערלאנגט פון מיר נייעס, וויכטיגע נייעס, וויכטיגע בע־שרייבונגען פון מענשען און לענדער. — אלזא וואס טהוט מען אין דיעזער שטונדע ?

איך האב מיך ענטשלאָסען צו פערברענגען דיעזע שטונדע מיט בעאָבאכטונגען פון דיא מענשען אויפ'ן וואקזאל. איך האב מיך צוגעקוקט צו דיא פאסאזשירען און צו דיא איינוואוינער פון אווןְ־ארא, וועלכע זיינען געקומען אויפ'ן וואקזאל וועגען געשעפט.

איך האב באלד בעמערקט איינגע מענשען, וועלכע איך האב באלד דערקענט אלס אידען, אלס מיטגליעדער פון דעם אונגליקליכען פאָלק, וועלכעס איז צו זעעט און צו שפריים אין דער גאנצער וועלט. איך האב זיי דערקענט אן זייערע פיאות, לאנגע פאסען האאר, וועלכע נור אידען טראָגען. אזוי וויא מען קען דערקענען דעם כינעזע אן זיין צאָפ, אזוי קען מען דערקענען דעם אידען אן זיינע פיאות. דיא פיאות זיינען אויך א סאָרט צאָפ. דער כינעזע טראָגט זיין צאָפ אויפ'ן רוקען, דער איד טראָגט זיינע פיאות פון ביידע זייטען שטערן איבער דיא אויערן. אויסער דעם דערקענט מען דעם אידען פון טורקעסטאן דורך זיינע קליידער. און צוואר דורך זיין גארטעל. דער איד טראָגט א גארטעל פון א שטריק, אן איינפאכען ווייסען אָדער געלען שטריק. דיעזער שטריק מוז זיין געמאכט פון פלאקס אָדער פון בוימוואָלל — ביינוויל.

אמאל פלעגען דיא אידען פון טורקעסטאן מוזען טראָגען א קייכעכדיגעס היטעלע, וועלכעס הייסט „טאָפפע". זייט טורקעסטאן געהערט צו רוסלאנד, איז דיא „טאָפפע" אָבגעשאפט געוואָרען, דער איד מעג טראגען א רוסישען קאסקעט, אָדער א קושמא, א הויכען קייכעכדיגען, שפיציגען הוט פון דעם ניט אויסגעארבייטען פעל פון א לאם, א יונגעס שעפסעלע. פיעלע טראגען אויך א טורבאן, וויא דיא פרומע מחמדאנער.

איך זעה וויטער עטליכע מאדשינק, פערזישע אריסטאָקראטען, דיא שעהנסטע מענשען אויף דער וועלט. איך דערקען זיי נאך זייערע קליידער. זיי האלטען זיך זעהר שטאָלץ און רעדען זעהר ווייניג, גלייך וויא זיי וואָלטען געוועזען געוואָינט נור צו בעפעהלען.

איך געפין וויטער איינגע אחבענס, דיעזע שטאָלצע פירסטען פון דער וויסטע, הייפטלינגע פון זייערע שטעמע (שבטים), אויך זיי דערקענט מען אן זייערע

קליידער און אן זייער שטאָלצעם בענעהמען. זיי זיינען דיא רימער פון אזיען, פון זיי פלענען ארויסקומען דיא עמירס, חאנ'ס און שייכ'ס, הערשער פון שטעדט, פראָווינצען און גאנצע לענדער. זיי זיינען געווען דיא העררען פון דיעזע לענדער, יעצט זיינען זיי אונטערטהאנען פון דעם ווייסען צאר, — אזוי רופען זיי דעם קייסער פון רוסלאַנד.

צווישען דיא פאסאזשירען געפינען זיך זעהר וועניג אייראָפּעער. איך דערקען צוואר אן ענגלענדער, אן עכטען, הארט געזאָטענעם ענגלענדער, וויא מען טרעפט איהם אין אלע לענדער און אין אלע געגענדען פון דער וועלט.

מיין הויפּט אויפמערקזאמקייט איז געריכטעט אויף דיא וואגאנס מיט באַגאזש, ווייל איך זעה יעצט, וויא מען פיהרט דיא קאסטענס און קעסטלעך פון שיף אין דיעזע וואגאָנס.

מיסטער אליפלט לאַנגהעד איז זעהר בעשעפטיגט. ער גיט אכטונג, אז מען זאָל פאָרזיכטיג איבערטראגען זיינע צווייא און פיערציג קאסטענס מיט פאלשע צעהנער און מען זאָל זיי אויסשטעלען איינס לעבען אנדערן אין באגאזש-וואגאָן.

פלוצלינג זעה איך, וויא מען פיהרט דעם גרויסען און זאָנדערבארען קאסטען, ועלכער איז בעשטימט פאר מאדעמואזעל זינקא מארקילעסקו אין פעקין.

— איך מוז וויסען גאנץ גענוי, וואו מען וועט שטעלען דיעזען קאסטען, האב איך געזאגט צו זיך אליין. איך טאָר נים ארױפּלאָזען אן אויג פון דיעזען געהיימניספאָלען קאסטען. איך מוז בעקאנט ווערן מיט דעם בלינדען פּאסאזשיר אין דיעזען קאסטען.

ווען א ספּעציאל קאָררעספּאָנדענט פון „דעם 20סטען יאהרהונדערט" זאגט, אז ער מוז עפּעס טאָהן, וועט ער עס אויף טאָהן.

און איך טוה עס אויך. איך קוק מיך צו, וואו מען שטעלט דעם קאסטען, נאָטיר מיר דיא נומער פון וואגאָן און בעמערק, וויא אזוי מען קען קומען פון מיין וואגאָן אין דעם וואגאָן, וואו עס געפינט זיך דער קאסטען מיט דעם בלינדען פאסאזשיר.

דיא וואגאָנעס אין רוסלאַנד האבען קיינע זייטען טהירען, וויא דיא וואגאָנעס אין אייראָפּא, זיי האבען נור צווייא טהירען, איינע פון פאָרנט און איינע פון הינטען, וויא דיא וואגאָנעס אויף דיא אמעריקאנער אייזענבאהנען, און מען קען שפּאַציערען פון איין וואגאָ אין אנדערן. מען קען אלזאָ דורכשפּאציערן דעם גאנצען צוג, און דאס איז זעהר וויכטיג פאר א ציימונגס קאָררעספּאָנדענט.

איך זעה, וויא אלע מיינע בעקאנטע פון דער „אסטארא“ קומען זיך צונויף און פערנעהמען א פלאץ אין מיין וואגאן ערשטער קלאסע, דאס פרעגט מיך: מיר וועלען אלזא פאהרען צוזאמען ביז פעקין, דאן וועל איך האבען דיא בעסטע געלעגענהייט זיי אויסצושטודירען, זיי אויסצופארשען און מיר צו פערשאפען מאַ־טעריאל פאר מיינע צייטונג.

ענדליך איז אלעס פערטיג. דער לעצטער קאסטען פון שיף איז אריינגע־שטעלט אין א וואגאן. דער באהן אויפזעהער גיט א צייכען און מען הייבט אן צו קלינגען. פינף מינוט שפעטער האט דער צוג געריהרט. מיר פאהרען אויף דער אזיאטישער באהן.

### 6טעס קאפיטעל.

## קאנדוקטאר פאפאוו.

איך האב נאך צייט געהאט מיר צו קויפען „דעם אייזענבאהן אנציינער“, א ביכעלע, וואו עס זיינען בעשריעבען גענוי אלע סטאציאנען פון דער טראנס־אזיאטישער אייזענבאהן, וויא ווייט עס איז פון איין סטאציאן צו דער אנדערער, וויא יעדע סטאציאן הייסט און וויא לאנג דער צוג בלייבט שטעהן אויף יעדער סטאציאן.

איך שטודיר יעצט דיעזעס בוך פיעל פלייסיגער, וויא איך האב שטודירט אלס קינד דיא געשיכטע פון פראנקרייך. איך געפין דארט, אז נור אויף דיא גרויסע סטאציאנען: מערוו, בוכארא, סאמארקאנד, טאשקענט, קאשגאר, סו־טשיו, לאן—טשיו און טאי־יונאן וועט דער צוג בלייבען שטעהן פינף—זעקס און זאגאר אכט שטונדען, אויף דיא איבעריגע, קליינע סטאציאנען בלייבט ער שטעהן פינף—צעהן—פונפצעהן און העכסטענס דרייסיג מינוט.

דאס איז פאר מיר זעהר וויכטיג, ווייל אין א צייט פון זעקס שטונדען קען מען שוין בעטראכטען און זאגאר אויסשטודירען אזעלכע העכסט אינטערעסאנטע שטעדט, וויא קאשגאר, טאשקענט, קאקאנד און בוכארא.

מען דארף ניט פערגעסען, אז דיא טראנס אזיאטישע אייזענבאהן איז דיא לענגסטע אין דער וועלט. דיא אייזענבאהן פון קענעדע איז נור קנאפע פינף טויזענד ווערסט דיא לענגע, דיא סענטראל יוניאן אין דיא פעראייניגטע שטאאטען איז נור פינף טויזענד צוויא הונדערט ווערסט דיא לענגע, דיא סאנטא־פע ליניע איז נור

פיער טויזענד אכט הונדערט, דיא אטלאנטיק־פאסיפיק איז נור פינף טויזענד זעקס הונדערט, דיא נאָרטהערן־פאסיפיק איז נור זעקס טויזענד צווייא הונדערט ווייאָרסט דיא לענג. אלע דיעזע אייזענבאהנען זיינען אין אמעריקא, וואו עס געפינען זיך דיא לענגסטע אייזענבאהנען אין דער וועלט, דיא טראנס אזיאטישע באהן איז אבער זיעבען טויזענד ווייאָרסט דיא לענג און ווען מען זאָל רעכענען דיא סיבירישע באהן פון אנפאנג ביז וולאדיוואָסטאָק, ווערט זיא זיין קנאפּע ניין טויזענד ווייארכט דיא לענג, אָבער דיעזע סיבירישע אייזענבאהן איז נאך ניט פערטיג און דארום רעכען איך זיא ניט.

איך רעכען יעצט נאך רוסישע ווייאָרסט, ווייל א ווייאָרסט איז נור אביסעל לענגער פון א פראנצויזישען קילאמעטער און איך בין געוואוינט מיט דיא פראנ־צייזישע ניט מיט דיא ענגלישע מאָסען.

איך בעטראכט יעצט דיא געגענד, אין וועלכער מיר פאהרען. זיא איז ט־ויעריג. קוים זיינען מיר אוועק געפאָהרען עטליכע מייל פון אוזון־אדא, זיינען מיר אריינגעפאָהרען אין א זאמדיגע וויסטע. דיא געגענד איז פלאך, בעדעקט מיט א פיינעם געלבליכען זאמד. וויא וויט מען קען זעהן פון דיא פענסטער פון וואגאָן, זעהט מען קיין בערגעלע, קיין טאָהל, קיין בוים, קיין גרינעס גראָז, קיין טייכעלע, קיין ביסעלע וואסער, נור זאמד און זאמד.

איינינע צייט האב איך נאך געקענט קוקען אויף דיעזע טרויעריגע געגענד, ענדליך איז עס מיר אזוי לאנגווייליג געוואָרען, אז עס האט מיר אָנגעהויבען פינסטער צו ווערן אין דיא אויגען און איך האב געמוזט מיך אוועק קעהרען.

איך האב אָנגעהויבען צו שפּאציערן אין דיא וואגאָנעס און צו בעטראכטען דיא פּאסאזשירען.

אויף איין באנק זיינען געזעסען דער אמעריקאנער און דיא ענגלענדערין, מיסס בלועט. זיי זיינען געווען אזוי פערטיעפט אין זייער אונטערהאלטונג איבער קויפען, פערקויפען, קאָמיססיאָן, פּראָוויזיאָן, פאבריקען, מאשינען און פערדע קראפט, אז זיי האבען מיך גאר ניט בעמערקט.

איך בין געווען פעסט איבערצייגט, אז זיי רעדען ניט פון ליעבע, אום אָבער צו זיין פאָלקאָמען זיכער, אז דיעזע צווייא מענשען רעדען נור פון געשעפטע, האב איך אָנגעבויגען דעם קאָפּ און האב מיך צוגעהערט, וואס זיי רעדען.

— ווען איך זאָל קענען פערקויפען אין בינא דרייא הונדערט קאסטען א יאָהר, וואָלט איך געעפענט אין פעקין א פאבריק פון מיין ארטיקעל אויף מיין אייגענע רעכנונג, האט מיסטער אליפלט לאָנגהעד געזאגט.

— איך קען נור קויפען אין בינא, האט מיסס בלועט ערקלערט.

ווייטער האב איך ניט געוואָלט הערען. צו וואס זאָל איך עס הערען? מיינע ציימונג אינטערעסירט זיך ווענינ צו וויסען, וויפיעל קאסטען פאלשע צעהנער עס קענען פערקויפט ווערן אין בינא.

איך געה ווייטער און דערזעה מיינע צווייא פראנצויזען זיצען גאנץ בעקוועם איינער לעבען אנדערן. מאדאם קאראָלינא האט אָנגעשפארט איהר שעהנעם קאָפּ אויף דיא שולטער פון איהר מאַן און ברומט א ליעד פון א פראנצויזישע אָפּערעטע.

— מיר דאכט, אז זיי זיינען אקטערע און פאָהרען גיבען פאָרשטעללונגען אין א טהעאטער אין בינא, האב איך געזאגט צו זיך אליין.

ערשט יעצט האב איך פערשטאנען דעם כאראקטער פון מיינע לאנדסלייט. אויפ'ן שיף האט דיא מאדאם געליטען פון דער זעע קראנקהייט, יעצט אָבער איז זיא געווען גאנץ לוסטיג און איך וואָלט געקענט הערען א שטיק פון דער בעקאנטער אָפּערעטע: „דיא שעהנע העלענא“.

איך שפאציער ווייטער פון איין וואגאָן אין צווייטען, פון דעם וואגאָן ערשטער קלאסע אין וואגאָן צווייטער קלאסע און פון דאָרט אין א וואגאָן דריטער קלאסע. מיין הויפט פערלאַנגען איז צו זעהן, אויב מען קען קומען אין דעם באגאזש וואגאָן, וואו עס שטעהט דער קאסטען מיט דעם בלינדען פאסאזשיר.

— איך מוז בעקאנט ווערן מיט'ן קאָנדוקטאָר, טראכט איך מיר, א קאָנ־דוקטאָר האט אויך ניט פיינט א פּאאר זילבערנע רובעל און א פינף רובל שטיק וועט איהם געוויס מאכען פאר מיין בעסטען פריינד.

אומערדעסען איז דער צוג ווייטער געפלויגען אין דער וויסטע. איך בין צוגע־נאנגען צום קאָנדוקטאָר און האב איהם געפרעגט:

— וויא הייסט דיעזע געגענד?

— קארא־קום, האט ער מיר געענטפערט, קארא קום בעדייטעט דיא שווארצע וויסטע, דיעזע וויסטע הייבט זיך אָן ניט וויט פון קאספּישען מעער און ציעהט זיך אויס ביז חיווא, ביז צום טייך אמו־דאריא, וועלכער פאלט אריין אין אוראל מעער.

איך האב נאך אמאל א קוק געטאָהן אויף דעם זאמד און האב געפונען, אז עס איז גאר ניט שווארץ, פאר וואס אלזאָ רופט מען דיעזע געגענד דיא שווארצע וויסטע? — ווארום רופט מען עס שווארצעס מעער? איז דען דאס וואסער

פון שווארצען מעער שווארץ? איז דען דאס וואסער פון רויטען מעער רויט? איז דען דאס וואסער פון ווייסען מעער ווייס? — עס איז א נאמען. מענשען האבען ליעב אונטערצושיידען איין זאך פון דער אנדערער דורך א נאמען און זיי גיבען א נאמען, וויא עס פאלט זייא איין אין קאפ.

— פון וואנען נעהמען זיך דיעזע בערגלעך? פרעג איך ווייטער דעם קאנ־דוקטאר.

— דער ווינט טרייבט דאס זאמד און מאכט אן דיעזע בערגלעך, האט ער מיר געענטפערט. איהר זייט נאך ניט געפאהרען אויף דיעזער ליניע אין א ווינט, מיין הערר, דאן וואלט איהר געוואוסט, וואס עס הייסט א שטורם אין דיעזען זאמד.

איך ווייס, אז מען פערגלייכט דיא ווימטע צו א מעער, איך ווייס ווייטער, אז אין דער וויסטע זאהארא הייבט דער ווינט אמאל אויף גאנצע בערג מיט זאמד, וועללען (כוואליעס), וויא אויפ'ן מעער.

— אזא שטורם קען דאך אמאל פערשיטען א גאנצען אייזענבאהן־צוג? האב איך ווייטער געפרעגט.

— גענעראל אננענקאוו, דער הויפט אינזשעניר פון דיעזער באהן, האט עס געוואוסט און ער האט געזוכט עס צו פערהיטען. אין דיעזער וויסטע וואקסט א סארט דערנער, וועלכע הייסען סאקסאול. זיי האבען זעהר לאנגע און זעהר שטארקע ווארצלען. דיעזע „סאקסאול" האט מען געפלאנצט פון ביידע זייטען פון דער אייזענבאהן. זיי האלטען אויף דאס זאמד; עס בילדען זיך ארום זיי בערגלעך און דיעזע בערגלעך זיינען דער פעסטער שוץ געגען דעם זאמד.

— ווען קומען פאר דיעזע שרעקליכע שטורמווינטען?

— אין דיא מאנאטע יוני און יולי, איז געווען דיא אנטווארט, איך וואלט אייך ניט געראטהען צו פאהרען דאמאלס אויף דיעזער באהן. דיא היץ איז שרעק־ליך און מען קען ניט עפענען א פענסטער, ווייל קוים עפענט מען נור אביסעל דאס פענסטער, ווערט דער גאנצער וואגאן פול מיט זאמד.

איך רעד ווייטער מיט'ן קאנדוקטאר. איך ווייס שוין, אז ער הייסט פאפאוו. ער איז שוין זייט צעהן יאהר אויף דיעזער ליניע, דאס הייסט, ער פלעגט פאהרען אלס קאנדוקטאר צווישען איין שטאדט און דיא אנדערע, נאך איידער דיא ליניע האט זיך געעפענט, ווייל ערשט זייט 1886 געהן ציגע דירעקט פון אוזון־אדא נאך כינא, אבער שוין אין 1878 פלעגען געהן ציגע נאך קיזיל־ארוואט, נאך קאקאנד און נאך סאיארקאנד.

פאָפאָוו רעדט זאָנאר עטליכע שפּראַכען, בעזאָנדערס אָבער טירקיש, פערזיש און טורקעסטאַניש, און ער האט ליעב צו רעדען און זאָגאר זיך צו בעריהמען.

אין דער צייט פון א שטונדע איז פאָפאָוו געוואָרען מיין פריינד און איך האב איהם געפרעגט, אויב ער קען ווענען פון דיא אנדערע פּאַסאַזשירען ערשטער קלאַסע.

— קענט איהר מאיאָר נולין?

— איהם קען איך זעהר גוט, ווייל ער האט געדיענט אויף דיעזער ליניע, האט פאָפאָוו געענטפערט, ער איז א דאָקטאָר אין דער רוסישער אַרמעע און אזוי וויא ער איז געשטאַנען א לאַנגע צייט מיט זיין רעגימענט ביי דער גרענעץ פון כינא, האט מען איהם געשיקט נאָך פעקין, ער זאָל דאָרט בעזאָרגען און איינריכטען א האָספּיטאַל פאר קראַנקע רוסישע מאַטראָזען.

— איך מוז זעהן מיט איהם בעקאַנט צו ווערן, האב איך בעמערקט.

— איהר וועט טאָהן זעהר גלייך, מיין הערר, עס איז ווערטה צו קענען דעם מאיאָר נולין.

— ווייסט איהר פיעלייכט, ווער עס זיינען דיא צווייא כינעזען, וועלכע פאָהרען ערשטער קלאַסע?

— איך ווייס נור, וויא זיי הייסען, האט פאָפאָוו געענטפערט, זיי האבען מיר איבערגעגעבען זייער באַגאַזש און איך האב איבערגעלעזען זייערע נעמען. איך ווייס, אז דער יונגער הייסט פאַאָ־טשאַאָ, דער עלטערער הייסט טיאָ־קינג און איז א דאָקטאָר. —

— א דאָקטאָר? א מעדיצינער? האב איך איבערגעפּרעגט.

— אויף זיין באַגאַזש איז אָנגעשריעבען גאַנץ דייטליך: דאָקטאָר טיאָ־קינג, דאס איז אַלעס, וואס איך ווייס פון זיי.

— וועלכע שפּראַכע האבען זיי מיט אייך גערעדט, ווען זיי האבען אייך איבערגעגעבען דעם באַגאַזש?

— טורקעסטאַניש.

— האט איהר פּראָבירט רעדען מיט זיי רוסיש אָדער פראַנצויזיש?

— איך האב עס ניט פּראָבירט.

— קענט איהר דיא איבעריגע פּאַסאַזשירען?

— ניין.

— איך האב בעמערקט, וויא דער אַמעריקאַנער רעדט צו פיעל צו דער ענג־לענדערין, און מיר דאַכט, אז ווען זיי וועלען קומען נאָך פעקין, וועלען זיי הייראַטהען.

שאדע, וואס איך פאהר מיט אייך נור ביז מערוו. זאנסט וואלטען זיי מיך אויך איינגעלאדען אויף דער האבציים.

— קענט איהר פיעלייכט אויך דאס פראנצויזישע פאאר פאלק?

— איך קען זיי ניט, איך וויים נור, אז זיי פאהרען נאך שאן־חאי שפיעלען אין א פראנצייזישען טהעאטער.

— פון וואנען ווייסט איהר עס?

— ערשטענס, איז אויף זייער באגאזש אנגעשריעבען: „נאך שאן־חאי“. צווייטענס, האבען זיי מיך געבעטען, איך זאל בעזאנדערס אכטונג געבען אויף זייער באגאזש, ווייל זיי האבען דארט טהעאטער קליידער, וועלכע קענען לייכט פער־דארבען ווערן. זיי האבען מיר אלעס דערצעהלט.

— קענט איהר פיעלייכט אויך דעם דייטש?

— געוויס! ער מאכט יעצט א רייזע אויף דער וועלט. ער האט געוועט, אז מען קען יעצט מאכען א רייזע ארום דער וועלט אין 39 טעג.

— דאס וואונדערט מיך, האב איך בעמערקט, איך קען מיר ניט ערקלערן, אז א דייטש זאל מאכען אזא וועט. דאס פאסט פאר אן אמעריקאנער.

— איהר זעהט דאך, אז עס זיינען דא משוגענע דייטשען אויך, האט פאפאוו געענטפערט גלייכגילטיג.

## 7טעס קאפיטעל.

# מיין בלינדער פאסאזשיר.

פאפאוו האט געמוזט אוועק געהן, דער אבער קאנדוקטאר האט איהם אוועק גערופען. איך בין געבליעבען אליין און האב געזוכט עפעס צו טאהן. איך האב מיך ארומגעקוקט און האב געזעהן, אז דיא אנדערע פאסאזשירען עסען, טרינקען, רעדען איינער צום אנדערן אדער זיצען און קוקען אין פענסטער.

דער קאנדוקטאר האט אויסגערופען דיא נעמען פון קליינע סטאציאנען: באללא־אישעם! קאנסאנדשיק! אושאק! א יודין! — אלע דיעזע סטאציאנען האבען פאר מיר קיינע אינטערעסע געהאט און איך האב זיי זאגאר ניט געוואלט בעטראכטען. זיי זיינען אלע איינפאכע הילצערנע הייזער, אין וועלבע עס וואוינען נור דיא בעאמטע פון דער אייזענבאהן. קיין איינציגער פאסאזשיר איז ניט אריינגעקומען

אוּן ניט אַראָפּ געגאַנגען אויף אַלע דיעזע סטאַציאָנען: קיינער פאָהרט ניט אין דער ווּיסטע און קיינער קומט ניט פון דער וויסטע.

מיר איז געוואָרען זעהר לאַנגוויילינג און איך האָב מיך ענטשלאָסען צוּ מאַכען א בעקאַנטשאַפט מיט געוואַלד.

איך בין צוגעגאַנגען צו מאַיאָר נולין און האָב געזאָגט צו איהם:

— מיין הערר, איך הייס קלאָד סען־סיר און בין א קאָררעספּאָנדענט פון „דעם 20סטען יאהרהונדערט", דיא גרעסטע פראַנצייזישע צייטונג. איהר זייט א דאָקטאָר און א מאַיאָר. מיר פאָהרען ביידע נאָך פעקין, מיר וועלען אַלזאָ מוזען פערברענגען פיערצעהן טעג אין דיעזען וואַגאָן. צו וואס אַלזאָ זאָלען מיר בלייבען פרעמדע און זיך ביידע לאַנגווייליגע, ווען מיר קענען ווערן בעקאַנט און פערברענגען דיא צייט רעכט אַנגענעהם?

מאַיאָר נולין האָט מיר אויסגעשטרעקט דיא האַנד און האָט געזאָגט:

— עס פרעהט מיך זעהר צו מאַכען אייער בעקאַנטשאַפט, הערר סען־סיר.

מיר זיינען אַלזאָ שוין בעקאַנט.

— ליעבער מאַיאָר, איהר זייט געוויס בעסער בעקאַנט מיט דיעזער געגענד און איהר וועט מיר טאָהן א גרויס געפעלינקייט, ווען איהר וועט מיר ערקלערן אייניגע זאַכען איבער דיעזע באַהן און איבער דיא מענשען וועלכע וואוינען דאָ, האָב איך געזאָגט.

— ביטע, הערר סען־סיר, איך בין אביסעל בעקאַנט מיט דיעזער אייזענ־באַהן, ווייל איך האָב געדיענט אונטער גענעראַל אַנענקאָוו, ווען דיא באַהן האָט זיך געבויט.

— ווילט איהר זיין אַזוי פריינדליך און מיר דערצעהלען דיא געשיכטע פון דיעזער באַהן? האָב איך געבעטען.

— דאס איז ניט לייכט, האָט מאַיאָר נולין געענטפערט, איך קען אייך נור דערצעהלען אין קורצען, אַז זייט 1854 האָט רוסלאַנד אָנגעהויבען אָפּצונעהמען איין לאַנד נאָך דעם אַנדערן אין מיטעל אַזיען, און אַזוי וויא מען האָט געמוזט שיקען אַרמעען אין דיעזע וויסטע, איז דיא רעגיערונג געוועזען געצוואונגען צו בויען אַן אייזענבאַהן. מען האָט זיא געבויט שטיקלעך ווייס.

צו ערשט האָט מען געבויט דיא באַהן פון מיכאַילאָוו ביז קיזיל אַרוואַט, א שטרעקע פון דרייא הונדערט און פונפציג ווערסט. — קיזיל־אַרוואַט איז א קליין שטעדטעל אין דער וויסטע. זיא וואָלט ניט געקענט בעשטעהן, ווען עס זאָל זיך

ניט געפינען א טייך אין שטעדטעל. עס איז נור א קליין טייבעל, אָבער אביסעל וואסער איז שוין גענוג אום מענשען זאָלען קענען דאָרט וואוינען.

קוים האט רוסלאנד געהאט אָן אייזענבאהן אין מיטעל אזיען, האט עס גע־זוכט צו מאכען אָרדנונג און צו זיכערן דעם האנדעל אין דיא אינדוסטריע פון דיעזע געגענדען. צו ביסלעכוויס איז געבוים געוואָרען איין שטרעקע פון דיעזער אייזענ־באהן נאך דער אנדערער, ביז גענעראל אנענקאָוו איז געקומען און האט אויסגעבוים דיא גאנצע ליניע. ער האט אויסגעפונען, אז אוזון־אדא איז א בעסערער און א זיכערער פאָרט אלס מיכאילאָוו.

ארבייט איז ביליג אין דיעזע געגענדען. דיא יאָמודען, קירגיזען, טאטארען און טורקאמאנען ארבייטען פאר 40—50 קאָפּיקעס א טאָג, עס איז אָבער שווער צו בעקומען פּראָוויאנט פאר אזוי פיעל מענשען. גענעראל אנענקאָוו האט געבוים געצעלטען — באראקעס — אין דער וויסטע און האט אין זיי געהאלטען מאגאזינען פאר פּראָוויאנט, א האָספּיטאל, א טעלעגראף און א פאבריק צו מאכען שינען און אנדערע זאכען פון אייזען און שטאָהל.

מאיאָר נולין האט געוואָלט מיר ווייטער דערצעהלען, וויא אזוי דיעזע באהן איז געבוים געוואָרען, ווען דער קאָנדוקטאָר איז אריינגעקומען און האט אויס־גערופען:

— קיזיל־ארוואט! צווייא שטונדען שטעהן!

מיר זיינען דאָן געוואָהר געוואָרען, אז דער צוג האט פערשפּעטיגט דרייסיג מינוט און מיר מוזען דאָ שטעהן גאנצע צווייא שטונדען אום עפּעס צו רע־פּארירען.

— אין צווייא שטונדען קענען מיר זעהן קיזיל־ארוואט, האב איך געזאגט צום מאיאָר.

— עס איז ניטאָ וואס צו זעהן ביי טאָג, האט דער מאיאָר געענטפערט, וואס וועט איהר דאָ זעהן ביי נאכט?

— אָבער דאָך?

— אָבער גאר נישט, האט דער מאיאָר געענטפערט, — קיזיל־ארוואט האט צווייא טויזענד איינוואוינער, אַלע זיינען טורקאמאנען און פּערזער, עס געפינען זיך אויך א האַלבעס דוצענד פּערזישע אידען.

— איך וויל דאָך ארויסגעהן זעהן דיעזעס קליינע שטעדטעל אין מיטעל אזיען.

— ווען איהר ווילט, קען איך אייך בעגלייטען. מיר קענען זאָגאר עפּעס עסען אין רעסטאָראַן אויף דער סטאַציאָן.

מיר זיינען ארויס געגאַנגען. עס איז געווען א פיערטעל נאך אכט. דיא זון איז אונטערגעגאַנגען און דיא לבנה איז ניט אויפגעגאַנגען, ווייל עס איז געווען ענדע מאָנאט. דיא קליינע סטאַציאָן איז געווען העל בעלייכטעט מיט קעראָסין לאָמפּען, וויטער פון דער סטאַציאָן אָבער איז געווען פינסטער.

מיר האבען פּראָבירט ארויסגעהן פון דער סטאַציאָן און אונזערע פיס זיינען אריין אזוי טיעף אין זאמד, אז מיר האבען זיי קוים ארויסגעצויגען. מיר האבען גע־מוזט זיך אומקעהרן.

מיר האבען געהייסען זיך גיבען עסען אין רעסטאָראַנט און איך מוז צוגעבען, אז אין אזא קליין שטעדטעל אין מיטעל אזיען האט מען אונז געגעבען א גאַנץ גוטעס עסען, וועניגסטענס האב איך עס ניט ערוואַרטעט אין קיזיל־ארוואט. עס איז געווען דייטליך, אז גענעראַל אַנענקאָוו האט פאר אלעס געזאָרגט.

מיר האבען געגעסען, געטרונקען און געפּלוידערט, ביז מען האט אָנגעהויבען צו קלינגען. ווען מיר זיינען צוריק אריינגעקומען אין וואַגאָן, איז שוין געווען צעהן אוהר.

אלע פּאַסאַזשירען האבען זיך שוין איינגעריכטעט צום שלאָפען, זאָגאר דער אמעריקאַנער און מיסס האָרעשע בלועט זיינען שוין מיעד געוואָרען רעדענדיג פון זייערע געשעפטען און האבען שוין געזאגט איינער צום אנדערן: „גוטע נאכט!“

מאַיאָר נולין איז אויך געוואָרען שלעפעריג. ער האט ארויסגעצויגען זיין באַנק, האט געמאַכט פון איהר א בעט און האט זיך אויף אַניעדער געלעגט.

— גוטע נאכט, הערר סענ־סיר! האט ער געזאגט צו מיר.

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך איינגעוויקעלט אין זיין דעקע און איז אויך באלד אנטשלאָפען געוואָרען.

איך בין יעצט געבליעבען דער איינציגער פּאַסאַזשיר, וועלכער איז ניט גע־שלאָפען. איך בין צוואר אויך געווען מיעד און האב געוואָלט מיך לעגען שלאָפען, אָבער מיין בלינדער פּאַסאַזשיר? — איך מוז דאָך וויסען, ווער דיעזער בלינדער פּאַסאַזשיר איז. איך מוז דאָך עפּעס שרייבען פאר מיין צייטונג.

איך ווייס, אז אין 1889 איז אן עסטעררייכישער שניידער מיט׳ן נאמען פראַנץ צייטונג געפאָהרען פון וויען נאך פּאַריז אין א קאַסטען. איך ווייס וויטער, אז

אין 1891 זיינען צווייא שפאנישע פערליעבטע אנטלאָפען פון זייערע עלטערן אין א קאסטען און זיינען געפאָהרען פון דער שטאָדט וואלאדאָליד אין שפאניען ביז באָרדא אין פראנקרייך אין א קאסטען. אלזאָ איז דאָך מעגליך, אז אין דעם קאסטען, וועלכער איז בעשטימט פאר מאדעמואזעל זינקא מארקילעסקו געפינט זיך אויך א געליעבטער.

אָבער פון וויען נאָך פאריז און פון וואלאדאָליד נאָך באָרדא נעהמט דער צוג נור צווייא — דרייא טעג, פון טיפליס אָבער נאָך פעקין געדויערט דיא רייזע זעכצעהן טעג. קען דען א מענש אויסהאלטען אזא לאנגע צייט אין א קאסטען?

— היינט ביי נאכט מוז איך געוואָהר ווערן אלעס איבער דיעזען בלינדען פאסאזשיר, האב איך געזאגט צו זיך אליין.

איך האב היינט ביי טאָג בעמערקט, אז דער באגאזש־וואגאָן, אין וועלכען עס שטעהט דער קאסטען מיט דעם בלינדען פאסאזשיר, איז ניט פערשלאָסען. ער איז נור פערריגעלט מיט א גרויסען און שטארקען אייזערנעם ריגעל פון דרויסען. איך קען אלזאָ אויפהייבען דעם ריגעל און אריינגעהן אין וואגאָן.

אָבער פאפאָוו, דער קאָנדוקטאָר? — ער איז צוואר מיין פריינד, איך האב איהם היינט געגעבען א פינף רובעל שטיק. האט ער מיך אָבער פערשטאנען? — איך האב איהם ניט געזאגט, אז איך וויל בעזוכען דעם באגאזש־וואגאָן. וועט ער מיר לאָזען אריינגעהן? וועט ער ניט מורא האבען, אז איך וויל עפעס אפּטאָהן: נון, כאָמיר זאגען, אז איך וויל בעגנב׳ענען דעם וואגאָן?

ער איז מיין פריינד, ער וועט געוויס טאָהן פאר מיר אלעס, וואס ער וועט נור קענען, ער קען דאָך אָבער פערליערן זיין שטעלע דורך מיך?

איך האב געטראכט און געקלערט און האב ענדליך בערעכענט, אז עס איז גלייכער צו ווארטען.

— געגען עלף—צוועלף אוהר וועט פאפאָוו געוויס אנטשלאָפען ווערן, דאן וועל איך קענען אריינגעהן אין וואגאָן, האב איך בעשלאָסען.

איך האב געוואוסט, אז ערשט אויף דער סטאציאָן גאָאָק־טעפע וועט דער צוג בלייבען שטעהן א שטונדע. אין גאָאָק־טעפע וועט ער אָנקומען פונקט צווייא אוהר. יעצט איז האלב נאָך צעהן, אלזאָ האב איך נאָך דרייא און א האלבע שטונדע צייט.

אין דיא וואגאָנס איז געוואָרען שטילער און רוהיגער, נור פון צייט צו צייט האט מען געהערט א הראָפּע טאָהן, א קרעכץ, א זיפץ אָדער איינעם רעדען פון

שלאָף. אין דרויסען איז געווען פינסטער און טרויעריג, מען האָט זאָגאר ניט געקענט זעהן דיא בערגלעך מיט זאַמד פוןביידע זייטען אייזענבאהן.

עס שלעפערט מיך, אָבער איך דארף ניט שלאָפען, איך טאָר ניט שלאָפען, איך דארף ניט אָפלאָזען דיא געלעגענהייט צו בעזוכען מיין בלינדען פאסאזשיר. איך וויל אויפשטעהן און ארום שפּאַציערן אין וואגאָן אום צו פערטרייבען דעם שלאָף, איך האב אָבער מורא, אז איך זאָל ניט אויפוועקען מיינע מיט פאַסאזשירען.

ענדליך האט מיין אוהר געציילט פינף מינוט נאך עלף.

— יעצט מוז עס געשעהן! האב איך געזאגט צו מיר אליין.

איך הייב מיך אויף שטילערהייט, געה לאנגזאם, פאָרזיכטיג אויף דיא שפּיץ פינגער, פון איין וואגאָן צום אנדערן. אלע שלאָפען געשמאק. דאס איז אויך קיין וואונדער, ווען מען פאָהרט אין אזא וויסטע און טרויעריגע געגענד, איז דאס בעסטע, וואס מען קען טאָהן, — צו שלאָפען.

איך קום ענדליך ארויס אויף דעם בריקעל פון דעם לעצטען פאסאזשיר וואגאָן. דאָרט זיצט פּאָפּאָוו, אָבער ער שלאָפט אויך גאנץ געשמאק. ער מעג שלאָפען, ווייל ער איז זיכער, אז ביז געאָק־טעפּע וועט קיין נייער באגאזש אריינקומען און קיין אלטער באגאזש ארויסגענומען ווערן. ער האט אלזא צייט צו שלאָפען און ער שלאָפט.

איך טרעט אריבער פון דעם בריקעל פון פאסאזשיר וואגאָן אויף דעם בריקעל פון באגאזש וואגאָן. אלעס איז שטיל, אלעס איז רוהיג, אלעס שלאָפט.

איך נעהם האסטיג דעם שווערן אייזערנעם ריגעל פאר דער טהיר פון דעם באגאזש וואגאָן, הייב איהם אויף און געה אריין אינעווייניג. דאָרט איז פינסטער, וויא אין א גראב. דער וואגאָן האט קיינע פענסטער און דיא קאסטענס און פעק דארפען קיין ליכט.

איך מוז טאפּען מיט דיא הענד. איך ווייס גאנץ גוט, וואו מיין קאסטען שטעהט, איך מוז אָבער צוגעהן צו איהם, איך מוז צוקומען צו איהם, און דאס איז יעצט א שווערע ארבייט.

איך מוז זיין שטיל, וויא א מויז, ווייל איך וויל ניט, אז דער בלינדער פאַסאזשיר זאָל וויסען, אז מען קוקט אויף איהם, אז מען בעאָבאכטעט איהם.

איך טראכט מיר אזוי:

— עס איז זעהר מעגליך, אז מען קען עפענען דעם קאסטען פון אינעווייניג. ווען דער בלינדער פאסאזשיר איבערצייגט זיך, אז קיינער איז ניטא, עפענט ער

דעם קאַסטען, געהט אַרויס און גלייכט זיך אויס זיינע פערגליווערטע, ערשטאַררטע גליעדער. קוים וועט ער אלזאָ וויסען, אז עס איז דאָ א מענש אין וואגאָן, וועט ער מורא האבען זיך צו ווייזען.

איך מוז אלזאָ זיין שטיל און געהן זעהר פאָרזיכטיג. איך האב מיך געלעגט אויף דעם באָדען פון וואגאָן און קייקעל מיך, ווי א שלאַנג.

איך ווייס נים, וויא פיעל עס האט געדויערט, ביז איך בין צוגעקומען צו „מיין" קאַסטען, ענדליך בין איך דאָך צוגעקומען צו איהם. איך האב איהם גאַנץ שטיקערהייט בעטאַפּט און האב מיך ווירקליך איבערציינגט, אז דאס איז ווירקליך דער קאַסטען, וועלכער איז בעשטימט פיר מאָדעמואזעל זינקא מאַרקולעסקו אין פּעקין.

איך לעג צו מיין אויער און הער מיך צו, — אלעס איז שטיל. פון דיא קאַסטענס פון דער פירמא וואיסקי, בארקלי ענד קאָמפּ. פון ניו יאָרק, אמעריקא קען מען נים הערען מעהר געריויש, וויא פון דיעזען קאַסטען.

אלזאָ האב איך א טעות געהאט. אין דיעזען קאַסטען געפינט זיך ווירקליך גלאָז.

— איך האב דאָך אָבער געהערט גאַנץ דייטליך ניעסען אין דיעזען קאַסטען, ווען איך בין געלעגען לעבען איהם אויפ'ן דעק פון דער „אסטאַרא"? פרעג איך זיך אליין.

איך בין פערצווייפעלט. איך בין בייז אויף זיך אליין. איך מאַך מיר פאָרווירפע, אז איך טויג נים צו זיין א ספּעציאל קאָררעספּאָנדענט פון „דעם 20סטען יאהרהונדערט".

איך וויל שוין מיך אויפהייבען און געהן צוריק אין מיין וואגאָן, איך קען עס אָבער נים. איך בין אזוי בייז אויף זיך אליין, אז איך קען מיך נים ריהרען פאר צאָרן און פערדרוס. איך בלייב און ווארט.

פּלוצלינג הער איך, וויא עפּעס ריהרט זיך אין קאַסטען. איך ציה מיך צו־ריק, דרעה מיך צונויף און האב זאָגאָר מורא צו אטהעמען.

— איך בין דאָך א גוטער קאָררעספּאָנדענט פאר א צייטונג! רוף איך אויס אין מיינע געדאַנקען. איך האב מיך דאָך נים אָפּגענאַרט. אין קאַסטען איז דאָך דאָ א מענש.

איך ווארט יעצט, אז דאס דעקעל פון קאַסטען זאָל זיך עפענען און דער בלינדער פּאַסאַזשיר זאָל אַרויס קומען.

אומזיסט! דער קאסטען עפענט זיך ניט!

איך בין ווידער פערצווייפעלט.

עס פערגעהט ווידער איינינע צייט. וויא פיעל צייט? — איך וויס עס ניט. מיר דאכט זיך, אז עס זיינען פערגאנגען יאהרען, עס קען אבער זיין, אז עס זיינען פערגאנגען נור איינינע מינוט. אין אזא זאנדערבארער לאגע, אין וועלכע איך געפין מיך, איז א מינוט א יאהר.

פלוצלינג הער איך א קנאק, א שטילען, ראשען קנאק, וויא פון א צינד־העלצעל, ווען מען רייבט עס אן.

איך גיב א ציטער, גלייך וויא עס וואלט געפלאצט א באמבע לעבען מיר.

איך קוק מיך אום: — אין קאסטען איז ליכטיג געווארען. עס איז א זעהר שוואכע ליכטינקייט, אבער דאך א ליכטינקייט. עס איז זעהר מעגליך, אז ווען אין וואגאן זאל ניט זיין אזוי פינסטער, וואלט מען גאר ניט געקענט בעמערקען דיעזע ליכטינקייט.

איך הייב מיך אויף לאנגזאם, פארזיכטיג, שטילערהייט. איך האלט איין מיין אטהעם און בייג מיך אן איבערן קאסטען.

ריכטיג! אינעווייניג געפינט זיך א מענש! — איך זעה איהם יעצט גאנץ דייטליך דורך איינס פון דיא לעכער.

איך קען איהם ניט זעהן גאנץ דייטליך, אבער איך זעה זיין געזיכט. ער האט ברוינעס האאר, א קליין בערדעלע און א גלאטעס, שעהנעס געזיכט.

— ער איז געוויס א רומעניער, טראכט איך. — יעצט פערשטעה איך, פאר וואס ער פאהרט צו מאדעמואזעל זינקא מארקילעסקו. — איז עס א געליעבטער? א ברודער? א פריינד? — פאר וואס פאהרט ער אלס בלינדער פאַ־סאזשיר?

אויף אלע דיעזע פראגען האב איך דערווייל קיינע אנטווארט. איך זוך אויך יעצט קיינע אנטווארט. איך בין אזוי דערפרעהט, אזוי ערשטוינט, אזוי צופריעדען און אזוי נייגיעריג, אז איך דארף יעצט גאר קיינע אנטווארט.

— איך מוז מיך שוין בעקענען מיט איהם, טראכט איך מיר, איך וועל שוין מאכען זיינע בעקאנטשאפט און פיעלייכט וועל איך אויך ווערן זיין פריינד.

איך בעטראכט איהם יעצט. ער האט אנגעצונדען א קליין לעמפעלע און זיצט יעצט גאנץ רוהיג אין זיין קאסטען. ער עסט זיין אבענד עסען, אדער זיין נאכט עסען. לעבען איהם שטעהט א בלעכענע שאכטעל און א פלאש.

ער עסט רוהיג און שטיל, ער איז זיכער, אז קיינער זעהט איהם ניט און קיינער קוקט ניט אויף איהם.

איך בעטראכט איהם איינינע מינוט. א נייער געדאנק קומט מיר אין קאפ:

— איך זאָל אָנקלאפּען אין קאסטען און זאָל איהם זאגען, אז איך בין א פראנצויז און וויל ווערן זיין פריינד. א רומעניער האט ליעב דיא פראנצויזען.

איך טראכט איינינע מינוט. איך ווייס, אז ער וועט זיך דערשרעקען און איך וויל זעהר ניט איהם איבערשרעקען. — וויא אזוי אָבער קען איך מאכען זיין בעד קאנטשאפט? — איך מוז עס טאָהן! איך מוז איהם איבערשרעקען.

איך גיב א לייכטען קלאפּ אין קאסטען.

דאס קליינע לעמפּעלע איז פּלוצלינג פערלאָשען געוואָרען. אלעס איז וויעדער פינסטער.

דער בלינדער פּאסאזשיר האט זאָגאר מורא צו אטהעמען.

— שרעקט אייך ניט, זאָג איך צו איהם, איך בין א פראנצויז און וויל אייך קיין....

אין דיעזע מינוט האט דער וואגאָן א שפּרונג געטאָהן און האט מיך א שליידער געטאָהן וויט פון דעם קאָסטען מיט׳ן בלינדען פּאסאזשיר.

איך הער א גערויש אין דרויסען: מען לויפט און מען שריים.

— וואס זאָל דאס הייסען? מיר זיינען נאך ניט אָנגעקומען אין געאָק־טעפּע. איך מוז ארויסגעהן זעהן, וואס עס איז געשעהען.

איך געה ארויס האסטינ און לויף אריין אין וואגאָן דריטער קלאסע. איך געפין דאָרט דעם קאָנדוקטאָר פּאפּאָוו מיט א לאַנטערנע אין דער האנד.

— וואס איז געשעהען? פרעג איך האסטינ.

— עס איז גאר נישט, ענטפערט פּאפּאָוו.

— אָבער דער גאנצער צוג האט דאך זיך א וואָרף געטאָהן?

— ער איז איבערגעפאָהרען א קעמעל.

— א קעמעל? וואס איז דאס? וויא איז דאס מעגליך?

— עס מאכט זיך אמאל, אז א קעמעל פון א קאראוואנע רייסט זיך אָפּ פון זיין שטריק און נעהמט זוכען זיין שפּייז, דעם „סאקסאול“, דיא דערנער, וועלכע וואקסען פוןביידע זייטען פון דער אייזענבאהן, דאן פאהרט איהם איבער דער צוג.

— טרעפען זיך אַפט אַזעלכע פעלע?

— ניט גאַנץ אָפט, האט פּאַפּאַו געענטפערט, אָבער זייא טרעפען זיך דאָך.

— איך האב מיטלייד מיט'ן קעמעל, האב איך בעמערקט.

— דער קעמעל איז א דומעס טהיער, ענטפערט פּאַפּאַו.

8טעס קאפיטעל.

## דיא כינעזען.

איך בין יעצט בייז אויף דעם קעמעל, ער האט מיר געשטערט; דורך דעם דומען קעמעל האב איך געמוזט אונטערברעכען מיינע אונטערהאַלטונג מיט דעם בלינדען פּאסאזשיר.

אין א קורצע צייט איז דער צוג אריינגעלאָפען אויף דיא סטאַציאָן נעאַק־טעפּע. איך וויל זעהר ארויסגעהן און בעטראַכטען דיעזע מערקווירדיגע שטאָדט אין מיטעל אזיען, עס איז אָבער נאָך אַזוי פינסטער, אז איך האב מורא אוועקצוגעהן פון דער אייזענבאהן סטאַציאָן.

מאיאר נולין האט מיר דערצעהלט, אז מען קען נאָך זעהן אין נעאַק־טעפּע דיא שפּורען, דיא צייכענס פון דער בעלאַגערונג און פון דיא איינגאַהמע פון דיעזער שטאָדט דורך גענעראַל סקאָבעלאָוו אין 1880. מען זעהט נאָך צושאָסענע באַסטיאָנען, באָמבען אין דיא מויערן, גראַנאַטען אין דיא טהורמס און גרויסע לעכער אין דיא אייזערנע מויערן.

איך וויל דאס אלעס זעהן, איך ברען פאר נייגיערדע, עס איז אָבער אונמעגליך. ווען איך זאָל יעצט אראָפּ געהן פון צוג, פערליער איך מיין בילעט און וועל מוזען ווארטען א גאַנצע וואָך, ביז עס וועט קומען דער צווייטער צוג. איך וואָלט עס פיעלייכט דאָך געטאָהן, וויא קען איך אָבער לאָזען מיין בלינדען פּאסאזשיר? איך האב דאָך דאָ א גאַנצען אוצר, א שאַץ פון נייעס פאר מיינע צייטונג, „דאס 20סטע יאהרהונדערט,“ פיעלייכט וועל איך גאר מאַכען א ראָמאַן פון דיעזען בלינדען פּאסאזשיר, א גוטען ראָמאַן, א בעריהמטען ראָמאַן און וועל מיר מאַכען א נאָמען וויא וויקטאָר הוגאָ אָדער עמיל זאָלאַ......?

איך מוז אלזאָ בלייבען. איך מוז ווייטער פאָהרען מיט דיעזען צוג. איך מוז וויסען דיא גאַנצע געשיכטע פון בלינדען פּאסאזשיר. איך בין אראָפּגעגאַנגען פון מיי

וואַגאָן און בין אריינגעגאַנגען אין סטאַציאָנס צימער ערשטער קלאַסע און האָב בע־
טראַכט דיא איינריכטונג, דיא קעלנער און דיא בעאַמטע פון דער אייזענבאַהן. איך
האָב געזעהן רוסישע און אזיאַטישע געזיכטער. איינינע פון דיא קעלנער און זאַנאַר
מאַנכע בעאַמטע פון דער באַהן זיינען עכטע אזיאַטען מיט שווארצע האָר, מיט א
לאַנגען באָרד, מיט א קרומער נאָז.

מען האָט אָנגעהויבען צו קלינגען און איך האָב געמוזט צוריק לויפען אין
מיין וואַגאָן. אַלע שלאָפען, אַלעס איז שטיל. איך בין דורכגעגאַנגען דעם גאַנצען
צוג און בין צוגעקומען צום באַגאַזש וואַגאָן. קאָנדוקטאָר פּאָפּאָוו שלאָפט ניט, ער
טאָר ניט שלאָפען, ווען דער צוג שטעהט אין א סטאַציאָן.

איך מוז צוריק געהן. איך גיב א קוק אויף מיין אוהר, עס איז האַלב נאָך
דרייא. דער צוג לויפט ווייטער מיט זיין געוועהנליכער געשווינדיגקייט. איך ווער
שלעפעריג און שפּאַר מיך צו צו דער ווייכער וואַנט פון מיין זיץ, איך קען אָבער
נים שלאָפען, הייב מיך אויף און געה ווידער אמאָל דורך דעם גאַנצען צוג. איך
געפין דעם קאָנדוקטאָר פּאָפּאָוו זיצענדיג אין לעצטען וואַגאָן. ער שלאָפט נים.

— וואו וועט דער צוג ווייטער בלייבען שטעהן ? פרעג איך.

— אין אָסכאַבאַד, אין דיא אַנטוואָרט.

— קען מען דאָרט עפּעס געפינען צו עסען ?

— געוויס ! אָסכאַבאַד איז א גרויסע שטאָדט.

איך וויים, אַז אָסכאַבאַד איז א רוסישע גובערניע שטאָדט, דאָס הייסט, עס
וואוינט דאָרט א רוסישער גובערנאַטאָר. איך וויים ווייטער, אַז אָסכאַבאַד צעהלט
עלף טויזענד איינוואוינער, דאָס הייסט, אמאָל איז עס געווען אַן אָרימעס דערפעל,
זיים מען האָט אויסגעבוים דיא אזיאַטיש־סיבירישע אייזענבאַהן, איז אָסכאַבאַד
געוואָרען א שטאָדט.

— קען מען געפינען עפּעס צו טרינקען אין אָסכאַבאַד ? האָב איך געפרעגט
קאָנדוקטאָר פּאָפּאָוו.

— געוויס ! דיא אייזענבאַהן פערוואַלטונג זאָרגט זיך פאַר איהרע פּאַסאַ־
זשירען, איז געווען דיא אַנטוואָרט.

— און פאַר איהרע קאָנדוקטערע ? האָב איך געפרעגט.

פּאָפּאָוו האָט א שאָקעל געטאָהן מיט'ן קאָפּ.

— ווען דער צוג איז געבליעבען שטעהן און דער קאָנדוקטאָר האָט אויס־
געדופען :

— סטאנציא אסכאבאד! פונפצעהן מינוטען שטעהן!

איך האב א ווינק געטאָהן פּאָפּאָוו'ן און מיר זיינען ביידע אוועסגעגאנגען אין דעם רעסטאָראן 1טער קלאסע.

פיעל צו טרינקען איז דאָרט ניט געוועזן. מען האט געקענט קריגען עכטע רוסישע גערייניגטע וואָדקא און קומיס, א געטרענק, וועלכעס איז געמאכט פון געזייערטע פערד מילך. דיא אזיאטען שיכור'ן זיך אָן מיט קומיס, איך האב אויך פּראָבירט טרינקען קומיס, אָבער עס האט מיר ניט געשמעקט. עס איז זעהר מעגליך, אז מען מוז זיין א געבאָרענער טאטאר אום צו וויסען וויא אזוי צו שעצען דיעזעם נאציאָנאל געטרענק פון דיא אזיאטען. פּאָפּאָוו האט געטרונקען דעם קומיס מיט פערגניגען און האט זאָגאר געפונען, אז דיעזער קומיס איז פיעל בעסער, וויא דער קומיס אויפ'ן קויקאז.

איך האב געמוזט מיך קוויקען מיט גערייניגטער וואָדקא און איך בין אויך געוועזן צופריעדען, ווייל זיא איז זעהר לייכט, זיא האט העכסטענס 40 גראד נאך טראַלעס אלקאָהאָלאָמעטער, אלזא מען קען זיך ניט אזוי לייכט אָנשיכור'ן פון אזא משקה.

אין אסכאבאד זיינען אויסגעשטיעגען פיעלע פּאסאזשירען, טאטארען און קירגיזען. דערפאר זיינען אָנגעקומען אנדערע: פּערזער, יאָמודען און בינעזען.

עס איז געוואָרען העלער טאָג, ווען מיר זיינען ארויסגעפאָהרען פון אסכא־באד. דיא געגענד איז געוואָרען אינטערעסאנט. ווען מען האט ארויס געקוקט פון וואגאָן, האט מען געקענט זעהן דיא בערג פון פּערזיען.

דיא פּאסאזשירען האבען זיך אויפגעחאפּט איינער נאכ'ן אנדערן און זיינען ארויסגעגאנגען אויפ'ן פּלאטפאָרם צווישען דיא וואגאָנען. מאיאָר נולין איז ארויס געקומען אויף דיא פּלאטפאָרם, וואו איך בין געשטאנען. מיר האבען איינער דעם אנדערן בעגריסט, וויא אלטע גוטע פריינד.

— מיר וועלען באלד קומען צו א זעהר אינטערעסאנטע סטאציאָן, האט ער געזאגט צו מיר, זיא הייסט ד ו ש א ק.

— מיט וואס איז זיא אינטערעסאנט?

— ווייל מען בויט פון איהר אָן אייזענבאהן ליניע נאך טהעראן, דיא הויפּט שטאָדט פון פּערזיען.

— בויט מען זיא ערשט אָדער זיא איז שוין באלד פערטיג? האב איך געפרעגט.

— מיר דאכט, אז זיא איז שוין פערטיג, אָבער עס געהט נאך ניט אויף איהר רעגולערע ציגע, האט דער מאיאָר געענטפערט.

מיר האבען זיך צורעדט און איך האב בעמערקט, אז איך ווייס ניט, אויב דיעזע ליניען זיינען זיכער. דאס לאנד איז נאך בעוואוינט פון האלב ווילדע פעלקער. וואס קענען מאכען דיא אָרימע פאסאזשירען, ווען א באנדע פון דיעזע האלב ווילדע פעלקער זאָל אָנפאלען אויף א צוג און זאָל איהם בערויבען?

— מיר ווייסען, אז אין דיא פעראייניגטע שטאאטען פון נאָרד אמעריקא קומען אָפט פאָר אזעלכע פעלע, האב איך ווייטער געזאגט, איך האב ערשט ניט לאנג געלעזען, אז אין שטאאט טעקסאס האבען ווילדע אינדיאנער אָדער אזוי רויבער אָנגעפאלען אויף אן אייזענבאהן צוג פון דער סאנטא־פע אייזענבאהן און האבען צוגענומען ביי דיא פאסאזשירען יעדען סענט און יעדע טהייערע זאך, וואס דיא פאסאזשירען האבען געהאט. קען דען ניט אזא פאל פאָרקומען אין אזיען?

— דיא גאנצע שטרעקע פון דער ליניע, וועלכע געהערט צו רוסלאנד, אלזא ביז קאשגאר, איז דיא ליניע גוט בעוואכט, האט דער מאיאָר געענטפערט, דיא רוסישע רעגיערונג ווייס שוין, וויא אזוי צו שיצען און צו בעוואכען איהרע אייזענבאהנען. רוסישע קאזאקען אויף זייערע פכינקע פערד לויפען ארום ביי טאָג און ביי נאכט און גיבען גוט אכטונג אויף דיא ליניע. פון קאשגאר אָבער ביז פעקינג געפינט זיך שוין דיא ליניע אונטער דער אויפזיכט און אונטער דער קאָנטראָלע פון כינא, דאָ בין איך שוין ניט זיכער, ווייל איך געטרוי ניט דיא כינעזען.

— זיינען דאָרט דיא סטאציאָנען זעהר ווייט איינע פון דער אנדערער? האב איך געפרעגט.

— צו מאל זיינען זיי זעהר ווייט, איז געווען דיא אנטוואָרט.

— בייטען זיך דאָן אלע מענשען פון דעם צוג? האב איך ווייטער געפרעגט.

— אין קאשגאר בייטען זיך לאָקאָמאָטיווען און דיא קאָנדוקטערע, האט דער מאיאָר געענטפערט, עס בלייבען נור דער אָבער־קאָנדוקטאָר און דער באגאזש־קאָנדוקטאָר.

— אלזאָ וועלען מיר דאן האבען כינעזישע קאָנדוקטאָרען, א כינעזישען מאשיניסט, א כינעזישען הייצער און א כינעזישען צוג־פיהרער?

דער מאיאָר האט א שאָקעל געטאָהן מיט'ן קאָפּ.

— איך װער אונרוהיג, האב איך בעמערקט, זיך פערלאָזען אויף בינעזען!

— בערוהיגט אייך, הערר סעןָ־סיר, האט דער מאיאָר געזאגט, דיא בינעזען זיינען פעהיגע און געשיקטע מענשען. זיי קענען זייערע פפליכטען און מען מעג זיך אויף זיי פערלאָזען. איך קען זעהר גוט דאס בינעזישע פאָלק און איך פערזיכער אייך, אז עס איז א גאנץ פעהיגעס פאָלק.

— עס קען נאך אלזא זיין, אז דיא בינעזען װעלען אמאל אָפנעהמען דיא װעלט.

— איך װייס ניט, װאס אמאל װעט זיין, האט דער מאיאָר געענטפערט רוהיג, איך װייס נור, אז דיא בינעזען פאסען אויף זעהר לייכט יעדעס האנדװערק, יעדע אינדוסטריע און יעדע װיסענשאפט. זייער איינציגער פעהלער איז, װאס זיי האבען נאך װעניג געלערנט, װען זיי װעלען אָבער אָנהויבען צו לערנען, װעלען זיי װערען דיא בעסטע מאשיניסטען, דיא בעסטע מעכאניקער און דיא בעסטע טעכניקער.

— עס קען זיין, אָבער געפינען זיך ניט פיעלע װילדע באנדען, װעלכע װאנדערן ארום פון איין אָרט צום אנדערן?

— געװיס!

— דאן קענען ניט אזעלכע באנדען אָנפאלען אויף אן אייזענבאהן צוג?

— מעגליך איז עס, איך דענק אָבער, אז זיי װעלען ניט װאגען, זיך ניט אונטערשטעלען, עס צו מאַהן.

— דאס איז שאדע, האב איך בעמערקט.

— װאס איז שאדע? האט דער מאיאָר געפרעגט ערשטוינט.

— איך װאָלט געװעזען צופריעדען, אז אזא באנדע זאָל אָנפאלען אויף אונזער צוג, האב איך געענטפערט.

— איהר װאָלט געװעזען צופריעדען דערמיט? האט דער מאיאָר געפרעגט איבעראשט.

— איך בין א צייטונגס מאן און איך מוז האבען מאטעריאל איבער װאס צו שרייבען, האב איך געענטפערט, װען אונזער רייזע װעט אָפלויפען גלאַט, אָהן א צופאל, אָהן געפאהר, װעל איך ניט האבען װאס צו בעשרייבען.

— איך בעװאונדער אייך, הערר ספעציאל קאָררעספאָנדענט! האט מאיאָר גולץ אויסגערופען.

— װאס איז דאָ צו בעװאונדערן? — א דאָקטאָר מוז האבען פאציענטען

און א ציימונגס מאן מוז האבען צופעלע פון רויב, מארד, פייער, וואסער, זאנסט האט ער דאך ניט איבער וואס צו שרייבען.

— עס טהוט מיר לייד אייך צו זאגען, הערר סען־סיר, מיר דאכט, אז אויף דיעזער רייזע וועט איהר בעקומען זעהר ווענינ מאטעריאל פאר אייער „20סטעס יאהרהונדערט“.

— איך האב דאך אבער געהערט, אז אויף דער גרענעץ צווישען רוסלאנד און כינא געפינט זיך יעצט א באנדע רויבער און זייער הויפטמאן איז אמאנגאלע אדער א כינזעזע — גענוי ווייס איך עס ניט, — וועלכער הייסט קי־טשאנג.

— קי־טשאנג איז א פרעכער רויבער, האט דער מאיאר בעמערקט, קי־טשאנג איז איינער פון דיא געפעהרליכסטע, שרעקליכסטע און פרעכסטע רויבער, וועלכע זיינען בעקאנט אין דער וועלט־געשיכטע, אבער זייט א געוויסע צייט הערט מען ניט פון איהם: ער האט מורא פאר אונזערע קאזאקען.

— נו, דאן וועט ער פיעלייכט מיר פערשאפען עפעס מאטעריאל פאר מיין „20סטען יאהרהונדערט“.

— ווען ער וועט וועלען אייך פערשאפען מאטעריאל, וועט עס אייך קאסטען זעהר טהייער, האט דער מאיאר בעמערקט.

— „דאס 20סטע יאהרהונדערט“ איז רייך גענונ און קען שוין בעצאהלען דעם הערר קי־טשאנג, האב איך געזאגט שטאלץ.

— אייער ציימונג קען נור בעצאהלען מיט געלד, האט דער מאיאר געענט־פערט, קי־טשאנג אבער קען פערלאנגען אונזערע קעפ. — איבעריגענס ווארן איך אייך, הערר סען־סיר, רעדט ניט צו הויך פון קי־טשאנג. דיא פאסאזשירען קענען נאך פארדערן, אז מען זאל אייך אראפלאזען אויף דער ערשטער סטאציאן.

אין דיעזער מינוט איז דער צוג אנגעקומען אין דושאק.

— סטאנציא דושאק! דרייסיג מינוט שטעהן! האט דער קאנדוקטאר גע־מעלדעט.

איך בין אראפגעגאנגען אין רעסטאראן טרינקען טהעע. איך האב גערעכענט, אז וואס נעהנטער מען קומט צו כינא, דארף דער טהעע אלץ זיין בעסער, דא אבער האב איך א טעות געהאט. דער טהעע אין דושאק איז געווען אב־שייליך.

איך בין ארויסגעגאנגען אויף דער פלאטפארם פאר דער סטאציאן און האב געזעהען, ווי אויף דער פיפע פון פערזיען איז אנגעקומען א לאקאמאטיוו מיט נור

צווייא וואגאָנס. איינער מיט פּאסאזשירען און דער אנדערער א באגאזש־וואגאָן.

דער צוג איז אָנגעקומען פון מעסכעד און איז געווען א ספּעציאל צוג, אן עקסטרא צוג. דער באגאזש־וואגאָן האט בעזאָנדערס געצויגען מיינע אויפמערקזאמ־קייט, ווייל ער איז געווען שטארק פערריגעלט און גוט פערשלאָסען מיט גרויסע שווערע שטאָהלענע שלעסער.

דיעזער זאָנדערבארער וואגאָן האט מיך אזוי שטארק אינטערעסירט, אז איך האב איהם ניט אראָפּגעלאָזען פון דיא אויגען. איך האב געזעהן, וויא מען האט איהם אָפּגעבונדען פון דעם פערזישען צוג, וויא מען האט איהם צוגעפיהרט צו אונזער צוג, וויא מען האט איהם צוגעבונדען צו אונזער צוג און וויא דיא קאָנדוק־טאָרען און דיא אייזענבאהן בעאמטע האבען זיך געגעבען אלע מעגליכע מיה איהם צו בעפעסטיגען און צו פערזיכערן. איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען און בין געגאנגען זוכען איינעם, וועלכער זאָל מיר ערקלערן, וואס פאר א סאָרט וואגאָן דאס איז.

צום גליק האב איך באלד געטראָפען פּאָפּאָוו, וועלכער האט עפּעס גע־רעדט מיט אן אייזענבאהן בעאמטען.

— וויא ווייט געהט דיעזער נייער וואגאָן ? האב איך איהם געפרעגט.

— ביז פּעקינג, האט פּאָפּאָוו געענטפערט.

— און וואס געפינט זיך אין איהם ?

— א גרויסער מאן.

— א גרויסער מאן אין א פערשלאָסענעם וואגאָן ?

— ער איז טויט און איז צופריעדען מיט א געשלאָסענעם וואגאָן, האט פּאָ־פּאָוו געענטפערט.

— טויט ? א טויטען פיהרט מען עס אזוי פאָרזיכטיג ? האב איך געפרעגט פערוואונדערט.

— ער איז א גרויסער מאן פון כינא, א גראף, א פּרינץ, איך ווייס ניט, אָבער א זעהר גרויסער מאן. ער איז געשטאָרבען אין פּערזיען און מען פיהרט איהם יעצט נאך פּעקין, וואו מען וועט איהם בעערדיגען מיט אלערליי כינעזישע עהרען, האט פּאָפּאָוו ערקלערט.

אין דיעזע מינוט זיינען ארויסגעקומען פון דער סטאַציאָן צווייא מענשען, וועלכע האבען געצויגען אויף זיך מיינע אויפמערקזאמקייט.ביידע זיינען געווען עבטע

מאָנגאָלען, זייער פארב איז געווען ברוין, זייערע האאר שווארץ, וויא פעך. ביידע זיינען געווען הויך און שטארק געבוים. איינער, דער איננערער, איז געווען זעהר רייך געקליידעט. זיין קורצער, קרומער שווערד, וועלכען ער האט געטראָגען אין גארטעל, איז געווען אין א שייד פון ריינעם זילבער, בעדעקט מיט שטיינער, מיר האט זיך זאָגאר אויסגעוויזען, אז דיאמאנטען האבען געפונקעלט אין הענטעל פון דיעזען שווערד. עס איז געווען דייטליך, אז דאס איז א פירסט, א פרינץ אָדער א זעהר רייכער מאן. ער איז געווען ווירקליך שעהן. אן עכטע אזיאטישע שעהנהייט.

איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען און האב אויסגערופען:

— דאס איז א שעהנער מאן!

דער צווייטער איז געווען עלטער און אָרימער געקליידעט. מען האט געקענט מיינען, אז דאס איז א דיענער.

ביידע מענער האבען בעטראכט איינינע מינוט דעם נייעם, ערשט צוגע־בונדענעם וואגאן און האבען גערעדט א פאאר מינוט שטילערהייט, דאן זיינען זיי אריינגעגאנגען אין א וואגאן צווייטער קלאסע.

— ווער זיינען דיעזע צוויא מענשען? האב איך געפרעגט פאָפאָוון.

— איך ווייס עס ניט, האט פאָפאָוו געענטפערט, איך ווייס נור, אז איינער, דער רייכערער הייסט סארוס קיאר און דער צווייטער הייסט חאנדשיר.

— פון וואנען ווייסט איהר עס?

— זיי האבען מיר איבערגעגעבען זייער באגאזש און איך האב געלעזען זייערע נעמען אויף זייער געפעק.

ענדליך איז דער צוג פערטיג געוואָרען און דער שעף פון דער סטאציאָן, נאַ־טשאלניק סטאנציא, וויא דיא רוסען רופען איהם, האט געגעבען א צייכען, אז מען זאָל אָנהייבען צו קלינגען. אלע פאסאזשירען, וועלכע האבען זיך געפונען אין דער סטאציאָן, האבען אָנגעהויבען צו לויפען אין דיא וואגאָנס. דעם דייטש באראָן פאָן וויסשניצענדאָרף האט פאסירט א קליינע אונאנגנעהמליכקייט: דער ווינד האט אראָפגעריסען זיין הוט.

— האלט! האלט! שטעהט! ווארט אויף מיר! האט ער געשריען.

דיא צוויא כינעזען, וועלכע זיינען געפאָהרען מיט אונז, האבען עס געזעהן און דער איננערער האט א לאך געטאָהן און האט געזאגט צום עלטערן אויף פראנצייזיש:

— וויא געפעלט אייך דיעזער באראָן? וואס זאגט איהר, דאָקטאָר, צו אזא געבילדעטען אייראָפעער?

— אזוי? האב איך אויסגערופען, אזוי? דאָקטאָר טיאָ־קינג און הערר פאָן־טשאָ רעדען פראַנצויזיש? — דאַן מוז איך מאַכען זייער בעקאַנט־שאַפט.

## 9טעס קאַפּיטעל.

# איך מאַך בעקאַנטשאַפטען.

עס איז געווען נעגען צעהן אוהר אין דער פריה. קיינער איז שוין נים גע־שלאָפען אין צוג און איך האב געהאט דיא בעסטע געלעגענהייט ארומצוגעהן פון וואגאָן צו וואגאָן, זיך צו צוקוקען, צו צוהערען און צו זוכען מאַטעריאַל פאר מיין צייטונג.

אין ערשטען וואגאָן האב איך געפונען מיסס האַרעשע בלועט זיצען אליין.

— וואו איז מיסטער לאַנגהעד? האב איך זיא געפרעגט.

— ער איז געגאַנגען זעהן, אויב זיינע קאסטענס זיינען נים געריהרט, האט זיא מיר געענטפערט מיט א טאָן פון א געשעפטסמאַן.

איך נעה אריין אין וואגאָן צווייטער קלאַסע און געפין דאָרט מיינע צווייא מאַנגאָלען, סארוסקיאר און חאנדשיר. זיי זיצעןביידע אויף איין באַנק און רעדען צווישען זיך שטילערהייט.

אין דיעזע מינוט איז דער אמעריקאַנער אריינגעקומען. מיר האבען אונז בע־גריסט און איך האב איהם געפרעגט, אויב זיינע קאסטענס זיינען נים גע־ריהרט.

— פון וואנען ווייסט איהר, אז איך בין געגאַנגען אכטונג געבען אויף מיינע קאַסטענס?

— מיסס בלועט האט עס מיר געזאגט.

— אה! דאס איז א טיכטיגע פרוי! האט דער יענקי אויסגערופען, זיא וואָלט אליין געקענט פיהרען דאס גרעסטע געשעפט.

— און זיא וואָלט געמענט זיין אַן אמעריקאַנערין? האב איך בע־מערקט.

— זיא איז אַן עכטע ענגלענדערין, האט אליפלט לאַנגהעד געענטפערט שטאָלץ.

דער אמעריקאנער איז אוועקגעלאָפען צו זיין מיסס בלועט און איך בין אריינגעגאנגען אין עסס-וואנאָן. דאָרט זיינען געזעסעןביידע כינעזען. זיי האבען געגעסען פריהשטיק. לעבען דאָסטאָר טיאָ־קינג איז געלעגען א בוך. אלס ספעציאל קאָררעספאָנדענט פון „20סטען יאהרהונדערט“, האב איך מיר ערלויבט צו נעהמען דאס בוך און א קוק טאָהן, וואס עס איז. דאס איז צוואר ניט גאנץ העפליך, אָבער א צייטונגס קאָררעספאָנדענט מוז זעהר אָפט זיין ניט העפליך.

וויא גרויס איז געוועזען מיינע איבערראשונג, ווען איך האב דערזעהן, אז דאס איז אן אלטעס מעדיצינישעס בוך, איבערגעזעצט פון איטאליענישען אין פראנצייזישען און געדרוקט אין 1782, פערפאסט פון א דאָקטאָר לואידשי קארנאראָ.

— אזוי? האב איך מיר געטראכט, דאָקטאָר טיאָ־קינג שטודירט מעדיצין פון אייראָפעאישע מעדיצינישע ביכער, וועלכע זיינען געדרוקט געוואָרען מיט הונדערט יאָהר צוריק? דאס איז אינטערעסאנט!

איך וויל אָנהויבען צו רעדען צו דיא כינעזען, בעזאָנדערס צו דאָקטאָר טיאָ־קינג, אין דיעזע מינוט קומט אָבער צו צו מיר מאיאָר נולין און זאָגט:

— הערר סעקרעטער, לאָמיר זיך זעצען עסען. וואס פריהער, איז אלץ בעסער.

קוים האט ער ארויסגעזאגט, זיינען אריינגעקומען דיא צווייא מאָנגאָלען און האבען זיך געזעצט לעבען א טישעל. מאיאָר נולין האט מיך גענומען ביי דער האנד און האט מיך צוגעפיהרט צו א טיש פונקט געגען דיא מאָנגאָלען. מיר האבען זיך געזעצט עסען. באלד איז אריינגעקומען דער אמעריקאנער מיט מיסס בלועט און האבען זיך געזעצט לעבען אונז. דאן זיינען אָנגעקומען דיא איבעריגע פאסאזשירען ערשטער און צווייטער קלאססע.

איך האב געזעהן, אז מאיאָר נולין קוקט אלץ אויף דיא מאָנגאָלען און איך האב איהם געפרעגט:

— ווער זיינען דיעזע צווייא מענער?

— עס איז דייטליך, אז דער איינגערער איז עפעס א רייכער מאן אָדער א גרויסער מאן, האט דער מאיאָר געענטפערט, זיי זיינען אָנגעטאָהן וויא פערזער, אָבער זיי זיינען קיינע פערזער, זייער געזיכט איז א מאָנגאָלישעס, זיי מוזען זיין טאַטארען אָדער יאָמודען.

איך פרעג ניט, וואס יאָמודען איז, ווייל איך וויים, אז אין טורקעסטאן לעבט א ווילדעס פאָלק, וועלכעס רופט זיך אליין יאָמוד. זיי זיינען דיא בעסטע רייטער אין דער וועלט.

— ווער זאָל אָבער זיין דער אינגערער ? פרעג איך.

מאיאָר נולין האט פערצוויגען מיט דיא אקסלען. ער האט ניט געוואוסט.

— וואס דענקט איהר, מאיאָר, קען ניט זיין, אז דאס איז דער בעריהמטער רויבער קירטשאנג ?

— הערר סען־סיר ! איך זאג אייך נאך אמאל, היט אייך צו דערמאָנען דיעזען נאמען ! עס קען אייך שלעכט בעקומען.

— איך שפאס דאָך נור.

— שפאסט ניט, מיין הערר ! א שפאס קאָסט אמאל זעהר טהייער : פון א שפאס ווערט אמאל א בלוטיגער ערנסט.

איך האב מעהר ניט געשפאסט, אָבער אין מיינע געדאנקען האב איך מיך בעשעפטיגט מיט דיעזע צווייא מאָננאָלען.

מיר האבען געהאט א גוטען פריהשטיק. דאס עסען איז געווען פריש און ניט שלעכט געקאָכט. מיר האבען געהאט גאנץ גוטען טהעע, א פלאש קרימער וויין און אלס דעסערט גוטע וויינטרויבען און א וואסער מעלאָנע, ארבוז אויף רוסיש.

נאכ'ן עסען בין איך ארויסגעגאנגען רויכען א סיגאר. הערר קאטרין איז ארויסגעקומען נאך מיר.ביידע זיינען מיר געשטאנען אויף דער פלאטפאָרם פון עסס־וואגאָן און האבען גערויכט.

— מיר זיינען לאנדסלייטע, האב איך געזאגט צו איהם.

— נון, מיין הערר, פרעג איך אייך, איז דאס רעכט, אז צווייא פראנצויזען זאָלען פאָהרען צוזאמען פון טיפליס נאך באקין און זאָלען זיך בעקענען ערשט אויפ'ן פיערטען טאג פון זייער רייזע ? האט ער געזאגט מיט א פאָרוואורף.

— איך האב ביז אהער ניט געהאט דיא געלעגענהייט מיך מיט אייך צו בעקענען, הערר קאטרין.

— אזוי ? איהר ווייסט זאָגאר, ווי איך הייס ? און ווי הייסט איהר ?

איך האב איהם געזאגט, ווי איך הייס און ווער איך בין.

— אָה ! איך בין גליקליך ! האט הערר קאטרין אויסגערופען, מאדאם קאטרין וועט אויך זיין זעהר גליקליך אייך צו קענען.

מיר האבען זיך צורעדט און ער האט מיר דערצעהלט, וויא ער און זיין פרוי פאָהרען ארום פון שטאָדט צו שטאָדט און פון לאנד צו לאנד. זיא זינגט זעהר שעהן און וואו זיא קומט, מאכט זיא א פוראָר. ער האט מיך ניט אָפגעלאָזען און

האט מיך פאַרגעשטעלט פאַר זיין פרוי, וועלכע האט מיך אויפגענומען זעהר פריינדליך אלס א לאַנדסמאַן און נאָך מעהר אלס א צייטונגס קאָררעס־פאָנדענט.

אונטערוועגס איז דער צוג ווייטער געפלויגען און איך האב געהערט נעמען פון סטאַציאָנען, וויא באַיראַם־אַלי, קורל־קאלא, קאַרי־באַטא און נאָך פיעלע אזעלכע, וועלכע א פראַנצויז קען ניט נאכזאגען.

דיא געגענד איז געוועזען בערגיג און עס איז געוואָרען רעכט אנגענעהם ארויס צו קוקען פון פענסטער פון וואַגאָן אויף דיא ניט הויכע בערג, בעדעקט מיט גרינע וועלדער און בליהענדע פעלדער.

איך האב מיך דערמאָנט אן מיין בלינדען פאַסאַזשיר, בעסער נאָך, איך האב איהם נאר ניט פערגעסען, עס איז אָבער געוועזען אונמעגליך צו צו קומען צו איהם. עס איז געוועזען אונמעגליך צו עפענען אין מיט'ן העלען טאָג דעם באַגאַזש וואַגאָן אָהן דעם וויסען און ווילען פון קאָנדוקטאָר פאָפאָוו, און איך האב אויף קיין פאל ניט געוואָלט, ער זאָל וויסען דאס געהיימניס פון דעם בלינדען פאַ־סאַזשיר.

## 10טעס קאַפּיטעל.

# מערוו.

— באַלד וועלען מיר זיין אין מערוו, האט פאָפאָוו געזאגט צו מיר.

דאס האב איך געוואוסט אָהן איהם, מיין „פיהרער“, דאס בוך, אין וועלכען עס זיינען פערצייכענט אַלע סטאַציאָנען, האט עס מיר געזאגט.

מערוו האט מיך אינטערעסירט. עס געהערט צו רוסלאַנד ערשט זייט 1883. ביז דאמאלס איז עס געוועזען א זעלבסטשטענדיגעס פירסטענטהום, בעוואוינט פון אונגעפעהר 200,000 ווילדע טורקאמאנען און יאָמודען.

מערוו איז א אָאַזיס אין דער וויסטע. ארום איז א וויסטע פון זאמד, אין דער מיט אָבער געפינט זיך א אינזעל מיט גראָזען און ביימער.

דיא שטאָדט מערוו, דיא הויפט שטאָדט פון דיעזער אָאַזיס, איז שוין עטליכע מאל צערשטערט און ווידער אויפגעבויט געוואָרען. דיא איינוואוינער זיינען מחמדאנער, וועלכע פלעגען לעבען פון רויב, זיי פלעגען אָנפאַלען אויף קאַראַוואַנען און זיי בערויבען.

איך בין צוגעגאנגען צו מאיאָר גולין און האב איהם געבעטען, ער זאָל מיר עפּעס ערקלערן איבער דיא געשיכטע פון מערוו.

— אויב איהר ווילט עפּעס וויסען איבער מערוו, דארפט איהר נור קענען א שפּריכוואָרט, וועלכע דיא פערזער האבען אויסגעארבייטעט, האט דער מאיאָר געזאגט. דיא פערזער האבען א שפּריכוואָרט: „ווען דו באגעגענסט אויף'ן וועג א שלאנג און אן איינוואוינער פון מערוו, זאָלסט דו פריהער טייטען דעם איינ־וואוינער פון מערוו און דיא שלאנג זאָלסט דו לאָזען אויף שפּעטער.“ דיעזעס שפּריכוואָרט רעדט פאר זיך אליין. מערוו איז געוועזען א רויבער העללע, וועלכע מען פלעגט אויסמיידען און פון וועלכער מען פלעגט אנטלויפען, וויא פון דער פעסט.

— אָבער יעצט?

— יעצט האבען זיך דיא מערווער בערוהיגט. רוסלאנד האט זיי געגעבען אזעלכע גוטע לעקציאָנען, אז זיי וועלען עס אייביג ניט פערגעסען.

— איך גלויב, אז עס איז ווערטה צו זעהן מערוו, האב איך געזאגט.

— אלט־מערוו איז ווערטה צו זעהען, האט דער מאיאָר ערקלערט, ווייל עס שטעהען נאך דיא אלטע מויערן מיט זייערע טהורמס. עס איז וואהר, אז דיא רוסען האבען גענומען דיעזע פעסטונג מיט שטורם אין 1883, אָבער זיי האבען גע־לאָזען שטעהן דיא אלטע מויערן און האבען אויסגעבויט א נייע שטאָדט, צעהן ווערסט ווייט פון דער אלטער, וועלכע זיי האבען א נאמען געגעבען ניי מערוו, נאָוו. מערוו.

אין דיעזע מינוט האט דער קאָנדוקטאָר אויסגערופען:

— סטאנציא נאָוו. מערוו! פינף שטונדען שטעהן!

— ווילט איהר געהן מיט מיר זעהן מערוו? האב איך געבעטען מאיאָר גולין.

— מיט פערגניגען! האט דער מאיאָר געענטפערט, אין פינף שטונדען קענען מיר אלעס זעהען און נאך האבען צייט עפּעס צו עסען אָדער צו טרינקען.

דיא שטאָדט ניי מערוו געפינט זיך פוןביידע זייטען פון טייך מורגאב, אָדער דער ווייסער טייך. זיא איז געבויט אויף אמעריקאנישער ארט, דאס הייסט, וויא א שאך אָדער דאמענברעט: דיא גאסען שניידען זיך דורך. דיא שטאָדט איז צוואר נאר ניט ווייט פון דער באהן־סטאציאָן, אָבער דער שטויב אויף דעם

קורצען וועג איז אזוי שטיקענד, אזוי אונאנגענעהם, אז איך האב געמ. שטעלען דאס מויל מיט מיין טאשענטוך.

דיא שטאָדט אליין שיינט צו זיין גאנץ לעבעדיג. אין דיא גאסען געהן, לויפען און שרייען אלערלייא מענשען, מייסטענס אזיאטען: מאָנגאָלען, יאָמודען, קירגיזען, פערזער, כינעזען, אויך זעהר פיעלע אידען. זיי דערקענט מען באלד אן זייערע קליידער. זיי זיינען אויך דיא גרעסטע קויפלייטע. זיי געהן, קויפען, רעדען, האנדלען, קויפען און פערקויפען אלערליי וואארען.

מען זעהט ווייטער פערד, עזלען, מעהר אָבער קעמלען, בעלאדען מיט פעק, קאסטענס און קעסטלעך. דיא היץ איז שרעקליך, אָבער דיעזע מענשען און דיעזע טהיערע זיינען שוין אזוי געוואוינט צו דיעזער היץ, אז עס הארט זיי גאר ניט.

זעהר ווענינ פרויען זעהט מען אויף דער גאס: מיר זיינען אין אזיען, וואו מען האלט דיא פרויען פערשפארט אין זייערע צימער, און דיא פרויען, וועלכע ווייזען זיך אויף דער גאס, זיינען אָנגעטאָהן מיליטעריש. זיי טראָגען זאָגאר פאטראָנען אין זייער גארטעל, וויא דיא טשערקעסען.

— הינ אייך פאר דיא הינט, האט מאיאָר נולין געזאגט צו מיר, אין אזיען טויטעט מען קיין הינט און הינט לויפען ארום פריי אין דיא גאסען און פאלען אָן אויף א פרעמדען. מען זאגט זאָגאר, אז זיי האבען אמאל צוריסען א רוסישען גע־נעראל.

מען זעהט אויך אָפט רוסישע סאָלדאטען. אייניגע זיינען עכטע רוסען, מייסטענס אָבער זיינען עס טאטארען, וועלכע דיא רוסישע רעגיערונג האט אויס־געלערנט צו מארשירען אין רייהע, אין גליעד. דיא אזיאטען לאָזען זיך לערנען און מען קען פאָראויס זאגען מיט געוויסהייט, אז מיט דער צייט וועט רוסלאנד האבען א שרעקליכע ארמעע פון דיעזע אזיאטען.

פלוצלינג זיינען מיר געבליעבען שטעהן. עס זיינען אונז ענטגעגען געקומען דער אמעריקאנער מיט דער ענגלענדערין.

— וויא געפעלט אייך ניי מערוו? האב איך געפרעגט דעם אמע־ריקאנער.

— אבשייליך! האט אויסגערופען מיסטער אליפכט לאָנגהעד, מען קען קיין געשעפט מאכען מיט דיעזע אזיאטען, זיי האבען שטארקע און געזונדע צייהנער.

— מען קען קיין געשעפט מאכען מיט דיעזע ווילדע מענשען, ווייל זיי דארפען קיינע פערוקען, האט נאכגעברומט מיסס הארעשע בלועט.

— פיעלייכט קענט איהר אָבער קויפען זייערע האאר, מיסס בלועט ? האב איך אויסגערופען, זיי האבען זעהר שעהנעס, שווארצעס האאר, איך גלויב, אז אזא סאָרט האאר דארף האבען א גרויסען ווערטה אין לאָנדאָן....

— ניט אין לאָנדאָן, זאָנדערן אין פאריז! האט מיסס בלועט געענט־פערט.

דערביי האט זיא אויף מיך געוואָרפען א זעהר פעראכטענדען בליק, גלייך וויא זיא האט געוואָלט זאגען: „קוק נור אן דיעזען ציימונגס־מאן! דער פער־שטעהט גאר ניט, אז אין ענגלאנד בעצאָהלט מען פיעל טהייערער פאר בלאָנדע און זאָגאר פאר רויטע האאר, אלס פאר שווארצע, דאגעגען אָבער ליעבט מען אין פאריז בעסער שווארצע האאר אלס בלאָנדע.

איך שעהם מיך ניט צו זאגען, אז מיסס בלועט האט פאָלקאָמען רעכט געד־האט. איך, אָרימער ציימונגס מענש, האב ווירקליך ניט געוואוסט, וועלכע האאר מען קויפט בעסער אין לאָנדאָן און וועלכע אין פאריז.

דיא צווייא הענדלערס מיט פאלשע צעהנער און מיט פאלשע האאר זיינען אויך באלד אנטלאָפען. זיי האבען קיינע צייט געהאט צו רעדען מיט אונז: זיי זיינען געלאָפען מאכען געשעפטען און, וויא עס ווייזט אויס, האבען זיי פאָלקאָמען איינגעשטימט: וואו מען דארף פאלשע צעהנער, דאָרט דארף מען פאלשע האאר.

איך בין ענדליך הונגעריג געוואָרען און האב געבעטען מאיאָר גולין, מיר זאָלען אריינגעהן אין א רעסטאָראנט עפעס עסען. מיר זיינען אריינגעגאנגען אין האָטעל סאנקט־פעטערסבורג און האבען געהייסען זיך גיבען אן עכטע לאקאל עסען, א סאָרט עסען, וועלכעס מען ליעבט אין מערוו. מען האט אונז געגעבען א „באָרשטש.“

אין רוסלאנד קאָכט מען אויך א באָרשטש, אָדער א זויערע זופע מיט אלערליי גארטען פריכטע, אין מערוו אָבער קאָכט מען דעם באָרשטש מיט שטארקע זויערע מילך. איך האב געגעסען דיעזען באָרשט און איך קען נור אזוי פיעל זאגען, אז איך קען איהם ניט רעקאָמענדירען צו דיא לעזער פון „20סטען יאהרהונדערט“. עס קען זיין, אז איך האב מיר ניט פעררדאָרבען דעם מאָגען, דאס צווייטע מאל אָבער וועל איך דיעזען באָרטש ניט עסען.

עס איז שפעט געוואָרען און מיר זיינען צוריק געגאנגען צום באהנהאָף. אויף דער פלאטפאָרם האב איך געטראָפען דעם קאָנדוקטאָר פאָפּאָוו און האב איהם געפרעגט:

— איז דאָ עפּעס נייעס ?

— יאָ, הערר סעקרעטאַר, האט פּאַפּאַוו געענטפערט, איך ווייס דעם נאָמען פון דעם טויטען אין דעם געשלאָסענעם וואַגאָן.

— אזוי ? וויא האט ער געהייסען ? ווער איז ער געוועזען ?

— ער האט געהייסען יען־לו און איז געוועזען א זעהר גרויסער מאַנדאַרין, דאָס הייסט, נאַטשאַלניק, פון פעקין.

וואס א מאַנדאַרין איז, האב איך געלערנט אין דער שולע, וואס א נאַטשאַלניק איז, בין איך געוואָהר געוואָרען אין רוסלאַנד. פּאַפּאַוו האט מיר אַלזאָ גאַנץ ריכטיג ערקלערט, ווער יען־לו איז געוועזען: א גרויסער מאַנדאַרין אָדער א שרעקליכער נאַטשאַלניק.

איך בין באַלד אוועקגעלאָפען אין טעלעגראַפען אַמט און האב טעלעגראַפירט נאָך פּאַריז:

„דער צוג געהט באַלד אָפּ פון מערוו. אויף דער סטאַציאָן דושאַק האט מען צוגעבונדען א וואַגאָן מיט דעם טויטען קערפּער פון דעם גרויסען און בערימטען מאַנדאַרין יען־לו פון פעקין.“

דיעזע טעלעגראַמע האט מיך געקאָסט זעהר טהייער, אָבער „דאָס 20סטע יאָהרהונדערט“ איז א רייכע צייטונג און קימערט זיך זעהר ווענינ, וואס א טעלעגראַמע פון מערוו קאָסט איהר נאָך איינינע רובעל.

איך בין דאַן אריינגעגאַנגען אין מיין וואַגאָן. איך האב גערעכענט, אז נור איך ווייס פון דיעזע געהיימניס, אז דער טויטער אין יענעם וואַגאָן איז געוועזען א גרויסער מאַנדאַרין, וועלכער האט געהייסען יען־לו. באַלד אָבער בין איך געוואָהר געוואָרען, אז אַלע פּאַסאַזשירען ווייסען שוין פון דיעזעס געהיימניס. מיר האט זיך זאָגאַר אויסגעוויעזען, אז דער מאָנגאָלען פירסט סוראַסקיאַר האט א שמייכעל געמאַכט, ווען א פּאַסאַזשיר לעבען איהם האט איבערגעגעבען דיעזעס געהיימניס צו א צווייטען פּאַסאַזשיר.

דער צוג האט גערירט. מיר פאָהרען ווייטער. איך שטעה אויף דער פּלאַטפאָרם פון דעם וואַגאָן ערשטער קלאַסע מיט מאַיאָר גולין.

— אַלט־מערוו! רופט אויס דער קאָנדוקטאָר, — פינף מינוטען שטעהן!

איך בעטראַכט אַלט־מערוו. עס איז ווירקליך א פעסטונג מיט הויכע ווענט, מיט שטאַרקע טויערן, מיט טהורמס און מיט אייזערנע טויערן.

— אן אלטע שטאָדט, זאָג איך צו מיר אליין.

— איהר האט א טעות, הערר סען־סיר, זאגט דער מאיאר, דיא שטאָדט מערוו איז שוין פיעלע מאל צערשטערט געוואָרען און פיעלע מאל וויעדער אויפ־געבויט געוואָרען. אמאל האט דיעזע שטאָדט געהייסען באיראם־אלי, מען פלעגט זיא אָבער אויך רופען איסקאנדער קאלעע, ווייל מען האט גענלויבט, אז אלכסנדר מוקדון האט זיא אמאל אָפּגענומען, ווען ער איז געגאנגען נאך אינדיען.

— אלעקסאנדער דער מאקעדאָניער? האב איך געפרעגט פערוואונ־דערט.

— יא, הערר סען־סיר, קיין הערשער האט ניט איבערגעלאָזען אזא גרויסען און בעריהמטען נאמען, וויא אלעקסאנדער דער מאקעדאָניער. אלע פעלקער פון זיד אייראָפּא און אזיען דערצעהלען זיך פון איהם אלערליי וואונדער זאגען, וואונדער ערצעהלונגען. עס איז יעצט שווער צו זאגען, אויב אלעקסאנדער אליין איז דאָ געוועזען אָדער איינער פון זיינע גענעראַלען זיינען געקומען אזוי ווייט. געוויס איז עס אָבער, אז מערוו האט אמאל געהייסען איסקאנדער קאלעע, דאס הייסט, דיא שטאָדט פון אלעקסאנדער אָדער אלעקסאנדריע.

דיא פינף מינוט זיינען פאַראיבער און אונזער צוג לויפט ווייטער. דער קאָנ־דוקטאָר מעלדעט דיא סטאציאָנען: קעלטשי, ראווינא — ראווינא? אן איטאַ־ליענישער נאמען? וויא קומט אן איטאליענישער נאמען אין מיטעל אזיען? — קיינער קען עס מיר ניט ערקלערן, מאיאָר נולין ווייס עס אויך ניט. ראווינא איז ראווינא! — איך הער ווייטער נעמען פון סטאציאָנען וויא פ ע ס ק י, רעפעטעק, טשון־דשא, חילדשי און דערגעלייכען. איך קען זיי מעהר ניט הערען. דיעזע אזיאטישע נעמען רייסען מיינע אויערן, ווייל איך פערשטעה זיי ניט.

איך געה אריין אין וואגאָן, זעץ מיך אַניעדער, שפּאַר מיך אָן אָן דער וואנט און הייב אָן צו טראַכטען פון מיין בלינדען פּאסאזשיר. א גאנצע טאג האב איך איהם ניט געקענט זעהן, ניט געקענט רעדען מיט איהם. איך מוז עס טאָהן היינט ביי נאכט. פאַריגע נאכט האב איך ווענינ געשלאָפען, אלזא מוז איך שלאָפען יעצט אום איך זאָל קענען פערברענגען דיא נאכט אין באגאזש־וואגאָן מיט מיין בלינדען פּאסאזשיר.

איך געה ארויס און בעט קאָנדוקטאָר פּאָפּאָוו, ער זאָל מיך אויפוועקען, ווען מיר וועלען אָנקומען אויף דיא סטאציאָן טשארדשוי, א שטאָדט אין בוכארא. פּאָפּאָוו ענטפערט מיר: „טאָטשנאָ טאק.“ און איך לעג מיך שלאָפען.

איך בין זעהר מיעד און ווער באלד אנטשלאָפען. איך הער נים, וויא דער קאָנדוקטאָר רופט אוים דיא ווילדע נעמען פון אזיאטישע אייזענבאהן־סטאציאָנען. דאס איז שוין גום. וועניגסטענס ווערן מיינע אויערן נים צוריסען הערענדיג דיעזע נעמען.

פּאָפּאָוו האט געהאלטען וואָרט. קוים האט דער צוג געדאַרפט אָנקומען אין טשארדשואי, האט ער מיך אויפגעוועקט.

— איך האב נים פיעל צייט, האט ער געזאגט צו מיר, טשארדשואי איז א גרויסע סטאציאָן, עס וועלען אָנקומען פיעלע פּאסאזשירען און עס וועלען אראָפּגעהן פיעלע פּאסאזשירען. איך מוז עפענען דעם באנאזש־וואגאָן און ארוים ווארפען דעם באגאזש נאך טשארדשואי.

איך געה ארויס אויף דיא פלאטפארם. דער צוג איז נור וואָס געבליעבען שטעהן. נאך מיין „פיהרער", מיין בוך, דארף דער צוג שטעהן אין טשארדשואי נור פונפצעהן מינוט. איך וויל זעהר זעהן דיעזע מערקווירדיגע שטאָדט אין כאַנאט־פירסטענטהום־בוכארא, וועיל זיא איז איינע פון דיא וויכטיגסטע האנדעלס־שטעדט אין מיטעל אזיען, וואס קען מען אָבער מאכען אין 15 מינוט?

איך זעה, וויא פּאָפּאָוו איז בעשעפטיגט. ער ווארפט ארויס קאסטענס, קעסטלעך, קערב און פּעק מיט דער אויפשריפט טשארדשואי. ער נעהמט אויך אויף אנדערע מיט אלערליי אויפשריפטען.

ענדליך איז אַלעס געענדיגט, פּאָפּאָוו פערמאכט דיא טהיר פון באגאזש־וואגאָן און געהט אראָפּ אין דיא סטאציאָן.

— מיר פאָהרען באלד, פּאָפּאָוו? פרעג איך?

— ניין, ענטפערט ער, עפּעס האט זיך צובראָכען אין לאָקאָמאָטיוו.

— וויא לאנג אלזאָ וועלען מיר דאָ שטעהן?

— איך ווייס ניט, ענטפערט פּאָפּאָוו.

דאס פערדריעסט מיך. ווען איך זאָל וויסען געגוי, וויא לאנג מיר וועלען דאָ שטעהן, וואָלט איך פיעלייכט געקענט געהן און זעהן טשארדשואי. איך ווייס עס אָבער נים און קען מיך נים ריהרען.

איך געה ארויף אויף דעם בריקעל פון מיין וואגאָן און זעה מיט שרעק און שמוינען, וויא דאס טהירעל פון באגאזש־וואגאָן האט זיך לייכט און שטיל געעפענט און א מאן האט זיך ארויסגעגנבעט פון איהם.

— דאס איז מיין בלינדער פּאסאזשיר! זאג איך צו מיר אליין. איך האב איהם צוואר נאך נים געזעהן געהן אָדער שטעהן, אָבער דאס איז ער. — וואס

זאָל איך יעצט טאָהן? זאָל איך איהם נאכלויפען? — ניין! איך וועל בעסער נאכקוקען, בעאָבאכטען, וואוהין ער געהט.

ערשט יעצט האב איך פערשטאנען, אז ער מוז זיין א דורכגעטריעבענער מענש. ער האט אָפּגעהיט דיא בעסטע צייט ארויסצוגעהן. עס איז שפּעט ביי נאכט. פּאסאזשירען קומען נאך צו און איינינע ווילען אליין זעהן, וואו זייער באגאזש ליעגט. אין אזא צייט קען מען אריינגעהן און ארויסגעהן אונבעמערקט.

צו וואס אָבער איז ער ארויסגעגאנגען? וויל ער קויפען פּראָוויאנט אין א רעסטאָראן? פּיעלייכט וויל ער גאנץ איינפאך אביסעל אויסשטרעקען זיינע גליעדער. עס איז לייכט צו זאגען, זיצען עטליכע טעג אויף איין אָרט אין א קאסטען. מיר דאכט, אז איך וואָלט עס ניט אויסגעהאלטען. מען ווערט דאָך פערגליווערט, פערשטיינערט, פערביינערט. ער איז אלזאָ ארויסגעלאָפען אויף עטליכע מינוט אום זיך אויסצוציהען, און זיך אויסצושטרעקען, אום צו צו פיהרען זיינע פערגליווערטע גליעדער.

איך זעה, ווי ער איז אריינגעלאָפען אין רעסטאָראן פון דער סטאציאָן, איז דאָרט געבליעבען איינינע מינוט, דאן איז ער צוריק געגאנגען, האט זיך אומגעקוקט און, ווען ער האט זיך איבערצייגט, אז קיינער קוקט ניט אויף איהם, איז ער האסטיג ארויפגעשפּרונגען אויף דיא טרעפּ פון דעם באגאזש־וואגאָן, און איז פערשוואונדען געוואָרען.

— היינט ביי נאכט מוז איך מיט איהם רעדען, האב איך מיך ענטשלאָסען.

אונטערדעסען האט דער צוג געריהרט. מיר פאָהרען ווייטער. איך שטעה יעצט אויף דער פּלאטפאָרם פון דעם לעצטען וואגאָן פאר דעם באגאזש־וואגאָן. פּאָפּאָוו קומט צו צו מיר און זאגט מיר:

— באלד וועלען מיר אריבער פאָהרען דעם אמור־דאריא.

דאס איז אינטערעסאנט. דער אמור־דאריא איז א גרויסער טייך. ער הייבט זיך אָן אויף דיא בערג פון פּאמיר און פאלט אריין אין אראל זעע, אראלסקאיע מאָרע, א גרויסער בעקען וואסער אין דער וויסטע.

דיא בריק איבער דעם אמור־דאריא איז א הילצערנע. מען זאגט, אז זיא איז א קונסט־ווערק פון גענעראל אנענקאָוו. איך האב זעהר געוואָלט בעטראכטען דיעזע בריק, ווייל מיר דאכט, אז זייט דער טייך עקסיסטירט, האט מען צום ערשטען מאל געבויט אויף איהם א בריק, ביז אהער פלעגט מען אריבער פאָהרען איבער איהם אין א פּראָם אָדער איהם אריבער שווימען זיצענדיג אויף א פערד.

פוןביידע זייטען בריק זיינען געוועזען געבויט באראקען, הילצערנע הייזלעך.

— וואס איז דאס? האב איך געפרעגט פּאַפּאָוו׳ן.

— דאַ געפינען זיך שטענדיג סאָלדאטען, וועלכע בעוואכען די בריק, זיי זיינען אויך פייער־וועהר־לייט.

— פייער־וועהר? האב איך געפרעגט, צו וואס דארף מען פייער־וועהר לעבען א טייך אין דער וויסטע?

— אויפ׳ן טייך געהן פיעלע שיפען, בארקען, מיט אלערליי וואארען, בעזאנדערס אָבער מיט קעראָסין און אנדערע מאטעריאלען, וועלכע צינדען זיך אָן לייכט, און עס מאכט זיך זעהר אָפט א פייער אויפ׳ן טייך, דארום דארף מען האבען פייער־וועהר.

ווען מיר זיינען אריבערגעפאָהרען די בריק, איז דער צוג ווידער געפאָהרען אין א טרויעריגע זאמד וויסטע. איך בין אריינגעגאנגען אין מיין וואגאָן. אלע פּאַסאזשירען זיינען שוין געשלאָפען. איך האב מיך צוגעשפּארט א ווילע און בין אויך אנטשלאָפען געוואָרען.

## 11טעס קאפּיטעל.

## בוכאַראַ די הייליגע שטאָדט.

איך ווייס נים, וואס מיט מיר איז געשעהען. איך האב פערשלאָפען. איך האב גערעכענט, אז ווען איך וועל שלאָפען איינינע שטונדען ביי טאג, וועל איך שוין נים שלאָפען ביי נאכט און וועל קענען בעזוכען מיין בלינדען פּאסאזשיר, אָבער נעראדע וויל איך בין געשלאָפען ביי טאָג, בין איך ביי נאכט אנטשלאָפען געוואָרען און האב אָפּגעשלאָפען די גאנצע נאכט.

ערשט אום פינף אוהר אין דער פריה, ווען עס איז שוין געווען גרויסער טאָג, האב איך מיך אויפגעחאפּט און איידער איך האב צייט געהאט זיך אויסצוּרייבען די אויגען און זיך ארומצוקוקען, וואו איך בין ערגעץ אין דער וועלט, איז דער קאָנדוקטאָר אריינגעקומען און האט געמעלדעט:

— סטאַציאָן בוכארא! זעקס שטונדען!

— בוכארא! האב איך אויסגערופען, בוכארא, די גרויסע שטאָדט, די הייליגע שטאָדט, די עדעלע שטאָדט. בוכארא איז אזוי הייליג פאר די מחמדאנער, וויא ראָם פאר די קאטוילקען, וויא ליאססא פאר די בודדיסטען.

בוכארא איז א כאנאט, א פירסטענטהום, וועלכע צעהלט אנדערטהאלבען מיליאָן איינוואוינער, אַלע מחמדאנער, פרומע מחמדאנער. דער פירסט אָדער דער כאַן, פון בוכארא ווערט בעטראַכט אַלס א גרויסער לעהרער, א סאָרט גייסט־ליכער, ביי די מחמדאנער.

די הויפּט שטאָדט פון דעם כאנאט הייסט אויך בוכארא. מען רעכענט, אז זיא צעהלט אַכטציג — נײַנציג טויזענד פּיעלייכט הונדערט טויזענד איינוואוינער. דאס איז אלזא קיין גאַנץ גרויסע שטאָדט, אין דיעזער שטאָדט געפינען זיך אָבער 360 מעטשעטען, געבעט־הייזער, טעמפּעל, וואו די פרומע מחמדאנער בעטען נאָט פינף מאל א טאָג. אויסער דיעזע טעמפּעל געפינען זיך אין בוכארא 103, הונדערט און דרייא מעדרעסעס, דאס הייסט בתי מדרשים, ישיבות, אָדער שולען, וואו יונגע לייט לערנען אַלע וויסענשאַפטען פון דער מחמדאנישער רעליגיאָן. אין קיין שטאָדט אין דער מחמדאנישער וועלט געפינען זיך ניט אזוי פיעל ביכער און שריפטען אין דער אראבישער, פערזישער, טירקישער און טורקאסטאנישער שפּראַכען וויא אין בוכארא.

בוכארא איז א הייליגע שטאָדט, ווייל אין בוכארא געפינען זיך די קברים פון פיעלע מחמדאנישע הייליגע, צו וועלכע עס קומען פרומע מחמדאנער פון גאַנץ אזיען בעטען נאָט און דעם הייליגען.

בוכארא איז אמאל געווען א זעהר שטארקע פעסטונג און די כאַנס פון בוכארא פלעגען האַלטען א גרויסע און שטארקע ארמעע. יעצט האט זיך אַלעס געענדיגט. 1868 געפינט זיך בוכארא אונטער דעם שוץ פון רוסלאנד און דער כאַן פון בוכארא מעג האַלטען נור 10,000 מאן סאַלדאטען, און דיעזע קליינע ארמעע ווערט קאָמאנדירט פון רוסישע אָפיציערן.

איך מוז נעהן זעהן בוכארא. איך זוך אויס מאיאָר נולין און בעט איהם, ער זאָל געהן מיט מיר, ער קען אָבער ניט, ווייל ער האט עפּעס צו טאָהן אויף דער סטאַציאָן. ער האט דאָרט געטראָפען א רוסישען בעאמטען און זיי האבען עפּעס וויכטיגעס צו רעדען.

איך מוז אלזאָ געהן אליין, ריכטיגער נאָך, איך פאָהר אליין, ווייל די רוסען האבען אויסגעלערנט די אזיאטען פאָהרען אויף דראָשקעס און איך האב גע־טראָפען אויף דעם באַהנהאָף פון בוכארא דיעזעלבע דראָשקע, וויא מען געפינט זיא אין סאנקט פעטערסבורג און מאָסקווא. איך האב מיך ארייגעזעצט און בין באלד אריינגעפאָהרען אין איינעם פון די זיעבען טויערן פון בוכארא.

איך האב געווים געוואָלט קויפען בעזוכען אלע 360 מעטשעטען און אלע 103 מעדרעסעס פון בוכארא, אָבער דיא צייט איז מיר געווען צו קורץ, איך האב דאָרום בעסער בעזוכט דיא בעלעבטע גאסען און דיא באזארס. אין בוכארא, וויא אין גאנץ אזיען, הייסט א באזאר א גרויסער הויף, א רינג, איינגעשלאָסען פון שטארקע מויערן, וואו עס געפינען זיך אלערליי וואארען צו פערקויפען אָדער צו קויפען.

איך בין אריינגעגאנגען אין איינעם פון דיעזע באזארס.—וויא פיעל אזעלכע באזארס עס געפינען זיך אין בוכארא, ווייס איך ניט, איך קען עס ניט וויסען, ווייל איך רעד קיין אראביש, קיין פערזיש און קיין טורקעסטאניש, אָהן דיעזע דרייא שפראכען איז שווער זיך דורכצושלאגען אין בוכארא. — איך געה אריין אין דעם ערשטען בעסטען באזאר, וועלכען איך האב געטראָפען. איך זעה דאָרט אלערלייא וואארען. טאשענטיכער, וועלכע זיינען אזוי פיין און אזוי דין, גלייך וויא זיי וואָלטען געווען געמאכט פון שפינוועבס, לעדער זאכען, וועלכע מען קען זעלטען געפינען אין פאריז, זיידענשטאָפען, פון וועלכע איך האב ביז אָהער קיינע אידעע געהאט. אין איין אָרט האב איך געטראָפען א טהעע געשעפט, וואו מען האט מיר אָנגעבאָטען עלף סאָרטען גרינעם טהעע. וויא פ׳על סאָרטען שווארצען טהעע איך וואָלט דאָרט געקענט קויפען, ווייס איך ניט. איך ווייס אָבער, אז דער טהייערסטער טהעע הייסט „לוקא" און איין בלעטעלע פון דיעזען טהעע גיט דעם שעהנסטען אראָמא־גערוך, צו א גאנצען טאָפ. דיעזער טהעע איז אָבער זעהר טהייער און נור גאנץ רייכע מענשען קענען זיך ערלויבען איהם צו צומישען צו זייער טהעע.

אזוי וויא איך בין נור א קאָררעספאָנדענט פון א צייטונג און קיין קויפמאן, האב איך גאר נישט געקויפט אויפ׳ן באזאר און בין געגאנגען זעהן דעם פאלאץ פון דעם עמיר, אָדער חאן, פירסט פון בוכארא. עס איז א גרויסע און פינסטערע געביידע, מעהר א פעסטונג אלס א פאלאץ. סאָלדאטען אין ווייסע קליידער שטעהן אויף דער וואך און לאָזען ניט צו צו נאָהענט צום פאלאץ. דאס איינציגע, וואס מיר איז געפעלען אין פאלאץ, איז א גרויסע טהורם אוהר, א שטאָדט זייגער, געמאכט אין אייראָפא, וואהרשיינליך אין רוסלאנד.

ניט ווייט פון פאלאץ געפינט זיך דיא גרעסטע מעטשעט, טעמפעל, פון בוכארא, זיא הייסט מעסדשידי קעלאן און איז ווירקליך זעהר גרויס. דאָ האב איך צום ערשטען מאל דערזעהן דערווישעס, מחמדאנישע פרומע, וועלכע האבען זיך אָפגעזאגט פון דער וועלט און פערברענגען זייער לעבען אין הייליגע טענץ, געבעט תפילות, און לערנען דעם קאָראן, דאס הייליגע בוך פון דיא מחמדאנער.

זיי האבען זיך יעצט פערזאמעלט אום אפצוהאלטען זייער היילינען טאנץ־לײדער, בין איך ניט געוואוינט ניט צו זייערע ווילדע געשרייען, ניט צו זייערע גרימאסען און ניט צו זייערע אתמענשליכע בעוועגונגען, און אזוי וויא איך ווייס, אז דער אונגארישער אידישער געלערנטער ארמיניוס וואמבער, האט זיך פערשטעלט פאר א דערוויש, האט געלעבט מיט זיי א לאנגע צייט און האט זיי דערנאך גאנץ גוט בעשריעבען אין זיין בעריהמטען בוך „איבער מיטעלאזיען", געפין איך עס ניט פאר נעטהיג צו בעשרייבען, וואס איך האב געזעהען.

איך בין אוועק געגאנגען פון דער מעטשעט און בין צופעליגער ווייזע אריינ־געקומען אין בוכער באזאר. זעקס און צוואנציג גרויסע מאגאזינען זיינען פול מיט ביכער און מאנוסקריפטען, אלע אבער אין אריענטאלישע שפראכען.

זאנדערבאר איז, וואס נראדע לעבען דיא ביכער געשעפטען שטעהן מחמדאנער מיט גרויסע סאמאווארען און פערקויפען יעדען פריש געקאכטען הייסען טהעע. איך האב מיך אנ׳עדערגעזעצט אויף א ניעדעריגע באנק און האב אויסגעטרונקען צווייא גלאז גאנץ גוטען טהעע. דאס האט מיר געקאסט א „טהעננע" — 10 רוסישע קאפיקעס.

אזוי וויא איך בין אזוי געזעסען און געטרונקען טהעע, האב איך דערהערט א געשריי:

— יאהוד! יאהוד!

איך פערשטעה זעהר ווענינ אראביש, אזוי פיעל אבער פערשטעה איך, אז יאהוד הייסט א איד.

— אלזא געפינען זיך אידען אין בוכארא! האב איך אויסגערופען.— דיעזעס פאלק געפינט זיך אין דער גאנצער וועלט. דיעזעס פאלק איז צו זעעט און צושפרייט צווישען אלע פעלקער און אלע נאציאנען. איך מוז נאכגעהן! איך מוז זעהן, וויא עס ווייזען אויס דיא אידען אין בוכארא.

איך האב איבערגעלאזען א האלבע טאסע טהעע און בין נאכגעלאפען נאך דעם קול, נאך דעם געשריי: יאהוד! יאהוד!"

א זאנדערבארעס בילד האט זיך מיר פארגעשטעלט. עס איז געגאנגען א פראצעסיאן פון עטליכע הונדערט מענער, געקליידעט, וויא דיא איבעריגע איינ־וואוינער פון בוכארא, פון דערווייטענס האט מען זיי געקענט אנגעהמען פאר אראבער, אבער אנשטאט פון א טורבאן אויפ׳ן קאפ האבען זיי געטראגען הויכע היטלען פון יונגע לעמער. זייער געזיכט איז געווען דונקעל ברוין, וויא דאס געזיכט פון אראבער, און דאך זיינען עס געווען אידען, קיינע אראבער.

באראוים פאר זיי איז געריטען אויף א שמאלצעס אראבישעס פערד א הויכער בעאמטער פון בוכארא, הינטער זיי איז געגאנגען אן אפיציער. מיר האט זיך אויס־געוויזען, אז דאס איז א רוסישער אפיציער.

אזוי וויא דיא פראצעסיאן האט מיך שטארק פעראינטערעסירט, בין איך צו געגאנגען צום אפיציער, האב מיך פארגעשטעלט אלס פראנצויז, וועלכער רעדט רוסיש, און האב איהם געבעטען ער זאל מיר ערקלערן, וואס דאס איז פאר א פראצעסיאן.

איך האב געטראפען. דאס איז ווירקליך געוועזן א רוסישער אפיציער, אבוואהל ער האט געטראגען דיא קליידער פון א בוכארער.

דיא רוסען זיינען אין אלגעמיינען זעהר העפליך, בעזאנדערס געגען א פראנצויז. אין איינינע מינוט זיינען מיר געווארען גוטע פריינד און ער האט געזאגט צו מיר:

— קום מיט אונז, ועסט דוא זעהן א צערעמאניע, וועלכע קומט פאר נור איין מאל אין יאהר.

איך האב איהם געדאנקט און בין געגאנגען מיט איהם. הינטער אונז האט זיך פערזאמעלט א גרויסע מענגע מענשען. איך האב מורא געהאט, אז מען וועט אונז דערשטיקען, באלד אבער האב איך מיך איבערצייגט, אז אין בוכארא האט מען אזוי פיעל רעספעקט פאר א רוסישען בעאמטען, אז קוים האט זיך דער רוסע אומגעקוקט און האט א ווינק געטאהן מיט זיין שווערד, איז דיא מענגע געבליעבען שטעהן פון דער וויטען, וויא פערשטיינערט.

איבעריגענס האבען מיר נים געדארפט לאנג געהן. עס איז געוועזן גאר נים וויים. מיר זיינען צוגעקומען צו א גרויסעם געביידע, וועלכעס איך האב אנפאנגס אנגענומען פאר אן אראבישעס מעדרעסע, ווען מיר זיינען אבער אריינגעקומען, האב איך באלד דערקענט, אז דאס איז א אידישע סינאגאגע. שפעטער בין איך געוואהר געווארען, אז דאס איז דיא גרעסטע אידישע שולע — סינאגאגע — פון בוכארא.

דיא שולע איז געוועזן פול געפאקט מיט מענשען, מענער מיט לאנגע שווארצע בערד און מיט ערנסטע, זאגאר טרויעריגע געזיכטער. דאס האט מיך איבערראשט. איך האב געמיינט, אז מען האט זיך פערזאמעלט אויף א פייערטאג, און האב געזעהן, אז אלע זיינען ערנסט, אלע זיינען טרויעריג, אלע האבען אראבגעלאזען דיא קעפ.

איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען און האב געפרעגט דעם רוסישען אפיציער:

— וואס איז דא? וואס וועט דא פארקומען?

— געדולד, הערר פראנצויז, האט דער רוסע געענטפערט מיט א שמייכעל.

איך האב געדאנקט דעם רוסע פאר זיין לעקציאן און געדולד, און האב געווארט.

עס האט זיך אנגעהויבען א געבעט, א אידישעס געבעט, א טרויעריגעס, הערצרייסענדעס, וויינענדעס, ביטענדעס געבעט, אין וועלכען מען האט געהערט פיעל מאל אויסרופען „אדוני!“, „ציון!“, „ירושלים!“

ווען דאס געבעט האט זיך געענדיגט, איז אן אלטער איד מיט א לאנגער ווייסער בארד ארויפגעגאנגען אויף דער קליינער, קיילעכדיגער פלאטפארם, ביהנע, אין דער מיט פון דער שוהל. באלד נאך איהם איז ארויפגעקומען דער הויכער בעאמטער, וועלכער איז געריטען פאראויס פאר דער פראצעסיאן.

דער אלטער איד האט געהאלטען אין דער האנד א קליין קעסטעלע, איבערצויגען מיט רויטען סאמעט. דיעזעס קליינע קעסטעלע האט ער דערלאנגט דעם בעאמטען, דערפאר האט איהם דער בעאמטער געגעבען צוויא פעטש אויף ביידע באקען.

עס איז געווען דייטליך, אז דיא פעטש זיינען געגעבען געווארען, ניט אז זייא זאלען וועה טאהן, ניט אלס שלעג, זאנדערן אום צו בעליידיגען, אום צו ערניעדריגען.

אלע פערזאמעלטע אידען זיינען דאן געפאלען אויף דיא קניע און האבען געבעטען שטילערהייט.

איך בין אויפגעשפרונגען, איך האב עס ניט געקענט אויסהאלטען, איך האב געפרעגט דעם רוסישען אפיציער:

— וואס איז דא? וואס איז דאס פאר א צערעמאניע?

דער רוסע האט מיר ערקלערט:

— עס איז דא א פארשריפט, א דין, אין קאראן — דיא תורה פון דיא מחמדאנער, אז א פרעמדעס פאלק, וועלכעס וואוינט צווישען דיא מחמדאנער, מוז צאהלען טריבוט — מס, צינז, דעם העררשער און דער העררשער דארף בעווייזען, אז דיעזעס פאלק איז איהם אונטערטהעניג, דערמיט וואס ער שלאגט דעם עלטסטען פון זיי.

אמאל, אין גאנץ אלטע צייטען, פלעגט דער עלטסטער פון דיא אידען מוזען פאלען אויף דער ערד מיט'ן געזיכט צו דער ערד און דער כאן, דער הערשער פון בוכארא, פלעגט ארויפשטעלען זיין פוס אויף דעם האלז פון דעם עלטסטען, געוועהנליך דער ראבינער פון דער געמיינדע. היינט איז דיא וועלט געווארען ציוויליזירטער און העפליכער. דיא אידען פון בוכארא צאהלען דעם כאן צוויא טויזענד רובעל טריבוט א יאהר. ווען זיי דארפען בעצאהלען דיעזען טריבוט, פערזאמלען זייא זיך אין שול. דער כאן שיקט זיין בעאמטען, א מיניסטער, ער זאל אפנעהמען דיעזען טריבוט און אלס צייכען, אז דיא אידען זיינען זיינע שקלאפען, גיט ער דעם ראבינער פון דיא אידען צוויא פעטש.

זעלבסטפערשטענדליך, אז דאס איז נור א צערעמאניע. ער וויל ניט שלאגען דעם אידישען רבי, ער וויל נור וויזען, אז דער רבי איז זיין שקלאף, זיין קנעכט.

מיך האט דיעזע צערעמאניע אזוי אינטערעסירט, אז איך האב געבעטען דעם רוסע, ער זאל מיך בעקאנט מאכען מיט דעם אידישען רבי, און אויב עס איז מעגליך, זאל ער מיר דיענען אלס דאלמעטשער, ווייל ער האט גערעדט גוט אראביש און איך האב פערשטאנען רוסיש.

— חאראשא! האט דער רוסע געזאגט.

ווען דער בעאמטער פון בוכארא איז אוועק געגאנגען מיט דעם קעסטעלע, אין וועלכען עס האבען זיך געפונען דיא צוויא טויזענד טיללאס—רובעל, טריבוט—מס, האט דער רוסע מיך צוגעפיהרט צו דעם אלטען מאן, וועלכער האט נור וואס בעקומען געזעצליכע פעטש, ווייל דער הייליגער קאראן הייסט אזוי.

דער רוסע האט איהם דערצעהלט, ווער איך בין און ווארום איך בין אזוי אינטערעסירט אין דיעזער צערעמאניע.

ווען דער רבי פון בוכארא האט דערהערט, אז איך בין א פראנצויז און קום ניט לאנג פון פראנקרייך, האט ער מיך געפרעגט:

— וואס מאכט דארט דער גרויסער קייזער נאפאלעאן?

ארימער אונגליקליכער מאן! ער האט געהערט, אז אין פראנקרייך הערשט א גרויסער קייזער, וועלכער פערלאנגט פרייהייט און גלייכהייט פאר אלע מענשען, נאר ער האט ניט געוואוסט, אז נאפאלעאן איז שוין לאנג געשטארבען, פערשטויסען פון זיין טראהן, בעריאגט פון זיין לאנד, עלענד און אונגליקליך אין א פרעמדעס לאנד.

דער אָרימער אידישער רבי פון בוכארא האט זאָגאר ניט געוואוסט, אז עס איז געווען א נאפּאָלעאָן דער ערשטער און א נאפּאָלעאָן דער דריטער. ער האט נור געוואוסט פון א נאפּאָלעאָן, פון א גרויסען און מעכטיגען הערשער נאפּאָלעאָן, וועלכער האט ליעב דאס אידישע פאָלק.

איך האב אָנגעהויבען איהם אויסצופרעגען, וויא פיעל אידען עס געפינען זיך אין בוכארא און מיט וואס זיי בעשעפטיגען זיך.

ער האט מיר געענטפערט גאנץ פריינדליך:

— אין דעם קעניגרייך בוכארא געפינען זיך מעהר אלס צעהן טויזענד אידען. זיי וואוינען מייסטענס אין דער הויפט שטאָדט בוכארא, פיעלע אָבער וואוינען אויך אין דיא שטעדטלעך און דערפער ארום דער הויפּט שטאָדט. זיי בעשעפטיגען זיך מייסטענס מיט האנדעל און מיט האנדווערקע.

— ווען זיינען אָבער דיא אידען געקומען נאך בוכארא? פון וואנען זיינען זיי געקומען אהער? האב איך געפרעגט.

— דיא אידען זיינען געקומען אהער פון פערזיען, האט דער רבי ערקלערט, אין דיא צייטען פון דעם שטרענגען און פאנאטישען הערשער שאך אבבאס, וועלכער איז געשטאָרבען אין 1628, האט מען אָנגעהויבען שרעקליך צו פערפאָלגען דיא אידען אין פערזיען. ווער עס האט נור געקענט, ווער עס האט נור געהאט מיטעל — געלד, דער האט אויסגעוואנדערט, דער איז אנטלאָפען פון פערזיען. איינינע טויזענד אידען האבען אויסגעוואנדערט נאך בוכארא, וואו מען האט זיי ערלויבט צו בלייבען, אָבער אונטער זעהר שווערע בעדינגונגען.

דער רבי האט אויפגעהויבען דיא אויגען צום הימעל און א שווערער זיפץ האט זיך ארויסגעריסען פון זיין ברוסט.

איינינע מינוטען האט ער געשוויעגען. איך האב געזעהן, אז ער שלינגט אראָפּ זיינע טרעהרען, ער האט זיך געשעהמט צו וויינען פאר מיר.

— וויא אזוי פלעגט מען זיי בעהאנדלען ביז אהער? האב איך געפרעגט.

— זעהר שלעכט, האט דער רבי געענטפערט טרויעריג. ביז אהער פלעגט א איד ניט טאָרען אריינקומען צו א מחמדאנער אין הויז. ווען א איד האט עפּעס געדארפט, פלעגט ער מוזען שטעהן אויף דער גאס און ווארטען, ביז דער מחמדאנער איז ארויס געקומען און האט איהם געפרעגט, וואס ער דארף. א איד האט ניט געטאָרט פאָהרען אויף א פערד אין א שטאָדט. ווען ער האט בעגעגענט א

מחמדאנער, האט ער געמוזט איהם אויסמיידען, איהם גיבען דעם וועג. זעהר אָפט איז מען בעפאלען אויף אידישע הייזער און מען האט זיי אויסגערויבט.

— פאר וואס האבען זיי ניט אויסגעוואנדערט? האב איך געפרעגט.

— מען האט אונז ניט געלאָזען אויסוואנדערן, איז געווען דיא אנטוואָרט, — דיא רעגיערונג פון בוכארא האט זעהר גוט פערשטאנען, אז דיא אידען ברענגען נוצען דעם לאנד, אז דיא אידען זיינען א מעלקענדיגע קוה, און זיי האבען ארויס געגעבען א בעפעהל, אז ווען מען חאפט א אידען, וועלכער וויל אויסוואנדערן, מעג מען איהם טייטען. מען האט אונז אלזאָ געצוואונגען צו בלייבען אין לאנד און צו ליידען ערניעדריגונגען און בעליידיגונגען.

— אָבער יעצט געפינט זיך דאָך בוכארא אונטער דעם שוץ פון רוסלאנד? האב איך געפרעגט.

— יא, זייט דער וייסער צאר (דער קייסער פון רוסלאנד) בעשיצט אונז, אָטהמען מיר פרייער, האט דער רבי געענטפערט, מען בעהאנדעלט אונז פיעל בעסער, און מיר האָפען יעצט, אז דער ווייסער צאר וועט אונז ענדליך אויך אנער־קענען אלס זיינע קינדער און וועט אונז גיבען אלע רעכטע, וועלכע זיינע מחמדאנישע קינדער געניעסען.

איך האב געוואָלט נאָך לענגער מיך אונטערהאלטען מיט דיעזען זאָנדער־בארען מענשען, עס איז אָבער שפעט געוואָרען און איך האב געמוזט צוריק פאָהרען צום באהנהאָף. איך בין געקומען פונקט צור צייט, פּאָפּאָוו זאגט מיר, אז אין א פערטעל שטונדע ארום וועט דער צוג אָפּגעהן.

איך געה דערווייל ארום אויף דער פלאטפאָרם און בעטראכט, וואס דאָרט טהוט זיך. איך זעה דיא פערזער קוקען אויף דעם וואגאָן, וואו עס געפינט זיך דער טויטער מאנדארין. דאס איז קיין וואונדער: זיי האבען איהם געבראכט פון מעסחעד און זיי פיהרען איהם ביז פעקין, אלזאָ מוזען זיי איהם אָפּהיטען. איך פערשטעה צוואר, אז א טויטער קען ניט אנטלויפען, איך בין אָבער אן אייראָפּעער, אזיאטען דענקען אנדערש.

אזוי וויא איך שטעה און קוק אויף דיא פערזער, איז דער פירסט סאָרוס־קיאר פארביי געגאנגען דעם וואגאָן מיט'ן טויטען און מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז ער האט א ווינק געמאָכט צו דיא פערזער, דיא וועכטער פון דעם טויטען.

— וואס זאָל דאס הייסען? צו וואס ווינקט ער זיי? — דאס איז ווידער א רעטעניש.

מען האט אָנגעהויבען צו קלינגען און אלע פּאַסאַזשירען זיינען אריינגעגאַנגען אין זייערע וואַגאָנעס. קוים איז דער צוג אַוועק געפאָהרען פון בוכארא, האט דער קאָנדוקטאָר געמעלדעט, אז דאס עסען איז פערטיג און ווער עס וויל עסען, זאָל געהן אין עסס־וואַגאָן.

איך בין געווען הונגעריג, עס איז שוין געווען צוועלף אוהר און אויסער דיא צוויא גלאָז טהעע אין בוכארא, האב איך נאָך חיינט ניט גענומען אין מויל. איך בין אלזאָ געגאַנגען עסען.

איך געפין, אז דיא צוויא כינעזען זיצען אליין ביי א טיש און איך זעץ מיך לעבען זיי מיט דעם פעסטען ענטשלוס מיך צו בעקענען מיט זיי. איך הייב אָן צו רעדען צו זיי פראַנצייזיש און געפין, אז דער יונגער טשאַן־טשאַ רעדט א גאַנץ גוטעס פראַנצייזיש גלייך וויא ער וואָלט אויסגעוואַקסען אין דיא בולוואַרען פון פּאַריז. ער איז לוסטיג, לעבעדיג און געשפּרעכיג, וויא אַן עכטער פּאַריזער יונגע. דאָקטאָר טיאָ־קינג דאַגעגען איז שטענדיג פערטראַכט און שטודירט גאַנץ פלייסיג מעדיצין פון א בוך, וועלכעס איז געדרוקט געוואָרען אין 1782.

דער יונגער טשאַן־טשאָ מאַכט שפּאַס און לאַכט זיך אויס פון זיין דאָקטאָר.

— זאָגט מיר, ליעבער דאָקטאָר, וויא פיעל דאַרף מען עסען, אז מען זאָל לאַנג לעבען? פרעגט דער יונגער כינעזע.

— עס זיינען דאָ זיבען רעגעלן, וויא אזוי צו עסען, האט דאָקטאָר טיאָ־קינג געענטפערט גאַנץ ערנסט. ערשטענס, דאַרף מען עסען נור אַזוי פיעל, וויא פיעל אונזערע גייסטיגע קרעפטע פאָדערן. צווייטענס, טאָר מען ניט עסען אַזוי פיעל, אז דער בויך זאָל ווערן שטאַרק פול און עס זאָל שווער זיין זיך צו ריהרען. דריטענס, —

— נו, ליעבער דאָקטאָר, דיא ערשטע צוויא רעגעלן זיינען מיר גענוג, לאַכט טשאַן־טשאָ.

— לאַך ניט, מיין זוהן, זאָגט דער דאָקטאָר, ווען מען וויל לאַנג לעבען, דאַרף מען עסען זעהר ווייניג און זעהר פאָרזיכטיג.

עס איז געשטאַנען אויפ'ן טיש א שפּייז, וועלכע איז מיר ניט געווען בעקאַנט. עס איז געווען א סאָרט פּודדינג פון געהאַקטעס פלייש, רייז און אַנדערע זאַכען, וועלכע זיינען מיר ניט בעקאַנט.

— זאָל איך עסען דיעזע שפּייזע? האט טשאַן־טשאָ געפרעגט.

— ניין, מיין זוהן, זיא איז צו פעט, דוא קענסט נאך דיר פערדארבען דעם גייסטיגען מאָגען, האט דאָקטאָר מיאַ־קינג געענטפערט.

— נון, דאן מעג איך עסען! האט טשאַן־טשאָ אויסגערופען, מיין גייסטיגען מאָגען וועל איך מיר ניט פערדערבען.

און ער האט געגעסען מיט אזא אפעטיט, אז איך האב איהם בענייִדעט — מקנא געווען.

איך האב מיך צורעדט מיט איהם איבער דיא רוסישע אייזענבאהנען אין אזיען און איך האב אויסגעפונען, אז ער איז גוט בעקאנט מיט דער געאָגראפיע פון סיביר, פון מיטעל אזיען און פון כינא. ער פערשטעהט גאנץ גוט דיא וויכטיגקייט פון אלע אייזענבאהנען און אז דיזע אייזענבאהנען וועלען מאכען א גאנצע רעוואָ־לוציאָן אין וועלט האנדעל.

— עס וועט נאך זיין א צייט, ווען מען וועט קענען פאָהרען פון פעקין נאך אפריקא, נאך קאפּשטאדט, רופט אויס בעגייסטערט טשאַן־טשאָ.

— נאך אפריקא? וויא אזוי?

— איבער רוסלאנד, איטאליען, פראנקרייך און שפאניען, דאן איבער גיבראלטאר נאך אפריקא.

— דאס וועט ענגלאנד ניט דערלאָזען! האט זיך אָפּגערופען א שטימע פון אנאנדער טיש.

איך האב מיך אומגעקוקט און האב דערזעהן א רויטען ענגלענדער זיצע־לעבען צווייטען טיש פון מיר. איך האב איהם שוין געזעהן עטליכע מאל, איך האב אָבער ניט געפונען פאר נעטהיג מיך צו בעקענען מיט איהם, וויל איך האב איהם געהאלטען פאר א קרעמער, א רייזענדען, א סארט מיסס בלועט אין מענער קליידער. יעצט אָבער האט ער מיך פעראינטערעסירט און איך האב איהם געפרעגט:

— פאר וואס וועט עס ענגלאנד ניט דערלאָזען?

— וויל אפריקא געהערט צו ענגלאנד און ענגלאנד וועט ניט ערלויבען אנאנדער מאכט אריינציעהען איהרע אייזענבאהנען אין אפריקא.

— רוסלאנד וועט אָבער צווינגען ענגלאנד צו פעראייניגען דיא אייראָפּעאישע און אזיאטישע אייזענבאהנען מיט דיא אפריקאנישע, האט זיך מאַיאָר נולין אריינ־געמישט.

יעצט האט זיך אָנגעהויבען א שטרייט צווישען דעם רוסישען מאַיאָר און דעם ענגלענדער און מען האט געקענט ארויסזעהן דיא פיינדשאפט, וועלכע עקסיסטירט צווישען דיזעביידע פעלקער.

אין דער צייט ווען דער רוסע, דער ענגלענדער און דער כינעזע האבען גע־רעדט פון פאָליטיק, האט דער דייטשער באראָן פאָן ווייסענשניצענדאָרף גענעסען מיטביידע באַקען און האט נאר ניט געוואָלט הערען, וואס די אנדערע רעדען. דאָקטאָר טיאָ־קינג האט מורא געהאט, אז דער דייטש זאָל זיך ניט איבערעסען און האט געוואָלט איהם ווארנען, ער האט זיך אָבער געשעהמט פאר זיין יונגען פריינד און שילער.

איך האב אויפגעפאסט א מינוט, ווען דער שטרייט האט אביסעל אויפ־געהערט, און איך האב געפרעגט דעם יונגען כינעזען:

— דענקט איהר, אז די אייזענבאהן איז זיכער געגען רויבער?

— עס איז שווער צו זאגען, האט ער געענטפערט, ביז אהער האט נאך קיין אונגליק פאסירט.

— מען דערצעהלט אָבער, אז עס געפינט זיך ביי דער גרענעץ פון כינא א געפעהרליכער רויבער הויפטמאַן קי־טשאַנג?

— קי־טשאַנג איז ערגעץ ווייט פון דאַנען, האט דער יונגער כינעזע געענט־פערט.

ער האט ארויסגעזאגט דיעזעס וואָרט גאנץ אנדערש, וויא איך. אזוי איז שוין די כינעזישע שפראכע: ווער עס קען זיא שרייבען, דער קען זיא ניט רעדען. זעלבסטפערשטענדליך, אז איך רעד פון פרעמדע, ניט פון כינעזען. אין אייראפא איז אָנגענומען, אז ווען מען קען א שפראכע לעזען און שרייבען, קען מען זיא אויך רעדען. אין דער וואהרהייט אָבער איז עס פיעל לייכטער זיך אויסצולערנען לעזען און שרייבען א שפראכע, אלס זיא צו רעדען: לעזען און שרייבען קען מען זיך אויסלערנען פון ביכער, רעדען אָבער מוז מען לערנען פון לעבעדיגע מענשען. מען מוז וואוינען אין דעם לאנד, וואו דיעזע שפראכע ווערט גערעדט, יאָהרען לאנג אום זיא ריכטיג צו רעדען.

די כינעזישע שפראכע איז אָבער פיעל שווערער אלס אלע אייראָפעאישע שפראכען צוזאמען, ווייל עס געפינען זיך אין איהר 10—15 ווערטער, וועלכע ווערן געשריעבען גלייך און ווערן אויסגעשפראָכען אנדערש. דאס וואָרט: א־אי האט צעהן בעדייטונגען און זעהר פערשיעדענע בעדייטונגען. מען מוז אלזאָ וויסען וויא אויסצושפרעכען דיעזעס וואָרט, אָבער וויסען איז נאך ניט גענוג, מען מוז עס אויך קענען, ווייל ניט יעדע צונג און ניט יעדע ליפען קענען עס ארויסזאָגען, וויא דער געבארענער כינעזע.

דאס וואָרט קר־משאנג איז, דאכט זיך, אזא געוועהנליכעס וואָרט, אז יעדער קען עס ארויסזאגען, אין דער ווירקליכקייט אָבער זאגט עס דער כינעזע מיט אזא טאָן, אז דער אייראָפּעער קען עס ניט פערשטעהן: זיינע אויערן הערען עס ניט.

דאס האט פּאסירט מיט מיר. ווען טשאן־טשאָ האט ארויסגעזאגט דיעזעס וואָרט, האבען מיינע אויערן עס ניט געהערט. דערפאר אָבער האט עס געהערט דער פירסט כארוסקיאר, ער האט אויפגעהויבען זיינע שארפע, שטעכענדע אויגען און האט אונז צוגעוואָרפען א שטרענגען בייזען בליק.

דאס האט אָבער געדויערט נור א פּאאר אויגענבליקע, דאן האט ער זיך געווענדעט צו זיין פריינד אָדער דיענער חאנדשיר און האט מיט איהם גערעדט שטילערהייט.

## 12טעס קאפּיטעל.

# סאמאַרקאַנד.

שטיל און רוהיג איז געפלויגען אונזער צוג מיט דער שנעללינקייט פון 80 וויאָרסט א שטונדע. אין אייניגע שטונדען וועלען מיר זיין אין סאמארקאנד. מיר וועלען דאָרט שטעהן גאנצע פינף שטונדען, און איך וועל האבען צייט צו בע־טראכטען דיעזע מערקווירדיגע שטאָדט.

סאמארקאנד איז איינע פון דיא עלטסטע שטעדט אין דער וועלט. ווען זיא איז געבויט געוואָרען, ווייס מען ניט, מען ווייס אָבער אז קיראָס דער גרויסער, כורש מלך פרס, דערזעלבער קעניג, וועלכער האט בעפרייט דיא אידען פון גלות בבל, האט זיא בעלאגערט, האט זיא איינגענומען און האט זיא צערשטערט אין יאָהר 529 פאר קריסטוס. דערנאך איז זיא ווידער אויסגעבויט געוואָרען און איז ווידער געוואָרען א גרויסע האנדעלס שטאָדט. אין יאָהר 711 נאך קריסטוס האט זיא אָפּגענומען אן אראבישער פירסט, וועלכער האט געהייסען קיטאיב איבן מאָסלום און האט זיא געמאכט פאר זיין הויפּט־שטאָדט. ער האט געצוואונגען דיא איינוואוינער אָנצונעהמען דעם מחמדאנישען גלויבען און זייט דאמאלס זיינען דיא איינוואוינער פון דער שטאָדט וויא פון דער געגענד ארום מחמדאנער.

אונטער דער הערשאפט פון דיעזע אראבער איז סאמארקאנד ווידער געוואָרען איינע פון דיא גרעסטע און רייכסטע שטעדט אין מיטעל אזיען. דיא

אראבער האבען דארט געגרינדעט שולען און אקאדעמיען, וואו מען האט געלערנט אלערלייא וויסענשאפטען, און סאמארקאנד איז בעריהמט געוואָרען מיט איהרע געלערנטע מענער.

אין 1219 האט זיא איינגענומען דער בעריהמטער וועלט ערֹאבערער דשענגיס חאן, איינער פון דיא גרעסטע קריעגס העלדען פון דער וועלט. הונדערט און פונפציג יאָהר שפעטער, אין 1369, האט זיא אָפגענומען דער צווייטער גרעסטער עראָבערער פון דער וועלט טימור אָדער טאמערלאן און האט זיא געמאכט צו זיין הויפט שטאָדט. שפעטער האט כינא אָפגענומען סאמארקאנד, דאן האט בוכארא אָפגענומען דיעזע שטאָדט פון כינא. ענדליך אין 1868 האט רוסלאנד אָפגענומען סאמארקאנד און האט זיא געמאכט צור הויפט־שטאָדט פון דער פראָווינץ טורקעסטאָן.

סאמארקאנד איז אלזאָ א העכסט אינטערעסאנטע שטאָדט, וועלכע איך מוז בעזוכען און זעהן אלעס, וואס איז ווערטה צו זעהן, צו בעטראכטען און צו בע־שרייבען. דאס קען מיר גיבען מאטעריאל פאר א לאנגען ארטיקעל.

איך האב אויסגעזוכט דער רוסישען מאיאָר און האב איהם געפרעגט, אויב ער וועט געהן מיט מיר זעהן סאמארקאנד.

— מיט פערגניגען, האט מאיאָר נולין געענטפערט.

קוים איז דער צוג אָנגעקומען אויף דיא סטאציאָן סאמארקאנד, בין איך און מאיאָר נולין אראָפגעגאנגען פון צוג.

— ארבא! ארבא! האט מען געשריען פון אלע זייטען.

— וואס איז דאס? האב איך געפרעגט.

— דאס איז א סאָרט דראָשקע, א וואָגען נאך דער אלטער אזיאטישער מאָדע, דאס הייסט א גרויסער קאסטען אויף פיער רעדער.

מאיאָר נולין האט צוגערופען אן ארבא און איך האב געהאט דיא געלעגענ־הייט צו בעטראכטען דיעזע זאָנדערבארע אזיאטישע דראָשקע. זיא איז ווירקליך ווערטה צו בעטראכטען, זיא איז ווירקליך א קאסטען אויף פיער רעדער, אָבער איינגעטהיילט אין אבטהיילונגען. יעדער פאסאזשיר זיצט זיך אין א בעזונדערן קאסטען.

מיר האבען זיך אריינגעזעצט אין צווייא קעסטלעך איינער לעבען אנדערן און דיא ארבא איז געפאָהרען נאך סאמארקאנד.

דיא שטאָדט סאמארקאנד, וויא אלע שטעדט, וועלכע רוסלאנד האט אָפ־גענומען אין מיטעל אזיען, בעשטעהט פון צווייא טהיילע, צווייא פערשיעדענע

שטעדט. דיא נייע שטאָדט, וואו עס וואוינען דיא רוסישע בעאַמטע און פיעלע רוסישע קויפלייטע, אלזא דיא רוסישע שטאָדט, און דיא אַלטע שטאָדט אָדער דיא מחמדאַנישע שטאָדט, וואו עס וואוינען דיא מחמדאַנער.

אין דער נייער שטאָדט איז ניטאָ וואס צו זעהן, ווייל עס איז א גאנץ גע־וועהנליכע רוסישע שטאָדט, וויא יעדע ניט גאנץ גרויסע רוסישע שטאָדט. אינטע־רעסאנט איז אָבער דיא אַלטע שטאָדט, דיא אַראַביש־טאטאַרישע שטאָדט, ווייל אין איהר געפינט מען א שטיק וועלט־געשיכטע, געשריעבען ניט מיט אויף פערגא־מענט פארמעט, אָדער פאפיער, זאָנדערן אין שטיין, אין געביידען, אין מאָנומענטען פון פערגאנגענע צייטען.

צווישען דער רוסישער שטאָדט און דער אַראַבישער שטאָדט סאמארקאנד געפינט זיך דיא פעסטונג, „קרעפּאָסט,“ וויא עס הייסט אויף רוסיש. מאיאָר נולין האט מיר געוויעזען דאס מאָנומענט, וועלכע דיא רוסען האבען אויפגעשטעלט צום אנדענקען אן דיא סאָלדאטען, וועלכע זיינען געפאלען בייא דער איינאַהמע פון דער שטאָדט אין 1868. דיעזעס מאָנומענט געפינט זיך לעבען דעם אַלטען פּאַלאַץ פון עמיר פון בוכארא, ווייל סאמארקאנד האט דאמאלס געהערט צו בוכארא און דער עמיר־הערדשער, פון בוכארא פלעגט דאָרט פערברענגען איינינע מאָנאטע אין יאָהר.

דאס מאָנומענט האט מיך ניט איבערראשט, עס איז א מאָנומענט, וויא פיעלע אנדערע אין אזא פאל: א הויכע שטיינערנע זייל און אויבען שטעהט א רוסישער סאָלדאט מיט א ביקס. אלזאָ ניכטס נייעס און ניכטס בעזאָנדערעס.

אין איינינע מינוט זיינען מיר אריבער געפאָהרען אין דיא אַלטע שטאָדט און מיר זיינען אָנגעקומען אויף א גרויסען פלאַץ, סקווער, פלאַשטשאד אויף רוסיש, וועלכער הייסט ריגיסטאן. דאָרט געפינען זיך דיא אַלטע, האלב איינגעפאַלענע גע־ביידען פון דרייא מעדרעשעס — בית המדרש, — אַראַבישע שולען, וואו קינדער און אויך דערוואקסענע לערנען אַלע מעגליכע קענטניסע און וויסענשאפטען.

אמאל זיינען דיעזע מעדרעשעס — מדרש — בתי מדרשים — געוועזען זעהר בעריהמט. דיא גרעסטע אַראַבישע געלערנטע פלעגען דאָרט האלטען פאָרלעזונגען איבער פערשיעדענע וויסענשאפטען, היינט זיינען זייא אָרימע קינדער שולען — חדרים, — וואו דיא מיללאַהס־מחמדאַנישע גייסטליכע — לערנען דיא קינדער לעזען און שרייבען אַראַביש, און פערשטעהן און ערקלערן דעם קאָראַן, — דיא תורה פון מחמד.

מיר זיינען געפאָהרען ווייטער און אריינגעקומען אין דיא טאטארען שטאָדט. דיא גאסען זיינען זעהר שמאל, דיא הייזער האבען מייסטענס נור איין שטאָק און האבען קיינע פענסטער אויף דער גאס. יעדעס הויז האט א גרויסען הויף און אלע פענסטער זיינען אין הויף. דיא טאטארען שטאָדט וואלט געווען זעהר לאנגווייליג פאר אן איינראָפּעער, ווען עס זאָלען זיך ניט געפינען אין איהר 85 מאָשען — בתי תפילה — געבעט הייזער, און 17 מעדרעשעס. דיא מאָשען זיינען מייסטענס זעהר שעהן און עס איז ווערטה צו זעהן א מעדרעשע מיט זיין גרויסען, גוט גע־פלאַסטערטען הויף, מיט זיינע גרויסע העלע צימער, וואו קינדער און דער־וואקסענע מענשען זיצען מיט דיא היטלען אויפ'ן קאָפּ און שטודירען דעם קאָראן.

לעבען אייניגע פון דיזע מעדרעשעס געפינען זיך דיא קברים פון מהמדאנישע הייליגע. אין איין אָרט האט מען אונז געוויזען דעם קבר פון א זעהר גרויסען היי־ליגען, וועלכער האט געהייסען קאסים בן אבבאס. און מען האט אונז דערצעהלט, אז ווען מען זאָל עפענען זיין קבר, וועט ער ארויסקומען לעבעדיג און ער וועט שיינען וויא דיא זונן אין מיטען טאָג. זעלבסטפערשטענדליך, אז ניט איך און ניט מאיאר נולין האבען ניט פּראָבירט עפענען דעם קבר פון דעם הייליגען קאסים בן אבבאס, און וויא עס וויזט אויס, האט עס ביז אהער נאך קיינער ניט געטאָהן, און דער הייליגער שלאָפט דאָרט גאנץ רוהיג זיין אייביגען שלאָף.

דאס מערקווירדיגסטע אָבער איז דיא מאָשעע גור עמיר, דאס גרעסטע היילינטהום פון סאמארקאנד, וויל דאָרט געפינט זיך דער קבר פון טאמערלאן. דער גרעסטער העלד, דער גרעסטער עראָבערער, אָבער אויך דער שרעקליכסטער און גרויזאמסטער מענש פון פיערצעהנטען יאהרהונדערט. ער האט אָבגענומען פּערזיען, אינדיען, כינא, סוריען, קליין אזיען, רוסלאנד ביז צו דער וואָלגא און ביז צום אזאָווישען מעער, און האט געפאנגען דעם טערקישען סולטאן באיאזעט I.

דיא געשיכטע דערצעהלט פון איהם, אז אין דער שטאָדט דעלהי, אין אינדיען, האט ער געהייסען טייטען הונדערט טויזענד געפאנגענע. אין דער שטאָדט באגדאד האט ער געהייסען אויפבויען א פּיראמידע פון אכציג טויזענד מענשען־קעפּ. דיא וועלט האט געציטערט פאר איהם און ער וואָלט געווים אָפּגענומען דיא גאנצע וועלט, ווען ער וואָלט ניט געשטאָרבען פּלוצלינג אין 1405, ווען ער איז אלט געווען 72 יאָהר.

יעצט ליעגט ער רוהיג אין זיין ענגען, שטיינערנעם קבר אין דער מאָשעע גור עמיר. לעבען איהם ליעגען זיינע פיער זיהן. זייערע קברים זיינען בעדעקט מיט

שוואַרצע שטיינער, אויף וועלכע עס זיינען אַנגעשריעבען אויף אַראַביש זייערע העלדענטהאַטען אין דיא לענדער, וועלכע זיי האבען אָפּגענומען.

פון דער מאָשעע גור עמיר זיינען מיר געפאָהרען צו דעם פּלאַץ, וועלכער הייסט ריבי־חאנום, וויל אין דער מיט שטעהט א מאָשעע, וועלכע הייסט ריבי־חאנום. דאָרט געפינען זיך דיא קברים פון טאַמערלאַן'ס א פרוי, וועלכע האט אַזוי געהייסען. טאַמערלאַן האט געהאט פיעלע פרויען, אָבער ריבי־חאנום איז געווען זיין געליעבטעסטע פרוי, זיין קעניגין, און דאָרום ליעגט זיא אין א מאָשעע.

ניט ווייט פון ריבי־חאנום געפינט זיך דער באַזאַר, דער מאַרק פון דער שטאָדט, וואו מיר האבען געזעהן אלערליי וואַארען, וועלכע ווערן דאָרט פערקויפט. סאַמאַרקאַנד איז ווירקליך א האַנדעלס שטאָדט, א גרויסע האַנדעלס שטאָדט, דאס קען מען לייכט זעהן אויפ'ן באַזאַר. פּערזיען, כינאַ, אַפגאַניסטאַן און רוסלאַנד שיקען זייערע טהייערסטע וואַארען נאָך סאַמאַרקאַנד און דאָרום זעהט מען אַזוי פיעל פערשיעדענע מענשען אויף דיעזען באַזאַר, עס פעהלט דאָרט זאָגאַר ניט דער איד, וועלכער קויפט, פערקויפט, פערמיטעלט, מאַקלערט, און ברענגט לעבען און בעוועגונג אין דיעזען בעלעבטען פּלאַץ.

אונטערדעסען איז שפּעט געוואָרען און מאַיאָר נולין האט מיר דערמאָנט, אז עס איז צייט צו פאָהרען צום באַהנהאָף. קוים זיינען מיר ארויס געפאָהרען עטליכע שריט פון דער שטאָדט, האבען מיר דערזעהן צוויא רייטער אויף בייסיקעלס — וועלאָסיפּעדס — אונז ענטגעגען קומען.

— אָט האט איהר דיא נייעסטע אייראָפּעאישע ציוויליזאַציאָן אין מיטעל אַזיען, האט מאַיאָר נולין געזאָגט.

— נון, דאס זיינען געוויס אייראָפּעער, האב איך געענטפערט.

קוים האב איך עס ארויס געזאָגט, זיינען דיא בייסיקל־רייטער צוגעקומען צו אונז. — דאס זיינען געווען צוויא עכטע טאַטאַרען.

## 13טעס קאַפּיטעל.

## דער בלינדער פּאַסאַזשיר.

מיר זיינען אַנגעקומען פונקט אין דער צייט. איינינע מינוט שפּעטער האט דער צוג געריהרט. דיא נעכסטע סטאַציאָן, וואו מיר וועלען בלייבען שטעהן א לענגערע צייט, איז דיא שטאָדט טאַשקענט.

— דיעזע נאכט מוז איך שוין אריינגעהן אין באנאזש־וואגאן און מיך בע־קענען מיט דעם געהיימניספאלען פאסאזשיר אין קאסטען, האב איך געזאגט צו מיר אליין.

אזוי וויא מיר האבען קיין צייט געהאט צו עסען מיטאג אין סאמארקאנד, האב איך געגעסען אין וואגאן.

ביים עסען האב איך געזעהן, אז מאיאר גולין קאזט גיט אראפ אן אויג פון דעם פירסט סארוסקיאר. ער בעטראכט איהם, ער בעאבאכטעט איהם, ער קוקט זיך צו צו יעדער מינע, וואס דער פירסט מאכט.

— וואס זאל דאס הייסען? האב איך געפרעגט זיך אליין, געפינט דער מאיאר, אז דיעזער טאטארישער פירסט איז ניט דאס, וואס מיר מיינען? — מאיאר גולין איז א קלוגער מאן, א געלערנטער מאן. ער האט פערבראכט פיעלע יאהרען אין מיטעל אזיען אלס דאקטאר און ער קען געוויס זעהר גוט דיא איינ־וואוינער פון דיעזע געגענדען. ער פערשטעהט פיעלע אזיאטישע שפראכען, עס מוז אלזא זיין עפעס ניט גלאט מיט דיעזען פירסט סארוסקיאר.

איך האב געוואלט פרעגען דעם מאיאר, פאר וואס ער האט זיך אזוי צוגע־קוקט צו דיעזען מאן, אבער עס איז מיר געווען אונמעגליך, ווייל דער מאיאר איז געזעסען ווייט פון מיר און איז אויך באלד אוועקגעגאנגען. ער איז געווען מיעד פון אונזער שפאציער אין סאמארקאנד. איך בין אויך מיעד געווען אבער איך האב ניט געקענט דענקען פון זיך לעגען שלאפען. היינט ביי נאכט מוז איך רעדען מיט'ן בלינדען פאסאזשיר.

עס איז שוין האלב נאך אכט. אין דרויסען איז פינסטער, א קאלטער ווינד וועהט פון דיא סטעפעס. עס איז אונמעגליך צו שטעהן אין דרויסען אויף דיא פלאטפארמס פון דיא וואגאנעס. דיא פאסאזשירען הייבען אן צו געגעצען און זיך צו לעגען שלאפען. דאס דארף איך. מיר וועלען אנקומען אין טאשקענט מארגען, זיעבען אוהר אין דער פריה. ביי נאכט וועלען מיר בלייבען שטעהן ביי דיא קליינע סטאציאנען נור צו עטליכע מינוט. עס איז אלזא דיא בעסטע געלעגענהייט מיך צו זעהן מיט דעם בלינדען פאסאזשיר.

נעגען צעהן אוהר בין איך דורכגעגאנגען אלע וואגאנס און בין צוגעקומען צו מיין בעקאנטען, דעם קאנדוקטאר פאפאוו.

— מיר וועלען האבען א רוהיגע נאכט און איך ראטה אייך, איהר זאלט זיך לעגען שלאפען, האט ער געזאגט צו מיר.

— און איהר, פּאַפּאַו ? ווערט גאר ניט שלאָפען ?

— איך וועל אויך האָפען א דרימעל, האט ער געענטפערט מיט א שמייכעל.

איך בין צוריק נעגאנגען אין מיין וואגאָן, האב מיך געזעצט אויף מיין בעט און האב געוואכט. עס האט מיך געקאָסט פיעל מיה, איך זאָל ניט אנטשלאָפען ווערן, אָבער איך האב עס אויסגעהאלטען. נאך עלף זיינען שוין אלע געשלאָפען, וויא דיא נעהרג'עטע. איך בין דורכגעגאנגען אלע וואגאָנס און האב ניט געפונען ניט איין וואכענדען מענשען.

— יעצט איז דיא צייט צו בעזוכען מיין בלינדען פּאסאזשיר, האב איך געזאגט צו זיך אליין.

איך בין ארויסגעגאנגען פון וואגאָן, האב איבערגעשפּאנט דיא פּלאטפאָרם פון דעם באגאזש־וואגאָן, האב פאָרזיכטיג און שטילערהייט געעפענט דיא טהיר און בין אריינגעגאנגען. אין באגאזש־וואגאָן איז פינסטער, וויא אין א קבר. איך מוז טאפּען מיט דיא הענט און געהן זעהר פאָרזיכטיג, איך זאָל ניט פאַלען איבער א קאסטען.

מיט שווערער מיה איז עס מיר געלונגען צו צו קריעכען צו דעם קאסטען פון מיין בלינדען פּאסאזשיר. ער איז פינסטער.

— וואס זאָל עס הייסען ? זאָל ער האבען ארויסגעגאנגען פון זיין קאסטען ?

איך האב צוגעלעגט מיין אויער צום קאסטען און הער, וויא ער אטהעמט. אלזאָ ער שלאָפט אויך.

— איך מוז איהם אויפוועקען, האב איך געזאגט צו זיך אליין און האב אָנגעהויבען צו קלאפּען גאנץ שטיל אן דעם דעקעל פון קאסטען.

דאס האט געווירקט. אין איינינע מינוטען האב איך געהערט, וויא א שוועבעלע האט א קנאק געטאָהן און א קליינע לאָמפּ האט זיך אָנגעצונדען. יעצט זעה איך מיין פּאסאזשיר דורך דיא לעבער פון קאסטען.

— עפענט און קומט ארויס, איך בין אייער פריינד, האב איך געזאגט.

דיא לאָמפּ איז פערלאָשען געוואָרען און קיינער האט מיר ניט געענטפערט.

— איהר זייט א רומעניער און איך בין א פראנצויז, האב איך ווייטער געזאגט, א פראנצויז איז שטענדיגער פריינד פון א רומעניער.

— זיים איהר א פראנצויז? האט א שטימע פון קאסטען געפרעגט.

— יא, מיין פריינד, איך בין א פראנצויז און איך מיין עס גוט מיט אייך.

דאס קליינע לעמפעלע האט זיך ווידער אָנגעצונדען, דאס דעקעל פון קאסטען האט זיך אראפּגערוקט און איך קען יעצט זעהן מיין בלינדען פּאַסאזשיר.

— הערט אונז קיינער ניט? האט ער געפרעגט מיט א פערשטיקטער שטימע.

— קיינער איז ניטאָ, האב איך געענטפערט.

— וואו איז דער קאָנדוקטאָר?

— ער שלאָפט.

דער בלינדער פּאסאזשיר האט אָנגעחאפּט מיינעביידע הענד, האט זיי צוגעדריקט צו זיין הערצען און האט געזאגט מיט א שטילער, בעטענדער שטימע:

— פערראַטה מיך ניט! זאָגט ניט אויס, אז איך פאָהר אין קאסטען.

— אייך פערראַטהען? צו וואס זאָל איך עס טאָהן? האב איך געענטפערט, אים געגענטהייל, איך וויל, איהר זאָלט פאָהרען אין קאסטען ביז פּעקין, דאן וועל איך האבען וואס צו בעשרייבען אין מיין צייטונג.

— אזוי? אידר זייט א צייטונגס שרייבער?

— יא, איך הייס קלאָד סען־סיר און בין א ספּעציאל קאָררעספּאָנדענט פון דער גרויסער פראנצייזישער צייטונג „דאס 20סטע יאהרהונדערט“, האב איך גע־ענטפערט.

— פאָהרט איהר נאך פּעקין?

— איך פאָהר גלייך נאך פּעקין.

— אָה! דאן האט גאָט אליין אייך צוגעשיקט! האט דער בלינדער פּאַסאזשיר אויסגערופען פול פרייד.

— עס קען זיין, אז גאָט האט מיך צוגעשיקט צו אייך, עס קען אָבער אויך זיין, אז דיא פערוואלטער פון מיין צייטונג האבען מיך געשיקט און דורך א צופאל בין איך געוואָהר געוואָרען, אז איהר פאָהרט נאך פּעקין אין א קאסטען. זאָגט מיר, וואס קען איך טאָהן פאר אייך. איך וועל טאָהן אלעס, וואס איך וועל נור קענען אום אייך צו מאכען אייער רייזע בעקוועם.

— איך דאנק אייך פון מיין גאנצען הערצען ! האט ער אויסגע־רופען.

— וויא הייסט איהר ? האב איך געפרעגט.

— קינקא.

— קינקא איז א שעהנער נאמען.

— א שעהנער נאמען ? פאר וועמען ?

— פאר מיר. עס איז א שעהנער נאמען פאר א צייטונגס ארטיקעל. — פון וואנען זייט איהר ?

— פון בוקארעסט.

— איהר רעדט גאנץ גוט פראנצייזיש.

— ווייל איך בין געווען פיער יאהר אין פאריז.

— וואס האט איהר דארט געטאהן ?

— איך בין א מעבעל ארבייטער.

— ווארום זייט איהר אלזא ניט געבליעבען אין פאריז ?

— ווייל איך האב מיך פערליעבט. —

— אין מאדעמואזעל זינקא מארקילעסקו ? האב איך איהם אונטער־בראכען.

— יא, אין מאדעמואזעל זינקא מארקילעסקו, האט ער געענטפערט. פון וואנען ווייסט איהר, וויא מיין געליעבטע הייסט ?

— עס איז אנגעשריעבען מיט גרויסע בוכשטאבען אויף אייער קאסטען, האב איך געענטפערט.

— גאנץ ריכטיג.

— וואו האט איהר זיך פערליעבט אין איהר ?

— אין פאריז. זיא האט זיך געלערנט צו מאכען דאמען־היטע, זיא איז א גרויסע קינסטלערין און זיא ליעבט מיך. מיר וואלטען געהייראטהעט אין פאריז, אבער דיא פירמא, וואו זיא האט געארבייטעט, איז אוועק געפאהרען נאך פעקין און מיין זינקא האט געמוזט מיטפאהרען, ווייל מיר זיינען ביידע זעהר ארים און מען האט איהר צוגעזאגט א גוטעם געהאלט. מיר פלעגען זיך שרייבען בריעף און אם ענדע האט זיא מיר געראטהען, איך זאל קומען נאך פעקין און דארט וועלען מיר הייראטהען. זיא איז יעצט אים שטאנד צו עפענען אליין א געשעפט, אבער זיא איז ניט אזוי רייך אום מיר צו שיקען אלע רייזע קאסטען.

— אלזא איהר פאָהרט מיט נאכנאחמע? האב איך געפרעגט.

— יא, ווען מען וועט מיך ברענגען נאך פעקין, וועט מיין געליעבטע זינקא בעצאָהלען פאר מיר דיא פראכט. זיא ליעבט מיך זעהר און איך ליעב זיא.

— און דארום האט זיא געהייסען, אז מען זאָל אָנשרייבען אויף אייער קאסטען: „פּאָרזיכטיג!“, „גלאָז“, „אפהיטען פון פייכטקייט!“

— איהר לאכט פון מיר? דאס איז ניט שעהן פון אייך, האט דער בלינדער פאסאזשיר געזאגט מיט א פאָרוואורף.

— ניין, פריינד קינקאָ! האב איך געענטפערט, איך פערזיכער אייך נאך אמאל, אז איך וועל טאָהן אלעס, וואס איך וועל נור קענען, אז איהר זאָלט אָנ־קומען אין פעקין געזונד און שטארק. איהר פערשטעהט דאך אליין, אז איך קען מאכען געלד מיט אייך. מיין צייטונג וועט מיר גוט בעצאָהלען, ווען איך וועל בע־שרייבען אייער ליעבע און אייער רייזע אין קאסטען.

— וויא אזוי אָבער האט איהר אויסגעפונען מיין געהיימניס? האט דער רומעניער געפרעגט.

איך האב איהם דערצעהלט אלעס, וויא איך האב אויפ׳ן שיף איבער דעם קאספישען מעער געשלאָפען לעבען זיין קאסטען, וויא איך האב איהם געהערט ניעסען, וויא איך האב ניט אראָפּגעלאָזען קיין אויג פון איהם, ביז איך האב אלעס אויסגעפונען.

קינקאָ האט מיר יעצט געוויזען, וויא זיין קאסטען איז געבויט, וויא ער איז איינגעריכטעט, אז ער קען ליעגען גאנץ בעקוועם און האלטען אביסעל פראָוויאנט ביי זיך.

— איך בין א מעבעל ארבייטער און האב אליין געבויט דיעזען קאסטען, האט ער געזאגט שטאלץ. איך קען ארויסגעהן, ווען איך וויל, איך קען עפענען מיין געפענגניס און קען עס פערשליעסען, ווען איך וויל.

איך האב יעצט בעטראכט דיעזען זאָנדערבארען קאסטען און האב געפונען, אז ער איז ווירקליך א מייסטער־שטיק.

— דאס שווערסטע איז, ווען איך דארף האבען פרישען פראָוויאנט, האט ער ווייטער געזאגט, דאן בין איך אין געפאהר, אָבער מען זאגט, אז עס איז דאָ א בעזונדערער גאָט, וועלכער זאָרגט זיך פאר ליעבענדע מענשען. דיעזער גאָט וואכט איבער מיר אויך. ביז אהער איז עס מיר געלונגען זיך ארויסצוגנב׳ענען און צו קויפען לעבענס מיטעל.

— פון דעסטוועגען ראטה איך אייך, טהוט עס נים נאך אמאל; עס איז דאך געפעהרליך. זאגט מיר, וואס איהר דארפט, און איך וועל עס אייך בע־זארגען.

— אה! איך דאנק אייך זעהר, הערר סען־סיר! — נאך עפעס, איך האב זעהר מורא פאר דעם צאָלל־אמט — טאמאזשניא — אין קאשנאר. מען האט מיר געזאגט, אז אין קאשנאר, וואו עס איז דיא גרענעץ צווישען כינא און רוסלאנד, עפענט מען אלע קאסטענס. וואס וועט זיין, ווען מען וועט מיך דאָרט גע־פינען?

— איך וועל טאָהן אַלעס, וואס איך וועל נור קענען אום אייך צו רעטען, האב איך געענטפערט.

— איך זאג נאך אמאל, אז נאָט אליין האט אייך צוגעשיקט מיר צו העלפען, האט דער רומעניער אויסגערופען פול פרייד.

ער האט מיר נאך אמאל געדריקט דיא הענד, און האט געפרעגט:

— מיט וואס קען איך אייך אפדאנקען, הערר סען־סיר?

— דערמיט וואס איהר וועט מיך איינלאדען אויף אייער האָכציים מיט דער שעהנער זינקא, האב איך געענטפערט.

— אָה, יא! זינקא וועט זיין גליקליך אייך צו זעהן אויף אונזער האָכ־ציים!

מיר האבען נאך גערעדט איינינע צייט. קינקאָ האט מיר געזאגט, וועלכע לעבענס־מיטעל ער דארף און מיר האבען זיך צושיידט אלס דיא בעסטע פריינד אין דער וועלט.

— מאָרגען ביי נאכט קום איך ווידער צו אייך, האב איך געזאגט פאר מיין אוועקגעהן.

איך בין צוריקגעגאנגען אין מיין וואגאן העכסט צופריעדען, איך האב גע־וואוסט, אז מיינע ציימונג וועט זיין צופריעדען מיט מיר, ווען איך וועל בעשרייבען דיא געשיכטע פון דער שעהנער זינקא און דעם שעהנעם קינקאָ.

איך האב מיך געלעגט שלאָפען און בין באלד אנטשלאָפען גע־ווארען.

---

### 14טעס קאפיטעל.

## טאשקענט און האָדשענט.

איך בין געשלאָפען דיעזע נאכט אזוי געשמאק, אז איך האב ניט געהערט, ווען דער צוג איז אָנגעקומען אין טאשקענט און איך וואָלט געוויס פערשלאָפען דיעזע שעהנע שטאָדט, ווען מיין גוטער פּאַפּאָוו זאָל מיך ניט געווען אויפוועקען און מיר זאָגען:

— טאשקענט, צווייא שטונדען!

איך בין אויפגעשפרונגען, וויא איין אָפּגעבריהטער. טאשקענט איז א וויכטיגע שטאָדט אין מיטעל אזיען, און איך האב נור צווייא שטונדען צייט זיא צו זעהן. וואס קען מען זעהן אין צווייא שטונדען?

איך האב באלד אויפגעזוכט מאיאָר נולין און האב איהם געבעטען, ער זאָל פאָהרען מיט מיר זעהן און בעטראכטען טאשקענט. איך האב געוואוסט, אז ער האט געוואוינט א געוויסע צייט אין טאשקענט, אז ער האט געקענט טאשקענט, און דאָרום האב איך איהם געדאַרפט. אָהן איהם וואָלט איך אין צווייא שטונדען גאר ניט געקענט אויפטאָהן.

אויפ'ן וועג צו דער שטאָדט האט מיר מאיאָר נולין דערצעהלט, אז שוין אין 1870 האט דיא רוסישע רעגיערונג בעשלאָסען צו גרינדען אין טאשקענט א יאָהר־מארק, א יריד, וועלכער זאָל ווערן אזוי גרויס און אזוי בעריהמט, וויא דיא יאָהר־מערק — ירידים — פון ניזשני נאָווגאָראָד, אָבער זאָ לאנג עס איז ניט געווען אן אייזענבאהן צווישען מאָסקווא און טאשקענט, פלעגט דער יאָהר־מארק זיין שוואך בעזוכט. ערשט זייט עס האט זיך געעפענט דיא טראנס קאספישע און דיא טראנס סיביר־ישע אייזענבאהן, איז טאשקענט געוואָרען א גרויסע האנדעלס־שטאָדט און דער פּלאַץ פון איינעם פון דיא גרעסטע יאָהר־מערק — ירידים — אין רוס־לאנד.

איך האב מיך באלד איבערצייגט, אז מאיאָר נולין האט רעכט, וועיל קוים זיינען מיר אריינגעפאָהרען אין באזאר פון טאשקענט, האב איך דאָרט געפונען מעהר אידען, וויא אין אלע אנדערע שטעדט פון מיטעל אזיען. דיא אידען זיינען העכסט צופריעדען מיט רוסלאנד, וועיל זייט רוסלאנד האט אָפּגענומען דיא לענדער פון מיטעל אזיען, האבען זיי, דיא אידען, אלע בירגער רעכטע גלייך מיט דיא

מחמדאנער. — אונטער דער הערדשאפט פון דיא טאטארען פלעגען דיא אידען מוזען טראגען בזאנדערע קליידער, אדער וועניגסטענס א צייכען אויף זייערע קליידער, אז זיי זיינען אידען. זיי פלעגען ניט טארען וואוינען איבעראל, זיי האבען געמוזט וואוינען אין געוויסע קווארטאלען. זיי פלעגען ניט טארען רייטען אויף אן עזעל אין שטאדט, זאנדערן געהן צו פוס און ווען זיי פלעגען בעגעגענען א מחמדאנער, פלעגען זיי מוזען איהם אפטרעטען דעם וועג. יעצט אונטער דער הערשאפט פון רוסלאנד מעגען זיי וואוינען, וואו זיי ווילען, מעגען זיי געהן, פאהרען און רייטען, וויא זיי ווילען, און זיי האבען אלע בירגער רעכטע וויא דיא מחמדאנער.

זאנדערבאר איז עס אבער, אז נור דיא אידען, וועלכע האבען פריהער גע־וואוינט אין מיטעל אזיען, האבען דיעזע רעכטע, אידען, וועלכע קומען פון רוסלאנד און פון פאלען, טארען זיך ניט בעזעצען אין דיא שטעדט פון מיטעל אזיען.

אין טאשקענט האב איך צום ערשטען מאל געזעהן פיעלע טאטארישע פרויען אין דיא גאסען. מאיאר נולין האט מיר דערצעהלט, אז דיא מחמדאנער זיינען שטארק ברוגז, פאר וואס דיא רוסישע רעגיערונג האט זיי פערבאטען צו שלאגען זייערע ווייבער. — „וויא קען מען הייראטהען א פרוי, ווען מען טאר זיא ניט שלאגען?“ האט מיך אמאל געפרעגט אן אלטער טאטאר, האט מאיאר נולין מיר דערצעהלט.

דער אזיאט איז שוין אזוי געוואוינט געווארען צו בעהאנדלען זיינע פרויען אלס שקלאפינען, אז ער קען גאר ניט פערשטעהן, וויא אזוי א רעגיערונג קען עס ניט ערלויבען צו שלאגען א פרוי. וויא עס ווייזט אויס, האבען דיא פרויען פון יענע געגענדען געוואוסט, וויא זיך צו בענוצען מיט דיא געזעצע פון רוסלאנד און ניט איין מאן האט געמוזט ליידען א שווערע שטראף פאר שלאגען זיין פרוי.

טאשקענט איז א בליהענדע שטאדט. זיא געפינט זיך אין א שעהנער, בליהענדער ווארעמער געגענד, א וואהרער פאראדיז, — א גן־עדן. ניט אומזיסט דערצעהלען זיך דיא טאטארען, אז אין טאשקענט איז געווען דער פאראדיז, וואו דיא ערשטע מענשען, אדם און חוה, האבען געוואוינט, איידער זיי האבען געגעסען פון עץ הדעת.

א פיערטעל נאך ניין אוהר זיינען מיר ארויסגעפאהרען פון טאשקענט, אונזער נעכסטע סטאציאן, וואו מיר וועלען שטעהן דרייא שטונדען, איז חאדשענט, א גרויסע שטאדט ביים טייך סיר־דאריא.

געגען דרייא אוהר נאך מיטאג זיינען מיר אנגעקומען אין חאדשענט. דאס

קלימא איז היער נאך ווארעמער, וויא אין מאשקענט, וויל חאדשענט איז איינגע־שלאסען פון בערג, וועלכע האלטען אפּ דיא קאלטע ווינטען פון סיביר.

אויפ'ן באזאר פון חאדשענט האב איך בעגעגענט מיינע לאנדסלייט, דיא קאטרענס, דעם אקטער און דיא אקטריסע פון פאריז. קוים האבען זיי מיך דערזעהן, זיינען זיי צוגעלאָפען צו מיר און הערר קאטרען האט אויסגערופען:

— חאדשענט איז א שטאדט! איך וועל קיין מאל ניט פערגעסען דיא שטאדט חאדשענט!

— וואס האט איהר דא געפינען?

— זעהט, הערר סען סיר, בעטראכט נור דיזע אפריקאָסען! פאר צווייא פונט האב איך בעצאהלט פיער רוסישע קאָפּיקעס, אין פאריז זיינען זיי ווערטה א האלבען פראנק.

עס זיינען ווירקליך געווען גרויסע, שעהנע אפריקאָסען, וויא מען געפינט זעלטען אין פאריז.

— דאס זיינען דיא עפּעל פון מיטעל־אזיען, האב איך געזאגט צום שפאס. אונזער מוטער חוה האט זיך ניט געקענט איינהאלטען, ווען זיא האט דערזעהן אזא שעהנע פרוכט, און זיא האט געגעסען.

— אויב אזוי, מוזען מיר איהר ענטשולדיגען, האט מאדאם קאטרען געזאגט.

מיט'ן זאגען אליין איז זיא אבער ניט צופריעדען געווען, זיא האט אויך גע־וואלט בעווייזען, אז זיא ענטשולדיגט מוטער חוה, וואס זיא האט געגעסען פון עץ הדעת, און מאדאם קאטרען האט עס בעוויעזען דערמיט, וואס זיא האט אנגע־הויבען צו שלינגען דיא שעהנע אפריקאָסען מיט אזא שעהנעם אפּעטיט, וויא דיא מוטער חוה האט געשלונגען דיא פרוכט פון עץ הדעת.

איך האב אבער ניט פיעל צייט געהאט מיך צו קוויקען מיט דעם שעהנעם אנבליק, וויא מאדאם קאטרען האט געגעסען דיא אפריקאָסען. איך מוז נאך זעהן און בעטראכטען חאדשענט.

ליידער, האב איך ניט וואס צו בעשרייבען. דיא אזיאטישע שטעדט זיינען זעהר עהנליך איינע צו דער אנדערער, ווען מען בעשרייבט איין שטאדט, קען מען שוין וויסען, וויא דיא אנדערע ווייזט אויס.

איך בין אלזא האסטיג דורכגעלאָפען דעם באזאר פון חאדשענט, האב בע־טראכט איינינע מאשעען און א פאאר מעדרעסעס, איך האב געקויפט צווייא פונט

אפריקאַסען פאַר מיין בלינדען פּאַסאַזשיר און בין צוריק געגאַנגען צום באַהנהאָף. אין חאַדשענט געפינט זיך א צווייג־ליניע, וועלכע פעראייניגט דיא טראַנס־קאַספּישע אָדער מיטעל אַזיאַטישע אייזענבאַהן מיט דער סיבירישער אייזענבאַהן. פון חאַדשענט צוטהיילען זיך אַלזא ביידע באַהנען: דיא טראַנס־קאַספּישע נעהמט נאָך זידען — דרום זייט — און דיא סיבירישע נעהמט נאָך נאָרדען — צפון זייט.

ווען מיר זיינען אַרויסגעפאַהרען פון חאַדשענט, בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז דיא נעכסטע סטאַציאָן, וואו מיר וועלען שטעהן צווייא שטונדען איז קאָקאַנד, אָבער מיר וועלען דאָרט אָנקומען אום צווייא אוהר ביי נאַכט. — וואס קען מען טאָהן אום צווייא אוהר נאָך האַלבע נאַכט? וויא קען מען זעהן א שטאָדט אַזוי שפּעט ביי נאַכט? איך וויל אָבער דאָך עפּעס שרייבען איבער קאָקאַנד, ווייל איך וויים, אַז קאָקאַנד איז ערשט ניט לאַנג געווען דיא הויפּט־שטאָדט פון א בע־זונדערן חאַנאַט, א פרייעס, אונאַבהענגיגעס פירסטענטהום.

— איך מוז בעטען מאַיאָר נולין, ער זאָל מיר דערצעהלען אַלעס, וואס ער וויים פון קאָקאַנד, האב איך געזאַגט צו מיר אַליין.

איך בין דורכגעגאַנגען דיא וואַגאָנס און האב געפונען אַלע מיינע בעקאַנטע. מיסטער אָליפלט לאַנגהעד זיצען לעבען מיסס האָרעשע בלויז אַז זיי זיינען אַזוי פערטיעפט אין זייער אונטערהאַלטונג, אַז זיי בעמערקען מיך גאר ניט. וואַהרשיינליך האבען זיי זעהר פיעל צו רעדען פון פאַלשע האאר און פאַלשע צעהנער.

— עס איז אויך א ראָמאַן, אָבער דער ראָמאַן פון מאַדעמואַזעל זינקאַ גע־פעלט מיר בעסער, האב איך געזאַגט צו זיך אליין. מאַדעמואַזעל זינקאַ ליעבט וועניגסטענס עהרליך און בעציהט איהר געליעבטען אין קאַסטען אלס בלינדען פּאַ־סאַזשיר, מיסס בלויז אָבער ליעבט דעם אַמעריקאַנער נור דערפאַר, ווייל ער קען פערקויפען פיעלע פאַלשע צעהנער. איך בין פעסט איבערצייגט, אַז ווען זיא בעקומט יעצט א דעפּעשע, אַז מען האט ענטזאַגט מיסטער אָליפלט לאַנגהעד פון זיין שטעלע, וואָלט זיא איהם אויך אָפּגעזאַגט פון איהר ליעבע; דערווייל אָבער האט מען איהם נאָך ניט אָפּגעזאַגט פון זיין שטעלע און דיא פאַלשע צעהנער מיט דיא פאַלשע האָאר האַלטען זיך צוזאַמען און רעדען — פון געשעפטען.

די צוויי בינעזען, דער רייכער טשאַן־טשאָאָ און דאָקטאָר טיאָ־קינג, האַלטען זיך אויך צוזאַמען. דער דאָקטאָר לערנט דעם יונגען מאַן, וויפיעל ער זאָל עסען און וויא ער זאָל זיך אויפפיהרען. דער יונגער טשאַן־טשאָאָ הערט איהם אויס גאַנץ אויפמערקזאַם און טהוט אַלעס פערקעהרט, וויא דער דאָק־טאָר הייסט איהם.

ענדליך געפין איך דעם מאיאָר און בעט איהם, ער זאָל מיר בעשרייבען דיא שטאָדט קאָקאנד.

— שאדע, וואס איהר וועט ניט קענען זעהן קאָקאנד, האט מאיאָר נולין געענטפערט, עס איז ווערטה צו זעהן קאָקאנד, ווייל זיא איז געבליעבען א ריין אזיאטישע שטאָדט. קאָקאנד איז געווען דיא הויפּט־שטאָדט פון א מעכטיגעס פירסטענטהום — חאנאט, וועלכעס האט אויך געהייסען קאָקאנד, און ערשט אין 1876 האט עס רוסלאנד אָפּגענומען און געמאכט דערפון א גובערנסקי גאָראָד.

אין קאָקאנד געפינט זיך נאך דער אלטער פּאלאץ פון דיא פירסטען — חאן'ס. דער פּאלאץ געפינט זיך אויף א הויכען בערגעל און איז איינס פון דיא שעהנסטע געביידען אין דער וועלט.

— זיינען דאָ באזארען אין קאָקאנד ? האב איך געפרעגט.

— קען דען זיין אן אזיאטישע שטאָדט אָהן א באזאר ? האט מאיאָר נולין געענטפערט. דער באזאר פון קאָקאנד איז איינער פון דיא גרעסטע און רייכסטע פון אלע מיטעל־אזיאטישע שטעדט. — איבעריגענס, ווען איהר האט געזעהן דיא באזארען פון בוכארא, סאמארקאנד און טאשקענט, קענט איהר שוין זיך לייכט מאכען א פאָרשטעלונג פון דעם באזאר פון קאָקאנד.

איך האב מיר נאָטירט אלעס, וואס מאיאָר נולין האט מיר דערצעהלט פון קאָקאנד, און אזוי וויא מען האט אונז באלד געמעלדעט, אז דאס עסען איז פערטיג, זיינען מיר געגאנגען עסען אין דעם עסס־וואגאָן.

ביים עסען האב איך ווידער בעמערקט, אז מאיאָר נולין לאָזט ניט אראָפּ אן אויג פון דעם מאָנגאָלישען פירסט סארוסקיאר. איך האב עטליכע מאל געוואָלט פרעגען דעם מאיאָר, פאר וואס ער קוקט זיך צו אזוי שטארק צו דיעזען טאטאר, אָבער יעדעס מאָל ווען איך האב געוואָלט שטעלען דיעזע פראגע, האט זיך דער מאיאָר אוועק געקעהרט אָדער ער האט אָנגעהויבען צו רעדען פון עפּעס אנדערש.

נאך'ן עסען זיינען מיר ארויס געגאנגען אויף דער פּלאטפאָרם רויכען א סיגאר. מיט אונז איז ארויסגעגאנגען דער יונגער כינעזע טשאן־טשאָא.

— ווייסט איהר, אז אין איינעם פון דיא וואגאָנס געפינט זיך א טויטער? האט גאר פּלוצלינג מאיאָר נולין געפרעגט דעם כינעזען.

— איך האב געהערט דערפון, האט טשאן־טשאָא געענטפערט.

— ווייסט איהר אָבער אויך, אז דער טויטער איז געווען א גרויסער מאנדאַ־רין, א בעריהמטער מאן אין כינא, וועלכער האט געהייסען יען לו?

— דאס ווייס איך ניט און איך האב קיין מאל ניט געהערט פון א מאנדאַ־רין מיט'ן נאמען יען לו, האט דער כינעזע געענטפערט.

— פון וואנען זייט איהר דען? האט דער מאיאָר געפרעגט.

— פון פעקין, איז געווען דיא אנטוואָרט.

— קענט איהר דיא נעמען פון אלע גרויסע מענער אין פעקין?

— איך בין אויפגעוואקסען אין פעקין און מיין פאטער איז גוט בעקאנט אין פעקין.

— און פון דעסטוועגען האט איהר קיין מאל ניט געהערט דעם נאמען יען לו?

— אין פעקין איז נימאָ א גרויסער מאן מיט אזא נאמען, האט דער כינעזע געענטפערט פעסט און זיכער.

— פיעלייכט איז יען לו ניט געווען א מאנדאַרין, זאָנדערן אזוי א רייכער מאן?

— איך זאג אייך נאך אמאל, אז איך האב קיין מאל ניט געהערט דעם נאמען יען לו, האט דער כינעזע געענטפערט.

מאיאָר נולין האט זיך פערטראכט און איך האב ניט געוואָנט איהם צו שטערען אין זיינע געדאנקען.

15טעס קאפיטעל.

## אין דיא בערג.

דיא זון האט אָנגעהויבען אונטערצוגעהן. דער צוג איז געפלויגען מיט זיין געוועהנליכער שנעלליגקייט, 20 וויאָרסט א שטונדע, אין א פלאכעס סטעפען לאנד. פון דער ווייטענס האט מען געזעהן הויכע בערג.

איך האב אויפגעזוכט דעם קאָנדוקטאָר פאָפאָוו און האב איהם גע־פרעגט:

— וויא הייסען דיעזע בערג?

— זיי הייסען פאמיר, איז געווען דיא אנטוואָרט.

— וואס בעדייטעט דיעזער נאמען?

דיא אדיאטען גלויבען, אז דאס זיינען דיא העכסטע בערג פון דער וועלט, און דארום זאגען זיי, אז דיזע בערג זיינען דער „דער דאך פון דער וועלט", האט פאפאוו געענטפערט, איבעריגענס פערשטעה איך נור איינינע טאטארישע ווערטער, איך וויס נור דיא נעטהיגסטע ווערטער, וועלכע איך מוז רעדען מיט א פאסאזשיר.

— וועלען מיר דורכפאהרען דיזע בערג?

— יא, מיר מוזען זיי דורכפאהרען.

— ווען?

— מיר וועלען אריינפאהרען אין זיי נענען אכט אוהר אבענדס.

— דאס איז שאדע! האב איך אויסגערופען.

פאפאוו האט געשוויעגען. ער איז קאנדוקטאר פון דעם שלאף־וואגאן, ווייטער קימערט ער זיך זעהר וועניג און ער האט רעכט. וואס געהן איהם אן דיא הויכע בערג?

עס איז נאכט געווארען און מיר האבען געמוזט אריינגעהן אין דיא וואגאנס. א לאנגע רייזע איז שטענדיג לאנגווייליג, ביי טאג אבער זעהט מען ווענינסטענס דיא געגענד, וואו מען פאהרט און מען צערשטרייט זיך אביסעל, ביי נאכט ווערט דיא לאנגווייל אונערטרעגליך. דיא ערשטע, דיא צווייטע און דיא דריטע נאכט זוכט מען נאך זיך צו אונטערהאלטען מיט דיא אנדערע פאסאזשירען; ענדליך שעפען זיך אויס אלע געגענשטענדע צור אונטערהאלטונג און מען ווערט מיעד און צובראכען אויס לאנגווייל.

איך האב געזעהן וויא דיא פאסאזשירען געגעצען, וויא זיי לאנגווייל זיך, וויא זיי ווערען בייז, אונצופריעדען מיט זיך אליין און מיט דער וועלט, וויא יעדער האט זיך צוגעפגעדרעהט אין זיין ווינקעלע און האט זיך געמאכט שלאפענדיג.

איך וויל היינט בעזוכען מיין בלינדען פאסאזשיר. איך מוז איהם זעהן, איך מוז מיט איהם רעדען. ערשטענס, האב איך געקויפט פאר איהם אפריקאסען און איינינע אנדערע לעבענסמיטעל. צווייטענס, וויל איך איהםווארנען, ער זאל זיין זעהר פארזיכטיג, ווייל מיר וועלען באלד קומען נאך קאשגאר, דיא גרענעץ צווישען רוסלאנד און כינא. דארט וועט יעדער מוזען ווייזען זיין פאספארט און מען וועט איבערקוקען יעדעס שטיק באגאזש, וועלכעס געהט נאך כינא.

נענען האלב נאך צעהן אוהר איז עס מיר געלונגען צו צוקומען צום באגאזש וואגאן. אין דיא פאסאזשיר וואגאנס איז אלעס שטיל און רוהיג. איינינע

שלאָפען ווירקליך, אנדערע מאכען זיך שלאָפענדיג. פּאָפּאָוו עסט זיין נאכט־עסען אין עסס־וואגאָן.

איך עפען די טהיר פון באגאזש וואגאָן און געה אריין. דאס מאל וויים איך שוין בעסער, וואו עס געפינט זיך דער קאסטען פון מיין בלינדען פּאסאזשיר. איך קום צו צו איהם און קלאפּ אָן שטילערהייט אין קאסטען.

— ווער איז דאָרט? פרעגט מען שטילערהייט.

— איך בין עס, קלאָד סען־סיר.

דאס קליינע לעמפּעלע צינדעט זיך אָן, דאס דעקעל פון קאסטען רוקט זיך ארוים און איך זעה מיין בלינדען פּאסאזשיר.

— נון, וויא געהט עס אייך, מיין פריינד? פרעג איך.

— דערווייל גאנץ גוט, ענטפערט קינקאָ.

איך גיב איהם איבער דיא אפּריקאָסען, דאס ברויט און דיא אנדערע לעבענס־מיטעל, וועלכע איך האב געקויפט פאר איהם. קינקאָ איז העכסט צופריעדען. ער וואָלט געוויס ארויסגעשפּרונגען און וואָלט געטאנצט פאר פרייד, אָבער ער איז דאָך א בלינדער פּאסאזשיר.

— איך וויים גאר ניט, וויא אזוי איך זאָל אייך דאנקען און מיט וואס איך זאָל אייך דאנקען, הערר סען־סיר! רופט ער אוים.

— ווען איהר וויים ניט, וויא אזוי מיר צו דאנקען, דאן דאנקט מיר גאר ניט, ענטפער איך. דאס איז, דאכט זיך, גאנץ איינפאך.

— וויא לאנג וועלען מיר שטעהן אין קאקאנד?

— צוויא שטונדען.

— און ווען וועלען מיר אנקומען אין קאשגאר?

— מאָרגען נאך מיטאג.

— דאָרט איז דיא געפאהר, הערר סען־סיר, זיפצט קינקאָ.

— איהר קענט גאר ניט וויסען, האב איך איהם בערוהיגט, עס קען זיין, אז אלעס וועט אפּלויפען גאנץ גוט.

— מען האט מיר געזאגט אין פאריז, אז דורכצוגעהן א כינעזישע גרענעץ איז פיעל שווערער וויא דורכצוגעהן א רוסישע גרענעץ: מען זוכט, מען טאפּט איבער יעדע זאך, מען פרעגט אוים, מען ווארפט איבער אלעס, האט קינקאָ געזאגט טרויעריג.

— איך האב אויך געהערט דערפון, אָבער מען געהט דאך דורך אלערלייא

גרענעצען, און עס געפינען זיך זאגאר מענשען, וועלכע שמוגלען אריבער וואארען איבער דיא שטרענגסטע בעוואכטע גרענעצען.

איך האב מיר געגעבען אלע מעגליכע מיה צי בערוהיגען מיין בלינדע פאסאזשיר. מיר האבען זיך אזוי אונטערהאלטען נעגען א האלבע שטונדע, דאן האב איך איהם געזאגט: גוטע נאכט! און בין ארויסגעגאנגען פון באגאזשוואגאן.

אלעס איז שטיל, אלעס איז רוהיג. קיינער האט מיך ניט געזעהן, קיינער האט מיך ניט בעמערקט. איך בין רוהיג צוריק געגאנגען אין מיין שלאף־וואגאן און האב מיך געלעגט שלאפען.

זאנדערבאר! וויא מיעד איך בין געווען, האב איך דאך ניט געקענט אנטשלאפען ווערן. איך האב געהערט, וויא דער צוג איז געבליעבען שטעהן אויף פערשיעדענע סטאציאנען. איך בין זאגאר אויפגעשטאנען, ווען דער צוג איז אנגעקומען אין קאקאנד און בין ארויסגעגאנגען אויס דעם וואגאן, עס איז אבער געווען צוויא אוהר ביי נאכט און איך האב געקענט זעהן נור דיא מיעדע, פערשלאפענע געזיכטער פון דיא אייזענבאהן בעאמטע.

צוויא אדער דרייא פאסאזשירען פון אונזער צוג זיינען אראפגעגאנגען אין קאקאנד, צווייא אדער דרייא אנדערע מיט פלאכע געזיכטער, גראבע נעז און קרומע אויגען זיינען אנגעקומען און האבען זיך אויפגעזעצט אויף אונזער צוג. דאס איז אלעס, וואס איך האב געקענט זעהן פון קאקאנד.

איך בין צוריק אריין אין מיין וואגאן און האב מיך געלעגט שלאפען. דאס מאל בין איך באלד אנטשלאפען געווארען גאנץ געשמאק, אבער עס איז מיר ניט בעשערט געווען פיעל צו שלאפען דיעזע נאכט. פלוצלינג האט עס א שליידער געטאהן מיט מיין וואגאן, אז מיר זיינען אלע שיער ניט ארויסגעפאלען פון אונזערע געלעגער.

אלע זיינען אויפגעשפרונגען, וויא דיא אפגעבריהטע, זאגאר דער רוהיגער, קאלטבליטיגער און איבערלעגטער מאיאר גולין האט זיך ניט געקענט איינהאלטען און האט אויסגערופען:

— וואס איז שוין נייעס!

דער צוג איז געבליעבען שטעהן. איך בין צוגעלאפען צו מאיאר גולין און מיר זיינען ביידע ארויסגעגאנגען אויף דיא פלאטפארם.

— וואס איז געשעהן? האט מאיאר גולין געפרעגט א קאנדוקטאר, וועלכער איז ארומגעלאפען מיט א לאנטערנע אין דער האנד.

— עס איז גאר נישט, האט דער קאָנדוקטאָר געענטפערט און איז אוועק־געלאָפען.

עס האט שוין אָנגעהויבען צו טאָגען, אָבער עס איז נאך נים געווען העל גענוג, אז מען זאָל קענען זעהן דיא געגענד ארום.

אזוי וויא דער צוג איז געשטאנען, זיינען מיר אראָפּגעשפרונגען פון דעם וואַגאָן און זיינען צוגעגאנגען צום לאָקאָמאָטיוו. דאָרט האבען מיר געפונען פאַ־פּאָווין.

— וואס איז געשעהען? האב איך איהם געפרעגט.

— גאר נישט, האט ער געענטפערט, דיא צווייא לעצטע וואַגאָנס פון אונזער צוג האבען זיך אָפּגעריסען און זיינען אנטלאָפען געוואָרען צוריק.

— און וואו זיינען זיי יעצט?

— דאס ווייס איך נים.

אונטערדעסען זיינען ארויסגעקומען אייניגע אנדערע פּאסאזשירען פון דיא וואגאָנס, צווישען זיי זיינען אויך געווען דער טאטארען פירסט סארוסקיאר און זיין פריינד און מיניסטער חאנדשיר.

אלע זיינען געלאָפען זעהן, וויא אזוי דיא לעצטע צווייא וואגאָנס האבען זיך אָפּגעריסען פון צוג. דאָרט איז געשטאנען א קאנדוקטאָר מיט א לאנטערנע; ביים שוואכען שיין פון דיזער לאנטערנע האבען מיר געזעהן, אז דער סוואָרען, א גראָבער אייזערנער נאָגעל, וועלכער האט צוזאמען געהאלטען דיא וואגאָנס, האט זיך צובראָכען.

— דאס איז א צופאל, האט דער קאָנדוקטאָר געזאגט, וויא צו זיך אליין.

— וואס וועלען מיר אָבער יעצט טאָהן? האט אנאנדערער געפרעגט.

— מיר מוזען צוריק פאָהרען און אויפנעהמען דיא אָפּגעריסענע צווייא וואַ־גאָנס, האט געענטפערט דער אָבער־קאָנדוקטאָר, וועלכער איז גראדע צוגעקומען צו אונז.

איך און מאיאר נולין האבען געפונען, אז דאס איז גאנץ ריכטיג. מען קען דאך נים לאָזען יענע צווייא וואגאָנס און אליין ווייטער פאָהרען. וויא איבערראשט זיינען מיר אָבער געוואָרען, ווען דער טאטאריאן פירסט סארוסקיאר האט זיך ארויסגעשטעלט און האט געפאָדערט, אז מען זאָל לאָזען יענע צווייא וואגאָנס און מען זאָל ווייטער פאָהרען.

דערביי האט עס זיך ארויסגעוויזען, אז ער רעדט גאר גאנץ גוט רוסיש, ווי אן עכטער רוסע. דאס האט מיך איבערראשט. איך בין געווען פעסט איבערציינט, אז דיזער מאן רעדט נור טאטאריש, פערזיש, פיעלייכט אויך אראביש, אבער רוסיש און נאך גוט רוסיש רעדען? דאס וואלט איך פון איהם קיין מאל ניט גע־גלויבט.

אלע איבעריגע פאסאזשירען האבען געפונען, אז מען מוז צוריק פאהרען אויפ־נעהמען יענע צוויא וואגאנס, נור דער דייטשער באראן פאן וויסענשניצענדארף האט אונטערשטיצט דעם טאטארען פירסט און האט געשריען אויף דייטש:

— מיר פערליערען צופיעל צייט! איך מוז ארומפאהרען די וועלט אין 39 טעג און קען ניט פערלירען אזוי פיעל צייט.

דאגעגען אבער האט דער ענגלענדער סער פרענסיס ארויסגערופען:

— וואס איז דאס פאר א פערוואלטונג! וואס איז דאס פאר אן ארדנונג! וויא איז עס מעגליך, אז וואגאנס זאלען זיך אפרייסען פון א צוג? אין ענגלאנד וואלט אזא זאך ניט פארגעקומען, ווייל די ענגלישע אייזענבאהנען זיינען די בעסטע אין דער וועלט.

מאיאר נולין האט מיר א קוועטש געטאהן ביי דער האנד און האט געזאגט מיר אין אויער:

— קוקט אייך צו צו דעם טאטארען פירסט! הערט, וויא ער שטרייט, וויא ער רייסט זיך, אז מען זאל לאזען די אפגעריסענע וואגאנס!

פירסט סארוסקיאר האט געשריען און געהייסען, מען זאל ווייטער פאהרען. ער האט עס געזאגט דעם אבער־קאנדוקטאר, ער האט עס געזאגט דעם מאשיניסט, ער האט עס געזאגט אונזער קאנדוקטאר פאפאוו, ער האט ענדליך געזאגט צו אלע פאסאזשירען אויף רוסיש און טאטאריש, אבער מען האט איהם דאך ניט גע־הערט. עס איז געבליעבען, אז דער צוג זאל צוריק פאהרען נעהמען יענע צוויא וואגאנס.

— וואס פאר א וואגאנס זיינען עס, וועלכע האבען זיך אפגעריסען? האב איך געפרעגט מאיאר נולין.

— איינער מיט דעם קערפער פון דעם טויטען מאנדארין יען לו און דער צווייטער מיט די פערזער, וועלכע בעוואכען דעם טויטען, האט דער מאיאר גע־ענטפערט.

— מיר דאכט, אז עס וואלט גאר ניט געשאדעט מען זאל לאזען דעם טויטען מאנדארין שטעהן אביסעל אויפ׳ן וועג, האב איך געשפאסט.

— הערר סען סיר, איהר ווייסט נים, וואס פאר א קאָמעדיע אָדער וואס פאר א טראגעדיע דאָ שפּיעלט זיך אָפּ, האט מיר דער מאיאָר געזאגט שמייכעל־היים.

— ווייסט איהר עס?

— דערווייל נאך נים.

דער צוג איז צוריק געפאָהרען און עס האט געדויערט א שטונדע, איידער מען האט געפונען דיא צווייא אָפּגעריסענע וואגאָנס.

ווען מען האט זיי ענדליך געפונען, האט דער פירסט סארוסקיאר מיט זיין פריינד האנדשיר געהאָלפען זיי צובינדען צום צוג. איך האב דאן גוט בעמערקט, ווי ער האט געגעבען עטליכע ווינק צו אנדערע סאטארע, וועלכע זיינען געפאָהרען דריטער קלאסע. מאיאָר גולין האט עס אויך בעמערקט און האט מיר א קוועטש געטאָהן ביי דער האנד.

— וואס זאָל דאס הייסען? האב איך געפרעגט.

— לאָמיר זיין פאָרזיכטיג, עס איז דאָ נים גלאַט.

ענדליך האט מען אלעס צורעכט געמאכט און מיר זיינען ווייטער געפאָהרען דער מאשיניסט האט געטריעבען זיין מאשין, וויא ווייט ער האט געקענט און פון דעסטוועגען זיינען מיר אנגעקומען אין קאשגאר מיט צווייא שטונדען שפּעטער.

16טעס קאפּיטעל.

## קאַשגאר. מיר מוזען ווייזען אונזערע פּאַספּאָרטען.

דיא שטאָדט קאשגאר געפינט זיך אויף דער גרענעץ צווישען רוסלאנד און כינא, ריכטיגער נאך צווישען דיא פּראָווינצען פון טורקעסטאן, וועלכע געהערען צו רוסלאנד, און דיא פּראָווינצען פון טורון עסטאן, וועלכע געהערען צו כינא.

אייגענטליך זיינען עס צווייא שטעדט, דיא נייע שטאָדט יאנדשי טשאר גע־הערט צו רוסלאנד און דיא אלטע שטאָדט קאשגאר געהערט צו כינא. דאָ מוזען אלע פּאסאזשירען אויסשטייגען פון דיא רוסישע וואגאָנס און זיך אויפזעצען אויף כינעזישע וואגאָנס. דיא רוסישע אייזענבאהן ענדיגט זיך אין יאנדשי טשאר און דיא כינעזישע אייזענבאהן הייבט זיך אָן אין קאשגאר.

קאשגאריא איז אמאל געווען א גרויסעס און מעכטיגעס קעניגרייך. מחמד יאקוב תאן איז געווען א גרויסער הערשער. ער האט געהערשט איבער גאנץ

טורקעסטאַן און אַלע קאַראַוואַנען פֿון רוסלאַנד און פֿון כינאַ פֿלעגען מוזען איהם צאָהלען טריבוט, ווען זיי פֿלעגען דורכגעהן זיין לאַנד.

ענגלאַנד האָט שוין לאַנג געוואָרפֿען אַן אויג אויף קאַשגאַר, ווייל קאַשגאַר איז אַ זעהר וויכטיגער האַנדעלס פּונקט אין מיטעל אַזיען, רוסלאַנד האָט עס אָבער ניט דערלאָזען און קאַשגאַר געהערט צו כינאַ, איהר האַנדעל אָבער געפֿינט זיך אין דיא הענד פֿון רוסישע קויפֿלייטע און אין קאַשגאַר אַליין וואוינען מעהר רוסען, וויא כינעזען.

איך האָב צוואַר געהאַט גענוג צייט צו בעטראַכטען קאַשגאַר, אָבער איך האָב ניט פֿיעל וואָס צו בעשרייבען. עס איז אַ געוועהנליכע אַזיאַטישע שטאָדט מיט באַזאַרען, מאָשעען און מעדרעסעס.

פּונקט עלף אוהר האָט מען אָנגעהויבען צו קלינגען אויפ׳ן באַהנהאָף, דאָס איז געווען אַ צייכען, אַז עס איז געקומען דער מאַנדאַרין — בעאַמטער, וועלכער וועט איבערקוקען אונזערע פּאַספּאָרטען און אונזערע זאַכען. אַלע פּאַסאַזשירען, נעגען אַכציג מענשען, האָבען זיך פֿערזאַמעלט אין אַ גרויסען זאַל און יעדער האָט געמוזט ווייזען זיינע דאָקומענטען. ווען מען האָט געפֿונען, אַז זיין פּאַספּאָרט איז אין אָרדנונג, האָט מען אַרויפֿגעלעגט אויף איהם אַ כינעזישען זיעגעל און מען האָט איהם געגעבען אַ טשעק, ער זאָל ווייזען זיינע זאַכען פֿאַר אַנאַנדער מאַנדאַרין.

דער ערשטער מאַנדאַרין איז געווען אַ מאַן פֿון אַ יאָהר פֿופֿציג מיט אַ לאַנגען צאָפּ, מיט לאַנגע וואָנציעס און מיט אַ פּאַאַר גרויסע בריקען אויף זיין פֿלאַציגער נאָז, מיט אַ פּאַאַר קרומע אויגען, פֿעט און קיילעכדיג, וויא אַ קירבוס, אָנגעטאָהן אין ברייטע, רייכע קליידער, מיט אַ רויטען קנאָפּ אויפ׳ן הוט.

דאָס איז געווען דער הויפּט בעאַמטער פֿון דעם צאָקל־אַמט — טאַמאָזשניאַ — קאַשגאַר. לעבען איהם איז געזעסען אַ צווייטער מאַנדאַרין, וועלכער האָט גערעדט גאַנץ גוט רוסיש, און לעבען איהם איז געשטאַנען אַ דאָלמעטשער, וועלכער האָט גערעדט דייטש, פֿראַנצייזיש און ענגליש.

איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זיין דער ערשטער, וועלכער האָט זיך פֿאָר־געשטעלט פֿאַר דעם גראָבען מאַנדאַרין. איך האָב געוויעזען מיין פּאַספּאָרט מיט אַלע וויזאַ׳ס און יאַוואַקאַ׳ס פֿון אַלערליי קאָנסול׳ן און בעאַמטע, און מען האָט מיר קיינע שוועריגקייט געמאַכט. דער גרויסער מאַנדאַרין האָט געגיבען אַ ווינק און דער קליינער מאַנדאַרין האָט אַרויפֿגעלעגט אויף מיין פּאַספּאָרט אַ גרינעם שטעמפּעל מיט דעם כינעזישען פֿראַנאַ, — דאָס וואָפּען — געֶרב — פֿון כינאַ.

נאך מיר איז געקומען דער אקטער קאטרען מיט זיין פרוי. אויך מיט זייא האט מען קיינע צער־עמאניען געמאכט און מען האט זיי דורכגעלאזען. זיי זיינען באלד אנטלאפען, גלייך וויא זיי וואלטען זיך ארויסגעהאפט פון א געפענגניס, איך אבער בין געבליעבען. עפעס בין איך דאך א ספעציאל קאררעספאנדענט פון „דעם 20סטען יאהרהונדערט,“ איך דארף דאך בעשרייבען אין מיין צייטונג דיא צערע־מאניען פון א בינעזישער גרענעץ.

דער אמעריקאנער אליפלט לאנגהעד און דיא ענגלענדערין מיסס הארעשע בלועט זיינען צוגעקומען שטאלץ און האבען געוויעזען זייערע פאספארטען, און מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז דער מאנדארין איז געווען העפליכער געגען זיי, וויא געגען אנדערע פאסאזשירען. פאר אמעריקא און ענגלאנד האט מען רעספעקט איבעראל. אמעריקא און ענגלאנד נעהמען זיך אן פאר זייערע בירגער, דאס וויס מען גאנץ גוט זאגאר אין בינא.

מיט דיא איבעריגע פאסאזשירען: רוסען, טאטארען, פערזער, קירגיזען, יאמודען און אנדערע פעלקער האט מען אויך ניט געמאכט פיעל צערעמאניען. יעדער האט געוויעזען זיין פאספארט, האט בעצאהלט דיא טאקסע און דער שווערער בינעזישער גרינער זיעגעל האט זיך ארויפגעלעגט אויף זיין פאספארט.

ווען עס זיינען צוגעקומען צום טיש דיא בינעזען טשאן־טשאא און דאקטאר טיא־קינג און זיי האבען געוויזען זייערע פאספארטען, האט דער מאנדארין א שמייכעל געטאהן און דאקטאר טיא־קינג האט איהם געווינשט „צעהן טויזענד גוט מארגענס!“ דאס איז אן עכט בינעזישע העפליכקייט, וועלבע מיר, ארימע אייראפעער, קענען עס ניט פערשטעהן.

נאך זיי איז צוגעקומען מאיאר נולין און האט געוויעזען זיינע פאפירען. ווען ער איז פערטיג געווארען, איז ער צוגעקומען צו מיר און האט מיר א דריק געטאהן דיא האנד, א צייכען, איך זאל קוקען מיטביידע אויגען, און ער האט רעכט גע־האט, דער גוטער מאיאר, וויל נאך איהם איז צוגעקומען צום טיש דער טאטארען פירסט סארוסקיאר מיט זיין פריינד אדער מיניסטער חאנדשיר.

אזוי וויא מיר האבען יעצט געוואוסט, אז פירסט סארוסקיאר רעדט גוט רוסיש, האבען מיר שוין מורא געהאט צו רעדען אן אייראפעאישע שפראכע, פיעלייכט רעדט ער אויך פראנצייזיש? פיעלייכט אויך ענגליש? — מיר האבען אלזא געמוזט רעדען איינער צום אנדערן דורך געהיימע צייכענס. א דריק מיט דער האנד, א טרעט מיט׳ן פוס, א ווינק מיט דיא אויגען און דערגלייכען.

וויא גרייס איז אָבער געווען אונזער שטוינען און אונזער איבערראַשונג, ווען מיר האבען געזעהן, אז קוים האט פירסט סארוסקיאר און זיין פריינד חאנדשיר ארויפגעלעגט זייערע פאפיערן אויפ'ן טיש, האט זיך דער הויפט מאנדארין אויפ־געהויבען פון זיין זיץ און האט געזאגט אונטערטהעניג און ערגעבען:

— איך דריק אויס צעהן טויזענד מאל מיין רעספעקט פאר דעם הויפט פערוואלטער פון דער טראנס־אזיאטישען אייזענבאהן.

ביי דיעזע ווערטער האט ער זיך פערנייגט ביז צו דער ערד.

אלזא דאס איז פירסט סארוסקיאר! ער איז דער הויפט בעאמטער פון דער כינעזישער אייזענבאהן! זאָ לאַנג ער איז געפאָהרען אויף דער רוסישער אייזענבאהן, האט קיינער ניט געוואוסט, ווער ער איז, און ער אליין האט עס ניט געפונען פאר נעטהיג זיך פאָרצושטעלען פאר דיא פאסאזשירען, יעצט אָבער ווען ער איז גע־קומען קיין כינא, האט ער זיך געמעלדעט, אז יעצט איז ער א זעהר וויכטיגע פערזאָן.

— און מיר האבען געמיינט, אז דאס איז גאר דער רויבער קי־טשאנג! האב איך געזאגט שטילערהייט צום מאיאָר. איך וויס גאנץ גוט, אז איהר, מאיאָר, האט איהם אויך געהאלטען פאר א רויבער.

דער מאיאָר האט מיך אוועק געשלעפט אין א ווינקעל און האט געזאגט שטילערהייט אויף פראנצייזיש:

— איך גלויב איהם נאך אלץ ניט. אין כינא קען מען זעהר לייכט מאכען פאלשע פאפיערן, עס קען אויך זיין, אז דיעזע פאפיערן זיינען גע —

מעהר האט ער ניט געקענט זאגען, ווייל אין דיעזע מינוט האבען מיר גע־הערט א געשריי:

— דאָנערוועטער! וואו איז מיין פאספאָרט? — צעהן טויזענד מאָל דאָנער־וועטער!

דאס האט געשריען באראָן פאָן ווייסענשניצענדאָרף.

— וואו זיינען אייערע דאָקומענטען? האט געפרעגט דער כינעזישער דאָל־מעטשער אויף דייטש.

— דאָנערוועטער! איך וויס ניט! האט געשריען דער גראָבער באראָן.

— מאכט עס שנעלער, מיין העררע! האט דער דאָלמעטשער געזאגט שטרענג, מיר האבען ניט פיעל צייט, דער צוג וועט באלד אוועק געהן.

איך האב מיך דערמאָנט אן מיין בלינדען פאסאזשיר און האב געלאָזען דעם

דייטש שרייען דאָנערוועטער און בין געגאַנגען זעהן, וואס עס טהוט זיך מיט'ן באַגאַזש.

ערשט יעצט האב איך געקענט בעטראַכטען דעם כינעזישען צוג. ער איז געוועזן קליינער פון דעם רוסישען, זאָגאר דיא וואַגאָנס זיינען געוועזן עטוואס קליינער. איך האב א קוק געטהאָן אויף דעם באַגאַזש־וואַגאָן. מען האט יעצט אריבער גע־טראָגען דיא קאַסטענס און דיא פעקלעך פון דעם רוסישען וואַגאָן אין דעם כינעזישען. אין דיעזע מינוט האט מען געבראַכט דעם קאַסטען מיט מיין בלינדען פאַסאַזשיר און איך האב א ציטער געטהאָן.

— וואס וועט זיין, ווען מען וועט אויסגעפינען, אז דאָ ליגט א מענש ? האב איך מיר געטראַכט.

איך האב געזעהן, וויא מען האט אוועק געשטעלט דעם קאַסטען זעהר פאָר־זיכטיג: עס איז דאָך אָנגעשריעבען אויף איהם „גלאָז!" ווען אַלע קאַסטען און פעק זיינען אריבערגעטראָגען געוואָרען אין כינעזישען וואַגאָן, זיינען אריינגעקומען אין וואַגאָן כינעזישע בעאַמטע און האבען אלעס איבערגעקוקט. איך בין דיא גאַנצע צייט געשטאַנען, וויא אויף הייסע קאָהלען, און האב געציטערט, גלייך וויא איך אליין וואָלט געליגען אין קאַסטען.

ענדליך זיינען דיא כינעזישע בעאַמטע אַרויסגעקומען. עס איז מיר אַראָפּ־געפאַלען א שטיין פון הארצען: זיי האבען ניט אויסגעפונען, וואס פאר א סאָרט גלאָז עס ווערט געשיקט צו מאַדעמואַזעל זינקא מאַרקולעסקו.

איך האב שוין געוואָלט אריינגעהן אין מיין וואַגאָן, ווען מאַיאָר גולין איז צו־געקומען צו מיר און האט מיר געזאגט שטילערהייט:

— לאָמיר צוגעהן צום ענדע צוג.

מיר זיינען צוגעגאַנגען צו דיא לעצטע וואַגאָנס און האבען געזעהן א סצענע, וועלכע איך וועל קיין מאל ניט פערגעסען. דיא בעאַמטע פון דער רוסישער אייזענ־באַהן האבען איבערגעגיבען צו דיא בעאַמטע פון דער כינעזישער אייזענבאַהן דעם וואַגאָן מיט דעם טויטען קערפּער פון דעם מאַנדארין י ע ן ל ו. דיא פערזאָנען, וועלכע זיינען געזעסען אין צווייטען וואַגאָן און האבען ביז אהער בעוואַכט דעם טויטען, זיינען אַרויסגעגאַנגען פון וואַגאָן, און אנשטאט זיי זיינען אָנגעקומען צוואַנציג כינעזישע זשאַנדאַרמען מיט אַן אָפיציער. אַלע זיינען געווען בעוואַפענט מיט ביקסען און רעוואָלווערן, נור דער אָפיציער האט געטראָגען צוויא רעוואָלווערן אין גאַרטעל. א גרויסער מאַנדארין איז צוגעקומען און האט געזאגט דעם אָפיציער עטליכע

ווערטער שטילערהייט. דער אָפיציער האט זיך פערניינט זעהר טיעף און האט עפּעס געענטפערט.

— וואס הייסט עס? האט מאַיאָר נולין מיך געפרעגט, קענט איהר זיך לאָזען איינרעדען, אז מען בעוואכט אזוי שטרענג א טויטען מאנדארין? — האט איהר דען ניט געהערט, וויא דער בינעזע טשאַן־טשאַ האט מיר געזאגט, אז ער האט קיינמאל ניט געהערט פון א מאנדאַרין, וועלכער האט געהייסען יען לו?— וואס טהוט זיך דאָ? וואס קומט דאָ פאָר?

איך האב געוואָלט עפּעס ענטפערן, אָבער אין דיזע מינוט איז פירסט סאַרוסקיאַר און זיין פריינד האנדשיר צוגעקומען צום וואגאָן מיט'ן טויטען מאַנ־דאַרין. יעצט האבען זיך אלע בינעזישע בעאַמטע פערניינט פאָר איהם. נון, דאס איז קיין וואונדער: ער איז דאָך דער הויפּט פערוואַלטער — אופּראוולאיושטשי — פון דיזער אייזענבאהן.

ער האט געזאגט עטליכע ווערטער צום אָפיציער אויף בינעזיש, און דער אָפיציער האט איהם עפּעס געענטפערט. מיר האבען ניט געהערט, וואס זיי האבען זיך געזאגט, און ווען מיר זאָלען געווען הערען, וואָלטען מיר עס אויך ניט פער־שטאנען, ווייל ניט איך, ניט מאַיאָר נולין פערשטעהען קיין וואָרט בינעזיש.

איינינע מינוט שפּעטער האט מען אויסגערופען אויף רוסיש:

— אין דיא וואַגאָנס! דער צוג וועט באלד אָפּגעהן!

מיר זיינען אריינגעגאנגען אין אונזער שלאַף־וואגאָן און איך בין געווען העכסט צופריעדען צו געפינען דאָרט דעם קאָנדוקטאָר פּאָפּאָוו. ער איז געפאָהרען ביז פּעקין, ווייל ער איז געוועזן קאָנדוקטאָר נור פון דעם שלאַף־וואגאָן און דיזער וואגאָן איז געגאנגען פון אוזון־אדא ביז פּעקין.

## 17טעס קאפּיטעל.

# אַן איבערראַשענדע ענטדעקונג.

מיר זיינען יעצט אין בינאַ! דיא אייזענבאהן איז א בינעזישע, דער מאַ־שיניסט איז א בינעזע, דער הייצער א בינעזע, דער קאָנדוקטאָר א בינעזע, אין רעסטאָראַנט וואגאָן קאָכט מען בינעזישע עסענס. אַלעס איז בינעזיש, זאָגאר דיא ליניע איז א בינעזישע, ווייל זיא האט נור איין פּאאר רעלסען. מיר דארפען אלזא ניט מורא האבען, אז עס וועט אָנקומען א צוג אונז ענטגעגען און מיר וועלען זיך צוזאַמען שטויסען: אויף דיזער ליניע געהט נור איין צוג און צוויא ציגע קענען זיך

בענגענען נור אויף א סטאציאָן. אויסערדעם האבען מיר ניט וואס מורא צו האבען פאר א צוזאמענשטויס, ווייל מיט אונז פאָהרט דאָך דער הויפּט פערוואלטער פון דיעזער אייזענבאהן, דער פירסט סארוסקיאר.

איך מאך א לוסט־רייזע אין אלע וואגאָנס אום צו זעהן דיא נייע פּאסאַזשירען, וועלכע האבען זיך אויפגעזעצט אין קאשגאר, מייסטענס זיינען עס טאַטארען אָדער כינעזען, מיט וועלכע איך קען מיך ניט צוזאמענרעדען, נור איין פּאַסאזשיר אין מיר געפעלען, ווייל ער איז אן אייראָפּעער.

אויף דעם ערשטען בליק האב איך דערקענט, אז דאס איז א גייסטליכער. ער איז צוואר גאנץ אייראָפּעאיש געקליידעט, אָבער א שארפעס אויג קען דאָך באלד דערקענען, אז ער געהערט צו דער שווארצער קאוואלעריע: ער איז א גייסטליכער. איך קען זאָגאר אויסענווענינג זאגען, אז ער איז אן ענגלענדער אָדער אן אמעריקאנער, איך וויל מיך אָבער איבערציינגען, זעץ מיך לעבען איהם און ערלויב מיר איהם צו פרעגען אויף ענגליש:

— וואוהין פאָהרט איהר, מיין הערר? וויא לאנג וועל איך האבען דאס פערגניגען צו פאָהרען מיט אייך צוזאמען?

אנטאָנגס ענטפערט ער אויף מיינע פראגען זעהר אונגערן און נור איין וואָרט איבער צעהן, ענדליך געפינט ער דאָך, אז איך בין קיין ווילדער מענש און ער דערצעהלט מיר, אז ער איז א מיססיאָנער פון אמעריקא. ער האט געפּרעדיגט דאס קריסטענטהום אין פיעלע שטעדט פון דעם רוסישען טורקעסטאן און האט אויסגעפונען צו זיין גרעסטען בעדויערן און צו זיין שרעקליכען שמערץ, אז דיא מחמדאנער ווילען ניט וויסען פון קריסטענטהום.

— דיא מחמדאנער זיינען זעהר פאנאטיש, האט דער אמעריקאנער מיסיאָנער זיך בעקלאגט, עס איז זעהר שווער זיי צו ערקלערן דיא הייליגע לעהרען פון קריסטענטהום. ווען מען וויל זיי עפּעס ערקלערן, ווייזען זיי אויף פון זייער קאָראן, אז זיי האבען בעסערע לעהרען. נעה, בעווייז זיי, אז דער קאָראן איז פאלש!

— דאס קריסטענטהום מאכט אלזאָ ווענינג פאָרטשריטע צווישען דיא מחמדאנער? האב איך געפרעגט.

— עס מאכט גאר קיינע פאָרטשריטע! האט דער אמעריקאנער מיססיאָנער געזיפצט. דאס פאָלק, דיא מאסע וויל גאר ניט הערען פון גאָט'ס זוהן; דיא געלערנטע אָבער ווילען אין קיין זאך ניט גלויבען, ווייל זיי האבען געלערנט דיא אראבישע פילאָזאָפיע. וואס קען מען מאכען מיט אזא פאָלק?

— וויא לאנג זיים איהר געווען אין טורקעסטאן ? האב איך געפרעגט.

— צעהן יאָהר, איז געווען דיא אנטוואָרט.

— און יעצט ?

— פאָהר איך נאך כינא מיט דער האָפנונג, אז דיא בינעזען, וועלכע זיינען עטטע געצענדיענער, וועלען בעסער פערשטעהן דיא הייליגע לעהרען פון קריסטענ־טהום.

דער מיססיאָנער, רעווערענד יהושע דשאָנסאָן, איז מיר געפעלען און איך האב מיך בעשלאָסען מיט איהם בעסער בעקאנט צו ווערן. מיר האבען נאך גאנצע זעקס טעג צייט צו פאָהרען צוזאמען. איך וועל נאך געפינען גענוג געלעגענהייטען צו רעדען מיט איהם און ארויסצוקוועטשען פון איהם א גוטען ארטיקעל פיר מיינע ציימונג.

אויסער דעם מיסיאָנער דשאָנסאָן האב איך ניט געפונען ניט איין נייעם פאַ־כאזשיר, מיט וועלכען עס זאָל ווערטה זיין בעקאנט צו ווערן.

איך געה ווייטער און געפין דעם אמעריקאנער אָליפלט פערטיעפט אין א געשפרעך מיט מיסס האָרעשע בלועט. איך דענק, אז זיי רעדען פון ליעבע, פון פריינדשאפט, פון אכטונג צווישען מאן און פרוי ; איך בייג מיך אָן צו זיי און איך הער מיט שטוינען און פערוואונדערונג, וויא מיסטער לאָנגהעד זאָגט:

— ווען עס זאָל אויסברעכען א קריעג צווישען רוסלאנד און כינא, וועל איך ניט קענען פערקויפען מיינע צעהנער.

— דערפאר וועל איך קענען קויפען זעהר ביללינ דיא לאנגע צעפ פון דיא כינעזען, ענטפערט מיסס בלועט.

מען רעדט אלזא ווידער נור פון געשעפט. דאס האט מיך זעהר פער־דראָסען. ווען א מאן און א פרוי פערליעבען זיך, דארפען זיי דאך געפינען אנדערע מאטעריאלען פון וואס צו רעדען אלס פון געשעפט, אבער.... אך ! אמעריקאנער און ענגלענדער קענען רעדען נור פון געשעפט, פון פרייזען, פון קויפען און פער־קויפען.

איך געה ווייטער און געפין מאיאר נולין זיצען און זיך לאנגוויילען. איך זעץ מיך לעבען איהם און ווער געוואָהר, אז ער איז קיין מאל ניט געווען אין בינעזישען טורקעסטאן און ער ווייס יעצט פון דער געגענד אזוי פיעל, וויא איך.

— דאס איז זעהר אונאנגענעהם, זאג איך צו זיך אליין, ביז אהער פלעגט מיר דער מאיאָר אויסהעלפען, ווען איך האב ניט געקענט בעזוכען א שטאָדט, יעצט אבער ?

איך האב אוועקגערעדט איינינע צייט מיט מאיאָר גולין, און בין ווייטער געגאנגען. איך געפין דיא צוויא כינעזען טשאָן־טשאָ און דאָקטאָר טיאָ־קינג זיצען און זיך אונטערהאַלטען אויף זייער אַרט. דער דאָקטאָר לעזט דאס אַלטע איטאַליענישע מעדיצינישע בוך און ערקלערט זיין יונגען פריינד, אז מען טאָר ניט עסען צופיעל.

עס ווערט מיר לאַנגווייליג. איך געה צוריק אויף מיין פּלאַץ, נעהם מיין „אייזענבאַהן פיהרער״ און לעז, אז באַלד וועלען מיר אַריבער פאָהרען א היכצערנע בריק איבער דעם טייך יאַמאַניאַר. דיא בריק איז איינס פון דיא גרעסטע וואונדער פון כינעזישע אינזשענערען.

— אין אַמעריקא איז עס דאָך אינטערעסאַנטער צו רייזען, זאָג איך צו מיר אַליין, אין אַמעריקא קען מען ערוואַרטען, אז א בריק זאָל איינפאַלען, אז דער צוג זאָל אַראָפּ פון דיא רעלסען, אז דער קעסעל זאָל פּלאַצען, אָדער אז רויבער זאָלען אָנפאַלען און בערויבען דעם צוג. וואס קען מען אָבער ערוואַרטען אויף אן אייזענבאַהן צוג אין כינא? ווען מען פאָהרט אַכט טעג אויף אן אייזענבאַהן אין אַמעריקא, קען מען אָנשרייבען צעהן אַרטיקעל פיר דיא בעסטע צייטונג. וואס קען מען אָבער מאַכען אין כינא? — דאָ איז אַלעס שטיל, אַלעס רוהיג, אַלעס פּאָליציילין אָרדנונג. — נייעס! נייעס! וואו נעהמט מען נייעס?

איך געה אַרום פון איין וואַגאָן צום אַנדערן, קוק מיך צו צו יעדען פּאַסאַזשיר און גיב מיר אַלע מעגליכע מיה צו מאַכען בעקאַנטשאַפטען, וואס העלפט עס אָבער? איך געפין דאָך קיין נייעס.

צום אונגליק נאָך געהט דער כינעזישער צוג זעהר לאַנגזאַם, אין כינא איילט מען זיך ניט, אין כינא האט מען צייט. דער צוג שלעפּט זיך, גלייך וויא מען וואָלט געפאָהרען מיט אָקסען, און דאס איז זעהר לאַנגווייליג. עס איז וואהר, אז איך קען יעצט גוט בעטראַכטען דיא געגענד, אָבער אויך דאס איז ניט אינטערעסאַנט. עס איז א שעהנע געגענד, גוט בעאַרבייטעט, בעזעסען און בעפלאַנצט מיט אַלערלייא פרוכט־ביימער, אָבער דאס איז אַלעס.

נעגען פינף אוהר פאַר נאַכט זיינען מיר אָנגעקומען אין יאַרקאַנד, א גרויסע שטאָדט אין כינעזישען טורקעסטאַן. איך און מאיאָר גולין זיינען געפאָהרען זעהן דיא שטאָדט, אָבער יאַרקאַנד איז אן עכט אזיאַטישע שטאָדט און איך האָב דאָרט קיין נייעס געפונען, אויסער פיעלע כינעזען.

מיר זיינען צוריק געפאָהרען צו דער סטאַציאָן און איך בין געוועזען אזוי אונצופריעדען מיט זיך אַליין, אז איך האָב קוים דערוואַרט דיא נאַכט, איך זאָל מיך

לענען שלאָפען. פארטאָג האב איך מיך אויפגעחאפט און בין געלאָפען מאכען א בעזוך מיין בלינדען פאסאזשיר. ער איז געשלאָפען געשמאק און איך האב געמוזט איהם אויפוועקען.

— נו, קינקאָ, יעצט זיים איהר שוין זיכער, האב איך געזאגט צו איהם, דיא כינעזישע בעאמטע אין קאשגאר האבען ניט געפונען פאר נעטהיג צו עפענען א קאסטען גלאָז, וועלכער געהט דירעקט נאך פעקין.

מיט דיעזע ווערטער האב איך איהם געגיבען איינינע פריכטע און לעבענס־מיטעל, וועלכע איך האב געקויפט פאר איהם אין סארקאנד. איך האב נאך גע־רעדט מיט איהם איינינע מינוט און בין צוריק געגאנגען אין מיין וואגאָן.

געגען צעהן אוהר אין דער פריה איז דער צוג אָנגעקומען אין חאָטאן, איינע פון דיא גרעסטע פאבריק שטעדט אין כינא. חאָטאן איז בעריהמט אין דער וועלט מיט זיינע וועבערייען. עס ווערן דאָרט געוועבט און געמאכט דיא טהייערסטע שטאָפען און דיא פיינסטע שאלען אין גאנץ אזיען.

קוים זיינען מיר אָנגעקומען אויף דעם באהנהאָף און איך האב געוואָלט אראָפגעהן פון וואגאָן, אום צו פאָהרען אין שטאָדט, איז פאָפאָוו אריינגעקומען אין וואגאָן און האט געזאגט צו מיר:

— הערר סען־סיר, עס איז דאָ פאר אייך א טעלעגראמע, דער סטאציאָנס־שעף — נאטשאלניק סטאנציאי — האט זיא מיר נור וואס געגעבען.

איך האב ערווארטעט טעלעגראַמען פון מיין צייטונג אין פאריז, ווייל איך האב פון וועג עטליכע מאל טעלעגראפירט נאך פאריז.

איך האב גענומען דיא טעלעגראמע און האב זיא דורכגעלעזען:

„הערר קלאָד סען־סיר, חאָטאן, כינא.“

„אין דעם לעצטען וואגאָן פון אייער צוג געפינט זיך ניט דער טויטער קערפער פון א מאנדארין, זאָנדערן פונפציג מיליאָן פראנקס אין געלד, וועלכע כינא האט געליעהען פון פערזיען. אזוי האט אונז טעלעגראפירט אונזער ספע־ציאל קאָררעספאָנדענט אין טעהעראן — דיא הויפט־שטאָדט פון פערזיען. מיר האבען עס שוין זאָגאר געדרוקט אין אונזער צייטונג.“

„ווייטער זאָלט איהר זיין פאָרזיכטיגער און זיך גוט איבערצייגען, אויב א נאך איז ריכטיג, איידער איהר טעלעגראפירט אונז.“

„דאס 20טע יאהרהונדערט.“

דיא טעלעגראַמע איז ארויסגעפאַלען פון מיינע הענד און איך בין געבליעבען שטעהן, וויא א פערשטיינערטער. ווען איך האב טעלעגראַפירט נאָך פּאַריז, אַז מען פיהרט דעם טויטען קערפּער פון דעם מאַנדאַרין י ע ן ל ו און א בעזונדערן וואַגאָן, האב איך גערעכענט, אַז איך וועל איבערראַשען גאַנץ פּאַריז, דיא גאַנצע וועלט, אַם ענדע מאַכט מען מיר נאר פּאָרווירפע און מען בעווייזט מיר, אַז איך בין קיין פעהיגער צייטונגס מאַן. דאס האט מיך געקרענקט, דאס האט מיך פערדראָסען.

## 18טעס קאַפּיטעל.

# אַ האָכצייט אין אַ וואַגאָן.

איך האב פערגעסען דיא שטאָדט חאָטאַן און דיא גאַנצע וועלט. איך בין געווען בייז, אונרוהיג, אונצופריעדען און אויפגערעגט.

— אַזוי? האב איך געזאַגט צו זיך אַליין, אין יענעם וואַגאָן געפינען זיך נאר מיללי־אָנען? — וויא עס ווייזט אויס, האט דיא פּערזישע רעגיערונג אָפּגעמאַכט מיט דער כינעזישען רעגיערונג, אַז מען זאָל זאגען פאַר אַלעמען, אַז אין יענעם וואַגאָן געפינט זיך דער טויטער קערפּער פון א מאַנדאַרין. דיא מחמדאַנער טאָרען ניט זיך צוריהרען צו א טויטען, מען ווערט ניט ריין — טמא, ווען מען ריהרט אָן א טויטען. — יעצט פערשטעה איך, פאַר וואס מען בעוואַכט שטאַרק דעם טויטען......

איך בין אויפגעשפּרונגען פון מיין זיץ און בין אַרומגעלאָפען אין וואַגאָן, וויא א וואַהנזיניגער.

— און דאָך האב איך געמאַכט א גראָבען פעהלער, האב איך געזאַגט צו זיך אַליין. — ווער האט מיר געזאַגט, אַז דאָרט געפינט זיך א טויטער? — פּאָפּאָוו. — האט אָבער פּאָפּאָוו אַבזיכטליך געוואָלט מיך אָפּנאַררען, אָדער וויים ער אויך ניט, אַז דאָרט געפינט זיך קיין טויטער, זאָנדערן פונקעלנדע, גליצערנדע, גלענצענדע גאָלדשטיקע? — ווער וויים עס? — עס איז ניבער צו גלויבען, אַז פּאָפּאָוו וויים אויך ניט, וואס עס ליעגט אין יענעם וואַגאָן, מען האט איהם אויך אָפּגענאַרט. — יעצט זעה איך, אַז מאַיאָר נולין איז דאָך א קלוגער מענש: ער האט קיין מאל ניט געגלויבט, אַז מען פיהרט דאָרט א טויטען מאַנדאַרין. ער האט זאָגאַר געפרעגט דעם יונגען כינעזען טשאָן־טשאַאָ, אויב ער האט אַמאל געהערט פון א מאַנדאַרין י ע ן ל ו?

דיעזער געדאנק האט מיך אביסעל בערוהיגט.

— מאיאר נולין איז א קלוגער מאן און דאך האט ער ניט געקענט אייסגע־פינען, אז מען פיהרט אין יענעם וואגאן אזוי פיעל געלד. איך בין אויך נור א מענש און האב געקענט א מעות האבען.

באלד אבער זיינען אנדערע געדאנקען געקומען מיר אין קאפ.

— וויא אזוי האט דער קארעספאנדענט פון טעהעראן אויסגעפונען, אז מען שיקט פונפציג מילליאן אין געלד און מען זאגט נור פאר דער וועלט, אז דאס פיהרט מען א טויטען מאנדארין ? ער, יענער קארעספאנדענט, איז דאך אויך נור א מענש און ער איז עס געוואהר געווארען. — איך האב געמאכט א פעהלער, א גראבען פעהלער, און איך פערדיען דיא פארווירפע, וועלכע מיין ציימונג האט מיר געמאכט.

איך בין געוועזען אזוי אויפגערעגט, אזוי בייז אויף זיך אליין, אז איך האב ניט בעמערקט, וויא דיא צייט איז אוועק און דער צוג האט גערירט. מיר זיינען שוין געוועזען ווייט פון תאטאן.

ענדליך האב איך מיך אביסעל בערוהיגט און בין צוגעגאנגען צום מאיאר.

— ווייסט איהר וואס פאר א טויטען מאנדארין מען פיהרט אין לעצטען וואגאן ? האב איך איהם געפרעגט.

— איך וויים עס ניט, האט דער מאיאר געענטפערט, איך ווייס נור, אז מען פיהרט קיין טויטען.

— מען פיהרט א קאסטען מיט פונפציג מילליאן פראנק אין געלד, האב איך געזאגט און האב איהם געוויעזען דיא טעלעגראמע פון פאריז.

— דאס קען זיין ! יעצט פערשטעה איך, פאר וואס דיא כינעזישע רעגיערונג האט געשיקט א וואך פון צוואנציג זשאנדארמען מיט אן אפיציער, האט מאיאר גולין געזאגט.

— דענקט איהר, אז מיר זיינען זיכער ? האב איך געפרעגט.

— איך דענק עס גאר נישט, האט דער מאיאר געענטפערט, איך האב זעהר טורא, מיר זאלען ניט ליידען פון......

— דענקט איהר, אז דער בעריהמטער רויבער קי־טשאנג האט געקענט גע־וואהר ווערן, אז מען פיהרט אזוי פיעל געלד אויף דיעזען צוג ?

— אלעס איז מעגליך, תעיר סעי־סור.

— וואס מיינט איהר דערמיט, מאיאר?

— מיר וועלען באלד ארייגפאהרען אין א וויסטע געגענד, וואו דיא סטאַציאָנען זיינען זעהר ווייט איינע פון דער אנדערער, דאן איז אלעס מעגליך.

— אָבער וויא אזוי סען דער רויבער קי־טשאנג געוואָהר ווערן, אז אין דיזען צוג געפינט זיך אזוי פיעל גאָלד?

— איהר ווייסט נים, ווער דיעזער קי־טשאנג איז, האט דער מאיאָר גע־ענטפערט שטילערהייט. איך ראטה אייך, הערר סען־סיר, איהר זאָלט שטענדיג טראָגען אין קעשענע א געלאָדענעם רעוואָלווער.

אזוי וויא מיר האבען אזוי גערעדט, איז צו אונז צוגעקומען מיסטער אליפלאַנט לאַנגהעד און האט געזאגט צו מיר גאנץ ערנסט:

— הערר סען־סיר, איך וויל אייך עפעס בעטען, איהר קענט מיר מאַהן א גרויסע געפעליגקייט.

— איך בין בערייט צו מאַהן פון אייערט וועגען אלעס אין דער וועלט, האב איך געענטפערט, זאגט מיר נור, וואס קען איך מאַהן פאר אייך?

— איך וויל, איהר זאָלט זיין מיין צייגע — עדות.

— א צייגע? צו וואס? געגען ועמען?

— איך וויל הייראטהען מיסס בלועט.

— הייראטהען? האב איך אויסגערופען פערוואונדערט.

— מיסס בלועט איז א מיכטיגע פרוי, א געשעפטס־פרוי, א פעהיגע פרוי, דארום וויל איך זיא הייראטהען.

— איך ווינש אייך גליק! איך דענק אויך, אז מיסס בלועט איז א מיכטיגע פרוי. איך וועל זיין אייער צייגע מיט'ן גרעסטען פערגניגען.

— איך מוז אָבער האבען נאך א צווייטען עידות.

— איך גלויב, אז מאיאָר נולין וועט זיך אויך נים אָפזאגען צו זיין אייער עידות. האב איך געזאגט, איבעריגענס, האבען מיר נאך צייט, ביז מיר וועלען קומען נאך פעקין, וועלען מיר שוין געפינען געגוג עידות.

— ביז פעקין? האט דער אמעריקאנער געפרעגט פערוואונדערט, דענקט איהר, הערר סען־סיר, אז איך וויל ווארטען, ביז מיר וועלען אָנקומען אין פעקין?

— דאן ווילט איהר הייראטהען, ווען מיר וועלען קומען אויף דיא סטאַציאָן לאַן משעאו, וואו דער צוג בלייבט שטעהן דרייא שטונדען?

— אָה, ניין! אזוי לאנג וויל איך ניט ווארטען, האט דער אמעריקאנער אויסגערופען, אַן אמעריקאנער, אַן עכטער יענקי קען ניט ווארטען!

— אלזאָ ווארדען ווילט איהר הייראטהען מיסס בלועט?

— דאָ אויפ'ן צוג.

— אין וואגאָן? האב איך אויסגערופען ערשטוינט.

— אין וואגאָן, האט מיסטער אָליפלט לאַנגהעד געענטפערט גאנץ רוהיג.

— אָבער דאַן מוזט איהר דאָך האבען —

— א גייסטליכען, האט דער אמעריקאנער אויסגעחאפט ביי מיר, איך האב א גייסטליכען און נאָך אַן אמעריקאנער גייסטליכען, רעווערענד יהושע דשאָנסאָן.

— דער מיססיאָנער פון אמעריקא?

— דער מיסיאָנער פון אמעריקא.

— און ער וויללינט איין צו פערהייראטהען א פּאאר פאָלק אין א וואגאָן, ווען דער צוג געהט?

— פאר וואס ניט? בעט איהם נור, ער וועט פערהייראטהען אלע מענער און אלע פרויען, וועלכע געפינען זיך דאָ אין צוג.

איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען און האב אויסגערופען:

— בראוואָ, מיסטער לאַנגהעד! דיא אמעריקאנער זיינען ווירקליך פּראקטישע מענשען.

— מיר אמעריקאנער האבען א רעגעל, אז וואס מען קען טאָהן היינט, זאָל מען ניט אָפּלעגען אויף מאָרגען, האט מיסטער לאַנגהעד געזאגט שטאָלץ.

— איך וויים, איהר, אמעריקאנער, זאגט דאָך אויך: „טיים איז מאָני“, צייט איז געלד.

— ניין, צייט איז צייט און געלד איז געלד. איך וויל ניט פערלירען א סענט אומזיסט און איך וויל ניט פערלירען א מינוט אומזיסט.

אזוי וויא דאס געזעץ פאָדערט, אז אויף א הייראטה'ס קאָנטראקט אין אויסלאנד מוזען זיין אונטערגעשריעבען פיער צייגען, צווייא פאר'ן ברייטיגאם און צווייא פאר דיא בראוט, האט דער אמעריקאנער מיך געבעטען, איך זאָל איהם בעזאָרגען דיא איבעריגע צווייא צייגען.

דאס איז געווען ניט שווער, אָבער אויך ניט לייכט. איך האב אָנגעהויבען צו טראכטען, וועמען איך זאָל איינלאדען אלס צייגען. אלס דריטען צייגער האב איך איינגעלאדען דעם אקטער קאָטרען. ער האט מיט פערגניגען איינגעוויללינט

צו זיין אַן עדות און האט זאָגאר פאָרגעשלאגען זיין פרוי, אלס „ב ר י י ד ס מ י י ד", אונטערפיהרערין.

דעם פיערטען צייגען איז מיר נים לייכט געוועזן אויסצוגעפינען. איך האב גערעכענט איינצולאַדען דעם באַראָן פאָן וויסענשניצענדאָרף, אָבער איך האב מיך איבערלעגט, אַז דיעזער גראָבער דייטש איז מיר צו לאַנגזאַם, צו לעפּיש, צו אונ־געלומפּערט. איך האב דאַן גערעכענט צו בעטען דעם ענגלענדער, סער פרענסיס טראַוועלין, איך האב מיך אָבער איבערלעגט, אַז דער ענגלענדער איז צו שטאָלץ, ער בלאָזט פון זיך צופיעל.

ענדליך איז מיר איינגעפאַלען, אַז דער יונגער כינעזע טשאַן־טשאָאָ קען זיין א גאַנץ גוטער צייגע. דיעזער געדאַנק איז מיר אַזוי געפעלען, אַז איך האב אויסגע־רופען אין דער הויך:

— גראַסאַרטיג! דיא האָכצייט וועט שטאַטפינדען אין א וואַגאָן אויף דער טראַנס־אַזיאַטישער אייזענבאַהן. דער בריטינאַם איז אַן אַמעריקאַנער, דיא בראוט איז אַן ענגלענדערין, דיא צייגען זיינען צוויא פראַנצויזען, איין רוסע און איין כינעזע!

ווען איך האב דערצעהלט דעם יונגען כינעזען טשאַן־טשאָאָ, וועגען וואס עס האַנדעלט זיך און וואס מען פערלאַנגט פון איהם, איז ער שיער נים אויפגע־שפּרונגען פאַר פרייד און האט אויסגערופען:

— איך וועל אונטערשרייבען מיין נאַמען צעהן טויזענד מאַל!

אַלזאָ, דאס איז אָפּגעמאַכט, טשאַן־טשאָאָ וועט זיין דער פיערטער צייגע. יעצט בין איך געגאַנגען צו מאַדאַם קאַטרען, דיא אַסטריסע, און האב איהר אָפיציעל געמעלדעט, וואס פאַר אַן עהרע מען וויל איהר דערוויזען. מאַדאַם קאַטרען האָט מיר געשענקט איינעם פון איהרע שעהנסטע שמייכלען און האט גע־זאָגט פריינדליך:

— הערר סען־סיר, שרייבט אַן א טהעאַטערשטיק מיט'ן נאַמען: „דיא האָכצייט אין א וואַגאָן", מיר וועלען עס שפּיעלען אין פּעקין און וועלען מאַכען א מילליאָן פראַנקס.

— איהר האָט פאָלקאָמען רעכט, מאַדאַם, האב איך געענטפערט, איך קען עס אָבער מאַכען ערשט אין פּעקין, ווייל עס איז מיר שווער צו שרייבען אין וואַגאָן.

אַזוי וויא עס איז היינט שוין געוועזן צו שפּעט פאַר דיא האָכצייט, האָבען מיר זיא אָפּגעלייגט אויף מאָרגען, ניין אוהר אין דער פריה.

דיא זון איז באלד אונטערגעגאנגען און מיר זיינען אלע געגאנגען עסען אין רעסטאראן־וואגאן. ביים עסען האט מען גערעדט נור פון דער האכציים און מיר איז איינגעפאלען, אז איך האב געמאכט א גרויסען פעהלער, וואס איך האב איינ־געלאדען דעם אסטער קאטרען אלס ציינע און ניט דעם פירסט סארוסקיאר, דאס וואלט געווען פיעל אינטערעסאנטער, אבער עס איז שוין געווען צו שפעט. אפגע־רעדט איז אפגערעדט!

מיר זיינען יעצט געפאהרען אין א וויסטע און טרויעריגע געגענד און עס האט זיך זאגאר ניט געוואלט קוקען דורך דעם פענסטער פון וואגאן, וואו מען פאהרט.

נעגען צעהן אוהר ביי נאכט זיינען מיר געבליעבען שטעהן אויף איינינע מינוט בייא קליינער סטאציאן, דאן האט דער צוג געדארפט בלייבען שטעהן א לענגערע צייט ערשט אויף דער סטאציאן טשערטשען, א גרעסערע שטאדט אין מאנגאליען. דיא איבעריגע קליינע סטאציאנען האבען מיך גאר ניט אינטערעסירט.

נעגען עלף אוהר זיינען שוין אלע פאסאזשירען געשלאפען און איך האב מיך אריינגענגב׳עט אין באגאזש־וואגאן אום צו זעהן מיין פריינד קינקא, דעם בלינדען פאסאזשיר.

ער איז געווען העכסט צופריעדען, וואס מען האט איהם ניט אויפגעהאלטען אין קאשגאר און וואס מיר זיינען שוין ניט וויים פון פעקין, דאס הייסט, ניט וויים פון זיין געליעבטע זינקא. ווען איך האב איהם דערצעהלט, אז מיר ווערען האבען מארגען אין דער פריה א האכציים אויפ׳ן צוג, האט ער א זיפץ געטאאן און געזאגט:

— גליקליכע מענשען! זיי דארפען ניט ווארטען, ביז זיי וועלען קומען נאך פעקין!

— ניין, קינקא, מיר נעפעלט ניט אזא האכציים, האב איך איהם געענטפערט, איך האב קיין צוטרויען צו דיעזע אמעריקאנישע קונסט־שטיקע. איך גלויב זאגאר, אז דער אמעריקאנער וואלט פיעל בעסער געטאהן צו ווארטען, ביז ער וועט אנ־קומען אין פעקין און דארט הייראטהען אין אמעריקאנישען אדער ענגלישען קאנסולאט. הייראטהען איז דאך קיין קינדער־שפיעל און מען דארף ניט זיין לייכטזיניג.

איך בין ארויסגעגאנגען שטיקערהייט פון באגאזש־וואגאן און האב מיך באלד געלעגט שלאפען.

---

19טעס קאפיטעל.

# דיא האכציים.

איך האב גוט געשלאפען און בין אויפגעשטאנען גאנץ פריה. איך האב גע־פרעגט דעם קאנדוקטאר פאפאוו, וואו מיר געפינען זיך ערגעץ אין דער וועלט, און ער האט מיר געענטפערט:

— מיר זיינען נור וואס אוועקגעפאהרען פון דער סטאציאן טשערטשען.

— אלזא האב איך פערשלאפען טשערטשען! האב איך אויסגערופען.

— איהר האט גאר נישט פערלארען, הערר סען־סיר, האט פאפאוו געזאגט, עס איז ניטא וואס צו זעהן אין יענער שמוציגער שטאדט.

איך האב באלד געפונען מאיאר גולין און האב איהם געפרעגט, וואס הערט זיך עפעס נייעס?

— גיט א קוק אין דעם וואגאן צווייטער קלאסע, דארט זיצט א טאטאר, וועלכען איך האב ביז אהער ניט געזעהן, ער געפעלט מיר ניט, האט מאיאר גולין געזאגט צו מיר שטילערהייט.

איך בין אריינגעגאנגען אין וואגאן צווייטער קלאסע און האב באלד דערקענט דעם נייעם פאסאזשיר. דאס איז געווען א הויכער, שטארקער, קרעפטיגער מאן מיט א ווילדעס געזיכט, מיט א פאאר פייערדיגע אויגען, מיט א געדיכטער שווארצער בארד. ער איז מיר אויך ניט געפעלען.

איך בין צוריק געגאנגען צו מאיאר גולין און האב איהם דערצעהלט, אז דער נייער פאסאזשיר געפעלט מיר אויך ניט.

— לאמיר פרעגען פאפאוו'ן, האט מאיאר גולין געזאגט.

מיר האבען געפרעגט פאפאוו'ן, ווען דיעזער פאסאזשיר איז אנגעקומען און וואוהין ער פאהרט.

— ער איז אנגעקומען אויף א קליינע סטאציאן פאר טשערטשען, האט פא־פאוו געענטפערט, וואוהין ער פאהרט, ווייס איך ניט, ווייל ער האט קיין באגאזש און דיא ביכעטען אויף דיעזע סטאציאנען זיינען געדרוקט אין כינעזיש.

— וויא געפעלט אייך דיעזער נייער פאסאזשיר? האב איך ווייטער גע־פרעגט.

— ווען ער איז ארויפגעקומען, איז דער הויפט פערוואלטער פון דיעזער אייזענבאהן ליניע, פירסט סארוסקיאר, געשטאנען אויף דער פלאטפארם פון תאנאן

און ער האט עפעס נעפרעגט דעם נייעם פאסאזשיר אויף כינעזיש. זיי האבען דאן גערעדט עטליכע מינוט.

— אלזא וואס דענקט איהר פון איהם?

— איך דענק, אז ער איז אויך א בעאמטער פון דער אייזענבאהן, האט פאפאו געענטפערט.

איך האב אנגעהויבען צו זוכען דעם פירסט סארוסקיאר און האב איהם גע־פונען שטעהן אויף דער פלאטפארם פון דעם וואגאן ערשטער קלאסע מיט זיין פריינד האנדשיר. זיי זיינען געווען פערטיעפט אין א געשפרעך און האבען גערעדט אזוי שטיל, אז עס איז מיר געווען אונמעגליך צו הערען, וואס פאר א שפראכע זייא רעדען.

פלוצלינג האט זיך א לייכטע האנד ארויפגעלעגט אויף מיין פלייצע. איך האב מיך אומגעקוקט און האב דערזעהן דעם מיססיאנער יהושע דשאנסאן.

— גוט מארגען!

— גוט מארגען!

— איהר האט וואהרשיינליך פערגעסען, אז מיר האבען היינט א האכצייט, האט דער אמעריקאנער מיסיאנער געזאגט מיט א האניג זיסען שמייכעל.

— איך האב נאר נימ פערגעסען, הערר דאקטאר.

אן אמעריקאנער גייסטליכער האט ליעב, מען זאל איהם רופען דאקטאר, פאר וואס זאל מען עס איהם נימ צוליעב טאהן?

— איך האב גאר נימ פערגעסען, דאקטאר, האב איך געענטפערט, אבער עס איז יעצט ערשט אכט אוהר און דיא האכצייט וועט שטאטפינדען פונקט ניין. אלזא האבען מיר נאך א שטונדע צייט.

— א שטונדע צייט איז נימ פיעל, האט דער פרומער מאן בעמערקט.

אין דער וואהרהייט האב איך יא פערגעסען דיא האכצייט, און איך האב מעהר נעטראכט פון דעם נייעם פאסאזשיר, וויא פון דעם אמעריקאנערס האכצייט. יעצט ווען דער גייסטליכער האט מיך דערמאנט, בין איך צוגעגאנגען צו מאיאר נולין און האב געזאגט צו איהם:

— מיר מוזען זיך איבערטאהן, מיר דארפען דאך געהן צו דער טרויאונג (חופה).

— מיר קומט פאר דיא גאנצע געשיכטע מיט דער האכצייט אלס א לעבער־ליכע קאמעדיע, צו וועלכער מען דארף זיך גאר נימ איבערטהון, האט מאיאר נולין געזאגט.

— ווען מיר געהן אין א טהעאטער, טהוען מיר זיך אויך אָן שעהנער, וויא זען מיר געהן אויף דער גאס וועגען געשעפטען, האב איך בעמערקט.

מיר זיינען אלזא געגאנגען זיך איבערטאָהן. מאיאָר נולין האט זיך אָנגעטאָהן זיין מונדיר אלס מאיאָר פון דער רוסישער ארמעע, איך האב אָנגעטאָהן א שווארצען פראק.

ווען איך האב וויעדער בעגעגענט דעם מאיאָר, האט ער מיך גע־פרעגט:

— האט איהר אריינגעשטעקט אין קעשענע אייערע רעוואָלווערס?

— ניין! איך געה דאך אויף א האָכצייט.

— איך ראטה אייך, וויא א פריינד, נעהמט מיט אייערע רעוואָלווערס, האט מאיאָר נולין געזאגט ערנסט און פינסטער.

איך האב איהם צליעב געטאָהן און מיר זיינען געגאנגען אויף דיא האָכצייט.

דיא טרויאונג האט שטאטגעפונען אין רעסטאָראן־וואגאָן, מיר האבען אלזאָ געמוזט דורכגעהן אלע וואגאָנס. וויא איבערראשט בין איך געוועז, ווען איך האב געפונען אין יעדען וואגאָן א בוינען פאפיער צוגעשלאגען צו דער טהיר מיט פאָלגענדער איינלאדונג.

„מיסטער אליפלט לאָנגהעד פון דער פירמא וועיסקי, בארקי ענד קאָמפ. ניו יארק, אמעריקא, לאדעט איין אלע פאסאזשירען פון דיעזען וואגאָן אויף זיין טרויאונג מיט מיס האָרעשע בלוּעט פון דער פירמא האָלמס — האָלמס פון לאָנדאָן, ענגלאנד, אין רעסטאָראן־וואגאָן פון צוג נומער 5. רעווערענד דאָקטאָר יהושע דשאָנסאָן פון באָסטאָן, אמעריקא, וועט פאָלציעהען דיא טרויאונג־צערעמאָניע. (מסדר קידושין זיין).“

אזעלכע איינלאדונגען זיינען געווען אָנגעשלאָגען אויף דיא טהירען פון דיא וואגאָנס ערשטער און צווייטער קלאסע. פאסאזשירען דריטער קלאסע, האט דער אמעריקאנער נים איינגעלאדען.

איך פרעג פאָפּאָוו'ן, וואו מיר געפינען זיך יעצט און ער ענטפערט מיר:

— פונפציג וויאָרסט פון טשערטשען און הונדערט און פונפציג וויאָרסט פון דער סטאַציאָן טשארקילאק.

מיר זיינען אריין אין רעסטאָראן־וואַגאָן און געפינען דאָרט שוין איינינע געסט.

די מאטארען און די כינעזען זיינען העכסט פעראינטערעסירט צו זעהן א תאָב־צייט פון א פראנדזשי, א פרעמדען, און אייראָפעער. זיי זיינען דארום געקומען פריהער.

באלד איז אָנגעקומען דער כינעזע טשאן־טשאָ מיט זיין פריינד, דאָקטאר מיאַ־קינג, וועלכער איז געקומען מיט זיין מעדיצינישעם בוך, געשריעבען אין 17טען יאהרהונדערט. דאס בוך איז געווען פערבויגען אויף דעם קאפיטעל: „די ערשטע הילף פיר פעראונגליקטע“. דאָ האבען זיך געפונען מיטעל, וועלכע מען זאָל געברויכען פיר דערטרונקענע, געהאנגענע, פערטשאדעטע און דערגלייכען.

— דאָקטאָר, האט טשאן־טשאָ געפרעגט, דאָקטאָר, דענקט איהר, אז א האָכצייט איז אויך אַן אונגליק? איז דאָ עפּעס א מיטעל געגען אזא אונגליק?

דאָקטאר מיאַ־קינג האט געוואָרפען א בליק פול מיט פאָרווירפע אויף זיין יונגען פריינד און האט נאר ניט געענטפערט.

דער אקטער קאטרען מיט זיין פרוי זיינען באלד אָנגעקומען. מאדאם קאטרען האט אויסגעזוכט א קלייד פון א טהעאטער קעניגין און האט עס אָנגע־טאָהן ביי אזא וויכטיגער געלעגענהייט. זיא איז מיר גאנץ גוט געפעלען אין דיעזען קלייד: זיא איז געווען א טהעאטער קעניגין. די מאטארען, מאָנגאָלען און אנדערע אזיאטען זיינען געווען איבערראשט און האבען זיך אָנגעבויגען ביז צו דער ערד, ווען זיי האבען דערזעהן דיעזע טהעאטער קעניגין מיט איהר לאַנגען שלייף, וועלכער האט אויסגעקעהרט דעם גאנצען וואגאָן.

איך האב אָנגעהויבען צו זוכען מיט די אויגען דעם פירסט סארוסקיאר און האב איהם ניט געפונען צווישען די געסט.

— עס וואונדערט מיך, וואס איך זעה ניט דעם אבער־פערוואלטער, גלאָווני אופראוויאטעלשטשי, פון דער כינעזישער באהן, האב איך געזאגט שטילערהייט צו מאיאָר נולין.

— וואהרשיינליך איז ער בעשעפטיגט, האט מאיאָר נולין געענטפערט פינסטער.

איך האב א קוק געטאָהן מאיאָר נולין אין די אויגען און מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז ער איז היינט מעהר פערטראכט, מעהר ערנסט, מעהר פינסטער, וויא ביז אהער.

— וואס איז מיט דיעזען מענשען? האב איך געפרעגט זיך אליין, פאר וואס איז ער אזוי פערטראכט?

איך האב נעזאלט איהם פרעגען פריי און אפענהערציג, וואס עס איז מיט איהם, אין דיעזע מינוט אָבער איז אריינגעקומען דער ברייטינגאם — חתן — מיסטער אליפלט לאַנגהעד.

ער איז געווען אָנגעטאָהן אין א שווארצען ראָק, מיט א בלום אין דעם אייבערסטען לאָץ, אין א צילינדערהוט און אין ווייסע האנדשוה. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז ער איז אָנגעטאָהן, וויא א געשעפטס־רייזענדער, וועלכער געהט מאכען א וויזיט א רייכער פירמא, וואו ער וויל נעהמען א גרויסע בעשטעללונג — אָרדער.

באלד נאך איהם איז אָנגעקומען דער גייסטליכער, רעווערענד דאָקטאָר יהושע — דשאָזשוא — דשאָנסאָן אָנגעטאָהן וויא א גייסטליכער.

קוים איז ער אריינגעקומען אין רעסטאָראַן־וואגאָן, האט ער ארויסגענומען פון בוזים א פאפיער און האט זיך געווונדעט צו אלע פערזאמעלטע געסט מיט פאָלגענדע ווערטער:

— מיינע העררען, דאס איז דער הייראטהס קאָנטראקט צווישען מיסטער אליפלט לאַנגהעד פון ניו יאָרק און מיסס תאָרעשע בלועט פון לאָנדאָן. —

— ווארט א מינוט! האט דער ברייטינגאם געבעטען, מיסס בלועט איז נאך ניטאָ.

אין דיעזע מינוט איז מיסס בלועט אריינגעקומען אין וואגאָן. זיא איז געווען אָנגעטאָהן אין איהרע רייזע קליידער. זיא האט זאָגאר ניט געפונען פאר נעטהיג זיך אָנצוטאָהן וויא א בראוט.

— יעצט קענט איהר לעזען אונזער האָכצייטס־קאָנטראקט, האט דער אמע־ריקאַנער געזאגט.

דער גייסטליכער האט אָנגעהויבען צו לעזען:

— מיסטער אליפלט לאַנגהעד פון ניו יאָרק און מיסס תאָרעשע בלועט פון לאָנדאָן האבען פון זייער אייגענעם פרייען ווילען בעשלאָסען צו הייראטהען און צו גרינדען א נייע פירמא אונטער דעם נאמען: „לאַנגהעד, בלועט ענד קאָמפ.“ זייא וועלען האנדלען מיט פאָלשע......

אין דיעזע מינוט האט עס א ווארף געטאָהן מיט׳ן וואגאָן, אז אלע פאַר־סאזשירען זיינען שיער ניט אומגעפאלען, און דער לאָקאָמאָטיוו האט אָנגעהויבען צו פייפען האסטיג, אונרוהיג, קורץ, געפאהר!

— ארויס פון וואגאָן! אראָפּ פון צוג! האט מאיאָר נולין קאָמאַנדירט.

---

## 20טעם קאפיטעל.

# דער רויבער קי-טשאַנג.

עס האט אזא וואָרף געטאָהן מיט׳ן וואגאָן, אז פיעלע פאסאזשירען זיינען אומגעפאלען און האבען זיך צושלאגען דיא הענד, דיא פיס, דיא קעפ אָדער אנדערע טהיילען פון קערפער. איינינע האבען געקרעכצט, אנדערע האבען געזיפצט, וויעדער אנדערע האבען געוויינט.

קוים אָבער האט מאיאָר נולין אויסגערופען מיט זיין הויכער, פעסטער, בע־פעהלענדער שטימע:

— ארויס פון וואגאָן!

אין יעדער, ווער עס האט זיך נור געפיהלט שטארק גענוג ארויסצושפרינגען, צוגעקומען צו דער פלאטפאָרם און איז אַרויסגעשפרונגען פון וואגאָן.

פירסט סארוסקיאר, זיין פריינד חאנדשיר און פיער אנדערע טאטארען זיינען געווען דיא ערשטע, וועלכע זיינען אראָפּגעשפרונגען פון צוג. יעדער פון זיי האט געהאלטען זיין קרומען שווערד, דעם קינדשאר, אין איין האנד און אין דער אנדערער האנד א געלאָדענעם רעוואָלווער.

מאיאָר נולין און איך זיינען אראָפּגעשפרונגען נאך זיי, נאך אונז זיינען אראָפּ־געשפרונגען פיעלע פון דיא איבעריגע געסט אויף דער האָכצייט פון דעם אמעריקא־נער מיט דער ענגלענדערין.

אין דער ערשטער מינוט האבען מיר נים געוואוסט, וואס עס טהוט זיך ארום אונז און מיט אונז. א הויבע, גראָבע, בייזע שטימע האט אויסגערופען:

— וואס איז דאס? איך האב א בילעט גלייך נאך פעקין און דיא אייזענ־באהן איז נאָך נים געענדיגט? איך פערליער מיין צייט אומזיסט!

דאס האט געשריען דער דייטש, באראָן פאָן וויסענשניצענדאָרף.

מיר האבען זיך אומגעקוקט און דערזעהן מיט שרעק און שטוינען, אז דער צוג איז אראָפּ פון דיא רעלסען, דאס הייסט, אז מען האט צוגענומען דיא רעלסען און דער צוג שטעקט אין זאמד.

— וואס הייסט דאס? האט געשריען און געליארמט באראָן פאָן וויסענ־שניצענדאָרף, וויא אזוי לאָזט מען עס פאָהרען אויף אַן אייזענבאהן, וועלכע איז נים געענדיגט? איך וועל מיך בעקלאָגען ביים קייזער......

— מיין הערר, דיא באהן איז נעענדיגט, אָבער דאָ האט פּאסירט אַן אונגליק, רויבער האבען אוועק גענומען דיא רעלסען, אום צו מאַכען, אַז דער צוג זאָל בלייבען שטעהן, האט פּאַפּאַוו געענטפערט.

ערשט יעצט האב איך דערזעהן פּאַפּאַוו'ן און האב איהם געפרעגט:

— וואס איז דאָ געשעהן?

— איך האב מורא, אַז דער בעריהמטער רויבער קי־טשאַנג איז אויף אונז אָנגעפאַלען, האט פּאַפּאַוו געענטפערט טרויעריג, זיין באַנדע האט עס צונומען דיא רעלסען, אום דער צוג זאָל בלייבען שטעהן.

קוים האבען דיא פּאסאַזשירען דערהערט דעם נאַמען קי־טשאַנג, האבען זייא אָנגעהויבען צו ציטערן. זיי האבען גוט געוואוסט, אַז דער רויבער קי־טשאַנג שוינט קיינעם נים.

— דענקסט איהר, פּאַפּאַוו, אַז קי־טשאַנג ווייס, וואס פאַר אַ טויטען מאַנ־דאַרין מען פיהרט אין לעצטען וואַגאָן?

— קי־טשאַנג ווייס אַלעס, איז געווען דיא אַנטוואָרט.

מאַיאָר גולין האט זיך אָנגעבויגען צו מיר און האט מיר געזאָגט שטיל־הייט:

— איך ווייס נים, ווער עס איז דער רויבער: קי־טשאַנג אָדער פירסט סאַרוסקיאַר.

— דאס איז אונמעגליך, מאַיאָר! פירסט סאַרוסקיאַר איז דאָך דער הויפּט־פערוואַלטער פון דער כינעזישער באַהן?

— הויפּט־פערוואַלטער אָדער הויפּט־רויבער, האט דער מאַיאָר געענטפערט רוהיג.

— דאס גלויב איך נים!

— וויא איהר ווילט זיך, הערר סען־סיר! —

מעהר האב איך נים געקענט רעדען, פון הינטער אַ בערגעל האבען זיך אַרויסגעוויעזען דיא קעפּ פון עטליכע ווילדע טאַטאַרען.

— מיר מוזען זיך פערטהיידיגען, האט מאַיאָר גולין אויסגערופען, מיר מוזען קעמפּפען ביז צו לעצט! לאָמיר וועניגסטענס פערקויפען אונזער לעבען אַזוי טהייער, וויא נור מעגליך.

— ער האט רעכט! האט מען געשריען אויף אַלע מעגליכע שפּראַכען.

אַלע פּאַסאַזשירען זיינען אַראָפּגעשפּרונגען פון צוג און האבען זיך פערזאַמעלט

ארום אונז. יעדער איז געווען בעוואפענט, יעדער האט געהאט ביי זיך א רעוואל־וער, א קינדשאר — א קרומען שווערד — אדער אנאנדערע וואפע.

אייניגע הונדערט שריט פון דעם ארט, וואו דער צוג איז אראפ פון דיא רעלסען, האט זיך געפונען א בערגעל, בעוואקסען מיט ניעדעריגע, אבער גאנץ געדיכטע ביימלעך. דארט האבען דיא רויבער זיך בעהאלטען. יעצט זיינען זייא ארויסגעקומען. עס איז געווען אונמעגליך צו צעהלען, וויפיעל רויבער עס האבען זיך דארט געפונען, אבער עס זיינען געווען נאך מיין רעכנונג אן ערך פון 60—70 מאן, אלע בעוואפענט פון קאפ ביז דיא פיס, מיט לאנגע שווארצע האאר, מיט לאנגע בערד, מיט ווילדע געזיכטער.

קאנדוקטאר פאפאוו האט געהייסען דיא פרויען אריינגעהן אין וואגאן און זאגאר מיסס בלונט, וועלכע האט געהאט ביי זיך א קליינעם טאשען רעוואלווער, האט געמוזט אריינגעהן אין וואגאן.

עס טהוט מיר הערצליך לייד, וואס איך האב ניט געקענט זעהן, אויב זיא האט זיך בעהאלטען אונטער א באנק, וויא דיא אנדערע פרויען, אדער זיא האט זיך געזעצט ביי א פענסטער מיט'ן רעוואלווער אין דער האנד.

איך האב קיין צייט געהאט צו קוקען, וואס מיסס בלונט טהוט, ווייל מיך האט מעהר אינטערעסירט פירסט סארוסקיאר. איך האב ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון איהם. איך האב געוואלט מיך איבערצייגען, אויב מאיאר נולין האט רעכט.

סארוסקיאר איז געווען בלייך, וויא קאלך, אבער ניט דערשראקען. ער האט געהאלטען זיין רעוואלווער אין דער הויך און האט געווארט.

דיא רויבער האבען אויסגעשאסען מיט אמאל. דאן האבען זיי ארויסגעלאזען א ווילדעס, אונמענשליכעס געשריי און האבען אנגעהויבען צולויפען צו אונז.

יעצט איז געקומען דיא צייט זיך צו פערטהיידיגען.

פירסט סארוסקיאר און זיין פריינד תאנדשיר האבען ניט געווארט, ביז דיא רויבער זאלען צוקומען צו אונז, זיי זיינען ענטגעגען געלאפען דיא רויבער. מיר זיינען זיי נאכגעלאפען און האבען אנגעהויבען צו שיעסען אויף זיי.

עס האט זיך אנגעהויבען א שלאכט, א ריכטיגע שלאכט, אין וועלכער יעדער האט ארויסגעוויעזען זיין כאראקטער. מאיאר נולין האט בעוויעזען, אז ער איז ניט נור א גוטער דאקטאר, זאנדערן אויך א גוטער סאלדאט. א רוסישער מיליטער דאקטאר, קען אויך, ווען עס איז נעטהיג, קאמאנדירען א רעגימענט סאלדאטען.

מאיאָר נולין האט ווירקליך קאָמאַנדירט: „שיעסט דאָרט! — רעכטס! לינקס!“

איך האב איהם בעוואונדערט. ער איז געבליעבען רוהיג, קאַלטבלוטיג, פעסט, וויא א מויער, און האט שטענדיג געטראָפען דעם ריכטיגען פונקט.

מיסטער אָליפלט לאַנגהעד האט זיך ארויסגעוויעזען אלס עכטער אמע־ריקאַנער. ער איז געוועזען זעהר אויפגערעגט, ניט אזוי פיעל דערפאַר וואס מען האט איהם געשטערט זיין שמחה, מען האט אונטערבראָכען זיין האָכצייט, זאָנדערן ער האט מורא געהאט, מען זאָל ביי איהם ניט אוועק רויבען זיינע פאַלשע צעהנער, און דארום האט ער געקעמפפט מוטהיג און בראוו וויא אן עכטער אמע־ריקאַנער.

דער יונגער כינעזע טשאָ־טשאָ האט קאָמאַנדירט דיא כינעזען, וועלכע זיינען געוועזען אויפ׳ן צוג, און האט זייא אריינגעגעבען מוטה אויף כינעזיש. דער מיססיאָנער דשאָנסאָן האט געוויעזען, אז אן אמעריקאַנער גייסטליכער קען אויך גוט שיעסען. ער קען פיעלייכט בעסער איבערצייגען דיא היידען מיט א רעוואָלווער, וויא מיט זיין שאַרפען צונג.

פּאָפּאָוו און דיא איבעריגע קאָנדוקטאָרען האבען בעוויעזען, אז זיי זיינען קיינע פייגלינגע (טרוסען), — קורץ, יעדער האט געקעמפפט און זיך פערטהיידיגט, וויא וויים ער האט געקענט.

דיא רויבער האבען אָבער אויך ניט געשוויעגען, זיי האבען אויך געשאָסען, און אין א קורצער צייט זיינען געליעגען אויף דער ערד פערוואונדעטע פון ביידע זייטען. א קוגעל האט מיר דורכגעלעכערט דעם ארבעל פון דער רעכטער האנד און האט מיר אויסגעריסען א שטיק פלייש פון דער האנד. איך האב פערבונדען דיא וואונד מיט מיין טאשענטוך און האב וויטער געשאָסען. דעם אקטער קאטרען האט מען אראָפּגעשאָסען דעם הוט פון קאָפּ, פערגעסט ניט, אז דאס איז געוועזען אן פּאַ־ריזער צילינדער־הוט, וועלכען דער אקטער האט אָנגעטאָהן היינט צוליעב דער האָכצייט. איין פּאַסאַזשיר איז געפאַלען ניט וויט פון מיר, און איך האב ניט גע־וואוסט, אויב ער לעבט נאָך אָדער ער איז טויט.

דאס שיעסען האט געדויערט גענגען צעהן מינוט. יעדער האט געשריען, יעדער האט געלאַרמט, און העכער פון אלעמען האבען געשריען און געוויינט דיא פרויען אין דיא וואַגאָנס.

פירסט סארוסקיאר מיט זיין פריינד חאַנדשיר און איינינע טאטארען האבען זיך צוגעשלאָגען צו דעם וואַגאָן, וואו עס האט זיך געפונען דאס געלד, און זייא

האבען געשריען צו דיא בינעזישע סאָלדאטען, דיא וואך, אז זיי זאָלען ארויסגעהן פון וואגאָן און שיעסען אויף דיא רויבער מיט זייערע לאנגע ביקסען; קוים אָבער איז ארויסגעקומען דער אָפיציער פון דעם קאָנוואָי, האט איהם געטראָפען א קוגעל אין קאָפ און ער איז אראָפּגעפאלען טויט פון וואגאָן.

יעצט איז געווען דייטליך, אז דיא רויבער ציעהען זיך צום וואגאָן מיט דיא מילליאָנען. פאָראויס איז געגאנגען א הויכער, שטארקער מאן מיט א לאנגער שווארצער באָרד. ער האט קאָמאנדירט דיא רויבער, ער האט גערעדט צו זיי און האט זיי אויפגערייצט צו קעמפפען און ניט אָפּצוטרעטען א שריט.

— אלזאָ דאס איז דער שרעקליכער רויבער קי־טשאנג, האב איך מיר געטראכט.

ביז אהער בין איך געבליעבען רוהיג און קאלטבלוטיג, יעצט אָבער ווען איך האב דערזעהן דעם רויבער קי־טשאנג, וויא מוטהיג און וויא רוהיג ער האט זיך געשטעלט געגען אונז, איז מיר קיהל געוואָרען ביים הערצען. מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז קי־טשאנג איז דאך שטארקער פון אונז און ער וועט דאך אונז אלע טויטען.

מען מעג זאגען מיט׳ן מויל, וואס מען וויל, ווען מען געפינט זיך א געזיכט געגען א געזיכט געגען א שרעקליכען רויבער, ווערט מען דאך אביסעל דערשראָקען. דערצו נאך האט זיך ביי אונז אָנגעהויבען אויסצולאָזען דאס קריגס מאטעריאל. אייניגע פון אונז האבען אויסגעשאָסען דיא עטליכע קוגלען, וועלכע זיי האבען געהאט אין זייערע רעוואָלווערס, און זייא האבען מעהר ניט געהאט מיט וואס צו שיעסען.

אונזער לאגע איז געוואָרען פערצווייפעלט. דאס האט גוט פערשטאנען מאיאָר נולין און ער האט געזאגט צו מיר:

— אונזער לאגע ווערט מיט יעדער מינוט ערגער. מיר מוזען טייטען דעם רויבער־הויפטמאן, אָדער מיר זיינען פערלאָרען.

— קומט, מאיאָר! האב איך אויסגערופען; איך האב נאך צווייא קוגלען אין מיין רעוואָלווער.

דער מאיאָר האט רעכט געהאט, אונזער איינציגע רעטונג איז געווען צו טייטען דעם רויבער־הויפטמאן, זאָנסט זיינען מיר פערלאָרען.

מיר האבען געמאכט אייניגע שריט צום רויבער־הויפטמאן, אָבער פירסט סארוסקיאר איז אונז צופאָרגעקומען. ער מיט זיין פריינד האבען זיך א וואָרף

געטאָהן אויף דעם רויבער־הויפּטמאַן מיט אַזאַ אימפּעט, אַז איידער מיר האָבען צייט געהאַט זיך אומצוקוקען האָט פירסט סאַרוסקיאַר ארייגעשטאָכען זיין קינדשאַר דעם רויבער אין בויך.

קוים איז דער רויבער־הויפּטמאַן געפאַלען, האָבען דיא רויבער אָנגעהויבען צו אַנטלויפען. זיי האָבען זאָגאַר ניט מיטגענומען זייערע פערוואונדעטע.

מיר האָבען געמיינט, אַז דער רויבער־הויפּטמאַן איז שוין טויט, פּלוצלינג אָבער האָט ער זיך אויפגעזעצט און האָט געוואָלט זיך אויפהייבען. פירסט סאַ־רוסקיאַר איז צוגעלאָפען צו איהם און האָט איהם אַריינגעשטאָכען זיין מעסער אין הערצען. יעצט איז דער רויבער־הויפּטמאַן געפאַלען טויט.

פירסט סאַרוסקיאַר האָט זיך אומגעקעהרט צו אונז און מיט אַ שמייכעל אויף זיינע גראָבע ליפּען האָט ער געזאָגט צו אונז אויף רוסיש:

— קי־טשאַנג איז טויט, מיר האָבען ניט מעהר וואָס מורא צו האָבען.

איך האָב יעצט בעוואונדערט דיעזען מענשען. ער האָט זיך ארויסגעוויעזען, אַלס אַ העלד, און איך האָב ביי מיר אין הערצען איהם געבעטען אום פערצייהונג, פאַר וואָס איך האָב איהם חושד געווען, אַז ער איז אַ רויבער.

— מאַיאָר נולין איז אַ קלוגער מענש, אָבער ער האָט דאָך אַ טעות געהאַט, האָב איך געזאָגט צו זיך אליין, פירסט סאַרוסקיאַר איז אַ העלד און אַ גרויסער מאַן.

## 21טעס קאַפּיטעל.

# מיר מוזען ארבייטען.

דיא רויבער זיינען ענדליך פערשוואונדען געוואָרען און מיר האָבען אויפגע־אַטהעמט פרייער. אייניגע מינוטען זיינען מיר געבליעבען שטעהן, וויא צומישטע. ביז אַהער זיינען אַלע געווען אויפגערעגט, אונרוהיג, איבערגעשראָקען, געררייצט און ווילד, יעצט איז געקומען דיא געגענווירקונג, דיא רעאַקציאָן; יעדער האָט אַראָפּגעלאָזען דיא הענד, האָט אויסגעגלאָצט דיא אויגען און איז געבליעבען שטעהן וויא פערשטיינערט. יעדער האָט געמוזט זאַמלען זיינע קרעפטע, קומען צו זיך, ווידער בעקומען מוטה. יעדער האָט זיך געפיהלט מיעד, מאַט, אָבגעשוואַכט, ערשעפּפט.

באַראָן פאָן וויסענשניצענדאָרף האָט פּלוצלינג אויפגעוועקט אַלעמען פון זייער מיעדיגקייט.

— קרייץ דאָנערוועטער! האט ער געשריען אויסער זיך פאר צאָרן און פער־דרוס, — צעהן טויזענד מאל קרייץ דאָנערוועטער! איך פערליער מיין צייט! איך מוז זיין איבער־מאָרגען אין פעקינג! אין אכט טאג מוז איך זיין אין שאנ־חאי, וויל דאָרט נעהמ אָפּ דאס שיף נאך אינדיען. איך האב פערלאָרען אייניגע שטונדען! איך מוז ווייטער פאָהרען. איך קען ניט וואַרטען! צעהן טויזענד מאל קרייץ דאָנערוועטער.

קיינער האט איהם ניט געענטפערט, קיינער האט איהם ניט געקענט אָדער ניט געוואָלט ענטפערן. ער האט אָבער מיט זיינע געשרייען אויפגעמונטערט, אויפ־געוועקט דיא פאסאזשירען. מיר האבען אָנגעהויבען זיך אומצוקוקען און צו זעהן, וואס עס טהוט זיך מיט אונז.

צו ערשט האבען מיר זיך אומגעקוקט צו דיא טויטע און פערוואונדעטע. פון דיא כינעזישע זשאנדארמען, וועלכע האבען בעוואכט דעם טויטען קערפער פון דעם מאנדארין יען לו, דאס הייסט, דיא פונפציג מילליאָן פראנק, זיינען גע־פאלען טויט, דרייא סאָלדאטען און דער אָפיציער, און פינף זיינען פערוואונדעט געוואָרען. פון דיא פאסאזשירען זיינען צוועלף געווען פערוואונדעט.

דיא פערוואונדעטע האט מען צוערשט געמוזט העלפען און מאיאָר נולין האט באלד געמאכט א לאזארעט אין איינעם פון דיא וואגאָנס און האט עהרליך געטאָהן זיין פפליכט אלס דאָקטאָר. יעדער פאסאזשיר האט געמוזט גיבען א העמד, א האנדטוך אָדער א טאשענטוך דאָקטאָר נולין, ער זאָל האבען מיט וואס צו פער־בינדען דיא וואונדען. דיא דאמען, בעזאָנדערס אָבער מאדאם קאטרען, דיא אַקטריסע, האט בעוויזען, אז זיא קען מאכען קאָרפיע — שארפיע — פאר דיא פערוואונדעטע.

אזוי וויא איך בין אויך געווען פערוואונדעט אין אָרים, בין איך אויך צוגע־גאנגען צו דאָקטאָר נולין און האב איהם געוויזען מיין וואונד.

— נון, האב איך געמורמעלט, — נון, איך האב מיך בעקלאגט, וואס אונזער רייזע געהט צו אזוי שטיל, אזוי רוהיג, אז איך האב גאר נישט, וואס צו שרייבען אין מיין ציימונג, יעצט האב איך מאטעריאל פאר א האלב יאָהר.

ווען דאָקטאָר נולין האט פערבונדען מיין וואונד, האב איך איהם גע־פרעגט:

— נון, וואס זאגט איהר יעצט, מאיאָר? וואס דענקט איהר יעצט פון פירסט מארוסקיאר? — ער האט דאך בעוויזען א העלדענטהאט און האט געטייטעט דעם בעריהמטען רויבער קי־טשאנג.

— ווער ווייס? האט מאיאָר גולין געענטפערט ערנסט און פינסטער, — ווער ווייס, אויב דאס איז ווירקליך געווען קר־טשאַנג?

דאס האט מיך שוין אביסעל פערדראָסען, און איך האב געזאגט צו זיך אליין:

— די רוסען זיינען דאָך א זאָנדערבארעס פאָלק: ענטוועדער זיי גלויבען אלעס, וואס מען זאגט זיי אָדער זיי גלויבען גאר נישט.

מיין וואונד איז געווען זעהר לייכט און דאָקטאָר גולין האט געהאט ווייניג ארבייט זיא צו פערבינדען.

דער כינעזע, דאָקטאָר טיאַ־קינג, איז צוגעקומען און האט זיך אנגעבאָטען אלס דאָקטאָר פיר די פערוואונדעטע. ער האט פון גאנצען הערצען געוואָלט עפעס טאָהן און ארויסווייזען זיינע קענטניסע, אָבער זאָנדערבאר! זאָגאר די כינעזישע און טאַטארישע פערוואונדעטע האבען בעסער געוואָלט, אז דאָקטאָר גולין זאָל זיי היילען, אלס דער כינעזע.

מיט די טויטע האט מען ניט געקענט מאכען פיעלע צערעמאָניע׳, מען האט אויסגעגראָבען א ניט טיעפע גרוב אין זאמד און מען האט זיי אריינגעלעגט און פערדעקט מיט זאמד.

ווען מען האט פערזאָרגט די טויטע און פערוואונדעטע, האט מען אָנגע־הויבען צו טראכטען פון וויטער פאָהרען. עס האט זיך ארויסגעוויעזען, אז די רויבער האבען צונומען די רעלסען אויף א שטרעקע פון א האלבען וויאָרסט און דערביי האבען זיי איבערגעשניטען די טעלעגראפישע דראָטהען.

קאָנדוקטאָר פאָפאָוו, דער מאשיניסט און דער אָבער־קאָנדוקטאָר האבען אויסגערעכענט, אז מיר געפינען זיך פונקט אויף האלבען וועג צווישען די סטאַ־ציאָנען טשערטשען און טשארקאַליק. ווען מען זאָל קענען טעלעגראפירען אין איינע פון דיעזעביידע סטאַציאָנען, וואָלט מען אונז געשיקט הילף, אזוי וויא די רויבער האבען אָבער צוריסען די טעלעגראפען־דראָטהען, קען מען ניט טעלעגראפירען און מיר מוזען זעהן צוריקצולעגען די רעלסען און, ענטוועדער צוריקצופאָהרען נאך טשערטשען אָדער וויטער צו פאָהרען נאך טשארקאַליק.

איך האב פערגעסען צו דערצעהלען, אז קוים האבען מיר זיך אביסעל בע־רוהיגט, האבען מיר, אלע פאסאזשירען פון צוג, הערצליך געדאנקט פירסט סארוסקיאר פיר זיין הילף און פיר זיינע העלדענטהאטען.

— איהר האט מיר ניט וואס צו דאנקען, האט ער געזאגט, איך האב נור געטאָהן מיין פפליכט אלס הויפט־פערוואלטער פון דיעזער ליניע.

יעצט ווען מיר האבען בעטראכט, וואס דיא רויבער האבען געטאָהן און וויא אזוי מיר קענען זיך יעצט העלפען, האבען מיר אויסגעפונען, אז מיר האבען קיין אנדער מיטעל נים אלס צוריק צו פאָהרען נאך טשערטשען. מיר האבען אזוי גע־רעכענט: עס זיינען אראפ פון דיא רעלסען נור דער לאָקאָמאָטיוו, דער טענדער און דער באגאזש־וואגאָן, דיא איבעריגע וואגאָנס שטעהן נאך אויף דיא רעלסען. ווען מיר זאָלען דיא איבעריגע וואגאָנס אָפּטרייבען איינינע הונדערט שריט צוריק, קענען מיר אונטערלעגען רעלסען אונטער דעם לאָקאָמאָטיוו, איהם צוריק ארויפ־נעהמען אויף דיא רעלסען און ער זאָל שטופען דעם גאנצען צוג צוריק ביז טשערטשען.

אזוי האבען מיר אלע גערעכענט און געגלויבט, אז מיר האבען פאָלקקאָמען רעכט. אויס דאנקבארקייט און אויס העפליכקייט האבען מיר געפרעגט פירסט סארוסקיאר זיינע מיינונג.

— מיינע העררען, איהר האט א גרויסען טעות, האט פירסט סארוסקיאר גענטפערט, — אזוי לייכט איז עס נים וויעדער ארויפצושלעפען דעם לאָקאָמאָטיוו אויף דיא רעלסען, מיר וועלען מוזען ארבייטען זעהר שווער, ביז מיר וועלען עס צו־שטאנד ברענגען. אלזאָ צו וואס זאָלען מיר ארבייטען אום צוריק צו פאָהרען נאך טשערטשען, לאָמיר בעסער ארבייטען, אז מיר זאָלען קענען ווייטער פאָהרען נאך טשארקאליק.

— אָבער דיא רעלסען זיינען דאך צונומען? האט פאפּאָוו גע־פרעגט.

— וועלען מיר זייא צוריק לעגען, האט פירסט סארוסקיאר געענט־פערט.

— וויא אזוי?

— גאנץ איינפאך, מיר וועלען צוריק לעגען דיא שיענען איינס לעבען אנדערן, וועלען ארויפהייבען דעם לאָקאָמאָטיוו און וועלען לאנגזאם און פאָרזיכטיג אריבער פאָהרען דיעזע קליינע שטרעקע, וואו דיא רעלסען זיינען צונומען געוואָרען, דאן פאָהרען מיר שוין גלייך ווייטער נאך טשארקאליק.

מיט דיעזע ווערטער האט פירסט סארוסקיאר צוגערופען דעם מאשיניסט און אלע קאָנדוקטערע און האט זיי ערקלערט, וואס מען זאָל טאָהן און וויא אזוי מען זאָל עס טאָהן, אז מען זאָל קענען ווייטער פאָהרען.

ער אליין האט געוויעזען א ביישפּיעל און האט אלעמען געבעטען, מען זאָל

איהם העלפען. מען האט באלד געבראכט האמערס, שויפעל, העק, זעגען און אנדערע אינסטרומענטען און מען האט זיך גענומען צו דער ארבייט.

יעדער האט מיטגעהאָלפען און האט געטאָהן, וואס ער האט געקענט. מיין וואונד איז געווען אזוי לייכט, אז איך האב אויך מיטגעהאָלפען און זאָגאר מאיאָר נולין איז אויך געקומען ארבייטען מיט אונז, ווען ער האט בעזאָרגט זיינע קראנקע.

פירסט סארוסקיאר האט געארבייטעט, וויא יעדער פון אונז, דערביי אָבער האט ער אונז געוויזען, וואס צו טאָהן און וויא אזוי צו טאָהן. איך האב מיך צוגעקוקט צו איהם און האב אָנגעהויבען צו בעוואונדערן דיעזען מענשען. ער האט אלעס פערשטאנען, אלעס געוואוסט, אלעס געקענט און אלעס געמאכט אזוי איינ־פאך, אזוי קלוג און אזוי פראקטיש, אז איך האב אָנגעהויבען צו שעצען און צו אכטען דיעזען זאָנדערבארען מענשען.

איך האב עס געזאגט מאיאָר נולין און האב איהם זאָגאר געמאכט א פאָר־וואורף, פאר וואס ער האט קיינע צוטרויען צו אזא קלוגען און אזא פעהיגען מענשען, וויא פירסט סארוסקואר.

מאיאָר נולין האט פערצויגען מיט דיא אקסלען און האט געענטפערט קורץ:

— מיר וועלען זעהן.

אלע האבען געארבייטעט פלייסיג. מיסטער אָליפלט לאָנגהעד האט פער־געסען, אז מען האט געשטערט זיין האָכצייט, און האט געארבייטעט, וויא אן עזעל. דער יונגער כינעזע טשאן־טשאָאַ האט געטראָגען זאמד אין זיינע זיידענע קליידער. דאָקטאָר טיאָ־קינג האט געשלעפט שטיקער האָלץ אונטערצולעגען אונטער דיא רעלסען. באראָן פאָן ווייסענשניצענדאָרף האט אויפגעהערט צו שרייען: דאָנער־וועטער! און האט ארייגעשלאָגען גרויסע נעגעל אין דיא שטיקער האָלץ אונטער דיא רעלסען. דער אמעריקאנער מיססיאָנער יהושע דשאָנסאָן האט מיט צוויא מאטארען געשלעפט רעלסען. קורץ, יעדער האט געארבייטעט מיט אלע זיינע קרעפטע.

ליידער, האבען מיר זיך געפונען אין דער שרעקליכער וויסטע גאָבי, וואו ביי טאָג ברענט דיא זון, וויא פייער, און ביי נאכט ווערט עס אמאל אזוי קאלט, אז וואסער ווערט דערפראָרען. קוים האבען מיר אָפּגעארבייטעט א פאאר שטונדען, איז יעדער בענאָסען געוואָרען מיט שוויים. וואס העלפט עס אָבער? מיר מוזען ארבייטען, מיר מוזען זיך מאבען א וועג.

ענדליך איז נאכט געוואָרען און אונזער ארבייט איז נאך ניט געווען גע־ענדיגט. פירסט סארוסקיאר האט געהייסען אלעמען געהן עסען. היינט האבען אלזאָ זאָגאר פאסאזשירען דער דריטער קלאסע גענעסען אין רעסטאָראן וואגאָן. היינט האט קיינער ניט געצאָהלט פאר'ן עסען, דער הויפט־פערוואלטער פון דער ליניע האט געהייסען גיבען אלעמען עסען אויף דיא רעכנונג פון דער אייזענבאהן.

ביים עסען האט דער אקטער קאטרען געזאגט צום אמעריקאנער, אז עס וואלט גלייך געווען, מען זאָל יעצט ענדיגען דיא האָכצייטס צערעמאָניע.

דער אמעריקאנער האט ניט געענטפערט. ער און מיסס בלועט האבען זיך אזוי דערשראָקען פאר זייערע פאלשע האאר און פאלשע צעהנער, אז זיי האבען גאר פערגעסען, אז דיא רויבער האבען געשטערט זייער האָכצייט. עס איז אויך שוין געווען צו שפעט צו מאכען דיא האָכצייט. אלע זיינען געווען מיעד, אלע זיינען געווען אויפגערעגט, אלע האבען זיך אָנגעארבייטעט און יעדער האט געפיהלט, אז ער מוז זיך אָפרוהען.

וויא אזוי זאָלען זיך אָבער אלע לעגען שלאָפען און לאָזען דעם צוג אליין אין דער וויסטע? — פיעלייכט געפינען זיך נאך דיא רויבער ערגעץ נים ווייט? פיעלייכט ווארטען זיי נור, אז מיר זאָלען אנטשלאָפען ווערן, אום דאן אויף אונז אָנצופאלען?

פירסט סארוסקיאר האט אונז אויך פון דיעזער געפאהר אויסגעהאָלפען. ער האט ערקלערט, אז ער האט אייגגעאָרדענט א וואך. יעדע דרייא שטונדען וועט זיך דיא וואך בייטען. דיא ערשטע דרייא שטונדען וועט ער און זיין פריינד חאנדשיר שטעהן אויף דער וואך.

דאס איז געווען אלעס, וואס מיר האבען געקענט ערווארטען פון אזא גרויסען מאן. מיר האבען איהם געדאנקט און האבען זיך געלעגט שלאָפען.

מיר זיינען געווען אזוי מיעד, אז יעדער איז באלד אנטשלאָפען געוואָרען און האט ניט געוואוסט, וואו דיא נאכט איז אהינגעקומען.

פירסט סארוסקיאר איז געווען אזוי העפליך, אז ער האט קיין אייראָפעער אויפגעפאָרדערט צו שטעהן אויף דער וואך. דיא אייראָפעער זיינען געשלאָפען רוהיג און דיא מאָנגאָלען, טאטארען און כינעזען האבען געהאלטען דיא וואך.

גאנץ פריה, ווען עס האט נור וואס אָנגעהויבען צו טאָגען, האט מען אונז אויפגעוועקט און מיר האבען זיך ווידער גענומען צו דער ארביים.

מיר האבען ווידער געארבייטעט זעהר פלייסיג. מען האט געמוזט צוזאמען־

לענען דיא קלעצער, אויף זיי ארויפלעגען דיא שיענען, זיי צושלאגען, וויא מען האט געקענט, און דאן ערשט אויפהייבען דעם לאקאמאטיוו.

ביז עלף אוהר האבען מיר געארבייטעט אהן אויפהער, אום עלף אוהר אבער איז דיא היץ געווארען אזוי שטארק, אז זאגאר דיא מאטארען האבען עס ניט גע־קענט אויסהאלטען. מען האט געמוזט אוועקלעגען דיא ארבייט און אנטלויפען אין דיא וואגאנס זיך שיצען גענען דיא שרעקליכע היץ.

איך בעניץ דיעזע צייט אום זיך צו זעהען מיט מיין בלינדען פאסאזשיר. איך דערצעהל איהם אלעס, וואס עס האט פאסירט, בערוהיג איהם און געה ארויס פון באגאזש־וואגאן. יעצט האב איך קיין מורא צו געהן אין באגאזש־וואגאן.

געגען פיער אוהר האבען מיר ענדליך צורעכט געמאכט דעם וועג. דער לאָ־קאמאטיוו האט אנגעהויבען זיך צו ריהרען און איז לאנגזאם און פארזיכטיג אריבער געפאהרען דאס שלעכטע שטיקעל וועג.

מיר געהן אריין אין דיא וואגאנס, דער צוג ריהרט, מיר פאהרען ווייטער. צוועלף אוהר ביי נאכט זיינען מיר אנגעקומען אין טשארקאליק.

דער צוג האט פערשפעטיגט א קליינינקייט, — נור זעקס און דרייסיג שטונדען. מען קען זיך לייכט דענקען, וויא פיעלע טויזענד מאל דאננערוועטער! דער באראן פאן ווייסענשניצענדארף האט אויסגערופען. אין דרייסיג שטונדען האט ער גערעכענט צו פאהרען פון טיען טסין נאך יאקאהאמא, דאס הייסט, פון כינא נאך יאפאן. ער האט פערלארען אזוי פיעל צייט.

## 22טעס קאפיטעל.

## דיא כינעזישע מויער.

ערשט יעצט זעה איך, וואס פאר א וויכטיגע פערזאן פירסט סארוסקיאר איז. קוים זיינען מיר אנגעקומען אין טשארקאליק, האט ער זיך פארגעשטעלט, ווער ער איז, און אלע כינעזישע בעאמטע זיינען געשטאנען פאר איהם אויף דיא שפיץ פינגער. ער האט יעצט קאמאנדירט. וואס ער האט געהייסען, האט מען באלד געטאהן.

צוערשט האט מען אראפגענומען דיא פערוואונדעטע פון צוג און מען האט זיי ערגעץ אוועק געפיהרט. דאן האט מען אוועק געשיקט א גאנצע באנדע

ארבייטער, זייא זאָלען צורעכט מאַכען דעם וועג און דיא טעלעגראַפּישע דראָטהען.

מען האט מיר געזאָגט, אז טשארקאליק איז א גרויסע שטאָדט, איך וויל זעהר זיא זעהן, עס איז אָבער אונמעגליך: האלבע נאכט קען מען ניט גהען בעטראכטען א שטאָדט.

מיר זיינען געשטאַנען אין טשארקאליק אייניגע שטונדען. מען האט געמוזט מיטנעהמען פּראָוויאנט. איך האב אויך געקויפט אייניגע זאכען פאר מיין בלינדען פּאסאזשיר.

דער אַמעריקאנער האט זיך שוין בערוהיגט און האט זיך ענטשלאָסען צו ענדיגען מאָרגען זיין האָבציים. ער האט אלזאָ אויך געקויפט פיעלע זאכען אין טשארקאליק. — דיא איבעריגע פּאסאזשירען זיינען געשלאָפען אין זייערע וואגאָנס און זיינען ניט אראָפּגעגאַנגען.

גענען דרייא אוהר איז דער צוג אַרויסגעפאָהרען פון טשארקאליק. איך האב מיך צוגעלעגט, האב אָבער ניט געקענט שלאָפען. איך האב געטראכט, וואס איך זאָל שרייבען אין מיין צייטונג און וויא איך זאָל שרייבען דעם איבערפאל פון דיא רויבער אויף אונזער צוג.

איך האב געוואָלט טעלעגראפירען דיא גאנצע געשיכטע נאך פּאריז אין טשארקאליק, אָבער דאָרט האט דער כינזישער טעלעגראפיסט ניט געוואָלט אָנ־נעהמען א פראנצייזישע דעפּעשע, ווייל ער האט קיין פראנצייזיש פערשטאַנען. מען האט מיר דאָרט ערקלערט, אז א פראנצעזישע טעלעגראמע קען איך שיקען נור פון דיא גרויסע שטעדט, וויא אין לאַן טשעאו אָדער סו טשעאו.

איך מוז אלזא ווארטען.

גענען זיבען אוהר אין דער פריה בין איך אויפגעשטאַנען. און בין ארויס נענאַנגען בעטראכטען דיא געגענד, דורך וועלכע מיר זיינען יעצט געפאהרען. עס איז נאך אלץ געוועןן א וויסטע, טרויעריגע געגענד, אָבער פון ווייטענס האט מען שוין אָנגעהויבען צו זעהן דיא כינעזישע בערג האן טשאנג.

אום אכט אוהר איז מיסטער אָליפלט לאָנגזהעד געקומען אונז מעלדען, אז פונקט האלב נאך ניין וועט שטאטפינדען זיין טרויאונג — דיא חופּה — מיט מיסס בלועט, און אונז בעטען, אז מיר זאָלען פּינקטליך קומען.

דאס מאל האט דער אמעריקאנער בעסער בערעכענט דיא צייט פון זיין האָכציים. גענען ניין אוהר האט דער צוג געדארפט אָנקומען אויף דיא סטאציאָן לאָב נאָר, א קליינע סטאציאָן לעבען דעם בעריהמטען זעע — (אָזיעראָ) לאָב נאָר,

פון דיעזע סטאַציאָן ביז דער סטאַציאָן קאַרא נאָר איז צווייא הונדערט מייל. אויף דעם גאַנצען וועג פון אוזון־אַדאַ ביז פעקינג געפינען זיך ניט אזעלכע צווייא ווייטע סטאַציאָנען, וויא לאָב נאָר און קאַרא נאָר.

אזוי וויא א כינעזישער צוג געהט זעהר לאַנגזאם, וועט עס געווים געדויערן זעקס אָדער זיעבען שטונדען פון איין סטאַציאָן צו דער אַנדערער. אין זעקס שטונדען קען מען מאַכען דיא גרעסטע האָבצייט.

דאס מאָל איז דער צוג אָנגעקומען פינקטליך. שלאָג ניין זיינען מיר גע־בליעבען שטעהן ביי דער סטאַציאָן לאָב נאָר. מיר זיינען דאָרט געשטאַנען נור עטליכע מינוט. ווען דער צוג איז אוועקגעפאָהרען פון דיעזער סטאַציאָן, בין איך און מאַיאָר נולין אריינגעגאַנגען אין רעסטאָראַן וואַגאָן, וואו דיא טרויאונג (חופה) האט געדאַרפט שטאַטפינדען.

מיר האבען געפונען דעם וואַגאָן אויפגעפוצט, וויא אויף א האָכצייט. באלד איז אָנגעקומען דער מיססיאָנער, רעווערענד יהושע דשאָנסאָן, מיט א געבעט־בוך אונטערן ארים, מיט טינט און פעדער און מיט א פערטיגען הייראַטהס קאָנטראַקט.

אביסעל שפעטער זיינען אָנגעקומען דער יונגער כינעזע טשאַן־טשאַאָ מיט דעם אַקטער קאַטרען מיט זיין פרוי, דיא אַקטריסע. אזוי וויא טשאַן־טשאַאָ האט גערעדט אַן עכט פאַריזער פראַנצייזיש, האט ער זיך גאַנץ גוט אונטערהאַלטען מיט דער אַקטריסע. דאס איז מיר געפעלען און איך האב געזאָגט צו זיך אליין:

— מיר וועלען היינט האבען א פרעהליכען טאָג.

קאַטרען האט מיר געזאָגט שטילערהייט, אז דאס נייע פאַאר פאָלק מאַכט הייטע אבענד א מאָהלצייט פאַר אלע פאַסאַזשירען און פירסט סאַרוסקיאַר איז אויך איינגעלאַדען אויף דעם מאָהלצייט.

פונקט האלב נאָך ניין אוהר זיינען דיא חתן כלה אָנגעקומען און האבען זיך געזעצט לעבען גייסטליכען. מען וואָלט שוין געקענט מאַכען דיא צערעמאָניע, אָבער מען ווארט אויף פירסט סאַרוסקיאַר. דאס איז גאַנץ נאַטירליך, אויף אזא מאַן דאַרף מען ווארטען.

ענדליך איז דער פירסט אָנגעקומען מיט זיין פריינד חאַנדשיר. אלע געסט האבען זיך אויפגעהויבען פון זייערע פלעצער און האבען בעגריסט אזא הויכע פערזאָן, וויא פירסט סאַרוסקיאַר. מען האט זאָגאר אָפגערעדט, אז מען זאָל בעטען דעם פירסט, ער זאָל אונטערשרייבען דעם הייראַטהס קאָנטראַקט אלס צייגע —

עדות. דאס איז געווים א גרויסע עהרע, און ווען איך זאָל דארפען הייראטהען, וואָלט איך עס אויך געהאלטען פאר אן עהרע צו האבען דיא אונטערשריפט פון אזא בעריהמטען מאן אויף מיין הייראטהס קאָנטראקט.

דער מיסיאָנער, רעווערענד יהושע דשאָנסאָן, הייבט זיך אויף, זאָגט א געבעט און האלט דאן א לאנגע רעדע אויף ענגליש איבער דעם פסוק פרו ורבו ומלאו את הארץ, זייט פרוכטבאר, פערמעהרט אייך און פילט אן דאס לאנד. ער ערקלערט, וויא נאָטהווענדיג עס איז צו הייראטהען, וויא דיא פרוי דארף העלפען דעם מאן, און וויא דער מאן דארף ליעבען און שעצען דיא פרוי.

דיא רעדע איז צוואר געווען זעהר שעהן, אָבער אויך זעהר לאנגווייליג, וויא אלע רעדען פון מיסיאָנערן.

איך ווייס נים, אז פירסט סארוסקיאר פערשטעהט ענגליש, אָבער מיר דאכט זיך, אז ער לאנגווייל'ט זיך.

ענדליך האט דער פרומער מאן דאָך געענדיגט זיין רעדע. יעדע זאך מוז דאָך אמאל אן ענדע נעהמען, זאָגאר דיא רעדע פון א גייסטליכען.

יעצט הייבט ער אָן צו לעזען דעם הייראטהס קאָנטראקט. מיסס בלועט ברעכט איהם אונטער און רופט אויס:

— דיא פירמא האָלמס — האָלמס זאָל האבען פינף און צוואנציג פראָצענט פון אונזער שותפות, אזוי האבען מיר אָפגערעדט, מיסטער לאָנגהעד.

— ניין! נור פונפצעהן פראָצענט, מיסס בלועט, ענטפערט דער ברייטינגאם.

— דאס איז נים רעכט, מיסטער לאָנגהעד, שרייט דיא בראוט, פאר וואס קומט דער פירמא וועהסקי, בארלי ענד קאָמפ. פינף און צוואנציג פראָצענט?

— נון, לאָז זיין צוואנציג פראָצענט, וויללינט איין דער ברייטינגאם.

— נור פינף און צוואנציג פראָצענט! שרייט דיא בראוט.

איך האב מיך אָנגעבויגען צו מאיאר נולין און האב איהם געזאָגט אויפ'ן אויער:

— איבער פינף פראָצענט וועט זיך צוגעהן דיא גאנצע האָכצייט.

עס איז אָבער אזוי ווייט נים געקומען. מען האט זיך באלד אויסגעגלייכט, אז פון אלע געשעפטען, וועלכעביידע וועלען מאכען, זאָלען דיא פירמא האָלמס — האָלמס און דיא פירמא וועהסקי, בארלי ענד קאָמפ. בעקומען נור צו צוואנציג פראָצענט, און דאס איבעריגע זאָל געהערן צו דער נייער פירמא לאָנגהעד ענד בלועט גלייך אויף גלייך.

דער מיספיאָנער מאַכט צורעכט דעם קאָנטראַקט און פרעגט דיעם בריימינאַם:

— ווילסט דוא מיט דיין פרייען ווילען הייראַטהען מיסס האַרעשע בלועט און זיא ליעבען און אכטען?

— יעס! ענטפערט קורץ און שאַרף מיסטער לאַנגהעד.

דאס זעלבע פרעגט ער מיסס בלועט און זיא ענטפערט קורץ און שאַרף:

— יעס!

מען בייט זיך מיט צוויא גאָלדענע רינגען און דער גייסטליכער זאָגט אין דער הויך:

— איך ערקלער אייך אלזא אלס מאַן און פרוי!

דערמיט האט זיך דיא צערעמאָניע געענדיגט. מיר שרייבען אונטער דעם הייראַטהס־קאָנטראַקט אלס צייגען. פירסט סאַרוסקיאר שרייבט אונטער זיין נאמען קלאָר און דייטליך. נאר אונטען שרייבט זיך אונטער דער מיססיאָנער און לעגט ארויף זיין זיעגעל.

דיא אַקטריסע געהט צו צו דער פריש געבאַקענער פרוי לאַנגהעד און ווינשט איהר גליק. מיר אלע טהוען דאסזעלבע און בעגריסען דאס נייע פאאר פאָלק.

אלעס איז געענדיגט. מיר געהן ארויס רויכערן א סיגאַר. מיסטער לאַנגהעד געהט מאַכען זיין רעכנונג פאר דער פירמא ווהיסקי, בארלי ענד קאָמפ. מיסים לאַנגהעד איז געגאַנגען מאַכען רעכנונגען פאר דער פירמא האָלמס — האָלמס. פירסט סאַרוסקיאר און זיין פריינד חאנדשיר געהן עפּעס רעדען שטילערהיים. דער אקטער מיט דער אַקטריסע זעצען זיך אין א ווינקעל און מאַכען א רעפעטיציאָן פון א שטיק, וועלכע זיי וועלען גיבען אין פעקין. דיא איבעריגע פאסאזשירען צוגעהן זיך יעדער אויף זיין פּלאַץ.

איך בעטראַכט יעצט דיא געגענד, דורך וועלכע מיר פאָהרען, און רעד מיט מאַיאָר נולין. יעדער פון אונז דערמאָנט זיך, וואס ער האט אמאל געלערנט איבער כינא, ווייל קיינער פון אונז איז קיינמאל נים געוועזן אין דיעזע געגענדען און מיר קענען זיי נור פון ביכער.

מאַיאָר נולין דערצעהלט, וואס דער רוסישער גענעראל פּיעווצאָוו און דער בעריהמטער רוסישער געלערנטער, אָבערסט — פּאָלקאָוויניק — פּרזשעוואלסקי האט געשריעבען איבער דיעזע געגענדען. איך דערצעהל, וואס איך האב געלעזען אין דיא

בעשרייבונגען פון פרינץ הענריך פון ארלעאנס און פון דעם געלערנטען פראנצויז גאָנוואלעע.

אזוי וויא מיר רעדען אזוי און דערמאָנען זיך, וואס מיר האבען געלעזען איבער דיא וויסטע גאָבי אָדער שאַמאָ, קומט צו צו אונז פירסט סארוסקיאר און הייבט אָן צו רעדען צו אונז.

צום ערשטען מאל, זייט מיר פאָהרען צוזאמען, האט דער פירסט אונז ער־צייגט דיא עהרע צו צוגעהן צו אונז און צו רעדען מיט אונז. ער רעדט מיט אונז רוסיש. עס בייסט מיר דיא צונג, איך זאָל אָנהייבען צו רעדען מיט איהם פראנ־צייזיש, אָבער איך קען עס ניט: עס איז געגען דיא העפליכקייט. ווען א מענש רעדט צו דיר אין א שפראכע, וועלכע דוא פערשטעהסט, פאסט עס ניט איהם צו אונטערברעכען און אָנצוהייבען רעדען אנאנדער שפראכע. אזוי פיהרט זיך דיא וועלט, און א פראנצויז וועט זיך קיינמאָל ניט ערלויבען צו בעגעהן אַן אונ־העפליכקייט.

איך טראכט יעצט, וויא אזוי איך זאָל איהם איינלאדען, ער זאָל אויס־שרייבען מיין צייטונג „דאס 20טע יאהרהונדערט“. עס קאָסט נור 76 פראנק א יאָהר. איך ווייס גאנץ גוט, אז פאר אזא מאן, וויא פירסט סארוסקיאר, איז 76 פראנק א קלייניגקייט, א גאר נישט.

איך שטעל מיך פאָר אלס ספעציאל קאָררעספאָנדענט פון „דעם 20טען יאהרונדערט“. פירסט סארוסקיאר ענטפערט, אז ער ווייס שוין, ווער איך בין.

מיר רעדען נאך פון אנדערע זאכען. איך פראָביר רעדען פון דער געשיכטע פון דיעזע לענדער און דערמאָן דעם נאמען פון דעם בעוואוסטען אואלי כאן טוללא, וועלכער האט געהעררשט אין קאשגאר און איז ביז 1854 געווען איינער פון דיא מעכטיגסטע פירסטען פון טורקעסטאן.

— וואס ווייסט איהר פון דיעזען מאן? רופט אויס פירסט סארוסקיאר, דיעזער מאן איז געווען איינער פון דיא גרעסטע הערשער אין דער וועלט, אָבער אויך איינער פון דיא גרויזאמסטע און ווילדעסטע מענשען, פון וועלכע דיא וועלט־געשיכטע ווייס.

מען דערצעהלט פון איהם פאָלגענדע געשיכטע. א גוטער וואפען שמיעד, א קינסטלער אין זיין פאך, האט געמאכט א זעהר קינסטליכען שווערד. דער מאן האט געארבייטעט עטליכע יאָהר נאכאנאנד און האט אויסגעהאממערט, אויסגעשלאָגען א זאנדערבאר שארפען שווערד, מיט וועלכען מען האט געקענט איבערהאקען א

האאר אויפ׳ן קאָפּ פון א מענשען און ניט שעדיגען דעם מענשען. ווען דאס שווערד איז פערטיג געוואָרען, האט דער קינסטלער עס צוגעשיקט צום הערר׳שער אואלי כאן טוללא מיט זיין זוהן, א אינגעל פון א יאָהר צעהן. דערבייא האט ער איהם מיטגעגעבען א בריעף, אין וועלכען ער האט בעשריעבען דאס שווערד, וויא גוט עס איז און וויא שארף עס איז. דער כאן האט צוגענומען דאס שווערד און האט גע־פרעגט דעם יונגע:

„דענקסט דוא, אז דאס שווערד איז ווירקליך אזוי גוט און אזוי שארף, וויא דיין פאטער ריהמט זיך?״ — „געוויס!״ האט דער יונגע געענטפערט. — „דאן קום אהער״, האט דער כאן געזאגט.

דער יונגע איז צוגעקומען צו איהם. אואלי כאן טוללא האט אויפגעהויבען דעם שווערד, האט אָפּגעהאקט דעם קאָפּ פון דעם יונגען און האט געשיקט דורך א שקלאַף צום פאטער דעם קאָפּ פון זיין קינד מיט דרייא טויזענד גאָלד־שטיקע.

איך האב א ציטער געטאָהן, ווען איך האב דערהערט דאס ענדע פון דיעזער זאָנדערבארער ערצעהלונג. פירסט סארוסקיאר איז געבליעבען רוהיג און קאַלט־בליטיג. עס האט זיך מיר זאָגאר אויסגעוויעזען, אז פאר איהם איז עס א גאַנץ געוועהנליכע געשיכטע, וועלכע קען פאסירען יעדען טאָג אין דיא הויפען פון דיא פירסטען פון מיטעל אזיען.

מיר האבען נאך אוועקגערעדט א לענגערע צייט איבער מיטעל־אזיען און איך האב געמאכט פיעלע בעמערקונגען, וועלכע איך האב שפעטער פערשריעבען אין מיין טאגעבוך. איך בין געוועזן העכסט צופריעדען, ווייל איך האב אויסגעארבייטעט אין מיין קאָפּ א גאַנצען פּלאַן, וואס איך זאָל דאריבער שרייבען אין „דעם 20טען יאהרהונדערט״, וויא פיעל ארטיקעל איך קען דערפון מאכען און וויא פיעל געלד דאס קען מיר איינברענגען.

אזוי איז פערגאנגען דער טאָג. דער צוג איז געפאָהרען זעהר לאנגזאם. דער בינעזישער מאשיניסט האט זיך ניט געאיילט, ווייל א בינעזע איילט זיך קיינמאָל ניט. ער האט געגוג צייט און ער וויל ניט וויסען פון דעם אַמעריקאנישען שפּרוך: „טיים איז מאָני״, צייט איז געלד, פאר איהם איז צייט קיין געלד.

מיר זיינען געבליעבען שטעהן אויף אייניגע סטאציאָנען צו צעהן — פונפצען — צוואנציג מינוט, אָבער איך האב מיך וועניג אינטערעסירט מיט דיעזע סטאציאָנען, ווייל מייסטענס זיינען זיי געוועזן נור אייזענבאהן סטאציאָנען, אָהן א דאָרף אָדער א שטאָדט לעבען זיי. מיר זיינען געפאָהרען אין דער וויסטע, און וואס מען זאָל

זאגען פון דער וויסטע, זיא איז ניט אינטערעסאנט: א וויסטע איז א וויסטע, זאָגאר ווען אן אייזענבאהן שניידט זיא דורך.

ווען עס איז געוואָרען נאכט, האט מיסטער אָליפלט לאַנגהער איינגעלאדען אלע פאסאזשירען ערשטער און צווייטער קלאַסע אויף זיין האָכצייטס מאָהל־צייט.

אין רעסטאָראנט־וואגאָן האט מען געדעקט אלע טישען און מען האט נאָך צונעשטעלט עטליכע טישען, אום אלע געסט זאָלען האבען פּלאץ. — אז איך בין אויך געווען איינגעלאדען, איז זעלבסט פערשטענדליך, איך בין דאָך געווען איינער פון דיא צייגען, און דערפאר האב איך געהאט דיא גרויסע עהרע צו זיצען אין דער לינקער האנד פון מאדאם לאַנגהער. מאיאָר גולין אָבער האט מען געזעצט בייא איהר אין דער רעכטער האנד.

אייגענטליך בין איך געווען ניט גאנץ צופריעדען מיט מיין פּלאץ: מיינע אויגען האבען געזוכט פּירסט סארוסקיאר און איך האב בעסער געוואָלט זיצען לעבען איהם, וויא לעבען מאדאם לאַנגהער. צו מיין גרעסטען בעדויערן אָבער האט פּירסט סארוסקיאר ניט אָנגענומען דיא איינלאדונג פון דעם אמעריקאנער אויף זיין האָכצייטס־באלל.

וויא קומט עס? פאר וואס האט ער עס געטאָהן? פאר וואס איז ער ניט געקומען אויף אזא שמחה? — דאס האב איך ניט פערשטאַנען.

מיר האבען פערבראכט דיא צייט רעכט אנגענעהם. מיר האבען געגעסען עכט כינעזישע שפּייזען און האבען זיך אונטערהאלטען אזוי אנגענעהם, וויא מיר האבען נור געקענט. דער אקטער קאטהרען איז גראדע געזעסען לעבען דעם יונגען כינעזען טשאָן־טשאָא און האבען זיך אונטערהאלטען אויף פראנצייזיש. אזוי וויא דער אקטער פאָהרט נאך כינא, האט ער געבעטען זיין נאכבאר, ער זאָל איהם אויס־לערנען עטליכע ווערטער כינעזיש. טשאָן־טשאָא האט איהם צוליעב געטאָהן. דאס ערשטע וואָרט, וועלכעס ער האט זיך אויסגעלערנט, איז געווען טשין־טשין, דאס הייסט, „איך דאנק" אויף כינעזיש. דעם אקטער איז אזוי געפעלען דיעזעס שעהנע וואָרט, אז ער האט יעדען פערטויבט דיא אויערן מיט זיין טשין־טשין.

דערפאר אָבער האבען מיר געהערט אלערלייא געזאנגע. מען האט געזונגען רוסישע ליעדער, פראנצייזישע ליעדער, טאטארישע ליעדער, כינעזישע ליעדער און בעראָן פאָן ווייסענשניצענדאָרף האט זאָגאר געזונגען א דייטשעס ליעד, אָבער מיט אזא שעהנער באס שטימע, אז מיר האבען אלע געדאנקט גאָט, ווען ער האט

געענדיגט, און פיעלע פאסאזשירען האבען געשוואָרען, אז זיי וועלען מעהר ניט הערען קיינע דייטשע ליעדער.

מען האט פּרובירט האלטען רעדען, אָבער עס איז עפּעס ניט געגאנגען. דיא אמעריקאנער זיינען דיא גרעסטע קינסטלער צו האלטען א לאנגע רעדע, אין וועלכע עס ווערט זעהר פיעל גערעדט, אָבער זעהר ווייניג געזאגט; ליידער האט זיך געפונען צווישען אונז נור איין אמעריקאנער און דיעזער אמעריקאנער איז היינט עפּעס ניט געווען אויפגעלעגט צו רעדען.

דער מאָהלצייט און דיא אונטערהאלטונג האבען געדויערט ביז צוועלף אוהר, דאן איז מען געגאנגען שלאָפען. ווען עס זאָל געווען זיין גענוג פּלאץ אין וואגאָן, וואָלט מען געוויס געווען געטאנצט, אָבער דערווייל האט מען נאך קיין טאנץ וואגאָנס אויף דער כינעזישער באהן, און מען האט געמוזט געהן שלאָפען.

דער צוג איז אונטערדעסען ווייטער געגאנגען לאנגזאם און פאָרזיכטיג, וויא אן עכטער כינעזע. מיר זיינען דארום אויך באלד אנטשלאָפען געוואָרען און זיינען רוהיג און פערגניגט איבערגעשלאָפען דיא נאכט.

געגען זיעבען אוהר אין דער פריה בין איך אויפגעשטאנען און בין ארויס־געגאנגען אויף דיא פּלאטפאָרם. איינינע מינוטען שפּעטער איז מאיאָר נולין צוגע־קומען צו מיר און ווען דער קאָנדוקטאָר האט אויסגערופען: „סטאציאָן קאן טשעאו!“ האט דער מאיאָר געזאגט צו מיר:

— באלד וועלען מיר צוקומען צו דער בעריהמטער כינעזישער מויער. מיר פאָהרען יעצט אריין אין עכטען כינא, אין וואהרען כינא, ביז אהער זיינען מיר געווען אין טאטארישען כינא.

אוןווירקליך, דיא געגענד האט זיך אין גאנצען געענדערט. ביז אהער זיינען מיר געפאָהרען אין א וויסטע, אין וועלכע עס האבען זיך געפונען עטליכע בעאַרבייטעטע שטיקער לאנד, יעצט זיינען מיר אריינגעקומען אין א העכסט ציוויליזירטעס לאנד, וואו מען האט געזעהן גרינע וועלדער, בליהענדע פעלדער, שעהנע גערטנער און פלייסיגע מענשען, וועלכע האבען געארבייטעט אויף זיי.

געגען צעהן אוהר זיינען מיר אָנגעקומען אין דיא ערשטע גרויסע שטאָדט אין עכטען כינא, טשאָדסו.

מיר שטעהן דאָ צוויא שטונדען און איך האב צייט צו זעהן דיא שטאָדט און צו שיקען א דעפּעשע נאך פּאריז, אין וועלכער איך האב בעשריעבען דיא האָכצייט פון מיסטער לאָנגהער מיט מיס בלועט.

פיעלעס האב איך דאָרט ניט געקענט זעהן, ווייל אין צווייא שטונדען קען מען זעהן זעהר ווייניג זאָגאַר אין א כינעזישער שטאָדט. דאס איינציגע מערק־ווירדיגע, וואס איך האב געזעהן, איז דער פּלאַן פון דער שטאָדט.

אין דער טאַרטאַריי בעשטעהט יעדע שטאָדט פון צווייא בעזונדערע שטעדט, וועלכע געפינען זיך געוועהנליך פוןביידע זייטען פון א טייך. אַן אַלטע שטאָדט, געבויט פון עכטע טאטאַרען מיט הונדערטער אָדער טויזענדער יאָהר צוריק, און א נייע שטאָדט, געבויט פון אייראָפּער אָדער פון אייראָפּעער און טאטאַרען. אין כינא בעשטעהט יעדע גרויסע שטאָדט פון צווייא — דרייא שטעדט, איינע אין דער אנדערער, אָדער איין שטאָדט ארום דער אַנדערער. אין דער מיט איז געבויט א שטאָדט, וועלכע איז ארומגערינגעלט מיט א מויער. ארום דיעזער שטאָדט האט זיך מיט דער צייט אויסגעבויט נאך א שטאָדט, וועלכע מען האט ווידער ארומ־גערינגעלט מיט א מויער, און ארום דיעזער שטאָדט האט זיך ענדליך אויסגעבויט א דריטע שטאָדט.

איך מוז נאך בעמערקען, אז דאס מאָל האט מיך ארומגעפיהרט מיין פריינד, דער יונגער כינעזע טשאַן־טשאַא.

אין קיאַן־סו הייבט זיך אָן דיא כינעזישע מויער, א הויכע מויער, וועלכע איז אזוי ברייט, אז צווייא קאַרעטעס איינגעשפּאַנט מיט זעקס פערד קענען גאַנץ בעקוועם פאָהרען פון אויבען. פון צייט צו צייט זעהט מען טהורמס אויף דיעזער מויער.

— צו וואס ניצט דיעזע זאָנדערבאַרע מויער? האב איך געפרעגט מאַיאָר נולין. דער זאָנדערבאַרער איינפאַל פון א פאָלק ארומצוריינגלען זיין לאַנד מיט א מויער!

מאַיאָר נולין האט ניט געענטפערט.

23טעס קאַפּיטעל.

## א וויזיט ביי מיין בלינדען פּאַסאַזשיר.

זייט צווייא טעג האב איך ניט געזעהן מיין בלינדען פּאַסאַזשיר. איך בין געוועזען אזוי בעשעפטיגט, אז איך האב ניט געקענט געפינען א געלעגענהייט איהם צו זעהן און איהם עפּעס צו ברענגען.

איך האב געקויפט פאַר איהם איינינע לעבענס מיטעל אין קיאַן־סו און האב מיך ענטשלאָסען איהם צו זעהן היינט אבענדס.

עס איז וואהר, אז מיר האבען נור נאך דרייא טעג צו פאָהרען. אין דרייא טעג קומען מיר אָן אין פעקינג און אונזער לאנגע רייזע האט זיך געענדיגט. מיין בלינדער פאסאזשיר וועט קומען צו זיין געליעבטער זינקא און איך וועל אָנשרייבען א לאנגען ארטיקעל איבער דיעזער רייזע פאר מיין צייטונג, אָבער דרייא טעג איז אויך א שמיק צייט. מען מוז אויך עסען אין א צייט פון דרייא טעג און ליעגען פערשלאָסען אין א קאסטען גאנצע דרייא טעג, איז אויך קיין גרויסעס פער־גניגען.

דיא נעכסטע גרויסע שטאָדט, וואו מיר וועלען בלייבען שטעהן א לענגערע צייט, איז לאן טשעאו. אזוי וויא דער צוג נעהט זעהר לאנגזאם, האב איך גענוג צייט צו פלוידערן מיט דעם יונגען כינעזען טשאן־טשאאָ. יעצט איז מיר ניצליכער צו רעדען מיט איהם, אלס מיט מאיאָר נולין, ווייל טשאן־טשאאָ איז אן עכטער כינעזע און ער קען כינא פיעל בעסער, וויא מאיאָר נולין.

מיר זיינען ביידע געשטאנען אויף דער פלאטפאָרם פון א וואגאן און האבען געפלוידערט.

— אין אייער כינא פאָהרט מען אזוי לאנגזאם, גלייך וויא מען וואָלט זיך געשלעפט מיט אן אָקסען וואָגען, האב איך בעמערקט. אין אנדערע לענדער לויפט מען און מען טרייבט דעם לאָקאָמאָטיוו, וויא שנעל ער קען נור לויפען.

— הערר סען סיר, איהר וועט ניט איבערמאכען דיא כינעזען, האט טשאן־טשאאָ געענטפערט ערנסט. זיי זיינען א קאָנסערוואטיוועס פאָלק, זיי האבען ליעב דאס אלטע און האלטען זיך ביים אלטען. עס וואונדערט מיך זעהר, וואס זיי האבען געלאָזען בויען אייזענבאהנען אין זייער לאנד.

— איהר האט פאלקאָמען רעכט, הערר טשאן־טשאאָ, האב איך געזאגט, אָבער ווען מען האט שוין געבוים אן אייזענבאהן, ווען מען פאָהרט שוין אויף אן אייזענבאהן, פאר וואס זאָל מען ניט אויסניצען אלע בעקוועמליכקייטען פון אן אייזענבאהן? פאר וואס זאָל מען ניט פאָהרען שנעלער?

— צו וואס?

— וואס הייסט, צו וואס? צייט! מען קען דאך שפארען צייט! מען קען דאך אָנקומען שנעלער, וואו מען דארף.

— צייט? האט טשאן־טשאאָ געפרעגט, פאר אונז כינעזען האט צייט קיין ווערטה. צייט קען ניט האבען א ווערטה פאר א פאָלק פון פיער הונדערט מילליאָן מענשען. וואו וועט איהר נעהמען גענוג צייט פאר אלעמען? בייא אייך

איירָאפּעער איז דיא צייט אזוי טהייער, אַז איהר צעהלט זאָגאר שטונדען און מינוטען. מיר צעהלען נור מאָנאטע און יאָהרען, אונזערע טעג זיינען איינגעטהיילט אין וואכען — משמורות, און מיר זאָגען, יעצט איז דיא ערשטע וואכע, דער ערשטער משמור. —

— דאס איז זעהר שעהן, זעהר פּאָעטיש, אָבער גאר ניט פּראקטיש, האב איך בעמערקט.

— פּראקטיש? האט טשאַן־טשאַ געלאכט, — פּראקטיש? אך! איהר איירָאפּעער קענט לעבען אָהן דיעזעס וואָרט. יעדע זאך מוז זיין ביי אייך פּראקטיש. ווייסט איהר, וואס דאס וואָרט פּראקטיש בעדייטעט? ווייסט איהר, וויא מיר פערשטעהן דאס וואָרט פּראקטיש? — פּראקטיש הייסט זיין א שקלאף, א פער־זויפטער קנעכט, צו דער צייט, צו געלד, צום געשעפט, צו יעדען מענשען, נור ניט צו זיך אליין. — איך האב געלעבט עטליכע יאָהר אין פּאריז און בין דאָרט אויך ניט געווען פּראקטיש. איך פאָהר יעצט אהיים און וועל דאָרט אויך ניט ווערן פּראקטיש. איך וויל ניט זיין פּראקטיש, איך וויל לעבען, וויא א שטיקעל האָלץ שווימט אויף א טייך און וויעגט זיך און לאָזט זיך שאָקלען פון דעם פליעסענדען וואסער.

— איך זעה שוין, אַז מיר מוזען זיין צופריעדען מיט כינא, וויא זיא איז.

— און זיא וועט שטענדיג אזוי זיין, האט טשאַן־טשאַ בעמערקט, מיר לעבען רוהיג, מיר ווילען זיך ניט מאכען קיינע זאָרגען. אונזערע געשעפטען געהן, וויא זייא געהן. מיר מישען זיך ניט אין פרעמדע אנגעלעגענהייטען, מיר ווערן זיך ניט וועגען פּאָליטיק. — זעהט, הערר סען־סיר, אונזער ערשטער קייסער פו־הו האט געלעבט מיט 2950 יאָהר פאר יעזוס קריסטוס, אלזאָ אין דער צייט ווען אייער נח איז ארומגעשוואומען אין זיין תיבה. זייט דאמאלס האבען געהעררשט איבער אונז 23 דינאסטיען אָדער הערשער פאמיליען. יעצט הערשט איבער אונז א קייסער־ליכע פאמיליע פון דעם פאָלק מאנדשו. וואס וועט ווייטער זיין? וועמען הארט עס? וועמען קימערט עס? צו וואס זאָל איך מיר דאריבער ברעכען דעם קאָפּ?......

האט דער כינעזע רעכט? זאָל א מענש לעבען, וויא עס לאָזט זיך, וויא עס נעהט מיט איהם און זאָל ווירקליך זיך ניט ברעכען דעם קאָפּ איבער אנדערע זאכען? — איך ווייס עס ניט און קען דארויף ניט אנטוואָרטען.

איך האב געוואָלט נאך עפּעס פרעגען דעם כינעזען, אין דיעזע מינוט אבער

האט מען אונז גערופען עסען. אזוי וויא מען האט אונז שוין גערופען צום דריטען מאל, האבען מיר געמוזט געהן עסען.

ווען מיר זיינען אריינגעקומען, זיינען שוין אלע פאסאזשירען געזעסען ארום דיא טישען און מיר האבען געמוזט זיך זעצען, וואו מיר האבען געפונען א לעדיגען פלאץ. מיר איז אויסגעקומען צו זעצען זיך לעבען דאס נייע פאאר־פאלק, מיסטער ענד מיסעס לאנגהעד.

זיי זיינען צוואר געזעסען איינער לעבען אנדערן, אבער זאנדערבאר! איידער זייא האבען געהייראטהעט, פלעגען זייא שטענדיג רעדען פון געשעפטען. זייט זייא האבען געהייראטהעט, האט זיך ביי זיי אויסגעשעפט דאס מאטעריאל צום רעדען. זייא זיינען יעצט געזעסען איינער לעבען אנדערן, האבען געגעסען מיט אפעטיט, האבען אבער קיין ווארט גערעדט איינער צום אנדערן.

וואס זאל דאס הייסען? וויא זאל איך עס מיר ערקלערן? עס איז זעהר מעגליך, אז פאר דער האכצייט האבען זייא שוין אזוי וויט אלעס אפגערעדט און אזוי פינקטליך אלעס אפגעמאכט, אז יעצט האבען זיי שוין ניט פון וואס צו רעדען. זיי זיינען פראקטישע מענשען, זעהר פראקטישע מענשען!

מיר האבען געהאט א שלעכטע נאכט. דער הימעל האט זיך בעדעקט מיט שווארצע וואלקענס און עס האט אויסגעבראכען א שרעקליכער שטורם. דער דונער האט נאר ניט אויפגעהערט און דיא בליצען האבען געדויערט מינוטען לאנג. דער רעגען האט געגאסען, וויא פון אן עמער, און עס האט זיך אונז אויסגעוויעזען, אז דער צוג שווימט אין א מעער פון פייער.

אין אזא שטורם האב איך גאנץ רוהיג און גאנץ זיכער געקענט געהן צו מיין בלינדען פאסאזשיר. איך בין אריינגעקומען אין באגאזש־וואגאן און האב געפונען מיין פאסאזשיר שלאפענדיג. איך האב איהם אויפגעוועקט און האב איהם איבער־געגעבען דיא לעבענס־מיטעל, וועלכע איך האב פאר איהם אנגעגרייט.

— ווען וועלען מיר אנקומען אין פעקינג? האט ער מיך געפרעגט.

— איבערמארגען, האב איך געענטפערט, — ווען מיר וועלען נור ניט האבען א שטערונג אדער אן אפהאלט.

— עס הארט מיך ניט, ווען מיר וועלען אנקומען, האט ער געזאגט, איך האב נור מורא, אז ווען מיר וועלען אנקומען אין פעקינג, וועט מען עפענען דעם קאסטען און מען וועט אויסגעפינען, אז איך בין א בלינדער פאס־אזשיר.

— איך רעכען, אז אייער געליעבטע זינקא האט שוין אָפּגעמאַכט מיט דיא בעאמטע אין פעקינג, אז מען זאָל באלד צושיקען דעם קאסטען אין איהר וואָהנונג.

— דערפאר עבען האב איך מורא, האט קינקאָ געזאגט טרויעריג, זיא איז א פרוי, פרויען זיינען אונגעדולדיג, זיא וועט קומען צולויפען, וועט וועלען עפענען דעם קאסטען און......

— אלזאָ וואס טהוט מען? האב איך געפרעגט.

— איך וויל אייך עפעס בעטען, הערר סען־סיר.

— ווען עס איז נור מעגליך, וועל איך עס געוויס טאָהן.

— עס איז מעגליך.

— דאן זאגט, וואס קען איך פאר אייך טאָהן?

— ווען מיר וועלען אָנקומען אין פעקינג, זאָלט איהר דינגען א דראָשקע אָדער טרעגער, מען זאָל מיך טראנספּאָרטירען צו מיין זינקא אין דער שטראסע טשא טשוא.

— אויב עס וועט נור מעגליך זיין, וועל איך עס טאָהן מיט פערגניגען, האב איך אויסגערופען, — איך וועל זאָגאר ערקלערן דיא דומע כינעזען, אז אין דיעזען קאסטען געפינט זיך גלאָז און מען מוז זיין זעהר פאָרזיכטיג ביים איבערפיהרען אָדער איבערטראָגען פון איין אָרט צום אנדערן.

— איך וואָלט אייך נאך געבעטען, איהר זאָלט מיטפאָהרען מיט'ן קאסטען און זעהן, ער זאָל ריכטיג אָנקומען.

— געוויס, הערר קינקאָ! איך וועל עס טאָהן מיט פערגניגען, ווייל איך וויל זעהן אייער געליעבטע, דיא שעהנע זינקא מארקולעסקו!

אין דיעזער מינוט האט דער דונער אזא קלאפּ געטאָהן, אז איך האב גע־מיינט דער צוג פאלט אום מיט אונז.

איך האב בערוהיגט מיין בלינדען פּאסאזשיר און בין צוריק געגאנגען אין מיין וואגאָן.

ערשט פארטאָג האט דער שטורם אויפגעהערט און איך האב געקענט אנט־שלאָפען ווערן.

איך בין אויפגעשטאנען שפּעט, ערשט נאך אכט אוהר. קוים האב איך מיך אָנגעטאָהן, אָפּגעוואשען און האב געוואָלט ארויסגעהן אויף דיא פלאטפאָרם פון אונזער שלאף־וואגאָן, איז דער קאָנדוקטאָר אריינגעקומען און האט אויס־גערופען:

— לאַנ־טשעאו! דרייא שטונדען!

איך האב אויסגעזוכט מאיאר גולין און דעם יונגען כינעזען טשאַך טשאַא.

— שנעל! האב איך געזאגט צו זיי, — שנעל! קומט! לאָמיר זעהן דיא שטאָדט לאַנ־טשעאו! דרייא שטונדען איז ניט פיעל ציים. לאַנ־טשעאו איז א גרויסע שטאָדט.

אין איינינע מינוטען זיינען מיר געווען פערטיג ארויסצוגעהן זעהן דיא גרויסע שטאָדט לאַנ־טשעאו. קוים אָבער זיינען מיר אָפּגעגאנגען פון צוג, האט זיך אונז פאָרגעשטעלט אן עכט כינעזישעס שוישפּיעל, א ספּעקטאקל, וועלכען איך וועל ניט פערגעסען מיין לעבען לאנג.

עס איז ענטגעגען געקומען א גאנצער הויפען כינעזען. פאָראויס איז גע־גאנגען א דיקער, הויכער אלטער מאן אין זיידענע קליידער פון ווייסע און געלע זייד, פון אויבען האט ער געטראָגען א קורצען מאנטעל פון שווארצער זייד. דיעזער מאנטעל וואָלט בעסער געפּאסט צו ליעגען אויף דיא פּלייצעס פון א פרוי, ווייא אויף דיא פעטע פּלייצעס פון א מאן. הינטער איהם זיינען געגאנגען פונפצעהן כינעזען מיט א קיילעכדיג קנעפּעל אויפ׳ן הוט, א צייכען, אז זיי זיינען מאנדאַ־רינען — בעאמטע. קוים האט מען איהם דערזעהן, איז מען געפּאלען אויף דיא קניע און מען האט אויפגעהויבען דיא פויסטען.

— וואס איז דאס? ווער איז דיעזער מאן? האב איך געפרעגט.

— דאס איז דער גובערנאטאָר פון לאַנ־טשעאו, האט טשאַנ־טשאַא גע־ענטפערט.

— אָבער וואס וויל ער? צו וואס איז ער געקומען צום צוג? וויל ער זעהן דיא פּאסאזשירען אָדער איבערקוקען דעם באגאזש? האב איך געפרעגט.

מיר איז באלד איינגעפאלען מיין בלינדער פּאסאזשיר. וואס וועט זיין, ווען דער הערר גובערנאטאָר וועט הייסען עפענען אלע קאסטענס און וועט אויסגע־פינען מיין אָרימען קינקאָ?

טשאַנ־טשאַא האט מיר דיעזעס מאל ניט געענטפערט, ווייל ער האט אויך ניט געוואוסט וויא עס קומט, וואס דער הערר גובערנאטאָר פון לאַנ־טשעאו האט אונז בעעהרט מיט זיין וויזיט.

איך האב מיך געווענדעט צו מיין אלטען פריינד, דעם רוסישען קאָנדוקטאָר פּאָפּאָוו, און האב איהם געפרעגט:

— וואס וויל דער גובערנאטאר? וועט יעדער פאסאזשיר מוזן ווייזן זיין פאספארט? וויל מען אונטערזוכען די פאסאזשירען און אויסגעפינען, וואס עס איז געשעהן מיט׳ן צוג ניט וויים פון טשערטשען?

— אַה, ניין! האט פּאַפּאַוו געענטפערט, דער הערר גובערנאטאר איז גע־קומען זיך איבערציינגען, אויב די „קאַץ", די פונפציג מילליאָנען פראנק, איז ניט גערירט. ווארט א ווײַלע, ועט איהר זעהן, וואס עס וועט גע־שעהען.

וויא נייגעריג איך בין געוועזן צו זעהן די שטאָדט לאַן־טשעאו, בין איך דאָך געבליעבען שטעהן אום צו זעהן, וואס דער הערר גובערנאטאר וועט טאָהן.

ער איז צוגעגאנגען מיט אלע זיינע מאנדארינען צום וואגאָן, וואו „די קאַץ" האט זיך געפונען. איז אריינגעגאנגען, האט בעטראכט דעם קאסטען, וואו די כייבע, דער טויטער מאנדארין יען־לו, האט געדארפט ליגען, האט זיך צוגעקוקט צו יעדען שלאָס, צו יעדען שפּאלט, און אזוי וויא ער האט געפונען אלעס אין בעסטער אָרדנונג, האט ער געוואָלט ארויסגעהן פון וואגאָן.

יעצט אָבער איז צו איהם צוגעקומען פירסט סאָרוסקיאר מיט זיין פריינד חאנדשיר. דער הויפּט־פערוואלטער „גלאַווני אופראוולאיושטשי" פון דער בינע־זישער באהן און דער גובערנאטאר פון לאַן־טשעאו האט זיך בעגריסט מיט אלע קליינינקייטען פון דער בינעזישער עטיקעטע. זיי האבען זיך עטליבע מאל פערנייגט איינער פאר׳ן אנדערן, דאן האט איינער דעם אנדערן געווינשט צעהן טויזענד מאָל „גוט מאָרגען!" דאן האט איינער דעם אנדערן געבראכט צעהן טויזענד גריסע פון גוטע פריינד, דאן האט איינער דעם אנדערן געווינשט צעהן טויזענד מאל גליק און פריעדען, דאן האט מען זיך געזאגט צעהן טויזענד קאָמפּלימענטען און דער גובערנאטאר האט עפּעס געזאגט אזוי הויך, אז אלע האבען עס געקענט הערען.

אזוי וויא איך האב ניט פערשטאנען, וואס ער זאגט, האב איך געבעטען מיין פריינד טשאַן־טשאָ, ער זאָל מיר איבערזעצען, וואס דער גובערנאטאר האט געזאגט דעם פירסט.

טשאַן־טשאָ האט עס מיר איבערזעצט.

— דער גובערנאטאר דאנקט דעם פירסט סאָרוסקיאר דערפאר, וואס ער האט איינגעשטעלט זיין לעבען און האט געראטעוועט די קאסא פון דעם רויבער־

קי־טשאנג, דער זוהן פון הימעל — דער קייסער פון כינא — ווען איהם דערפאר בעלוינען.

פירסט סארוסקיאר האט אויפגעהויבען שטאלץ זיין קאפ און האט געענט־פערט, אז ער האט געטאהן דאס, וואס יעדער כינעזע, יעדער געטרייער זוהן פון דעם גרויסען הערשער, דארף טאהן.

— אלזא לאמיר געהן, האב איך געבעטען טשאן־טשאא און מאיאר גולין. מיר האבען דא מעהר נים וואס צו זעהן.

מיר זיינען אוועקגעגאנגען אין שטאדט. לאן־טשעאו איז א לעבעדיגע שטאדט. זיא בעשטעהט אויף פון צוויא שטעדט, איינע אין דיא אנדערע, אדער איינע ארום דער אנדערער. לעבען דער שטאדט פליעסט איינער פון דיא גרעסטע טייכען פון כינא, דער האאנג הא אדער דער געלער טייך, וויל זיינע וואסערן וויזען אויס געלבליך.

— דיעזער טייך פאלט אריין אין מעער לעבען דער גרויסער שטאדט טיען טזין, האט טשאן־טשאא ערקלערט. פון דארט געהן אפ דיא פאסאזשיר־שיפען נאך יאקאהאמא, איינע פון דיא גרעסטע שטעדט אין יאפאן.

אין דער שטאדט לאן־טשעאו קאכט עס, וויא אין א קעסעל. דיא איינ־וואהנער פערשטעהן גאנץ גוט דיא וויכטיגקייט פון דער אייזענבאהן. זיי וויסען, אז דיא אייזענבאהן ברענגט צו זיי פיעלע פרעמדע און יעדער פרעמדער לאזט איבער עטליכע זילבער אדער גאלד־שטיקע, און דארום זיינען זיי זעהר העפליך נעגען א פרעמדען און טהוען אלעס מעגליכע אום איהם צו געפעלען, זעלבסט־פערשטענדליך, נור ווען ער האט גאלד אדער זילבער־שטיקע.

מיר האבען בעזוכט דיא פאגאדא, דעם טעמפעל פון לאן־טשעאו. אלע טעמפעל אדער פאגאדאס אין כינא זיינען געבוים אויף איין ארט. אין איין סטיל. שטעלט אייך פאר א גרויסער הויפען טעללער איינער אויפ'ן אנדערן. אונטען גרויסע טעללער און וואס העכער, אלץ קלענערע טעללער, איהר וועט דאן האבען א פאלשטענדיגען בעגריף, א קלארעס בילד, פון א כינעזישער פאגאדא.

אינעווייניג אין דער פאגאדא זעהט מען דעם גרויסען שלאנג, דעם דראגאן, דאס וואונדערטהיער פון כינא. עס איז א זאנדערבארעס טהיער מיט פינף פיס מיט א זאנדערבארען קאפ. עס איז א גאט און דאך קיין גאט, עס איז א טהיער און דאך קיין טהיער. עס איז א סארט הייליגע חיה, וועלכע לעבט ערגעץ

אין הימעל בייא גאָט אָדער לעבען גאָט. עס איז היילינ, אָבער עס איז קיין גאָט.

פון דער פאנאָדא זיינען מיר געגאנגען זעהן דיא פאבריקען און דיא געשעפטען פון דער שטאָדט. וואו מיר זיינען געקומען, האבען מיר געפונען לעבען, בעשעפטיגונג, בעוועגונג. דיא איינוואוינער זיינען כינעזען און טאטארען, קיינע אייראָפּעער.

איך בין געווען זעהר מיעד, ווען איך בין צוריקגעקומען אויף דיא באהן־סטאציאָן. איך האב געוואָלט אלעס זעהן, און עס איז געווען א זעהר הייסער טאָג.

ווען איך בין צוגעקומען צו מיין וואגאָן, האב איך געזעהן, וויא מיסטער אליפלט לאָנגהעד איז אָנגעקומען פון איין זייט און מיסעס הארעשע לאָנגהעד איז אָנגעקומען פון דער אנדערער זייט.

— וואהרשיינליך זיינען זיי אויך געגאנגען אין שטאָדט מאכען געשעפטען, אנדערש קען עס ניט זיין. זייא אינטערעסירט געווים ניט צו זעהן א כינעזישע שטאָדט, האב איך מיר געטראכט.

זאָנדערבאר אָבער איז עס געווען, וואס מאן און פרוי האבען ניט גע־רעדט א וואָרט איינער צום אנדערן. יעדער איז זיך געגאנגען זיין וועג, יעדער איז געקומען פון אנאנדער זייט, איז זיך רוהיג אריינגעגאנגען אין וואגאָן און האט זיך געזעצט אויף זיין אָרט, גלייך וויא זייא וואָלטען געווען ווילד פרעמדע.

עס זיינען אָנגעקומען נייע פאסאזשירען. איינינע זיינען געפאָהרען גלייך נאך פעקין, אנדערע זיינען געפאָהרען נאך דיא צווישען סטאציאָנען, וועלכע האבען אזעלכע זאָנדערבארע נעמען, וויא סי־נגנאָ, האָ־נאָן, לרנגאן, טאי־יו, און דער־גלייכען.

איינינע מינוט שפעטער איז דער צוג ארויסגעפאָהרען פון לאָן־טשעאו.

---

### 24טעס קאפיטעל.

## דער בלינדער פאסאזשיר איז א העלד און רעטעט אונז אלעמען.

מיר זיינען יעצט געפאהרען איבער א גוט בעארבייטעטעס לאנד, אבער אין זאנדערבארעס לאנד. אויף יעדע האלבע מייל איז דער צוג אריבער געפאהרען א בריק, א בריקעל, א דאמם, „גאסיפ", א הויכען בארג, אדער א שמאלען וועג צווישען צוויא בערג. עס איז געווען דייטליך, אז דיא אינזשינירען, וועלכע האבען געבויט דיעזע באהן, האבען געארבייטעט זעהר שווער. אין ערטער האט מען זאגאר געקענט זעהן, אז זייא האבען געברויכט פיעל קענטניסע און פיעל קונסט.

אין ערטער פלעגט זיך עס אויסוויזען, אז דיא באהן בייגט זיך אין אונטער דער שווערער לאסט — משא — פון דעם צוג. אין ערטער האט דיא באהן געמוזט זיך אויסדרעהען ארום דיא גרויסע מויער.

נעגען זעקס אוהר פאר נאכט זיינען מיר אנגעקומען אין קינג־טשעאו, אויך א גרויסע שטאדט, וועלכע איך האב אבער ניט געקענט זעהן, ווייל דער צוג איז דא געשטאנען נור א האלבע שטונדע.

נעגען אכט אוהר אבענדס האט זיך אויפגעהויבען א נעבעל, וועלכען מען קען זעהן נור אין לאנדאן. א גרויער, געדיכטער, שטיקענדער רויך איז אנגעקומען פון ערגעץ און האט איינגעוויקעלט דעם גאנצען צוג, וויא מיט א געדיכטען שלייער. ער איז געווארען אלע מאל געדיכטער, אלע מאל שווארצער, דונקלער און אונ־אנגענעהמער.

מען האט ניט געקענט שטעהן אויף דער פלאטפארם, מען האט ניט געקענט זעהן דיא לאמפען פון דיא סטאציאנען. איך האב גערעכענט, אז דער צוג וועט גאר בלייבען שטעהן, ווייל עס איז געפעהרליך צו פאהרען אין אזא געדיכטען נעבעל, און איך האב געפרעגט דעם קאנדוקטאר פאפאוו, וואו מיר וועלען בלייבען שטעהן.

— בלייבען שטעהן? האט פאפאוו געלאכט, ווער האט עס אייך געזאגט, אז דער צוג וועט בלייבען שטעהן?

— וויא קען מען פאהרען אין אזא נעבעל, ווען מען קען ניט זעהן אויף פינף שריט ווייט פון זיך?

— די כינעזישע מאשיניסטען פערשטעהן זייער זאך, האט פאפאוו געענט־פערט, — לענט אייך שלאפען, הערר סען־סיר, און שלאפט געשמאק, דער נעבעל וועט דויערן א גאנצע נאכט.

איך האב געמוזט איהם פאלגען און זיך לעגען שלאפען. און דער פריה בין איך אויפגעשטאנען און ארויסגעגאנגען אויף די פלאטפארם, דער נעבעל איז געוועזן אזוי געדיכט, וויא ביי נאכט. דער אונטערשיעד איז נור געוועזן, וואס ביי נאכט האט ער אויסגעזעהן שווארץ, ביי טאג אבער האט ער אויסגעזעהן גרוי־רויכיג.

מיר זיינען פארביי געפאהרען די שטעדט סי־נגאן און הא־נאן, וועלכע איך האב זעהר געוואלט זעהן. איך האב בעזאנדערס געוואלט זעהן די שטאדט הא־נאן, ווייל מיין פריינד טשאן־טשאא האט מיר דערצעהלט, אז דאס איז א גרויסע שטאדט און א לעבעדיגע האנדעלס־שטאדט. וואס העלפט עס אבער? ווען מיר זיינען אנגעקומען אויף די סטאציאן הא־נאן, איז דער נעבעל געוועזן אזוי געדיכט, אז פון דעם וואגאן האבען מיר נים געקענט זעהן די סטאציאן. מיר האבען נור געזעהן, אז אלע לאנטערנען ברענען און די סטאציאן איז געוועזן בע־לייכטעט.

מען קען זיך לייכט דענקען, אז דער צוג האט געמוזט געהן זעהר לאנגזאם און האט זיך פערשפעטיגט אויף איינינע שטונדען.

בארא פאן ווייסענשניצענדארף האט אויסגערופען צעהן טויזענד מאל: „דאנערוועטער!“ אבער דאס האט איהם זעהר ווענינ געהאלפען. דער צוג איז דאך נעגאנגען זעהר לאנגזאם.

ערשט פאר נאכט האט זיך אויפגעהויבען דער נעבעל און, אלע פאסאזשירען האבען אפגעאטהעמט פרייער.

עס איז געוועזן א דונקעל, פינסטערע, אונאנגענעהמע, אונהיימליכע נאכט. אזוי וויא איך האב געמוזט פאריגע נאכט שלאפען א גאנצע נאכט און איך האב נאך געשלאפען איינינע שטונדען ביי טאג אויך, האב איך שוין דיעזע נאכט ניט געקענט שלאפען.

מיר זיינען געבליעבען שטעהן אויף איינינע מינוט בייא א קליינער סטאציאן. איך בין ארויס געגאנגען, האב געקויפט איינינע קובען און א פלאש וויין.

— עס איז די לעצטע נאכט פון אונזער רייזע, האב איך מיר געטראכט, איך וועל אריינטראגן צו מיין בלינדען פאסאזשיר און מיר וועלען טרינקען צוזאמען

„לחיים!“ אויף זיין וואָהל און אויף זיין גליקליכע האָכציים מיט דער שעהנער זינקא מארקולעסקו.

ווען איך בין צוריק געגאנגען פון דער סטאַציאָן צו מיין וואַגאָן, האב איך געזעהן, וויא פירסט סארוסקיאר און זיין פריינד האנדשיר שטעהן פאר׳ן צוג און בעטראַכטען דיא ערשטע וואַגאָנעס.

— וואס זאָל דאס זיין? האב איך געפרעגט זיך אליין. זאָלען זיי וויסען פון מיין בלינדען פּאַסאַזשיר?

איך האב פון זיי קיין אויג נים אראָפּגעלאָזען, אום זיי זאָלען עס אָבער נים בעמערקען, בין איך אריינגעגאנגען אין וואַגאָן און האב געקוקט אויף זיי דורכ׳ן פענסטער. איך האב געזעהן, אז זיי רעדען עפּעס, אז זיי ווייזען עפּעס, וואס אָבער האב איך נים געקענט וויסען.

דער צוג האט געריהרט. מיר זיינען אריינגעפאָהרען אין א וואלד. אלעס איז דונקעל, פינסטער, אונאנגענעהם, טרויעריג.

איך געה צו מיין בלינדען פּאַסאַזשיר. אין לעצטען וואַגאָן טרעף איך פּאָ־פּאָוו׳ן.

— וואס איז דאס, הערר סען־סיר? ווילט איהר גאר נים שלאָפען דיעזע נאכט? האט ער מיך געפרעגט.

— איך קען נים שלאָפען, ווייל איך האב געשלאָפען א גאנצען טאָג. — און איהר פּאָפּאָוו? נעהמט איהר נים שלאָפען?

— יא, איך וועל מיך באלד לעגען שלאָפען.

— וואו וועט דער צוג וויטער בלייבען שטעהן?

— אויף דער סטאַציאָן פּוען־משה, ווען ער קרייצט איבער דיא ליניע פון נאַנקין.

— גוטע נאכט, פּאָפּאָוו!

— גוטע נאכט, הערר סען־סיר!

איך מוז מיך אומקעהרען, ווייל איך וויל נים, אז פּאָפּאָוו זאָל זעהן, וויא איך געה אריין אין באַגאַזש־וואַגאָן.

איך דענק דאהער, איך וועל בעסער געהן צוריס, וועל דורכגעהן דעם גאנצען צוג און וועל א קוק טאָהן אויף דעם לעצטען וואַגאָן וואו עס געפינט זיך „דיא קאַץ“. דיא פּאַסאַזשירען שלאָפען אלע. אלעס איז שטיל און רוהיג. אין דעם לעצטען וואַגאָן, וואו עס האט זיך געפונען דער קאסטען מיט דיא פונפציג מיליאָן פראנק, זעה איך דיא כינעזישע זשאנדארען זיצען און שלאָפען.

b

איך געה צוריק ביז צום באגאזש־וואגאָן. פּאָפּאָו איז פערשוואונדען גע־וואָרען, דאס הייסט, ער איז זיך פערקראָכען אין זיין שטיבעלע און האט זיך גע־לייגט שלאָפען.

איך קען אלזא רוהיג געהן צו מיין בלינדען פּאסאזשיר.

איך עפען אויף שטילערהייט דיא טהיר פון דעם באגאזש־וואגאָן און געה אריין. יעצט טרעף איך שוין גלייך צום קאסטען פון מיין בלינדען פּאסאזשיר. איך קען שוין דעם וועג אין דער פינסטער, וויל איך בין שוין דאָ געוועזען אזוי פיעל מאָל, אז איך ווייס שוין וואו צו געהן.

איך קלאפּ אָן, דאס קליינע לעמפּעלע ווערט אָנגעצונדען, קינקאָ קוממט ארויס, ווינשט מיר גוטען אבענד און מיר הייבען אָן צו רעדען.

איך עפען דיא פלאש וויין און מיר טרינקעןביידע אויף דאס וואָהל און דעם גליק פון דער שעהנער און ליעבענסווירדיגער זינקא מארקולעסקו.

— איך דענק, אז דאס איז דיא לעצטע נאכט פון אונזער רייזע און פון אייערע ליידען, העררר קינקאָ, זאָג איך, מאָרגען אבענדס, העכסטענס איבער־מאָרגען, וועלען מיר זיין אין פּעקין און מיר וועלען טרינקען צוזאמען אין דער וואָהנונג פון דער שעהנער זינקא.

קינקאָ האט א זיפץ געטאָהן. איך האב פערשטאַנען זיין זיפץ: ער וואָלט זיך נעפיהלט זעהר גליקליך, ווען ער זאָל שוין זיצען לעבען זיין זינקא.

מיר האבען נאך אוועקגערעדט איינינע מינוט, דאן האב איך איהם נעגעבען דיא האנד און האב שוין געוואָלט אוועקגעהן, אין דיעזע מינוט האבען מיר דער־הערט שווערע טריט פון מענשען.

— לעשט אוים אייער לעמפּעל! האב איך געזאגט שטילערהייט.

אין אן אוינענבליק האט קינקאָ אויסגעלאָשען זיין לעמפּעלע און איז אריינ־געקראָכען אין זיין קאסטען. איך בין געבליעבען זיצען לעבען איהם און האב גע־הערט, וויא מען האט געעפענט דיא טהיר פון באגאזש־וואגאָן און מען איז אריינ־געקומען.

— וואס זאָל דאס הייסען? האב איך מיר געטראכט. ווער זאָל עס קומען אהער אזוי שפּעט ביי נאכט? — זאָל עס זיין פּאָפּאָו? ווען עס זאָל זיין פּאָפּאָו, וואָלט ער געקומען מיט א לאַנטערנע, וויל יעדער קאָנדוקטאָר געהט ארום בייא נאכט מיט א לאנטערנע? — אלזאָ ווער איז עס געקומען אהער?

איך לייג מיך אניעדער אויף דעם באָדען פון דעם וואגאָן און ווארט און הער מיך צו.

— עס איז ניט פּאָפּאָוו, טראַכט איך ביי מיר, עס זיינען צוויא, אָבער ווער זיינען זיי? זאָלען עס זיין פּאַסאַזשירען? וויא קומען זיי אַהער? וואס טהוען זיי דאָ?

איך האב איינגעהאלטען דעם אטהעם און האב מיך צוגעהערט. מיר איז איינגעפאלען, אז דאָ איז עפּעס ניט גלאַט, אז דאָ איז עפּעס ניט ריכטיג. מיין הערץ זאגט מיר, אז מיר זיינען אין געפאהר און דארום הער איך מיך צו.

איך הער, וויא צוויא מענשען זיינען אריינגעקומען אין וואגאָן און זיינען לאנגזאם, פאָרזיכטיג און זעהר שטיל דורכגעגאנגען דעם גאנצען וואגאָן ביז צו דער אנדערער טהיר פון יענער זייט. דורך יענע טהיר קען מען אָבער קומען נור צו דעם קאָהלען־וואגאָן און צו דעם לאָקאָמאָטיוו.

איך הער, וויא זיי האבען געעפענט יענע טהיר און האבען זיך געשטעלט רעדען. איך קריך וויא א שלאנג, איבער דעם גאנצען וואגאָן צו יענער טהיר. איך לעג מיך אַניעדער הינטער א קאַסטען און הער מיך צו וואס מען רעדט.

— גאָט אין הימעל! איז דאס מעגליך? האב איך געוואָלט אויסרופען אין דער הויך, דאס איז דאָך דער פירסט סארוסקיאר מיט זיין פריינד חאנדשיר. וואס טהוען זיי דאָ? וואס ווילען זיי? וואס רעדען זיי?

איך הער גאנץ דייטליך, וואס זיי רעדען. — זיי רעדען רוסיש. ווארום רוסיש? פיעלייכט וויייל זיי זיינען זיכער, אז דיזע שפראכע פערשטעהט מען זעהר ווענינ אין בינא.

— ווען וועלען מיר צוקומען צום קרייץ וועג? — דער אָרט, וואו צוויא אייזענבאהן ליניען שניידען זיך איבער, וויא א קרייץ, — פרעגט פירסט סא־רוסקיאר.

— העכסטענס אין צעהן מינוט, ענטפערט חאנדשיר.

— וועט קארדעק דאָרט זיין?

— געוויס! מען האט דאָך אזוי אָפּגערעדט.

ווער דיזער קארדעק איז און וואס מען האט אָפּגערעדט, וויים איך ניט, אָבער עס געפעלט מיר ניט, עס איז אנגעפאלען אויף מיך א שרעק. איך הער מיך ווייטער צו.

— וואס איז דער סיגנאל? פרעגט סארוסקיאר.

— א גרינע לאַנטערנע, ענטפערט חאנדשיר.

— דאס איז דער צייכען, אז מען האט אויסגעדרעהט דיא רעלסען און דער צוג איז אריבער אויף דיא צווייטע ליניע?

— יא, ווען דער צוג וועט שוין זיין אויף אונזער ליניע, וועט קאָרדעק ווייזען א גרינעס ליכט.

איך קען מיך נים איינהאלטען. איך ליעג וויא אויף הייסע קוילען.

— וואס הייסט דאס? וויא קומט עס, וואס סארוסקיאר וויל, אז דער צוג זאָל אריבער אויף א צווייטער ליניע? פרעג איך זיך אליין.

איך וויל אויפשפרינגען, לויפען צום קאָנדוקטאָר פאָפאָוו, איהם אויפוועקען און איהם פרעגען, וואס דאָ קומט פאָר, אין דיעזע מינוט אָבער הער איך, וויא חאנדשיר זאָגט:

— אָט איז דיא גרינע לאַנטערנע!

— אלזאָ איז שוין דער צוג אויף דיא נייע ליניע? פרעגט סארוסקיאר.

— יא, דער צוג איז שוין אריבערגעפיהרט געוואָרען אויף דיא נייע ליניע, ענטפערט חאנדשיר.

— דיא נייע ליניע! טראכט איך בייא מיר, — דיא נייע ליניע איז דאָך יאך נים געענדיגט, מיר זיינען אלזאָ אלע פערלאָרען! פאָפאָוו האט מיר דער־צעהלט פון דער נייער ליניע, אז זיא בוים זיך ערשט און מען בוים יעצט א בריק איבער א טייבעל, וועלכער פליעסט צווישען צוויא הויכע בערג. ווען דער צוג וועט אזוי וויימער געהן, וועט ער אריינפאלען אין א טיעפען אָפגרונד און אלע פאסאזשירען וועלען צוקוועטשט ווערן.

ערשט יעצט האב איך מיך דערמאָנט, אז מאיאָר נולין האט קיין מאל נים געהאט קיין צוטרויען צום פירסט סארוסקיאר און האט איהם שטענדיג געהאלטען פאר א געפעהרליכען רויבער.

ערשט יעצט פערשטעה איך דעם טייפלישען פלאן פון דיעזען רויבער. ער האט אָפגערעדט מיט זיין באנדע, אז מען זאָל אראָפפיהרען דעם צוג אויף דיא נייע ליניע און איהם לאָזען לויפען, ביז ער וועט אראָפפאלען אין טייך, דאן וועט סארוסקיאר מיט זיין פריינד חאנדשיר צונעהמען דיא פונפציג מיליאָן פראנק.

דער פלאן איז שרעקליך, שוידערהאפט, טייפעליש.

— וואס טהוט מען? וויא אזוי העלפט מען זיך? וויא אזוי רעטעט מען זיך?

דיא שטימען זיינען שטיל געוואָרען. אלזאָ דער רויבער סארוסקיאר מיט זיין פריינד זיינען ערגעץ פערשוואונדען געוואָרען. וואוהין? וויא אזוי? — איך וויים עס נים, פיעלייכט זיינען זיי אראָפגעשפרונגען פון צוג.

איך ציטער, ווי אין א פיבער, און האב מיך קוים צוגעשלעפט צו מיין בלינדען פאסאזשיר.

— מיין גוטער קינקא, מיר זיינען פערלארען! האב איך אויסגערופען.

— וואס איז געשעהען? האט קינקא געפרעגט און איז ארויסגעשפרונגען פון זיין קאסטען.

איך האב איהם דערצעהלט אין קורצע ווערטער, וואס די רויבער האבען געטאהן אום צו צונעהמען די פונפציג מיליאן פראנק, און ווי מיט יעדער מינוט קומען מיר נעהנטער צום שרעקליכען אפגרונד, וואו דער צוג וועט אראפפאלען, אלע פאסאזשירען וועלען דערהרג'עט ווערן און די רויבער וועלען גאנץ רוהיג צו נעהמען דאס געלד.

— מיר מוזען רעטען דעם צוג, האט קינקא אויסגערופען.

— אבער ווי אזוי?

— קומט מיט מיר, האט קינקא געשריען.

ער האט מיך געחאפט ביי דער האנד און האט מיך געשלעפט צו דער טהיר, וועלכע פיהרט צום קוילען־וואגאן און צום לאקאמאטיוו.

איך האב נים געקענט מיין בלינדען פאסאזשיר. ערשט יעצט בין איך געוואהר געווארען, אז ער איז שטארק, ווי א לייב, און קאלטבלוטיג, ווי א שטיק אייז.

ער האט מיך אנגעחאפט, ווי מיט אייזערנע צוואנגען און האט מיך אריבער געשלעפט איבער דעם קאהלען־וואגאן צום קעסעל.

וואס איז דארט? וואו איז דער הייצער? וואו איז דער מאשיניסט? — קיינער איז נישטא.

סארוסקיאר מיט זיין באנדע האבען אנגעשאטען דעם אויווען פול מיט קאהלען, האבען אויפגעהויבען דעם ליוועד און האבען געלאזען לויפען דעם צוג מיט פולע שנעלליגקייט.

קינקא וויל אראפלאזען דעם ליווער, אפשליסען דעם דאמפף און איינ־האלטען דעם צוג, — אונמעגליך!

— איך מוז לויפען רופען דעם קאנדוקטאר פאפאוו, האב איך געזאגט.

— וואס קען ער דען העלפען? איך פערשטעה ווי צו טרייבען א לא־קאמאטיוו בעסער פון פאפאוו'ן, ווייל איך האב אמאל געארבייט ביי א מאשינעריע.

— אלזאָ וואס טהוט מען? איז שוין פאר אונז גאר קיין רעטונג ניטאָ? האב איך געשריען אויסער זיך פאר שמערץ און פערצווייפלונג.

שטארבען וויל קיינער ניט, בעזאָנדערס אָבער וויל מען ניט דערהרג'עט ווערן אין א וואגאָן, ווען ער פאלט אראפּ אין אָפּגרונד.

— לאָמיר אראָפּשפּרינגען, קינקאָ! האב איך אויסגערופען.

— און דיא אנדערע פּאסאזשירען? זאָלען זיי דערהרג'עט ווערן? האט ער נעפרעגט רוהיג.

— אלזאָ, וואס זאָלען מיר טאָהן?

— אנטלויפט צוריק אין אייער וואגאָן, הערר סען־סיר!

— און איהר, קינקאָ?

— איך וויל רעטען דיא פּאסאזשירען.

— וויא אזוי?

— איך וועל פערמאכען אלע קלאפּען פון קעסעל, דער דאמפּף וועט ניט קענען ארויס און דער קעסעל וועט פּלאצען. דאן וועט דער צוג בלייבען שטעהן.

מיט דיעזע ווערטער האט ער אָנגעשאָטען נאך מעהר קאָהלען אונטער'ן קעסעל און האט אָנגעהויבען צו פערמאכען אלע רעהרען און אלע קלאפּען פון דער מאשין.

— אנטלויפט, הערר סען־סיר! האט ער געשריען צו מיר

— און איהר, קינקאָ? וואס וועט ווערן פון אייך? ווען דער קעסעל וועט פּלאצען, וועט איהר דאך צוריסען ווערן אויף שטיקער?

— אנטלויפט, הערר סען־סיר! האט ער געשריען.

איך האב געזעהן, וויא ער האט זיך ארויפגעלעגט מיט זיין גאנצער קראפט אויפ'ן ליוועך און האט איהם אראָפּגעקוועטשט.

— קומט, קינקאָ! האב איך געבעטען.

— אנטלויפט, אָדער איהר זייט א טויטער! האט ער געשריען.

איך האב קוים צייט געהאט אריינצולויפען אין באגאזש־וואגאָן, צו צולויפען צו דער צווייטער טהיר און אנהויבען צו שרייען:

— פּאָפּאָוו! פּאָפּאָוו! רעטעט אייך!

פּלוצלינג האט עס געגעבען א שרעקליכען טראך. דער קעסעל האט גע־פּלאצט. אלע פּאסאזשירען זיינען אויפגעשפּרונגען און זיינען ארויסגעלאָפען דער־שראָקען, אויפגערעגט, בלייך, ציטערנדיג.

— וואס איז געשעהען? מיר זיינען פערלאָרען! שרייט מען פון אלע זייטען.

דער צוג איז נאך אוועקגעלאָפען איינינע מינוט, דאן איז ער געבליעבען שטעהן.

אלע פאסאזשירען זיינען אראפגעשפרונגען פון צוג. פאפאו און דיא בינע־זישע קאָנדוקטאָרען זיינען געקומען צו לויפען מיט לאנטערנען.

דער צוג איז געבליעבען שטעהן קוים דרייא הונדערט שריט ווייט פון א שרעקליכען אָבגרונד, לעבען דער בריק, וועלכע מען האט נור וואס אָנגעהויבען צו בויען.

25טעס קאפיטעל.

## וואו איז אהינגעקומען סאַרוסקיאַר און זיין פריינד האָנדשיר?

אין דיא ערשטע עטליכע מינוטען זיינען מיר אלע געווען אזוי צומישט, אז קיינער האט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם. יעדער האט געפיהלט, אז עס האט פאסירט עפעס שרעקליכעס, עפעס שוידערהאפטעס, אז דער צוג האט זיך געפונען אין א גרויס געפאהר; יעדער האט פערשטאנען, אז ער איז געראטעט, אָבער וואס איז דאָ געווען? וואס האט פאסירט? וויא אזוי איז מען געראטעט געוואָרען פון דער געפאהר? ווער האט עס אלעמען געראטעט דאס לעבען? — דאס האט קיינער ניט געוואוסט, קיינער האט עס ניט געקענט וויסען.

איך בין געווען דער איינציגער, וועלכער האט אלעס געוואוסט. איך האב מיך ביז אהער בעטלאנט, וואס אונזער רייזע געהט צו אזוי שטיל, אזוי רוהיג, אזוי גלאט, אז איך האב ניט איבער וואס צו שרייבען, יעצט האב איך שוין גענוג מאטעריאל פאר „דעם 20סטען יאהרהונדערט". אונזער צוג איז געווען אין דער גרעסטער געפאהר. ווער האט אונז געראטעט? — א בלינדער פאסאזשיר! — א רומעניער!

וואו איז ער יעצט? — ער איז געוויס טויט. ווען דער קעסעל האט גע־פלאצט, האט עס איהם צוריסען אויף שטיקער. — ער האט זיך געהאָפפערט פאר אונז. ער האט אונז געראטעט און דארום איז ער געשטאָרבען מיט אזא שרעק־ליכען טויט.

אָרימער קינקאַ! דוא ביסט א העלד און ביסט געשטאָרבען וויא א העלד. איך האב גאר נים געוואוסט, וויא עדעל, וויא גרויס, וויא מוטהיג דוא ביסט! — וואס וועט ווערן פון דער שעהנער און ליעבענסווירדיגער זינקאַ מארקולעסקו? — זיא וועט עס נים אויסהאַלטען! זיא וועט ווערן וואהנזיניג! זיא וועט בעגעהן זעלבסטמאָרד....

פערטיעפט אין דיעזע טרויעריגע געדאנקען, בין איך געשטאנען לעבען צוג און האב פערגעסען אַלעס אין דער וועלט, זאָגאר דיא טרויעריגע לאגע, אין וועלכע מיר האבען זיך יעצט געפונען.

— וואס זאָל איך טאָהן פאר דיעזען עדעלען מענשען, וועלכער האט גע־אָפּפערט זיין לעבען אום צו רעטען אנדערע מענשען? — איך וועל איהם בעד שרייבען אין מיין צייטונג, „דאס 20סטע יאהרהונדערט", איך וועל איהם אויפ־שטעלען א מאָנומענט, וועלכעס וועט בלייבען אויף אייביג. איך מוז יעצט אַלעמען דערצעהלען, ווער עס האט אונז גערעטעט און וויא אזוי ער האט אונז גערעטעט. לאָזען דיא פּאסאזשירען וועניגסטענס וויסען, וועמען זיי האבען צו פערדאנקען זייער לעבען.

אין דיעזע מינוט זיינען צוגעקומען צו מיר מאיאָר נולק, אַליפלט לאַנגהערד, טשאָן־טשאָא, באראָן פאָן וויסענשניצענדאָרף און דער פראנצייזישער אקטער קאטהרען.

— וואו זיינען אהינגעקומען דער הייצער און דער מאשיניסט? פרעגט דער אמער קאנער.

— זיי זיינען צוריסען געוואָרען אויף שטיקלעך, ווען דער קעסעל האט גע־פּלאצט, ענטפערט דער אקטער.

— וויא אזוי איז עס אָבער מעגליך, אז דער צוג זאָל אריבער געהן אויף א פרעמדע ליניע? האט פּאָפּאָוו געפרעגט.

— עס איז געווען זעהר פינסטער דיעזע נאכט און דער מאשיניסט האט נים געקענט זעהן דעם וועג, האט דער פראנצייזישער אקטער געענטפערט.

דער אמעריקאנער האט א לאַך געטאָהן און האט אויסגערופען:

— מיינט איהר, אז א אייזענבאהן־צוג געהט, וויא א פאריזער דראָשקע, וועלכע קען פערלירען דעם וועג, ווען עס איז פינסטער? ווייסט איהר דען נים, אז אן אייזענבאהן־צוג געהט אויף רעלסען און ווען ער דארף איבערגעהן פון איין ליניע אויף דיא אנדערע, מוז מען איבערשטעללען, איבערדרעהען דיא רעלסען?

— עס קען אָבער זיין, אז דער מאַן, וועלכער שטעלט איבער דיא רעלסען, דער ווייכען־שטעלער, וויא ער הייסט אויף דייטש, האט פערגעסען אנצושטעלען ריכטיג דיא רעלסען, האט פּאַפּאָ בעמערקט.

— אָבער וויא אזוי האט געפלאַצט דער קעסעל? האט נאר פּלוצלינג מאיאָר נולין געפרעגט.

— איך האב מורא, אז דאָ איז פאָרגעקומען א שרעקליכעס פערברעכען, האט פּאַפּאָו געזאגט וויא צו זיך אליין: מען האט אבזיכטליך אראָפּגעפיהרט דעם צוג אויף אַנאַנדער ליניע.

— צו וואס פאר א צוועק? האט קאַטהרען געפרעגט.

— ווייל מען האט געוואָלט צונעהמען דיא קאַסא, דיא פונפציג מילליאָן פראנק, האט פּאַפּאָו געענטפערט.

אלס אַלטער קאָנדוקטאָר, אלס מאַן, וועלכער איז א לאַנגע צייט ארומ־געפאָהרען אויף דיא כינעזישע אייזענבאהנען, האט ער ריכטיגער דערראטהען דיא וואהרהייט.

— וואו איז פירסט סאַרוסקיאר? האט נאר פּלוצלינג מאיאָר נולין גע־פרעגט.

— יא, וואו איז דער פירסט סאַרוסקיאר? וואו איז דער הויפּט־פערוואַל־טער פון דער כינעזיש־מאַנטשורישער אייזענבאהן? האט פּאַפּאָו וויעדער־האָלט.

מען האט אָנגעהויבען צו שרייען און צו רופען: „פירסט סאַרוסקיאר! — האנדשיר!" קיינער האט זיך ניט אָפּגערופען. מען האט איהם געזוכט אומעדום, און מען האט איהם ניט געפונען. — סאַרוסקיאר, זיין פריינד האנדשיר און פיער מאַטראָזען, וועלכע זיינען געפאָהרען צווייטער קלאַססע, זיינען פערשוואונדען גע־וואָרען.

מאיאָר נולין האט ריכטיג געראטהען. ער האט שטענדיג ניט געטרויט דעם מאַטאָרען פירסט סאַרוסקיאר און ער איז געווען דער איינציגער, וועלכער האט פערשטאַנען, אז סאַרוסקיאר האט געשפּיעלט א וויכטיגע ראָללע אין דיעזער שרעק־ליכער טראַגעדיע.

יעצט האב איך מיך שוין ניט געקענט איינהאלטען. איך בין ארויסגעטרעטען עפענטליך און האב דערצעהלט אַלעס, וואס איך האב געוואוסט. איך האב אָבער נאָך מורא געהאט צו דערצעהלען, אז קינקאָ איז א בלינדער פּאַסאַזשיר און אז ער האט אונז גערעטעט.

— דאס קען נים זיין! דאס איז אונמעגליך! האבען געשריען פיעלע פאַסאַזשירען, — פירסט סאַרוסקיאַר, דער הויפּט־פערוואַלטער פון דיא בּינעזישע אייזענבאַהן, איז נאָר א רויבער און א מערדער? — דאס איז אונמעגליך!

איך האב געמוזט ווידערהאָלען און בעווייזען, אז סאַרוסקיאַר האט עס אראָפּגעפיהרט דעם צוג פון דער ריכטיגער ליניע.

— נו, זעהט איהר, הערר סען־סיר, אז איך האב רעכט געהאט, וואס איך האב ניט געטרויט דיעזען העררן פירסט סאַרוסקיאַר, האט מאַיאָר נולין געזאגט ערנסט.

— איהר האט פאָלקאָמען רעכט, מאַיאָר, האב איך געענטפערט, איך האב א טעות געהאט אין דיעזען מענשען, ווייל ער האט אזעלכע שעהנע מאַניערן, אז מען קען מיינען, אז ער איז ווירקליך א פירסט.

— א פירסט פון רויבער און מערדער, האט מאַיאָר נולין געברומט.

— בּליץ דאָנערוועטער! האט געשריען באַראָן פאָן ווייסענשניצענדאָרף, איך פערליער מיין צייט! איך וועל פערזאמען דאס שיף נאך יאָקאָהאַמאַ! — בּליץ, שטורם אונד דאָנערוועטער! און ווער איז שולדיג אין דעם, דיעזער פערדאמטער סאַרוסקיאַר! בליץ דאָנערוועטער!

מען האט געלאָזען דעם דייטשען באַראָן דאָנערוועטערן, וויא פיעל ער האט אליין געוואָלט. ווען ער האט זיך אין גאַנצען אויסגעדאָנערוועטערט, און דיא איבעריגע פּאסאַזשירען האבען זיך אביסעל בערוהיגט פון זייער שרעק, האבען מיר אָנגעהויבען צו טראַכטען, וואס מיר זאָלען ווייטער טאָהן.

מיר קענען דאך נים בּלייבען שטעהן אין מיטען פעלד, מיר מוזען דאך זעהן מעלדען ערגעץ, אז אונז האט פּאַסירט אַן אונגליק, מען זאָל אונז שיקען א לאָקאָמאָטיוו, וועלבער זאָל צוריקפיהרען דעם צוג אויף דיא ליניע נאך פּעקינג.

— דאס בעסטע איז, איינער אָדער צווייא פון אונז זאָלען צוגעהן צו פוס צו דער ערשטער, נאָהענטסטער סטאַציאָן און זאָל דאָרט מעלדען, וואס עס איז געשעהען.

— וועלכע סטאַציאָן איז אָבער נעהנטער צו אונז? האט מאַיאָר נולין געפרעגט.

— דיא נאהענסטע סטאַציאָן איז פוען־טשו, האט פּאָפּאָוו געענטפערט.

— וויא ווייט זאָל עס נאך זיין ביז פוען־טשו? האט דער אמעריקאַנער לאָננהער געפרעגט.

קאָנדוקטאָר פּאָפּאָוו האט אָנגעהויבען צו רעכענען און האט אויסגערעכענט, אז עס דארף זיין אן ערך פון צעהן רוסישע וויאָרסט; גאנץ גענוי קען ער עס ניט וויסען, ווייל ער איז נאך קיין מאל ניט געפאָהרען אויף דער נייער ליניע.

— דאס הייסט, ווען מען זאָל געשמאק געהן, קען מען אָנקומען אין צוויא שטונדען אין פּוען־טשו, האט מאיאָר נולין געזאגט. — איך בין בערייט צו געהן.

— איך געה מיט אייך, האט זיך אָפּגערופען אָליפּלט לאָנגהעד.

— איך וועל אויך געהן מיט אייך, האט פּאָפּאָוו נאכגעזאגט.

— איהר מוזט אָבער מיטנעהמען רעוואָלווערס מיט זיך, האט דער אמעריקאנער געראטהען, איך האב שטענדיג מיט מיר א רעוואָלווער, ווייל ביי אונז אין אמעריקא האט מען זעהר ליעב דיעזעס שיעס־אייזען.

— הערר לאָנגהעד האט רעכט, האט מאיאָר נולין געזאגט,׳ מיר קענען ניט וויסען, אויב מיר וועלען ניט בעגעגענען אויפ׳ן וועג סארוסקיארס באנדע. איך דענק זאָגאר, אז עס דארפען געהן מעהר וויא דרייא מענשען, מיר ווייסען דאך ניט, וואו סארוסקיאר מיט זיין באנדע געפינען זיך יעצט.

— איך געה אויך מיט אייך, האב איך געזאגט.

— איך אויך, האט זיך אָפּגערופען דער אקטער קאטרען.

— איך אויך, בליץ דאָנערוועטער! האט געשריען באראָן פאָן ווייסענ־שניצענדאָרף.

— משאָן־טשאָ זאָל אויך געהן מיט אונז, האט מאיאָר נולין געבעטען, ער רעדט גוט בינעזיש און נור ער וועט קענען דערצעהלען אין פּוען־טשו, וואס מיט אונז האט פּאסירט.

— איך געה מיט אייך מיט פערגניגען, האט דער יונגער בינעזע זיך אָפּ־גערופען.

עס האבען זיך אָפּגערופען נאך אייניגע פּאסאזשירען און מיר האבען אויס־געקליעבען צוועלף מאן, וועלכע זיינען געווען בעוואפענט מיט רעוואָלווערס און קינזשאלען, און מיר זיינען אוועק געגאנגען נאך פּוען־טשו.

פּאָפּאָוו האט ריכטיג בערעכענט, עס איז געווען א שטרעקע פון אונגעפעהר צעהן רוסישע וויאָרסט און אין צוויא שטונדען צייט זיינען מיר אָנגעקומען אויף דער סטאציאָן פּוען־טשו. טשאָן־טשאָ האט ערקלערט דעם סטאציאָנס־שעף, נאטשאלניק סטאנציאי, וואס מיט אונז האט פּאסירט.

ערשט יעצט האב איך איינגעזעהן, וויא קלוג מאיאר נולין האט געהאנדעלט, וואס ער האט פערלאנגט, אז דער יונגער בינעזע זאל געהן מיט אונז. דער סטאַציאָנס־שעף, נאַטשאַלניק סטאַנציאי, פון פוען־טשו איז געווען אַן עכטער בינעזע, אויסער זיין מ:טער־שפראַכע — בינעזיש — האט ער נים פערשטאַנען אַ וואָרט פון אַנאַנדער שפראַכע. וואס וואָלטען מיר געקענט מאַכען מיט איהם, ווען טשאַך טשאַאָ זאָל נים געווען זיין מיט אונז.

אזוי וויא פוען־טשו איז אַ קליינע סטאַציאָן, אויף וועלכער עס האט זיך נים געפונען קיין איינציגער לאָקאָמאָטיוו, האט מען טעלעגראַפירט אויף דיא סטאַציאָן מאַ־יואַן, מען זאָל ארויסשיקען פון דאָרט אַ לאָקאָמאָטיוו.

מיר האבען אויסגעטרונקען עטליכע גלעזער טהעע אין פוען־טשו און זיינען צוריק געגאַנגען צו אונזער צוג. דאס האט ווידער געדויערט אַ פּאָאר שטונדען און ווען מיר זיינען אַנגעקומען צו אונזער צוג, איז שוין געווען גרויסער טאָג.

אזוי וויא דער לאָקאָמאָטיוו פון מאַ־יואַן איז נאָך נים אַנגעקומען, בין איך געגאַנגען זוכען דעם טויטען קערפּער פון דעם אָרימען קינקאַ. איך האב גוט בע־טראַכט דעם געפּלאַצטען קעסעל, איך האב געזוכט אַ גרויסע שטרעקע אַרום און האב נים געפונען אַ שפּור, אַ צייכען, פון דעם אונגליקליכען קינקאַ, וועלכער האט אונז אַלעמען געראַטעט דאָס לעבען.

איך האב אנפאַנגס געוואָלט דערצעהלען אַלעמען, אז ווען נים קינקאַ, וואָלטען מיר יעצט אַלע געליגען מיט צובראָכענע גליעדער אין טיעפען טהאָל, איך האב מיר אָבער איבערלעגט:

— צו וואס זאָל איך עס דערצעהלען? קינקאַ איז דאָך טויט, צו וואס וועט עס נוצען, ווען איך וועל דערצעהלען, אז ער איז אַ העלד?

באַלד האב איך דערהערט דעם פייף פון אַ לאָקאָמאָטיוו. עס איז אָנגע־קומען דער לאָקאָמאָטיוו פון מאַ־יואַן.

מיר האבען זיך ארייננעזעצט אין דיא וואַגאָנעס און דער צוג האט געריהרט. מערקווירדיג! דיעזער נייער צוג־פיהרער האט געטריעבען זיין לאָקאָמאָטיוו אזוי שנעל, וויא ער האט נור געקענט, גלייך וויא ער האט אונז געוואָלט וויזען, אז אויף אַ בינעזישער באַהן קען מען אויך פאָהרען זעהר שנעל, און דערביי האט מיט אונז נאָר נים פּאַסירט.

נעגען ניין אוהר אבענדס זיינען מיר אָנגעקומען אין פּעקין.

אַלעס אויף דער וועלט מוז האבען אַן ענדע, זאָגאר אַ רייזע אויף אַ בינע־זישער באַהן מוז זיך אַמאָל ענדיגען. אויך אונזער רייזע האט זיך געענדיגט, אבער

אנשטאט דרייצעהן טעג זיינען מיר געפאָהרען פונפצעהן טעג מיט זעקס שטונדען.

26מעס קאפיטעל.

## דער בלינדער פּאַסאַזשיר ווערט ארעסטירט.

— פּעקין! אַלע פּאַסאַזשירען ארויסגעהן! האט פּאַפּאָוו אויסגערופען.

און אַלע פּאַסאַזשירען זיינען ארויסגעגאנגען פון זייערע וואַגאַנס. יעדער האט זיך אומגעקוקט אייניגע מינוט. יעדער האט עפּעס ערווארטעט, עפּעס געזוכט מיט די אויגען.

איך האב אויך געזוכט מיט די אויגען, איך האב געזוכט א האָטעל. ווען מען פאָהרט אוועק אויף אַן אייזענבאהן פונפצעהן טעג נאכאנאנד, ווערט מען גוט מיעד און שלעפעריג.

צום גליק, איז באלד צוגעקומען צו מיר א רוסישער מאַטאָר אָדער א כינעזישער רוסע און האט מיר אָנגעבאָטען א האָטעל מיט דעם זאָנדערבאר שעהנעם נאמען: „דיא צעהן טויזענד אנגענעהמע טרוימע.“

איך און מאַיאָר גולין האבען אָנגענומען דיעזען האָטעל, ווייל ער איז נאָהענט צו דער אייזענבאהן־סטאַציאָן און ווייל ער האט אזא שעהנעם נאמען.

נאך טשאָן־טשאָאָ און דאָקטאָר טיאָ־קינג איז געקומען צופאָהרען א קאָרעטע. דער יונגער כינעזע איז געוועזן אזוי העפליך, אז ער האט מיך איינגעלאַדען צו זיך אין זיין יאמען־פּאַלאַץ. איך האב געזאגט, אז איך וועל קומען צו איהם און האב אויך דעם אנדערן טאָג געמוזט קומען צו איהם.

דער אַמעריקאַנער אָליפאַנט לאַנגהעד איז געוועזן אזוי בעשעפטיגט מיט זיינע צוויא און פיערציג קעסטלעך פאַלשע צעהנער, אז ער האט קיין צייט געהאט צו רעדען א וואָרט צו מיר אָדער צו זיין פרוי. מיסיס לאַנגהעד האט אויך ניט געוואָלט ווארטען אויף איהם און איז זיך ערגעץ אוועקגעגאנגען. ערשט ווען איך האב געוואָלט מיך אריינזעצען אין האָטעל־וואָגען און פאָהרען אין האָטעל, איז מיסטער לאַנגהעד פארביי געלאָפען און האט אויסגערופען:

— זיי זיינען אַלע גאַנץ.

ער האט דערמיט געמיינט, אז אַלע זיינע צוויי און פערציג קעסטלעך זיינען גאַנץ.

איך האב געוואָלט איהם פרעגען, וואוהין ער וועט פערפאָהרען און וואָרום ער האט געלאָזען זיין יונגע פרוי אליין, אָבער ער איז אוועקגעלאָפען, וויא א שטורם־ווינד און איך האב איהם מעהר נים געזעהן.

א האלבע שטונדע שפּעטער האב איך מיך געפונען אין האָטעל פון „דיא צעהן טויזענד אנגענעהמע טרוימע", וואו איך האב געגעסען אן עכט כינעזישען מאָהלצייט, און האב מיך באלד געלעגט שלאָפען.

איך ווייס נים, אויב אנדערע פּאסאזשירען האבען געהאט צעהן טויזענד אנגענעהמע טרוימע אין דיעזען האָטעל, איך האב נים געהאט נים איין איינציגען אנגענעהמען טרוים. א גאנצע נאכט האב איך געטראכט פון דעם בראַווען קינקאָ און פון דער אונגליקליכער זינקא מארקולעסקו.

— עס איז מיין פּפליכט צו געהן צו דער פערליעבטער זינקא און איהר צו זאָגען, אז איהר קינקאָ איז געשטאָרבען, וויא א העלד, האב איך מיר געטראכט, — וויא אזוי זאָגט מען איהר אָבער אזא שרעקליכע נאכריכט? וואס וועל איך טאָהן, ווען זיא וועט פאלען אין אָהנמאכט? — זאָל איך פּיעללייכט מיטנעהמען מאיאָר נולין, ווייל ער איז א דאָקטאָר?

דיא אונגליקליכע זינקא מארקולעסקו איז מיר נים ארוים פון קאָפּ און איך האב געהאט זעהר שלעכטע טרוימע.

אזוי וויא איך האב זעהר שלעכט געשלאָפען און האב געהאט נאר שלעכטע טרוימע, בין איך געשלאָפען זעהר שפּעט. איך בין אויפגעשטאנען געגען צעהן אוהר אין דער פריה און איידער איך האב מיך אָנגעטאָהן, איידער איך האב עפּעס גענומען אין מויל אריין, איז געוואָרען האלב נאך עלף.

איך האב געהייסען א דיענער פון האָטעל, ער זאָל מיר ברענגען א דראָשקע. יעצט ביי טאָג האב איך געקענט בעטראכטען דיא הויפּט־שטאָט פון כינא.

פּעקין, וויא אלע אנדערע שטעדט אין כינא, בעשטעהט נים פון איין שטאָדט, זאָנדערן פון פיער שטעדט, איינע אין דער אנדערער, אָדער איינע ארום דיא אנדערע. אלע פיער שטעדט צוזאמען הייסען משים־קין־פּא, אויף אונזער שפּראכע הייסט עס: „דיא גרויסע שטאָדט, וועלכע פאָלגט דעם הימעל".

גאנץ אין דער מיט געפינט זיך דיא רויטע שטאָדט אָדער טסען־קאר־טשינג, דאס הייסט, דיא פערבאָטענע שטאָדט, ווייל קיין פרעמדער טאָר אהין נים קומען, ווייל דאָרט געפינט זיך דער פּאלאץ פון דעם קייסער פון כינא.

ארום דער רויטער שטאָדט געפינט זיך דיא געלע שטאָדט אָדער הונג־טשאנג, דאָרט וואוינען נור בעאמטע און מאנדארינען. ארום דער געלער שטאָדט

געפינט זיך דיא וויסע שטאָדט, וואו עס וואוינען שוין אלערליי מענשען, בעזאָנדערס קויפלייטע און באנקירען. ארום דער וויסער שטאָדט געהט דיא גרינע שטאָדט, וואו עס געפינען זיך פאבריקען און עס וואוינען מייסטענס אָרימע מענשען.

דיא גאסען פון דיא ערשטע דרייא שטעדט זיינען זעהר בעלעבט, אין ערטער איז זעהר שווער דורכצוגעהן א גאס, אזוי פול איז זיא מיט מענשען און מיט אלערליי סאָרטען וועגען און פוהרען. מען געהט, מען פאָהרט, מען לויפט, מען רעדט, מען איז בעשעפטיגט, — קורץ, מען געפינט זיך אין א גרויסער שטאָדט.

דיא גאסען זיינען אזוי גלייך, אלע פיער־עקיג, אלע שניידען איבער איינע דיא אנדערע, וויא דיא קעסטעלעך אויף א שאך־ברעט, און דארום איז לייכט אויסצוגעפינען אן אדרעסע אין פעקין, ווען מען וויס נור דיא נעמען פון דיא צוויא גאסען, וואו דיעזע אדרעסע געפינט זיך, דיא גאס פון דער לענג און דיא גאס פון דער בריים.

אזוי וויא דיא אדרעסע פון מאדעמואזעל זינקא מארקולעסקו איז געווען גאנץ דייטליך אָנגעשריעבען אויפ'ן קאסטען מיט „גלאָז“, וועלכען זיא האט אזוי אונגע־דולדיג ערוואַרטעט פון פאריז, האב איך גאנץ לייכט אויסגעפונען איהר וואָהנונג.

איך האב אָנגעקלאפט אין דער טהיר און געה אריין. פאר מיר שטעהט א שעהנע יונגע דאמע פון א יאָהר דרייא — פיער און צוואנציג. זיא איז ווירקליך שעהן און ליעבענסווירדיג, וויא קינקאַ האט מיר געזאגט.

איך שטעה פאר איהר און קען נים ארויסרעדען א וואָרט. וויא אזוי קען איך ברענגען אזא שרעקליכע נאכריכט אזא שעהנע, ליעבענסווירדיגע דאמע?

דאס הערץ קלאפט אין מיר, וויא מיט א האמער. איך בין א פאריזער און האב שטענדיג געלעבט אין געזעלשאפט פון שעהנע דאמען, אָבער צום ערשטען מאָל אין מיין לעבען שעהם איך מיך און קען נים רעדען מיט א שעהנע יונגע דאמע.

זיא איז געקומען מיר צו הילף און האט מיך געפרעגט אויף פראנצייזיש:

— וואס ווינשען זיא, מיין הערר?

יעצט מוז איך שוין רעדען. איך מוז שוין איהר ארויסזאגען דיא גאנצע וואהרהייט. איך הייב אָן צו זאגען:

— מאדעמואזעל מארקולעסקו....

— איהר ווייסט, וויא איך הייס? פרעגט זיא פערוואונדערט.

— איך בין געסמערן אָנגעקומען מיט'ן צוג פון טיפליס, רוסלאַנד...

דיא שעהנע זינקא איז געוואָרען בלייך און אין איהרע אויגען האבען זיך געוויזען טרעהרען. עס איז געווען דייטליך, אז זיא האט געפיהלט, אז עפּעס אן אונגליק איז געשעהן מיט איהר געליעבטען.

— מאדעמואזעל זינקא מארקולעסקו, האב איך געזאגט לאנגזאם, — גאנץ צופעלינער ווייזע האב איך מיך אוּפ'ן וועג בעקאנט מיט א יונגען מאן פון רומעניען....

— קינקאָ! מיין אָרימער קינקאָ! האט זיא אויסגערופען און האט אָנגע־הויבען צו ציטערן, וויא אין א פיעבער.

— קיינער וויים דערפון נים, האב איך פערהאפט, איך אליין בין עס גע־וואָהר געוואָרען דורך א צופאל, איך בין געוואָרען זיין פריינד און פלעג איהם אָפט פערשאפען לעבענס־מיטעל.

— אך! איך דאנק אייך, מיין הערר! איך דאנק אייך! האט זיא אויס־גערופען און געוויינט, איך וויים, אז א פראנצויז איז עהרליך, א פראנצויז איז עדעל, ער וועט נים פעררעטהען אן אָרימען מענשען.

דיעזע פרייד פון דער אָרימער יונגער פרוי, דיעזע טרעהרען האבען מיר געשניטען דאס הערץ, וויא מיט מעסער. וואס זאָל איך יעצט טאָהן? וויא אזוי קען איך איהר זאָגען, אז איהר געליעבטער איז טויט?

— אלזאָ, ווייס קיינער נים, אז ער איז געפּאָהרען אלס בלינדער פּאַ־סאזשיר?

— קיינער וויים דערפון נים.

— וואס האבען מיר געקענט טאָהן? האט זיא זיך פערענטפערט, מיר זיינען אָרימע מענשען, מיר קענען נים בעצאָהלען פאר אזא לאנגע רייזע. איך האב איהם געשיקט אזוי פיעל, וויא פיעל איך האב געקענט. איך וויים אָבער, אז אין טיפלים האט ער שוין קיין געלד געהאט. וואס האט ער געקענט טאָהן? — ער האט געמוזט פאָהרען אלס בלינדער פאסאזשיר אין א קאסטען.

— איך וויים עס, ער האט מיר אלעס דערצעהלט.

— מיר ליעבען אונז זעהר. איך קען נים לעבען אהן איהם און ער קען נים לעבען אָהן מיר. — איך וויים אָבער, אז ער איז א גוטער ארבייטער און ער וועט דאָ פערדיענען געלד.

איך האב געשוויעגען און האב געטראכט, וויא אזוי איך זאָל איהר מעלדען דיא טרויעריגע נאכריכט.

פּלוצליגג האט זיא מיך א פרעג געטאָהן:

— וואס מאכט ער אבער, מיין ליעבער קינקא? איז ער געזונד?

— איך ווייס — ניט — יא — ער איז......

— ער האט אייך געבעטען, איהר זאלט קומען מיר מעלדען, אז ער איז אנ־געקומען?

— יא — ער האט מיר געזאגט....

זיא האט פערשטאנען, אז איך וויל עפּעס זאגען און איך קען עס ניט.

— איז מיין קינקא קראנק? האט זיא געפרעגט האסטיג.

— יא, — פון וועג — איז ער —

— ווען ער איז קראנק, מוז איך לויפען איהם זעהן, איהם העלפען! האט זיא אויסגערופען.

— אבער פערגעסט ניט, אז ער איז דאך נאך אין זיין קאסטען, האב איך בעמערקט.

זיא איז האסטיג צוגעקומען צו מיר, האט מיר א קוק געטאהן גלייך אין דיא אויגען און האט געזאגט ערנסט און טרויעריג:

— זאגט מיר דיא וואהרהייט, מיין העררז! לאמיך אלעס וויסען.

זיא איז געווארען בלייך, וויא קאלך, און האט געמוזט זיך אנהאלטען אן טיש, זיא זאל ניט אומפאלען.

— איך האב ווירקליך פאר אייך א זעהר ניט פרעהליכע נאכריכט, האב איך געזאגט לאנגזאם.

— מען האט אויסגעפונען, אז ער פאהרט אין קאסטען? מען האט איהם ארעטירט? האט זיא געפרעגט האסטיג, אונגעדולדיג.

— דאס וואלט נאך געווען ניט אזוי שלעכט, — האב איך געזאגט.

— דאן איז ער טויט! מיין קינקא! מיין טהייערער קינקא איז טויט, גע־שטארבען, דערשטיקט געווארען און —

זיא האט ניט געענדיגט, וואס זיא האט געוואלט זאגען און איז געפאלען אין אהנמאכט.

דאס איז געווען דאס ערגסטע. דערפאר האב איך מורא געהאט. איך בין אין א פרעמדער וואהנונג און ווייס ניט וואס צו טאהן. איך זוך וואסער, איך שריי, איך רוף מענשען....

פלוצלינג הער איך א שרעקליכען לארם פאר דער טהיר און א בעקאנטע שטימע רופט:

— זינקא! מיין ליעבע זינקא!

— וואס איז דאס? ווער רופט עס? פרעג איך זיך אליין, מיר דאכט, אז דאס איז קינקאַ'ס שטימע.

— יא, דאס איז קינקאַ'ס שטימע! האט געשריען דיא שעהנע זינקא.

זיא איז אויפגעשפרונגען, וויא אן אַפגעבריהטע און איז ארויסגעלאָפען אויף דער גאס, איך בין איהר נאכגעלאָפען.

אויף דער גאס האט זיך מיר פאָרגעשטעלט, א זאָנדערבארעס ביכד. פיער טרעגער האבען געטראגען דעם קאסטען מיט גלאז צו מאדעמואזעל זינקא מארקר לעסקו. פאר דער טהיר האט זיך דער קאסטען אַנגעשלאָגען אן א וואָגען מיט שווערע זאכען און ער איז צובראָכען געוואָרען. קינקאַ איז פון איהם ארויסגע־שפרונגען און האט גערופען זיין געליעבטע.

מען קען זיך לייכט דענקען, וואס פאר א געוואלד און וואס פאר א לארם עס איז געוואָרען אין א בעלטבטער גאס, ווען מען האט דערזעהן, אז פון א קאסטען מיט גלאז איז ארויסגעשפרונגען א מענש, א לעבעדיגער, געזונדער מענש. עס זיינען זיך צונויפגעלאָפען טויזענדער מענשען, עס זיינען אָנגעקומען פּאָליסלייט, וועלכע האבען באלד ארומגערינגעלט דעם קאסטען און דעם אָרימען קינקאַ.

מאדעמואזעל זינקא און איך האבען זיך דאָך צוגעשלאָגען צו איהם און איך האב אויסגערופען:

— קינקאַ! וואס מאכט איהר? וויא אזוי האט איהר זיך גערעטעט? איך בין געוועזן זיכער, אז איהר זייט צוריסען געוואָרען אויף שטיקלעך, ווען דער קעסעל האט געפלאצט.

— צום גליק האב איך צייט געהאט אראָפצושפרינגען פון דעם לאָקאָמאָטיוו און אריינצופאלען אין א טיעפען גראָבען. איך האב מיך אביסעל צושלאָגען און בין געפאלען אין אָהנמאכט, אָבער איך בין שפעטער געקומען צו זיך און האב נאך געהאט גענוג קרעפטע אריינצוקריכען אין מיין קאסטען.

איך האב קיין ווערטער צו בעשרייבען דיא פרייד און דאס גליק פוןביידע ליעבענדע. זיי האבען זיך ארומגענומען, האבען זיך געקושט, האבען געוויינט, האבען געטאנצט פאר פרייד און האבען פערגעסען, אז זיי געפינען זיך אויף דער גאס צווישען הונדערטער מענשען.

זייער פרייד האט אָבער אויך נים לאנג געדויערט. דיא בינעזישע פּאָליסלייט האבען באלד ערקלערט, אז זיי ארעטירען איהם, ווייל ער האט בערויבט און בע־שווינדעלט דיא בינעזישע אייזענבאהן.

איך האב צוואר נים פערשטאנען, וואס זיי זאגען, זיי האבען עס אבער אזוי גוט ערקלערט דורך צייכענס, אז זינקא און קינקא האבען אנגעהויבען צו וויינען.

— העלפט מיר יעצט, הערר סען־סיר, האט קינקא געבעטען.

— בערוהיגט אייך, מיין פריינד, איך וועל טאהן פאר אייך אלעס, וואס איך וועל נור קענען, האב איך געזאגט. איך וועל געהן צום פראנצייזישען קאנסול, איך וועל בעטען דעם רומענישען קאנסול, און פיעללייכט וועט זאגאר דער רוסישער קאנסול עפעס טאהן פאר אייך.

איך האב געוואלט נאך עפעס זאגען און טרייסטען דעם ארימען קינקא, אבער דיא פאליסלייט האבען איהם אוועקגעשלעפט. ווען איך זאל געווען קענען רעדען בינעזיש, וואלט איך פיעלייכט געבעטען דיא פאליסלייט, זיי זאלען ווארטען אביסעל, ביז איך אדער מאדעמואזעל מארקולעסקו וועלען ברענגען ערבות, קויציאן — זאלאג, — אבער איך האב נים געקענט רעדען מים זיי און זיי זיינען העכסט צופריעדען, וואס זיי האבען געפאנגען אזא פערברעכער.

27טעס קאפיטעל.

## ענדע גוט, אלעס גוט.

ווען מען האט אוועקגעפיהרט דעם ארימען קינקא אין געפעננניס, האב איך אריינגעפיהרט דיא שעהנע זינקא צוריק אין איהר וואהנונג.

דיא ארימע פרוי האט געגאסען מים טרעהרען. איך האב פראבירט זיא בערוהיגען און איהר ערקלעהרען, אז ענדליך איז עס דאך גאר נים אזא אונגליק.

— וואס פאר א שטראפע קען איהם דען קומען דערפאר, וואס ער איז גער־פאהרען אלס בלינדער פאסאזשיר? האב איך געפרעגט.

— אך, הערר סען־סיר! איהר קענט נאך גאר נים בינא, האט דיא שעהנע זינקא געוויינט. איהר ווייסט גאר נים, וואס פאר ווילדע שטראפען מען גים אין בינא.

— וואס פאר א שטראפע קען עס דען זיין?

— דיא באסטאנאדא, האט זינקא געוויינט.

— וואס איז דאס פאר א שטראפע?

— מען פעראורטהיילט איינעם, ער זאָל בעקומען הונדערט שטעקענס אויף דיא נאקעטע פיס זאָהלען, — אויף דיא נאקעטע פאדעשוועס פון דיא פיס.

— דאס איז שרעקליך! האב איך אויסגערופען.

— שרעקליך, זאָגט איהר? האט זינקא געוויינט, נים אלע בינעזען האלטען עס אויס, מיין קינקאָ וועט שטארבען פון דיא ערשטע צוואנציג קלעפ.

— דאן מוזען מיר זעהן איהם אין גאנצען צו בעפרייען, האב איך געזאגט. — קומט נור מיט מיר! איך וועל פראָבירען עפעס טאָהן פאר איהם.

זיא האט זיך האסטיג אַנגעטאָהן און מיר זיינען אוועקגעפאָהרען אין מיין האָטעל פון „דיא צעהן טויזענד אנגענעהמע טרוימע".

צום גליק האב איך געטראָפען אין האָטעל מאיאָר נולין און דעם יונגען בינעזען טשאָן־טשאָ. ער איז צופעליגער ווייזע געקומען זעהן א בעקאנטען.

איך האב זיי יעצט דערצעהלט אלעס, וויא איך האב מיך בעקענט מיט קינקאָ, וויא מיר האבען ביידע געהערט, אז דער רויבער סארוסקיאר וויל ארייג־ווארפען דעם צוג אין אן אָפגרונד און בערויבען דיא פונפציג מיליאָן פראנק, וויא קינקאָ האט ריזיקירט זיין לעבען אום אונז צו רעטען. קורץ, אלעס וואס עס האט פאסירט מיט קינקאָ פון טיפלים ביז פעקין.

— יעצט מיינע פריינדע, גוט אונז א ראטה, וויא זאָלען מיר בעפרייען דעם אָרימען קינקאָ פון געפענגניס, האב איך געזאגט, ווען איך האב געענדיגט מיין ער־צעהלונג.

— א שלימע געשיכטע, האט מאיאָר נולין געזאגט, איך ווייס גאר ניט, אויב מען וועט אייך גלויבען.

— איך קען עס בעווייזען, האב איך אויסגערופען.

— בעווייזען עפעס אין בינא! האט מאיאָר נולין געענטפערט מיט א ביטערן שמייכעל.

— זאָלען מיר זיך ווענדען צו דיא קאָנסולען אָדער צו דיא געזאנדטע פון אונזערע רעגיערונגען און זיי בעטען, זיי זאָלען זיך אָננעהמען פאר דעם אָרימען קינקאָ?

— איך גלווב נים, אז זיי זאָלען וועלען זיך אריינמישען אין אזא געשיכטע, האט מאיאָר נולין געענטפערט, פערגעסט נים, אז דער מאן האט בעטראָגען און בעשווינדעלט דיא רוסישע און דיא בינעזישע אייזענבאהנען.

דיא שעהנע זינקא האט אָנגעהויבען צו וויינען אזוי שטארק, אז עס האט געקענט ריהרען א שטיין.

איך האב מיך געווענדעט צו מיין פריינד טשאן־טשאַ און האב איהם גע־פרעגט:

— וואס טהוט מען? איהר זייט דאָך דאַ אין דער היים, פיעללייכט קענט איהר אונז עפּעס ראטהען, עפּעס העלפען?

טשאן־טשאַ האט זיך פערטראַכט. ער האט נוט געקענט דיא געזעצע פון זיין פאטערלאנד און האט נוט געוואוסט, אז עס איז א זעהר שווערער פאל.

ער האט געטראכט איינינע מינוט, דאן האט ער געזאגט:

— איך וועל געהן מיט אייך צום ריכטער און וועל איהם פערטהיידיגען, וויא ווייט איך וועל קענען. איהר אָבער, הערר סען־סיר, שרייבט אַן א ווארימען אר־טיקעל אין דער פראנצייזישער צייטונג פון פעקין. איך ווייס, אז דיא גרויסע מאנדארינען און זאָגאר אין קייזערליכען הויף לעזט מען דיא פראנצייזישע צייטונג, פיעלייכט וועט עס ווירקען, פיעלייכט וועט זיך געפינען א מאנדארין, וועלכער וועט זיך אָננעהמען פאר אייער קינקאָ.

— אָבער וואו איז ער? איך וויל איהם זעהן, האט דיא אונגליקליכע זינקאָ געוויינט.

— דאס וועל איך אויסגעפינען און וועל עס אייך באלד מיטטהיילען, האט טשאן־טשאַ געענטפערט.

מיר האבען אָפּגערעדט, אז טשאן־טשאַ זאָל באלד פאָהרען אויסגעפינען, אין וועלכער געפענגניס קינקאָ געפינט זיך און פאר וועלכען ריכטער מען וועט איהם שטעלען. דערווייל זאָל מאדעמואזעל מארקולעסקו בלייבען אין האָטעל, און איך זאָל אָנשרייבען מיין ארטיקעל אין דער פראנצייזישער צייטונג.

טשאן־טשאַ איז באלד אוועק געפאָהרען, און איך האב מיך געזעצט שרייבען.

— מיר איז איינגעפאלען א אידעע, האט פלוצלינג מאיאר נולין געזאגט.

איך האב אוועקגעלעגט דיא פעדער און האב געקוקט אויף איהם.

— פיעללייכט וואָלט עס געווען א פּלאַן, מיר זאָלען געהן צו דער קאָמפּאני פון דער כינעזישער באהן, זעהן דעם הויפּט־דירעקטאר, איהם אלעס דערצעהלען און איהם בעטען, ער זאָל שענקען דעם אָרימען קינקאָ דיא שטראפע. פאר נויט קענען מיר בעטען, אז קינקאָ און מאדעמואזעל מארקולעסקו זאָלען זיך פערפפליכטען אָפּ־צוצאָהלען ביסלעכוויים, וואס זייא זיינען שולדיג דער קאָמפּאני פאר רייזע־געלד?

— דאס איז א גוטע אידעע! האב איך אויסגערופען, לאָמיר שוין געהן צום הויפּט־דירעקטאָר!

— מיר קענען דאָך אָבער ניט רעדען, האט דער מאיאָר בעמערקט, פּיעל־לייכט פערשטעהט דער הויפּט־דירעקטאָר נור כינעזיש, דאן וועלען מיר זיך דאָך ניט קענען צוזאמען רעדען מיט איהם.

— אלזאָ, וואס טהוט מען?

— מיר מוזען ווארטען ביז טשאָן־טשאָאָ וועט צוריק קומען, דאן וועט ער געהן מיט אונז און וועט זיין אונזער דאָלמעטשער, האט מאיאָר נולין געזאגט.

ער האט רעכט געהאט און איך האב אָנגעהויבען ווייטער צו שרייבען מיין ארטיקעל.

א שטונדע שפּעטער איז טשאָן־טשאָאָ צוריק געקומען און האט אונז דערצעהלט, אז קינקאָ געפינט זיך דערווייל אין געפענגניס, וועלכעס הייסט „דיא זיעבען אייזערנע טויערן", מען לאָזט קיינעם ניט צו צו איהם, מאָרגען וועט ער געבראכט ווערן אין געריכט, וועלכעס הייסט „דיא הימעלשע גערעכטיגקייט".

— קענען עטליכע פראנק העלפען אין געריכט פון דער „הימעלשער גערעכטיגקייט"? האט מאיאָר נולין געפרעגט.

טשאָן־טשאָאָ האט געמאכט א גרימאסע. ער האט גאנץ גוט געוואוסט, „אז מיט געלד קען מען אין כינא אפּקויפען זאָגאר דיא הימעלישע גערעכטיגקייט," אָבער מען מוז האבען פיעל געלד, שווערעס געלד. „דיא הימעלישע גערעכטיגקייט" קען מען ניט אונטערקויפען מיט עטליכע הונדערט פראנק, זאָנדערן מיט צעהן טויזענד פראנק, אזוי פיעל געלד האבען מיר ניט געקענט געבען.

מיר האבען דאן דערצעהלט טשאָן־טשאָאָ פון מאיאָר נולין'ס פּלאן צו געהן צום דירעקטאָר פון דער אייזענבאהן קאָמפּאני און איהם בעטען, ער זאָל שענקען קינקאָ'ן דיא שטראפע.

— דאס איז א פּלאן, איך ווייס אָבער ניט, אויב עס וועט העלפען, האט טשאָן־טשאָאָ געענטפערט.

— אָבער מיר מעגען דאָך פּראָבירען? האב איך אויסגערופען.

— לאָמיר פּראָבירען, האט טשאָן־טשאָאָ געענטפערט רוהיג.

אזוי וויא אונזער האָטעל איז געווען ניט ווייט פון דער הויפּט־סטאציאָן, זיינען מיר באלד אלע געגאנגען צום הויפּט־דירעקטאָר פון דער אייזענבאהן און האבען איהם אויך געטראָפען אין זיין קאנטאָר.

דאס איז געווען אן עבטער בינעזע מיט אלע בינעזישע שטיקלעך. אָבער ער האט גערעדט רוסיש אויך.

משאן־טשאָ האט איהם דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע פון דעם אָרימען קינקאָ און מאיאָר נולין האט ערקלערט און געגיבען צו פערשטעהן, אז אזוי וויא קינקאָ האט גערעטעט דעם גאנצען צוג מיט אלע מענשען, איז ער ווערטה א מעדאילע פאר זיין מוטה און פאר זיין העלדען־טהאט.

מאיאָר נולין האט גערעדט היציג, ערנסט, לאַניש און זעהר קלוג. ער האט געוויעזען, אז ער קען זיין א גוטער אדוואָקאט און א פעהיגער פערטהיידיגער.

משאן־טשאָ האט גערעדט בינעזיש. מיר האבען נים פערשטאנען, וואס ער האט גערעדט, אָבער מיר האבען געזעהן און געפיהלט, אז ער בעט און ערקלערט אלעס פאר דעם אונגליקליכען קינקאָ.

מאדעמואזעל מארקולעסקו האט געוויינט און געבעטען אויף רומעניש און אויף אביסעל בינעזיש.

דער דירעקטאָר פון דער בינעזישער באהן האט אלעס אויסגעהערט רוהיג און געלאסען, דאן האט ער געזאגט:

— דיעזער מאן האט בעשווינדעלט דיא קאָמפּאני אויף טויזענד פראנק, אלזאָ מוז ער בעשטראָפט ווערן.

מיר האבען איהם געענטפערט, אז דערפאר האט ער דאָך איינגעבראכט דער קאָמפּאני מעהר אלס טויזענדער פראנק, דערמיט וואס ער האט גערעטעט דעם צוג.

— האט איהם דיא קאָמפּאני ערלויבט צו רעטען דעם צוג? האט דער בינעזע געפרעגט רוהיג.

מאיאָר נולין איז אויפגעשפרונגען, גלייך וויא א שלאנג וואָלט זיך ארומגעוויקעלט ארום זיין פוס, און האט אויסגערופען:

— מוז מען האבען אן ערלויבניס צו רעטען מענשען פון טויט?

מיר האבען גערעדט, געטענה'ט, בעוויעזען, ארגומענטירט, — אומזיסט! דער בינעזע איז געבליעבען ביי זיין בעהויפטונג, אז קינקאָ האט נים געדארפט בעשווינדלען דיא קאָמפּאני און פאָהרען אין א קאסטען, וויא ער האט נים געדארפט רעטען דעם צוג אָהן ערלויבניס פון דער קאָמפּאני.

מיר זיינען אוועקגעגאנגען מיט גאר נישט. דער דירעקטאָר פון דער קאָמפּאני האט אונז גאנץ דייטליך געגיבען צו פערשטעהן, אז עס וואָלט איהם זעהר

ווניג געקימערט, ווען דער צוג וואָלט אריינגעפאלען אין טיפען טאָהל און מיר וואָלטען אלע דערהרג'עט געוואָרען.

מענשען־לעבען האט קיין ווערטה אין כינא.

— אלזאָ וואס טהוט מען ווייטער ? האב איך געפרעגט.

— עס מוז בלייבען, וויא איך האב געזאגט פריהער, האט טשאן־טשאָ גע־ענטפערט, מיר וועלען אלע געהן מאָרגען אין געריכט פון „דער הימעלישער גע־רעכטיגקייט", פיעלייכט וועלען מיר דארט קענען עפּעס אויפטאָהן.

עס האט גאר ניט געהאָלפען. מאדעמואזעל מארקולעסקו איז געפאָהרען א היים אין דער קארעטע פון טשאן־טשאָ און מיר זיינען געבליעבען אין האָטעל.

איך בין געוועזן אזוי פעראינטערעסירט אין דעם שיקזאל פון דעם אונגליק־ליכען קינקאָ, אז איך האב זאָגאר פערלאָרען דיא לוסט צו געהן זעהן פעקין, דיא הויפּט־שטאָדט פון כינא. איך האב גאנץ גוט געוואוסט, אז איך מוז עפּעס שרייבען איבער פעקין אין מיין צייטונג „דאס 20טע יאהרהונדערט", אָבער זאָלאנג איך האב ניט געזעהן מיין בלינדען פאסאזשיר פריי, האב איך געקענט שרייבען נור איבער איהם.

איך בין אלזאָ געבליעבען אין האָטעל דעם גאנצען טאָג. מיין ארטיקעל אין דיא פראנצייזישע צייטונג פון פעקין, האב איך צוגעשיקט דורך דיא פּאָסט.

דעם אנדערן טאָג געגען עלף אוהר מאָרגענס בין איך, מאיאָר נולין, מאדע־מואזעל זינקא מארקולעסקו און טשאן־טשאָ געפאָהרען אין דיא שטראסע הא־האָי, וואו עס האט זיך געפונען „דיא הימעלישע גערעכטיגקייט."

דאס געריכט־הויז איז בעשטאנען פון א גרויסען הויף, אין וועלכען עס האט זיך געפונען א גרויסער נור פון דרייא זייטען פערמאכטער, פון דער פיערטער זייט גאנץ אָפענער זאל. דער ריכטער, וועלכער האט דאָרט אויסגעשענקט „דיא הימעלישע גערעכטיגקייט", זיצט אויף א הויכען שטוהל לעבען א הויכען טיש אין זאל, דאס הייסט. אונטער'ן דאך. דאס פּובליקום, דיא פּאָליציי און דיא ארעס־טאנטען, וועלכע קומען אויסהערען דעם אורטהייל פון „דער הימעלישער גערעכ־טיגקייט", שטעהן אין הויף אונטער'ן פרייען הימעל.

דאס איז גאנץ ריכטיג נאך דעם כינעזישען בעגריף פון גערעכטיגקייט. אין אייראָפּא האלט מען פון דער רעגעל, אז זאָלאנג א מענש איז ניט פעראורטהיילט

פאַר א פערברעכען, איז ער א בירגער און האט אלע בירגער־רעכטע. אין כינא אָבער דענקט מען, אז זאָלאנג א מענש איז ניט פריי, איז ער א פערברעכער און האט נאר קיינע רעכטע, און דארום בעהאנדעלט מען דאָרט אן ארעסטאנט זעהר שטרענג, ווייל קוים געפינט זיך א מענש אונטער דער אויפזיכט פון דער פּאָליציי, איז ער א פערברעכער, פּאָלגליך אן אויסוואורף פון דער מענשליכער געזעל־שאַפט.

ווען מיר זיינען אריינגעקומען אין הויף פון „דער הימעלישער גערעכטיגקייט" האבען מיר דאָרטען שוין געפונען א גרויסען הויפען מענשען. דיא נאכריכט, אז אן אייראָפּעער איז געקומען צו פאָהרען אין א קאסטען פון טיפלים ביז פעקין, האט זיך פערברייטעט, וויא א פייער, איבער גאנץ פעקין און פיעלע מענשען זיינען גע־וואָרען נייגיעריג צו זעהן דיעזען זאָנדערבאַרען מענשען, וועלכער איז געפאָרען זעקס טויזענד וויאָרסט אין א קאסטען.

דער ריכטער איז נאך ניט געוועזען אין געריכט, און קינקאָ האט מען אויך נאך ניט געבראכט פון זיין געפענגניס.

באלד אָבער איז אָנגעקומען דער ריכטער, אן אלטער כינעזע מיט גרויע האָר, מיט א לאנגען גרויען צאָפּ, מיט א פּאאר גרויסע ברילען אויף דער נאָז, מיט א קיילעכדיג היטעלע און א גרויסען גרינעם קנאָפּ פון אויבען. ער האט זיך אניעדער געזעצט אויף זיין הויכען שטוהל ערנסט, פינסטער און פערטראכט, וויא עס פאסט פאר א ריכטער, וועלכער שענקט אויס „דיא הימעלישע גערעכטיגקייט."

איינינע מינוט שפּעטער האבען צוויא שטארקע כינעזען אריינגעבראכט קינקאָ געשמידעט אין קייטען, גלייך וויא ער וואָלט געוועזען דער געפעהרליכסטער פערברעכער.

קינקאָ איז געוועזען בלייך, וויא קאלך. ער איז געוועזען פערצווייפעלט. ער האט פערשטאנען נאך דעם, וויא מען האט איהם בעהאנדעלט אין געפענגניס, אז עס שטעהט מיט איהם זעהר שלעכט.

זיין געטרייע זינקא האט אָנגעהויבען צו וויינען, ווען זיא האט איהם דערזעהן. ער האט דערקענט איהר שטימע, האט זיך אומגעקוקט און האט אונז דערזעהן. א פונק פון האָפנונג איז אריינגעפאלען אין זיין הערץ און ער האט זיך געמאכט הערץ און, ער האט א שמייכעל געטאָהן.

דער ריכטער האט געוואוסט, אז היינט וועט פאָרקומען פאר איהם אזא וויכטינער פּראָצעס און ער האט געוואָלט מאכען דעם אָנהויב מיט דיעזען פּראָצעס.

ער האט געהייסען דיא פּאָליסלייט, זיי זאָלען איהם צופיהרען דעם אייראָפּעאישען פערברעכער.

אין כינא איז א מאָדע, אז ווען א פערברעכער שטעלט זיך פאר זיין ריכטער, דאַרף ער פאלען אויף דיא קניע. דער אָרימער קינקאָ האט דערפון ניט געוואוסט און איז געבליעבען שטעהן פאר זיין ריכטער. דאס האט פערדראָסען דעם ריכטער. איך האב געזעהן, וויא אויף זיין געלעם כינעזישעס געזיכט האט זיך געוויעזען א פינסטערער וואָלקען.

ווען איך זאָל געווען קענען רעדען כינעזיש, וואָלט איך געקומען צו הילף דעם אָרימען קינקאָ און וואָלט ערקלערט דעם ריכטער, אז קינקאָ איז געקומען צו פאָהרען אין א קאסטען און ער קען נאך ניט דיא כינעזישע געזעצע, איך קען אָבער קיין וואָרט כינעזיש און איך האב געמוזט בלייבען שטעהן אויף מיין פּלאַץ, דערפאר אָבער האט טשאַן־טשאָ זיך דורכגעשלאָגען דורך דעם געדיכטען הויפען מענשען און איז צוגעקומען צום ריכטער־שטוהל.

ערשט יעצט האב איך געזעהן, אז טשאן־טשאָ איז אן אנגעזעהנער מענש, וויל דער ריכטער האט איהם דערקענט און האט גאנץ לייכט א שמייכעל גע־טאָהן צו איהם.

דער פּראָצעס האט זיך אָנגעהויבען. דער ריכטער האט געפרעגט דיא פּאָ־ליסלייט, פאר וואס קינקאָ איז ארעסטירט, און זיי האבען איהם דערצעהלט אלעס, וואס זיי האבען געוואוסט.

זעלבסט פערשטענדליך, אז איך האב ניט פערשטאנען א וואָרט פון דעם, וואס דער ריכטער האט געפרעגט און וואס דיא פּאָליסלייטע האבען געענט־פערט.

ווען דער ריכטער האט אויסגעהערט אלעס, האט ער זיך געווענדעט צו קינקאָ און האט איהם עפּעס געפרעגט. יעצט האט טשאן־טשאָ אָנגעהויבען צו רעדען. ער האט גערעדט א לאַנגע צייט, האט עפּעס ערקלערט, עפּעס בעוויעזען, עפּעס פערלאַנגט, עפּעס געבעטען.

וויא איך פערשטעה קיין כינעזיש, האב איך דאָך פערשטאנען, אז טשאן־טשאָ איז א גאנץ גוטער אדוואָקאט און ער פערטהיידיגט דעם ארעסטאנט מיט אַלע מעגליכע מיטעל.

וויא איך בין שפּעטער געוואָהר געוואָרען, האט טשאן־טשאָ בעוויעזען דעם ריכטער, אז ווען ניט קינקאָ, וואָלט ער און אַלע פּאַסאַזשירען יעצט געליעגען מויט

אין א טיעפען טאָהל, און אזוי וויא עס האבען זיך געפונען פיעלע אייראָפּעער אויפ'ן צוג, וואָלט דיא כינעזישע רעגיערונג געדארפט צאָהלען זעהר פיעל געלד צו דיא פאמיליען פון דיא פעראונגליקטע. קינקאָ האט אלזאָ איינגעבראכט פיעל געלד דער כינעזישער רעגיערונג.

דאס אַלעס האט אָבער ווענינ געהאָלפען. דער ריכטער האט געטראכט איינינע מינוט, דאן האט ער ארויסגעזאָגט זיין אורטהייל, און צוואר:

„פאַר אַזאַ פערברעכען, וויא קינקאָ האט בעגאנגען, קומט איהם פונפציג שטעקענס אויף דיא נאַקעטע פיס זאָהלען (פּאדעשוועס) און צווייא יאָהר געפענגניס, אזוי וויא ער האט אָבער געראטעט דעם צוג און האט איינגעבראכט געלד דער רעגיערונג, שענק איך איהם דיא פונפציג שטעקענס און א יאָהר געפענגניס. איך פעראורטהייל איהם צו איין יאָהר געפענגניס אין טהורם פון „דיא צעהן טויזענד ארבייטען."

— יעצט איז אַלעס פערלאָרען, האט מאיאָר נולין געזאגט, ווען טשאַן־טשאָ האט אונז ערקלערט דאס אורטהייל פון דעם ריכטער.

דיא שעהנע זינקא האט ארויסגעלאָזען א ביטערעס געוויין און האט געוואָלט צולויפען צו איהר געליעבטען קינקאָ, מען האט זיא אָבער ניט צוגעלאָזען צו איהם.

— יעצט איז אַלעס פערלאָרען, האב איך וויעדערהאָלט.

— עס איז נאך ניט אַלעס פערלאָרען, האט טשאַן־טשאָ געזאגט ענטשלאָסען און איז ערגעץ אוועק געלאָפען.

מען האט באַלד אוועק געפיהרט דעם אָרימען קינקאָ אין געפענגניס פון „דיא צעהן טויזענד ארבייטען" און מיר איז געבליעבען דיא רעכטע טרויעריגע אויפגאבע צו פיהרען אהיים און צו טרייסטען דיא שעהנע אָבער טרויעריגע זינקא מאַרקולעסקו.

איך האב געמוזט בלייבען ביי איהר, זיא טרייסטען, איהר אויסרעדען, איהר צחאגען, אז מיר וועלען דאך זעהן עפּעס מאַכען פון זיינעט וועגען. דיא שעהנע זינקא האט אָבער פון קיין זאך ניט געוואָלט הערען און האט געוויינט, וויא א ביבער.

צום ערשטען מאָל אין מיין לעבען בין איך געוואָהר געוואָרען, וויא שווער עס איז צו טרייסטען א פערליעבטע פרוי.

ווען איך בין געקומען אבענדס אין מיין האטעל, האב איך אנגעהויבען צו לעזען די צייטונגען אין אייראפעאישע שפראכען, וועלכע געהען ארויס אין פעקין. אלע האבען בעשריעבען די געשיכטע פון קינקא און צו וואס פאר א שטרענגע שטראפע מען האט איהם פעראורטהיילט.

מען האט מיר דארט דערצעהלט, אז זאגאר די גרויסע כינעזישע צייטונג „טשי־באא", דער שטראהל פון דער זונן, האט בעשריעבען דיעזע געשיכטע און האט אויך געפונען, אז דער ריכטער איז געווען צו שטרענג געגען קינקא.

איך האב מיך געלעגט שלאפען זעהר טרויעריג און האב געהאט זעהר טרויעריגע טרוימע.

איך בין אויפגעשטאנען אום ניין אוהר אין דער פריה, האב מיך אנגעטהון, האב עפעס געגעסען און בין אוועק געפאהרען טרייסטען די שעהנע זינקא.

איך האב זיא געפונען רוהיגער און געפאסטער. זיא האט שוין מעהר נים געוויינט, אבער זיא איז נאך אלץ געווען זעהר טרויעריג.

איך האב אנגעהויבען צו רעדען צו איהר, זיא אויסצופרעגען, וויא זיא לעבט אין כינא, וויא זיא פערדיענט און דערגלייכען.

פלוצלינג איז אריינגעלאפען טשאן־טשאא פול פרייד און האט אויס־ גערופען:

— מיר האבען געזיעגט! קינקא איז פריי!

די שעהנע זינקא איז ווידער געפאלען אין אהנמאכט. מיר האבען א אפגעמינטערט און טשאן־טשאא האט דערצעהלט:

— אלע צייטונגען האבען בעשריעבען, וואס עס האט פאסירט מיט דעם בלינדען פאסאזשיר, וויא ער האט גערעטעט דעם צוג און וואס פאר א שטראפע ער האט בעקומען. מיין פאטער איז בעקאנט מיט א גרויסען מאנדארין. ער האט געבעטען דעם מאנדארין, אז ער זאל דערלאנגען דעם זון פון הימעל — דעם קייסער פון כינא, איינע פון דיעזע צייטונגען. דער מאנדארין האט איהם צוליעב געטאהן. קוים איז דער קייסער פון כינא געוואהר געווארען, אז קינקא האט גע־ רעטעט דעם צוג און די פונפציג מילליאן פראנק פון די רויבער, האט ער גע־ הייסען ארויסלאזען קינקא פריי און איהם געבען א פרעזענט פון צעהן טויזענד פראנק.

קוים האט ער געענדיגט זיין ערצעהלונג, איז אַנגעקומען א קארעטע, אין וועלכער עס זיינען געזעסען קינקאָ מיט א זעהר גרויסען מאַנדארין.

דיענער און לאקייען האבען ארויסגענומען פון דער קארעטע קינקאָ מיט דעם מאנדארין און האבען זיי אויף דיא הענד אריינגעטראגען אין שטוב.

איך האב קיינע ווערטער צו בעשרייבען דיא פרייד און דאס גליק פון דער שעהנער זינקא און פון איהר געליעבטען.

אין דרייא טעג ארום איז געווען דיא האַכציים. איך, דאָקטאר גולין און טשאָן־טשאָ זיינען געווען דיא ערשטע געסט און האבען אונז אונטערשריעבען אויף דעם האָכצייטס־קאָנטראקט.

## שלוס קאפיטעל.

# אַ ביטערער טראָפּען אין בעכער פון פרייד.

איך בין געווען העכסט פרעהליך און צופריעדען אויף דער האָכצייט פון מיין פריינד קינקאָ יאַאנעכקאָ מיט זינקא מארקולעסקו. איך האב פערגעסען אלעס אין דער וועלט, זאָגאר מיין צייטונג „דאס 20טע יאהרהונדערט״. איך האב מיך גע־פרעהט מיט אלעמען און בין געווען גליקליך.

פּלוצלינג הער איך רופען:

— קלאָד סען־סיר!

— אָט בין איך! ווער דארף עס מיך?

א באָטע פון טעלעגראף אמט איז צוגעקומען און האט מיר דערלאנגט א דעפּעשע פון פּאריז.

איך האב האסטיג אויפגעריסען און האב געלעזען:

„העררר סען־סיר, „דאס 20טע יאהרהונדערט״ פּאָרדערט אייך אויף, איהר זאָלט אויסדריקען אונזער דאנק און אונזער ערגעבענהייט צו זיינער דורכלויכט פירסט סארוסקיאר און צו זיין מיניסטער חאנדשיר.״

„דערביי אָבער בעמערקען מיר אייך, אז איהר דארפט נים גלויבען אלעס, וואס אן אמעריקאנער זאגט אייך. אן אמעריקאנער האט ליעב זיך צו בעריהמען,

אין אמעריקא רופט מען עס „בלאָפען". מיר האבען נאכגעפרעגט אין ניו יאָרק, דאָרט איז נאר נימאָ אזא פירמא, וויא וואהיסקי, בארלי ענד קאָמפ. — זיינט פאָרזיכטיג, הערר סעקרעטער!"

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא אונאנגענעהם דיעזע טעלעגראמע איז מיר געוועזען, בעזאָנדערס יעצט, ווען איך בין געוועזען אזוי פרעהליך אויף דער האָכציים.

מיין געשיכטע איז איינענטליך צו ענדע. איך וויל אָבער נאך דערצעהלען פון דיא איבעריגע פאסאזשירען, וועלכע זיינען געפאָהרען מיט מיר צוזאמען פון טיפליס ביז פעקין.

דעם אמעריקאנער אָליפאַנט לאָנגהעד האב איך מעהר ניט געזעהן, דערפאר אָבער האב איך מיט א פאאר טאג שפעטער בעגעגענט מיסיס לאָנגהעד. זיא האט מיר דערצעהלט, אז זיא האט זיך געשיעדען, נע'ינט, מיט מיסטער לאָנגהעד און זיא הייסט ווידער מיסס בלועט. זיי האבען ניט געקענט איינשטימען איבער פינף פראָצענט פון דיא פאלשע האאר און האבען זיך געשיעדען. וואו ער איז יעצט, ווייס זיא ניט.

מאיאָר נולין האט געעפענט א האָספיטאל פיר קראנקע רוסען און אזוי וויא דיא רוסישע רעגיערונג האט איהם געשיקט, האבען דיא כינעזען רעספעקט פאר איהם און גלויבען, אז ער איז דער גרעסטער דאָקטאָר אויף דער וועלט. ער מאכט גלענצענדע געשעפטע און מען זאגט, אז מען וועט איהם זאגאר רופען אין הויף צו א קראנקען פרינץ. דאס איז אן עהרע, וועלכע מען האט עס נאך קיין איירא‌פעאישען דאָקטאָר ניט בעוויעזען. אין כינא ווייס מען, וויא צו שעצען און צו עהרען א רוסישען בעאמטען, בעזאָנדערס ווען ער איז נאך א דאָקטאָר אויך.

באראָן פאָן וויסענשניצענדאָרף האט פערשפעטיגט דאס שיף אין טיען־טסין און דעם צוג אין יאָקאָהאמא. ער האט פערלאָרען זיין וועט: אנשטאט צו מאכען א רייזע ארום דער וועלט אין 39 טעג, האט ער געמאכט דיעזע רייזע אין 183 טעג. ער טרינקט ביער און שילט אלע פעלקער פון דער וועלט, אויסער דיא דייטשען.

דער אקטער קאטהרען און זיין פרוי זיינען אוועקגעפאָהרען נאך סאן־חאי און מאכען דאָרט גוטע געשעפטען. זאגאר כינעזען געהן זעהן שפיעלען דיא שעהנע פרוי קאטהרען.

דאָקטאָר טיאַ־קינג שטודירט נאָך אלץ דעם איטאַליענישען דאָקטאָר קארנארא, וועלכער האט געלעבט אין 18טען יאהרהונדערט און הייסט זיינע קראנקע ניט עסען און ניט טרינקען, דערפאר וויל קיינער זיך ניט קורירען ביים איהם.

טשאָן־טשאָאַ איז רייך און מאכט געשעפטען מיט דיא גרעסטע האנדעלס הייזער פון פאריז און פון רוסלאנד.

איך בין נאָך אלץ דער ספעציאל קאָררעספאָנדענט פון „דעם 20סטען יאהרהונדערט" און האב נור וואס ערהאלטען א דעפעשע, איך זאָל פאָהרען נאָך זיד אפריקא און זאָל דאָרט אויסשטודירען דיא דיאמאנטען מינען.

**ע נ ד ע.**

---